שלמה (סאָלאָמאָן) שוואַרץ

# די ייִדן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד

## מלחמה־ און נאָכמלחמה־יאָרן

## (1965-1939)

אַרויסגעגעבן פֿון ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט,
ניו־יאָרק, 1967

# הקדמה

אין די ראַמען פֿונעם דאָזיקן בוך קען איך מיך נישט גענויער אָפּשטעלן אויפֿן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פֿון דער יידישער פּראָבלעם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, הגם דאָס וואָלט בעסער דערקלערט די געשעפֿענע לאַגע בעתן אויסברוך פֿון דער מלחמה. איך וועל דעריבער דעם פֿאַראינטערעסירטן לייענער אָפּשיקן צו מיינע צוויי פֿריערדיקע ווערק: *The Jews in the Soviet Union, Syracuse University Press,* 1951 און אויף רוסיש אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד (פֿאַרלאַג א״ב טשעכאָוו, ניו־יאָרק, 1952), דאָ וועל איך זיך נאָר באַגרענעצן מיט אַ פּאָר באַמערקונגען, כּדי אויפֿצוקלערן געוויסע אָנגענומענע אמתן וואָס שטערן ריכטיק אָפּצושאַצן די יידן־פֿראַגע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.

1) די רעכטלאָזיקייט פֿון יידן אין פֿאַררעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד איז גוט באַקאַנט. איר בולטסטן אויסדרוק האָט זי געפֿונען אין די געזעצן וואָס האָבן באַגרענעצט דאָס וווינרעכט, נישט צוגעלאָזן צו געזעלשאַפֿטלעכע אָדער מלוכה־אַמטן, איינגעשטעלט אַ פּראָצענט־נאָרמע אין לערן־אַנשטאַלטן. די רעגירונגס־קרייזן האָבן דעם אַנטיסעמיטיזם אָפֿיציעל אונטערגעשטיצט און דאָס האָט צייטנווייז דערפֿירט צו בלוטיקע פּאָגראָמען אויף יידן. די רעוואָלוציע האָט דאָס אַלץ אָפּגעווישט. עס איז אָבער ניט־ריכטיק, אַז די סאָוועטישע רעגירונג האָט אָפּגעשאַפֿט די רעכטלאָזיקייט, און אַז דער „אָקטאָבער״ האָט געבראַכט פֿאַר יידן די ישועה. אין די ערשטע טעג פֿון דער רעוואָלוציע האָט די צייטווייליקע רעגירונג אין אַ דעקלאַראַציע פֿון 2טן (15טן מאַרץ) 1917 פּראָקלאַמירט ווי איינע פֿון אירע גרונט־אויפֿגאַבעס דאָס באַזייטיקן אַלע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע באַגרענעצונגען. דעם 20סטן מאַרץ (2טן אַפּריל) האָט די צייטווייליקע רעגירונג באַשלאָסן: „אַרויסגייענדיק פֿון דער טיפֿער איבערצייגונג, אַז אין אַ פֿרייַ לאַנד דאַרפֿן אַלע בירגער זיין גלייך פֿאַרן געזעץ, און אַז דאָס געוויסן פֿון פֿאָלק קען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אַ טייל בירגער זאָל צוליב רעליגיע אָדער אָפּשטאַם זיין באַגרענעצט אין זיינע רעכטן״, ווערן אָפּגעשאַפֿט „אַלע געזעצלעך־באַשטעטיקטע באַגרענעצונגען אין די רעכטן פֿון רוסישע בירגער, וואָס שטאַמען פֿון זייער צוגעהעריקייט צו אַן אַנדער רעליגיע, קולט אָדער נאַציאָנאַליטעט״. די רעזאָלוציע האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ לאַנגן צעטל אָפּגעשאַפֿענע געזעצן און פֿאַרפֿליכטנדיקע באַשלוסן.

זיבן חדשים שפּעטער — נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש — האָט די סאָוועטישע רעגירונג איבערגענומען די מאַכט און נישט געקענט מער אָפּשאַפֿן קיין שום אַנטי־יידישע געזעצן, ווייַל זיי האָבן שוין מער נישט עקסיסטירט.

2) עס איז ניט־ריכטיק, אַז דאָס סאָוועטישע קרימינעלע רעכט האָט כּלומרשט פֿאָרויסגעזען גאָר האַרבע שטראָפֿן — ביז צום דערשיסן — פֿאַר אַנטיסעמיטיזם. ס׳זיינען יאָ פֿאָרויסגעזען שטראָפֿן פֿאַר „פּראָפּאַגאַנדע אָדער אַגיטאַציע וואָס צילט אַרויסצורופֿן נאַציאָנאַלע אָדער רעליגיעזע שינאה אָדער שטרייטיקייטן״. די שטראָף פֿאַר דעם מין פֿאַרברעכן איז לויטן סאָוועטישן

מאָסשטאַב אַ פֿאַרהעלטענישמעסיק באַשיידענע (פֿאַרלירן די פֿרײַהייט נישט מער ווי אויף 5 יאָר) און נאָר „בעת קריג־צושטאַנד אָדער מאַסן־אומרוען" קענען די פֿאַרברעכער דערשאָסן ווערן. די גערעכטלעכע פּראַקטיק ברענגט נישט אין דער פֿראַגע קיין שום באַווײַזן וועגן אַן ענערגישן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. (וועגן דעם זע די דזשוז, זז' 274־280, און אַנטיסעמיטיזם, זז' 69־80).

3) עס איז ניט־ריכטיק, אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז כּלומרשט אַן איבערבלײַב פֿון דער פֿאַררעוואָלוציאָנערער פֿאַרגאַנגענהייט (איצט איז שוין כּמעט 50 יאָר פֿון יענער צײַט). אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס געווען אַזוי אין די ערשטע צען יאָר פֿון סאָוועטן־רעזשים. אָבער שוין אין דער מיט צוואַנציקער יאָרן איז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אויפֿגעקומען אַ כוואַליע אַנטיסעמיטיזם, וואָס זײַן סאָציאַלער שורש איז געווען גאָר אַן אַנדערער ווי אין די צאַרישע צײַטן, הגם ער האָט פֿאַרמאָגט געוויסע ירושה־סימפּטאָמען. להיפּוך דער סאָוועטישער קאָנצעפּציע, אַז דאָס איז נאָר אַן אָפּקלאַנג פֿונעם אַמאָליקן אַנטיסעמיטיזם, וואָס אָפּגעשטאַנענע דאָרפֿישע עלעמענטן האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אין שטאָט אַרײַן, איז ער אין דער אמתן גאָר אויפֿגעקומען אין די רייען פֿון דעקלאַסירטן שטאָטישן מיטלשטאַנד. דער אַנטיסעמיטיזם איז אַרײַנגעדרונגען אין די העכערע שיכטן פֿון אַרבעטער־קלאַס, סטודענטן־גרופּס, מיטגלידער פֿון דער קאָמפּאַרטיי און קאָמסאָמאָל. זײַן אידעאָלאָגישע באַגרינדונג האָט דער אַנטיסעמיטיזם געפֿונען אין דער פּרימיטיווער קריטיק פֿון די סאָציאַלע באַציִונגען וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אויפֿן באָדן פֿון נעפּ און אין דער וולגאַרער קאָנצעפּציע, אַז ייִדן זײַנען די הויפּט־טרעגער פֿון נעפּ.

אויפֿן שוועל פֿון די דרײַסיקער יאָרן, ווען דאָס לאַנד איז אַריבער צו אַ פּאָליטיק פֿון געצוווּנגענער אינדוסטריאַליזאַציע (אַ פּאָליטיק פֿון פֿינפֿיאָר־פּלאַנען), האָט זיך די סאָציאַלע לאַגע שאַרף געענדערט. די נאָכפֿראַגע אויף אַרבעט איז געוואַקסן, די אַרבעטסלאָזיקייט פֿאַרשוווּנדן, און עס איז פֿאָרגעקומען אַן איבערברוך אינעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן צוזאַמענשטעל פֿון דער באַפֿעלקערונג. אין אָט די באַדינגונגען האָט דער אַנטיסעמיטיזם פֿון די צוואַנציקער יאָרן געהאַלטן אין איין פֿאַלן און אין דער מיט דרײַסיקער פֿאַרלוירן דעם כאַראַקטער פֿון אַ מאַסן־באַוועגונג.

אין דער צווייטער העלפֿט דרײַסיקער יאָרן איז אויף ס'נײַ אויפֿגעקומען אַן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געטראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער סײַ צוליב דער סאָציאַלער סבֿיבֿה, אין וועלכער ער איז אַנטשטאַנען, סײַ לויט זײַן פֿאָרעם. אָנגעהויבן האָט ער זיך לאַנגזאַם, אפֿשר האַלב־באַוווּסטזיניק, אין די אייבערשטע שיכטן פֿון דער סאָוועטישער ביוראָקראַטיע און זײַן ציל איז הויפּטזאַכלעך געווען אַרויסצושטופּן ייִדן פֿון די פֿאָדערשטע רייען אין אַלע געביטן פֿון סאָוועטישן לעבן. די „גרויסע רייניקונג", באַגלייט מיט אַ פֿאַרשאַרפֿטן קאַמף קעגן די אינטערנאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן אין דער קאָמפּאַרטיי האָט אומגעבראַכט אַ געוואַלדיקע צאָל ייִדן־קאָמוניסטן, וואָס האָבן פֿאַרנומען מער אָדער ווייניקער וויכטיקע פּאָזיציעס. דאָס האָט ביז גאָר געהאָלפֿן דעם אויפֿשטײַג פֿון אָט דעם נײַעם אַנטיסעמיטיזם. אין אָנהייב פֿערציקער יאָרן איז ער שוין געווען ווײַט פֿאַרשפּרייט איבערן לאַנד.

אַזוי אַרום איז געוואָרן צוגעגרייט דער באָדן פֿאַר אַ שנעלן וווּקס פֿון אַנטיסעמיטיזם אין די מלחמה־יאָרן. שוין נישט מער דעם לאַנגזאַמען און האַלב־באַהאַלטענעם, נאָר אַן אַקטיוון און אַן אָפֿענעם. אין אַ געוויסער מאָס איז דער וווּקס געווען אַ רעזולטאַט פֿון דער היטלעריסטישער פּראָפּאַגאַנדע. מען טאָר אָבער נישט פֿאַרמאַכן די אויגן אויפֿן פֿאַקט, אַז דאָס האָט באַדײַטנדיק

פֿאַרלײַכטערט די אויפֿגאַבע פֿון דער היטלעריסטישער פּראָפּאַגאַנדע. און אומ־אָפּהענגיק אָדער כּמעט אומאָפּהענגיק פֿון דער היטלעריסטישער פּראָפּאַגאַנדע איז דער אַנטיסעמיטיזם בעת די מלחמה־יאָרן אַרײַנגעדרונגען אין טיפֿן סאָוועטישן הינטערלאַנד.

נאָך דער מלחמה איז דער אַנטיסעמיטיזם ווידער שוואַכער געוואָרן, דערנאָך זיך שנעל אַ הייב געטאָן כּדי אויף ס׳נײַ, נאָך סטאַלינס טויט צו גיין באַרג־אַראָפּ. די אַנטוויקלונג איז פֿאַרפּלאָנטערט, אָפּט סתּירותדיק. אָבער דערקלערן דעם הײַנטיקן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם — און נישט נאָר דעם הײַנטיקן נאָר דעם גאַנצן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם אָנהייבנדיק לכל־הפּחות פֿון דער מיט דרײַסיקער יאָרן — מיט דער פֿאַררעוואָלוציאָנערער פֿאַרגאַנגענהייט קען מען נאָר אויב מען האָט קיין שום דרך־ארץ ניט פֿאַר היסטאָרישע פֿאַקטן. (וועגן דעם זען די דזשוט, זז׳ 243־257, 292־308 און אַנטיסעמיטיזם, זז׳ 6־9, 24־37, 101־122.)

4) און צום סוף — עס איז ניט־ריכטיק, אַז דאָס אָפּשטאַרבן פֿונעם יידישן קולטורעלן לעבן, וואָס קומט איצט פֿאָר אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, איז אַן אַבסאָלוטער פֿאַקט פֿון יידישער „אינטעגראַציע״ (אַסימילאַציע), אַ פּועל־יוצא פֿון דעם, וואָס מען האָט אָפּגעשאַפֿט די קינסטלעכע קאָנצענטראַציע פֿון יידן אין תּחום־המושבֿ און די יידישע רעכטלאָזיקייט. אין דער אמתן האָבן די נײַע געזעצן אַרויסגערופֿן אַ נאַציאָנאַלן אויפֿבלי בײַם רוסישן יידנטום נאָך בעת דער צײַטווײַליקער רעגירונג אין די ערשטע חדשים פֿון דער רעוואָלוציע. און אויף ס׳נײַ שפּעטער, שוין בײַ דער סאָוועטישער מאַכט, עטלעכע יאָר נאָכן איבערברוך און נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס יידישע געזעלשאַפֿטלעכע לעבן האָט זיך געמוזט אַרײַנפּאַסן אין קאָמוניסטישע ראַמען. אין דער מיט דרײַסיקער יאָרן האָבן די יידישע פּרעסע, שולן, וויסנשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן, טעאַטער אאַז״וו געשפּילט אַ באַדײַטנדיקע ראָלע אינעם לעבן פֿון סאָוועטישן יידנטום. אָבער דער גרויזאַמער טעראָר פֿון 1936־1939 האָט אַלץ איבערגעריסן. און ווידער אַ מאָל האָט אין די מלחמה־יאָרן — הגם אין אַ סך ענגערע ראַמען — דאָס יידישע לעבן אָנגעהויבן צו פּולסירן כּדי אויף ס׳נײַ און אַ סך שטאַרקער ווי אין די יאָרן פֿון דער „גרויסער רייניקונג״ צו ווערן צעשטערט אין 1948־1949 און ווײַטער (די דזשוט, זז׳ 130־159, 202־218 און אַנטיסעמיטיזם, זז׳ 186־239).

גלײַכצײַטיק איז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד בלי־ספֿק פֿאָרגעקומען און קומט נאָך אַלץ פֿאָר אַ נאַטירלעכער פּראָצעס פֿון יידישער „אינטעגראַציע״. אָבער דער פֿאַקט גופֿא, אַז דאָס יידישע קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע לעבן איז כּסדר בגעוואַלד צעשטערט געוואָרן זאָגט עדות וועגן דער ליגנערישקייט פֿון דעם אָפֿיציעלן טעזיס, אַז דאָס יידישע קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע לעבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז כּלומרשט געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט ווי אַ רעזולטאַט פֿון „אינטעגראַציע״־פּראָצעס.

דער מחבר פֿון דעם בוך איז אַ וועלטלעכער, ניט־רעליגיעזער ייד, נאָר ער האַלט שטאַרק פֿון גאַראַנטירן רעליגיעזע פֿרײַהייט. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אויך אינעם אופֿן פּרעזענטירן די געשיכטע פֿון סאָוועטישן יידנטום פֿאַרן לעצטן פֿערטל יאָרהונדערט. איך ווייס, אַז אין גאַנץ ברייטע יידישע קרײַזן לאָזט מען אַפֿילו ניט צו דעם געדאַנק, אַז מען קען גאָר זײַן אַ ייד אויב מען איז ניט רעליגיעז. זיי באַמיִען זיך פֿאָרצושטעלן דאָס יידנטום בלויז ווי אַ רעליגיעזן איינס (אַגבֿ פֿאַלט זיך דאָס צונויף מיט דער אָפֿיציעלער קאָנצעפּציע וועגן יידנטום אין ראַטן־פֿאַרבאַנד). ס׳קען זײַן, אַז אָט די קרײַזן וועלן גאָר מבֿטל זײַן מײַן יידישקייט. אָבער מײַן יידישקייט איז מיר טיף אײַנגעבאַקן אין האַרצן, און קיינער קען מיך פֿונעם כּלל יידן ניט אויסשליסן. און וואָס איז נאָך

וויכטיקער: אַזעלכע וועלטלעכע, ניט־רעליגיעזע ייִדן זײַנען פֿאַראַן אין די הונ־דערטער טויזנטער, אפֿשר אין די מיליאָנען. ס'איז גאָר אַ סבֿרא, אַז זייער צאָל איז גרויס אויך צווישן די אַ״ג אַמעריקאַנער פֿון ייִדישן גלויבן, וואָס פֿאַר אַ סך פֿון זיי איז די צוגעהעריקייט צו דער ייִדישער רעליגיע בסך־הכּל בלויז ריטו־אַליזם. אין די ראַמען פֿון דעם בוך איז ניט מעגלעך צו פֿאַרפֿירן אַ דיסקוסיע אין תּוך קעגן אָט דער אומפּרוכפּערדיקער נאַציאָנאַלער קאָנצעפּציע.

*

אין זײַן אַרבעט האָט דער מחבר זיך באַמיט אָנצושפּאַרן דער עיקר אויף ערשטהאַנטיקע מאַטעריאַלן: די רוסישע און די ייִדישע סאָוועטישע פּרעסע; אינפֿאָרמאַציע פֿון אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד; אַר־טיקלען און ביכער פֿון מענטשן וואָס האָבן אָדער אַליין איבערגעלעבט די באַשריבענע געשעענישן, אָדער זיי זײַנען וועגן דעם געוואָר געוואָרן, ווען זיי זײַנען געפֿאָרן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד נאָך דער מלחמה, אאַז״וו. פֿאַרן פּעריאָד פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע האָט דער מחבר גענוצט מיט אַ ברייטער האַנט די דײַטשע דאָקומענטן, ספּעציעל די ניט־פּובליקירטע (און ס'האָלט ניט דערבײַ מע זאָל זיי פּובליקירן) דאָקומענטן וואָס געפֿינען זיך: אין דעם ניו־יאָרקער אינסטיטוט פֿאַר ייִדישע ענינים בײַם ייִדישן וועלטקאָנגרעס, אין דער יורידישער ביבליאָטעק פֿון קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט און אין ייִוואָ. דעם מחבר זײַנען זייער צו נוץ געקומען די אויסגאַבעס וואָס ברענגען סיסטעמאַטיש אינפֿאָרמאַציע וועגן דעם מצבֿ פֿון ייִדן אין רוסלאַנד: דאָס יאָרבוך פֿון דעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט (*American Jewish Yearbook* געקירצט: *AJYB*); דאָס זאַמלבוך *Jews in Eastern Europe* (געקירצט *JEE*) וואָס גייט אַרויס אין לאָנדאָן זינט 1958; די „זאַמלונג מאַטעריאַלן פֿון דער סאָוועטישער פּרעסע" (*Jews and the Jewish People* אויך אַ לאָנדאָנער אויסגאַבע וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אין 1960; די לעצטע יאָרן גייט זי אַרויס רעגולער אַלע דרײַ חדשים) וואָס רעפּראָדוצירט דורך פֿאָטאָסטאַטן כּמעט אַלץ וואָס ס'באַווײַזט זיך אין דער סאָוועטישער פּרעסע וועגן ייִדן; און דער קליינער האַלב־קאָמוניס־טישער זשורנאַל *Jewish Currents* (געקירצט: *JC*) וואָס איז שטאַרק אַרײַנ־געטאָן אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדן־פֿראַגע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. וואָס שייך ייִדישע ענינים האַלט זיך דער זשורנאַל ס'רובֿ אומאָפּהענגיק. אין אַלע פֿאַלן, ווען איך האָב גענוצט די אויבן אויסגערעכנטע אויסגאַבעס, איז אויב איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צוצוקומען צו די ערשטיקע מקורים, האָב איך זיך אויף זיי פֿאַררופֿן אין די אָפּשיקן. אין די אַנדערע פֿאַלן פֿאַררוף איך זיך בלויז אויף די אָנגעמערקטע אויסגאַבעס.

*

די פּרעזענטאַציע פֿון דעם מאַטעריאַל איז אינעם בוך דערפֿירט ביזן סוף 1965, אָבער אין טייל ערטער זײַנען אויך אײַנגעשלאָסן שפּעטערדיקע געגע־בענע, וואָס דער מחבר האָט זיך מיט זיי באַקענט ערשט נאָך דעם ווי דאָס בוך איז שוין געווען אין זאַץ. דער לייענער וועט אַוודאי ניט נעמען פֿאַר אומגוט אַזאַ עובֿר זײַן אויפֿן כראָנאָלאָגישן פּרינציפּ.

*

די רוסישע און די ייִדישע אויסגאַבעס פֿון דעם בוך האָבן געקענט צו שטאַנד קומען נאָר צוליב דער הילף פֿון דער אַטראַן־פֿונדאַציע. זאָגט דער מחבר אַ דאַנק די אָנפֿירערס פֿון דער פֿונדאַציע.

קאפיטל איינס

# אויגוסט 1939 - יוני 1941

## דער סאָוועטיש־דײַטשער אָפּמאַך

דעם 23סטן אויגוסט 1939 איז געשלאָסן געוואָרן דער סאָוועטיש־דײַטשער ניט־אַגרעסיע־אָפּמאַך. פֿאַרן סאָוועטישן פֿאַרבאַנד איז דאָס געווען דער אָנהייב פֿון אַ פּעריאָד פֿון ניט בלויז אַ דערנענטערונג מיט היטלער־דײַטשלאַנד אין דער אויסלענדישער פּאָליטיק נאָר אויך פֿון אַן אידעאָלאָגישן שלום־מאַכן מיטן היטלעריזם, אַרײַנגערעכנט אויך דאָס שלום־מאַכן — אמת, אויף אַ שווײַגנדיקן אופֿן — מיט דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון אומברענגען די ייִדן. פֿאַרן סאָוועטישן ייִדנטום האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַער, שרעקלעכער פּעריאָד אין זײַן געשיכטע.

אַז דער אָפּמאַך פֿונעם 23סטן אויגוסט האָט געמיינט דעם אָנהייב פֿון אַ שלום מיט דער היטלערישער אידעאָלאָגיע, האָט די פּראַוודאַ, דער אָרגאַן פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אונטערגעשטראָכן שוין אין איר לייט־אַרטיקל דעם 24סטן אויגוסט:

> ...דער אונטערשייד אין דער אידעאָלאָגיע און אין דער פּאָליטישער סיסטעם טאָר ניט און קען ניט זײַן קיין מניעה אויפֿצושטעלן גוט־שכנישע באַציִונגען צווישןביידע לענדער. די פֿרײַנדשאַפֿט פֿון די פֿעלקער פֿון פֿסס״ר און דײַטשלאַנד, וואָס איז אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין אַ טעמפּן ווינקל דורך די באַמיִונגען פֿון די שונאים פֿון דײַטשלאַנד און פֿסס״ר, דאַרף באַקומען די נעהעריקע באַדינגונגען פֿאַר איר אַנטוויקלונג און אויפֿבלי.

אונטערן דורכזיכטיקן פּסעוודאָנים „פֿרײַנדשאַפֿט פֿון די פֿעלקער פֿון פֿסס״ר און דײַטשלאַנד״ איז דאָ געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו דורכצוליגן אַ וועג פֿאַר אַ פֿרײַנדשאַפֿט צווישן היטלער־דײַטשלאַנד און סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, פֿאַר אַ פֿרײַנדשאַפֿט און פֿאַר אַן ענגער פּאָליטישער — און ווי עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אויך פֿאַר אַ מיליטערישער — צוזאַמענאַרבעט פֿון זייערע רעגי־רונגען. די דאָזיקע מיטאַרבעט האָט זיך תּיכּף אָנגעהויבן.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, אין דעם זעלבן טאָג, ווען דײַטשלאַנד איז אָנגעפֿאַלן אויף פּוילן, האָט ג. פֿ. אַלעקסאַנדראָוו, דער טעאָרעטיקער פֿון דער פּראָפּאַגאַנדע־ און אַגיטאַציע־פֿאַרוואַלטונג בײַם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער

קאָמוניסטישער פּאַרטיי, געלייענט אויף דער אַלפּאַרבאַנדישער לעקטאָרן־באַראַטונג בײַם צענטראַל־קאָמיטעט אַ רעפֿעראַט וועגן „מאַרקסיסטיש־לענינישן וויסנשאַפֿטלעכן פֿאָרויסזען״. אין דעם רעפֿעראַט האָט ער מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער שאַרפֿקייט כאַראַקטעריזירט „די פּראָוואָקאַטאָרן פֿון דער נײַער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, די מערבֿ־אייראָפּעיִשע פּאָליטיקערס, וואָס האָבן מיט אַלע כּוחות געשטרעבט צונויפֿצושטויסן קאָפּ קעגן קאָפּ דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד מיט דײַטשלאַנד״. אָבער, האָט ממשיך געווען אַלעקסאַנדראָוו, סטאַלין האָט שוין אין זײַן רעפֿעראַט אויפֿן 18טן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פּאַרטיי אין מאַרץ 1939 „דעמאַסקירט די געמיינע פּרווון פֿון די מלחמה־פּראָוואָקאַטאָרן צו פּראָוואָצירן אַ קאָנפֿליקט פֿון פֿסס״ר מיט דײַטשלאַנד. ער לערנט . . . ׳ניט צו דערלאָזן, אַז די מלחמה־פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס זײַנען צוגעווױנט צו שאַרן הייסע קוילן מיט פֿרעמדע הענט, זאָלן אַרײַנציִען אונדזער לאַנד אין אַ קאָנפֿליקט׳. זיך שטיצנדיק אויף אָט די קלוגע אָנווײַזונגען פֿונעם חבֿר סטאַלין, האָט אונדזער רעגירונג געשלאָסן אַן אָפּמאַך וועגן ניט־אַגרעסיע צווישן פֿסס״ר און דײַטשלאַנד״.[1] אינעם גאַנצן רעפֿעראַט (אַרויסגעגעבן אין אַ באַזונדערער בראָשור) איז ניט געווען קיין איין קריטיש וואָרט וועגן היטלער־דײַטשלאַנד אָדער וועגן דעם נאַציזם ווי אַן אידעאָלאָגיע.

די געשעענישן האָבן זיך גיך אַנטוויקלט. ס׳איז קוים אַריבער אַ חודש זינט ס׳איז געשלאָסן געוואָרן דער סאָוועטיש־דײַטשער ניט־אַגרעסיע־אָפּמאַך, ווי דעם 28סטן סעפּטעמבער 1939 איז אין מאָסקווע אונטערגעשריבן געוואָרן אַ נײַער אָפּמאַך צווישן פֿסס״ר און דײַטשלאַנד, דאָס מאָל שוין אַן „אָפּמאַך וועגן פֿרײַנדשאַפֿט און גרענעץ״. דאָס איז גלײַכצײַטיק געווען אַן אָפּמאַך וועגן אַ בשותּפֿותדיקן „קאַמף פֿאַר שלום״, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פֿון דער אָנערקענונג, אַז „די פּראַגעס, וואָס זײַנען אויפֿגעקומען אין רעזולטאַט פֿון דער צעפֿאַלונג פֿון דער פּוילישער מלוכה, זײַנען ענדגילטיק רעגולירט געוואָרן״. גלײַכצײַטיק מיטן אָפּמאַך איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ „דעקלאַראַציע פֿון די רעגירונגען פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און פֿון דײַטשלאַנד״, וואָס האָט אונטערגעשטראָכן, אַז „אויב די אָנשטרענגונגען פֿון ביידע רעגירונגען [צו דערגרייכן אַ שלום צווישן ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך, פֿון איין זײַט, און דײַטשלאַנד פֿון דער צווייטער זײַט אויפֿן סמך פֿון אָנערקענונג, אַז די פּראַגע וועגן פּוילן איז ענדגילטיק רעגולירט געוואָרן] וועלן בלײַבן אָן אַ פּעולה, וועט אַזוי אַרום באַשטעטיקט ווערן דער פֿאַקט, אַז ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך טראָגן די אַחריות פֿאַר ממשיך זײַן די מלחמה; און אויב די מלחמה וועט ווײַטער אָנגיין, וועלן זיך די רעגירונגען פֿון דײַטשלאַנד און פֿסס״ר באַראַטן וועגן די נייטיקע מאָסמיטלען״.

די אַחריות פֿאַר ממשיך זײַן די מלחמה איז איצט אין גאַנצן אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אויף די קעגנערס פֿון דײַטשלאַנד.

אין די לעצטע ווערטער פֿון דער סאָוועטיש־דײַטשער דעקלאַראַציע האָט זיך שוין דירעקט אָנגעמערקט אַן ענגע פּאָליטישע צוזאַמענאַרבעט אין דער

פּראַגע וועגן קריג סײַ פֿון די רעגירונגען פֿון דײַטשלאַנד, וואָס האָט געפֿירט מלחמה, און סײַ פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, וואָס האָט זיך פֿאָרמעל נאָך ניט באַטייליקט אין דער מלחמה.

דער פֿרײַנדשאַפֿט־אָפּמאַך מיטן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט גלײַך געבראַכט היטלערן די אונטערשטיצונג פֿונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און קודם־כּל די מאָראַלישע הילף פֿון די קאָמוניסטן אין ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך. דעם 1טן אָקטאָבער האָט זיך די קאָמוניסטישע פֿראַקציע פֿון דער פֿראַנצייזישער דעפּוטאַטן־קאַמער געווענדט מיט אַ בריוו צום קאַמער־פֿאָרזיצער עריאָ מיטן פֿאָרשלאָג תּיכּף אַוועקצושטעלן אויפֿן סדר־היום פֿון דער קאַמער די פֿראַגע וועגן שלום.[2] דעם 3טן אָקטאָבער האָט דער קאָמוניסט גאַלאַכער אַוועקגעשטעלט אינעם בריטישן פּאַרלאַמענט די פֿראַגע תּיכּף צו פֿירן שלום־אונטערהאַנדלונגען.[3] פֿון דער אַנדערער זײַט האָט זיך דעם 6טן אָקטאָבער אײַנגעשלאָסן אינעם „קאַמף פאַר שלום" היטלער גופֿא. אין דער לאַנגער רעדע, וואָס ער האָט דעם דאָזיקן טאָג געהאַלטן אינעם רײַכסטאַג, איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ ברייטער פּראָגראַם פֿון שלום. דערבײַ איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז די דאָזיקע פּראָגראַם האָט אויך פֿאַרויסגעזען — אין אַן אַלגעמיינער פֿאָרעם — אויך די „רעגולירונג און די לייזונג פֿון דער יִדן־פֿראַגע".[4]

די סאָוועטישע פּרעסע האָט זיך נאָך געשפּירט עפּעס אומבאַקוועם בײַם קאָמענטירן היטלערס רעדע. די פּראַוודאַ האָט זיך באַגרענעצט מיט אָפּדרוקן אַ גענויעם באַריכט וועגן דער רעדע פֿונעם בערלינער טאַסס־קאָרעספּאָנדענט. די איזוועסטיאַ — די צײַטונג פֿון דער רעגירונג — האָט זי געמוזט ווי עס איז קאָמענטירן, אָבער זי האָט געוואַרט נאָך אַ טאָג, כּדי צו האָבן די מיגלעכקייט זיך אָפּצורופֿן אויף היטלערס רעדע אין דער פֿאָרעם פֿון אַ פּאָלעמיק מיט די אָפּקלאַנגען אויף איר אין דער מערבֿ־פּרעסע. דער לייט־אַרטיקל פֿון איזוועסטיאַ פֿונעם 9טן נאָוועמבער איז פֿון גאָר אַ גרויסן אינטערעס, ווײַל ער דריקט בלי שום ספֿק אויס אַ דורכגעטראַכטן און אָנגענומענעם באַשלוס פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג וועגן דעם, ווי אַזוי מען זאָל דורכפֿירן און — דער עיקר — מאָטיווירן די פּאָליטיק פֿון צוזאַמענאַרבעט מיט היטלערן.

דער גרונט־געדאַנק פֿונעם אַרטיקל אין איזוועסטיאַ איז אַ פּרוּוו פֿאָרצושטעלן די מלחמה פֿון די מערבֿ־מלוכות קעגן היטלער־דײַטשלאַנד ווי אַ מלחמה קעגן דער היטלערישער אידעאָלאָגיע: „ווי די הויפּט־פֿאָדערונג ווערט איצט פּראָקלאַמירט די פֿאַרניכטונג פֿונעם היטלעריזם. קאַמף קעגן דער היטלערישער אידעאָלאָגיע — אַזוי שילדערן די ענגלישע און פֿראַנצייזישע פּאָליטישע טוערס דעם ציל פֿון דער איצטיקער מלחמה". היטלעריזם ווי אַ ממשלה־סיסטעם, וואָס כאַפּט אַרום אַלע זײַטן פֿון דער אינעווייניקסטער און אויסנווייניקסטער פּאָליטיק, ווערט דאָ פֿאַרביטן מיט דער אידעאָלאָגיע פֿון היטלעריזם.

פֿון דעמאָלט אָן ווערט דאָס איינער פֿון די עיקרדיקע שטריכן פֿון דער גאַנצער סאָוועטישער קאַמפּאַניע פֿון „קאַמף פֿאַר שלום" מיט אַ קלאָרן ציל צו פֿאַרשמעלערן און צו מינימיזירן די פּראָבלעם פֿון קאַמף מיטן היטלעריזם. אָבער דאָס קאָנצענטרירן זיך אויף דער אויפֿקלערונג, אַז דער קאַמף קעגן דער

היטלערישער אידעאָלאָגיע האָט ניט קיין האַפּט, האָט מסתּמא געהאַט אויך אַ צווייטן ציל. די פּראָגעס פון אידעאָלאָגיע שפּילן זייער אַ גרויסע ראָלע אין דער גאַנצער סיסטעם פון דער קאָמוניסטישער פּאָליטישער דערציִונג. אַ שאַרפע קריטיק פון דער היטלערישער אידעאָלאָגיע האָט פאַר דעם אָפּמאַך מיט היטלערן געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע אין דער אידעיִשער באַוואָפענונג פון די קאָמוניסטישע קאַדערס. זיך איבערצובויען אין אַ קורצער צײַט אין דער ריכטונג פון אַ פּאָזיטיווער אָדער האַלב־פּאָזיטיווער באַציִונג צו דער היטלערישער אידעאָלאָגיע איז ניט געווען מעגלעך. דעריבער האָט טאַקע די אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געפּרוּווט קודם־כּל איבערצײַגן אירע מענטשן, אַז עס איז נייטיק אַן אַנדער באַציִונג צו די פּראָגעס פון אידעאָלאָגישן קאַמף מיטן היטלעריזם. די התמדה, מיט וועלכער עס האָבן זיך איבערגעחזרט די נײַ־אַרויסגערוקטע אַרגומענטן, זאָגט מסתּמא עדות, ווי שווער אַ גרויסער טייל פון דער קאָמוניסטישער אוידיטאָריע האָט אויפגענומען די דאָזיקע אַרגומענטן.

אַזוי צי אַנדערש, איז דער ניט־געווינלעכער — און ניט שטאַרק איבערצײַגעוודיקער אינעם מויל פון אָרטאָדאָקסאַלע קאָמוניסטן — אַרגומענט וועגן דער אוממעגלעכקייט פון אַ דעצידירטן קאַמף קעגן דער היטלערישער אידעאָלאָגיע געוואָרן זינט דעמאָלט איינער פון די הויפּט־אַרגומענטן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיידיקונג פון דער פּאָליטיק פון פרײַנדשאַפט מיט היטלער־דײַטשלאַנד. די צײַטונג איזוועסטיִאַ האָט אינעם אויבן דערמאָנטן אַרטיקל געשריבן:

> יעדער מענטש מעג אויסדריקן זײַן באַציִונג צו דער אָדער יענער אידעאָלאָגיע, האָט דאָס רעכט אָנצונעמען אָדער אָפּצוּוואַרפן זי. ס'איז אָבער אַן אומזיניקע און אַן אומגעלומפּערטע אכזריות צו פאַרטיליקן מענטשן צוליב דעם, וואָס עמעצן געפעלן ניט באַשטימטע מיינונגען און וועלט־השקפות. דאָס קערט אונדז אום צו די פינצטערע צײַטן פון מיטל־עלטער, ווען עס האָבן זיך געפירט פאַרוויסטנדיקע רעליגיעזע מלחמות אין נאָמען פון אויסראָטן אַפּיקורסים און אַנדערש־גלייביקע. די געשיכטע האָט אָבער באַוויזן, אַז אַזעלכע אידעאָלאָגישע און רעליגיעזע קריגסצוגן האָבן נאָר געבראַכט צו דער פאַרטיליקונג פון גאַנצע דורות און צו אַ קולטורעלער פאַרווילדטקייט פון פעלקער. מיט פײַער און שווערד קען מען ניט פאַרניכטן קיין שום אידעאָלאָגיע, קיין שום וועלט־השקפה. מע קען האָבן דרך־ארץ אָדער שׂנאה צום היטלעריזם, פּונקט ווי צו יעדער אַנדערער סיסטעם פון פּאָליטישע מיינונגען. דאָס איז אַ געשמאַק־זאַך. אָבער אָנהייבן אַ מלחמה צוליב דער פאַרניכטונג פונעם היטלעריזם הייסט דערלויבן אין פּאָליטיק אַ פאַרברעכערישע נאַרישקייט.

דער הויפּט־אינהאַלט פון דעם אַרטיקל אין איזוועסטיִאַ איז באַשטאַנען אין אַנטוויקלען די דאָזיקע אַרגומענטאַציע, וואָס איז, אַגבֿ, פולשטענדיק איבערגעחזרט געוואָרן פון מאָלאָטאָוון אין זײַן רעדע פאַרן העכסטן סאָוועט דעם 31סטן אָקטאָבער 1939 (וועגן איר ווײַטער). מע האָט אָבער ניט געקענט סתּם פאַר־

שוויַיגן דעם עיקרדיקן תּוך פֿון היטלערס רעדע פֿונעם 6טן אָקטאָבער. און דאָ האָט די איזוועסטיִאַ דורכויס געשטיצט היטלערס „שלום"־איניציאַטיוו:

היטלערס פֿאָרשלאָגן קען מען אָננעמען, אָפּוואַרפֿן אָדער אַרײַנפֿירן אין זיי די אָדער יענע אויסבעסערונגען, אָבער מען קען זיי ניט אָפּפֿרעגן. בכל אופֿן קענען זיי דינען פֿאַר אַ רעאַלן און פּראַקטישן יסוד פֿאַר אונטערהאַנדלונגען מיטן ציל וואָס גיכער צו שליסן שלום.

וועגן די היטלערישע פּלענער צו רעגולירן און צו פֿאַרענטפֿערן די ייִדן־פּראָבלעם איז נאַטירלעך ניט געוועזן קיין איין וואָרט. די יסודות פֿון דער סיסטעם צו פֿאַרשוויַיגן די היטלערישע פּאָליטיק פֿון אומברענגען די ייִדן זיַינען אַזוי אַרום געלייגט געוואָרן שוין אין אָט דעם פֿריִערדיקן פּעריאָד פֿון פֿריַינדשאַפֿט מיט היטלערן.

דער אידעאָלאָגישער איבערבוי צו פֿאַרווירקלעכן אַ נאָענטע צוזאַמענאַרבעט מיט היטלערן איז געווען כּמעט פֿאַרענדיקט. אין די פֿריִער געבראַכטע אַרויס־זאָגונגען איז נאָר אויף די מערבֿ־מלוכות אַרויפֿגעלייגט געוואָרן די אַחריות פֿאַרן וויַיטערדיקן פֿירן די מלחמה. היטלער איז פֿאַרגעשטעלט געוואָרן אין דער ראָלע פֿונעם שלום־מאַכער מיטן מאָמענט פֿון שליסן מיטן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד דעם אָפּמאַך וועגן פֿריַינדשאַפֿט און די פֿאַרשטענדיקונג וועגן דעם שותּפֿותדיקן קאַמף פֿאַר שלום. אין זיַין רעדע פֿאַרן העכסטן סאָוועט פֿון פֿסס"ר דעם 31סטן אָקטאָבער 1939 איז מאָלאָטאָוו נאָך פֿאַרבליבן אין די ראַמען פֿון דער דאָזיקער קאָנצעפּציע און האָט בלויז צוגעגעבן אַ גרעסערע טערמינאָלאָגישע גענויקייט צו דער אַרגומענטאַציע פֿון איזוועסטיִאַ, מעלדנדיק, אַז פֿון איצט אָן זיַינען ענגלאַנד און פֿראַנקריַיך די אַגרעסאָרן.

פֿאַר די לעצטע עטלעכע חדשים האָבן אַזעלכע באַגריפֿן ווי אַגרעסיע, אַגרעסאָר באַקומען אַ נײַעם קאָנקרעטן תּוכן, אַ נײַעם באַטײַט. עס איז ניט שווער זיך אָנצושטויסן, אַז מיר קענען זיך איצט ניט באַנוצן מיט די דאָזיקע באַגריפֿן אין דעם זעלבן זינען ווי, אַ שטייגער, מיט אַ דריַי־פֿיר חדשים צוריק. איצט, אויב מע זאָל ריידן וועגן די אייראָפּעיִשע גרויסע מלוכות, געפֿינט זיך דיַיטשלאַנד אין דער לאַגע פֿון אַ מלוכה, וואָס שטרעבט צו אַ גיכערן סוף פֿון דער מלחמה און צו שלום, און ענגלאַנד און פֿראַנקריַיך, וואָס האָבן ערשט נעכטן באַקעמפֿט אַגרעסיע, שטייען פֿאַר ממשיך זיַין די מלחמה און קעגן שליסן שלום. ווי איר זעט, בײַט זיך די ראָלע.

צו אָט דער אַרגומענטאַציע גיט ער צו נאָך אַ מאָמענט: „די מורא צו פֿאַר־לירן די וועלט־ממשלה דיקטירט די רעגירנדיקע קרײַזן פֿון ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך אַ פּאָליטיק פֿון צעפֿלאַקערן אַ מלחמה קעגן דײַטשלאַנד. אַזוי אַרום איז דער אימפּעריאַליסטישער כּאַראַקטער פֿון דער דאָזיקער מלחמה קלאָר פֿאַר יעדן איינעם, וואָס וויל זען דעם אמתן מצבֿ פֿון די זאַכן."

דער אויספֿיר איז, אַז נאָר מצד ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך טראָגט די מלחמה פֿון איצט אָן אַן אימפּעריאַליסטישן כּאַראַקטער, און דײַטשלאַנד איז אַ קרבן פֿון אַגרעסיע מצד אימפּעריאַליסטישע מלוכות.

פון דאַנען איז ניט שווער געווען צו מאַכן נאָך איין טריט ווײַטער און האַלטן ענגלאַנד און פראַנקרײַך פאַראַנטוואָרטלעך שוין פאַרן עצם אויפקום פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. זינט דעם אָנהייב פון 1940 ווערט אין דער קאָמוניסטישער פרעסע אַלץ בולטער דורכגעפירט דער געדאַנק, אַז די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויפגעקומען מחמת ענגלאַנדס און פראַנקרײַכס אַגרעסיע קעגן דײַטשלאַנד. אָבער דאָס האָט שוין ניט געקענט אַרײַנטראָגן קיין שום נײַס אין דער באַציִונג פון די סאָוועטישע אָנפירנדיקע קרײַזן צו דער היטלערישער פּאָליטיק פון ייִדן־אויסראָטונג. אַ טאָלעראַנטע באַציִונג צו דער היטלערישער אידעאָלאָגיע און דאָס פאַרשווײַגן די היטלערישע אַכזריותן איז געוואָרן דער יסוד פון דער קאָמוניסטישער פּאָליטיק זינט דעם מאָמענט פון שליסן דעם פרײַנדשאַפט־אָפּמאַך, און די דאָזיקע קאָמוניסטישע גענעראַל־ליניע האָט אויך געשאַפן אַ באָדן פאַר אַ מאָראַלישער האַלב־לעגאַליזאַציע פונעם אַנטיסעמיטיזם.

דאָס סיסטעמאַטישע פאַרשווײַגן אין דער סאָוועטישער פרעסע די היטלערישע אַנטי־ייִדישע פּאָליטיק האָט געהאַט פאַרן סאָוועטישן ייִדנטום נאָך אַ קאַטאַלן פועל־יוצא. די ריזיקע מערהייט פון די ייִדן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט זיך קנאַפּ אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון וועגן דער טויט־געפאַר, וואָס האָט זיי געדראָט מצד דעם היטלעריזם. און ווען דעם 22סטן יוני 1941 האָבן זיך די דײַטשע חיילות אומגעריכט אַרײַנגעריסן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז דאָס סאָוועטישע ייִדנטום געווען אין גאַנצן ניט צוגעגרייט צו די געשעענישן. און אַ סך פון די אַפילו, וואָס האָבן נאָך אפשר געקענט אַנטלויפן און זיך ראַטעווען, זײַנען געבליבן אויפן אָרט און אומגעקומען. דער דאָזיקער פאַקט ווערט באַשטעטיקט אינעם באַריכט וועגן דײַטש־אָקופּירטן ווײַסרוסלאַנד. דער באַריכט איז ניט באַשטימט געווען פאַרעפנטלעכט צו ווערן. מע האָט אים צוגעגרייט אין יולי 1941 פאַרן פאַרשטייער פונעם רײַכסמיניסטעריום פאַר די אָקופּירטע געביטן בײַ דער הויפּט־קאָמאַנדע פון דער אַרמיי:

> ... ס'איז נשתומם צו ווערן, ווי שלעכט די ייִדן זײַנען אינפאָרמירט וועגן אונדזער באַציִונג צו זיי און וועגן דעם, ווי מיר באַהאַנדלען די ייִדן אין דײַטשלאַנד און אין דער גאַרניט אַזוי ווײַטער וואַרשע. ווען ניט די דאָזיקע ניט־אינפאָרמירטקייט, וואָלט מצד זיי ניט מעגלעך געווען די פראַגע, צי מיר פירן אין דײַטשלאַנד דורך אַן אונטערשייד צווישן ייִדן אין דײַטשלאַנד און אין דער גאָר ניט אַזוי ווײַטער וואַרשע. ווען אונטער דער דײַטשער פאַרוואַלטונג וועלן זיי האָבן די זעלבע רעכט, וואָס די רוסן, האָבן זיי דאָך געמיינט, אַז מיר וועלן זיי לאָזן צו רו, אויב זיי וועלן ווײַטער פלײַסיק אַרבעטן.[5]

נאָך ווייטאָגדיקער האָבן זיי דעריבער איבערגעלעבט, אויב זיי האָבן בכלל איבערגעלעבט די היטלערישע אָקופּאַציע.

## די לאַגע פון די ייִדן אין מיזרח־פּוילן

דער סאָוועטיש־דײַטשער אָפּמאַך האָט געבראַכט צו דער פערטער צעטיילונג פון פּוילן. אויף דער טעריטאָריע פון מיזרח־פּוילן, וואָס איז איבערגעגאַנגען

צום סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, האָבן לויט דער לעצטער פּוילישער פֿאָלקסציילונג אין 1931 געלעבט 1,222,000 ייִדן בשעת די אַלגעמיינע באַפֿעלקערונג האָט באַטראָפֿן 12,012,000. אַזוי אַרום האָבן דאָרט די ייִדן אויסגעמאַכט כמעט 10.2% פֿון דער באַפֿעלקערונג (אין גאַנץ פּוילן 9.7%).[6] אין 1939 האָט זיך די אַלגעמיינע באַפֿעלקערונג פֿון מיזרח־פּוילן פֿאַרגרעסערט לויט די באַרעכענונגען פֿון פּוילישע סטאַטיסטיקערס ביז 13,199,000; די פֿאַרגרעסערונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג איז אָבער אַ ביסל אָפּגעשטאַנען אַ דאַנק דער נידעריקער נאַטירלעכער פֿאַרמערונג בײַ ייִדן.[7]

די נאַטירלעכע באַוועגונג פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿאַר פּוילן בכלל און פֿאַר ייִדן בפֿרט האָט זיך אויסגעדריקט אין אַזעלכע ציפֿערן (אַ יאָר אויף 1,000 מענטשן):

| יאָר | געבורטיקייט | | שטאַרביקייט | | נאַטירלעכער צוּוווּקס | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | די גאַנצע באַפֿעלקערונג | ייִדן | די גאַנצע באַפֿעלקערונג | ייִדן | די גאַנצע באַפֿעלקערונג | ייִדן |
| 1926—1930 | 32.3 | 19.6 | 16.8 | 9.9 | 15.5 | 9.7 |
| 1931—1935 | 27.6 | 19.2 | 14.6 | 9.7 | 13.0 | 9.5 |
| 1936—1938 | 25.3 | 18.9 | 14.1 | 10.4 | 11.2 | 8.5 |

אויסער דעם האָט נאָך פֿון פּוילן עמיגרירט אַ גרעסערע צאָל ייִדן. די עמיגראַציע פֿון פּוילן במשך פֿון די לעצטע אַכט יאָר פֿאַר דער מלחמה (1931—1938) האָט באַטראָפֿן בסך־הכל 611,800, בתוכם די ייִדישע עמיגראַציע 168,600 אָדער 26.6% פֿון דער אַלגעמיינער צאָל. אָבער אין דער זעלבער צײַט איז פֿאָרגעקומען אַ צוריקוואַנדערונג קיין פּוילן, וואָס האָט פֿאַר די אַכט יאָר דערגרייכט 498,000. ס'איז באַקאַנט, אַז דער פּראָצענט ייִדן צווישן די רעעמיגראַנטן איז געווען גאָר אַ קליינער.[8]

די אַלגעמיינע צאָל פֿון דער אָרטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון מיזרח־פּוילן האָט דעריבער באַטראָפֿן אינעם מאָמענט פֿון אָנשליסן אָט די געביטן אינעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד 1,309,000 אָדער 9.9% פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג (אין גאַנץ פּוילן 9.5%).[9] פֿון זיי זײַנען 75,000 איבערגעגאַנגען צו ליטע אין אָקטאָבער 1939.[10]

די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין מיזרח־פּוילן האָט לכתּחילה אין איר ריזיקער מערהייט זייער פֿרײַנדשאַפֿטלעך באַגעגנט די סאָוועטישע חיילות. פֿון מערבֿ־פּוילן האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען שרעקלעכע ידיעות. די פּליטים־כוואַליע האָט שוין אַ שטראָם געטאָן פֿון דאָרטן אויף מיזרח, אַרויסרופֿנדיק אַ פּאַניק צווישן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. „עס איז זיך לײַכט פֿאָרצושטעלן, מיט וואָס פֿאַר אַ פֿרייד די לעמבערגער ייִדן האָבן באַגעגנט די רויטע אַרמיי, וועלכע האָט זיי כמעט אין דעם לעצטן מאָמענט אָפּגעראַטעוועט פֿון דער שוואַרצער פּעסט, פֿון די דײַטשן", דערמאָנט די ייִדישע לערערין טאַניאַ פּוקס, וואָס האָט איבערגעלעבט די דאָזיקע חדשים אין לעמבערג.[11]

אויך י. מאַרגאָלין, וואָס האָט איבערגעלעבט די ערשטע מלחמה־יאָרן אין פּינסק, האָט געשריבן וועגן די שטימונגען ניט נאָר פון ייִדן, נאָר אויך פון אוקראַיִנער און ווײַסרוסן: „ניטאָ קיין ספק, אַז די גרונט־מאַסע פון דער באַפעל־קערונג פון מערבֿ־אוקראַיִנע און מערבֿ־ווײַסרוסלאַנד איז אינעם מאָמענט פון אַרײַנגיין פון דער רויטער אַרמיי פול געווען מיט אַן אויפריכטיקן דאַנק און מיט גרויסע האָפענונגען“.[12]

דער היסטאָריקער ב. ווײַנריב האָט געשריבן:

א סך האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז די לאַגע וועט מער ניט זײַן אַזאַ ווי זי איז געווען אין פּוילן, אַז די רוסן וועלן לעבן און לאָזן לעבן. אפילו דאָס אָפּשאַפן פּריוואַטע אונטערנעמונגען האָט ניט אויסגעזען פאַטאַל. די נידעריקערע שיכטן פונעם ייִדישן מיטלקלאַס האָבן גערעכנט, אַז זיי וועלן געפינען אַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע, אין שולן, אין קאָאָ־פּעראַטיוון. דער דאָזיקער אַלגעמיינער געפיל פון דאַנק און דערלײַכטערונג האָט אַרויסגערופן אַ סך אילוזיעס, בפרט צווישן דער יוגנט...[13]

דיווירקלעכקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן זייער ווײַט פון אָט די דער־וואַרטונגען. די לאַגע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון די מיזרח־פּוילישע געביטן, וואָס זײַנען אָנגעשלאָסן געוואָרן אינעם סאָוועטן־פאַרבאַנד האַרבסט 1939, איז געוואָרן זייער שווער סײַ עקאָנאָמיש, סײַ קולטורעל, ווי אויך געזעל־שאַפטלעך־פּאָליטיש.

סאָציאַל־עקאָנאָמיש האָט דאָס מיזרח־פּוילישע ייִדנטום דער עיקר נאָך גע־לעבט אין די באַדינגונגען פונעם אַלטן שטעטלדיקן און פּראָווינציעלן לעבנס־שטייגער, ווי ער האָט זיך געשאַפן אינעם אַזוי גערופענעם תּחום המושבֿ פונעם אַלטן רוסלאַנד, מיט אַ ריזיקן איבערגעוויכט אינעם באַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון קליינהענדלערס, קליינע בעלי־מלאָכות, אַרבעטערס פון קליינע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. אין פּוילן, אין די באַדינגונגען פונעם אָפיציעלן אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז געווען באַזונדערס אַקטיוו אויפן עקאָנאָמישן געביט, האָבן די דאָזיקע שטריכן פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אָנגענומען (באַזונדערס אינעם לעצטן יאָרצענדלינג פאַר דער מלחמה) נאָך אַ שאַרפערן אויסגעדריקטן כאַראַקטער מיט אַ בולטער טענדענץ צו אַ ווײַטערדיקער פּויפּעריזאַציע און פּראָלעטאַריזירונג. דערבײַ איז דער צוטריט פאַר די ייִדישע אַרבעטערס אין די גרעסערע און טיילווײַז אויך אין די מיטעלע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, אַפילו וואָס האָבן געהערט צו ייִדן, געווען ביז גאָר שווער, און די גרויסע מערהייט האָט געאַרבעט אין די סאַמע שווערע באַדינגונגען אין קליינע אונטערנעמונגען.

לויט דער פּוילישער פאָלקסציילונג פון יאָר 1931 קען מען די ייִדישע אינ־דוסטריעלע אַרבעטערס פאַרטיילן אויף דרײַ גרופּעס אונטערנעמונגען: אין גרויסע אונטערנעמונגען (וואָס האָבן אַרויסגענומען פּאַטענטן פון די ערשטע 3 קאַטעגאָריעס), אין מיטעלע אונטערנעמונגען (פּאַטענטן פון דער 4טער ביז דער 7טער קאַטעגאָריע) און אין קליינע אונטערנעמונגען (פּאַטענטן פון דער

8ער קאַטעגאָריע) מיט ניט מער פֿון פֿינף אַרבעטערס. אין דער ערשטער גרופּע איז אין 1931 געווען פֿאַרנומען 3.5%, אין דער צווייטער גרופּע — 15.0%, אין דער דריטער גרופּע — 81.5% פֿון דער אַלגעמיינער צאָל ייִדישע אינדוסטריעלע אַרבעטערס. צווישן 1931, ווען ס'איז געווען די לעצטע פֿאָלקס־ציילונג, און 1939 האָט דער פּראָצעס פֿון פּראָלעטאַריזאַציע און פּויפּעריזאַציע פֿון די ייִדישע מאַסן זיך שטאַרק אַ רוק געטאָן פֿאָרויס.[14]

פֿון דעם דאָזיקן מצבֿ איז דאָס מיזרח־פּוילישע ייִדנטום במשך פֿון עטלעכע וואָכן פֿאָרמעל אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין די באַדינגונגען פֿונעם סאָוועטישן סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבנס־שטייגער פֿון סוף דרײַסיקער יאָרן מיט דער כּמעט פֿולשטענדיקער פֿאַרניכטונג פֿון קליינהאַנדל, קליין־מלאָכה און קליין־אינדוס־טריע. פֿאָרמעל האָט מען אויך אָפּגעשאַפֿט די מאַסמיטלען, וואָס האָבן אין פּוילן געצילט צו באַגרענעצן די ייִדן אין זייער עקאָנאָמישער טעטיקייט. פּאַקטיש אָבער האָט די מאַסע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, וואָס איז שוין פֿאַר דעם געווען אויפֿן ראַנד פֿון דלות, ניט באַקומען וואָסערע ס'ניט איז אַנדערע עקסיס־טענץ־מעגלעכקייטן.

קליינער האַנדל און קליינע מלאָכה־אונטערנעמונגען זײַנען טאַקע ניט געוואָרן נאַציאָנאַליזירט, אָבער שווערע שטײַערן, די פֿאַראָרדענונג צו פֿאַרקויפֿן די סחורות לויט די מקחים פֿון אַנהייב מלחמה און אָנצונעמען פֿאַר זיי צוזאַמען מיט די פּוילישע גילדנס אויך סאָוועטישע רובלס (לויטן קורס פֿון איין רובל פֿאַר איין גילדן), די אוממעגלעכקייט צו באַנײַען די זאַפּאַסן סחורות (אין האַנדל) און מאַטעריאַלן (אין מלאָכה) האָבן געבראַכט דערצו, אַז אַ טייל האַנדלס־ און מלאָכה־אונטערנעמונגען האָבן זיך געמוזט פֿאַרמאַכן. אַזוי, למשל, האָבן זיך אין לעמבערג גלײַך אין די ערשטע חדשים צוגעמאַכט דרײַ פערטל פֿון אַלע מלאָכה־אונטערנעמונגען. בעלי־מלאָכות האָבן נאָך געקענט אָנקומען אויף אַר־בעט אָדער אַרײַנטרעטן אין פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, אָבער פֿאַר הענדלערס און סוחרים, ווי פֿאַר געוועזענע בורזשויען, איז עס אין רובֿ פֿאַלן ניט מעגלעך געווען.

„בורזשואַזע אָפּשטאַמונג" האָט שווער געמאַכט צו באַקומען אַרבעט אויך פֿאַר אַ גרויסן טייל פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ. דערצו האָט מען אַ ייִדן אָפֿט ניט צוגעלאָזט אויף אַרבעט אין די העכערע אַדמיניסטראַטיווע און געזעל־שאַפֿטלעכע אָרגאַנען, ווײַל ער האָט ניט געקענט געווען — אָדער אונטערן אויס־רייד, אַז ער קען ניט געווען — די אוקראַיִנישע און די ווײַסרוסישע שפּראַכן, וואָס זײַנען איצט געוואָרן אָפֿיציעל.[15]

אויפֿן געביט פֿון קולטורעלן לעבן האָבן די איבערלעבונגען פֿונעם מיזרח־פּוילישן ייִדנטום אין די ערשטע חדשים פֿון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע געטראָגן אַ מער פֿאַרשיידנאַרטיקן כאַראַקטער. דאָס עקסיסטירנדיקע ביז דע־מאָלט ייִדישע קולטור־לעבן איז צעשטערט געוואָרן (וועגן דעם ווײַטער), אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט זיך געלאָזט באַמערקן אַן אייגנאַרטיק קולטור־רעל אויפֿלעבן. דאָס איז זייער גוט באַוויזן בײַ טאַניאַ פֿוקס און איז זייער איבער־צײַגנדיק געשילדערט בײַ ב. ווײַנריבן:

> ...לכתּחילה האָט מען צוזאַמען מיט דער דאָזיקער ירידה און סטאַגנאַציע געקענט אָבסערווירן סימנים פֿון אַקטיווקייט. די דאָזיקע אַקטיווקייט איז געווען אַן אָפּקלאַנג פֿון דער אַלגעמיינער אויפֿלעבונג, וואָס איז סטימולירט געוואָרן דורך די סאָוועטן מיט זייערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, לייענזאַלן, פּראָפּאַגאַנדע־פֿאַרזאַמלונגען, מאַסמיטלען צום קאַמף קעגן אַנאַלפֿאַבעטיזם, ניי־געעפֿנטע שולן און קורסן פֿון אַלע מינים אאַז״וו... אין לעמבערג און ביאַליסטאָק האָבן יידישע אַקטיאָרן, על פּי רובֿ פּליטים פֿון מערבֿ־פּוילן, אָרגאַניזירט טרופּעס, וואָס רעגירונגס־אָרגאַנען האָבן זיי פֿאַרוואַנדלט אין מלוכה־טעאַטערס. דאָס האָט געקלונגען דערהויבן: יידישער מלוכה־טעאַטער... אַ יידישע שעה איז איינגעפֿירט געוואָרן אויף ראַדיאָ־סטאַנציעס. קינסטלערס באַקומען לאָקאַלן איינצואָרדענען אויסשטעלונגען... שרייבערס — פּוילישע, אוקראַיִנישע, יידישע — האָבן אָרגאַניזירט אַ קלוב מיט סעקציעס פֿאַר יעדער נאַציאָנאַלער גרופּע.[16]

דאָס אַלץ האָט אין אַ געוויסער מאָס ווייכער געמאַכט דאָס אַלגעמיינע בילד פֿון קולטור־פֿאַרוויסטונגען, וואָס דאָס מיזרח־פּוילישע יידנטום איז געוואָרן זייער קרבן. די שטאַרק אַנטוויקלטע סיסטעם פֿון יידישע שולן אין פּוילן — רעליגיעזע און וועלטלעכע, יידישע און העברעיִשע — איז אין גיכן צעשטערט געוואָרן, אָבער אין דער אויף דער גיך געשאַפֿענער סיסטעם פֿון סאָוועטישע שולן איז אין די ערשטע חדשים געווען ניט ווייניק אַלגעמיין־דערציִעריִשע שולן מיט דער יידישער לימודים־שפּראַך (העברעיִש איז פֿון אָנהייב אָן געווען שטרענג פֿאַרווערט). שוין פֿון די ערשטע וואָכן אָן האָט מען אָנגענומען מיטלען ניט צו דערלאָזן, זיי זאָלן זיך ברייט אַנטוויקלען. אַן אינטעליגענטער פּוילישער ייד, זייער אַ גוטער אָבסערוואַטאָר, וואָס האָט פֿאַרבראַכט זעקס חדשים אונטער דער סאָוועטישער אָקופּאַציע און האָט אַ ביסל לענגער אָבסערווירט אַן אַנאַלאָגישע (הגם ניט אין גאַנצן אידענטישע) אַנטוויקלונג אין דער סאָוועטיזירטער ליטע, האָט אין 1941 געשריבן וועגן זיינע אָבסערוואַציעס אין די אָקופּירטע געביטן פֿון פּוילן: „די לערערס איז פֿאַרווערט געוואָרן פֿאַרצולייגן די עלטערן, זיי זאָלן שיקן זייערע קינדער אין יידישע שולן. און ווען איינער אַ לערער האָט קריטיקירט די דאָזיקע פֿאַראָרדענונג אויף אַ לערער־קאָנפֿערענץ, האָט מען אים כאַראַקטעריזירט אין דער פּרעסע ווי אַ טראָצקיסט, נאַציאָנאַליסט און ’דיווערסאַנט‘, און ער האָט זיך געמוזט פֿאַרענטפֿערן פֿאַר נקוו״ד.[17] ווייַנריב ברענגט פֿאַקטן פֿון דער מינסקער און קיִעווער יידישער פּרעסע פֿון האַרבסט 1940, וואָס לויט זיי איז אויסגעקומען, אַז פֿון דער אַלגעמיינער צאָל שילערס האָבן זיך אין דער דאָזיקער צייַט געלערנט אין די יידישע שולן אין מערבֿ־ווייַסרוסלאַנד 2.7% און אין מערבֿ־אוקראַיִנע 3.9 %.[18] „דאָס באַטייַט — גיט צו דער מחבר — אַז אַרום 30% — 35% יידישע קינדער אין שולעלטער האָבן זיך געלערנט אין יידישע שולן“. די דאָזיקע צאָלן זייַנען, ווייַזט אויס, היפּש איבערגעטריבן, ווייַל אין דער דאָזיקער צייַט האָט די שול אַרומגענומען ניט אַלע קינדער אין שולעלטער בכלל.

נאָך שווערער איז געווען די לאַגע פֿון דער יידישער פּרעסע, וואָס איז פֿריִער

געווען שטאַרק אַנטוויקלט אין פּוילן. די סאָוועטישע אָקופּאַציע האָט געבראַכט דערצו, אַז אַלע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן האָבן זיך תּיכּף פאַרמאַכט. קיין יידישע פּרעסע אָבער פון סאָוועטישן טיפּ איז אויף זייער אָרט ניט געשאַפן געוואָרן. אין לעמבערג איז אַ בקשה צו דערלויבן אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג (נאַטירלעך אונטער אַ קאָמוניסטישער רעדאַקציע) אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַזאַ מאָטיווירונג: „לעמבערג מוז ווערן אַן אוקראַיִנישע שטאָט; איצט דאַרף דאָ קיין יידישע צייטונג ניט זיין, און שפּעטער וועט מען זען“.[19] דער פּאָעט דוד האָפשטיין, וואָס איז געקומען צו פאָרן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט אָפן דערקלערט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע זשורנאַליסטן אין לעמבערג, אַז „אין לעמבערג איז קיין יידישע צייטונג ניט נייטיק און אַזאַ צייטונג וועט ניט זיין“.[20] די איינציקע יידישע צייטונג אינעם געוועזענעם מיזרח־פּוילן איז געווען דער ביאַליסטאָקער שטערן.[21] אָבער זיין אויפקום האָט ער צו פאַרדאַנקען דער פּערזענלעכער איניציאַטיוו פון אַ געקומענעם קאָמוניסט אַ בעל־השפּעה, ב. שולמאַן, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט די אָרטיקע מאַכט פאַר אַ געשעענעם פאַקט. די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע געשיכטע ווערט דערציילט אינעם בוך פון הערשל ווייַנרויך, שולמאַנס נאָענטסטן געהילף אינעם ביאַליסטאָקער שטערן. שולמאַנען האָט מען געשיקט קיין ביאַליסטאָק אַנצופירן מיט דער סאָוועטישער באַנק. ער האָט זיך תּיכּף פאַרבונדן מיט פּסח קאַפּלאַנען, דעם רעדאַקטאָר פון דער פאַרמאַכטער יידישער צייטונג דאָס נייַע לעבן, און מיט זיינע מיטאַרבעטערס, וואָס האָבן שטאַרק געוואָלט אַוועקשטעלן אַ נייַע צייטונג. מיט זייער הילף האָט ער אַרויסגעגעבן די דריי ערשטע נומערן פונעם ביאַליסטאָקער שטערן און ערשט דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו דער אָרטיקער מאַכט, ווו ער האָט זיך דערשלאָגן, מע זאָל גוטהייסן זיין איניציאַטיוו און באַשטימען אים פאַר הויפּט־רעדאַקטאָר (דעמאָלט האָט מען אויך פאַרבעטן פון מינסק ווייַנרויכן צו הילף שולמאַנען). אָבער אויף דער עצם עקסיסטענץ פון דער יידישער צייטונג האָט די מאַכט געקוקט עפּעס קרומלעך. איר טיראַזש איז באַגרענעצט געוואָרן מיט 5.000, וואָס דאָס האָט ווייט ניט געדעקט דעם נאָכפרעג אויף דער צייטונג, און אין די אָנפירנדיקע קאָמוניסטישע קרייזן האָט מען אַפילו באַהאַנדלט די פראַגע פון פאַרוואַנדלען די צייטונג אין אַ וואָכנשריפט און מיט דער צייט זי אין גאַנצן פאַרמאַכן.[22]

עס פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין, אַז דאָס ביסל, וואָס איז פאַרבליבן פונעם יידישן פּרעסע־ און ליטעראַטור־לעבן, איז פּונקט ווי דאָס שולוועזן תּיכּף אויסגעגליכן געוואָרן לויטן סאָוועטישן מוסטער. דאָס איז געווען אַן אַלגעמיינע, ניט קיין ספּעציפישע יידישע צרה. אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער צרה איז שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן אויך דאָס רעליגיעזע לעבן פונעם יידנטום. מע מוז אָבער מאַכן די באַוואָרעניש, אַז אין פאַרגלייַך מיטן אַלגעמיין־קולטורעלן לעבן האָט מען די באַגרענעצונגען פונעם רעליגיעזן לעבן, ווי שווער זיי זאָלן ניט האָבן געווען, געשפּירט ניט אַזוי שאַרף. אויפן געביט פונעם וועלטלעכן קולטור־לעבן — אין דער פּרעסע, אינעם שולוועזן — האָט די נייַע מאַכט געשטרעבט צו דערגרייכן — און מיט גרויס הצלחה — אַ פולן קאָנפאָרמיזם.

אויפֿן געביט פֿון רעליגיעזן לעבן איז די לאַגע געווען אַ פּשוטערע. דאָס רעלי־גיעזע לעבן איז געוואָרן ביז גאָר באַגרענעצט. מיטן אָפּשאַפֿן פֿון דער יידישער קהילה ווי אַן עפֿנטלעך־רעכטלעכע אינסטיטוציע האָבן די בתי־תּפֿילה פֿאַרלאָרן זייער מאַטעריעלן יסוד. אַוודאי האָט מען אויך אין דער יידישער סבֿיבֿה ווײַ־טאָגדיק געשפּירט די עקשנותדיקע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. אָבער בײַ דער פֿולער פֿאַרניינונג פֿון דער רעליגיע דורך די קאָמוניסטן האָט די קאָמור־ניסטישע מאַכט זיך ניט געשטעלט די אויפֿגאַבע אונטערצוּוואַרפֿן די יידישע רעליגיע דעם פּרינציפּ פֿון קאָנפֿאָרמיזם, און אין געוויסע שמאָלע ראַמען האָט מען זי דעריבער געלאָזט צו רו.

ניט בעסער האָט אין די באַדינגונגען פֿון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע אויס־געזען דאָס געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע לעבן פֿונעם מיזרח־פּוילישן יידנטום. וועגן דעם, אַז די קהילות האָבן פֿאַרלאָרן זייער כאַראַקטער פֿון עפֿנטלעך־רעכטלעכע אָרגאַנען, איז באַוווּסט. אַ געוויסע צײַט האָבן נאָך די פֿאַרבליבענע יידישע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס ווײַטער עקסיסטירט אויפֿן יסוד פֿון פּרײַוויליקייט. דער פּראָצעס אָבער פֿון זייער גסיסה איז געגאַנגען זייער גיך. נאָכן אָפּשאַפֿן די יידישע קהילות האָט מען פֿונאַנדערגעלאָזט אַלע יידישע גע־זעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס: קאָאָפּעראַטיווע בענק, גמילות־חסדים־חבֿרות, ספּאָרט־, יוגנט־ און קולטור־געזעלשאַפֿטן, „אָרט״, „דזשאָינט״ אאַז״וו. מע האָט פֿולשטענדיק פֿאַרווערט סײַ יידישע, סײַ ניט־יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען. אַפֿילו די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וואָס מע האָט אין 1938 פֿונאַנדערגעלאָזט, האָט מען ניט תּיכּף צוריק אויפֿגעשטעלט. זייער שנעל האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן פֿון אָנגעזעענע טוערס פֿון די דאָזיקע פּאַרטייען. אין דער יידישער סבֿיבֿה האָבן זיך די אַרעסטן אָנגעהויבן פֿון די טוערס פֿון „בונד״, נאָך זיי האָט מען זיך אין גיכן גענומען צו ציוניסטן פֿון אַלע ריכטונגען. די אַרעסטירטע פֿלעגט מען בדרך כּלל אָפּשיקן אין תּפֿיסות און אין לאַגערן.

אויך די דאָזיקע מאָסמיטלען זײַנען געווען אין די גרענעצן פֿון דער אַלגע־מיינער סאָוועטישער פּאָליטיק און האָבן כּמעט ניט געטראָגן קיין ספּעציעל אַנטי־יידישן כאַראַקטער. אַ דיסקרימינאַציע לגבי יידן האָט זיך אָנגעהויבן אויף אַן אַנדער געביט: בײַם פֿאָרמירן קאַדערס פֿון דער אַדמיניסטראַציע און בײַם צוקלײַבן מענטשן, וואָס האָבן געדאַרפֿט געווײלט ווערן אין די רעפּרעזענטאַ־טיווע אָרגאַנען (סאָוועטן), אָרטיקע און צענטראַלע.

די זייער שווערע לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפֿן פֿאַר יידן, איז בולט כאַראַק־טעריזירט געוואָרן אינעם קאָמוניקאַט פֿון דער יידישער טעלעגראַפֿן־אַגענטור פֿון פּאַריז פֿונעם 23סטן פֿעברואַר 1940, וואָס האָט געבראַכט דעם אינהאַלט פֿון אַ רעפֿעראַט פֿון אַ „פֿאַראַנטוואָרטלעכן אויספֿאָרשער, וואָס איז אָקערשט גע־קומען קיין פּאַריז פֿון דעם סאָוועטישן פּוילן״:

> אינעם טייל פּוילן, וואָס איז אָקופּירט דורכן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, איז צווישן די פּערזאָנען, וואָס פֿאַרנעמען אָנגעזעענע פּאָסטנס, ניטאָ קיין איין ייד. אין מיזרח־גאַליציע איז דאָ אַ קליינע צאָל יידן אין דער מיליץ, אינעם שול־פּערסאָנאַל און צווישן די אינזשינערן, וואָס געפֿינען זיך

אויף מלוכה־דינסט. די העכערע לערן־אנשטאלטן, וואס זיינען פריער געווען פארמאכט פאר יידן, זיינען איצט אפן פאר זיי, אבער קיין שום ייד — אפילו קיינער פון די יידישע קאמוניסטן — האט ניט קיין פאליטישע השפעה, און ס'איז ניטא קיין איין פאראנטווארטלעכע שטעלע, וואס זאל איבערגעגעבן ווערן א יידן. אלע אזעלכע שטעלעס זיינען פארנומען דורך רוסן, וואס זיינען געשיקט געווארן פון סאוועטן־פארבאנד אדער דורך ארטיקע אוקראינער.

ווי א בולטע אילוסטראציע דערפון קען דינען אזא פאקט: צווישן די 1,700 [פאקטיש 1,495] דעפוטאטן פון דער סאוועטישער נאציאנאל־פארזאמלונג [ד"ה פון דער פאלקס־פארזאמלונג פון מערב־אוקראינע], וואס האט געדארפט פראקלאמירן גאליציע פאר א טייל פון סאוועטן־פארבאנד, איז געווען ניט מער ווי צוואנציק יידן, ניט געקוקט אויפן הויכן פראצענט יידן אינעם באשטאנד פון דער באפעלקערונג. עס איז באקאנט, אז בשעת יידישע ארבעטערס פלעגן ארויסרוקן יידישע קאמוניסטן ווי קאנדידאטן צו די וואלן, פלעגט זיך די סאוועטישע מאכט ארייננמישן און פארלייגן אראפצונעמען קאנדידאטן־יידן און צו פארבייטן זיי דורך אוקראינער. אין לעמבערג, ווו יידן באטרעפן 30% פון דער באפעלקערונג, זיינען נאר צוויי יידן אויסגעקליבן געווארן אינעם ארטיקן סאוועט, וואס ציילט 160 מיטגלידער.[23]

די דאזיקע טענדענץ צו באזײטיקן יידן פון די רעפרעזענטאטיווע ארגאנען האט זיך א סך שוואכער מאניפעסטירט בעת די גלייכצייטיק פארגעקומענע וואלן צו דער פאלקס־פארזאמלונג פון מערב־ווייסרוסלאנד, ווו צווישן 926 דעפוטאטן זיינען געווען 72 יידן, ד"ה 7.7%,[24] ביי דער שארף אויסגעדריקטער שטרעבונג פון דער סאוועטישער מאכט אין די ניי־אנגעשלאסענע געביטן זיך צוצופאסן צו די שטימונגען פון די ארטיקע נאציאנאליסטן — אוקראינער אין מערב־אוקראינע, ווייסרוסן אין מערב־ווייסרוסלאנד — קען מען אפשר דערקלערן דעם אונטערשייד אין דעם פראצענט יידן אין די פאלקס־פארזאמלונגען פון לעמבערג און ביאליסטאק מיט א קלענערער שפאנונג פון נאציאנאליסטישע שטימונגען צווישן די ווייסרוסן אין פארגלייך מיט די אוקראינער. עס איז אויך מעגלעך, אז איינע פון די סיבות אויסצוקלייבן א רעלאטיוו גרעסערע צאל יידן אין דער פאלקס־פארזאמלונג פון מערב־ווייסרוסלאנד איז געווען די שוועריקייט צו געפינען צווישן דער ווייסרוסישער באפעלקערונג א גענוגנדיקע צאל מענטשן, וואס זאלן טויגן פאר אט דער ראלע. ווען אין מארץ 1940 זיינען פארגעקומען וואלן אינעם העכסטן סאוועט אין פסס"ר פון מערב־אוקראינע און מערב־ווייסרוסלאנד, איז צווישן די אויסגעקליבענע 53 דעפוטאטן שוין ניט געווען קיין איין ייד ניט פון מערב־אוקראינע, ניט פון מערב־ווייסרוסלאנד.[25]

דאס אלץ איז נאך בעצם ניט ארויסגעגאנגען פונעם גדר פון דער טאג־טעגלעכער ווירקלעכקייט, וואס צו איר האט זיך דאס סאוועטישע יידנטום שוין לאנג באוויזן צוצוגעוווינען. פאר די נייע סאוועטישע בירגערס איז שווער געווען די פלוצעמדיקייט פון אט דעם איבערגאנג. א סך פון זיי האבן שארף איבערגעלעבט די צעשטערונג פון די אילוזיעס. דאס אלץ האט אבער נאך ניט באטייט יענע געוואלדיקע קאטאסטראפע, וואס זאל באצייכענען דעם נאמען חורבן. די

ערשטע אָנזאָגערס פון דער אָנקומענדיקער קאַטאַסטראָפע זײַנען געווען די מאַסן פליטים, וואָס האָבן אין די צענדליגער טויזנטער זיך אַ וואָרף געטאָן פון מערבֿ־פּוילן אויף מיזרח.

## די לאַגע פון די פליטים אין מערבֿ־פּוילן

א. שוועריקייטן אויף דער גרענעץ. דער מאַסן־געלאָף פון יידן פון מערבֿ־פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן באַלד אין די ערשטע מלחמה־טעג, אָבער צוליב דעם שנעלן פאָרויסמאַרש פון די דײַטשע חיילות אויף מיזרח זײַנען אַ סך פון די אַנטלאָפענע אין עטלעכע טעג אַרום ווידער אַרײַנגעפאַלן אונטער דער מאַכט פון די דײַטשן. ווען דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז דעם 17טן סעפּטעמבער 1939 אַרײַנגעטראָטן אין דער מלחמה און זײַנע אַרמייען האָבן במשך פון עטלעכע טעג פאַרנומען די מיזרח־געביטן פון פּוילן, האָט זיך שוין אויף דער דאָזיקער טעריטאָריע געפונען זייער אַ גרויסע צאָל יידישע פליטים פון די פּוילישע געביטן, וואָס זײַנען פאַרנומען געוואָרן פון די דײַטשן, אָבער סײַ דאָס אַנטלויפן, סײַ פּרוּוון צו אַנטלויפן פון די מערבֿ־פּוילישע געביטן זײַנען אָנגעגאַנגען ווײַטער, און אין גיכן — נאָך דעם, ווי ס׳האָט זיך פאַקטיש אָפּגעשטעלט די מלחמה מיט פּוילן — האָט זיך אָנגעהויבן אויך אַן אַנטקעגנדיקער שטראָם פון פליטים, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון הינטער דער דעמאַרקאַציע־ליניע צוריק אין די געביטן אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע. דער שטראָם פון אַנטלויפנדיקע איז געווען אַ סך גרעסער פונעם שטראָם פון צוריקגייענדיקע, אָבער אויך די צוריקגייענדיקע זײַנען געווען אין אַ היפּשער צאָל, בפרט צווישן יענע, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייערע משפחות, וועלכע זײַנען פאַרבליבן אויף דער דײַטשער זײַט.

סײַ די פליטים, סײַ די צוריקגייערס האָבן זיך געפונען אין אַ טראַגישער לאַגע און אָפט מאָל ניט אויף דער דײַטשער זײַט. די דײַטשן האָבן אָנגענומען האַרבע מיטלען מאַסנווײַז אַרויסצוטרײַבן פּוילישע יידן אויף יענער זײַט דע־מאַרקאַציע־ליניע, ד״ה אויף דער סאָוועטישער זײַט. די אָנפירונג פון דער היט־לערישער פּאָליטיק האָט זיך דעמאָלט נאָך ניט אַנטשלאָסן פולשטענדיק אומ־צוברענגען די יידן. די דײַטשע מאַכט האָט באַטראַכט דאָס מאַסן־אַריבערוואַרפן יידן אויף דער טעריטאָריע, וואָס איז געווען פאַרנומען פון דער סאָוועטישער אַרמיי, און אויסהרגענען אויפן וועג אַ גרויסן טייל פון זיי, ווי אַ וויכטיקן עלעמענט פון זייער פּאָליטיק צו רעגולירן און צו פאַרענטפערן די יידן־פראַגע. אָבער אויך אויף דער סאָוועטישער זײַט האָבן פליטים און די פאַרטריבענע אָנגעהויבן אין גיכן צו פילן, אַז מע וויל זיי אויך דאָ ניט האָבן. אין אַ סך פאַלן האָט מען זיי געצוווּנגען זיך אומצוקערן צוריק.

קיין פולע קלאָרקייט אין דער פראַגע פון צולאָזן פליטים אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע האָט ניט עקסיסטירט, פּונקט ווי ס׳האָט אויך ניט עקסיס־טירט קיין קלאָרקייט אין דער פראַגע פון צולאָזן צוריקגייערס אויף דער דײַטשער זײַט. וועגן דער פאָרמעלער זײַט פון דער פראַגע זײַנען אויך בײַם

הײַנטיקן טאָג פֿאַראַן נאָר פֿראַגמענטאַרישע ידיעות. עס איז באַוווּסט, אַז דעם 20סטן סעפּטעמבער 1939 האָט די הויפּט־קאָמאַנדע פֿון די דײַטשע באַוואָפֿנטע כּוחות אַרויסגעגעבן אַ פֿאַראָרדענונג ניט צוצולאָזן קיין צוריקגייערס. דאָס האָט אָבער אַרויסגערופֿן דערווידערונגען מצד די סאָוועטן. און נאָך אין יאַנואַר 1940 האָט דער פֿאַרטרעטער פֿונעם פֿאָלקס־קאָמיסאַר פֿאַר אויסלענדישע ענינים פּאָטיאָמקין גערעדט וועגן דעם מיטן דײַטשן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע שולענבערג.[26] עס איז אויך באַוווּסט, אַז דער קאָמאַנדיר פֿון דער דײַטשער הויפּט־קאָמאַנדע קײַטעל האָט דעם 5טן דעצעמבער 1939 טעלעפֿאָנירט דעם מלוכה־סעקרעטאַר אינעם דײַטשן אויסערן־מיניסטעריום ווייצזעקערן און באַשטאַנען אויף דער נויטווענדיקייט צו באַזײַטיקן די שווועריקייטן, וואָס קומען אויף בשײַכות מיט דעם.

אין די ערשטע וואָכן נאָכן 17טן סעפּטעמבער האָט דאָס סאָוועטישע מיליטער בדרך כּלל ניט געשטערט די פּליטים אַריבערצוגיין אויף דער סאָוועטישער זײַט. אָבער גאָר אין גיכן האָט זיך די לאַגע שאַרף געביטן. גראָדנער, וואָס האָט דורכגעלעבט די דאָזיקע געשעענישן אין ביאַליסטאָק, דערציילט, אַז אַרום דעם 15טן אָקטאָבער איז די גרענעץ פּלוצעם פֿאַרמאַכט געוואָרן:

> אין די שטעטלעך און דערפֿער בשכנות מיט דער גרענעץ האָט מען אָפֿט דורכגעפֿירט אָבלאַוועס אויף מענטשן, וואָס האָבן באַוויזן זיך אַריבערצוקלײַבן אויף דער סאָוועטישער זײַט. די געכאַפּטע פּלעגט מען אָפּשיקן צוריק אינעם נאַצישן פּוילן. די סאָוועטישע שמירה האָט געשאָסן אויף די, וואָס האָבן געפּרוּווט אַריבערצוגיין די גרענעץ. די דײַטשע שמירה ווידער פּלעגט שיסן אויף די, וואָס האָבן זיך געפּרוּווט אומצוקערן. די אומגליקלעכע פּליטים, וואָס זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן צווישן די צוויי פֿײַערן, איז ניט פֿאַרבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי צו פֿאַרבלײַבן אין קיינעמסלאַנד לענג־אויס דער גרענעץ. דערווײַל איז געוואָרן זייער קאַלט. פֿיל מענטשן פּלעגן פּשוט אומקומען פֿון קעלט. נאָר נאָכן איבערקומען גרויסע שוועריקייטן פּלעגן ייִדן, וואָס האָבן געלעבט בײַ דער גרענעץ, באַקומען פֿון דער סאָוועטישער מאַכט אַ דערלויבעניש צו באַגראָבן טויטע און דערהרגעטע. איך בין אַליין בײַגעווען בײַ דער לוויה פֿון אַ זיבעציק־יאָריקן זקן, אַ יונגער מוטער און איר דרײַ־חדשימדיק קינד, וואָס זײַנען געשטאָרבן פֿון אויסשעפּונג.
>
> טויזנטער האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אויף קיינעמסלאַנד. די דײַטשע שמירה האָט זיך „פֿאַרווײַלט" דורך איזדיעקעווען זיך איבער זיי, און זייערע געשרייען האָט מען געהערט אויף ביידע זײַטן גרענעץ... פֿון דער צווייטער זײַט זײַנען געשטאַנען אויך וואַך סאָוועטישע זעלנערס, כמורנע, שווײַגנדיקע, האַלטנדיק גרייט דאָס געווער...[27]

לויט אַנדערע ידיעות איז די גרענעץ פֿאַרמאַכט געוואָרן אַ ביסל שפּעטער, אָבער אַלע ידיעות גייען זיך צונויף, אַז דאָס איז געשען נאָך אין אָקטאָבער. נאָך דעם פּלעגט מען, ווי זיך אויס, אין אייניקע ערטער אומגעריכט אַרײַנלאָזן גרופּעס פּליטים, אָבער די גרענעץ פּלעגט באַלד ווידער הערמעטיש פֿאַרמאַכט ווערן. די פּליטים, וואָס עס האָט זיך זיי פֿאַרט אײַנגעגעבן אומלעגאַל זיך אַרי־

בערצוקלײַבן אויף דער סאָוועטישער זײַט, פֿלעגט מען ענערגיש זוכן און טײלווײַז זײ אַרויסשיקן צוריק אויף דער דײַטשער זײַט, טײלווײַז פֿאַרשיקן אין תּפֿיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. כּדי צו באַרעכטיקן די דאָזיקע פּאָליטיק, האָט מען סוף יאָר אָנגעהויבן אַ ברייטע קאַמפּאַניע פֿון קאַמף מיט שפּיאָנאַזש און מע האָט אַרויסגעגעבן ספּעציעלע פֿאַראָרדענונגען צו פֿאַרפֿאָלגן פֿאַר אומלעגאַלע אַריבערגײן די גרענעץ און וועגן דעם חובֿ פֿון דער באַפֿעלקערונג אויף אַלע אופֿנים מיטצוהעלפֿן די מאַכט־אָרגאַנען אינעם קאַמף קעגן אומלעגאַלע אַריבערגײן די גרענעץ.[28]

גלײַכצײַטיק איז אויך מצד די דײַטשן אַלץ גרעסער געוואָרן דער דרוק, און די פּרוּוון געצוווּנגענערהייט אַריבערצוואַרפֿן ייִדן אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע האָבן אָנגענומען אַלץ מער אַן אַכזריותדיקן כאַראַקטער.

אָבער אויך אויף דער סאָוועטישער זײַט טאַקע איז אַלץ אומברחמנותדיקער געוואָרן דער ווידערשטאַנד קעגן אויפֿנעמען די אַרויסגעשיקטע. אָט איז אַ בײַ־שפּיל פֿון איין דײַטשער „אַקציע", וואָס איז כאַראַקטעריסטיש סײַ פֿאַר דער דײַטשער, סײַ פֿאַר דער סאָוועטישער מאַכט. דאָס איז דער ברייט באַקאַנט־געוואָרענער פּרוּוו פֿון די דײַטשן, אָנהייב דעצעמבער 1939, אַריבערצוואַרפֿן גרויסע גרופּעס ייִדן פֿון כעלם און הרובישאָוו אויף דער סאָוועטישער טערי־טאָריע. די ערשטע ידיעות וועגן אָט דער דראַמאַטישער „יציאה" זײַנען אָנגע־קומען צו דער מערבֿ־אייראָפּעיִשער פּרעסע אָנהייב יאַנואַר, אָבער ערשט פֿון דער פּרטימדיקער מעלדונג פֿונעם 21סטן יאַנואַר 1940 פֿון זשענעווע, וואָס איז דעמאָלט געוואָרן דער צענטער פֿון דער פֿאַרלאָזלעכער אינפֿאָרמאַציע וועגן די ייִדישע צרות אין מיזרח־אייראָפּע, האָט מען זיך דערוווּסט די פּרטים פֿון דער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף די ברעגעס פֿונעם בוג. די ערשטע גרופּע פֿון כעלם איז אַרויס אין וועג דעם 1טן דעצעמבער אין דער פֿרי. שוין עטלעכע קילאָמעטער פֿון כעלם האָט די שמירה אָפּגעטיילט 20 מאַן, אָפּגעפֿירט זיי אַן אַ זײַט און תּיכּף אויפֿן אָרט זיי דערשאָסן; דערנאָך האָט מען אין וועג דערהרגעט אַלע אָפּגעשטאַנענע אָדער אַזוינע, וואָס האָבן געפּרוּווט נעמען אַ טרונק וואַסער אין אַ ריטשקע בײַם וועג. פֿון 2,000, וואָס זײַנען אַרויס פֿון כעלם, זײַנען ביז הרובישאָוו דערגאַנגען אויף מאָרגן נאָר 1,100. דאָ האָט מען נאָך צו זיי צוגעגעבן אַ גרופּע פֿון 850 הרובישאָווער ייִדן. הגם ביזן בוג איז פֿאַרבליבן נאָר עטלעכע קילאָמעטער, האָט מען זיי געפֿירט דורך אַן אומוועג מיט אַ בולטער כּוונה צו דערפֿירן זיי צו אַ פֿולשטענדיקער אויסמאַטערונג. צום בוג זײַנען דעם 4טן דעצעמבער דערגאַנגען בלויז אַרום 750 מאַן, צעטיילטע אויף צוויי גרופּעס: איינע פֿון זיי איז אַרויס צום בוג בײַ סאָקאָל, די צווייטע בײַ בעלז. אָט איז דער ווײַטערדיקער טייל פֿונעם באַריכט, ווי אַזוי די סאָווע־טישע מאַכט האָט אויפֿגענומען די אַרויסגעשיקטע ייִדן:

...ביידע גרופּעס זײַנען דערגאַנגען ביז סאָקאָל און בעלז דעם 4טן דעצעמבער. בײַ דעם סאָקאָלער בריק האָט מען זיי געמאָלדן, אַז ווער עס וועט במשך פֿון 20 מינוט ניט אַריבערגיין אויף יענער זײַט — צי איבערן בריק, צי שווימענדיקערהייט — וועט דערשאָסן ווערן. די, וואָס

> זײַנען אַריבער אויף דער סאָוועטישער זײַט, האָבן געמוזט וואַרטן דרײַ שעה, און דעמאָלט האָט מען זיי געמאָלדן, אַז לויטן באַשלוס פֿון דער סאָוועטישער מאַכט מוזן זיי זיך אומקערן צוריק אויף דער דײַטשער זײַט. ניט געקוקט אויף זייער פֿאַרצווייפֿלטן ווידערשטאַנד, האָט זיי די סאָוועטישע שמירה אַריבערגעפֿירט איבער דער גרענעץ און איבערגעגעבן די דײַטשן. 7 אַ זייגער אין אָוונט האָבן די נאַציס געמאָלדן, אַז ווער פֿון זיי עס וועט ניט באַווײַזן זיך אַריבערצוקלײַבן איבערן טײַך אויף דער אייגענער אחריות ביז צומאָרגנס 6 אַ זייגער פֿאַרטאָג, וועט דערשאָסן ווערן. אייניקע זײַנען איבערגעשווומען דעם טײַך און האָבן באַוויזן אַרײַנדרינגען אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע אומבאַמערקטערהייט; די איבעריקע זײַנען אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט, אָבער מע האָט זיי שוין ניט געשיקט צוריק; עטלעכע מענטשן האָבן געפֿונען אַ מקום־מקלט אין די שכנישע דערפֿער אויף דער דײַטשער זײַט. אין בעלז זײַנען 400 מאַן אַריבער אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, הגם מע האָט זיי לכתחילה ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן...[29]

די דײַטשע מאַכט האָט געפּרוּווט אַריבערוואַרפֿן אַ טייל פּוילישע ייִדן אויף דער סאָוועטישער זײַט אויך אויף אַ ווייניקער אַכזריותדיקן אופֿן. זי האָט געפּרוּווט אויסנוצן די פֿאַרשטענדיקונג וועגן באַפֿעלקערונגס־אויסטויש צווישן די טיילן פֿון פּוילן, וואָס זײַנען אַריבערגעגאַנגען אין דער „ספֿערע פֿון מלוכה־אינטערעסן" פֿון דײַטשלאַנד און פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דער דאָזיקער אויסטויש איז אָנגעמערקט געוואָרן נאָך אינעם געהיימען פּראָטאָקאָל פֿונעם 28סטן סעפּטעמבער, וואָס איז געווען בײַגעלייגט צו דעם סאָוועטיש־דײַטשן אָפּמאַך וועגן „פֿרײַנדשאַפֿט און גרענעץ" פֿון דער זעלבער דאַטע.[30] דער דאָזיקער פּראָטאָקאָל האָט פֿאָרויסגעזען, אַז דער סאָוועטן־פֿאַרבאַנד וועט זיך ניט קעגנשטעלן, אַז פּערזאָנען פֿון דײַטשן אָפּשטאַם, וואָס לעבן אויף דער טעריטאָריע פֿונעם געוועזענעם מיזרח־פּוילן, זאָלן אַריבערפֿאָרן קיין דײַטשלאַנד אָדער אויף דער געוועזענער פּוילישער טעריטאָריע, וואָס איז אַריבער אונטער דער דײַטשער יוריסדיקציע, און אַז אויך די דײַטשע רעגירונג נעמט אויף זיך די זעלבע התחייבֿות בנוגע דער אוקראַיִנער און דער ווײַסרוסישער באַפֿעלקערונג, וואָס געפֿינט זיך אויף דער טעריטאָריע פֿון מערבֿ־פּוילן.

כּדי אויסצופֿירן דעם דאָזיקן פּראָטאָקאָל איז דעם 16טן נאָוועמבער 1939 געשלאָסן געוואָרן צווישן דער סאָוועטישער און דער דײַטשער רעגירונג אַ פֿאַרשטענדיקונג „וועגן דער עוואַקואַציע פֿון פּערזאָנען פֿון דער דײַטשער נאַציאָנאַליטעט פֿון דער טעריטאָריע פֿון מערבֿ־אוקראַיִנע און מערבֿ־ווײַסרוסלאַנד און פֿון פּערזאָנען פֿון אוקראַיִנישער, ווײַסרוסישער און רוסישער נאַציאָנאַליטעטן פֿון דער טעריטאָריע פֿון געוועזענעם פּוילן, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין דער ספֿערע פֿון מלוכה־אינטערעסן פֿון דײַטשלאַנד".[31] די דײַטשע מאַכט־אָרגאַנען האָבן געפּרוּווט אויסנוצן די דאָזיקע פֿאַרשטענדיקונג, זיי האָבן רעגיסטרירט ייִדן ווי „אוקראַיִנער פֿון ייִדישן גלויבן" און „ווײַסרוסן פֿון ייִדישן גלויבן", כּדי אָפּצושיקן זיי אויף דער סאָוועטישער זײַט. אין אַ ריי שטעט (ראָדעם, פּעטריקאָוו,

טשענסטאָכאָוו א״אַ) האָבן די דײַטשן אַפילו מחייב געווען די ייִדישע קהילות צוצושטעלן צו אַזאַ רעגיסטראַציע אַ באַשטימטע צאָל זייערע מיטגלידער.[32] ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז די דײַטשע מאַכט האָט צוליב דעם באַפרײַט די, וואָס האָבן זיך רעגיסטריט פֿון אַ ריי פּײַנלעכע באַגרענעצונגען, וואָס זײַנען אײַנגעשטעלט געוואָרן פֿאַר ייִדן אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן.[33] קיינער פֿון די פֿאַררעגיסטרירטע ייִדן איז אָבער ניט דערלאָזט געוואָרן אויף דער סאָוועטישער זײַט. מסתּמא צוליב דעם, וואָס די סאָוועטישע פֿאָרשטייערס אין די קאָמיסיעס אויסצוקלײַבן די קאַנדידאַטן אויף עוואַקואַציע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען זיי פֿאַר אוקראַיִנער און ווײַסרוסן.[34]

ב. דעפּאָרטאַציעס. וויפֿל ייִדישע פּליטים האָבן באַוויזן אין די ערשטע מלחמה־חדשים זיך אַריבערצוכאַפּן פֿון מערבֿ־ קיין מיזרח־פּוילן, איז קיין מאָל אַפילו ניט פֿעסטגעשטעלט געוואָרן. די דירעקטע אָבסערוואַטאָרן און באַטייליקטע אין אַזעלכע מאַסן־טראַגעדיעס זײַנען אומפֿאַרמײַדלעך נוטה אָנצוגעבן איבערגעטריבענע צאָלן. אַפילו אַזאַ אינטעליגענטער מחבר ווי גראָדנער, וואָס איז אַליין געווען צווישן די פּליטים, גיט אָן כּמעט אַן אומגלייבלעכע צאָל ווי 500,000.[35] ווײַנריב גיט אָן אויפֿן סמך פֿון קאָנפֿראָנטירן אַ גרויסע צאָל גבֿיות־עדות אַן ערך 300,000.[36] מסתּמא איז די דאָזיקע צאָל נאָענט צו דער ווירקלעכקייט. די גרעסטע מערהייט פֿון די דאָזיקע פּליטים (גראָדנער רעכנט, אַז אַרום 60%) זײַנען געקומען אויף דער טעריטאָריע פֿון מיזרח־פּוילן נאָך פֿאַר דער סאָוועטישער אָקופּאַציע. אַ גרויסע צאָל איז געקומען אין די ערשטע וואָכן פֿון דער אָקופּאַציע, כּל־זמן די גרענעץ איז נאָך געבליבן אָפֿן. אָבער אויך די צאָל פֿון די, וואָס זײַנען איבערגעגאַנגען די גרענעץ שפּעטער (אין די אויבן דערמאָנטע באַדינגונגען אָדער אומלעגאַל), האָט מסתּמא דערגרייכט צענדלינגער טויזנטער.

די לאַגע פֿון אָט די פּליטים — סײַ פֿון די, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין שוועריקייטן בײַם אַריבערגיין קיין מיזרח־פּוילן, סײַ על אַחת כּמה וכמה פֿון די, וואָס האָבן בײַם אַריבערגיין געמוזט בײַקומען שווערע מניעות — איז געווען אויסערגעוויינלעך טראַגיש. מיר האָבן שוין געזען, אַז אויך די אָרטיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון די מיזרח־פּוילישע געביטן האָט זיך אין די באַדינגונגען פֿון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע געפֿונען אין זייער אַ שווערן מצבֿ. דאָס האָט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, זיי זאָלן קענען אָרגאַניזירן הילף פֿאַר די פּליטים. איבעריקנס האָט די סאָוועטישע מאַכט זייער קרום געקוקט אויף די ערשטע פּרוּוון פֿון אַזאַ אָרגאַניזאַציע און האָט זיי אין גיכן אין גאַנצן ליקווידירט. אַליין האָט זי אָבער אָרגאַניזירט אַזאַ הילף נאָר אין אַ קליינער צאָל שטעט און אין ביז גאָר שמאָלע ראַמען.

זייער שווער איז אויך געווען דער מאָראַלישער מצבֿ פֿון די פּליטים. די סאָוועטישע אָרגאַנען האָבן געפֿאָדערט, זיי זאָלן זיך רעגיסטרירן ווי סאָוועטישע בירגערס. דאָס האָט אַרויסגערופֿן בײַ די פּליטים אַ שרעק־געפֿיל פֿאַר זייער צוקונפֿט. כּמעט קיינער פֿון זיי האָט אַפילו ניט דערלאָזט דעם געדאַנק, אַז זייער

פֿריִערדיקער לעבנס־שטייגער איז ענדגילטיק חרובֿ געוואָרן. די מלחמה, האָט זיך געדאַכט, וועט זיך אין אַ יאָר אָדער צוויי אַרום ענדיקן און מע וועט קענען זיך אומקערן אין די היימישע ערטער, ווו בײַ אַ סך פֿון זיי איז פֿאַרבליבן די משפּחה, אָדער עמיגרירן קיין אויסלאַנד — קיין אַמעריקע אָדער ארץ־ישׂראל. אָנגענומען סאָוועטישע בירגערשאַפֿט האָט געמיינט אַ סוף צו אָט די האָפֿענונגען. דער אָפּזאָג אָבער פֿון די פּליטים זיך צו רעגיסטרירן פֿאַר סאָוועטישע בירגערס האָט אַרויסגערופֿן רעפּרעסיעס מצד די אָרטיקע סאָוועטישע אָרגאַנען, וואָס האָבן במילא זיך באַצויגן צו די פּליטים מיט גרויס אומצוטרוי און האָבן זיי זייער גיך אָנגעהויבן חושד צו זײַן אין שפּיאָנאַזש פֿאַר פּרוּוון זיך פֿאַרבינדן מיט קרובֿים, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן אויף יענער זײַט גרענעץ. זייער גיך האָבן זיך אויך אָנגעהויבן אַרעסטן צווישן די פּליטים, ווען מע האָט פֿאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

אין די ערשטע חדשים האָבן די סאָוועטישע אָרגאַנען געפּרוּווט אַריבער־צוּוואַרפֿן אַ טייל ייִדישע פּליטים טיפֿער אין סאָוועטן־פּאַרבאַנד אויך אויף אַן אַנדער אופֿן. מען האָט רעגיסטרירט ייִדן, וואָס זײַנען גרייט געווען צו פֿאָרן קיין רוסלאַנד אויף אַרבעט. די דאָזיקע רעגיסטראַציע האָט געהאַט אַ געוויסן דערפֿאָלג. די פֿאַרשריבענע אויף אַרבעט פֿלעגט מען אָפּשיקן פּאַרטיעסווײַז, דער עיקר קיין דאָנבאַס (אוקראַיִנע). אויף די ערטער אָבער פֿלעגן זיי אָנטרעפֿן זייער שווערע באַדינגונגען און פֿלעגן אין גיכן אָנהייבן פֿאָדערן, מע זאָל זיי צוריק אָפּשיקן קיין מיזרח־פּוילן אָדער פלעגן זיך אַהין אומקערן מיט אייגענע מיטלען. אין גיכן האָט אויך די סאָוועטישע מאַכט פֿאַרלאָרן דעם אינטערעס צו ווערבירן פּליטים אויף אַרבעט מחמת דעם דורכפֿאַל פֿון די ערשטע פּרוּוון און אפֿשר צוליב אַנדערע סיבות. די סאָוועטישע מאַכט האָט זיך איצט גענומען צו ליקווידירן די פּליטים־פּראָבלעם. מע האָט אָנגעהויבן צו דעפּאָרטירן די פּליטים קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אין לאַגערן אָדער מע האָט זיי פֿאַרשיקט אין די ווײַטע מקומות. וועגן דעם איז פֿאַראַן אַ גרויסע צאָל גבֿית־עדות פֿון פּער־זאָנען, וואָס האָבן זיך שפּעטער באַוויזן אַרויסצורײַסן קיין אַמעריקע, ארץ־ישׂראל, איראַן און אין אַנדערע ערטער.[37]

דער איבערגאַנג צו אַ מאַסן־דעפּאָרטאַציע פֿון ייִדישע פּליטים פֿון מיזרח־פּוילן איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטיק אָנצוווענדן אין אַ גרויסער מאָס דעפּאָרטאַציעס, וואָס האָט זיך גענומען אויסצופֿורעמען אינעם געוועזענעם מיזרח־פּוילן אין אָנהייב 1940. פּילצאָליקע אַרעסטן, וואָס זײַנען טיילווײַז געווען פֿאַרבונדן מיט דעפּאָרטאַציעס, זײַנען פֿאָרגעקומען אינעם גע־וועזענעם מיזרח־פּוילן זינט די ערשטע טעג פֿון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע, לכתחילה אָבער האָבן זיי אין אַ גרויסער מאָס געטראָגן אַן אינדיווידועלן כאַ־ראַקטער: מע פֿלעגט אַרעסטירן דער עיקר אָנגעזעענע פֿאָרשטייערס פֿון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע און מער אָדער ווייניקער באַקאַנטע פּאָליטישע טוערס. אין פֿעברואַר 1940 האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־אַרעסטן און דעפּאָרטאַ־ציעס לויטן סאָציאַלן סימן־מובֿהק, וואָס האָבן אין גיכן פֿאַרכאַפּט אויך ייִדן, קודם־כּל פּליטים, אָבער אין אַ געוויסער מאָס אויך די אָרטיקע ייִדישע באַפֿעל־

קערונג. אינעם אָפיציעלן פּוילישן מקור (פֿון דער פּוילישער גלות־רעגירונג) האָט מען געגעבן אַזאַ אַלגעמיינעם סך־הכּל פֿון די דאָזיקע דעפּאָרטאַציעס:

1. פעברואַר 1940: פֿון שטעט: ציוויל־אָנגעשטעלטע, אָרטיקע רעגי־רונגס־באַאַמטע, ריכטערס, מיטגלידער פֿון דער פּאָליציי; פֿון די דערפֿער: וואַלדהיטערס, אָסאַדניקעס [פּוילישע קאָלאָניסטן] און קליינע פּויערים — פּוילישע, אוקראַיִנישע און ווײַסרוסישע (פֿון איינציקע דערפֿער האָט מען אויף אַזאַ אופֿן אַרויסגעשיקט די גאַנצע באַפֿעלקערונג).

2. אַפּריל 1940: משפּחות פֿון די פֿריִער אַרעסטירטע פּערזאָנען; משפּחות פֿון די, וואָס זײַנען אַוועק קיין אויסלאַנד אָדער האָבן געפֿעלט; סוחרים (דער עיקר ייִדן); לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטערס פֿון קאָנ־פיסקירטע גיטער און נאָך אַ צאָל קליינע פּויערים פֿון די דרײַ נאַציאָ־נאַליטעטן.

3. יוני 1940: אַזוי גוט ווי אַלע פּוילישע בירגערס פֿון צענטראַל־ און מערבֿ־פּוילן, וואָס האָבן געזוכט אַ מקום־מקלט אין מזרח־פּוילן פֿון די גרוילן פֿון דער דײַטשער אינוואַזיע: דער עיקר ייִדן, קליינהענדלערס, מענער און פֿרויען פֿון פֿרײַע פּראָפֿעסיעס, אינטעלעקטואַלן, לערערס אאַז״וו.

4. יוני 1941: אַלע פּערזאָנען פֿון די פֿריִער אויסגערעכנטע גרופּעס, וואָס האָבן ביז דעמאָלט געהאַט אויסגעמיטן דעפּאָרטאַציע; תּפֿיסה־אַרעסטאַנטן; קינדער פֿון זומער־לאַגערן און יתומים־הײַזער.[38]

דער אָנגערופֿענער מקור שאַצט אָפּ די אַלגעמיינע צאָל דעפּאָרטירטע אויף „בלי ספֿק מער ווי אַ מיליאָן", דערפֿון 50% פּאָליאַקן.[39] היות ווי צווישן די דעפּאָרטירטע ניט־פּאָליאַקן איז די ריזיקע מערהייט באַשטאַנען פֿון ייִדן, און די צאָל דעפּאָרטירטע פֿון דער אָרטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון מיזרח־פּוילן איז געווען לפֿי־ערך ניט גרויס, קען מען אָננעמען, אַז כּמעט אַלע ייִדישע פּליטים זײַנען דעפּאָרטירט געוואָרן פֿונעם געוועזענעם מיזרח־פּוילן אין דער טיפֿעניש פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

די דאָזיקע דעפּאָרטאַציעס זײַנען קאָמפּליצירט געוואָרן דורך נאָך אַן אומ־שטאַנד, וואָס האָט אָפּגעשפּילט אַ פֿאַטאַלע ראָלע אינעם גורל פֿון די ייִדישע פּליטים אין דער ערשטער העלפֿט 1940. אין אָט דער צײַט איז געשלאָסן געוואָרן עפּעס אַ נײַער אָפּמאַך צווישן די רעגירונגען פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און פֿון דײַטשלאַנד, וואָס מען האָט ניט פֿאַרעפֿנטלעכט און וואָס ווערט דערמאָנט נאָר אין דער פּרעסע, ווי די סאָוועטיש־דײַטשע פֿאַרשטענדיקונג וועגן באַפֿעלקע־רונגס־אויסטויש פֿון אַפּריל 1940.[40] אָבער דאָס איז בלי שום ספֿק אַ טעות. ניט אין די ווערק, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיטן אַנאַליז פֿון די דײַטשע פֿאַרשטענ־דיקונגען מכּוח באַפֿעלקערונגס־טראַנספֿער, ניט אין דער גרויסער פֿראַנצייזישער דאָקומענטן־זאַמלונג וועגן באַפֿעלקערונגס־אויסטויש ווערט אַפֿילו ניט דער־מאָנט וועגן דער פֿאַרשטענדיקונג פֿון אַפּריל 1940. צו אָט דער צײַט איז דער באַפֿעלקערונגס־אויסטויש אויפֿן סמך פֿון דער סאָוועטיש־דײַטשער פֿאַרשטענ־דיקונג פֿונעם 16טן נאָוועמבער 1939 שוין געווען פֿאַרענדיקט, אָבער עפּעס אַ נײַע פֿאַרשטענדיקונג איז בלי ספֿק יאָ געשלאָסן געוואָרן. וועגן דעם זאָגן עדות

די פּילצאַליקע גבֿית־עדות וועגן דער טעטיקייט פֿון רעגיסטראַציע־קאָמיסיעס פֿאַר פּליטים אומצוקערן זיי אַהיים אויפֿן סמך פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער פֿאַרשטענדיקונג. אויך די עצם פֿאַרשטענדיקונג האָט משמעות געהאַט אין זינען ניט קיין באַפֿעלקערונגס־אויסטויש, נאָר בלויז אַ פּליטים־רעפּאַטריאַציע.

די קאָמיסיעס צו רעפּאַטריִרן פּליטים אין דעם דײַטש־אָקופּירטן טייל פּוילן האָבן אָנגעהויבן זייער אַרבעט אין פֿרילינג 1940. די צאָל ייִדישע פּליטים וואָס האָט זיך פֿאַררעגיסטרירט אויף רעפּאַטריאַציע, איז ניט באַוווּסט, אָבער לויט פּילצאַליקע גבֿית־עדות איז זי געווען גאַנץ קענטיק. וויפֿל פֿון די פֿאַר־רעגיסטרירטע האָט מען באמת רעפּאַטריִרט, איז אויך ניט־באַוווּסט. ווי ס'ווײַזט אויס, נאָר אַ קליינע צאָל. די דײַטשע רעפּאַטריאַציע־קאָמיסיעס האָבן זייער גיך אָפּגעשטעלט זייער אַרבעט, ניט האָבנדיק פֿאַרענדיקט די רעפּאַטרי־אַציע, און אַלע פֿאַררעגיסטרירטע, אָבער ניט־רעפּאַטריִרטע, זײַנען בקרובֿ אַרעסטירט געוואָרן פֿון נקוו"ד און דעפּאָרטירט געוואָרן אין לאַגערן. די דאָזיקע דעפּאָרטאַציעס האָבן ווײַזט אויס, סטימולירט די דעפּאָרטאַציע אויך פֿון די פּליטים, וואָס האָבן זיך ניט געהאַט רעגיסטרירט אויף רעפּאַטריאַציע. אין וואָסערע באַדינגונגען איז דורכגעפֿירט געוואָרן די דעפּאָרטאַציע, דערציילט ווײַנריב אויפֿן סמך פֿון גאָר אַ גרויסער צאָל גבֿית־עדות:

> נקוו"ד האָט אָנגעהויבן פֿון די, וואָס האָבן זיך געהאַט רעגיסטרירט אויף אומקערן זיך קיין נאַצי־פּוילן. דערנאָך אָבער האָט מען ניט גע־מאַכט קיין אונטערשייד צווישן רעגיסטרירטע און ניט־רעגיסטרירטע. מע האָט צוגענומען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט שטעלעס אין סאָוועטישע שולן און קאַנצעלאַריעס... די דעפּאָרטירטע האָט מען ברוטאַל באַהאַנדלט. מע פֿלעגט זיי אַרומרינגלען בײַנאַכט, פֿאַרלאָדן מיט אָדער אָן זייערע זאַכן אויף גרויסע לאַסטאויטאָס און ברענגען צו פֿירן אויף אײַזנבאַן־סטאַציעס, וווּ מע פֿלעגט זיי אַרײַנפּאַקן אין ניט־געהייצ־טע לאַסטוואַגאָנעס אָן סאַניטאַרע אײַנריכטונגען. אייניקע פֿון די שוואַ־כערע און קינדער זײַנען געשטאָרבן אויפֿן וועג.
>
> די געוועזענע דעפּאָרטירטע באַשרײַבן די פֿאַרשיידענע דעפּאָרטאַציעס כּמעט אויף אַן אידענטישן אופֿן. זיי זײַנען געפֿאָרן וואָכנלאַנג אין איבערגעפּאַקטע וואַגאָנעס מיט ווייניק אָדער אין גאַנצן אָן שפּײַז. די וואַך האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען פֿאַר די דעפּאָרטירטע דאָס עסן, וואָס אָרטיקע ייִדן אין ווײַסרוסלאַנד האָבן געבראַכט צו דער באַן. אין וואַגאָנעס, אויסגערעכנטע פֿאַר 30־40 פּערזאָן, האָט מען אַרײַנגעפּאַקט 100־150. מענטשן האָבן זיך געשטיקט צוליב דוחק פֿון לופֿט. אייניקע האָט מען אַרײַנגעזעצט אין פֿאַרשטעמפּלטע וואַגאָנעס. זיי האָבן ניט באַקומען קיין עסן און קיין וואַסער. אייניקע משפּחות האָט מען דער־לויבט מיטצונעמען אַ טייל פֿון זייערע זאַכן; אַנדערע האָט מע אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן...[41]

די לאַגע פֿון די דעפּאָרטירטע נאָכן אָנקומען אויף די ערטער איז אויך געווען אויסערגעוויינלעך שווער.[42] די שטאַרביקייט צווישן די דעפּאָרטירטע סײַ אין וועג, סײַ אויף די ערטער איז געווען זייער גרויס. און פֿונדעסטוועגן — אַזוי איז געווען די איראָניע פֿון דער געשיכטע — האָבן זיך די דאָזיקע דע־

פּאַרטאַציעס אַרויסגעוויזן צו זײַן אַ וועג פון רעטונג פֿאַר די, וואָס זײַנען געבליבן לעבן. וועגן זיי האָט דאָס שפּעטער געשריבן די קאָמוניסטישע פּרעסע, אַז די סאָוועטישע רעגירונג האָט געראַטעוועט פֿון אומקום הונדערטער טויזנטער פּוילישע ייִדן.

## הערות

[1] Александров: «Марксизм-Ленинизм о научном предвидении». Москва, Госполитиздат. 1939, стр. 31-32 (тираж 100,000).

[2] A. Rossi, *Les Communistes français pendant la drôle de guerre*. Paris, 1951, pp. 59–66. דאָרט איז אויך אָפּגעדרוקט דער פֿולער טעקסט פֿון דער ווענדונג צו עריאָ. די דאָזיקע ווענדונג איז תּיכּף ברייט פֿאַרשפּרייט געוואָרן איבער פֿראַנקרײַך און האָט באַגעגנט אַ באַגײַסטערטע אָפּשאַצונג אינעם אָרגאַן פֿון קאָמאינטערן *Le Monde*, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין בעלגיע אויף פֿראַנצייזיש און גלײַכצײַטיק אויף דײַטש אין שטאָקהאָלם א״נ *Die Welt*.

[3] A. Rossi, *Deux ans d'alliance Germano-Soviétique, août 1939-Juin 1941*. Paris, 1949, p. 110.

אין דער זעלבער רעדע האָט מאָלאָטאָוו כּמעט וואָרט אין וואָרט איבערגעחזרט די אַרגומענטאַציע פֿון דער צײַטונג איזוועסטיאַ וועגן די רעליגיעזע מלחמות און וועגן דער אוממעגלעכקייט צו פֿירן אַ מלחמה קעגן אַן אידעאָלאָגיע. ער האָט נאָר ווייכער געמאַכט די ניט־פֿאַרזיכטיקע פֿאָרמולירונגען פֿון איזוועסטיאַ, אַז אָנערקענען אָדער אָפּפֿרעגן די היטלערישע אידעאָלאָגיע איז אַ „געשמאַק־זאַך״. בײַ מאָלאָטאָוון קומט דאָס אויס: „אַ זאַך פֿון פּאָליטישע אָנשויונגען״.

[4] דער סאָוועטיש־דײַטשער אָפּמאַך פֿון 23סטן אויגוסט האָט אָוועקגעשטעלט די דײַטשע קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אַ שווערע לאַגע. אין אַ דעקלאַראַציע פֿון 25סטן אויגוסט סאָלידאַריזירט דער צ״ק מיטן אָפּמאַך, באַמיענדיק זיך פֿונדעסטוועגן נאָך אײַנצוהאַלטן אַן אַנטי־היטלעריסטישן טאָן: „דאָס דײַטשע פֿאָלק באַגריסט דעם נישט־אָנגריף־פּאַקט צווישן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און דײַטשלאַנד ווײַל עס וויל שלום און זעט אין אים דעם גוטן ווילן מצד סאָוועט־רוסלאַנד צו פֿאַרזיכערן דעם שלום צווישןביידע לענדער . . . די דײַטשע אַרבעטערשאַפֿט איז מחויבֿ צו אונטערשטיצן די סאָוועטישע שלום־פּאָליטיק, זיך שטעלן אויף דער זײַט פֿון אַלע דורך די נאַציס אונטערדריקטע און באַדראָטע פֿעלקער און קעמפֿן דערפֿאַר, אַז עס זאָלן גלײַך געשלאָסן ווערן אָפּמאַכן אינעם סאָוועטישן גײַסט מיט פּוילן, רומעניע, מיט ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך, מיט אַלע לענדער, וואָס פֿילן זיך מיט רעכט באַדראָט פֿון היטלערס אָנגריף־פּאָליטיק״. (דער דײַטשער קאָמוניזם, דאָקומענטן געזאַמלט פֿון הערמאַן־וועבער, קעלן־בערלין.)

גאָר גיך האָט זיך דער טאָן געענדערט. אין אַ צווייטער דעקלאַראַציע פֿון צ״ק אין סעפּטעמבער איז די שווערד שוין געווענדט קעגן די „רעאַקציאָנערע אימפּעריאַליסטן פֿון פֿראַנקרײַך אין ענגלאַנד״ און די „רעאַקציאָנערע פֿירערס פֿון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אינטערנאַציאָנאַלער פֿעדעראַציע פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגן און דעם פּאַרטיי־פֿאָרשטאַנד״. דאָך רופֿט נאָך דער צ״ק צו „מאָביליזירן אַלע כּוחות כּדי אַראָצוואַרפֿן היטלערן״ (דאָרט, זז׳ 353־355). די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געגאַנגען נאָך ווײַטער. אין דעצעמבער איז אין „קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל״ פֿאַרן יאָר 1939 דערשינען אַן אַרטיקל פֿונעם באַקאַנטן פֿירער ווילהעלם פּיק, אין וועלכן ער שטעלט די פֿראַגע: פֿאַר וואָס איז געשלאָסן געוואָרן דער סאָוועטיש־דײַטשער אָפּמאַך און וועגן וואָס האַנדלט זיך עס אייגנטלעך אין דער דאָזיקער מלחמה? און ער ענטפֿערט: „דער אָפּמאַך האָט געטאָן די אַרבעטנדיקע מאַסן די גרעסטע טובֿה, ווײַל אַ דאַנק דעם איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ קריג צווישן די ביידע לענדער און ער האָט אויך ניט דערלאָזט, אַז די אימפּעריאַליסטישע מלחמה זאָל זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַן אַלגעמיינער וועלט־מלחמה. דער אָפּמאַך אונטערשטיצט ניט דעם דײַטשן אימפּעריאַליזם ווי עס טענהן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פֿירערס אין

ווייער העצע קעגן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און די קאָמוניסטן. ער אונטערשטיצט דעם ווילן פֿון אַלע אַרבעטנדיקע מאַסן פֿאַר שלום" (דאָרט, ז' 357).

און דערפֿון דרינגט, אַז „פֿאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן פֿון דער גאַנצער וועלט, בפֿרט פֿאַרן ענגלישן און פֿראַנצייזישן אַרבעטער־קלאַס שטייט די אויפֿגאַבע צו צווינגען די ענגלישע און פֿראַנצייזישע רעגירונגען אָפּצושטעלן די מלחמה קעגן דײַטשלאַנד".

5 זען די זאַמלונג פֿון דײַטשע דאָקומענטן אין ייִוואָ Occ E 3a-2.

6 *Concise Statistical Year-Book of Poland, September* 1939-*June* 1941, The Polish Ministry of Information. London, December 1941, p. 10.

7 דצ"וו, זז' 19־20.

8 דצ"וו, ז' 26.

9 דצ"וו, ז' 10.

10 דצ"וו, ז' 10.

11 טאַניאַ פֿוקס, אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן, בוענאָס־איירעס, 1947, ז' 51.

12 Ю. Марголин, «История одного разочарования (советизация Западной Белоруссии)», Новый Журнал, т. XVIII, 1948 г., стр. 253.

13 Bernard D. Weinryb, "Polish Jews Under the Soviet Rule," *The Jews in the Soviet Satellites* by Peter Meyer, Bernard D. Weinryb, Eugene Dushinsky and Nicolas Sylvain, Syracuse University Press, 1953, p. 333.

14 י. לעשצינסקי, „דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אין פּוילן", ייִוואָ־בלעטער, ב' 15 (1940), ז' 24.

15 ב. ווײַנריב, דצ"וו, זז' 334־336.

16 ב. ווײַנריב, דצ"וו, זז' 336־337.

17 David Grodner [pseudonym], "In Soviet Poland and Lithuania," *Contemporary Jewish Record,* vol. IV, No. 2 (April 1941), pp. 144–145.

18 ב. ווײַנריב, דצ"וו, ז' 364, הערה 52.

19 ב. ווײַנריב, דצ"וו, ז' 337.

20 ד. גראָדנער, דצ"וו, ז' 337.

21 ערשט דעם 1טן יוני 1941, כּמעט פֿאַרן סאַמע אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה, האָט אין לעמבערג אָנגעהויבן אַרויסצוגיין די צײַטונג לעמבערגער שטערן. זען ב. ווײַנריב, דצ"וו, ז' 338.

22 הערשל ווײַנרויך, בלוט אויף דער זון (ייִדן אין סאָוועט־רוסלאַנד), ניו־יאָרק, 1950, זז' 88־92.

23 *JTA-News,* February 25, 1940.

24 איזוועסטיאַ פֿונעם 1טן נאָוועמבער 1939.

25 זען וועגן דעם מער באַריכותדיק אין מײַן בוך:
Антисемитизм в Советском Союзе, стр. 115-116.

26 Gerald Reitlinger, *Die Endlösung. Hitlers Versuch der Ausrottung der Juden Europas* 1939–1945, Berlin, 1956, S. 56–57. דאָס איז די דײַטשע אויסגאַבע פֿון רײַטלינגער בוך *The Final Solution. The Attempt to Exterminate the Jews of Europe* 1939–1945, London, 1953. די דײַטשע אויסגאַבע, וואָס איז אַרויס כּמעט מיט דרײַ יאָר שפּעטער פֿון דער ענגלישער, האָט דער מחבר ממלא געווען, און די ציטאַטעס פֿון די דײַטשע דאָקומענטן, וואָס אויף זיי איז אין אַ גרויסער מאָס אויסגעבויט די אַרבעט, האָט דער איבערזעצער אי. וו. בריגעל קאָנטראָלירט לויט די אָריגינעלע דײַטשע טעקסטן.

27 ד. גראָדנער, דצ"וו, ז' 137.

28 *JTA-News,* January 4, 1940.

29 *JTA-News,* January 22, 1940. שפּעטער האָט זיך אין דער זאַמלונג מאַטעריאַלן, יואָס ד"ר זילבערשײַן האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין זשענעווע, באַוויזן אַ באַשרײַבונג פֿון דער כּעלם־הרובישאָווער טראַגעדיע. זי איז אָנגעשריבן געוואָרן פֿון אַ געוועזענעם אײַנוווינער פֿון

הרובישאָוו, וועלכער איז ערשט אין 1942 אַנטלאָפֿן פֿון הרובישאָוו און האָט זיך אין 1953 דערקליבן קיין זשענעווע. זײַן באַשרײַבונג אונטערשיידט זיך אין געוויסע פּרטים. זען *Die Judenausrottung in Polen, Augenzeugenbtrichte* (Gesammelt und veröffentlicht bei Dr. A. Silberschein), Erste Serie, Genf, 1944, S. 6.

30 *Nazi-Soviet Relations* 1939–1941, p. 106.

31 די דאָזיקע פֿאַרשטענדיקונג איז נישט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן. אַ דאַנק י. ד. ראָבינסאָן האָב איך געזען אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דעם דאָקומענט, וואָס ער האָט באַקומען פֿונעם בערלינער דאָקומענטאַציע־צענטער בײַם מלוכה־דעפּאַרטמענט (פֿאַר׳ שטאַטן). אין סאָוועט־רוסלאַנד איז דעם 20סטן נאָוועמבער 1939 דערשינען אַ קורצע טאַס־ידיעה אין איזוועסטיאַ, ווו די דאַטע פֿונעם הסכם ווערט אָנגעגעבן אַלס דער 16טער נאָוועמבער. אָבער דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער פֿראַנקפֿורטער צײַטונג גיט איבער אין אַ גענויער טעלעגראַמע וועגן אַן אַרטיקל אין דער צײַטונג פֿון 5טן נאָוועמבער, די דאַטע פֿונעם הסכם אַלס דער 3טער נאָוועמבער. דערפֿון נעמט זיך, אַז אַ טייל פֿאַררופֿן זיך אויפֿן 16טן נאָוועמבער (ווײַנריב) און אַנדערע אויפֿן 3טן (Joseph B. Schechtman "European Population Transfers 1939–1945," New York, Oxford University Press, 1946, pp. 146, 147, 154, 162, 165, 367, 502).

און ווידער אַנדערע ברענגעןביידע דאַטעס ("Les Transfers Internationaux de Population," Institut National de la Statistique et des Etudes Economiques, Etudes et documents, Serie B-2, Paris 1946, pp. 33, 493–494, 545).

אָבער בײַם סוף פֿון דער טעלעגראַמע פֿון דער פֿראַנקפֿורטער צײַטונג ווערט געזאָגט: „צו שאַפֿן די געהעריקע אָרגאַנען (אַדורכצופֿירן אין לעבן די אָנגענומענע באַשלוסן) וועט מען צוטרעטן גלײַך נאָך דעם ווי דער הסכם וועט אונטערגעשריבן ווערן". ווײַזט אויס, אַז פּרינציפּיעל איז די פֿאַרשטענדיקונג דערגרייכט געוואָרן דעם 3טן נאָוועמבער און ענדגילטיק איז זי געשלאָסן געוואָרן ערשט שפּעטער.

32 ב. ווײַנריב, דצ״ו, ז׳ 341.

33 די פֿאַראָרדענונג פֿונעם 11טן דעצעמבער 1939 דורכצופֿירן אין לעבן דעם באַשלוס פֿונעם 26סטן אָקטאָבער 1939 וועגן אײַנפֿירן אַרבעטס־התחײַבות פֿאַר דער ייִדישער באַפֿעל־קערונג פֿון דער גענעראַל־גובערניע אין פּוילן, פּאַראַגראַף 7; און די צווייטע פֿאַראָרדענונג וועגן דעם גופֿא פֿונעם 12טן דעצעמבער, פּאַראַגראַף 9, אינעם *Verordnungsblatt des Generalgouverneurs für die besetzten polnischen Gebiete,* Nos. 13 und 14 vom 21. und 23. Dezember 1939.

34 ב. ווײַנריב, דצ״ו, ז׳ 341.

35 ד. גראָדנער, דצ״ו, ז׳ 136.

36 ב. ווײַנריב, דצ״ו, ז׳ 342.

37 ב. ווײַנריב, דצ״ו, זז׳ 344־345.

38 *Polish-Soviet Relations,* 1918–1943, Official Documents. Published by the Polish Embassy in Washington by the Authority of the Government of the Republic of Poland (Washingion, 1944). p. 20.

39 דאָרט, ז׳ 21.

40 ד. גראָדנער, דצ״ו, ז׳ 141; ב. ווײַנריב, דצ״ו, ז׳ 346.

41 ב. ווײַנריב, דצ״ו, ז׳ 348.

42 ב. ווײַנריב, דצ״ו, זז׳ 349־351.

קאַפּיטל צוויי

# אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה עוואַקואַציע און דאָס אַנטלויפֿן פֿון די ייִדן

## די דײַטש־סאָוועטישע מלחמה

דער 22סטער יוני 1941, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די דײַטש־סאָוועטישע מלחמה, איז געווען דער אָנהייב פֿון דער גרעסטער טראַגעדיע פֿאַרן סאָוועטישן ייִדנטום. די דײַטשע אַרמייען זײַנען אָנגעפֿאַלן אויפֿן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אומגעריכט און האָבן מאַרשירט איבער דער סאָוועטישער טעריטאָריע מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט, באַזונדערס אין די ריכטונגען אויף מיזרח און צפֿון־מיזרח. שוין דעם 24סטן יוני זײַנען די דײַטשע אַוואַנגאַרדישע טאַנק־אָפּטיילונגען צוגעקומען צו ווילנע און סלאָנים, און פֿון דאָרט זײַנען זיי שוין דעם 26סטן יוני צוגעקומען צו מינסק פֿון דרום און דעם 27סטן יוני פֿון צפֿון. דעם 26סטן יוני איז אויך אַן אַנדער טאַנק־גרופּע צוגעגאַנגען צו דער מערבֿ־דווינע בײַ דווינסק, דעם 1טן יולי איז פֿאַרנומען געוואָרן ריגע און דערנאָך אין אַ שנעלן טעמפּאָ די גאַנצע באַלטישע געגנט. אין צענטער זײַנען דײַטשע טאַנק־אָפּטיילונגען אַריבערגעגאַנגען די בערעזינע דעם 3טן יולי און זײַנען דעם 16טן יולי צוגעקומען צו סמאָלענסק. דעם 11טן יולי זײַנען זיי צוגעקומען צו דער פֿאַרטיידיקונגס־ליניע פֿון קיִעוו. דערבײַ איז די דײַטשע סטראַטעגיע באַשטאַנען אין דעם, מע זאָל דורך אַ שנעלן מאַרש פֿון טאַנק־חיילות אַרומכאַפּן גרויסע טעריטאָריעס, וואָס זײַנען נאָך געווען פֿאַרנומען דורכן סאָוועטישן מיליטער, פֿאַרשליסן דאָס מיליטער אין „קעסלען“ און דערנאָך עס פֿאַרניכטן. אַזאַ „קעסל“ האָט זיך געשאַפֿן באַלד אין די ערשטע מלחמה־טעג אַרום ביאַליסטאָק, דערנאָך — צו מערבֿ פֿון מינסק, אין דער געגנט פֿון נאָוואָראָדעק, אויף דרום — אין דער געגנט פֿון אומאַן.[1] בײַ אַזאַ שנעלן פֿאַרויסמאַרש פֿון די דײַטשע אַרמייען און בײַ אַזאַ ברייטער אָנווענדונג פֿונעם „קעסל“־מעטאָד האָט זיך די עוואַקואַציע און דאָס אַנטלויפֿן פֿון דער באַפֿעלקערונג אָנגעשטויסן אויף אויסערגעוויינלעכע שוועריקייטן.

אויף דער טעריטאָריע, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן דורכן דײַטשן מיליטער,

האָט געוווינט די ריזיקע מערהייט פֿונעם סאָוועטישן ייִדנטום. סאָוועטישע מקורים האָבן שפּעטער מודיע געווען, אַז אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע האָבן ביז דער מלחמה געלעבט 88 מיליאָן מענטשן.[2] וויפֿל ייִדן זײַנען געווען צווישן אָט די 88 מיליאָן?

די אַלגעמיינע צאָל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿון יאַנואַר 1939, האָט דערגרייכט 3,020,071,[3] ד״ה בײַם אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה האָט די אָרטיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון דער אַלטער סאָוועטישער טעריטאָריע דערגרייכט אַן ערך 3,100,000. אין די געביטן, וואָס זײַנען אָנגעשלאָסן געוואָרן אינעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אין די יאָרן 1939־1940, האָט די אָרטיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג אינעם מאָמענט פֿון אָנשלוס באַטראָפֿן.[4]

| לאַנד | צאָל ייִדן |
|---|---|
| אין מיזרח־פּוילן | 1,309,000 |
| ״ ליטע | 155,000 |
| ״ לעטלאַנד | 95,000 |
| ״ עסטלאַנד | 5,000 |
| ״ צפֿון־בוקאָווינע און בעסאַראַביע | 278,000 |
| **סך־הכּל** | **1,842,000** |

די אַלגעמיינע צאָל פֿון דער אָרטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג אויף דער אַלטער און נײַער טעריטאָריע פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט בײַם אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה אויסגעמאַכט בײַ 5,000,000 (ניט רעכענענדיק די פּליטים פֿון פּוילן און רומעניע). פֿון אָט דער צאָל האָבן אויף דער טעריטאָריע, וואָס די דײַטשן האָבן פֿאַרנומען בעת דער מלחמה, געלעבט:

| | |
|---|---|
| אין די נײַע געביטן (מיזרח־פּוילן, באַלטישע רעפּובליקן, צפֿון־בוקאָווינע און בעסאַראַביע) | 1,842,000 |
| אין אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד | 1,908,000 |
| אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע פֿון רספס״ר ניט ווייניקער פֿון | 250,000 |
| **סך־הכּל** | **4,000,000** |

דאָס מיינט, אַז 80% פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אין זײַנע נײַע גרענעצן און מער ווי צוויי דריטל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אין די גרענעצן ביז 1939 האָבן געלעבט אויף דער טעריטאָריע, וואָס די דײַטשן האָבן פֿאַרכאַפּט.

פֿאַר דער דאָזיקער פֿירמיליאָניקער מאַסע ייִדן האָט זיך געשאַפֿן אַ שרעקלעכע סכּנה. און וויפֿל האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען?

אין די מלחמה־יאָרן זײַנען אין אויסלאַנד אַרומגעגאַנגען די סאַמע פֿאַנטאַסטישע קלאַנגען וועגן דעם, אַז די סאָוועטישע מאַכט האָט בײַ צײַטנס עוואַקוירט די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון די געביטן, וואָס זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אונ־

טער דער דײַטשער אָקופּאַציע. בפֿרט אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע איז שטאַרק פֿאַרשפּרייט געוואָרן די מיינונג, אַז די סאָוועטישע רעגירונג, חוץ אַלגעמיינע מאָסמיטלען צו עוואַקויִרן רעגירונגס־אינסטיטוציעס, אינדוסטריע־אונטערנע־מונגען אאַז״וו מיט זייער פּערסאָנאַל, האָט בכלל אָנגענומען ענערגישע מיטלען צו עוואַקויִרן ייִדן, כּדי זיי צו ראַטעווען פֿון דער דראָענדיקער סכּנה. די דאָזיקע מיינונג האָבן אַ מאָל אַרויסגעזאָגט אין דרוק אויך אַזוי מחברים, וואָס זײַנען אין איבעריקע פּרטים געווען אין גאַנצן פֿרײַ פֿון פּראָסאָוועטישע אילוזיעס. אַזוי למשל, האָט יעווגעני מ. קולישער געשריבן אינעם בולעטין פֿון „האַיאַס״ אין 1946:

עס זײַנען ניטאָ קיין ספֿקות, אַז די סאָוועטישע מאַכט האָט אָנגענומען ספּעציעלע מיטלען צו עוואַקויִרן די ייִדן אָדער צו פֿאַרגרינגערן זייער אַנטלויפֿן. צוזאַמען מיטן מלוכישן פּערסאָנאַל און אינדוסטריעלע אונ־טערנעמונגען... בעטערס און אָנגעשטעלטע האָבן אַלע ייִדן געהאַט אַ בכורה [בײַ דער עוואַקואַציע]... די סאָוועטישע מאַכט האָט צוגעשטעלט טויזנטער צוגן ספּעציעל פֿאַר דער עוואַקואַציע פֿון ייִדן, פֿאַרשטייענדיק, אַז זיי זײַנען דער על־פּי־רובֿ באַדראָטער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג.[6]

קולישער האָט שפּעטער איבערגעחזרט דעם דאָזיקן געדאַנק אין זײַן גרויסער אַרבעט וועגן די מיגראַציעס פֿון דער אייראָפּעיִשער באַפֿעלקערונג:

...די רעגירונג האָט אָנגענומען מיטלען ניט צו דערלאָזן דאָס אַלגע־מיינע אַוועקגיין פֿון דער באַפֿעלקערונג, וואָס דאָס וואָלט געבראַכט צו דער פֿאַרשטאָפּונג פֿון וועגן און וואָלט גורם געווען אַ מאַסן־צופֿלוס פֿון דער באַפֿעלקערונג אין געביטן, וואָס האָבן ניט געקענט אויפֿנעמען און באַשפּײַזן אַזאַ צאָל פּליטים. נאָר אַ קליינער טייל פֿון דער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג איז עוואַקויִרט געוואָרן. פֿון שטאָטישע צענטערס האָט מען אַרויסגעפֿירט פֿאַבריקן צוזאַמען מיט אויסגעשולטע און אַ סך אַנדערע אַרבעטערס. חוץ דעם האָט מען עוואַקויִרט מלוכה־אָנגעשטעל־טע און ברייטע מאַסן ייִדן, כּדי צו ראַטעווען זיי פֿון די דײַטשע אכזריות.[7]

אָבער אין דער סאָוועטישער פּרעסע האָבן זיך ניט באַוויזן קיין שום רעגי־רונגס־דעקרעטן אָדער אינסטרוקציעס וועגן עוואַקואַציע פֿון ייִדן און אויך קיין שום ידיעות וועגן אַזעלכע מאָסמיטלען. אמת, אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין אויסלאַנד, ווו עס ווערט דערציילט וועגן די טראַגישע געשעענישן פֿון דער תּקופֿה פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דאָ איין אָנווײַז אויף אַ דעקרעט פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג וועגן דער עוואַקואַציע פֿון ייִדן. אינעם באַקאַנטן בוך פֿונעם געוועזענעם פּאַרטיזאַן משה קאַגאַנאָוויטש וועגן דעם ייִדישן אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג לייענט מען:

שוין ענדע 1941 איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַן אוקאַז [דעקרעט], אונטערגעשריבן פֿון קאַלינינען [פֿאָרזיצער פֿון העכסטן סאָוועטישן ראַט] און גאָרקינען [סעקרעטאַר פֿון העכסטן סאָוועטישן ראַט] וועגן עוואַקויִרן אין דער ערשטער ריי די בירגערס פֿון ייִדישער נאַציאָנאַלי־טעט פֿון די געביטן, וועלכע זײַנען באַדראָט פֿון שׂונא.

דער מחבר האָט אַפֿילו דירעקט ציטירט דעם שלוס־אָפּזאַץ פֿון אָט דעם דעקרעט:

צוליב דעם, וואָס דער שׂונא באַציט זיך חיהש־באַרבאַריש און ראָט אויס טאָטאַל די סאָוועטישע בירגערס פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט, ווערט באַפֿוילן זיי צו עוואַקויִרן אין דער ערשטער ריי אין די ווײַט אָפּגעלעגענע געביטן פֿון סאָוועט־רוסלאַנד. אַלע טראַנספּאָרט־מיטלען דאַרפֿן געשטעלט ווערן אין זייער רשות צו דעם צוועק.[8]

און דער מחבר גיט צו:

וואָלטן ייִדן געווען מער אויפֿמערקזאַם און ערנסטער צו די וואָרענונגען און וואָלטן די דײַטשן ניט באַזעצט ראַשיק־שנעל די גרעסטע ייִדישע קיבוצים (מינסק, קיִעוו, אָדעס א״אַ) וואָלטן פֿיל הונדערטער טויזנטער רוסישע ייִדן געווען הײַנט צו טאָג צווישן די לעבעדיקע.

אָבער אין איזוועסטיִאַ און אין דער סאָוועטישער פּרעסע בכלל איז ניטאָ קיין שום סימן פֿון אָט דעם דעקרעט, און קאַגאַנאָוויטשעס ידיעה איז באַשיימפּערלעך גאָר אַן עכאָ פֿון איינער פֿון די פֿילצאָליקע לעגענדעס, וואָס האָבן זיך געשאַפֿן אין די מלחמה־יאָרן. ס'איז מערקווערדיק, אַז אויך די קאָמוניסטישע פּרעסע אין אַמעריקע, וואָס האָט אונטערגעכאַפּט די דאָזיקע ידיעה, האָט ניט געבראַכט דעם טעקסט פֿון אָט דעם דעקרעט און האָט זיך באַנוגנט מיט פֿאַררופֿן זיך אויפֿן בוך פֿונעם עמיגראַנט קאַגאַנאָוויטש.[9]

אָבער קאַגאַנאָוויטש קען זיך ביז איצט ניט געזעגענען מיט אָט דער לעגענדע. אין אַכט יאָר שפּעטער איז ער צוריקגעקומען צו דער דאָזיקער טעמע אין דער איבערגעאַרבעטער און שטאַרק פֿאַרברייטערטער אויסגאַבע פֿון זײַן בוך. אמת, דאָס מאָל ציטירט ער ניט דעם דעקרעט פֿונעם פּרעזידיום פֿונעם העכסטן סאָוועט, נאָר פֿאַררופֿט זיך בלויז אויף ניט־אָנגערופֿענע עדות, וואָס האָבן געלעבט אין רוסלאַנד אָנהייב מלחמה.[10]

דאָס אמתע בילד פֿון דער עוואַקואַציע האָט געטראָגן לחלוטין אַן אַנדער כאַראַקטער, און וועגן אַ פּלאַנמעסיקער עוואַקואַציע פֿון דער באַפֿעלקערונג אָדער לפּחות צו עוואַקויִרן ייִדן, וואָס זײַנען געווען אין אַ גרויסער געפֿאַר, האָט אין אַ סך ערטער בכלל ניט געקענט זײַן קיין רייד. דאָס דאָזיקע בילד איז זייער ניט איינהייטלעך. אין די געביטן, וואָס זײַנען געלעגן צום נאָענטסטן צו דער מערבֿ־גרענעץ און וואָס זײַנען אָקופּירט געוואָרן גלײַך אין די ערשטע טעג און וואָכן נאָכן אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה, האָט די עוואַקואַציע געטראָגן אַ כאַאָטישן און אַ זייער באַגרענעצטן כאַראַקטער. וואָס ווײַטער אויף מיזרח, אַלץ גרעסער איז לפֿי־ערך געווען דער עלעמענט פֿון אָרגאַניזירטקייט און אַלץ באַדײַטיקער איז געווען די מעגלעכקייט פֿון עוואַקואַציע, אָבער אין ערגעץ ניט, בפּועל ממש אין ערגעץ ניט — אפשר מיטן איינציקן אויסנאַם פֿון דער עוואַקואַציע פֿון די ייִדישע קאָלווירטן פֿון קרים — האָבן מיר ניט געפֿונען אין די מקורים, וואָס פֿאַרדינען אַ ווערלכן עס איז צוטרוי, קיין אָנווײַזונגען אויף אַ פּלאַנמעסיקער עוואַקואַציע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, כּדי צו שאַפֿן זיך

אַ פֿאָרשטעלונג וועגן דער עוואַקואַציע אין איר פֿולן פֿאַרנעם, מוז מען זיך צוקוקן צו דער עוואַקואַציע לויט גרויסע ראַיאָנען.[11]

## די נײַע אָנגעשלאָסענע געביטן

אין די נײַע אָנגעשלאָסענע געביטן פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד זײַנען סײַ די מאַכט־אָרגאַנען, סײַ די באַפֿעלקערונג געווען אין גאַנצן ניט צוגעגרייט צו די געשעענישן. אַ טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג — באַזונדערס די פּליטים פֿון מערבֿ־פּוילן — האָט מען פֿון דאָרטן דעפּאָרטירט נאָך פֿאַרן אָנהייב פֿון דער מלחמה. אָבער קיין שום עוואַקואַציע פֿון אַ לפֿי־ערך פּלאַנמעסיקן כאַראַקטער איז פֿון אָט די געביטן ניט געווען און האָט אויך ניט געקענט זײַן. כּמעט אָן שום הצלחה זײַנען אויך געווען די פּרוּוון פֿון אַ טייל באַפֿעלקערונג דירעקט צו אַנטלויפֿן, כּדי זיך צו ראַטעווען פֿון די פֿאָרויסגייענדיקע דײַטשן. די מאָטאָריזירטע מיליטער־אָפּטיילונגען פֿון די דײַטשן פֿלעגן אָריבעריאָגן די אַנטלויפֿנדיקע, און זיי זײַנען געווען געצוווּנגען זיך אומצוקערן צוריק.

אָט ווי עס באַשרײַבט די עוואַקואַציע און דאָס אַנטלויפֿן פֿון ווילנע אַ ייִדי־שער דאָקטאָר, וואָס האָט איבערגעלעבט די אָקופּאַציע, די ווילנער געטאָ און די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג:

צענדלינגער טויזנטער זײַנען דאַן אַוועק פֿון ווילנע. געציילטע פֿון זיי איז געלונגען אָנצוקומען אין סאָוועט־רוסלאַנד. די טראַנספּאָרט־מיטלען זײַנען געווען אָקופּירט דורך מיליטער, וואָס האָט זיך שנעל עוואַקויִרט. אויף די באַנען האָט מען אַרײַנגעלאָזט פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג נאָר די איינצלנע, וועלכע האָבן געהאַט מיטגלידס־קאַרטעס פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איז מען געגאַנגען אין די טויזנטער צופֿוס איבער וועגן און שטעגן. די אָנגעקומענע דײַטשע טאַנקען האָבן זיי איבערגעיאָגט. אַ טייל פֿון זיי איז אויף די וועגן פֿאַרניכטעט געוואָרן און וואָכן לאַנג האָבן זיך געוואַלגערט קערפּערס איבער וועלדער און פֿעלדער; און אַ טייל האָט זיך אומגעקערט קיין ווילנע צעבראָכן, הונגעריק, אַנטוישט, אויסגעמאַטערט.[12]

די סאָוועטישע אַדמיניסטראַציע האָט ניט נאָר ניט מיטגעהאָלפֿן דער עוואַ־קואַציע פֿון ייִדן (און בכלל דער אַלגעמיינער עוואַקואַציע פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג), נאָר האָט זי דירעקט טאָרמאָזירט. אַן אַנדער עד־ראיה פֿון דער געשיכטע, וואָס האָט אויך איבערגעלעבט אַלע שבֿעה מדורי גיהנום פֿונעם ווילנער ייִדנטום און האָט שפּעטער געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין ייִדיש־סאָוועטישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין ווילנע אינעם ערשטן יאָר נאָך דער באַפֿרײַונג, דערציילט וועגן די ערשטע מלחמה־טעג: „עטלעכע טויזנט ייִדן באַוועגן זיך אַוועקצולאָזן טיפֿער אין לאַנד. אַ טייל ווערט דורך דער סאָוועטי־שער גרענעץ־וואַך ניט דורכגעלאָזט. זיי קערן זיך אום צוריק אין ווילנע“.[13]

ווילנע איז פֿאַרנומען געוואָרן דורך די דײַטשן שוין אויפֿן דריטן טאָג פֿון דער מלחמה, און כּמעט דאָס גאַנצע ווילנער ייִדנטום איז אומגעקומען. און דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט כּמעט אומעטום אין די נײַע סאָוועטישע געביטן.

אַ ייִדישער פּובליציסט און פּעדאַגאָג, װאָס האָט איבערגעלעבט די דאָזיקע געשעענישן אויפֿן אָרט, דערציילט אַזוי װעגן קאָװנע:

> צוליבן בהלהדיקן טעמפּאָ פֿון דער עװאַקואַציע פֿון די מיליטערישע א״אַ מלוכישע אַנשטאַלטן, האָט זיך געפֿילט אַ גרויסער מאַנגל אין טראַנס־פּאָרט־מיטלען פֿאַר ציװילע פּערזאָנען. דאָס איז געװען איינע פֿון די סיבות, צוליב װאָס נאָר קלענערע גרופּעס ליטװישע ייִדן האָבן באַװיזן רעכטצײַטיק זיך צו עװאַקויִרן. אַגבֿ, מוז מען אויך צוגעבן, אַז לכתּחילה האָט די סאָװעטישע גרענעץ־װאַך ניט אַרײַנגעלאָזט אין די געביטן פֿון אייגנטלעכן רוסלאַנד די יעניקע פּליטים, װעלכע זײַנען געקומען פֿון באַלטישע לענדער א״אַ געגנטן, װאָס זײַנען אַריבער צום ראַטן־פֿאַרבאַנד זינט דעם אויסבראָך פֿון דער צװייטער װעלט־מלחמה. מחמת דעם האָבן זיך פֿיל פּליטים געמוזט צוריקקערן אין זייערע היימען, פֿון װאַנען זיי זײַנען אַנטלאָפֿן, כאָטש די דאָזיקע ערטער זײַנען שוין געװען אָקופּירט דורך דײַטשן.[14]

פּונקט אַזאַ בילד פֿון כאַאָס דערציילט אויך אַ צװייטער עדות, אַ ייִד אַן אַגראָנאָם. אויך ער פֿאַרצייכנט, אַז די אַלטע סאָװעטישע גרענעץ איז געװען פֿאַרמאַכט פֿאַר די פּליטים פֿון די ניט־לאַנג אָנגעשלאָסענע סאָװעטישע געביטן — אַ פֿאַקט, װאָס װײַזט באַזונדערס באַשײַמפּערלעך די ניט־באַגרינדעטקייט פֿון דער הנחה, אַז די סאָװעטישע מאַכט האָט כּלומרשט אָנגענומען ענערגישע מאָסמיטלען אויף צו ראַטעװען ייִדן. דער מחבר האָט מצליח געװען און האָט געקראָגן אַן אויטאָמאָביל און איז דערפֿאָרן ביז צו דער לעטיש־װײַסרוסישער גרענעץ צו צפֿון־מיזרח פֿון דװינסק. אָבער דאָ האָט אויף אים געװאַרט אַ שרעק־לעכע אַנטוישונג:

> דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע צרה, גאָר אַ גרויסע צרה, װײַטער פֿאָרן לאָזט מען ניט. בײַ דער גרענעץ ליגן שוין הונדערטער פּליטים פֿון ליטע און לעטלאַנד און זייער צאָל װאַקסט פֿון שעה צו שעה. אויף אַלע בקשות און טענות האָט די סאָװעטישע גרענעץ־װאַך איין ענטפֿער:
> — ס׳איז אַ באַפֿעל קיינעם ניט דורכלאָזן! אָפּטרעטן צװאַנציק טריט! װען ניט, שיסן מיר! מיר שיסן!
>
> בײַ דער גרענעץ זײַנען מיר געלעגן צװעלף טעג, צװעלף לאַנגע, װיסטע טעג און נעכט. מע לאָזט אונדז ניט לויפֿן װײַטער, מע לאָזט זיך ניט ראַטעװען. דערװײַל האָט די צאָל פּליטים דערגרייכט אין די טויזנטער... מחנות מענטשן, מיינסטנס ייִדן און װוּ ניט װוּ אויך ניט־ייִדן, װאַלגערן זיך אין די אַרומיקע גראָבנס, אין די װעלדער און פֿעלדער, בעטן רחמים, מע זאָל לאָזן לויפֿן, זיך ראַטעװען... מע לאָזט ניט. נאָר קאָמוניסטן, פּאַרטיי־מיטגלידער מיט כּשרע פּאַפּירן אין די הענט, לאָזט מען דורך. מיר, די איבעריקע, זײַנען טריף; אונדז לאָזט מען ניט. מיר האָבן ניט קיין רעכט זיך צו ראַטעװען, כאָטש מיר זײַנען שוין איבער אַ יאָר צײַט געװען סאָװעטישע בירגערס.
>
> ...און נאָר דאַן, װען די דײַטשן זײַנען שוין געװען צען־צװעלף קילאָ־מעטער פֿון דער לעטיש־רוסישער גרענעץ און די גרענעץ־װאַך איז פּלוצ־לונג פֿאַרשװוּנדן געװאָרן — נאָר דאַן האָבן מיר געקענט זיך רוקן

> פֿאָרויס. ווי ווײַט וועסטו שוין לויפֿן, ווען די גוואַלדיקע מאַכט פֿון שׂונא איז אַזוי נאָענט, ווען זי טרעט דיר שוין אויף די פּיאַטעס?[15]

ס׳האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו אַנטלויפֿן אויך דעם מחבר פֿון דער דאָזיקער דערציילונג.

פֿאַר די פּוילישע געביטן, וואָס זײַנען אָנגעשלאָסן געוואָרן אינעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האַרבסט 1939, זײַנען פֿאַראַן גענויע באַשרײַבונגען פֿון דעפּאָרטאַציעס (ביזן אָנהייב פון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה), אָבער זייער קאַרג זײַנען די ידיעות וועגן דער עוואַקואַציע און דאָס אַנטלויפֿן פון דער באַפֿעלקערונג קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דאָ האָט זיך באַזונדערס ווייטאָגדיק געלאָזט שפּירן די בליציקע שנעלקייט פֿונעם דײַטשן קלאַפּ.

אין לעמבערג האָט די סאָוועטישע מאַכט בײַם פֿאַרלאָזן די שטאָט „ניט געקענט פֿולשטענדיק עוואַקויִרן, חוץ דעם מיליטער, אַפֿילו די אָנגעקומענע [נאָכן אָנשלוס פֿון לעמבערג אינעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד] רוסישע באַפֿעלקערונג“.[16] חוץ די לפּי־ערך 10,000 ייִדן,[17] וואָס זײַנען דעפּאָרטירט געוואָרן פֿון לעמבערג קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד ביזן אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה, חוץ עטלעכע טויזנט ייִדישע יוגנטלעכע, וואָס זײַנען מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי, און אַ קליינער צאָל ייִדן, וואָס האָבן אַזוי צי אַנדערש באַוויזן צו אַנטלויפֿן אויף מיזרח פֿאַרן אַרײַנטריט פֿון די דײַטשן קיין לעמבערג, זײַנען די לעמבערגער ייִדן כּמעט אין גאַנצן פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורך די דײַטשן.

גענויערע ידיעות זײַנען דאָ וועגן ביאַליסטאָק. דאָ האָט דאָס בילד פֿון דער עוואַקואַציע דערמאָנט מער אָן ווילנע און קאָוונע איידער אָן לעמבערג, ד״ה דאָס איז געווען ווי ס׳האָט פֿריִער אויסגעוויזן, אַ בילד ניט פֿון אַ פֿולשטענדיקער, נאָר בלויז פֿון אַ כּמעט פֿולשטענדיקער קאַטאַסטראָפֿע.[18] אָבער די סך־הכּלען פון דער ביאַליסטאָקער אַנטוויקלונג האָבן זיך אַרויסגעוויזן ממש שוידערלעך. לויט די ידיעות פֿון ד״ר שמעון דאַטנער, וואָס איז פֿאַר דער מלחמה געווען אַ לערער אין דער ביאַליסטאָקער ייִדישער גימנאַזיע און נאָך דער מלחמה — פֿאָרזיצער פֿונעם ייִדישן קאָמיטעט פֿאַר דער ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדעשאַפֿט, האָט די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון ביאַליסטאָק (אַרום 50,000 פֿאַר דער מלחמה) באַטראָפֿן נאָר 900 מענטשן אין מיטן 1946, ווען דער גרעסטער רובֿ פֿון די אַנטלאָפֿענע און געראַטעוועטע האָט שוין באַוויזן זיך אומצוקערן קיין ביאַליס־טאָק.[19]

חוץ די דעפּאָרטירטע קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט זיך געקענט ראַטעווען גאָר אַ קליינער טייל פֿון די מיזרח־פּוילישע ייִדן, וועמען ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן צו אַנטלויפֿן אין די וועלדער. ס׳האָט זיך נאָך געראַטעוועט אַ קליינע צאָל לאַגער־ייִדן, וואָס האָבן געקענט אויסהאַלטן די שווערע לאַגער־באַדינגונגען און האָבן דערלעבט ביז דער באַפֿרײַונג.

נאָר די, וואָס האָבן פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון דעפּאָרטאַציע, האָבן זיך אומגע־ריכט אַרויסגעוויזן פֿאַר בר־מזלס. אין בעסאַראַביע און צפֿון־בוקאָווינע האָט

זיך אַ מאַסן־דעפּאָרטאַציע פֿון ייִדן אָנגעהויבן כּמעט ערבֿ היטלערס אָנפֿאַל אויפֿן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און איז על־פּי אינערציע אָנגעגאַנגען אויך נאָכן אָנהייב פֿון דער מלחמה. דערפֿון איז אויפֿגעקומען דער קלאַנג, וואָס האָט דערגרייכט אויך קיין אויסלאַנד, אַז אין בעסאַראַביע און צפֿון־בוקאָווינע איז כּלומרשט פֿאָרגעקומען אַ פּלאַנמעסיקע עוואַקואַציע פֿון ייִדן. אין דער אמתן, האָט מען אויך דאָ קיין זאַך ניט אונטערגענומען צו ראַטעווען ייִדן, ווי דאָס איז צו זען פֿון דער דערציילונג פֿון אַ פּויליש־ייִדישער לערערין, וואָס האָט אָבסערווירט אָט די געשעענישן אין טשערנאָוויץ:

אין דעם רעש און אין דעם געטומל פֿון די ערשטע מלחמה־טעג האָט מען נאָך אַלץ געהאַלטן אין דעפּאָרטירן די „נישט־געוווּנטשענע עלעמענטן”. און עס האָבן געשריגן די סאָוועטישע אָנגעשטעלטע, די אָנגעזעענע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זיך געוואָלט און געמוזט עוואַקויִרן:

— וואָס פֿירט איר זיי, די גבֿירים? גיט אונדז דעם טראַנספּאָרט, מיר מוזן זיך ראַטעווען.

אַ סך פֿון די לעצטע האָבן ווירקלעך ניט באַוויזן בײַ צײַטנס זיך אַרויסבאַקומען פֿון דער דײַטש־רומענישער אומקרײַזונג.[20]

## ווײַסרוסלאַנד

שוין אין עטלעכע טעג נאָכן אָנהייב פֿון דער מלחמה זײַנען די דײַטשן אַריבער די סאָוועטישע גרענעץ, ווי זי האָט עקסיסטירט ביז סעפּטעמבער 1939, און זײַנען אַרײַנגעטראָטן אויף דער אַלטער סאָוועטישער טעריטאָריע. ווײַסרוסלאַנד איז זייער שנעל געוואָרן אַ קרבן פֿון דער אָקופּאַציע. די עוואַקואַציע איז אויך דאָ דורכגעגאַנגען אין אַ סך ערטער כּמעט אויפֿן זעלבן אופֿן, ווי אין די נאָר וואָס פֿאַרלאָזענע געביטן פֿון מיזרח־פּוילן. כאַראַקטעריסטיש איז אין אָט דעם פּרט דער גורל פֿון ווײַסרוסלאַנדס הויפּטשטאָט, מינסק. אויך דאָ איז גאָרניט אויפֿגעטאָן געוואָרן פֿאַר דער עוואַקואַציע פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג. אין די באַדינגונגען פֿון אַן אײַליקער און אַ געניוג כאַאָטישער עוואַקואַציע פֿון דער אַרמיי און פֿון אַ טייל מלוכה־אינסטיטוציעס האָט קיינער אַפֿילו ניט געטראַכט וועגן דער ציווילער באַפֿעלקערונג. דאָס אַלץ איז זייער קאָלירפֿול באַשריבן אין איליאַ ערענבורגס ראָמאַן דער שטורעם און אין אַ ריי מעמואַרן־אַרבעטן. ווען אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די דײַטשן אַרײַנגעטריבן די מינסקער ייִדן אין געטאָ, האָט זייער צאָל דאָרט אויסגעמאַכט 75,000 אָדער 80,000[21] (די פֿאַרמלחמהדיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט באַטראָפֿן אַרום 90,000).

אין אַנדערע לפֿי־ערך גרעסערע שטעט פֿון ווײַסרוסלאַנד איז די לאַגע אָפֿט מאָל געווען ניט בעסער.[22]

וויפֿל זשע ווײַסרוסישע ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט דורך עוואַקואַציע און פּליטה? די אַלגעמיינע סך־הכּלען זײַנען אָפֿיציעל ניט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, אָבער דער פֿאָלקס־קאָמיסאַר פֿאַר אויסלענדישע ענינים פֿון דער ווײַסרוסישער סס״ר, ק. קיסיעליעוו, האָט אין זײַן שמועס אין סאַן־פֿראַנציסקאָ מיטן פֿאָרשטייער

פֿון דער ניו־יאָרקער צײַטונג דער טאָג, מ. דאַנציס, אָנגעוויזן, אַז „כּמעט די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון ווײַסרוסלאַנד איז אומגעבראַכט געוואָרן. פֿון די 800,000 מענטשן, וואָס זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין ווײַס־רוסלאַנד, זײַנען מער ווי אַ העלפֿט געווען ייִדן.[23] גלײַכצײַטיק האָט דער זעלבי־קער קיסיעליעוו אין אַ שמועס מיט פּרעסע־פֿאָרשטייערס „אָפּגעשאַצט די צאָל ייִדן, וואָס זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן אין מינסק במשך פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע, אויף 80% פֿון דער גאַנצער [פֿאַרמלחמהדיקער] ייִדישער באַפֿעל־קערונג. אין האָמעל — 90% און אין אָרשע איז פּאַקטיש אומגעבראַכט געוואָרן די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג".[24]

דער פֿאָרשטייער פֿון מאָרגן פֿרײַהייט, משה כּ"ץ, שמועסנדיק מיט קיסיע־ליעוון אין סאַן־פֿראַנציסקאָ, האָט דירעקט געשטעלט די פֿראַגע, וויפֿל ווײַס־רוסישע ייִדן זײַנען געבליבן לעבן. „אפֿשר הונדערט טויזנט, האָט שטיל גע־ענטפֿערט קיסיעליעוו, מיר וויסן ניט". 100,000 — באַמערקט מ. כּ"ץ — איז הייסט עס דער מאַקסימום פֿון די גרעאַטעוועטע פֿון אַ האַלבמיליאָניקער באַ־פֿעלקערונג פֿון ייִדן, וואָס האָבן במשך פֿון צענדליגגער דורות געלעבט אין ווײַסרוסלאַנד; די דײַטשע חיה האָט אומגעבראַכט 80% ווײַסרוסישע ייִדן.[25] דערבײַ זײַנען אין דער אָנגעוויזענער צאָל (100,000) אַרײַן ניט נאָר די ייִדן פֿון דעם אַלטן ווײַסרוסלאַנד, נאָר אויך די נײַ צוגעקומענע ייִדן פֿון די אַ"ג מערבֿ־ווײַסרוסישע געביטן, און ניט נאָר די געראַטעוועטע אַ דאַנק עוואַקואַציע אָדער פּליטה, נאָר אויך אַזוינע, וואָס זײַנען געבליבן גאַנץ אין דער אַרמיי אָדער אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

## אוקראַיִנע

דער בליק־כאַראַקטער פֿון דעם דײַטשן פֿאַרויסמאַרש האָט זיך אין אוקראַיִנע אַרויסגעוויזן ניט אין אַזאַ שטאַרקער מאָס, ווי אין די נײַע סאָוועטישע געביטן אָדער אין ווײַסרוסלאַנד. אַ סך גרויסע אוקראַיִנישע צענטערס זײַנען פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון די דײַטשן ערשט אין עטלעכע וואָכן, אייניקע אין עטלעכע חדשים נאָכן אָנהייב פֿון דער מלחמה. דאָ איז דעריבער געווען אַ סך מער מעגלעכקייטן זיך צוצוגרייטן צו דער עוואַקואַציע און צו געבן איר אַ מער פּלאַנמעסיקן כאַ־ראַקטער. בפֿרט איז דאָ געווען אַ מעגלעכקייט אָנצונעמען ספּעציעלע מיטלען צו עוואַקויִרן ייִדן ווי דעם ספּעציעל באַדראָטן טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג.

אָבער ידיעות וועגן דער עוואַקואַציע פֿון אוקראַיִנע זײַנען אפֿשר נאָך קאַרגער ווי די ידיעות וועגן דער עוואַקואַציע פֿון ווײַסרוסלאַנד. בפֿרט איז אין ערגעץ פּשוט ניטאָ קיין ידיעות וועגן דער עוואַקואַציע פֿון ייִדן. דאָס הייסט, אַז אַזאַ ספּעציעלע עוואַקואַציע פֿון ייִדן איז טאַקע ניט געווען. אָבער די אַלגעמיינע עוואַקואַציע פֿון מלוכישע אינסטיטוציעס און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען מיט אַ גרויסן טייל פֿון זייער פּערסאָנאַל (אָפֿט מאָל מיט די משפּחות) האָט דאָ אין אַ סך ערטער אָנגענומען אַ ברייטן כאַראַקטער. און די סאָציאַלע סטרוקטור פֿונעם אוקראַיִנישן ייִדנטום — אַ גרויסער פּראָצענט ייִדן צווישן מיטעלע און

העכערע מלוכה־אָנגעשטעלטע, צווישן דער אַקאַדעמישער און טעכנישער אינ־טעליגענץ און אַ קענטיקער אָנטייל פֿון ייִדן־אַרבעטערס אין דער אוקראַיִנישער שווערער אינדוסטריע — האָט מעגלעך געמאַכט, אַז ייִדן האָבן אויסגעמאַכט צווישן דעם עוואַקויִרטן טייל באַפֿעלקערונג אַ העכערן פּראָצענט ווי זייער חלק אינעם באַשטאַנד פֿון דער שטאָטישער (ועל אַחת כּמה וכמה פֿון דער גאַנצער) באַפֿעלקערונג. דער העכערער פּראָצענט ייִדן צווישן די עוואַקויִרטע איז אויך מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק דעם אומשטאַנד, וואָס פֿאַר אַ סך אָנגעשטעלטע און אַרבעטערס האָט די עוואַקואַציע ניט געטראָגן קיין אָבליגאַטאָרישן כאַראַקטער: מע האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו עוואַקויִרן מיט זייערע אינסטיטו־ציעס און אונטערנעמונגען, אָבער מע האָט זיי צו דעם ניט מחייבֿ געווען. אַ סך פֿון זיי — דער עיקר ניט־ייִדן — זײַנען טאַקע פֿאַרבליבן. אין אַזעלכע באַדינ־גונגען האָבן זיך אַמאָל געעפֿנט גרעסערע מעגלעכקייטן זיך צו עוואַקויִרן אויך פֿאַר אַזעלכע ייִדן־אַרבעטערס און אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן זיך ניט אַרײַנגע־פּאַסט אין די באַדינגונגען פֿון אַן אָבליגאַטאָרישער עוואַקואַציע.

אין דער סאָוועטישער קינסטלערישער ליטעראַטור איז דאָ אַ סך ווערק, וואָס שילדערן די טראַגישע מלחמה־יאָרן. אין אייניקע פֿון זיי ווערט געשילדערט אויך די עוואַקואַציע, אַ מאָל ווערט דער עוואַקואַציע אָפּגעגעבן אַ סך אויפֿמערק־זאַמקייט. אָבער כּמעט אומעטום איז דאָס נאָר אַ צוריקטריט פֿון מיליטער און אַן עוואַקואַציע פֿון רעגירונגס־אינסטיטוציעס און די וויכטיקסטע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען צוזאַמען מיט אַ טייל פּערסאָנאַל, אָבער אין ערגעץ באַגעגנט מען ניט אַפֿילו קיין רמז אויף דער עוואַקואַציע פֿון ייִדן.

אין דער פּרעסע איז, אמת, געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו פֿאַרצושטעלן אויפֿן סמך פֿון אַ קאָנקרעטן מאַטעריאַל אין אַן אַנדער ליכט די עוואַקואַציע פֿון ייִדן פֿון אוקראַיִנע אינעם אָנהייב־פּעריאָד פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה. ב. צ. גאָלדבערג, מיטאַרבעטער פֿון דער ניו־יאָרקער צײַטונג דער טאָג, האָט נאָך איינער פֿון זײַנע נסיעות קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד ווינטער 1947־1946 אָנ־געשריבן אַן אַרטיקל „ווי מע האָט עוואַקויִרט ייִדן בעתן קריג אין סאָוועט־רוסלאַנד". דער מחבר שרײַבט וועגן זײַנע אוקראַיִנער אײַנדרוקן. ער האָט זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע אויפֿצוקלערן, ווי איז געווען די פּאָליטיק פֿון דער מאַכט אין דער פֿראַגע פֿון עוואַקואַציע פֿון ייִדן און „ווי זי איז געווען אין די מייסטע פֿאַלן, אין די געוויינלעכסטע פֿאַלן. וועגן דעם האָב איך זיך דערפֿרעגט בײַ פֿאַרשיידענע מענטשן, ייִדן און גויים, אַרמיי־מענטשן און עוואַקויִרטע. אַלע האָבן געענטפֿערט, אַז די פּאָליסי איז געווען צו געבן ייִדן דעם פֿאָרצוג, אַרויס־צופֿאַקן די ייִדן וואָס פֿריִער, מחמת די נאַציס וועלן זיי אומברענגען". צום באַ־דויערן, פֿון אַלע אַרויסזאָגונגען פֿון זײַנע פֿילצאָליקע מיטשמועסערס וועגן דער ברייטער מיטווירקונג פֿון דער מאַכט צו עוואַקויִרן ייִדן ברענגט גאָלדבערג נאָר איין גבֿית־עדות פֿון הרב שעכטמאַן, וואָס האָט דערציילט גאָלדבערגן אין קיִעוו אָט וואָס:

לאַנגע צוגן, עשעלאָנען, זײַנען געשטאַנען בײַם וואָקזאַל, און אין גאַס

זײַנען אַרומגעגאַנגען מענטשן פֿון מיליץ און געטיילט „פּעסער", קאַרטלעך, צו פֿאָרן מיט די עשעלאָנען: נאַט, גייט און פֿאָרט אַרויס פֿון שטאָט; אָבער דער עולם האָט זיך ניט געכאַפּט צו פֿאָרן. מע האָט ניט געגלייבט, אַז דער שונא וועט שוין נעמען קיִעוו. מע האָט ניט געגלייבט, אַז דער שׂונא וועט בכלל נעמען קיִעוו. צו ייִדן האָט מען געזאָגט: דו ביסט דאָך אַ ייִד, דו וועסט זײַן דער ערשטער קרבן. נאַ, פֿאָר אַוועק. צו אים אַליין, צום רבֿ שעכטמאַן, איז מען געקומען צוויי מאָל צו דער טיר און געזאָגט: פֿאָר אַרויס, באַטיושקאַ, דו ביסט אַ ייִד, דיך וועט מען דעם ערשטן דערהרגענען — נאַ אַ בילעט, פֿאָר אַרויס. און ער איז טאַקע אַרויסגעפֿאָרן מיט דער גאַנצער פֿאַמיליע, וואָס זײַנען ניט געוועזן באַטייליקט אין קריג.[26]

מיליציאָנערן, וואָס גיבן פֿונאַנדער אין גאַס אויף רעכטס און אויף לינקס בילעטן אויף עוואַקואַציע אָדער וואָס ריידן אײַן דעם „באַטיושקאַ"־רבֿ (בײַ גאָלדבערגן שטייט טאַקע מיט ייִדישע אותיות „באַטיושקאַ") אַוועקצופֿאָרן — דאָס דאָזיקע בילד פֿון עוואַקואַציע רעדט פֿאַר זיך אַליין. אין דער גאַנצער דערציילונג פֿילט זיך אַן אָפֿיציעלע אויסטראַכטעניש, וואָס איז דערבײַ אויסגערעכנט אויף אַ צוהערער מיט ווייניק פֿאָדערונגען און אַ סך צוטרוי. דאָס איז אָבער די איינציקע דערציילונג וועגן דער עוואַקואַציע פֿון אוקראַיִנער ייִדן מיט פּרעטענזיעס אויף קאָנקרעטקייט, וואָס עס האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן אויסצוזוכן אין דעם דורכגעקוקטן מאַטעריאַל.

די לעגענדע, אַז די סאָוועטישע רעגירונג האָט אָנגענומען ענערגישע מיטלען צו ראַטעווען ייִדן בעת דער מלחמה, האָט מען מיט אַ באַזונדערער עקשנות פּראָפּאַגאַנדירט אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּרעסע אינעם ערשטן יאָר נאָכן פֿאַרענדיקן די מלחמה. די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ פּרווו אויסצובאַהאַלטן דעם אמתן פֿאַרנעם פֿונעם ייִדישן אומגליק. אין האַרבסט 1945 האָט איציק פֿעפֿער, פּאָלעמיזירנדיק מיט דער פּעסימיסטישער אָפּשאַצונג פֿון דער ייִדישער לאַגע אין אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד אינעם אַמעריקאַנער פֿאָרווערטס, צוגעשיקט דעם קאָמיטעט פֿון ייִדישע שרײַבערס, קינסטלערס און געלערנטע אין אַמעריקע אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט מודיע געווען, אַז די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון אָדעס האָט כּלומרשט ווידער דערגרייכט 45,000, די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון קיִעוו 50,000, די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון בערדיטשעוו 10,000 אאַז"וו.[27]

ס'איז כּדאַי צו פֿאַרצייכענען, אַז פֿעפֿער האָט נאָך פֿריִער אין אויגוסט 1944, ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון קיִעוו, איבערגעגעבן אויף אַ זיצונג פֿונעם פּרעזידיום פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, אַז די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון קיִעוו האָט דערגרייכט 30,000 (איינִיקייט, דעם 24סטן אויגוסט 1944); אַקעגן זשע האָט דער קיִעווער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער זעלבער צײַטונג געשריבן מיט נײַן חדשים שפּעטער, אַז די צאָל ייִדן אין קיִעוו „דערנעענטערט זיך צו 10,000" (איינִיקייט, דעם 25סטן מײַ 1945). און נאָך אַ בײַשפּיל פֿון פֿעפֿערס „ברייטקייט": די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון בערדיטשעוו האָט לויט פֿעפֿערן שוין אין אָקטאָבער 1945 צוריק דערגרייכט 10,000 (זען אויבן); אַקעגן

זשע האָט דער בערדיטשעווער קאָרעספּאָנדענט פֿון איינִיקייט געשריבן מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער וועגן 6,000 (איינִיקייט, דעם 5טן מאַרץ 1946).

דער בעסטער באַווײַז קעגן דער לעגענדע וועגן דער ענערגישער עוואַקו־אַציע פֿון די אוקראַיִנישע ייִדן איז דער ביטערער מזל פֿון די ייִדישע פֿאַרמערס אין אוקראַיִנע. אָן שום ספֿק האָט זיי געדראָט די גרעסטע געפֿאַר. אין די מלחמה־יאָרן פֿלעגן פֿון צײַט צו צײַט אָנקומען פֿון ראָטן־פֿאַרבאַנד ידיעות וועגן זייער גורל לויט וועלכע מען האָט געקאָנט האָפֿן, אַז אַ גרויסער טייל האָט זיך דאָך געראַטעוועט. אין אַ טעלעגראַמע פֿון קויבישעוו דעם 28סטן אַפּריל 1942 דער־ציילט דער ייִטאַ־קאָרעספּאָנדענט: „אַ צאָל ייִדישע קאָלאָניסטן פֿון נאַצי־אָקופּירטן אוקראַיִנע האָט זיך איצט באַזעצט אין סאַראַטאָווער געגנט בײַם וואָלגאַ־טײַך און די סאָוועטן־מאַכט האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט צו גרינדן קאָלעקטיווע ישובֿים". (JTA Daily News Bulletin, April 29, 1942)

דער טרויעריקער אמת איז קלאָר געוואָרן נאָך דער מלחמה — דער ווײַט גרעסטער טייל איז אומגעקומען. אין דער קאָלאָניע נײַ־וויטעבסק, סטאַלינדאָר־פֿער ראַיאָן, למשל, זײַנען פֿאַר דער מלחמה געווען 103 ייִדישע משפּחות. פֿון זיי זײַנען 93 (271 נפֿשות) אין איין טאָג, דעם 29סטן מײַ 1942 פֿון די דײַטשן דערהרגעט געוואָרן (איינִיקייט, פֿון 16טן יוני 1945). אין דער קאָלאָניע נײַ־קאָוונע, אויך סטאַלינדאָרפֿער ראַיאָן, האָט זיך קיין איין ייִד ניט געראַטעוועט און די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג איז אויסגעהרגעט געוואָרן דעם 25סטן מײַ 1942. אין איינִיקייט פֿון 16טן מײַ 1946 ווערט דערציילט, אַז אין קאַלינינדאָרפֿער ראַיאָן האָבן די „פֿאַשיסטישע באַנדיטן דערהרגעט אָן ערך 5,000 ייִדן. נאָך דער באַפֿרײַונג זײַנען פֿון אַלע עקן לאַנד צוריקגעקומען עוואַקויִרטע קאָלכאָזניקעס, צווישן זיי אויך ייִדן. איצט געפֿינען זיך אין דעם ראַיאָן אַ 250 ייִדישע משפּחות", ד"ה אָן ערך 700 נפֿשות. דאָס זײַנען די בעסטע ידיעות וועגן ייִדישן גורל אין אוקראַיִנע.

## רספֿס"ר

אין רספֿס"ר האָבן די דײַטשן אָקופּירט דער עיקר אַ ברייטן פּאַס לענג־אויס די גרענעצן פֿון ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע. די אָקופּאַציע פֿון אָט דער טערי־טאָריע האָט ניט געטראָגן אַזאַ בליץ־שנעלן כאַראַקטער ווי אין אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד. און די, וואָס האָבן געוואָלט אַנטלויפֿן, האָבן צו דעם געהאַט אַ סך מער מעגלעכקייטן און צײַט איידער אין די מערבֿדיקע גרענעץ־רעפּובליקן. אָבער וועגן דער עוואַקואַציע פֿון דעם דאָזיקן פּאַס און וועגן דעם אַנטלויפֿן פֿון דער באַפֿעלקערונג איז אין דרוק פֿאַראַן נאָך אַ סך ווייניקער ידיעות ווי וועגן דער עוואַקואַציע פֿון אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד.

עס קען אָבער ניט זײַן קיין ספֿק, אַז די עוואַקואַציע פֿון די דאָזיקע געביטן איז דורכגעפֿירט געוואָרן מיט מער הצלחה און אין אַ ברייטערן פֿאַרנעם ווי אין אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד און אַז דאָס האָט זיך גוט אָפּגערופֿן אויך אויף דער צאָל געראַטעוועטע ייִדן. אין דער ייִדישער פּרעסע זײַנען פֿאַראַן ניט ווייניק

ידיעות, וואָס פֿון זיי קען מען זען, אַז די עוואַקואַציע פֿון ייִדישע לאַנדווירט־שאַפֿטלעכע קאָלאָניעס אין קרים (אין די ראַמען פֿון דער אַלגעמיינער עוואַקו־אַציע פֿון קאָלווירטן, אָבער ס׳ווײַזט אויס, אין אַ ברייטערער מאָס בנוגע די ייִדישע קאָלווירטן) איז געווען אַ סך העכער, ווי דאָס איז מעגלעך געווען אין אַנדערע טיילן אוקראַיִנע.[28] אַ ברייטערן כאַראַקטער, ווי אין אוקראַיִנע און ווײַס־רוסלאַנד, האָט דאָ אויך אָנגענומען דאָס אַנטלויפֿן פֿון ייִדן. באַזונדערס כאַראַק־טעריסטיש איז אין דעם פּרט ראָסטאָוו, וואָס איז צוויי מאָל פֿאַרנומען געוואָרן פֿון די דײַטשן: דאָס ערשטע מאָל אין דער צווייטער העלפֿט נאָוועמבער 1941, ווען די דײַטשן האָבן געמוזט נאָך עטלעכע טעג פֿאַרלאָזן די שטאָט, און דאָס צווייטע מאָל זומער 1942. בײַ דער ערשטער אָקופּאַציע איז אַ גרעסערע צאָל פֿון דער ראָסטאָווער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿאַרכאַפּט געוואָרן אין שטאָט. די שווערע לעקציע פֿון די עטלעכע טעג דײַטשער אָקופּאַציע איז געווען גענוג, אַז ערבֿ דער צווייטער אָקופּאַציע זאָל אַ גרויסע מאַסע ייִדן אַנטלויפֿן. און מער ווי אַ העלפֿט ייִדן, ווי ס׳ווײַזט אויס, האָט באַוויזן צו פֿאַרלאָזן די שטאָט, צום טייל האָבן זיי זיך עוואַקויִרט מיט די רעגירונגס־אינסטיטוציעס און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, צום טייל האָט זיך זיי אײַנגעגעבן צו אַנטלויפֿן. שפּעטער האָט די סאָוועטישע ייִדישע פּרעסע געשריבן, אַז פֿון די 40,000 פֿון דער פֿאַרמלחמה־דיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון ראָסטאָוו האָבן די דײַטשן אומגעבראַכט אין שטאָט 18,000.[29] צי אַלע עוואַקויִרטע אָדער אַנטלאָפֿענע האָבן זיך באמת באַוויזן צו ראַטעווען אָדער אַ טייל פֿון זיי איז פֿאַרכאַפּט און אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דײַטשן אין אַנדערע ערטער, ווי עס איז אומגעבראַכט געוואָרן אין דער קובאַנער געגנט אַ טייל עוואַקויִרטע פון די ייִדישע קאָלאָניעס אין קרים אָדער ווי עס זײַנען אויסגעשאָסן געוואָרן לעבן דער סטאַנציע מינעראַלניע וואָדי (צפֿון־קאַווקאַז) 6,000 פֿון דער ייִדישער אַקאַדעמישער אינטעליגענץ, וואָס מע האָט עוואַקויִרט פֿון לענינגראַד — דאָס איז איצט ניט מעגלעך פֿעסטצושטעלן. און שוין גאָר קיין שום ידיעות זײַנען ניטאָ וועגן עוואַקואַציע אָדער אַנטלויפֿן פֿון ייִדן פֿון סמאָלענסקער, בריאַנסקער, קורסקער, וואָראָנעזשער און אַנדערע געביטן פֿון רספֿס״ר.

אויב מע קען אויפֿן סמך פֿון אָט די אָפּגעריסענע ידיעות האָבן אַן אַלגעמיינע פֿאָרשטעלונג וועגן די מאָסשטאַבן פֿון עוואַקואַציע און אַנטלויפֿן פֿון ייִדן פֿון די געביטן פֿון רספֿס״ר, וואָס זײַנען אָקופּירט געוואָרן פֿון די דײַטשע אַרמייען, קען מען, דאַכט זיך, זאָגן מיט מער אָדער ווייניקער זיכערקייט, אַז ניט ווייניקער ווי אַ העלפֿט פון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון די דאָזיקע געביטן האָט זיך געראַטעוועט דורך עוואַקואַציע אָדער דורך אַנטלויפֿן.

לאָמיר פּרוּוון אונטערפֿירן אַ געוויסן סך־הכל.

וועגן אַ פּלאַנמעסיקער עוואַקואַציע פֿון ייִדן, ווי דעם על־פּי־רובֿ באַדראָטן טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג, איז אין ערגעץ ניט געווען קיין רייד. דאָס אַנט־לויפֿן פֿון ייִדן פֿאַר די פֿאָרויסגייענדיקע דײַטשע אַרמייען האָט אין אַ סך ערטער געטראָגן אַ מאַסן־כאַראַקטער. אָבער אין די אַנעקסירטע סאָוועטישע געביטן,

אין גאַנץ ווײַסרוסלאַנד און אין אַ גרויסן טייל רעכטברעגיקער אוקראַינע (צו מערבֿ פֿונעם דניעפּער), האָט דאָס אַנטלויפֿן ווייניק וואָס געהאָלפֿן. די דײַטשע אַוואַנגאַרד־טיילן האָבן גיך אַריבערגעיאָגט די אַנטלאָפֿענע, וואָס פֿלעגן אָדער אומקומען, אָדער זיך מוזן אומקערן אַהין, פֿון וואַנען זיי זײַנען אַנטלאָפֿן. פֿאַר די פּליטים פֿון די אַנעקסירטע סאָוועטישע געביטן איז צו דעם צוגעקומען נאָך איין פֿײַנלעכער אומשטאַנד: די פֿון די פּליטים, וואָס זיי האָט זיך אײַנגעגעבן צו דערגיין ביז דער אַלטער סאָוועטישער גרענעץ, האָבן דאָרט אָנגעטראָפֿן אויף אַ סאָוועטישן באַריער און מע האָט זיי ווײַטער ניט דורכגעלאָזט.

אין דער לינקברעגיקער אוקראַינע (צו מיזרח פֿונעם דניעפּער) האָט זיך געשאַפֿן אַ ווייניקער פֿאַרצווייפֿלטע לאַגע. אויך דאָ איז ניט געווען קיין ספּעציעלע מאַסן־עוואַקואַציע פֿון ייִדן. אָבער אַ סך פֿון זיי האָבן זיך באַוויזן צו עוואַקויִרן אין די ראַמען פֿון ברייט דורכגעפֿירטער עוואַקואַציע פֿון רעגירונגס־אינסטיטוציעס און פֿון אינדוסטריעלע און אַנדערע אונטערנעמונגען. די שאַנסן פֿון אַנטלויפֿן זײַנען דאָרט אויך געווען אַ סך גרעסער. און אויב אין די אַנעקסירטע סאָוועטישע געביטן איז פּראַקטיש די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון די דײַטשן און אין ווײַסרוסלאַנד און דער רעכטברעגיקער אוקראַינע איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן אַ גרויסע מערהייט (אפֿשר ניט ווייניקער ווי פֿיר פֿינפֿטל), האָט אין דער לינקברעגיקער אוקראַינע און אין די אָקופּירטע געביטן פֿון רספֿס״ר אַ גרויסע צאָל ייִדן (אין די אָקופּירטע געביטן פֿון רספֿס״ר אפֿשר ביז אַ העלפֿט און מערער) באַוויזן זיך צו ראַטעווען דורך עוואַקואַציע און אַנטלויפֿן.

## הערות

[1] Kurt von Tippelskirch, *Geschichte des zweiten Weltkrieges.* Bonn, 1951, SS. 213–221.

אָט ווי אַזוי די נײַסטע סאָוועטישע געשיכטע כאַראַקטעריזירט דעם סך־הכּל פֿון די קאַמפֿן אויפֿן דײַטש־סאָוועטישן פֿראָנט אין די ערשטע צוויי און אַ האַלב וואָכן פֿון דער מלחמה:

„דאָס מיליטער האָט געליטן ערנצטע מפּלות אין די ערשטע שלאַכטן און איז געווען געצווונגען אָפּצוטרעטן. נאָכן 9טן יולי האָט זיך דער פֿראָנט איבערגערוקט פֿון די מערבֿ־גרענעצן אויף 350—600 קמ צום צפֿון־מיזרח און מיזרח. ער האָט זיך געצויגן אויף דער ליניע פּסקאָוו, וויטעבסק צום דרום פֿון דניעפּער ביז רעטשיצע און לענג אויס די טײַכן פּרוט און דונײַ ביזן שוואַרצן ים. דער שׂונא האָט פֿאַרכאַפּט לאַטוויע, ליטע, ווײַסרוסלאַנד, אַ גרויסן טייל פֿון אוקראַינער סס״ר און אַ טייל מאָלדאַוויע. עס האָט געדראָט, אַז דאָס דײַטשע פֿאַשיסטישע מיליטער זאָל זיך דורכרײַסן אויף לענינגראַד, סמאָלענסק, קיעוו“.

(Вторая мировая война 1939-1945 гг. Военно-исторический очерк под редакцией Платонова, Военное издательство Министерства обороны СССР, Москва, 1958, стр. 196-197.)

[2] „קאָמוניקאַט פֿון דער אויסעראָרדנטלעכער מלוכישער קאָמיסיע פֿעסטצושטעלן און אויסצופֿאָרשן די פֿאַרברעכנס פֿון די פֿאַשיסטישע פֿאַרכאַפּערס“, פּראַוודאַ פֿונעם 13טן סעפּטעמבער 1945.

[3] ל. זינגער, דאָס באַנײַטע פֿאָלק. מאָסקווע, 1941, ז׳ 136.

[4] די צאָל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון דער סאָוועטישער זאָנע אין פּוילן זען ז׳ 15: פֿון ליטע (ביזן אָנשלוס פֿונעם ווילנער ראַיאָן), לעטלאַנד און עסטלאַנד זען American

Jewish Yearbook, 1947–48; published by the American Jewish Committee, p. 740; פֿון צפֿון־בוקאָווינע און בעסאַראַביע *The Jews in the Soviet Satellites,* by Peter Meyer a.o., p. 505.

[5] פֿאַר ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע איז אָנגענומען די צאָל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿונעם 17טן יאַנואַר 1939, ניט נעמענדיק אין חשבון דעם נאַטירלעכן צוווּקס פֿאַר די כּמעט צוויי אַ האַלב יאָר ביזן אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה.

די אַלגעמיינע צאָל ייִדן אין די אָקופּירטע פֿון די דײַטשן פּסקאָווער, נאָווגאָראָדער, סמאָלענסקער, בריאַנסקער, אָרלאָווער, קורסקער און וואָראָנעזשער געביטן, אינעם דאָנער קרײַז און אין קרים האָט באַטראָפֿן, לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1926, 184,000 (באַרעכנט לויט דער אַלפֿאַרבאַנדישער פֿאָלקסציילונג פֿונעם 17טן דעצעמבער 1926. מאָסקווע 1928, פֿערטער אַרויסלאָז, ז׳ 46 און ווײַטער). די אַלגעמיינע ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון רספֿס״ר האָט באַטראָפֿן 566,900. צום מאָמענט פֿון דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1939 איז די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון רספֿס״ר אויסגעוואַקסן ביז 948,000 (ל. זינגער, דאָס באַנײַטע פֿאָלק, ז׳ 126), ד״ה מער ווי אָנדערטהאַלבן מאָל. די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון די אויסגערעכנטע געביטן האָט דעריבער באַין אופֿן ניט געקענט אין 1939 זײַן קלענער פֿון 250,000 און חוץ די אָנגערופֿענע געביטן האָבן די דײַטשן טיילווײַז פֿאַרנומען אויך אייניקע אַנדערע געביטן פֿון רספֿס״ר, אמת מיט אַ לפֿי־ערך קליינער ייִדישער באַפֿעלקערונג. די אַלגעמיינע צאָל פֿון דער פֿאַרמלחמהדיקער אָרטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג אויף דער טעריטאָריע פֿון רספֿס״ר, וואָס איז אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע, איז מן הסתם געווען מער ווי 250,000 און האָט אפֿשר דערגרייכט 275,000.

6 Eugene M. Kulisher, "Three-Fifth of Europe's Jews Now in USSR. War Shifted Jewish Population Eastwards," *Rescue,* Information Bulletin of the Hebrew Sheltering and Immigrant Aid Society (HIAS), July-August 1946, vol. III, No. 7–8, p. 2.

7 Eugene M. Kulisher, *Europe on the Move, War and Population Changes,* 1917–1947. New York, 1948, p. 260.

[8] משה קאַגאַנאָוויטש, דער ייִדישער אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג פֿון סאָוועט־רוסלאַנד, רוים, 1948, ז׳ 188.

9 Moses Miller, *Soviet Anti-Semitism — the Big Lie.* New York, 1949, p. 21.

[10] משה קאַגאַנאָוויטש, די מלחמה פֿון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין מיזרח־אייראָפּע, בוענאָס־אײַרעס, 1956, ב׳ 1, זז׳ 369־370.

[11] דאָס דאָזיקע קאַפּיטל חזרט איבער מיט גרעסערע קיצורים און קליינע מילואים די זז׳ 239־262 פֿון מײַן בוך Антисемитизм в Советском Союзе.

[12] ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי, ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום, פּאַריז, 1948, ז׳ 24.

[13] ש. קאַטשערגינסקי, צווישן האַמער און סערפּ, פּאַריז, 1949, ז׳ 27.

[14] יוסף גאַר, אומקום פֿון דער ייִדישער קאָוונע, מינכען, 1948, זז׳ 31־32.

[15] יעקבֿ ראַסען, מיר ווילן לעבן, ניו־יאָרק, 1949, זז׳ 22־29.

16 Stefan Szende, *Der letzte Jude aus Polen.* Zürich-New York, 1945, S. 136; English edition: *The Promise Hitler Kept.* London, 1945, p. 124.

17 Dr. Filip Friedman, *Zagłada Żydów lwowskich w okresie okupacji niemieckiej.* 2 ed., 1947, p. 7.

[18] סראָלקע קאָט, חורבן ביאַליסטאָק, בוענאָס־אײַרעס, 1947, זז׳ 11־17; רפֿאל רײַזנער, דער אומקום פֿון ביאַליסטאָקער ייִדנטום, מעלבורן, 1948, זז׳ 34־36; ד״ר שמעון דאַטנער, „דער חורבן פֿון דער ייִדישער ביאַליסטאָק און די אַרומיקע ייִדישע ייִשובֿים“, ביאַליסטאָקער שטימע, סעפּט׳־אָקט׳ 1946, ז׳ 20.

[19] ש. דאַטנער, דצ״ו, ז׳ 18־19.

[20] טאַניאַ פֿוקס, דצ״ו, ז׳ 112.

[21] ה. סמאָליאַר, פֿון מינסקער געטאָ, מאָסקווע, 1946, ז׳ 15. סמאָליאַר גיט אָן 80,000 ייִדן

אין מינסקער געטאָ. דער פֿאָלקס־קאָמיסאַר פֿאַר אויסלענדישע ענינים פֿון ווײַסרוסלאַנד קוזמאַ קיסיעליעוו האָט אין אַ שמועס מיטן קאָרעספּאָנדענט פֿון מאָרגן פֿרײַהייט משה כּץ אין סאַן־פֿראַנציסקאָ אָנגערופֿן אַ ביסל אַן אַנדער צאָל: די דײַטשן האָבן אַרײַנגעטריבן אין געטאָ 75,000 מינסקער ייִדן, אָבער צוזאַמען מיט די ייִדן פֿון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, וואָס די דײַטשן האָבן אָנגעהויבן צונויפֿטרײַבן קיין מינסק, האָט די געטאָ־באַפֿעלקערונג שוין סוף יולי 1941 דערגרייכט 100,000 (מאָרגן פֿרײַהייט פֿון 23סטן מײַ 1945).

[22] זען מײַן בוך .Антисемитизм..., стр. 246-249

[23] דער טאָג פֿון 25סטן מײַ 1945.

[24] *JTA News Bulletin*, May 25, 1945.

[25] מאָרגן פֿרײַהייט פֿון 25סטן מײַ 1945.

[26] דער טאָג פֿון 21סטן פֿעברואַר 1947.

[27] אי. פֿעפֿער, „סאָוועטן ראַטעווען אַנדערטהאַלבן מיליאָן ייִדן, פֿאַרוואָרטס קען עס גיט פֿאַרטראָגן“, מאָרגן פֿרײַהייט פֿון 21סטן אָקטאָבער 1945.

[28] S. Schwarz, *The Jews in the Soviet Union*. Syracuse University Press, 1951, p. 198.

[29] ו. וואַטין, „ראָסטאָוו ווערט אויפֿגעריכט“, אייניקייט פֿון 26סטן מײַ 1945.

קאַפּיטל דרײַ

# אויף אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע

## 1. פּאַרטיליקונג פֿון ייִדן

די היטלערישע פּאָליטיק פֿון אומברענגען דאָס ייִדנטום האָט זיך אויסגעאַרבעט ניט מיט איין מאָל. אין די ערשטע יאָרן נאָך די היטלערס קומען צו דער מאַכט האָט ער זיך נאָך ניט געשטעלט פֿאַר אַ ציל סיסטעמאַטיש אומצוברענגען די ייִדן; ער האָט געזען די לייזונג פֿון דער ייִדן־פֿראַגע אין דײַטשלאַנד אין שאַפֿן פֿאַר ייִדן אוממעגלעכע עקסיסטענץ־באַדינגונגען און פֿולשטענדיק זיי אַרויסשטויסן פֿון דײַטשלאַנד דורך צווינגען זיי צו עמיגרירן אָדער דורך אַרויסשיקונגען און דעפּאָרטאַציעס. אָבער אין אָנהייב פֿון דער צווייטער העלפֿט 1938 האָט מען שוין אָנגעהויבן צוצוגרייטן אַ פּראָיעקט ווי אומצוברענגען די ייִדן אין פֿאַל פֿון אַ מלחמה. אין דער צײַטונג דער שוואַרצער קאָר, אָרגאַן פֿון עס־עס, וואָס האָבן געזאָלט דורכפֿירן די פּאָליטיק פֿון אומברענגען די ייִדן, איז שוין דעם 24סטן נאָוועמבער 1938 אָפֿן געמאָלדן געוואָרן, אַז אויב עס זאָל קומען צו אַ מלחמה, וועלן אַלע ייִדן, וואָס וועלן ביז דעם דאַזיקן מאָמענט ניט באַוויזן צו פֿאַרלאָזן דײַטשלאַנד, אומגעבראַכט ווערן.[1] דעם 30סטן יאַנואַר 1939 האָט אָט דער געדאַנק געפֿונען אַן אויסדרוק אויך אין היטלערס רײַכסטאַג־רעדע; דאָ האָט שוין היטלער גערעדט וועגן פֿאַרניכטן די ייִדן ניט נאָר אין דײַטשלאַנד, נאָר אומעטום אין גאַנץ אייראָפּע. דאָך איז צום אָנהייב פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה נאָך אַלץ פֿאַרבליבן עפּעס אַ ניט־דעררעדקייט אין דער דאָזיקער אײַנשטעלונג. און אין דער היטלערישער אַנטי־ייִדישער פּאָליטיק האָט דער געדאַנק וועגן דער פֿולער פֿיזישער פֿאַרניכטונג פֿון די ייִדן זיך איבערגעפֿלאָכטן מיטן געדאַנק וועגן זייער איזאָלאַציע אין געטאָס און אַרבעטס־לאַגערן און וועגן שאַפֿן אַ ספּעציעלן ייִדישן „רעזערוואַט״. צו דער צײַט פֿון דײַטשלאַנדס אָנפֿאַל אויפֿן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז פֿון אָט די וואַקלענישן ניט פֿאַרבליבן קיין סימן. דער געדאַנק פֿיזיש אומצוברענגען די ייִדן האָט געזיגט. דערווײַל האָט מען נאָך געוואָלט לאָזן לעבן די אַרבעטספֿעיִקע ייִדן, וואָס מע קען זיי נאָך אויסנוצן פֿאַר דער דײַטשער מלחמה־עקאָנאָמיע.

דאָס אומברענגען די ייִדן האָט זיך אָנגעהויבן תּיכּף נאָך דעם, ווי די היטלערישע אַרמייען זײַנען אַרײַן אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע. אָנגעהויבן האָט

זיך דאָס אויף עפּעס אַ כאַאָטישן אופֿן און מיט אַן אויסערגעוויינלעכן ברייטן שוווּנג. יוסף שעכטמאַן האָט זייער טרעפֿלעך פֿאַרצייכנט איין שטריך פֿון דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון ייִדן־פֿאַרטיליקונג, ווי זי איז דורכגעפֿירט געוואָרן אין די אָקופּירטע ראַיאָנען פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד: „צום אונטערשייד פֿון די אַנדערע אָקופּירטע לענדער, ווו די עלימינירונג פֿון די ייִדן איז געווען צעטיילט אויף באַזונדערע פּעריאָדן, אָנהייבנדיק פֿון יורידישע באַגרענעצונגען, געטאָיזאַציע און צוואַנגסאַרבעט, און האָט דערגרייכט איר העכסטן פּונקט אין דעפּאָרטאַציעס און פֿאַרלענדונג, איז אין רוסלאַנד פֿון אָנהייב אָן געווען אַ קאָמבינאַציע פֿון די דאָזיקע גענג. זיי האָבן וואַריִרט לויט די ראַיאָנען און אָפּט מאָל אַפֿילו אין אַן איינציקער שטאָט.[2]

אַן אַנדער כאַראַקטעריסטישער שטריך פֿון אָט דער פּאָליטיק איז געווען די ענגע דורכפֿלעכטונג פֿון דער פֿאַרטיליקונג פֿון ייִדן מיט דער פֿאַרטיליקונג פֿון „קאָמיסאַרן“, וועמען מע האָט באַצייכנט ווי „די טרעגערס פֿון דער ייִדיש־באָלשעוויסטישער סיסטעם“, מיט זייער אַ ברייטער אויסטײַטשונג פֿונעם באַגריף „קאָמיסאַרן“. די פֿאַרשפּיצטקייט פֿון אָט דער פּאָליטיק קעגן „קאָמיסאַרן און ייִדן“ האָט צוגעגעבן עפּעס אַ צוגאָב־שאַרפֿקייט אויך דער פֿאַרטיליקונג פֿון די ייִדן און האָט לײַכטער געמאַכט די פֿונאַנדערוויקלונג פֿון דער פּאָגראָם־סטיכיע. צו דער דאָזיקער צײַט איז שוין אין דײַטשלאַנד דורכגעפֿירט געווען זייער אַן אינטענסיווע „אידעאָלאָגישע“ קאַמפּאַניע, וואָס האָט געדאַרפֿט צוגרייטן די אַרמיי און די ספּעציעלע אָפּטיילונגען, וואָס זיי איז קודם־כּל איבערגעגעבן געוואָרן צו פֿאַרטיליקן „קאָמיסאַרן און ייִדן“ און דורכצופֿירן פּאָגראָם־אויפֿגאַבעס. אין אָט דער קאַמפּאַניע איז דאָס אומברענגען די ייִדן — אָדער ייִדן און קאָמיסאַרן — אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ מאָראַלישן אָרעאָל, און בפֿרט דער יוגנט האָט מען איינגערעדט, אַז הרגענען ייִדן איז בכלל ניט קיין מאָרד:

אין דער צווייטער העלפֿט 1941 האָט דער גאַוליייטער פֿון שטעטין געזאָגט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון דער היטלער־יוגנט, אַז דער חובֿ פֿון יעדן מיטגליד איז צו דערהרגענען לפּחות איין ייִדישן באָלשעוויק. דאָס, האָט ער געזאָגט, וועט מאַכן פֿון אַ היטלער־יוגנטלעכן אַ צוגעגרייטן דײַטשן זעלנער. די סאָוועטישע פּרעסע האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אויסצוגן פֿון אַ טאָגבוך פֿון אַ דײַטשן קריגס־געפֿאַנגענעם, אין וועלכן ער האָט געשריבן, אַז אין הסכּם מיט דעם פֿירערס ווּנטש האָט ער דערהרגעט 250 ייִדן אין רוסלאַנד מיט זײַנע אייגענע הענט. לייטענאַנט פּאַול מילדקראַוז, אַ קריגס־געפֿאַנגענער, ווען מע האָט אים געפֿרעגט, וואָס ווייס ער וועגן די דײַטשע מאַסנמאָרדן, האָט ער געענטפֿערט אַזוי:
— אַלץ וואָס איך ווייס איז, אַז מיר האָבן באַוווּסטזיניק אויסגעפֿירט דעם פֿירערס באַפֿעלן. מיר האָבן צוגעגרייט דעם גרונט פֿאַר דער ממשלה פֿונעם דײַטשן רײַך.
— אָבער איר האָט געהרגעט אומשולדיקע מענטשן.
— מיר האָבן געהרגעט ייִדן, האָט מילדקראַוז געענטפֿערט.[3]

דער הויפּטאָרגאַן דורכצופֿירן אין לעבן די פּאָליטיק פֿון ייִדן־פֿאַרטיליקונג זײַנען געווען די עס־עס. מיט די ראָשי־תּיבֿות עס־עס פֿלעגט מען באַצייכענען די

Schutzstaffel, היטלערס פּערזענלכעע וואַך. אָבער מיט דער צײַט, און באַזונדערס בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, זײַנען זיי אויסגעוואַקסן ווי אַ קאָלאָסאַלע אָרגאַניזאַציע, געוואָרן אַן אייגנאַרטיקע מלוכה אין דער מלוכה.

## די ראָלע פֿון דער אַרמיי

אָבער אויך די אַרמיי האָט דערבײַ ניט געהאַט בלויז די ראָלע פֿון אַ פּאַסיוון אָבסערוואַטאָר. אין די ערשטע חדשים פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז זייער אָנזעעוודיק געווען דער אָנטייל פֿון דער אַרמיי אין די מאַסן־געוואַלדאַקטן קעגן די ייִדן אין פּוילן. ג. רײַטלינגער באַמערקט, אַז די שפּעטערדיקע פּרוּוון פֿון דײַטשע גענעראַלן אַרויפֿצוּוואַרפֿן אויף די עס־עס די גאַנצע אַחריות פֿאַר די אַכזריותן פֿונעם אָנהייב־פּעריאָד פֿון דער מלחמה זײַנען שוין דערמיט ניט ריכטיק, ווײַל אין אָט דעם פּעריאָד איז גאָר געווען אַ לפּי־ערך קליינע צאָל עס־עס. ווען עס זאָל זײַן אמת, אַז אַלע אַכזריותן, וואָס מע האָט אויסגעפֿירט קעגן די ייִדן אין פּוילן, גייען אויפֿן חשבון פֿון די עס־עס, דעמאָלט האָבן די עס־עס־לײַט געמוזט אויסאַרבעטן אַ גאָר באַזונדערן טאַלאַנט צו זײַן אומעטום אין דער זעלבער צײַט. אין יענער צײַט האָט די עס־עס פֿאַרמאָגט אַרום און אַרום, אַרײַנגערעכנט די רעזערוו־אָפּטיילונגען און די פֿאַרבאַנדן פֿון טויטן־קאָפּ, וואָס זײַנען דאָס רובֿ געווען פֿאַרנומען מיט באַוואַכן קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דײַטשלאַנד, 26,000 מאַן; זי איז ניט געווען אימשטאַנד אַרויסצושטעלן אַפֿילו קיין איין־איינציקע אינפֿאַנטעריע־דיוויזיע.[4] דער אָנטייל פֿון דער אַרמיי אין מאַסן־געוואַלדאַקטן קעגן פּוילישע ייִדן — אין אַ כאַאָטישער, האַלב־פּאָגראָם־פֿאָרעם — קען ניט אַרויסרופֿן קיין ספֿקות.

צום מאָמענט פֿון דײַטשלאַנדס אָנפֿאַל אויפֿן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז די דאָזיקע פּאָליטיק שוין געווען פֿעסט אײַנגעשטעלט און האָט געפֿונען איר אויסדרוק אין אַ ריי דאָקומענטן. פֿון זיי זײַנען די ווײַטערדיקע די סאַמע וויכטיקסטע:

דעם 13טן מאַרץ 1941, מער ווי דרײַ חדשים פֿאַרן אָנפֿאַל אויפֿן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, האָט די אייבערקאָמאַנדע פֿון דער דײַטשער ווערמאַכט אַרויסגעשיקט אַ שטרענג געהיימע אינסטרוקציע פֿאַר די העכערע קאָמאַנדירן, געחתמעט פֿונעם פֿעלדמאַרשאַל ווילהעלם קײַטל (זי איז צוגעשטעלט געוואָרן דורך ספּעציעל אַרויסגעשיקטע אָפֿיצערן). עס האָט זיך אין איר גערעדט וועגן דער פּאָליטיק, וואָס די אַרמיי וועט דאַרפֿן דורכפֿירן אויף דער אָקופּירטער רוסישער טעריטאָריע. די אינסטרוקציע האָט געגעבן פֿולע פֿרײַהייט פֿון דער אַקציע די עס־עס־לײַט ניט נאָר אין די ראַיאָנען, וואָס וועלן פֿאַרבלײַבן אין הינטערלאַנד פֿון דער פֿאָרויסגייענדיקער אַרמיי און וועלן איבערגיין אין רשות פֿון דער ציווילער אַדמיניסטראַציע, נאָר אויך אין די ראַיאָנען, וואָס וועלן זיך געפֿינען אין דער דירעקטער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער מיליטערישער מאַכט:

> אינעם אָפּעראַציע־געביט פֿון דער אַרמיי באַקומט דער רײַכספֿירער־עס־עס באַזונדערע אויפֿגאַבעס לויטן אויפֿטראָג פֿונעם פֿירער, וואָס דרינגען אַרויס פֿונעם פֿאַרשטייענדיקן ענדגילטיקן קאַמף צווישן צוויי

> היפּוכדיקע פּאָליטישע סיסטעמען. אין די ראַמען פֿון די דאָזיקע אויפֿגאַבעם האַנדלט דער רײַכספֿירער־עס־עס זעלבשטענדיק און אויף אייגענער אחריות...[5]

אָבער אויך אין דער סבֿיבֿה פֿון די אַרמײַ־אָנפֿירערס (אמת, אונטער היטלערס דירעקטן דרוק) זײַנען אַרײַנגעדרונגען עקסטרעמע שטימונגען, וואָס האָבן געהערשט אין דער עס־עס־סבֿיבֿה. זייער אַ בולטער אויסדרוק פֿון די דאָזיקע שטימונגען איז דער פּראָיעקט פֿונעם באַפֿעל וועגן דער „באַהאַנדלונג פֿון פֿײַנדלעכע לאַנד־אײַנוווינערס און קרימינעלע מעשׂים פֿון די מיליטער־אָנגעהעריקע קעגן פֿײַנדלעכע לאַנד־אײַנוווינערס אינעם אָפּעראַציע־געביט פֿון דער אונטערנעמונג ‚באַרבאַראָסאַ‘". דעם פּראָיעקט האָט אויסגעאַרבעט די מיליטערישע אייבערקאָמאַנדע דעם 6טן מײַ 1941 און איבערגעשיקט אים פֿאַר דער ווײַטערדיקער באַטראַכטונג. דער דאָזיקער פּראָיעקט האָט לכתּחילה פֿאָרויסגעזען אַ ברייטן אָנטייל פֿון מיליטער אין פֿאַרטיליקונגס־אַקציעס קעגן ייִדן און קאָמיסאַרן און האָט כּמעט גאַראַנטירט אַ פּאַקטישע אומבאַשטראָפֿטקייט די אָנטיילנעמערס פֿון אַט די פֿאַרברעכנס:

> פֿאַרברעכנס וואָס אַרמײַ־אָנגעהעריקע באַגייען צוליב פֿאַרביטערונג איבער די גרויל־מעשׂים אָדער צעשטערערישער אַרבעט פֿון די פֿאַרטרעטערס פֿון דער ייִדיש־באָלשעוויסטישער סיסטעם, דאַרפֿן ניט פֿאַרפֿאָלגט ווערן, סײַדן דאָס אײַנהאַלטן דיסציפּלין זאָל אין איינצלנע פֿאַלן פֿאָדערן אַן אַרײַנמישונג אין די פֿאַלן, ווו דער סטימול פֿון דער פֿאַרביטערונג טרעט ערשט אַרויס בעת דער הויפּט־פֿאַרהאַנדלונג פֿון אַ מיליטערישן פֿעלד־געריכט, זײַנען די קאָמאַנדירן, וועמען איך האָב איבערגעגעבן דאָס רעכט צו באַשטעטיקן, פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם, אַז נאָר אַזעלכע אורטיילן זאָלן ווערן באַשטעטיקט, וואָס שטייען אין אַ פֿולן הסכּם מיט די געבראַכטע מיליטערישע און פּאָליטישע ריכטליניעס.[6]

דער דאָזיקער פּראָיעקט האָט געדינט פֿאַרן יסוד פֿאַר היטלערס באַפֿעל פֿון 13טן מײַ 1941 וועגן דער „באַהאַנדלונג פֿון פֿאַרברעכנס פֿון די ווערמאַכט־אָנגעהעריקע קעגן די לאַנד־אײַנוווינערס". אין דעם דאָזיקן באַפֿעל איז כּדאַי צו פֿאַרצייכענען די קאַטעגאָרישקייט פֿון דער פֿאָרמולירונג, אַז פֿאַרברעכנס, וואָס דאָס מיליטער באַגייט קעגן פֿײַנדלעכע ציווילע פּערזאָנען, דאַרפֿן ניט פֿאַרפֿאָלגט ווערן, אַפֿילו דעמאָלט ניט, ווען דערמיט באַגייט מען מיליטערישע פֿאַרברעכנס.[7]

ס׳וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אַזאַ באַפֿעל אָדער ענלעכע באַפֿעלן האָבן ניט אַרויסגערופֿן קיין אומצופֿרידנקייט און צײַטנווײַז אויך קיין אויפֿגעבראַכטקייט אין דער סבֿיבֿה פֿון די העכערע דײַטשע אָפֿיצערן.[8] אָבער קײַטעל, וואָס האָט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער התמדה נאָכגעפֿאָלגט היטלערס אָנווײַזונגען, האָט דורכגעפֿירט זייער קאָנסעקווענט די אויבן כאַראַקטעריזירטע פּאָליטיק.

די מיליטערישע קאָמאַנדע, ווי מען קען זען פֿון די געבראַכטע דאָקומענטן, האָט זיך בײַ צײַטנס געגרייט צו דעם, אַז דאָס מיליטער זאָל זיך אַקטיוו באַ־

טייליקן אין די פּאָגראָמען און פּאַרטיליקונג־אַקציעס אויף דער אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע און אַז זי איז גרייט געווען צו טאָלערירן געוואַלדאַקטן, אַפילו ווען פון שטאַנדפּונקט פון מיליטעריש־קרימינעלן רעכט זײַנען דאָס געווען פאַרברעכנס, נאָר די מורא, אַז די פונאַנדערגעבונדענע פּאָגראָם־סטיכיע קען נאָך אַ חלק מאַכן פון דער דיסציפּלין אין דער אַרמיי, האָט געצוווּנגען אַרײַנצונעמען די אומבאַשטראָפטקייט פון פאַרברעכנס אין געוויסע ראַמען.

די פּראַקטיק פון די ערשטע וואָכן פון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה האָט באַוויזן, אַז די דאָזיקע פּאָליטיק איז געפערלעך פאַר דער מיליטערישער דיסציפּלין, האָבן טאָקע די מיליטערישע אָרגאַנען אָנגעהויבן זיך קעגנשטעלן דעם דירעקטן אָנטייל פון מיליטער אין אַנטי־ייִדישע עקסצעסן. די אַרמיי אָבער האָט זיך פונדעסטוועגן ניט אָפּגעזאָגט צו נעמען אויף זיך אויסצופירן הילפס־אויפגאַבעס, וואָס האָבן לײַכטער געמאַכט די עס־עס זייער בלוטיקע טעטיקייט און האָט אַפילו ניט זעלטן זי סטימולירט. אין דײַטשע דאָקומענטן איז צעזייט אַ סך באַמערקונגען וועגן אַזאַ ראָלע פון דער אַרמיי. אָט זײַנען ווי אַ בײַשפּיל נאָר צוויי־דרײַ פון זיי.

אינעם באַריכט וועגן דער אויסראָטונג פון די ייִדן אין באָריסאָוו אין אָקטאָבער 1941 איז פאַרצייכנט:

> מע מוז צוגעבן, אַז דײַטשע זעלנערס האָבן באַקומען אַרום אָוונטצײַט אַ באַפעל צו בלאָקירן די געטאָ און ניט צו דערלאָזן, אַז ייִדן זאָלן פון דאָרט אַנטלויפן. ווי איך האָב געהערט פון אַן אונטעראָפיצער, האָט מען איבערגעגעבן, אַז עטלעכע ייִדן זײַנען געכאַפּט געוואָרן און מע האָט זיי איבערגעגעבן דער רוסישער זיכערקייט־פּאָליציי פאַר עקזעקוציע.[9]

עס איז אָבער געווען ערגערע פאַלן אויך. אינעם אורטייל פונעם מיליטער־געריכט אין נירנבערג אינעם פּראָצעס פון די אײַנזאַץ־גרופּעס (אָלענדאָרף א״אַ) לייענען מיר:

> אָנהייב דעצעמבער [1941] האָט דער קאָמאַנדיר פון דער 11טער אַרמיי, וואָס האָט זיך געפונען אין דער דאָזיקער געגנט [ד״ה סימפּעראָפּאָל], מודיע געווען דעם שעף פון אײַנזאַץ־קאָמאַנדע נומ׳ 11, אַז די אַרמיי דערוואַרט פון איר, זי זאָל דערהרגענען עטלעכע טויזנט ייִדן און ציגײַנערס פאַר ניטל... די איינציקע מניעה אויסצופירן דעם באַפעל איז פאַרן אָנפירער פון דער דאָזיקער קאָמאַנדע געווען אַ דוחק אין מענטשן און עקיפּירונג פאַר אַזאַ פאַרשנעלערטן אויפטראָג, אָבער ער האָט צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, וואָס עס וועט זײַן מעגלעך. ער האָט זיך געווענדעט צום אַרמיי־קוואַרטירמײַסטער און האָט באַקומען גענוג פּערסאָנאַל, לאַסט־אויטאָמאָבילן, ביקסן און אַמוניציע פאַר דעם בלוטיקן אַקט, וואָס איז טאַקע אויסגעפירט געוואָרן. די ייִדן און ציגײַנערס — מענער, פרויען און קינדער — זײַנען געווען אין קבֿרים נאָך פאַר ניטל.[10]

געווען נאָך עקסטרעמע פאַלן. דער גענעראַל־קאָמיסאַר פון ווײַסרוסלאַנד קובע האָט זיך באַקלאָגט פאַר זײַן שעף (און פרײַנד), דעם רײַכסקאָמיסאַר פון אָסטלאַנד לאָזע, אַז די אַרמיי קאָנקורירט מיט די עס־עס־אָפּטיילונגען אין דער אויסראָטונג פון ייִדן:

> די צוגרייטונג פֿאַר דער ליקווידאַציע פֿון די ייִדן אינעם ראַיאָן פֿון גלובאָק איז געוואָרן פֿולשטענדיק איבערגעריסן דורך דער הפֿקרדיקער אַקציע פֿון דעם אַריערגאַרד־אַרמיי־ראַיאָן. אין דעם אַריערגאַרד־אַרמיי־ראַיאָן האָט מען ליקווידירט 10,000 ייִדן, וואָס זײַנען סײַ ווי געווען באַשטימט פֿאַרטיליקט צו ווערן דורך אונדז.[11]

דער דאָזיקער אָנטייל פֿון מיליטער־לײַט און פֿון גאַנצע מיליטער־אָפּטיילונגען אין פּאָגראָם־אַקציעס האָט אין געוויסע פֿאַלן אַפֿילו באַקומען אַן „אידעאָלאָגישע" באַגרינדונג אין באַפֿעלן צו דער אַרמיי. דעם 10טן אָקטאָבער 1941 האָט דער קאָמאַנדיר פֿון דער 6טער אַרמיי, גענעראַל פֿעלדמאַרשאַל וואַלטער פֿאָן רײַכענאַו, פֿונאַנדערגעשיקט אַ געהיימען באַפֿעל וועגן דער „אויפֿפֿירונג פֿון דעם מיליטער אינעם מיזרח־שטח". אין אָט דעם באַפֿעל, וואָס איבערראַשט מיט זײַן אַכזריותדיקייט, רעדט זיך וועגן דער באַציִונג צום „ייִדישן אונטערמענטשנטום":

> דער עיקרדיקער ציל פֿונעם פֿעלדצוג קעגן דער ייִדיש־באָלשעוויסטישער סיסטעם איז געווען פֿולשטענדיק צו צעקלאַפּן די מאַכטמיטלען און די אויסראָטונג פֿון דער אַזיאַטישער השפּעה אינעם אייראָפּעיִשן קולטור־קרײַז... דער זעלנער איז אינעם מיזרח־געביט ניט נאָר אַ קעמפֿער לויט די כּללים פֿון דער מלחמה־קונסט, נאָר אויך אַ טרעגער פֿון אַן אייביקער פֿאָלקישער אידעע און דער נקמה־טרעגער פֿאַר אַלע בעסטיאַלישקייטן, וואָס זײַנען באַגאַנגען געוואָרן איבערן דײַטשן פֿאָלק און קרובֿישע פֿעלקער. דעריבער מוז דער זעלנער האָבן פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער נויטווענדיקייט פֿון אַ האַרבער, אָבער גערעכטער שטראָף איבערן „ייִדישן אונטערמענטשנטום". דער ווײַטערדיקער ציל איז צו דערשטיקן גלײַך אין עמבריאָן אויפֿשטאַנדן הינטערן רוקן פֿון דער ווערמאַכט, וואָס די דערפֿאַרונג ווײַזט, אַז זיי ווערן אַלע מאָל צוגעגרייט דורך ייִדן.[12]

דעם דאָזיקן באַפֿעל האָט מען געמאָלדן היטלערן, וואָס האָט אים אָנערקענט פֿאַר „אויסגעצייכנט", און דעמאָלט האָט מען דעם באַפֿעל פֿונאַנדערגעשיקט צו די קאָמאַנדירן פֿון די אַנדערע אַרמייען אויפֿן דײַטש־סאָוועטישן פֿראָנט.[13] די קאָמאַנדירן פֿון דער 18טער אַרמיי פֿאָן קיכלער,[14] פֿון דער 17טער אַרמיי פֿאָן האָט און פֿון דער 11טער אַרמיי עריך פֿאָן מאַנשטיין האָבן טאַקע אַרויסגעגעבן דעם באַפֿעל צו זייערע אַרמייען.[15]

## דאָס בילד פֿון ייִדישן חורבן

אין די ערשטע וואָכן פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה, בײַ דער בליץ־שנעלקייט פֿונעם דײַטשן פֿאַרויסמאַרש אין דער טיף פֿון דער סאָוועטישער טעריטאָריע, פֿלעגט די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון די פֿאַרנומענע געביטן תּיכּף אַרײַנפֿאַלן אין באַדינגונגען פֿון אַן אַכזריותדיקן פּאָגראָם. די עס־עס־אָפּטיילונגען זײַנען זייער שטאַרק אויסגעוואַקסן צו דער דאָזיקער צײַט[16] און האָבן אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע אַקטיווקייט. ניט זעלטן אָבער פֿלעגן ניט אָפּשטיין פֿון די עס־עס אויך די רעגולערע אַרמיי און באַנדעס, וואָס האָבן זיך

אין אַ ריי ערטער תּיכּף געשאַפֿן פֿון צווישן דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג (וועגן דעם מער באַריכות ווײַטער).

די צאָל ייִדן, וואָס זײַנען אומגעקומען בשעת פּאָגראָמען אין די ערשטע וואָכן פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה, לאָזט זיך ניט באַרעכענען. די דײַטשע באַריכטן, וואָס באַציִען זיך דער עיקר צום ווײַטערדיקן פּעריאָד, ווען די ייִדן־אויסראָטונג האָט אָנגענומען אַ מער אָרגאַניזירטן און סיסטעמאַטישן כאַראַקטער, גיבן ניט קיין פֿולע פֿאָרשטעלונג וועגן דער ניט־אָרגאַניזירטער ייִדן־פֿאַרטיליקונג אינעם ערשטן פּעריאָד פֿון דער מלחמה און במילא גיבן זיי ניט קיין פֿול בילד פֿון דער ייִדן־פֿאַרטיליקונג אין איר פֿולן פֿאַרנעם. אויך די אָנגעגעבענע צאָלן וועגן אַ באַדײַטיקער פֿאַרקלענערונג פֿון דער באַפֿעלקערונג אין אַ ריי שטעט צום מאָמענט פֿון זייער אָקופּאַציע דורך די דײַטשן באַווײַזן זייער ווייניק. זיי דאַרפֿן כּלומרשט עדות זאָגן וועגן ברייטע מאָסשטאַבן פֿון דער עוואַקואַציע און פּליטה פֿון דער באַפֿעלקערונג טיפֿער אין לאַנד אַרײַן, און במילא — אָדער אפֿשר על אַחת כּמה וכמה — וועגן ברייטע מאָסשטאַבן פֿון ראַטעווען די ייִדן.[17] ס'איז אמת, אַז די באַפֿעלקערונג פֿון אַ סך שטעט איז שטאַרק שיטער געוואָרן בײַם אָנקום פֿון די דײַטשן, אָבער ניט אַזוי צוליב עוואַקואַציע און פּליטה טיפֿער אין לאַנד אַרײַן (די מעגלעכקייטן צו דעם זײַנען אָפֿט מאָל געווען זייער באַגרענעצטע), ווי מחמת דעם, וואָס אַ באַדײַטיקער טייל אײַנוווינערס פֿון די דאָזיקע שטעט איז זיך צעלאָפֿן אין דערפֿער און אין שכנישע קליינע שטעטלעך. אָבער פֿאַר ייִדן איז דאָס מעגלעך געווען אין אַ קלע־נערער מאָס און האָט ניט געבראַכט קיין ישועה. נאָר מיט זעלטענע אויסנאַמען האָט דאָס אין בעסטן פֿאַל אָפּגעלייגט דאָס אומקומען אויף אַ ביסל שפּעטער.

אין דער דאָזיקער אַרבעט קומט אויס זיך אָפּצוזאָגן פֿונעם אַנאַליז פֿון די אָפּגעגעבענע צאָלן, וואָס מע האָט זיי געפֿונען אין דײַטשע דאָקומענטן, בפֿרט אַז (ווי אָקערשט באַמערקט) די דאָזיקע צאָלן באַווײַזן זייער ווייניק.[18] אַ קאָנ־קרעטע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם חורבן פֿונעם סאָוועטישן ייִדנטום גיבן די פּילצאָליקע באַשרײַבונגען, וואָס האָבן זיך אָפּגעהיט אין אַ ריזיקער צאָל דײַטשע און ניט־דײַטשע מקורים, ווי אויך געוויסע דײַטשע דאָקומענטן, וואָס זײַנען ניט געווען באַשטימט פֿאַרעפֿנטלעכט צו ווערן. אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ דער רעזשים פֿון רעכט, אָדער ריכטיקער געזאָגט פֿון הפֿקר, וואָס האָט זיך געשאַפֿן פֿאַר די ייִדן אין די אָקופּירטע געביטן. אָבער איידער מיר שטעלן זיך אָפּ אויף דעם, איז נייטיק צו מאַכן עטלעכע באַמערקונגען וועגן די ספּעציפֿישע שטריכן פֿון דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג אין די אָקופּירטע געביטן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

צום מאָמענט פֿון היטלערס אָנפֿאַל אויפֿן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָבן זיך, ווי עס איז שוין פֿריִער דערמאָנט געוואָרן, אין די היטלערישע אָנפֿיר־קרײַזן פֿאַר־ענדיקט די וואַקלענישן וועגן דער ענדגילטיקער לייזונג פֿון דער ייִדן־פֿראַגע. דעריבער איז דאָ די ייִדן־אויסראָטונג דורכגעפֿירט געוואָרן ברייטער און דעצי־דירטער און אָפֿט מאָל האָט מען אַפֿילו די קרבנות ניט פֿאַרשיקט אין די געטאָס און די לאַגערן, מע האָט זיי גלײַך אומגעבראַכט. אינעם אורטייל פֿונעם נירנ־

בערגער געריכט אינעם פּראָצעס פון די אײַנזאַץ־גרופּעס ווערט דאָס באַשריבן אויף אַזאַ אופן:

ווען די קאָמאַנדע־אָנפירערס פּלעגן אָרײַנגײן אין אַ שטאָט, פּלעגן זײ צונויפנעמען דעם „ראַט פון יידישע עלטעסטע" אין באַשטאַנד פון 10 ביז 25 ייִדן, לויט דער גרייס פון שטאָט. די דאָזיקע ייִדן, געוויינטלעך די מער פּראָמינענטע, און תמיד מיט אַ רבֿ צווישן זיי, פּלעגן באַקומען אַן אינסטרוקציע צו רעגיסטרירן די ייִדן פון דער קהילה מיטן ציל אַריבער־צופירן זיי אין אַן אַנדער אָרט. ווען די רעגיסטראַציע פּלעגט זײַן פאַר־ענדיקט, פּלעגן די ייִדן באַקומען אַ באַפעל צו קומען אויף אַ באַשטימטן אָרט אָדער מע האָט געשיקט לאַסטאַויטאָס צו ברענגען זיי פון זייערע היימען. דערנאָך פּלעגט מען זיי אַוועקפירן אין וועלדער און דערשיסן. דער לעצטער אַקט פון דער קאָמאַנדע ביים פאַרענדיקן די גאַנצע אונ־טערנעמונג איז געווען צו רופן דעם ראַט פון די עלטעסטע, אויסדריקן אים אָנערקענונג פאַר דער האַנדלונג, פאַרבעטן זיי אין אַ לאַסטאַויטאָ, וואָס האָט אָפּגעוואַרט אין דרויסן, אַוועקפירן זיי אינעם זעלבן אָרט אין די וועלדער און זיי אויך דערשיסן.[19]

פונדעסטוועגן פּלעגן אויך אין די סאָוועטישע אָקופּירטע געביטן זייער באַדײַטיקע מאַסן ייִדן פאַרשיקט ווערן אין געטאָס און לאַגערן. אָבער דאָ האָט מען שוין די געטאָס און לאַגערן געשאַפן מיטן פּלאַן באַוווסטזינען, אַז זיי דינען נאָר צו פאַרגרינגערן די סיסטעמאַטישע אויסראָטונג פון די ייִדן. סײַדן מע האָט באַדאַרפט האָבן די ייִדן ווי אַן אַרבעטסקראַפט, וואָס די דײַטשן האָבן ביי־טיק געהאַט, האָט מען זיי אויף אַ קורצער צײַט געלאָזט לעבן. דעריבער האָבן דאָ לאַגערן פון צוואַנגסאַרבעט געשפּילט אַ קלענערע ראָלע ווי אין די דײַטש־אָקופּירטע געביטן פון מערבֿ־פּוילן. וואָס ווײַטער אויף מיזרח, אַלץ קירצער איז געווען די עקסיסטענץ פון געטאָס און לאַגערן און אַלץ קלענער איז געווען זייער צאָל און אַלץ אַ גרעסערע צאָל ייִדן פּלעגט אומקומען, וואָס מע האָט אַפילו ניט אַרײַנגעקוועטשט אין די געטאָס און ניט פאַרשיקט אין די לאַגערן.

די אַלגעמיינע צאָל געטאָס און לאַגערן פון צוואַנגסאַרבעט אין די סאָוועטישע אָקופּירטע געביטן איז קיין מאָל ניט גענוי פעסטגעשטעלט געוואָרן און וועט שוין מסתמא קיין מאָל ניט פעסטגעשטעלט ווערן. אינעם ריזיקן צעטל פון געטאָס און לאַגערן (אין אַלע לענדער פון אייראָפּע), וואָס ד"ר אונגערער האָט צונויפגעשטעלט, כּדי גרינגער צו מאַכן פאַר די געליטענע אויפצומאָנען אַנט־שעדיקונג, געפינען זיך עטלעכע טויזנט נעמען. אין דעם דאָזיקן צעטל געפינען זיך 365 געטאָס און לאַגערן פון צוואַנגסאַרבעט אויף דער אָקופּירטער סאָווע־טישער טעריטאָריע, אַרײַנגערעכנט די באַלטישע לענדער. און דאָס איז נאָך ניט קיין פולע רשימה.[20]

אונגערערס אַרבעט באַשטייט פון אַ גרונט־רשימה פון געטאָס און לאַגערן אויף 119 גרויסע זײַטן, פאַרענדיקט דעם 1טן אויגוסט 1953, און פון צוויי צוגאָב־רשימות — פון 1טן יאַנואַר 1954 (זז' 120 — 143) און 1טן יוני 1955 (זז' 144 — 164). אין דער גרונט־רשימה זײַנען דאָ נעמען בלויז פון 248 שטעט, שטעטלעך און אַפילו דערפער אויף דער אָקופּירטער סאָוועטישער טע־

ריטאָריע, ווו עס האָבן עקסיסטירט געטאָס און צוואַנגסאַרבעטס־לאַגערן. בלויזן וואַרפֿן זיך דאָ ממש אין די אויגן. גענוג צו זאָגן, אַז ערשט אין דער 1טער צוגאָב־רשימה (דאָרט ווערן געגעבן 87 צוגאָב־נעמען פֿאַר דער אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע) זײַנען צום ערשטן מאָל אָנגערופֿן געוואָרן סמאָ־לענסק, בערדיטשעוו, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, באָריסאָוו, ווינדאַווע; ערשט אין דער 2טער צוגאָב־רשימה (אין איר ווערט פֿאַר דער אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע געגעבן 30 צוגאָב־נעמען) זײַנען צום ערשטן מאָל אָנגערופֿן אָדעס, ניקאָלאַיעוו, סמאָרגאָן. אין קיין איינער פֿון די רשימות ווערן ניט אָנגערופֿן סימפֿעראָפּאָל, דניעפּראָפּעטראָווסק, וואָראָשילאָווגראַד, סטאַלינאָ, כערסאָן.

די גרונטשטריכן פֿון דער דײַטשער פּאָליטיק אויסצוראָטן די ייִדן אויף דער אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע זײַנען בולט געקומען צום אויסדרוק קודם־כּל אין ליטע און לעטלאַנד. פֿאַר דער דײַטשער פּאָליטיק אין די באַלטישע לענדער, באַזונדערס אין ליטע, איז געווען כאַראַקטעריסטיש די שטרעבונג צו מאַסקירן זייער פּאָגראָם־טעטיקייט. דאָרט האָבן זיי אַרויסגערוקט אויף דער אַוואַנסצענע די פּאָגראָמשטשיקעס פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, וואָס זײַנען אויפֿגעקומען אונטער זייער פּראָטעקציע. די אָרטיקע באַפֿעלקערונג איז כּלומרשט געווען אויפֿגעבראַכט אויף די ייִדן, ווײַל אין דער צײַט פֿון באָלשע־וויקעס האָבן די ייִדן זיי שטאַרק פֿאַרפֿאָלגט. אין ווײַסרוסלאַנד, אין אַ געוויסער מאָס אַפֿילו אין אוקראַיִנע און איבערהויפּט אין די אָקופּירטע געביטן פֿון רספֿס"ר, איז דאָס געווען אַ סך שווערער, און דאָ האָבן די היטלעריסטן געמוזט אַרויסטרעטן אָן אַ מאַסקע (מער אויספֿירלעך וועגן דעם ווײַטער).

אָבער די דירעקטע אויסראָטונג איז אָפֿט מאָל געווען נאָר דער טראַגישער אָפּשלוס פֿון דעם ייִדישן אומגליק. דער אומגליק פֿלעגט זיך אָנהייבן פֿריִער. די לאַגע פֿון די ייִדן אין די דײַטש־אָקופּירטע סאָוועטישע געביטן איידער מע האָט זיי אומגעבראַכט ווערט באַזונדער קלאָר און בולט בײַם באַקענען זיך מיט די כּללים, די „דערווײַליקע ריכטליניעס פֿאַר דער באַהאַנדלונג פֿון די ייִדן אינעם געביט פֿונעם רײַכס־קאָמיסאַריאַט אָסטלאַנד". די דאָזיקע „ריכטליניעס" האָבן זיך אָפּגעהיט אין אַ קאָפּיע, וואָס דער רײַכסקאָמיסאַר פֿון אָסטלאַנד, לאָזע, האָט געשיקט דעם מיניסטער פֿאַר אָקופּירטע געביטן ראָזענבערגן דעם 13טן אויגוסט 1941[21] און ווערן ווײַטער ציטירט ווי די כּללים פֿונעם 13טן אויגוסט. דער פּשט פֿון די ווערטער „דערווײַליקע ריכטליניעס" ווערט אויפֿגעקלערט גלײַך אין אָנהייב פֿונעם דאָקומענט: די דאָזיקע כּללים ווערן אָנגעווענדט „דאָרט ווו און אַזוי לאַנג ווי עס זײַנען ניט מעגלעך קיין ווײַטערדיקע מאָסמיטלען אין זינען פֿון דער ענדגילטיקער לייזונג פֿון דער ייִדנפֿראַגע", ד"ה ביז עס איז, צוליב די אָדער אַנדערע סיבות, נאָך ניט מעגלעך דורכצופֿירן די פֿולע אויס־ראָטונג פֿון די ייִדן.

די כּללים פֿונעם 13טן אויגוסט שטעלן מיט זיך פֿאָר אַן אייגנאַרטיקן, גענוי אויסגעאַרבעטן קאָדעקס וועגן ייִדן. דאָס איז דער איינציקער דאָקומענט פֿון אַזאַ מין פֿאַר די אָקופּירטע סאָוועטישע געביטן, דעריבער פֿאַרדינט ער טאַקע אַ באַזונדערן אינטערעס. פֿאַרן רײַכסקאָמיסאַריאַט אוקראַיִנע זײַנען אַזעלכע

כּללים ניט אַרויסגעגעבן געוואָרן (קען זײַן, אַז דער רײַכסקאָמיסאַר פֿון אוקראַיִנע קאָך, ווי אַן אומבאַגרענעצטער טיראַן, האָט בכלל ניט באַדאַרפֿט האָבן קיין כּללים), עס זײַנען אויך משמעות ניט געווען קיין אַנדערע דאָקומענטן פֿון דעם מין אינעם רײַכסקאָמיסאַריאַט אָסטלאַנד.

די כּללים פֿונעם 13טן אויגוסט שטעלן קודם־כּל פֿעסט, וועמען מע דאַרף רעכענען פֿאַר אַ ייִדן (אין דער דאָזיקער פֿראַגע גייען זיי נאָך דער קאָנצעפּציע, וואָס איז צו דער צײַט געווען גענוי אויסגעאַרבעט אין דער דײַטשער אַדמיניסטראַטיווער פּראַקטיק), זיי זײַנען מחייבֿ די ייִדן צו טראָגן אויף דער ברוסט און אויפֿן רוקן אַ געלן מגן־דוד ניט קלענער ווי 10 צענטימעטער די ברייט און פֿאַרווערן די ייִדן צו בײַטן זייער וווינאָרט אָן אַ דערלויבעניש פֿון דער אָרטיקער מאַכט. דאָס אַלץ איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך. אַזוי איז כּמעט געווען אומעטום. גאָר וויכטיק איז עפּעס אַנדערש. ייִדן ווערט פֿאַרווערט:

2. צו גיין אויף טראָטואַרן, זיך באַנוצן מיט עפֿנטלעכע קאָמוניקאַציע־מיטלען (למשל, אײַזנבאַנען, טראַמווײַען, אָמניבוסן, פּאַסאַזשיר־דאַמפֿערס, פֿערד־דראָזשקעס און מאָטאָר־עקיפּאַזשן).
3. צו באַנוצן זיך מיט עפֿנטלעכע ערטער און אַראַנזשירונגען, וואָס דינען פֿאַר היילונג פֿון דער באַפֿעלקערונג (למשל, קורערטער, באָדערטער, פּאַרקן, גערטנער, שפּיל־ און ספּאָרט־ערטער).
4. צו באַזוכן טעאַטערס, קינאָס, ביבליאָטעקן, מוזייען.
5. צו באַזוכן שולן פֿון אַלע מינים.
6. צו באַזיצן מאָטאָר־עקיפּאַזשן און ראַדיאָ־אַפּאַראַטן.

ייִדן דאָקטוירים און צאָנדאָקטוירים איז דערלויבט צו באַדינען נאָר ייִדן, ייִדן אַפּטייקערס מעגן זיך פֿאַרנעמען מיט זייער פֿאַך נאָר אין געטאָ. ייִדן ווערט פֿולשטענדיק פֿאַרווערט צו זײַן אַדוואָקאַטן, נאָטאַריוסן, אַגענטן, פֿאַרמיטלערס, הענדלערס מיט ערד־נחלות, פּעדלערס, באַנק־מיטאַרבעטערס. אָבער אויסער דעם אַלעמען דאַרף מען ענערגיש שטרעבן צו אָט די ווײַטערדיקע מאָסמיטלען, נעמענדיק אין אַכט די אָרטיקע פֿאַרהעלטענישן, באַזונדערס די עקאָנאָמישע:

א. די דאָרפֿישע געגנטן מוז מען אויסרייניקן פֿון ייִדן.
ב. ייִדן מוזן באַזײַטיקט ווערן פֿון דעם גאַנצן האַנדל, אין דער ערשטער ריי אָבער פֿונעם האַנדל מיט לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן און אַנדערע לעבנסמיטלען.
ג. ייִדן דאַרף פֿאַרווערט ווערן זיך צו געפֿינען אין ערטער, וואָס האָבן אַן עקאָנאָמישע, מיליטערישע אָדער אידעיִשע באַדײַטונג.
ד. ייִדן מוז מען ווי ווײַט מעגלעך קאָנצענטרירן אין שטעט אָדער שטאָט־טיילן פֿון גרויסע שטעט, וואָס האָבן שוין איצט אַן איבערוויגנדיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג. דאָרט דאַרף מען אײַנאָרדענען געטאָס.

אינעם טייל, וואָס איז שייך געטאָס, געפֿינט מען אין די כּללים אַזאַ כאַראַקטעריסטישן פּונקט:

פֿאַר דער אויסווייניקסטער הערמעטישער פֿאַרשליסונג פֿון די געטאָס

דאַרף מען אַוועקשטעלן הילפס־פּאָליציאַנטן פון דער אָרטיקער באַפעל־קערונג.

די כּללים זעען פאָר, אַז ביי די ייִדן ווערט צוגענומען זייער גאַנץ פאַרמעגן, דערביי לאָזט מען זיי איבער אַ טייל פון די שטוביקע זאַכן (פון מעבל, בגדים און וועש), מע גיט זיי אַרויס 20 פעניג (2 רובל) אַ טאָג פאַר יעדן ייִדישן משפחה־מיטגליד. דאָס געלט דאַרף אַרויסגעגעבן ווערן יעדן חודש פאָרויס. צו דער דאָזיקער האַרבער נאָרמירונג ווערט נאָך צוגעגעבן:

אין די געטאָס דאַרף מען זיי איבערלאָזן נאָר אַזוי פיל שפּייזמיטלען, וויפל מע קען אָפּשפּאָרן פון דער איבעריקער באַפעלקערונג, אָבער ניט מער, ווי עס איז גענוג פאַר דער סאַמע נויטווענדיקער באַשפּייזונג פון די געטאָ־איינוווינערס.

די כּללים פונעם 13טן אויגוסט האָבן אויך פאָרויסגעזען, אַז ייִדן ווערן צוגעצויגן צו צוואַנגסאַרבעט. די ייִדן קענען אויך אַרבעטן ביי פּריוואַטע פּערזאָנען, אָבער מיט אַ שטרענגן קאָנטראָל, אַז דאָס זאָל ניט ברענגען צו אַ פאַרבעסערונג פון זייער מצב:

די אַרבעטספעיִקע ייִדן דאַרף מען צוציִען צו צוואַנגסאַרבעט אין הסכּם מיטן אַרבעטס־באַדאַרף... דאָס געצאָלט דאַרף ניט זיין לויט דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט, נאָר לויט דער סאַמע נויטווענדיקסטער עקסיס־טענץ־אויפהאַלטונג פונעם אַרבעטער און פון די ניט־אַרבעטספעיִקע מיטגלידער פון זיין משפחה, נעמענדיק דערביי אין אַכט זיינע אייגענע מזומן־מיטלען. די יעניקע פּריוואַטע אונטערנעמונגען און פּערזאָנען, וואָס לטובת זיי ווערט אויסגעפירט די צוואַנגסאַרבעט, צאָלן אַ געהעריקן אָפּצאָל אין דער קאַסע פונעם געביט־קאָמיסאַר, און די קאַסע ווידער צאָלט אויס די אַרבעטערס.

דער אַלגעמיינער זין פון די דאָזיקע כּללים קען ניט אַרויסרופן קיין ספקות: „דאָרט וווּ און ווי לאַנג עס זיינען ניט מעגלעך קיין וויטערדיקע מאָסמיטלען אין זינען פון דער ענדגילטיקער לייזונג פון דער ייִדן־פראַגע", מוז מען אָננעמען אַלע מיטלען, כּדי צו מאַכן די עצם עקסיסטענץ פון די ייִדן אויף אַזוי וויט אומדערטרעגלעך און זייער דחקות זאָל זיין אויף אַזוי וויט שווער, אַז דאָס זאָל פירן צו אַ פאַקטישן מאַסן־אומקום פון די ייִדן, חוץ די סאַמע געזינטסטע און אַרבעטספעיִקסטע פון צווישן זיי. אין דעם פּרט איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די כּללים לאָזן איבער אין רשות פון די ייִדן אַ באַשטימטן, אָבער אַן אומדער־טרעגלעך קאַרגן, מינימום מיטלען אויף אַ חודש. די כּללים דערמאָנען ניט, אַז ווען דער חודש וועט זיין פאַרענדיקט, וועט מען זיי אַרויסגעבן פון זייער קאָנפיסקירטן פאַרמעגן נייע מיטלען אויפן וויטערדיקן חודש. באַגרענעצנדיק ביזן עקסטרעם דעם לעבנסמיטלען־רעזערוו אין געטאָ, דערמאָנען ניט די כּללים מיט קיין וואָרט וועגן ממלא זיין דעם רעזערוו, ווען ער וועט זיך נעמען אויס־שעפּן. אין שייכות מיט דעם איז כּדאַי צו ברענגען אַ ציטאַט פונעם אורטייל פון קריגס־טריבונאַל אינעם פּראָצעס פון די איינזאַץ־גרופּעס:

אומצאָליקע טויזנטער זײַנען געשטאָרבן מיט אַ טויט, וואָס די אײַנזאַץ־גרופּעס האָבן אַזוי פּלאַנירט, אַז זיי אַליין זאָלן ניט דאַרפֿן הרגענען. ווען ייִדן האָט מען צונויפֿגעקוועטשט אין עטלעכע נעבעכדיקע הײַזקעס, וואָס מע האָט אַרומגעצאַמט און אָנגערופֿן געטאָ — איז דאָס געווען אַ תּפֿיסה, אָבער אַ תּפֿיסה אָן אַ תּפֿיסה־וועכטער, וואָס זאָל ברענגען שפּײַז די ייִדן. די באַריכטן [פֿון די אײַנזאַץ־גרופּעס] מאַכן ביז גאָר קלאָר, אַז דער טויט האָט געבושעוועט אין די דאָזיקע געטאָס נאָך איידער די אײַנזאַץ־אָפּטיילונגען האָבן זיך גענומען אויסהרגענען די לעבן־געבליבענע... ווײַטער זײַנען געווען אַזוינע, וואָס זײַנען געשטאָרבן, ווײַל זיי האָבן באַדאַרפֿט אַרבעטן איבער די כּוחות. די דאָזיקע אַלע טויטפֿאַלן ווערן פּינקטלעך רעגיסטרירט אין די אײַנזאַץ־באַריכטן, אָבער פֿיגורירן ניט אין זייער סטאַטיסטיק. צו דעם מוז מען נאָך צוגעבן, אַז עס זײַנען אָפּט מאָל געווען פֿילצאָליקע קרבנות פֿון די אײַנזאַץ־גרופּעס, וואָס זײַנען ניט געפֿאַלן אונטער דער עקזעקוציע. אין אַ סך שטעט, שטעטלעך און פּראָווינצן זײַנען הונדערטער און טויזנטער אַנטלאָפֿן, כּדי אויסצומײַדן זייער גורל. מחמת הונגער, קעלט, מאַנגל אין מעדיצינישער הילף און באַזונדערס ווען מע טראַכט וועגן די זקנים און די גאָר יונגע, איז דער רובֿ, אויב ניט אַלע, פֿון די דאָזיקע פּליטים אומגעקומען. די דאָזיקע ציפֿערן פֿיגורירן, פֿאַרשטייט זיך, ניט אין די באַריכטן פֿון די אײַנזאַץ־גרופּעס.[22]

פֿונעם ריזיקן פֿאַקטישן מאַטעריאַל וועגן דער ייִדישער טראַגעדיע אין די אָקופּירטע געביטן פֿונעם סאָוועטישן פֿאַרבאַנד קען מען דאָ ברענגען בלויז עטלעכע אילוסטראַציעס.

ווײַסרוסלאַנד איז אין גאַנצן פֿאַרנומען געוואָרן שוין אינעם ערשטן חודש פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה, און נאָר גאָר אַ קליינע צאָל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג האָט דאָ באַוויזן זיך צו עוואַקויִרן אָדער צו אַנטלויפֿן. צו כאַראַקטעריזירן די אומדערטרעגלעכע לאַגע, וואָס האָט זיך דאָ געשאַפֿן פֿאַר די ייִדן, ברענגען מיר אַ צוויי־דרײַ דאָקומענטן.

אין מינסק, וואָס די דײַטשן האָבן פֿאַרנומען שוין סוף יוני, האָט מען תּיכּף אײַנגעאָרדנט אַ לאַגער פֿאַר קריגס־געפֿאַנגענע און ציוויל־געפֿאַנגענע; די לעצטע זײַנען אין זייער גרעסטער מערהייט געווען ייִדן. מע האָט אַרעסטירט כּמעט אַלע ייִדישע מענער פֿון 15 ביז 50 יאָר (פֿאַר פֿרויען איז נאָך פּשוט ניט געווען קיין אָרט). וועגן דער לאַגע אינעם מינסקער לאַגער האָט זיך אָפּגעהיט אַ באַריכט פֿונעם מיניסטעריאַלראַט דאָרש צו דעם מיניסטער פֿון די אָקופּירטע געביטן ראָזענבערג.[23] אינעם לאַגער, ווי עס פֿאַרצייכנט דאָרש, האָבן זיך געפֿונען אַרום 100,000 קריגס־געפֿאַנגענע און 40,000 ציוויל־געפֿאַנגענע:

...די געפֿאַנגענע, וואָס זײַנען צונויפֿגעקוועטשט אויף אָט דעם ענגן שטח, קענען זיך קוים רירן און זײַנען געצוווּנגען צו טאָן זייערע נאַטירלעכע באַדערפֿענישן דאָרט, וווּ זיי שטייען. דער לאַגער ווערט באַוואַכט דורך אַ קאָמאַנדע אַקטיווע זעלנערס אין דער גרייס פֿון איין קאָמפּאַניע. צוליב דעם קליינעם כּוח פֿון דער וואַך־קאָמאַנדע קען דער לאַגער באַוואַכט ווערן נאָר בײַ אַן אָנווענדונג פֿון דעם ברוטאַלסטן טעראָר.

...די ציוויל־געפֿאַנגענע באַשטייען פֿון 15־ ביז 50־יאָריקע מענער פֿון מינסק און אומגעגנט. די באַשפּײַזונג פֿון אָט די ציוויל־געפֿאַנגענע ווערט באַזאָרגט, אויף וויפֿל עס האַנדלט זיך וועגן מינסקער, פֿון זייערע קרובֿים. די דאָזיקע קרובֿים וואַנדערן פֿון פֿרי ביז שפּעט צום לאַגער, אָנגעלאָדן מיט עסנוואַרג. בײַ נאַכט פֿאַלן די הונגעריקע ציוויל־געפֿאַנגענע אָן אויף די, וואָס זײַנען פֿאַרזאָרגט מיט שפּײַז, און זיי הרגענען אַוועק איינע די אַנדערע צוליב אַ שטיקל ברויט. די איינציקע מעגלעכע שפּראַך פֿון דער שוואַכער וואַך־קאָמאַנדע, וואָס פֿירט אויס איר דינסט בײַ טאָג און בײַ נאַכט אָן אַ הפֿסקה, זײַנען „די ביקסן, וואָס מיט זיי באַנוצט מען זיך אויף אַן אומברחמנותדיקן אופֿן״...

אַזאַ איז געווען די סיטואַציע אין מינסק אין די ערשטע וואָכן פֿון דער אָקופּאַציע. די אין גיכן געשאַפֿענע געטאָ האָט אַרײַנגעטראָגן אין דעם דאָזיקן כאַאָס אַן אייגנאַרטיקן „סדר״: די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט מען פֿאַרטריבן אין געטאָ — דאָס מאָל שוין אויך די פֿרויען, קינדער און זקנים — און תּיכּף נאָך דעם האָט מען אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש אומברענגען די ייִדן. דאָ האָבן זיך איצט כּמעט אומעטום אָנגעהויבן רײַבונגען צווישן די אָרגאַנען פֿון דער אַלגעמיינער ציווילער אַדמיניסטראַציע און די אָרגאַנען פֿון Reichs-sicherheitshauptamt (RSHA), ווײַל די ציווילע אַדמיניסטראַציע האָט צוליב עקאָנאָמישע טעמים אין די אינטערעסן פֿון באַדינען די נויטן פֿון דער אַרמיי און פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, געפּרוּווט צײַטווײַליק צו ראַטעווען דאָס לעבן פֿון אַ טייל ייִדישע בעלי־מלאָכות, און די אָרגאַנען פֿון RSHA האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו רעכענען מיט די דאָזיקע טעמים. ווי אַ כאַראַקטעריסטישע אילוסטראַציע פֿון די דאָזיקע רײַבונגען און גלײַכצײַטיק ווי אַ מאוימדיקע אילוסטראַציע פֿונעם ייִדישן חורבן קען דינען דער ראַפּאָרט פֿונעם געביט־קאָמיסאַר פֿון סלוצק צום גענעראַל־קאָמיסאַר פֿון ווײַסרוסלאַנד (קובע) פֿונעם 30סטן אָקטאָבער 1941 און דער בריוו פֿון קובע צום רײַכס־קאָמיסאַר פֿון אָסטלאַנד (לאָזע).

דעם 27סטן אָקטאָבער אין דער פֿרי איז קיין סלוצק אָנגעקומען פֿון קאָוונע דער 11טער פּאָליציי־באַטאַליאָן אין באַשטאַנד פֿון 4 קאָמפּאַניעס (בתוכם 2 קאָמפּאַניעס ליטווישע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיזאַנער), וואָס האָבן זיך תּיכּף גענומען אומצוברענגען די ייִדן. דעם פּראָטעסט פֿונעם קאָמיסאַר, וואָס האָט געפֿאָדערט אָפּצולייגן די אַקציע אויף איין טאָג, כּדי ער זאָל קענען דורכפֿירן צווישן די ייִדן אַ געוויסן אָפּקלײַב, האָט דער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר אָפּגעוואָרפֿן

מיט דער באַגרינדונג, אַז ער האָט דורכצופֿירן די אַקציע אומעטום אין אַלע שטעט און פֿאַר סלוצק האָט ער אין זײַן רשות נאָר צוויי טעג. אין די דאָזיקע צוויי טעג מוז די שטאָט סלוצק פֿרײַ ווערן פֿון ייִדן. איך האָב תּיכּף שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דעם און געטענהט, אַז... אַ גרויסער טייל ייִדן, וואָס איז נאָך פֿאַראַן אין שטאָט באַשטייט פֿון בעלי־מלאָכות אָדער פֿון זייערע משפּחות. אָן ייִדישע בעלי־מלאָכות קען מען זיך אָבער פּשוט ניט באַגיין, ווײַל אָן זיי וועט פּשוט ניט זײַן מעגלעך אויפֿצוהאַלטן די ווירטשאַפֿט. איך האָב אָנגעוויזן, אַז קיין ווײַסרוסישע

בעלי־מלאָכות זײַנען, אַזוי צו זאָגן, בכלל ניטאָ, און אַז אַלע פֿאַבריקן וועלן זיך אָפּשטעלן מיט איין קלאַפּ, ווען מע וועט ליקווידירן אַלע ייִדן...

די דאָזיקע אַרגומענטן האָבן ניט געמאַכט קיין שום רושם אויפֿן באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר: „די רייניקונג מוז מען דורכפֿירן צוליב פּאָליטישע טעמים און ווירטשאַפֿטלעכע טעמים האָבן נאָך אין ערגעץ ניט געשפּילט קיין ראָלע". די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג אויף וויפֿל זי איז נאָך ניט אויסגעהרגעט געוואָרן אין שטאָט, האָט מען אַרויפֿגעטריבן אויף לאַסטאויטאָס, אַוועקגעפֿירט אין וואַלד און אויסגעשאָסן. די טויטע גופֿים האָט מען אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ גראָבן און פֿאַרשאָטן מיט ערד; אַ סך זײַנען דערבײַ באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט.

דאָס אַלץ האָט מען דורכגעפֿירט מיט אַן אָפֿענער און ווילדער אַכזריות:

> מיט אַן אומבאַשרײַבלעכער ברוטאַלקייט סײַ מצד די דײַטשע פּאָליציי־באַאַמטע, סײַ באַזונדערס מצד די ליטווישע פּאַרטיזאַנער האָט מען די ייִדן, בתוכם אויך ווײַסרוסן, אַרויסגעשלעפּט פֿון די וווינונגען און זיי צונויפֿגעטריבן. איבער דער גאַנצער שטאָט האָט געקנאַלט, און אויף די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט הויפֿנס דערשאָסענע ייִדן...

גלײַכצײַטיק האָבן זיך די זעלנערס פֿונעם פּאָליציי־באַטאַליאָן פֿאַרנומען מיט רויבערײַ „אויף אַן אומגעהערטן אופֿן", ווי עס פֿאַרצייכנט דער געביט־קאָמיסאַר.

דער רעזולטאַט פֿון דעם אַלעמען, ווי די דײַטשן האָבן זיך באַקלאָגט איז געווען: „דאָס ווײַסרוסישע פֿאָלק, וואָס האָט שוין באַקומען צו אונדז אַ פֿולן צוטרוי, שטייט איצט צעטומלט".

געשעענישן, אַנאַלאָגישע צו די, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין סלוצק סוף אָקטאָבער, זײַנען פֿאָרגעקומען אויך אין אַנדערע ערטער און האָבן אַרויסגערופֿן רײַבונגען צווישן דעם מיניסטעריום פֿון די אָקופּירטע געביטן און דעם RSHA. אָבער זייער שנעל האָבן זיי זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ פֿולן נצחון פֿון RSHA, און דאָס מיניסטעריום פֿון די אָקופּירטע געביטן האָט מודיע געווען דעם רײַכס־קאָמיסאַר פֿון אָסטלאַנד: „ווירטשאַפֿטלעכע טעמים זאָלן בײַ דער רעגולירונג פֿון דער [ייִדן־]פּראָבלעם פּרינציפּיעל ניט גענומען ווערן אין אַכט. איבעריקנס ווערט געבעטן צו רעגולירן די אויפֿקומענדיקע פֿראַגעס דירעקט מיט די העכערע עס־עס־ און פּאָליציי־פֿירערס.[24]

אין אוקראַיִנע איז די דײַטשן געראָטן אין אַ סך אַ גרעסערער מדרגה ווי אין ווײַסרוסלאַנד צו סטימולירן די אַקטיווקייט פֿון אַ טייל באַפֿעלקערונג פֿאַר דער ייִדן־אויסראָטונג, בפֿרט אין די ערשטע וואָכן איידער די דײַטשן האָבן איבערגעריסן מיט באַנדעראַן. אין אוקראַיִנע האָט מען אַפֿילו אָנגענומען ספּעציעלע אָרגאַניזאַציאָנעלע מיטלען, כּדי צו אינסצענירן די ייִדן־אויסראָטונג ווי כּלומרשט סטיכישע נקמה־אַקטן אַן די „יודעאָ־קאָמוניסטן" מצד דער באַפֿעלקערונג. אינעם אַלגעמיינעם באַריכט פֿון עס־עס פֿאַרן חודש אָקטאָבער 1941 לייענען מיר:

„באַנדעראַס אָנהענגערס האָט מען אין אָנהייב פֿונעם פֿעלדצוג צונויפֿגעע־

זאַמלט אין קליינע גרופּעס אין לעמבערג און סאַנאָק און מע האָט זיי געגעבן אַ קורצע אויסשולונג. מע האָט זיי אויך באַזאָרגט מיט געלט און פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל. מע האָט דורכגעמאַכט פּאָליטישע אַרבעט אונטערן צודעק פֿון דורכפֿירן אָרדענונגס־אויפֿגאַבעס, ווי באַשטימען בירגער־מײַסטערס, אָרגאַניזירן מיליץ און קאַמף קעגן ייִדן און קאָמוניסטן".[25]

וועגן דעם אָנטייל פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג אין דער ייִדן־אויסראָטונג וועט נאָך זײַן אַ רייד אינעם קומענדיקן קאַפּיטל. אין אַ סך ערטער איז אָט דער אָנטייל באמת געווען באַדײַטיק. פֿון דעסט וועגן איז ער אומעטום געווען אַ סך שוואַכער אידער דער פֿאַרנעם פֿון די אייגנטלעך דײַטשע אַנטי־ייִדישע אויס־ראָטונגס־אַקציעס. די פּאָליטיק פֿון אַ דירעקטער אויסראָטונג פֿון ייִדן גלײַך פֿון די ערשטע וואָכן פֿון דער אָקופּאַציע איז אין אוקראַיִנע דורכגעפֿירט גע־וואָרן ברייטער, די פּאָליטיק פֿון קאָנצענטרירן די ייִדן אויף וואָכן אָדער חדשים אין געטאָס און אין לאַגערן נאָר אויף אַ קורצער צײַט האָט געשפּילט אַ קלענערע ראָלע ווי אין ווײַסרוסלאַנד, די באַלטישע לענדער אָדער פּוילן. שפּעטער האָט די פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג אָנגענומען אין אוקראַיִנע אַן אומגעוויינלעך ברוטאַלן און אוממענטשלעכן כאַראַקטער — אפֿשר אויך צוליב דעם, וואָס בראָש פֿון דער ציווילער אַדמיניסטראַציע פֿון אוקראַיִנע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן עריך קאָך, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט אַפֿילו צווישן די היטלערישע סאַטראַפּן מיט זײַן אַכזריות.[26]

העכער איז שוין אָט דאָ פֿאַרנאָטירט געוואָרן די אייגנאַרטיקע דײַטשע פּראַקטיק פֿון צוציִען אָרטיקע ייִדן־עלטעסטע צו דער רעגיסטראַציע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג כּלומרשט, כּדי צו באַזעצן אויף אַן אַנדער אָרט, פֿאַקטיש פֿאַר אויסראָטונג. אין אוקראַיִנע איז די דאָזיקע פּראַקטיק באַזונדערס געווען ברייט אָנגעווענדט אין די ערשטע וואָכן. אַ מאָל פֿלעגט מען זי וואַריִירן און אָנגעבן איר ראַפֿינירטע פֿאָרמען. וועגן ווינניצע, למשל, ווערט אין דײַטשע דאָקו־מענטן, וואָס מען האָט פֿאַרגעלייגט אויפֿן נירנבערגער משפּט, דערציילט אָט וואָס:

> דער שעף פֿון דער אײַנזאַץ־קאָמאַנדע 4b האָט אַרויסגערופֿן דעם אָנ־געזעענסטן רבֿ פֿון דער שטאָט, האָט אים פֿאַראָרדנט צונויפֿנעמען במשך פֿון 24 שעה די גאַנצע ייִדישע אינטעליגענץ. ער האָט אים געזאָגט, אַז מע וועט זי דאַרפֿן האָבן פֿאַר אַ געוויסער רעגיסטראַציע־אַרבעט. ווען די ערשטע פֿאַרזאַמלטע זײַנען געווען צו ווייניק, האָט מען די צונויפֿ־געקומענע ייִדישע אינטעליגענטן אָפּגעלאָזט מיטן באַפֿעל צונויפֿנעמען נאָך ייִדישע אינטעליגענטן און צו קומען צוזאַמען מיט זיי אויף מאָרגן. דעם דאָזיקן מאַנעווער האָט מען איבערגעחזרט אַ דריט מאָל. אויף אַזאַ אופֿן האָט מען פֿאַרהאַלטן און ליקווידירט כּמעט די גאַנצע אינטע־ליגענץ.[27]

די דײַטשן זײַנען אַרײַן קיין קיִעוו דעם 19טן סעפּטעמבער, כּמעט אין דרײַ חדשים נאָכן אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה. אין פֿינף טעג אַרום, דעם 24סטן סעפּטעמבער, איז פֿאָרגעקומען אַ שרעקלעכער אויפֿרײַס אינעם

האָטעל קאָנטינענטאַל, ווו עס האָט זיך געפֿונען דער שטאַב פֿון דער 6טער דײַטשער אַרמיי, און דער אויפֿרײַס האָט אויך אין די שכנישע בנינים אַרויסגערופֿן שׂרפֿות, וואָס האָבן געדויערט כּמעט צוויי מעת־לעת. דעם 26סטן סעפּטעמבער האָט מען אויף די ווענט פֿון קיִעוו אויסגעקלעפּט אַ מעלדונג, וואָס האָט פֿאַראָרדנט אַלע ייִדן זיך צונויפֿצוקומען ניט שפּעטער ווי אין דרײַ טעג אַרום אויף דער דעכטערעוו־גאַס, מיטנעמענדיק די נייטיקע זאַכן, כּדי זיי צו באַזעצן אויף אַן אַנדער אָרט. לויט די דײַטשע מקורים, האָט די צאָל צונויפֿגעקומענע ייִדן — כּמעט 34,000 — באַדײַטיק איבערגעשטיגן די דערוואַרטונגען פֿון די דײַטשן און די ייִדן האָבן כּלומרשט ביזן לעצטן מאָמענט געגלייבט, אַז מע האָט זיי דאָ באמת פֿאַרזאַמלט, כּדי מע זאָל זיי איבערשיקן אין אַן אַנדער אָרט. פֿון דאָרט האָט מען דעם 29סטן און 30סטן סעפּטעמבער אַלעמען אָפּגעפֿירט אויף באַבי־יאַר, הינטערן אַלטן לוקיאַנאָווער ייִדישן בית־עולם, און דאָרטן האָט מען אַלעמען אויסגעשאָסן מיט קאַלטער אַכזריות.[28] וועגן דעם, ווי אַ זעלטענעם יוצא־מן־הכּלל, קען מען ברענגען פֿאַקטן פֿון אַן אָפֿיציעלן סאָוועטישן דאָקומענט — מאָלאָטאָווס נאָטע צו די פֿרײַנדלעכע רעגירונגען פֿונעם 6טן יאַנואַר 1942 „וועגן רויבערײַען, רויִנירונג פֿון דער באַפֿעלקערונג און מאָנסטערישע בעסטיאַלישקייטן פֿון די דײַטשע מאַכט־אָרגאַנען אומעטום אויף די פֿאַרכאַפּטע סאָוועטישע טעריטאָריעס“:

סאָוועטישע בירגערס, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פֿון קיִעוו, באַשרײַבן אַ דערשיטערנדיק בילד פֿון איינער פֿון די מאַסן־עקזעקוציעס: אויפֿן ייִדישן בית־עולם פֿון דער שטאָט קיִעוו האָט מען פֿאַרזאַמלט אַ גרויסע צאָל ייִדן, בתוכם פֿרויען און קינדער פֿון אַלע עלטערס; פֿאַרן דערשיסן האָט מען אַלעמען אויסגעטאָן נאַקעט און געשלאָגן. די ערשטע פּאַרטיע, וואָס מע האָט אָפּגעקליבן צו דערשיסן, האָט מען געצוווּנגען זיך אַוועקצולייגן אויפֿן דעק פֿונעם גראָבן, מיטן פּנים אַראָפּ, און געשאָסן פֿון אויטאָמאַטישע ביקסן; דערנאָך פֿלעגן די דײַטשן אַ ביסל צושיטן די דערשאָסענע מיט ערד. אויף דעם זעלבן אָרט אַוועקלייגן, ווי אַ צווייטן גאָרן, די ווײַטערדיקע פּאַרטיע קרבנות און ווידער שיסן אויף זיי פֿון אויטאָמאַטישע ביקסן.[29]

דאָס איז ניט געווען קיין זעלטענע פּראַקטיק בײַ די מאַסן־דערשיסונגען פֿון ייִדן אין אוקראַיִנע, דערבײַ פֿלעגן אַ סך קרבנות פֿאַרשאָטן ווערן אינעם אַלגעמיינעם קבֿר לעבעדיקערהייט.

דעם קיִעווער בײַשפּיל האָט מען איבערגעחזרט אין אָדעס מיט געוויסע אָפּבייגונגען וואָס שייך דעם אופֿן אומצוברענגען ייִדן. קיין אָדעס זײַנען די דײַטשן אַרײַנגעטראָטן אין איינעם מיט די רומענער דעם 16טן אָקטאָבער. דעם 22סטן אָקטאָבער איז פֿאָרגעקומען אַ שטאַרקער אויפֿרײַס אינעם בנין, וואָס פֿריִער האָט זיך דאָרט געפֿונען די נקוו״ד, און זינט דעם אָנהייב פֿון דער אָקופּאַציע האָט זיך דאָרט געפֿונען די רומענישע קאָמענדאַנטור. דער אויפֿרײַס האָט מיטגעצויגן אַ סך מענטשלעכע קרבנות, בתוכם אַ היפּשע צאָל אָפֿיצערן (צווישן אַנדערע איז דערהרגעט געוואָרן דער שטאָט־קאָמענדאַנט גענעראַל

גלאָטשיאַנו און נאָך פינף גענעראַלן). ווי אַן ענטפער אויפן אויפרײַס איז גע־קומען די ערשטע ברייט פאַרמאָסטענע אַקציע קעגן די יידן. לויט אַ דײַטשן געהיימען באַריכט ווערט דערציילט:

...דעם 23סטן אין דער פרי האָט מען דערשאָסן אַרום 19,000 יידן אויף אַ פּלאַץ אינעם פּאָרט, אַרומגערינגלט מיט אַ הילצערנעם פּאַרקאַן. זייערע טויטע גופים האָט מען באַגאָסן מיט בענזין און פאַרברענט.[30]

אויף להבא האָט מען געמאָלדן, אַז פאַר יעדן דערהרגעטן זעלנער וועט מען דערשיסן 100 ערבניקעס פאַר יעדן דערהרגעטן אָפיצער 200.[31] דאָס האָט זיך קודם־כל באַצויגן צו יידן.

## הערות

1 *Gerald Reitlinger,* Hitlers Versuch der Ausrottung der Juden Europas 1939–45, p. 9.

2 *Hitler's Ten-Year War on the Jews,* Institute of Jewish Affairs. New York, 1943, p. 190.

3 דאָרט, זז׳ 189־190.

4 Reitlinger, *op. cit.,* p. 38.

5 *Trial of the Major War Criminals* before the International Military Tribunal, Nuremberg, vol. XXVI, pp. 53–54, Doc. 447-PS.

6 *Ibidem,* vol. XXVI, pp. 401–406, Doc. 877–PS.

7 *Ibidem,* vol. XXXIV, pp. 249–255, Doc. 050–C; Alexander Dallin, *German Rule in Russia,* 1941–1945. London-New York, 1957, p. 31 n. בײַם אויסאַרבעטן דעם דאָזיקן באַפעל, שרײַבט דאַלין, האָט היטלער, חוץ דעם פריער ציטירטן פּראָיעקט, געהאַט פאַר זיך צוויי אַנדערע פּראָיעקטן.

8 עטלעכע גוט דאָקומענטירטע פאַלן זײַנען געבראַכט בײַ דאַלינען, דצ״וו, זז׳ 32־34.

9 Report of Soennecken (master sergeant and interpreter for the Russian Language with Intelligence Command B) to General Lahousen in his capacity as a German intelligence officer, *Nazi Conspiracy and Aggression.* Washington, Department of State, vol. V, pp. 772–776, Doc. 3047–PS.

10 *Trials of War Criminals before the Nuremberg Military Tribunals,* vol. IV, p. 503.

11 *Ibidem,* p. 428, Doc. 3428–PS.

12 *Trial of the Major War Criminals...,* vol. XXXV, pp. 84–85, Doc. 411–D.

13 *Ibidem,* p. 84.

14 *Trials of War Criminals...,* vol. X, pp. 1211–1214.

15 G. Retlinger, *op. cit.,* p. 222.

16 לויט רײַטלינגערן (ז׳ 38) איז בלויז די צאָל פון די באַוואָפנטע כוחות פון די עס־עס (Waffen-SS) דערגאַנגען בשעת דער מלחמה ביז אַ האַלבן מיליאָן מאַן.

17 רײַטלינגער (ז׳ 251) פרעגט אָפּ דעם אויספיר פונעם מחבר פון אָט די שורות וועגן דער פאַרטיליקונג פונעם איבערוועגנדיקן רוב ווײַסרוסישע יידן (*The Jews...,* p. 226). דערבײַ וואַרפט ער מיר פאָר, אַז אין דעם דאָזיקן פאַל האָב איך אַרויסגעוויזן אַן אומבאַ־רעכטיקטן צוטרוי צו סאָוועטישע מקורים („סאָלאָמאָן שוואַרץ, וואָס נעמט אָן דאָס עדות־זאָגן פון צוויי סאָוועטישע עדות, איז ווייניקער סקעפּטיש, ווי ער ווײַזט אַרויס אין אַנדערע פאַלן...״). אָבער די גבית־עדות פונעם פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר אויסלענדישע ענינים פון דער ווײַסרוסישער

סס״ר קוזמאַ קיסיעליעוו אין סאַן־פֿראַנציסקאָ אין 1945, און זייער פֿאַרלאָזלעכקייט ווערט גרעסער גראָד צוליב דעם, וואָס זיי זײַנען ניט געווען באַקוועם פֿאַר קיסעליאָוון, ווײַל ער לייקנט אָפּ די לעגענדע וועגן דער מאַסן־עוואַקואַציע פֿון די ווײַסרוסישע ייִדן פֿאַרן אָנקום פֿון די דײַטשן.

18 אַז אויף די צאָלן פֿון RSHA קען מען זיך ניט סומך זײַן בײַם כאַראַקטעריזירן די אמתע מאַסשטאַבן פֿון דער ייִדן־עקסטערמינאַציע, ווערט פֿאַרצייכנט אויך אינעם אורטייל פֿונעם מיליטערישן געריכט אינעם פּראָצעס פֿון אײַנזאַץ־גרופּעס. *Trials of War Criminals...*, vol. IV, pp. 421–423.

19 *Ibidem*, p. 425.

20 די אַרבעט פֿון ד״ר אונגערער *Verzeichnis von Ghettos, Zwangsarbeitslagern)* vorgelegt nach Beschluss der Vertreter der obsersten Wiedergutmachungsbehörden und der Entschädigungsgerichte der Länder Baden-Württemberg, Bayern und Hessen vom 10. April 1953 von Oberregierungsrat Dr. Ungerer) איז אַרויס נאָר מימעאָגראַפֿיש און האָט זיך באַוויזן אויפֿן ביכערמאַרק. זי איז מיר צוטריטלעך געוואָרן אַ דאַנק דער פֿרײַנדלעכקייט פֿון ד״ר יעקבֿ ראָבינסאָן.

21 *Trial of the Major War Criminals...*, vol. XXVII, pp. 18–25, Doc. 1138–PS.

22 *Trials of War Criminals...*, vol. IV, pp. 432–433.

23 *Trial of Major War Criminals...*, vol. XXV, pp. 81–83, Doc. 022–PS.

24 *Ibidem*, vol. XXXII, p. 437, Doc. 3666–PS. וועגן ווײַטערדיקע רײַבונגען צווישן דעם מיניסטעריום פֿון די אָקופּירטע געביטן און RSHA זען בײַ אַלעקסאַנדער דאַלין, דצ״וו, ז׳ 207.

25 *Trial of Major War Criminals...*, vol. XXXVIII, pp. 299–300, Doc. 102–R.

26 פֿאַר דער כאַראַקטעריסטיק פֿון אָט דעם היטלערישן סאַטראַפּ איז כּדאַי צו ברענגען אַן אילוסטראַציע, וואָס איז שייך אַפֿילו ניט צו ייִדן, נאָר צו אוקראַיִנער. דאָס איז געווען סוף אויגוסט 1942. קאָך האָט זיך אָקערשט אומגעקערט קיין קיִעוו פֿון היטלערס הויפּטקוואַרטיר. ער האָט צונויפֿגערופֿן זײַנע עלטערע מיטאַרבעטערס און האָט געהאַלטן פֿאַר זיי אַ רעדע: „עס איז ניטאָ קיין פֿרײַע אוקראַיִנע... אוקראַיִנע דאַרף זאָרגן וועגן די באַדערפֿענישן פֿון דײַטש־לאַנד". כּדי צו באַקומען מער ברויט פֿאַר דײַטשלאַנד, האָט ער געזאָגט, דאַרף מען זיך ניט רעכענען מיט פֿאַרלוסטן. „דעריבער מוז מען צונעמען בײַ דער ציוויל־באַפֿעלקערונג דאָס סאַמע לעצטע. אין אַנבליק פֿון דער דאָזיקער אויפֿגאַבע איז איר באַשפּײַזונג אין גאַנצן גלײַכ־גילטיק... באַרירונג מיט די אוקראַיִנער קומט ניט אין באַטראַכט. געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַר־העלטענישן מיט זיי זײַנען ניט דערלויבט; געשלעכטלעכע באַציִונגען ווערן באַשטראָפֿט... ווען דאָס דאָזיקע פֿאָלק אַרבעט צען שעה אַ טאָג, אַרבעט עס אַכט שעה דערפֿון פֿאַר אונדז... דאָס דאָזיקע פֿאָלק מוז רעגירט ווערן מיט אַן אײַזערנער האַנט, כּדי עס זאָל אונדז העלפֿן געווינען די מלחמה. מיר האָבן עס ניט באַפֿרײַט, כּדי עס גליקלעך צו מאַכן. אוקראַיִנע מוז צושטעלן דאָס, וואָס עס פֿעלט דײַטשלאַנד" (אַלעקסאַנדער דאַלין, דצ״וו, ז׳ 143).

27 *Trials of War Criminals...*, vol. IV, p. 425.

28 Reitlinger, *op. cit.*, pp. 261–264.

29 לענגערע ציטאַטעס פֿון אָט דער נאָטע און איר אַנאַליז וועט דער לייענער געפֿינען ווײַטער אין קאַפּיטל 6.

30 Alexander Dallin, *Odessa*, 1941–1944; A Case Study of Soviet Territory Under Foreign Rule. Santa Monica, 1957, p. 77. דער מחבר גיט דערבײַ צו: „ווי מע גיט איבער, האָט מען טויזנטער אַנדערע ייִדן אַוועקגעפֿירט קיין דאַלניק און דאָרט לויטן קיִעווער מוסטער אויסגעהרגעט אין אַנטיטאַנק־טראַנשייען".

31 דאָרט, ז׳ 333.

קאפיטל פיר

# אויף אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע

## II. רעאַקציע פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג

### דער אָנטייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג אומצוברענגען יידן

די דײַטשע אָקופּאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אומעטום גלײַך פון די ערשטע טעג אָן אָנגענומען אַכזריותדיקע מיטלען קעגן די יידן. צום פּלאַן פון די היטלעריסטן האָט געהערט די כוונה אַרויסצורופן אַן אײַנדרוק, אַז ניט די דײַטשן, נאָר די אָרטיקע באַפעלקערונג גופא ברענגט אום די יידן. דער דאָזיקער פּלאַן האָט געפאָדערט, אויב ניט אויסצוראָטן אַלע יידן גלײַך אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע, איז לכל הפחות אויפצווועקן די „פאָלקס־סטיכיע" פאַר אַנטי־יידישע פּאָגראָמען. אין דער סאָוועטישער פּרעסע און ליטעראַטור סײַ אין דער ניט־יידישער, סײַ אין דער יידישער פון יענער צײַט און פון דער שפּעטער־דיקער צײַט געפינט מען כמעט ניט קיין ידיעות וועגן די דאָזיקע געשעענישן. מער האָט וועגן דעם געשריבן די דײַטשע פּרעסע, אָבער אירע ידיעות רופן ניט אַרויס קיין צוטרוי, ווײַל זיי זײַנען בולט דיקטירט דורך דער שטרעבונג צו באַווײַזן, אַז שנאה צו יידן האָט בײַ דער באַפעלקערונג פון די אָקופּירטע געביטן געטראָגן אַן אַלגעמיינעם און סטיכישן כאַראַקטער. להיפוך פאַרדינען צוטרוי די דײַטשע באַריכטן און ראַפּאָרטן, וואָס זײַנען ניט באַשטימט געווען פאַרעפנטלעכט צו ווערן און וואָס זײַנען אָפּט מיט פיל איינצלהייטן באַשריבן געוואָרן.

דער שעף פון דער אײַנזאַץ־גרופּע A, ד"ר שטאַלעקער, האָט צוגעשטעלט אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון די עס־עס, וואָס האָבן אָפּערירט אין די באַלטישע לענדער, אין אַ טייל ווײַסרוסלאַנד, ווי אויך אין אַ טייל רספס"ר. אין דעם באַריכט, וואָס נעמט אַרום די צײַט זינט דעם אָנהייב פון דער מיליטערי־שער אַקציע ביזן 15טן אָקטאָבער 1941, ווערט דערציילט, פאַר וואָס מע האָט געדאַרפט באַווײַזן, אַז די איניציאַטיוו אומצוברענגען די יידן קומט לכל הפחות די ערשטע צײַט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג גופא[1]. דער באַריכט שטעלט זיך גענויער אָפּ אויף די באַלטישע לענדער: „נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די באַפעלקערונג פון די באַלטישע לענדער האָט שטאַרק געליטן פון די קאָמוניסטן און יידן, בעת די באָלשעוויקעס האָבן באַזעצט די דאָזיקע געביטן, האָט מען געקענט דערוואַרטן, אַז גלײַך נאָכן אָפּטרעטן פון דער רויטער אַרמיי וועט די

באַפרײַטע באַפעלקערונג לויט איר אייגענער איניציאַטיוו זיך אויפן שטרענגסטן אופן אָפּרעכענען מיט זיי".

„אין ליטע און קודם־כל אין קאָוונע האָט זיך עס אײַנגעגעבן מיט דער הילף פון פּאַרטיזאַנער,[2] וואָס האָבן אין דער נאַכט פון 25סטן יוני דורכגעפירט אַ פּאָג־ראָם אין קאָוונע, אומגעבראַכט 1,500 ייִדן, אונטערגעצונדן עטלעכע בתי־מדרשים און פאַרברענט דעם ייִדישן קוואַרטאַל מיט אַן ערך 60 הײַזער. אין די ווײַטער־דיקע טעג זײַנען אומגעקומען נאָך 2,300 ייִדן. ענלעכע אָפּעראַציעס אין אַ קלע־נערן מאָסשטאַב זײַנען פאָרגעקומען אין אַנדערע טיילן פון לאַנד. דאָס אַלץ איז געשען אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע. דערנאָך האָט מען די פּאַרטיזאַ־נער אַנטוואָפנט און די פּאָגראָמען האָבן זיך אויטאָמאַטיש אָפּגעשטעלט".

אין לאַטוויע, זאָגט ווײַטער דער באַריכט, „איז עס געווען אַ סך שווערער דורכצופירן. דאָס דערקלערט זיך קודם־כל דערמיט, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן באַזײַטיקט אָדער אַרויסגעפירט אַלע נאַציאָנאַלע פירערס, דער עיקר פון ריגע. אמת, אויך אין ריגע איז געלונגען מיט דער מיטהילף פון דער לעטישער פּאָלי־ציי אַרויסצורופן אַ פּאָגראָם, בעת וועלכן אַלע בתי־מדרשים זײַנען געוואָרן צע־שטערט און 400 ייִדן דערמאָרדעט. מער קיין פּאָגראָמען זײַנען נישט פאָרגעקו־מען. סײַ אין קאָוונע, סײַ אין ריגע האָט מען געמאַכט פאָטאָגראַפיעס און קינע־מאַטאָגראַפישע בילדער, כדי צו באַשטעטיקן, אַז די ערשטע סטיכישע פּאָגראָ־מען אויף קאָמוניסטן און ייִדן זײַנען דורכגעפירט געוואָרן פון די ליטווינער און לאַטווער גופא".

פונעם דאָזיקן באַריכט איז קלאָר, אַז סײַ אין ליטע, סײַ אין לאַטוויע זײַנען געווען אַקטיווע אָרטיקע גרופּעס, וואָס האָבן ענערגיש אונטערשטיצט די דײַטשן אין זייער פּאָליטיק אויסצוראָטן ייִדן. אָבער די אָרטיקע באַפעלקערונג אַלס אַ מאַסע האָט נישט באַרעכטיקט די האַפענונגען, וואָס די נאַציס האָט אויף איר גע־לייגט (זע הערה 1, ז' 72).

אין עסטלאַנד, ווערט אין באַריכט דערמאָנט, „איז ניט געווען קיין מעגלעכ־קייט אַרויסצורופן פּאָגראָמען", ווײַל אינעם מאָמענט פון דײַטשן אַרײַנמאַרש איז דאָרט בכלל פאַרבליבן אַ קליינע צאָל ייִדן.

אין ווײַסרוסלאַנד האָט זיך די אויפגאַבע צוציִען די אָרטיקע באַפעלקערונג צו אַנטי־ייִדישע פּאָגראָם־אַקציעס און איבער הויפּט די פּרוּוון פון די דײַטשן צו אינסצעניִרן די איניציאַטיוו פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג אויסצוראָטן די ייִדן אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן. ס'וואָלט געווען אַ גוזמא צו באַהויפּטן, אַז אין דער דאָזיקער פראַגע האָבן די היטלעריסטן געליטן אין ווײַסרוסלאַנד אַ פולע מפּלה: אַ געוויסן אָפּקלאַנג אין דער באַפעלקערונג האָבן זיי געפונען, אָבער זייער אַ באַגרענעצטן. דאָס דרינגט אַרויס גאַנץ קלאָר פון דײַטשע געהיימע דאָקומענטן.

אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע האָט דער רײַכסזיכערקייט־הויפּטאַמט אין בערלין צונויפגעשטעלט טעגלעכע און חודשלעכע (אַ מאָל האַלב־חודשלעכע) באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון דער זיכערקייט־פּאָליציי (זיפּאָ)

און זיכערקייט־דינסט (עס־דע) — טעגלעכע Ereignismeldungen און חודש־לעכע און האַלב־חודשלעכע Taetigkeits- und Lagerberichte. סײַ די, סײַ יענע זײַנען אָנהייב מײַ 1942 פֿאַרביטן געוואָרן אויף וועכנטלעכע Meldungen aus den besetzten Ostgebiten[3]. אין די טעגלעכע באַריכטן באַווײַזן זיך ידיעות וועגן דעם אָנטייל פֿון ווײַסרוסן אין אַנטי־ייִדישע אַקציעס צום ערשטן מאָל אין דער ערײַגניסמעלדונג נומ׳ 20 פֿון 12טן יולי 1941. דאָ ווערט געמאָלדן, אַז אין גיכן נאָכן פֿאַרנעמען מינסק דורך די דײַטשן האָבן זיך אָנגעהויבן שׂרפֿות פֿון הילצערנע הײַזער אינעם מערבֿ־טייל פֿון דער שטאָט, וואָס האָבן געדינט ווי אַ תּירוץ פֿאַר אַ פּאָגראָם־אַקציע:

> די הײַזער האָבן, ווי ס׳ווײַזט אויס, אונטערגעצונדן ייִדן, ווײַל די ייִדן האָבן געזאָלט אָפּרייניקן זייערע הײַזער פֿאַר די צוריקקומענדיקע ווײַסרוסישע פּליטים. די באַפֿעלקערונג איז פֿון איצט אָן אין אַ פּאָגראָם־שטימונג. איר אויפֿגעקאָכטקייט קעגן די ייִדן האָט זיך אויסגעגאָסן אין געוויסע אַקציעס. פֿאַר דעם דאָזיקן אַקט איז אַ צאָל ייִדן ליקווידירט געוואָרן.

אין דער דאָזיקער גאַנצער אַקציע שפּירט זיך צו בולט די האַנט פֿון עס־עס. דער באַריכט דערוועגט זיך אַפֿילו ניט צו באַהויפּטן, אַז די ליקווידאַציע פֿון ייִדן איז דאָ דורכגעפֿירט געוואָרן דורך ווײַסרוסן. אין די שפּעטערדיקע באַריכטן איז ניט איין מאָל פֿאַרצייכנט געוואָרן די ניט־גענוגנדיקע אַקטיוויטעט פֿון די ווײַסרוסן:

> די צוגעצויגענע ווײַסרוסן האָבן זיך ביז אַהער אַרויסגעוויזן ווייניק אַקטיוו... דעם ד״ר טשאָרס האָט מען קלאָר געמאַכט, וואָס מע דערוואַרט פֿון זיי און פֿון זייער אונטערשטיצונג. באַזונדערס וואָס שייך דער אויפֿקלערונג פֿון דער באַפֿעלקערונג, וואָס איז נאָך זייער אַפּאַטיש און מוז צוגעצויגן ווערן צו אַ שטאַרקערער מיטאַרבעט מיטן ציל צו כאַפּן קאָמוניסטן, פֿונקציאָנערן, קאָמיסאַרן, אינטעליגענטע ייִדן אאַז״וו (ערײַגניסמעלדונג, נומ׳ 27 פֿון 19טן יולי).

> אַ ווײַסרוסיש פֿאָלקס־באַוווסטזײַן איז שוין אויף דעם דאָזיקן שטח [דער באַריכט איז שוין געקומען פֿון סמאָלענסק] קוים בנמצא. פּונקט אַזוי פֿעלט, ווי מע האָט דאָס שוין געהאַט אָבסערווירט אין מינסק און אין די אַמאָליקע פּוילישע געביטן, אַן אויסדריקלעכער אַנטיסעמיטיזם. די באַפֿעלקערונג פֿילט טאַקע אין אַלגעמיין אַ שׂנאה און ווידערווילן צו די ייִדן און אָנערקענט די דײַטשע מאָסמיטלען (אײַנאָרדענונג פֿון געטאָס, שאַפֿונג פֿון אַרבעטס־קאָלאָנעס, פּאָליצײַ־באַהאַנדלונג אאַז״וו), זי איז אָבער ניט בכּוח פֿון זיך אַליין אויפֿצוכאַפּן די איניציאַטיוו אין דער ייִדן־באַהאַנדלונג (ערײַגניסמעלדונג נומ׳ 43 פֿון 5טן אויגוסט).

אינעם סך־הכּלדיקן חודש־באַריכט פֿאַר דער צײַט פֿון 1טן ביזן 31סטן אָקטאָבער 1941 לייענט מען ווידער אַ מאָל:

> מע מוז נאָך אַלץ פֿעסטשטעלן, אַז די באַפֿעלקערונג האַלט זיך אָפּ פֿון יעדער זעלבסטהילף־אַקציע קעגן די ייִדן. די באַפֿעלקערונג גיט טאַקע איבער וועגן דעם ייִדישן טעראָר, וואָס זי האָט געמוזט אויסשטיין

בשעתן סאָוועטישן רעזשים, אָדער זי באַקלאָגט זיך אויף נײַע אָנפֿאַלן מצד די ייִדן. ניט געקוקט אָבער אויף דעם, פֿילט זי זיך ניט גרייט צו פּאָגראָמען. אויף אַזוי פֿיל שאַרפֿער ווערט דעריבער די אַקציע קעגן די ייִדן מצד די אײַנזאַץ־אָפּטיילונגען פֿון דער זיכערקייט־פּאָליציי און מצד די עס־דע.[4]

שפּעטער אין אויגוסט 1942, איז די לאַגע אין ווײַסרוסלאַנד אַזוי כאַראַקטע־ריזירט געוואָרן אין אַ ראַפּאָרט פֿון אַ „פֿאַרטרויווּנגס־מאַן” פֿון די דײַטשן (אַ ווײַס־רוס פֿון לעטלאַנד, וואָס איז צום ערשטן מאָל געקומען אויף דער געוועזענער סאָוועטישער טעריטאָריע):

> פֿאַר די ווײַסרוסן עקסיסטירט ניט קיין ייִדן־פֿראַגע. דאָס איז פֿאַר זיי אַ ריין דײַטשער ענין, וואָס גייט ניט אָן די ווײַסרוסן. אויך דאָ האָט זיך אויסגעדריקט די סאָוועטישע דערציִונג, וואָס ווייסט ניט פֿון קיין אונטערשייד צווישן די ראַסן. אַלע פֿילן מיט די ייִדן און באַדויערן זיי און אויף די דײַטשן קוקט מען ווי אויף באַרבאַרן און תּלינים: אַ ייִד, זאָגן זיי, איז פּונקט אַזאַ מענטש ווי אַ ווײַסרוס.[5]

מעגלעך, אַז די דאָזיקע אָפּשאַצונג פֿון דער לאַגע איז אין אַ געוויסער מאָס אַ ביסל באַפֿאַרבט מיט אַ סוביעקטיוון קאָליר אין הסכּם מיט די שטימונגען פֿונעם „פֿאַרטרויונגס־מאַן” גופֿא. אין דער אמתן אָבער האָט דער „מיטגעפֿיל” צו די ייִדן ניט געטראָגן אַזאַ ברייטן כאַראַקטער. די דאָזיקע ידיעה זאָגט לכל הפּחות עדות, אַז די פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג האָט ניט באַגעגנט קיין אונטערשטי־צונג אין די ברייטע שיכטן פֿון דער ווײַסרוסישער באַפֿעלקערונג.

נ. פּ. וואַקאַר, דער מחבר פֿון דער בעסטער אַמעריקאַנער אַרבעט וועגן ווײַסרוסלאַנד און אַליין אַ ווײַסרוס לויט זײַן אָפּשטאַם, שרײַבט וועגן דעם:[6] „צעטומלט און דערשראָקן, האָט דאָס פּשוטע פֿאָלק [פֿון ווײַסרוסלאַנד] פֿאַר־נומען די שטעלונג, לכל הפּחות אויסערלעך, אַז די ייִדן־פֿראַגע איז אַ דײַטשער ענין און ניט זייער דאגה”.[7] דערבײַ אָבער גיט דער מחבר צו:

> פֿון דער צווייטער זײַט, אַ קליינע צאָל נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן קאָלאַבאָרירט מיט די אָקופּאַנטן, האָבן אָפֿן זיך געשטעלט אויף דער דײַטשער פּאָזיציע. זיי האָבן זיך פֿאַראייניקט מיט די נאַצים אין די רדיפֿות — אַ מאָל אין די עקזעקוציעס, ווי אין באָריסאָוו — אויף די ייִדן, פּונקט ווי זיי וואָלטן געוואָלט וואָס שנעלער צעמענטירן מיט דעם ייִדישן בלוט זייער פּאָזיציע פֿון תּלינים.

און נאָך:

> עס איז באַוווּסט, אַז עס זײַנען ניט געווען בנמצא קיין ווײַסרוסישע נאַציאָנאַלע אָפּטיילונגען, אָנגעשלאָסן אָן די עס־עסישע עקזעקוציע־גרופּעס, הגם עס זײַנען געווען לעטישע, ליטווישע און געמישטע אָפּ־טיילונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט אייניקע ווײַסרוסן. די אַנטיסעמיטישע פּאָזיציע פֿון די ווײַסרוסישע קאָלאַבאָראַציאָניסטן ווערט באַשטעטיקט צווישן אַנדערע פֿאַקטן דורך אַ גרויסער אויסשטעלונג אין 1944 פֿון די פּאָרטרעטן פֿון... נאַציאָנאַליסטישע פֿירערס מיט

ציטאַטן פון אַ רעדע וועגן דעם „פּאַריזישן קרעמל", „פאַרדונגענע צו די ייִדן" און ענלעכס.[8]

אין אָט דער גאַנצער פּאָליטיק פון ייִדן־פאַרטיליקונג איז זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן די שטרעבונג פאַרצושטעלן דעם קעמפּערישן פּאַגראָם־אַנטיסע־מיטיזם קודם־כּל ווי אַ רעאַקציע אויפן טעראָר פון די קאָמוניסטישע מאַכט־אָרגאַנען, וואָס זײַנען כּלומרשט רעפּרעזענטירט געוואָרן דער עיקר דורך ייִדן. דער דאָזיקער אַרגומענט איז באַזונדערס ענערגיש אַרויסגערוקט געוואָרן אין יענע געביטן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס זײַנען אָנגעשלאָסן געוואָרן שוין נאָכן אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, פאַר היטלערס אָנפאַל אויפן סאָוועטן־פאַרבאַנד. אָבער גראָד אין אָט די נײַע סאָוועטישע געביטן, בשעת דעם קורצן פעריאָד פון דער סאָוועטישער ממשלה פאַר דער דײַטשער אָקופּאַציע, איז די דיסקרימינאַציע לגבי ייִדן געקומען באַזונדערס בולט צום אויסדרוק.

אָט די עקשנותדיקע שטרעבונג פאַרצושטעלן אַנטיסעמיטיזם ווי אַנטי־קאָמוניזם האָט געפונען איר אויסדרוק אויך אין די אָפטע פרווון פאַרצושטעלן סײַ די אַרעסטן, סײַ די ליקווידאַציע פון ייִדן בלויז ווי אַן אינטעגראַלן קאַמף קעגן „קאָמוניסטן, קאָמיסאַרן און ייִדן". אין דער אמתן זײַנען „קאָמוניסטן און קאָמיסאַרן" בפועל ממש בטל געוואָרן בשישים אין דער קאָלאָסאַלער מאַסע ליקווידירטע ייִדן. דער אורטייל פונעם נירנבערגער געריכט בײַם פּראָצעס פון די אײַנזאַץ־גרופּעס פאַרצייכנט עס זייער קלאָר:

> ערײַגניסמעלדונג נומ' 132, וואָס באַשרײַבט די טעטיקייט פון דער אײַנזאַץ־קאָמאַנדע 5, האָט געמאָלדן, אַז צווישן דעם 13טן און דעם 19טן אָקטאָבער 1941 האָט זי צווישן אַנדערע ליקווידירט 21 מענטשן, וואָס זײַנען שולדיק אין סאַבאָטאַזש און רויב, און 1,847 ייִדן (NO — 2830).
>
> ערײַגניסמעלדונג נומ' 194, וואָס רעכנט אויס די טעטיקייט פון דער אײַנזאַץ־קאָמאַנדע 8, דערקלערט, אַז פון 6טן ביזן 30סטן מאַרץ 1942 האָט די דאָזיקע קאָמאַנדע ליקווידירט 20 רוסן פאַר סובווערסיווער קאָ־מוניסטישער אַקטיווקייט, סאַבאָטאַזש און אָנגעהעריקייט צו נקוו"ד, 33 ציגײַנערס, 1,551 ייִדן (NO — 3276).
>
> די אײַנזאַץ־קאָמאַנדע 5, פאַרן פעריאָד צווישן דעם 2טן און דעם 8טן נאָוועמבער 1941, האָט דערהרגעט, ווי עס דערקלערט בקיצור דער באַריכט נומ' 143, 15 פּאָליטישע אָפיציעלע פּערזאָנען, 21 סאַבאָטאַזש־ניקעס און רויבערס, 441 ערבניקעס, 10,650 ייִדן (NO — 2827)
>
> אײַנזאַץ־גרופּע D מעלדעט אינעם באַריכט נומ' 117 אַזאַ סך־הכּל פון איר אַקטיווקייט פון 1טן ביזן 15טן אָקטאָבער 1941: די ראַיאָנען, וואָס די קאָמאַנדע האָט פאַרנומען, זײַנען געוואָרן אָפּגערייניקט פון ייִדן. פאַר דער צײַט, וואָס עס נעמט אַרום דעם באַריכט, זײַנען ליקווידירט געוואָרן 4,091 ייִדן און 46 קאָמוניסטן (NO—3406).[9]

אין דעם שוין פריִער ציטירטן סך־הכּל־באַריכט פון דער אײַנזאַץ־גרופּע וועגן איר טעטיקייט פון 22סטן יוני ביזן 15טן אָקטאָבער 1941 ווערט אָנגעגעבן, אַז אין ווײַסרוסלאַנד זײַנען ליקווידירט געוואָרן 7,620 ייִדן.[10]

אין אוקראַינע, באַזונדערס אין מערבֿ־אוקראַינע, האָט די מאַסקירונג פֿון אומברענגען די ייִדן ווי קאָמוניסטישע אַגענטן באַקומען אַ באַזונדערס ברייטע פֿאַרשפּרייטונג און האָט געדינט פֿאַר אַ באַרעכטיקונג פֿאַר אַנטי־ייִדישע פּאָגראָם־אַקציעס ניט בלויז פֿאַר די דײַטשן, נאָר אויך פֿאַר די פּילצאָליקע אוקראַיִנישע עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטן. דאָס איז פֿאַרלײַכטערט געוואָרן דורכן פֿאַקט, וואָס אין אוקראַינע האָבן אויך די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען (דער עיקר די אָרגאַנען פֿון נקוו״ד) בײַם פֿאַרלאָזן שטעט אַכזריותדיק אויסגעשאָסן אין תּפֿיסות פּילצאָליקע פּאָליטישע אַרעסטירטע, און אין אייניקע ערטער האָבן זיי אויך אַרעסטירט און אַוועקגעפֿירט מיט זיך בײַם אָפּטרעטן אַ באַדײַטיקע צאָל מענטשן, וואָס זײַנען געווען אָנגעזען בײַ דער באַפֿעלקערונג. די אוקראַיִנישע אַנטיסעמיטן האָבן תּיכף אַרויפֿגעוואָרפֿן די שולד אויף די ייִדישע קאָמוניסטן, ווי מע האָט שפּעטער אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף די ייִדן די שולד פֿאַר די שרקלעכע אויפֿרײַסן פֿון רעגירונגס־בנינים, אין וועלכע די אָפּטרעטנדיקע סאָוועטישע מיליטער־אָפּטיילונגען (און די אָרגאַנען פֿון נקוו״ד) האָבן איבערגעלאָזט באָמבעס מיט זייגער־מעכאַניזמען. דאָס אַלץ האָט געגעבן די פּאָגראָמשטשיקעס אַ מעגלעכקייט פֿאַרצושטעלן די פּאָגראָמען ווי אַ סטיכישע נקמה פֿונעם פֿאָלק פֿאַרן טעראָר פֿון די ייִדן און באָלשעוויקעס.

אין מערבֿ־אוקראַינע, וואָס איז ביז 1939 געווען פּויליש, האָט נאָך זינט סוף צוואַנציקער יאָרן שנעל גענומען וואַקסן אין די אוקראַיִנישע קרײַזן די השפּעה פֿון דער עקסטרעמער נאַציאָנאַליסטישער פּאַרטיי פֿון באַנדעראַ־מעלניק (פּאַרטיי פֿון אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן), וואָס האָט ביסלעכווײַז אָפּגעשטופּט אין הינטערגרונט די מער מעסיקע אוקראַיִנישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פֿאַראייניקונג. סוף דרײַסיקער יאָרן האָט די אָרגאַניזאַציע פֿון אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן שוין אָנגענומען אַן אָפֿן פּראָהיטלערישן און שאַרף אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער. אויף איר צוזאַמענפֿאָר אין קראָקע אין אַפּריל 1941 — ד״ה שוין נאָך דעם ווי מערבֿ־אוקראַינע איז אַריבער צום סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, אָבער נאָך פֿאַרן אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה — האָט זי אויף אַזאַ אופֿן כאַראַקטעריזירט איר באַציִונג צו די ייִדן:

> ייִדן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד זײַנען דער געטרײַסטער אָנשפּאַר פֿונעם הערשנדיקן באָלשעוויסטישן רעזשים און דער אַוואַנגאַרד פֿונעם מאָסקווער אימפּעריאַליזם אין אוקראַינע. די מאָסקווער באָלשעוויסטישע רעגירונג נוצט אויס די אַנטי־ייִדישע שטימונגען פֿון די אוקראַיִנישע מאַסן, כּדי אָפּצוציִען זייער אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די אמתע סיבות פֿון שלעכטס און אָנווענדן זיי אין מאָמענט פֿון אויפֿרײַס אויף אַנטי־ייִדישע פּאָגראָמען. די אָרגאַניזאַציע פֿון אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן באַטראַכט די ייִדן ווי דעם אָנשפּאַר פֿונעם מאָסקווער באָלשעוויסטישן רעזשים, און גלײַכצײַטיק גיט זי צו פֿאַרשטיין די פֿאָלקסמאַסן, אַז דער הויפּט־שונא איז מאָסקווע.[11]

סאָלידאַריזירנדיק זיך אַזוי אַרום מיטן היטלערישן אַרגומענט וועגן „יודעאָ־באָלשעוויזם”, פּרוווט נאָך אָט די רעזאָלוציע זיך האַלב־אָפּצוגרענעצן פֿונעם

געדאַנק וועגן פּאָגראָמען. צושרײַבנדיק אים די קאָמוניסטן („כּדי אָפּצוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַסן" פון זייערע נויטן).[12] אָבער ווי נאָר עס איז געווען אַ מעגלעכקייט אַריבערצוגיין צו מעשׂים, ד"ה מיטן אַרײַנטריט פון די היטלערישע אַרמייען אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, זײַנען אַלע באַוואָ־רענישן אָפּגעוואָרפן געוואָרן, און די אָרגאַניזאַציע פון די אוקראַיִנישע נאַציאָ־נאַליסטן, דעמאָלט שוין כּמעט אין גאַנצן אונטער דער אָנפירונג פונעם מער אַגרעסיוון באַנדערא, האָט גענומען אָפּן פונאַנדערבלאָזן די פּאָגראָם־סטיכיע. אין אָקטאָבער 1941, שוין נאָך באַנדעראָס אַרעסט (מע האָט אים אַרעסטירט דעם 15טן סעפּטעמבער) און נאָך דעם ווי די אָרגאַניזאַציע האָט שוין עקסיס־טירט אומלעגאַל (אין שײַכות מיט דער דעצידירטער פאַרטיידיקונג פון דער אידעע וועגן דער אומאָפּהענגיקייט פון אוקראַיִנע), האָט זי זיך געווענדט צו דער געשטאַפּאָ אין לעמבערג מיט אַ בריוו, וווּ עס האָט פיגורירט אַזאַ כאַראַקטע־ריסטישער לאָזונג: „זאָל לעבן די גרויסע זעלבשטענדיקע אוקראַיִנע אָן ייִדן, פּאָליאַקן און דײַטשן. פּאָליאַקן — אויף יענער זײַט סאַן, דײַטשן — קיין בער־לין, ייִדן — אויפן האָקן".[13]

אָבער אויך ווייניקער עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטישע קרײַזן זײַנען זייער ווײַט געגאַנגען אין זייער אַנטיסעמיטיזם. לויט דער ערײַגניסמעלדונג נומ׳ 23 פון 15טן יולי 1941, האָבן דעם 10טן יולי די אוקראַיִנער פון לעמבערג — ווײַזט אויס, דער אָרטיקער אוקראַיִנישער ראַט, וווּ די באַנדעראָווצעס זײַנען געווען אַ מיעוט — געשיקט היטלערן אַ טעלעגראַם מיטן אויסדרוק פון דאַנק פאַר דער געבראַכטער באַפרײַונג:

> מיט דעם דאָזיקן דאַנק פאַרבינדן מיר די שבֿועה פון דער גרעסטער געטרײַשאַפט בײַם אויפבויען אַן אייראָפּע, באַפרײַט פון דער ייִדיש־קאָמוניסטישער בלוט־ממשלה און פּלוטאָקראַטישער אונטערדריקונג.

הכּלל, פאַר אַן אייראָפּע אָן ייִדן, באָלשעוויקעס און פּלוטאָקראַטן. די דאָזיקע „אידעאָלאָגישע" אײַנשטעלונג האָט שוין פאַר פריִער באַשטימט אויך די פּראַק־טיק. אין דער ערײַגניסמעלדונג נומ׳ 24 פון 16טן יולי לייענט מען:

> די אוקראַיִנישע באַפעלקערונג האָט אין די ערשטע שעהן נאָכן אַרויס־שטויסן די באָלשעוויקעס אַרויסגעוויזן אַן אַקטיוויקייט קעגן די ייִדן, וואָס איז ווערט באַגריסט צו ווערן. אין דאָבראָמיל האָט מען אונטערגע־צונדן די סינאַגאָגע. אין סאַמבאָר האָט דער אויפגעבראַכטער המון דערהרגעט ייִדן. אין לעמבערג האָט די באַפעלקערונג צונויפגעטריבן און ברוטאַל באַהאַנדלט אַרום 1,000 ייִדן און האָט זיי איבערגעגעבן אין דער גפּ"או־תּפיסה, וואָס איז געווען פאַרנומען דורך דער ווער־מאַכט... דעם 30סטן יוני האָט מען אין סאָקאַל מיט דער צוציִונג פון אָרטיקע פאַרלאָזלעכע אוקראַיִנער געכאַפּט און ליקווידירט 188 ייִדישע קאָמוניסטן.

אין די ערײַגניסמעלדונגען נומ׳ 14 פון 6טן יולי, נומ׳ 20 פון 12טן יולי, נומ׳ 28 פון 20סטן יולי זײַנען געווען אַ סך אַזעלכע ידיעות.

פון דער צווייטער העלפט יולי אָן האָט די צאָל פון אַזוינע ידיעות אין די

באַריכטן פֿון דער אײַנזאַץ־גרופּע C, וואָס האָט אָפּערירט אויף אוקראַינע, זיך שאַרף פֿאַרקלענערט, און אין דער ערײַגניסמעלדונג נומ׳ 47 פֿון 9טן אויגוסט ווערט אַפֿילו באַדויערט, וואָס ס׳איז שוואַכער געוואָרן די פּאָגראָם־אַקטיוויטעט פֿון די אוקראַינער: „די בשעתּם אונטערגענומענע פּרוּוון צו אינספּירירן אויף אַ פֿאָרזיכטיקן אופֿן ייִדן־פּאָגראָמען האָבן לײַדער ניט אַרויסגעוויזן דעם דערפֿאָלג, אויף וועלכן מע האָט געהאָפֿט״.

די דאָזיקע מעלדונג שטימט אָבער ניט מיט די פֿריִערדיקע באַריכטן. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען די ברייטע פּאָגראָם־אַקציע, וואָס האָט געהייסן „פּעטלוראַ־אַקציע״, אָרגאַניזירט אין לעמבערג פֿון 25סטן ביזן 28סטן יולי און אין אַנדערע אוקראַיִנישע שטעט, ווי אַ „נקמה״ פֿאַר דערהרגענען פּעטלוראַן (אין מײַ 1926) אין פּאַריז. וועגן דער „פּעטלוראַ־אַקציע״ איז געבליבן זייער אַ גרויסע צאָל גבֿית־עדות.[14]

אָבער אין די ערײַגניסמעלדונגען איז וועגן דער פּעטלוראַ־אַקציע ניט געווען דערמאָנט מיט קיין איין וואָרט.

ס׳וואָלט געווען אַ טעות צו פֿאַררעכענען די אַלע פֿאַקטן פֿון אומברענגען די ייִדן אויפֿן חשבון פֿון דער גאַנצער אוקראַיִנישער באַפֿעלקערונג. מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו דער דאָזיקער פֿראַגע. איצט איז וויכטיק צו באַווײַזן די אמתע מאָסשטאַבן פֿונעם אוקראַיִנישן אַקטיוון אַנטיסעמיטיזם, ווי ער האָט אויסגעזען באַזונדערס אין די ערשטע חדשים פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה.

זיך שטיצנדיק אויף זייער אַ גרויסער צאָל מקורים (דער עיקר ייִדישע, אָבער אויך דײַטשע, פּוילישע און אוקראַיִנישע), האָט פֿיליפּ פֿרידמאַן אָנגעצייכנט אַזאַ בילד פֿונעם אָנטייל פֿון די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן און אַנטי־ייִדישע אַקציעס:

> תּיכּף אין די ערשטע וואָכן פֿון דער אינוואַזיע זײַנען פֿאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף ייִדן, ס׳רובֿ ניט־אָרגאַניזירטע, ווילדע אַרויסטרעטונגען פֿון שטאָטישן אָדער דאָרפֿישן המון. אין די דערפֿער האָבן זיך געשאַפֿן באַנדעס, וואָס האָבן פֿאַרהאַלטן אויף די וועגן די דורכפֿאָרנדיקע ייִדן און זיי באַרויבט און געשלאָגן . . . פּויערים זײַנען געקומען מיט פֿורלעך אין די נאָענטע שטעטלעך, כּדי צו ראַבעווען. אַזוי ווערט דערציילט פֿון אַ סך ערטער אין גאַליציע און וואָלין, און ס׳האָט זיך ניט אויסגעלאָזט בלויז מיט ראַבעווען. אַ סך ייִדן זײַנען צעשלאָגן אָדער דערהרגעט געוואָרן. אין טייל פֿאַלן האָבן די פּאָגראָמען אָנגעפֿירט אַנטיסעמיטישע עלעמענטן פֿון דער אָרטיקער אינטעליגענץ. געווען אַפֿילו פֿאַלן, ווען מע האָט געפּרוּווט אַרײַנציִען די שול־יוגנט אין פֿאַרשיידענע אַנטי־ייִדישע אַקציעס. געווען אויך איינצלנע פֿאַלן, ווען די אוקראַיִנישע באַפֿעלקערונג האָט אויף אייגענער איניציאַטיוו אָרגאַניזירט קאָנצענטראַציע־לאַגערן פֿאַר ייִדן.
>
> אַ צאָל אוקראַיִנער האָבן אַרויסגעגעבן צו די דײַטשן ייִדן, וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון די געטאָס אין די וועלדער און דערפֿער אָדער וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף „אַרישע פּאַפּירן״ . . . די שטאָט־פֿאַרוואַלטונגען, וואָס זײַנען איבערגענומען געוואָרן דורך פּראָנאַצישע עלעמענטן, האָבן אָנגענומען אַ ייִדנפֿײַנטלעכע שטעלונג. אין ראַטנע האָט די שטאָט־

פּאַרוואַלטונג אַרויסגעגעבן אַ מין אַנטי־פּראַטערניזאַציע־באַפעל, וואָס האָט פאַרווערט דער באַפעלקערונג בכלל צו ריידן מיט ייִדן... די אוקראַיִנישע קאָמיטעטן אין קאָסעוו־הוצולסקי און אין גלינע האָבן זיך געווענדט צו די דײַטשן וועגן דורכפירן אַן אַקציע קעגן ייִדן. אין קאָרעץ, וואָלין, זײַנען מיטגלידער פון דער אָרטיקער אוקראַיִנישער אַד־מיניסטראַציע געווען „די אינספּיראַטאָרן בײַם דורכפירן אין לעבן די פאַרפאָלגונגען פון די קאָרעצער ייִדן". אין זלאָטשעוו און אין זשאָלקעוו האָבן די אוקראַיִנישע פאָרשטייערס געפאָדערט צו שאַפן אַ געטאָ פאַר ייִדן. אין בוטשאַטש האָבן צוויי אוקראַיִנישע דאָקטוירים געפאָדערט פון די דײַטשן בכלל צו באַזײַטיקן די ייִדן, כּדי אויסצומײַדן עפּידעמיעס. אין עטלעכע ערטער האָבן די אוקראַיִנער צוגעגרייט רשימות פון „פאַר־דעכטיקטע" ייִדן און זיי צוגעשטעלט צו די דײַטשן.[15]

די דאָזיקע פּאָגראָם־כראָניק איז אַזוי גרויס (פרידמאַן ברענגט אין הערות אַ גרויסע צאָל קאָנקרעטע צוגאָב־ידיעות), אויב מע זאָל אַפילו זיך רעכענען מיט דעם, אַז אַ סך פון אָט די ידיעות, וואָס שטאַמען דער עיקר פון די געליטע־נע, זײַנען אומפאַרמײַדלעך אַ ביסל באַפאַרבט געוואָרן, איז פונדעסטוועגן ניט מעגלעך צו צווייפלען, אַז אין תּוך שטימט אָט דאָס בילד מיט דערווירקלעכקייט.

אין די אַנטי־ייִדישע אַקציעס האָט אַ גרויסע ראָלע געשפּילט די אוקראַיִנישע הילפס־פּאָליציי, וואָס איז ווערבירט געוואָרן דער עיקר אין גאַליציע און וואָלין. זי האָט אויך גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין די פּילצאָליקע אויסראָטונגס־אַקציעס אין לאַגערן, האָט דורכגעפירט אין אוקראַיִנע — און ניט נאָר אין אוקראַיִנע — מאַסן־אַרעסטן פון ייִדן, האָט באַוואַכט די טראַנספּאָרטן בײַם אַרי־בערפירן ייִדן פון די געטאָס אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן און טויט־לאַגערן, האָט אויסגעפירט די שמירה פון תּפיסות אאַז"וו. אין די מאַטעריאַלן פונעם ני־רנבערגער געריכט האָט זיך אָפּגעהיט דאָס שריפטלעכע עדות־זאָגן פון הערמאַן פ. גרעבע. בשעת דער מלחמה איז ער געווען דער הויפּט־אינזשינער פון אַ בוי־פירמע אין ראָוונער געביט. זײַן עדות־זאָגן וועגן דער אויסראָטונג פון די ייִדן אין ראָוונע דעם 13טן און 14טן יולי 1942 איבערראַשט מיט זײַן פּרעציזקייט. די דאָזיקע אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן אין אַ שטרענג־אָרגאַניזירטער אָרדענונג דורך די עס־עס און דער אוקראַיִנישער מיליץ, דערבײַ איז די צאָל מיליציאָנערן געווען לערך דרײַ מאָל גרעסער פון דער צאָל עס־עס.[16] לויטן עדות פונעם פּוילישן ריכטער זדזיסלאַוו לוקאַשעוויטש, וואָס האָט אין שליחות פון דער פּוילישער מלוכישער הויפּט־קאָמיסיע אויסצופאָרשן די פאַרברעכנס פון די נאַציס צונויפגעשטעלט אַ באַריכט וועגן טרעבלינקע, איז דער טרעבלינ־קער לאַגער געווען באַוואַכט פון 40־50 עס־עס־לײַט און 300 אוקראַיִנער.[17]

וואָסער טייל פון דער אוקראַיִנישער באַפעלקערונג איז געווען פאַרכאַפּט דורך שטימונגען פון אַקטיוון פּאָגראָם־אַנטיסעמיטיזם, איז ניט מעגלעך פעסט־צושטעלן. מן הסתּם זײַנען די דאָזיקע שטימונגען געווען פרעמד אַ טייל פון דער באַפעלקערונג. באַזונדערס צווישן די מער קולטורעלע שיכטן. לטובֿת דעם רעדט די מיטאַרבעט פונעם אוקראַיִנישן, פּוילישן און ייִדישן הילפס־קאָמיטעטן אין לעמבערג, וואָס האָבן אין איינעם אויסגעאַרבעט אין נאָוועמבער 1941 אַ מע־

מאָראַנדום און איבערגעגעבן אים די דײַטשן מיט אַ בקשה זיך אָפּצוזאָגן פֿונעם דעמאָלט אויפֿגעקומענעם פּלאַן צו קאָנצענטרירן אַלע לעמבערגער ייִדן אין געטאָ. זיי האָבן אויך אין דער זעלבער צײַט געשאַפֿן אַן אַלגעמיינעם קאָמיטעט צו העלפֿן די אַרעסטירטע. דער פֿאָרזיצער פֿון דעם קאָמיטעט איז געווען אַן אוקראַיִנער, דער אַדוואָקאַט קאָסט פּאַנקאָווסקי און די וויצע־פֿאָרזיצערס זײַנען געווען די אַלמנה פֿונעם געוועזענעם פּוילישן פּרעמיער באַרטעל (דערהרגעט דורך די דײַטשן) און דער ייִד ד״ר מאַרק שאַף.[18] קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן האָט די טעטיקייט פֿונעם קאָמיטעט כּמעט ווי ניט געהאַט און אין גיכן האָט ער בכלל אויפֿגעהערט צו עקסיסטירן. אָבער דעם מאָראַלישן ווערט פֿונעם אויפֿקום פֿון אַזאַ קאָמיטעט דאַרף מען פֿון דעסט וועגן געהעריק אָפּשאַצן. דער דאָזיקער פֿאַקט האָט אויך אַ געוויסן ווערט, ווען מע וויל פֿאַרשטיין די שטימונגען פֿון אַ טייל פֿון דער אוקראַיִנישער באַפֿעלקערונג ניט נאָר אין לעמבערג.

אָבער אַפֿילו בײַ דעם דאָזיקן טייל פֿון דער אוקראַיִנישער באַפֿעלקערונג איז די באַציִונג צו דער ייִדן־אויסראָטונג דאָך פֿאַרבליבן לגמרי פּאַסיוו. אַן איבערראַשנדיקע אילוסטראַציע דערפֿון זײַנען די זכרונות פֿון פּאַנקאָווסקין גופֿא. דער אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה האָט געטראָפֿן פּאַנקאָווסקין אין לעמבערג. אין סעפּטעמבער 1941 איז ער אַרויסגעפֿאָרן קיין קיִעוו, איז גע־קומען אַהין דעם 28סטן סעפּטעמבער און זיך אומגעקערט קיין לעמבערג אין די ערשטע טעג אָקטאָבער. אַנדערש געזאָגט, ער איז געווען אין קיִעוו אין די שרעקלעכע טעג פֿון באַבי יאַר. אָבער פֿון פּאַנקאָווסקיס זכרונות דערוויסן מיר זיך וועגן „אַ שיינעם האַרבסטיקן וועטער“ אין קיִעוו, וועגן „מאַסן מענטשן“, וואָס פּאַנקאָווסקי האָט דאָרט באַגעגנט, וועגן די דענקווערדיקייטן פֿון דער שטאָט.

אָט אַזוי האָט ער געשריבן זײַנע זכרונות וועגן קיִעוו. וועגן באַבי יאַר איז אַפֿילו קיין רמז ניטאָ.[19]

אַליק, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן ביז איצט, באַציט זיך דער עיקר צו מערבֿ־אוקראַיִנע, צו די געביטן, וואָס דער סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט פֿאַרנומען שוין נאָכן אָנהייב פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. פֿאַר דער אייגנטלעכער סאָוועטישער אוקראַיִנע זײַנען אונדזערע ידיעות אַ סך קאַרגער און די ראָלע פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג אין די אַנטי־ייִדישע אויסראָטונגס־אַקציעס איז דאָ, ווי ס׳ווײַזט אויס, געווען ניט אַזוי גרויס. אפֿשר צוליב דעם, וואָס צום מאָמענט פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע פֿון דער אייגנטלעכער סאָוועטישער אוקראַיִנע האָבן זיך געשאַפֿן אָנגעשטרענגטע באַציִונגען צווישן די דײַטשן און די באַנדעראָווצעס, וואָס האָבן ווײַטער שטאַרק פֿאַרטיידיקט די אידעע פֿון אַן אומאָפּהענגיקער אוקראַיִנע. אין די באַריכטן פֿון די דאָזיקע געביטן ווערט בדרך כּלל ניט דערמאָנט וועגן דער אוקראַיִנישער „פֿאָלק־סטיכיע“ פֿון פּאָגראָמען. מיט אויסראָטן די ייִדן האָט זיך דאָ פֿאַרנומען נאָר די אוקראַיִנישע הילפֿס־פּאָליציי אָדער, ווי זי ווערט אָפֿטער אָנגערופֿן, מיליץ.[20] אַפֿילו וועגן קיִעוו, ווו אין שײַכות מיט די אויפֿרײַסן נאָכן פֿאַרלאָזן די שטאָט דורך דעם סאָוועטישן מילי־

טער האָט די דײַטשע און אוקראַיִניש־דײַטשע פּראָפּאַגאַנדע באַזונדערס ענערגיש געפּרוווט פֿונאַנדערבלאָזן פּאָגראָם־שטימונגען, באַגרענעצט זיך דער אויבן ציטירטער באַריכט וועגן דער טעטיקייט פֿון די אײַנזאַץ־גרופּעס פֿאַר אָקטאָבער מיט אָנווײַזן, אַז

די פֿאַרביטערונג פֿון דער אוקראַיִנישער באַפֿעלקערונג קעגן די ייִדן איז אויסערגעוויינלעך גרויס, ווײַל מע האַלט זיי פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די אויפֿרײַסן אין קיִעוו. מע קוקט אויך אויף זיי ווי אויף אינפֿאָרמאַטאָרן און אַגענטן פֿון נקוו״ד, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם טעראָר קעגן דעם אוקראַיִנישן פֿאָלק.

אָבער תּיכּף נאָך דעם גיט דער באַריכט איבער וועגן דער אויסראָטונג פֿון די ייִדן דורך דער דײַטשער זיכערקייט־פּאָליציי אין קיִעוו, זשיטאָמיר און כערסאָן, ניט דערמאָנענדיק אין ערגעץ וועגן דעם אָנטייל פֿון אוקראַיִנער אין דער דאָזיקער אַקציע.[21] אין אַ צווייטן דאָקומענט, אין דעם ראַפּאָרט פֿון ד״ר האַנס יאָאַכים קאַוש, אַן אָנטיילנעמער פֿון אַ דרײַוואָכיקער „אינפֿאָרמאַציע־נסיעה״ איבער אוקראַיִנע און קרים, וואָס ראָזענבערגס מיניסטעריום האָט אָר־גאַניזירט אין יוני 1943, לייענט מען: די אוקראַיִנער האָבן זיך גאַנץ גלײַכגילטיק צוגעקוקט, ווי מע ברענגט אום די ייִדן. בײַ די לעצטע אָפּעראַציעס פֿון ייִדן־פֿאַרטיליקונג דעם לעצטן ווינטער האָבן אייניקע דערפֿער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.[22]

די דאָזיקע אָנווײַזונג, אַז עטלעכע דערפֿער האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דער פֿאַרטיליקונג פֿון די ייִדן, איז זייער לאַקאָניש און פֿאַרבלײַבט לחלוטין איזאָלירט אין אַלע צוגענגלעכע מאַטעריאַלן. ס׳איז אָבער אוממעגלעך צו דער־לאָזן דעם געדאַנק, אַז דער דײַטשער מחבר, אַ פֿאַרטרויונג־מאַן פֿון דער דײַטשער מאַכט, זאָל אים פּשוט האָבן אויסגעטראַכט. אפֿשר האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ ווי־דערשטאַנד פֿון ייִדישע דערפֿער? אָבער דאָס בינדט זיך עפּעס שלעכט מיטן טעקסט. וואָס שטייט הינטער דער דאָזיקער ידיעה, איז דערווײַל אוממעגלעך צו זאָגן.

דאָך רופֿט ניט אַרויס קיין ספֿק, אַז עס זײַנען געווען ניט ווייניק פֿאַלן (בפֿרט אײדער די באַציִונגען צווישן די דײַטשן און די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן האָבן אָנגענומען אַן אָנגעשטרענגטן כאַראַקטער), ווען אוקראַיִנער האָבן דירעקט געהאָלפֿן די דײַטשן אומצוברענגען ייִדן. אַקטיוו אָבער זײַנען דערבײַ געווען, ווי ס׳ווײַזט אויס, לפֿי ערך קליינע גרופּעס, וואָס האָבן זיך דער עיקר פֿאַרמירט פֿון גאַליציאַנער, וועלכע די דײַטשן האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך און צו וועמען אין אַ סך ערטער זײַנען צוגעקומען אָרטיקע אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן ניט אַרויסגעוויזן זייער אַנטיסעמיטיזם ביזן אָנקום פֿון די דײַטשן.

וועגן די אָקופּירטע געביטן פֿון רספֿס״ר זײַנען אונדזערע ידיעות נאָך אַ סך קאַרגער ווי וועגן די באַלטישע לענדער, ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע. אין די עטנאָגראַפֿיש־רוסישע געביטן האָבן די דײַטשן ניט געקענט אַפּעלירן צו אַנטי־רוסישע שטימונגען פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג. דער אַרגומענט וועגן

דעם מאָסקווער אימפּעריאַליזם האָט דאָ ניט געהאַט קיין האַפּט, און דער אַרגו־מענט וועגן דעם „יודעאָ־באָלשעוויזם“, אָן אַן אָנשפּאַר אינעם אָרטיקן נאַציאָנאַליזם, האָט דאָ אין אַ גרויסער מאָס פאַרלאָרן זײַן צוציִונגס־קראַפט. דעריבער האָבן דאָ טאַקע די דײַטשן אַרויסגעוויזן ווייניקער ענערגיע בײַם צוציִען די אָרטיקע באַפעלקערונג צו זייער פּראָגראַם־טעטיקייט. צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג האָט זיך דאָ, ווי ס׳ווײַזט אויס, געפונען ווייניק עלעמענטן, וואָס האָבן אַקטיוו אונטערגעהאַלטן די דײַטשן אין זייער אַנטי־יידישער אויסראָטונגס־פּאָליטיק. די אויבן געבראַכטע כאַראַקטעריסטיק פון ווײַסרוסלאַנד אין ערייגניס־מעלדונג פון 5טן אויגוסט 1941, וואָס איז זיך סומך אויף דער מעלדונג פון דער אײַנזאַץ־גרופּע אין סמאָלענסק, האָט אַ שײַכות, ווי ס׳ווײַזט אויס, ניט נאָר צו ווײַס־רוסן, נאָר אויך צו דער רוסישער באַפעלקערונג פון סמאָלענסקער און שכנישע געביטן, פונקט אַזוי ווי אין ווײַסרוסלאַנד גופא האָבן די דײַטשן ניט זעלטן בכלל שלעכט אונטערגעשיידט ווײַסרוסן פון רוסן.

אָבער די הילף פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג אין דער דײַטשער פּאָליטיק אויסצוראָטן יידן איז נאָר איין זײַט פון דער פּראַגע. עס זײַנען געווען אויך דירעקטע היפּוכדיקע דערשײַנונגען — פּרוּוון צו העלפן די יידן מצד דער אָרטי־קער באַפעלקערונג. די דאָזיקע פאַקטן זײַנען ווערט, מע זאָל זיי ביז גאָר אויפ־מערקזאַם באַטראַכטן.

## דער אָנטייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג צו ראַטעווען יידן

וועגן אַ וואָסערער עס איז אַקטיווקייט מצד דער אָרטיקער באַפעלקערונג פון די אָקופּירטע סאָוועטישע געביטן צו ראַטעווען יידן פון אויסראָטונג האָבן מיר ניט קיין סך ידיעות. פון קאָמוניסטישע קרײַזן האָט מען אַ געוויסע צײַט — באַזונדערס זינט 1943 — ענערגיש פאַרשפּרייט ידיעות, וואָס האָבן געדאַרפט מאַכן דעם אײַנדרוק, אַז די פאַלן פון ראַטעווען יידן דורך דער אָרטיקער באַפעל־קערונג האָבן געטראָגן אַ מאַסן־כאַראַקטער. איליאַ ערענבורג האָט געשריבן אין דער הקדמה צו דער צווייטער זאַמלונג מאַטעריאַלן מערדער פון פעלקער, וואָס ער האָט צונויפגעשטעלט:

> מיט טיפער רעגונג וועלן זיך די לייענערס באַקענען אויך מיט די פאַקטן, וועלכע באַווײַזן די סאָוועטישע סאָלידאַרישקייט, די קראַפט פון פעל־קער־ברידערשאַפט, וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט אין דער שטרעבונג פון אַ סך רוסן, ווײַסרוסן, פּאָליאַקן, אוקראַינער צו ראַטעווען די יידן פון דער שחיטה.[23]

אַזעלכע פאַלן זײַנען נאַטירלעך געווען, אָבער אין פאַרגלײַך מיט דעם אומ־געהײַערן פאַרנעם פון דער שחיטה פון די יידן אין די אָקופּירטע געביטן, איז זייער צאָל געווען גאָר קליין. ערענבורג האָט באַזונדערס זאָרגעוודיק געקליבן פאַר דער אָקערשט ציטירטער זאַמלונג די ידיעות וועגן ראַטעווען יידן דורך ניט־יידן. אָבער אויב מע זאָל צונויפנעמען די דאָזיקע אַלע ידיעות אין דער זאַמלונג, באַקומט זיך זייער אַ באַשיידענער סך־הכל: אַזוינע פאַלן ווערן דאָ

געבראַכט אַרום 10, מיט דער אַלגעמיינער צאָל געראַטעוועטע ייִדן 23, דערבײַ אין צוויי פֿאַלן (אין איינעם פֿון זיי האַנדלט זיך וועגן 10 געראַטעוועטע ייִדן) האָט די הילף, ווײַזט אויס, געטראָגן אַ ניט אין גאַנצן אומפּאַראינטערעסירטן כאַראַקטער.

סוף 1944 האָט ערענבורג געשריבן פֿאַר דער אַמעריקאַנער פּרעסע-*(Independent Jewish Press Service)* אַן אַרטיקל „קליינע מענטשן האָבן געהאָלפֿן ראַטעווען ייִדן אינעם אָקופּירטן רוסלאַנד",[24] ווו ער האָט בקיצור דערציילט וועגן אַלע פֿאַלן פֿון ראַטעווען ייִדן דורך ניט-ייִדן, וואָס וועגן זיי איז באַריכותדיק דערציילט אין דער אָנגערופֿענער זאַמלונג, און האָט ממלא געווען די דאָזיקע רשימה מיט אַ ידיעה וועגן דער רעטונג פֿון 7 ייִדישע משפּחות (30 נפֿשות) פֿון דער שטאָט אָרדזשאָניקידזע (פֿריִער יענאַקיִעוואָ אין דאָנבאַס) אין אַן אוקראַיִנישן קאָלווירט.

ווי זעלטן עס זײַנען געווען פֿאַלן פֿון ראַטעווען ייִדן דורך ניט-ייִדן, האָט ניט ווילנדיק באַוויזן ערענבורג גופֿא, בולט „סטיליזירנדיק" די דערציילונג וועגן דער רעטונג פֿון 30 ייִדן פֿון דער שטאָט אָרדזשאָניקידזע. אינעם אַרטיקל פֿאַרן אינדעפּענדענט דזשויִש פּרעס סערוויס האָט ערענבורג געשריבן: „פּאַוועל סערגייעוויטש זירטשענקאָ, אַ פּויער פֿון דאָרף בלאַגאָדאַטנאָיע, האָט געראַטעוועט 30 ייִדן, וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון דאָנבאַס". אָבער אין דער ערשטער אויסגאַבע פֿון מערדער פֿון פֿעלקער איז די דאָזיקע געשיכטע דערציילט מיט מער פּרטים און אויף אַן אַנדער אופֿן:

> זיבן ייִדישן משפּחות, וואָס האָבן געוווינט אין דער שטאָט אָרדזשאָניקידזע, סטאַלינער געגנט, האָבן ניט באַוויזן זיך צו עוואַקויִרן. די פּליטים זײַנען אַוועק אין דעם דאָרף בלאַגאָדאַטנאָיע, הוליײַפּאָליער דאָרפֿסאָוועט, זאַפּאָראָזשער געגנט. פֿאַר אויסבאַהאַלטן ייִדן פֿלעגן די דײַטשן דערשיסן. וועגן דעם האָט געוווּסט דער בוכהאַלטער פֿונעם קאָלווירט פּאַוועל סערגייעוויטש זירטשענקאָ. ער האָט אָבער נישט אַרויסגעגעבן די ייִדן. די ייִדן האָבן געאַרבעט אין קאָלווירט, און דעם 22סטן נאָיאַבער 1943 יאָר האָט זיי צוזאַמען מיט די איבעריקע אײַנוווינערס פֿון שטעטל באַפֿרײַט די רויטע אַרמיי.[25]

דאָס הייסט, אַז וועגן דעם, אַז זיי זײַנען ייִדן, האָט קיינער אין קאָלווירט ניט געוווּסט, חוץ בוכהאַלטער זירטשענקאָ, וואָס אים איז דאָס אויף עפּעס אַן אופֿן באַוווּסט געוואָרן. זײַן מיטבאַטייליקונג אין ראַטעווען די דאָזיקע 30 ייִדן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיי ניט אַרויסגעגעבן. אויך דאָס האָט אין די שרעקלעכע באַדינגונגען פֿון יענע טעג געפֿאָדערט מוט. אָבער דאָך איז עס ווײַט פֿון אַקטיווער ייִדן-רעטונג. אַזאַ פֿאַל איז מן הסתּם געווען ניט איינער. ערענבורג שרײַבט אָבער אין דעם זעלבן אַרטיקל אין *Independent Jewish Press Sesvice*, אַז

> אין כאַרקאָוו, ווילנע, לעמבערג זײַנען געווען פֿאַלן פֿון עקזעקוציעס פֿאַר ראַטעווען ייִדן. דאָס האָט ניט אָפּגעשטעלט נאָבעלע מענטשן. מיר האָבן פֿאַרשריבן די נעמען פֿון אָט די בעסטע פֿון די מענטשן, וואָס

באַרעכטיקן דעם גלויבן אינעם מענטשן, וואָס פּאַר אַ נסיונות עס זאָל אים ניט אויסקומען אויסצושטיין.

דאָס איז אָבער אַ בולטע גוזמא. אויך אַזעלכע פֿאַלן זײַנען געווען, אָבער אין ביידע מאַטעריאַלן־זאַמלונגען, וואָס ערענבורג האָט צונויפֿגעשטעלט, ווערט ניט געבראַכט קיין איין פֿאַל אַזוינער. דאָס באַווײַזט, אַז זיי זײַנען געווען אויסערגעווײנלעך זעלטן. על אַחת כּמה וכמה איז געווען נייטיק אָפּצוהיטן פֿאַר דער צו־קונפֿט די נעמען פֿון אָט די „בעסטע פֿון די מענטשן". צום באַדויערן, איז דער אינטערעס צו אַזוינע פֿאַקטן אין סאָוועטישע קרײַזן ווײַט ניט אַזוי גרויס, ווי מע וואָלט געקענט מיינען אויפֿן סמך פֿון ערענבורגס ווערטער.[26]

אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע, אמת, איז געווען אַ סך מער אַזעלכע ידיעות און זיי האָבן אין אייניקע פֿאַלן געטראָגן ממש אַ העלדישן כאַראַקטער. מע קען אין שײַכות מיט דעם ניט פֿאַרבײַגיין די טעלעגראַם פֿון מאָסקווע, פֿאַרעפֿנטלעכט דורכן אומאָפּהענגיקן ייִדישן פּרעסע־ביוראָ *(Independent Jewish Press Service*. דעם 6טן דעצעמבער 1943, וואָס איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ סך אַמעריקאַנער צײַטונגען:

פּליטים, וואָס קערן זיך אום אינעם באַפֿרײַטן האָמעל, דערציילן, אַז אין ווײַסרוסלאַנד האָבן די נאַצים אויסגעהרגעט הונדערטער רוסישע פּויערים פֿאַר ווענדונגען צו מיליטער און פּאָליציי קעגן פֿאַרטיליקן ייִדן. אינעם דאָרף אושטאַשאַ איז די פּויערישע באַפֿעלקערונג אַוועק מיט אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע מיט צלמים און איקאָנעס צום לאָקאַל פֿון די נאַצים, כּדי אין לעצטן מאָמענט צו בעטן לאָזן לעבן 200 ייִדן, וואָס מע האָט געפֿירט צו דערשיסן. די נאַצים האָבן געעפֿנט אַ פֿײַער אויף דער פּראָצעסיע און האָבן דערהרגעט 107 מאַן איידער די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך באַוויזן פֿונאַנדערצולויפֿן... אין נאָוואָסעדיד האָט מען דערהרגעט 145 פּויערים פֿאַרן פּראָטעסטירן קעגן מאַסן־עקזעקוציעס פֿון ייִדן.

ווען די דאָזיקע ידיעות וואָלטן געווען ריכטיק, וואָלט די סאָוועטישע פּרעסע — די ייִדישע ווי די ניט־ייִדישע — געהאָט אַ פֿולן יסוד אויפֿן ברייטסטן אופֿן מפֿרסם צו זײַן אָט די פֿאַקטן. די אָפּאָרטוניסטישע באַרעכענונגען, וואָס צוליב זיי האָט די סאָוועטישע פּרעסע זיך באַמיט צו פֿאַרשווײַגן די שרעקלעכע ייִדישע טראַגעדיע — די מורא צו געבן שפּײַז דער היטלערישער לעגענדע וועגן דער „ייִדישער סאָוועטן־מאַכט" — האָבן אין די פֿאַלן ניט געקענט האָבן קיין ממשות. צו הילף די ייִדן איז דאָך דאָ געקומען ניט די מאַכט, נאָר די באַפֿעלקערונג. אָבער וועגן אָט די פֿאַקטן, איז אין דער סאָוועטישער פּרעסע אָפּילו קיין רייד ניטאָ. ס'איז ניטאָ קיין אָנווײַזונגען וועגן דעם ניט אין דער פּראַוודאַ, ניט אַפֿילו אין דער אייניקייט. און אַפֿילו ערענבורג האָט ניט אַרײַנגענומען די דאָזיקע מערקווירדיקע ידיעות אין קיין איינעם פֿון די מאַטעריאַלן־זאַמלונגען, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן. דאָס מיינט, אַז די דאָזיקע ידיעות זײַנען אַ מיטאָס, וואָס איז געווען באַשטימט נאָר פֿאַר אַן אידעאָלאָגישן עקספּאָרט.

אָבער אַפֿילו אין די דאָזיקע מיטישע ידיעות רעדט זיך גאָרניט וועגן פּרוון

צו שאַפֿן אַ וואָסער עס איז אָרגאַניזאַציע צו ראַטעווען ייִדן. די איינציקע אָנווײַזונג אויף אַזאַ מין רודימענטאַרער אָרגאַניזאַציע געפֿינט זיך אין סמאָליאַרס בוך וועגן מינסקער געטאָ.[27] סמאָליאַר גיט איבער וועגן אַ גרופּע ווײַסרוסישע פרויען אין מינסק, וואָס האָבן אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט עטלעכע ייִדישע פֿרויען אין מינסקער געטאָ אַן אַקציע צו ראַטעווען ייִדישע קינדער פֿון געטאָ און צו פֿאַרטיילן זיי איבער ווײַסרוסישע קינדערהיימען. אויף אַזאַ אופֿן, לויט סמאָליאַרן, האָט מען געראַטעוועט איבער 70 ייִדישע קינדער. הגם בײַ סמאָליאַרן זײַנען דאָ באַשײַמפּערלעך סתירות און גוזמאות, ווערט דער עצם פֿאַקט — די אויסבילדונג פֿון עפּעס אַ גרופּע ווײַסרוסישע פֿרויען צו ראַטעווען ייִדישע קינדער — איבערגעגעבן מיט אַזעלכע פּרטים (עטלעכע פֿרויען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע סײַ פֿון דער ווײַסרוסישער, סײַ פֿון דער ייִדישער זײַט ווערן אָנגערופֿן מיט זייערע נעמען), וואָס רופֿן אַרויס אַ געוויסן צוטרוי.[28] ווי מינימאַל עס זאָל ניט זײַן די צאָל געראַטעוועטע קינדער אין פֿאַרגלײַך מיט די פֿיל טויזנטער קינדער, וואָס זײַנען אומגעקומען אין מינסקער געטאָ, וואָלט געווען אַ טעות ניט צו דערשאַצן דעם מאָראַלישן ווערט פֿון אָט דעם פּרוּוו זיי צו ראַטעווען.

דאָך איז דאָס געווען אַ זעלטענער אויסנאַם. אַז עס איז געווען זייער ווייניק פֿאַלן פֿון ראַטעווען ייִדן דורך ניט־ייִדן קען, צום באַדויערן, ניט אַרויסרופֿן קיין ספֿקות. געגנוג צו דערמאָנען וואַסילי גראָסמאַנס עסייען וועגן זײַנע אײַנדרוקן אין דער באַפֿרײַטער לינקברעגיקער אוקראַיִנע סוף 1943:

> איך בין אַרומגעפֿאָרן און אַרומגעשפּרײַזט איבער דעם דאָזיקן לאַנד פֿונעם צפֿון־דאָניעץ ביזן דניעפּער, פֿון וואָראָשילאָווגראַד און דאָנבאַס ביז טשערניגאָוו אויף דער דעסנע. איך בין צוגעגאַנגען צום דניעפּער און געוואָרפֿן אַ בליק אויף קיִעוו. און פֿאַר אָט דער גאַנצער צײַט האָב איך באַגעגנט איין ייִדן. דאָס איז געווען לייטענאַנט שלמה קופּערשטיין, וואָס איז אין סעפּטעמבער 1941 אַרײַנגעפֿאַלן אין אַרומרינגלונג אין ראַיאָן פֿון יאַגאָטין.[29]

עס האָט אים געראַטעוועט אַן אוקראַיִנישע פּויערטע, וואָס האָט אים אויסבאַהאַלטן במשך פֿון צוויי יאָר. גראָסמאַן האָט אויך געהערט, אַז מע האָט געזען איינצלנע ייִדן אין כאַרקאָוו און קורסק. ערענבורג האָט איבערגעגעבן גראָסמאַנען, אַז ער האָט באַגעגנט אין צפֿון־אוקראַיִנע אַ ייִדיש מיידל — אַ פּאַרטיזאַנקע. „דאָס איז אַלץ!" לייטענאַנט שלעמין האָט דעמאָלט געשריבן אין דער איניקייט,[30] אַז אין האָמעל נאָך דער באַפֿרײַונג האָט ער ניט באַגעגנט קיין איין ייִדן — ניט אין דער שטאָט גופֿא, ניט אין די אַרומיקע שטעטלעך.

שפּעטער, ווען עס זײַנען אויך באַפֿרײַט געוואָרן די מער מערבֿדיקע געביטן פֿון ווײַסרוסלאַנד און די רעכט־ברעגיקע אוקראַיִנע, ווו עס איז דאָ אַ סך וועלדער און במילא איז געווען מער מעגלעכקייטן זיך אויסצובאַהאַלטן פֿון די דײַטשן און עס איז געווען מער אַנטוויקלט די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צאָל לעבן געבליבענע ייִדן איז גרעסער, ווי מע האָט לכתחילה געמיינט, און אַז די געראַטעוועטע דאַרף מען אין איניקע געביטן ציילן אין די

צענדליגער און אין די הונדערטער און אפשר אין די טויזנטער. זיי האָבן זיך גערעטעוועט דער עיקר אַ דאַנק זייערע אייגענע אָנשטרענגונגען (וועגן דעם ווײַטער בײַם אַנאַליז פֿון דער ייִדישער פּראָבלעם אין די וועלדער און אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג). עס איז דאָ אָבער אויך געווען אַ סך מער פֿאַלן פֿון העלפֿן ראַטעווען ייִדן דורך דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג איידער אין די אַלטע סאָוועטישע געביטן. די סיבות דערפֿון וועלן דערקלערט ווערן ווײַטער, אָבער קודם־כּל דאַרף מען פעסטשטעלן די פֿאַקטן.

מיר האָבן שוין פֿריִער געזען, ווי אַקטיוו האָט אַ געוויסער טייל אוקראַיִנער זיך באַטייליקט אין אומברענגען ייִדן. עס זײַנען אָבער געווען אויך פּונקט היפּוכ־דיקע פֿאַלן, וואָס האָבן אַ מאָל געטראָגן אַ העלדישן כאַראַקטער. רייִדנדיק וועגן דעם אָנטייל פֿון די אוקראַיִנער פֿון מערבֿ־אוקראַיִנע אין ראַטעווען ייִדן, מוז מען קודם־כּל אָנרופֿן דעם ראָש פֿון דער אוקראַיִנישער אוניאַטישער קירך מעטראָפּאָליט אַנדריי שעפּטיצקי. דאָס איז געווען אַ הייסער אוקראַיִנישער נאַציאָנאַליסט,[31] אָבער ער איז געווען אין גאַנצן פֿרײַ פֿון די עלעמענטן פֿון קעמפּערישן נאַציאָנאַליזם. דעם 1טן יולי 1941, אויף מאָרגן נאָך דער פּראָקלאַ־מירונג פֿון דער אוקראַיִנישער רעגירונג (פֿון יאַראָסלאַוו סטעצקאָ) אין לעמ־בערג, האָט דער מעטראָפּאָליט שעפּטיצקי פֿאַרעפֿנטלעכט אַ בישאָף־עפּיסטל, אין וועלכער ער האָט גערופֿן צו שטיצן די נײַע רעגירונג און האָט אונטערגע־שטראָכן, אַז פֿון דער נײַע רעגירונג „דערוואַרטן מיר אַן אָנפֿירונג מיט חכמה און יושר און פֿאַראָרדענונגען, וואָס האָבן אין זינען די נויטן און דעם ווילשטאַנד פֿון אַלע בירגערס, וואָס לעבן אין אונדזער לאַנד, אָן אונטערשייד פֿון זייער רע־ליגיע, נאַציאָנאַליטעט אָדער אָנגעהעריקייט צו דער אָדער יענער געזעלשאַפֿטלע־כער שיכט״.[32] עס זײַנען באַוווּסט אויך שפּעטערדיקע (אין 1942 און 1943) אָפֿענע אַרויסזאָגונגען פֿון שעפּטיצקין מיט אַ פּראָטעסט קעגן דער מאָרדן־אָרגיע און בפֿרט קעגן די מאַסן־מאָרדן פֿון ייִדן. שעפּטיצקי האָט זיך ניט באַגרענעצט מיט די דאָזיקע דערקלערונגען, נאָר האָט אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין ראַטעווען אַ גרעסערע צאָל ייִדן. אין אויגוסט 1942 האָבן אים באַזוכט די רבנים ד״ר דוד כּהנא און ד״ר כאַמיידעס און האָבן געבעטן זײַן הילף אין ראַ־טעווען ייִדישע קינדער. לויט שעפּטיצקיס פֿאַראָרדענונג האָט מען 150 ייִדישע קינדער פֿאַרטיילט איבער מאָנאַסטירן (דעם מעטראָפּאָליט שעפּטיצקיס ברודער איז געווען דער אַרכימאַנדריט פֿון די דאָזיקע מאָנאַסטירן). די קינדער זײַנען דאָרט פֿאַרבליבן ביזן סוף פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע. הגם 550 מאָנאַכן און מאָנאַשקעס האָבן געוווּסט וועגן דעם, האָבן זיי דאָס באַוויזן אײַנצוהאַלטן בסוד־סודות, קיינער האָט זיך ניט אַרויסגערעדט מיט קיין וואָרט, און אַלע קינדער זײַנען געראַטעוועט געוואָרן. חוץ דעם האָט שעפּטיצקי פּערזענלעך געראַטעוועט 15 ייִדן, צום טייל אין זײַן רעזידענץ, צום טייל ווידער אַ מאָל אין מאָנאַסטירן. צווישן די געראַטעוועטע זײַנען געווען ד״ר כּהנא און צוויי זין פֿונעם לעמבערגער הויפּט־רבֿ ד״ר לעווין.[33] וועגן דעם אַלעמען ווערט גענוי דערציילט אין פֿיליפּ פֿרידמאַנס אַרבעט, געווידמעט די ייִדיש־אוקראַיִנישע באַציִונגען אין די יאָרן

פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע, ווי עס ווערט אויך געבראַכט אַ היפּשע צאָל אַנדערע פֿאַלן פֿון ראַטעווען ייִדן דורך אוקראַיִנער, וואָס שטיצן זיך על־פּי־רובֿ אויף גבֿית־עדות פֿון די געראַטעוועטע ייִדן גופֿא.[34] ס׳איז נשתומם צו ווערן, ווי אַלע פֿאַלן צו ראַטעווען ייִדן און אוקראַיִנער, וואָס וועגן זיי גיט איבער פֿרידמאַן, זײַנען שייך מערבֿ־אוקראַיִנע, ד״ה די נײַע סאָוועטישע געביטן, אונדזערע ידיעות וועגן ראַטעווען ייִדן אין די אַלטע סאָוועטישע געביטן פֿאַרבלײַבן ביז גאָר קאַרג אויך נאָך דער גרויסער פֿרידמאַנס אַרבעט צו זאַמלען דעם געהעריקן מאַטעריאַל,[35] און זיי זײַנען זיך סומך דער עיקר אויף ערענבורגס צוויי קליינע זאַמלונגען.

עס קענען ניט זײַן קיין ספֿקות, אַז די אַלגעמיינע צאָל ייִדן, וואָס זײַנען געראַטעוועט געוואָרן אין די אַלטע סאָוועטישע געביטן פֿון ניט־ייִדן, איז געווען נישטיק. די צאָל געראַטעוועטע ייִדן אין מערבֿ־אוקראַיִנע איז געווען אַ ביסל גרעסער, אָבער אויך זייער באַשיידן, כּמעט נישטיק ניט בלויז אין פֿאַרגלײַך מיט די מיליאָנען אומגעבראַכטע ייִדן, נאָר אויך אין פֿאַרגלײַך מיט דער צאָל געראַטעוועטע ייִדן דורך ניט־ייִדן אין פֿראַנקרײַך, בעלגיע און האָלאַנד, נאָר אַפֿילו מיט דער צאָל געראַטעוועטע ייִדן אין פּוילן. און אויב אין די לענדער פֿון מערבֿ־אייראָפּע קען מען דאָס נאָך דערקלערן מיט אַ קלענערער אַכזריות פֿונעם היטלערישן טעראָר — און ממילא אַ קלענערער שרעק פֿון דער באַפֿעלקערונג — און אַ העכערן קולטורעלן ניוואָ, זײַנען שוין די דאָזיקע אַרגומענטן ניט חל אויף פּוילן. דער טעראָר אין פּוילן איז געווען ניט קלענער ווי דער טעראָר אין ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע, און דער קולטורעלער ניוואָ איז דאָ און דאָרט געווען לערך דער זעלבער. פֿונדעסטוועגן זײַנען די אַבסאָלוטע צאָל ייִדן, געראַטעוועטע דורך פּאָליאַקן, סײַ דער פּראָצענט געראַטעוועטע ייִדן אין פּוילן בכלל אַ סך העכער איידער אין די אָקופּירטע געביטן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

וואָס האָט אַרויסגערופֿן דעם דאָזיקן קאָנטראַסט, וואָס איז באַזונדערס איבערראַשנדיק בײַם פֿאַרגלײַכן די לאַגע אין פּוילן מיט דער לאַגע אין די אַלטע געביטן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד?

כּדי ריכטיק אָפּצושאַצן די הילף, וואָס ייִדן האָבן באַגעגנט מצד דער ניט־ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, איז כּדאַי אַ קוק צו טאָן אויף דעם, וואָס ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי דערציילט וועגן דער הילף, וואָס די ייִדן האָבן באַקומען פֿון פּאָליאַקן און ליטווינער אין דער טראַדיציאָנעל־אַנטיסעמיטישער ווילנע. דוואָרזשעצקי איז לחלוטין ניט נוטה מגזם צו זײַן אָט די הילף. ער שטרײַכט אונטער, אַז אַקטיוו האָט די ייִדן געהאָלפֿן נאָר זייער אַ קליינער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג, אָבער אָט זײַנען די וויכטיקסטע פֿון די פֿאַקטן, וואָס ער רעכנט אויס:

> אויפֿן פֿראָנט פֿון די מערדערס, פּרעסע־באַנדיטן, אינדיפֿערענטע פּחדנים און די וואָס האָבן געוואָלט פֿאַרוואַנדלען די ייִדן אין זייער רויב, אָדער די, וואָס האָבן געוואָלט אויסנוצן די ייִדישע טראַגעדיע — שײַנט אויף די ליכטיקייט פֿון די יחידים, וואָס האָבן געוואַגט ניט נאָר צו

העלפֿן ייִדן, נאָר אויך געבן זיי דערמוטיקונג און קעמפֿן פֿאַר זייער זאַך. אַזוי איז געווען די מוטער פֿון בענעדיקטינער מאָנאַסטיר בײַ ווילנע, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אַבאַ קאָוונער מיט חבֿרים און וועלכע האָט געבראַכט אַפֿילו גראַנאַטן פֿאַר דער געטאָ.

אַ ריי פּראָפֿעסאָרן פֿונעם ווילנער אוניווערסיטעט האָבן בסוד און מיט גרויס ריזיקע סיסטעמאַטיש געהאָלפֿן ייִדן: אויסבאַהאַלטן זיי, געהאָלפֿן מיט געלט, פֿאַרקויפֿט פֿאַר זיי זייערע זאַכן אאַז״וו. דער דירעקטאָר פֿון ווילנער אַרכיוו צוזאַמען מיט אַ ליטווישן לערער און אַ פּוילישער מאָנאַשקע האָבן אויסבאַהאַלטן און געראַטעוועט 13 ייִדן (וואָס ווערן אַלע אָנגערופֿן בײַ די נעמען). עטלעכע פּוילישע פֿרויען האָבן געראַטעוועט אַ סך ייִדן (דער מחבר רופֿט אָן דרײַ פּוילישע פֿרויען, וואָס יעדע פֿון זיי האָט געראַטעוועט צו עטלעכע צענדליגג ייִדן). אַברייטן כאַראַקטער האָט געטראָגן די הילף, וואָס עס האָבן אַרויסגעוויזן די ייִדן זייערע געווזענע קריסטלעכע דינסטן און ניאַנעס, וואָס האָבן צווישן אַנדערע געראַטעוועט אַ היפּשע צאָל ייִדישע קינדער. דער מחבר שטעלט זיך באַזונדער אָפּ אויף דער הילף פֿאַר די ייִדן מצד דער קאַטוילישער גײַסטלעכקייט און רופֿט אָן בײַ די נעמען אַ ריי גלחים — פּאָליאַקן און ליטווינער — וואָס האָבן געהאָלפֿן ייִדן, אויסבאַהאַלטן זיי און געראָפֿן זייער עדה צו טאָן דאָס זעלבע (אייניקע פֿון זיי האָבן צוליב דעם געליטן). די מוטער פֿונעם בענעדיקטינער מאָנאַסטיר אונטער ווילנע האָט באַהאַלטן אינעם מאָנאַסטיר 17 ייִדן, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט דער אָרגאַניזאַציע פֿון ווידערשטאַנד אינעם ווילנער געטאָ, און אין דעם מאָנאַסטיר גופֿא איז פֿאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1941 אַ באַגעגעניש פֿון די פֿאָרשטייערס פֿון אָט דער אָרגאַניזאַציע מיטן קוריער (אַ פּאָליאַק), אַרויסגע־שיקט דורך דעם וואַרשעווער ייִדישן אונטערערד. צווישן די קוריערן פֿון דער ווילנער ייִדישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע רופֿט דער מחבר אָן צווישן אַנדערע צוויי פּוילישע פֿרויען, וואָס זײַנען ניט איין מאָל געפֿאָרן קיין קאָוונע, ביאַליסטאָק, וואַרשע א״אַ (איינע פֿון זיי איז אומגעקומען).

איך גלייב — שרײַבט דוואָרזשעצקי — אַז די צאָל פּאָליאַקן און קריסטן, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן ייִדן איז באַדײַטנדיק גרעסער ווי די, וואָס מיר ווייסן. די דאָרפֿישע פּאָליאַקן האָבן זיך דערבײַ אָפּט אַרויסגעוויזן אַ סך האַרציקער ווי די שטאָטישע. און זיכער וואָלט אַ גרעסערע צאָל פּאָליאַקן אויסבאַהאַלטן ייִדן, ווען ניט די שרעקלעכע מורא, וואָס זיי האָבן געהאַט, טאָמער וועט מען געפֿינען בײַ זיי אַ ייִדן. די דײַטשן האָבן אויפֿגעהאָנגען אַ מענטשן (אַפֿשר אַ ייִדן) אויפֿן קאַטעדראַל־פּלאַץ אין ווילנע און מודיע געווען מיט פּלאַקאַטן אין די גאַסן און מודעות אין די צײַטונגען, אַז ס׳איז אַ קריסט, וואָס איז באַשטראָפֿט געוואָרן פֿאַר העלפֿן אַ ייִדן און אַזוי איז ער געהאָנגען עטלעכע טעג.[36]

דאָס זײַנען גבֿיות־עדות פֿון אַן עד־ראיה בלויז וועגן ווילנע. מיר ווייסן, אמת, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז ניט אויסגעשטאָרבן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דאָך איז ער דאָרט געווען אַ סך שוואַכער אינעם לעצטן יאָרצענדלינג פֿאַר דער מלחמה (חוץ אפֿשר אין אייניקע טיילן אוקראַינע) איידער אין פּוילן, וואָס איז

צוליב אַ סך סיבות געווען אַ לאַנד פֿון ברייט פֿאַרשפּרייטן, טראַדיציאָנעלן פֿאָלקס־אַנטיסעמיטיזם. און דאָך האָט די באַפֿעלקערונג פֿון פּוילן אַרויסגעוויזן אַ סך מער מיטגעפֿיל צום ייִדישן אומגליק, ווי דאָס האָט געהאַט אַן אָרט אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. מיט וואָס דערקלערט מען אָט די פּאַסיוויקייט פֿון די סאָוועטישע מענטשן, וואָס איז געווען אַזוי פֿאַטאַל פֿאַר די ייִדן?

ענטפֿערן אויף דער דאָזיקער פֿראַגע קען מען נאָר היפּאָטעטיש. די סאָוועטישע מענטשן האָבן זיך אַזוי צוגעוווינט זיך אונטערצוּוואַרפֿן דער מאַכט, אַזוי צוגעוווינט צו שווײַגן בײַם אָבסערווירן אַקטן פֿון געוואַלד, צו אונטערדריקן אין זיך די נאַטירלעכע רעאַקציע־אויסדרוקן אויף טעראָר, אַז אין זייער מאַסע האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן אַפֿילו פּסיכאָלאָגיש אומפֿעיִק צו אַ רעאַקציע אויף דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג. אַפֿילו שפּירנדיק אַ געפֿיל פֿון גרויל לגבי די געוואַלדאַקטן, וואָס מע איז באַגאַנגען קעגן די ייִדן, האָבן די סאָוועטישע מענטשן פּאַסיוו אָבסערווירט זיי, און ס'איז קוים אָנצונעמען, אַז אַ סך פֿון זיי איז בשעת מעשׂה אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק, אַז זיי וואָלטן אַליין געקענט עפּעס טאָן, כּדי — מיט אַ ריזיקע פֿאַר זיך — צו ראַטעווען דעם אָדער יענעם ייִדן. מסתּמא זײַנען געווען אַ סך פֿאַלן, ווען די דאָזיקע פּאַסיוויקייט האָט געהאַט אויך ווײַטערדיקע פּסיכאָלאָגישע פֿאָלגן, אַרויסרופֿנדיק בײַ ניט־ייִדן, וואָס האָבן פּאַסיוו אָבסערווירט דעם אומקום פֿון די ייִדן, אַ באַדערפֿעניש זיך אַליין צו פֿאַרענטפֿערן, און דאָס האָט אויפֿגעוועקט בײַ זיי — ווי אַ פֿאַרטיידיקונגס־מעכאַניזם — אַ געפֿיל פֿון שׂנאה צו די ייִדן. אָט אַזוי האָט די פּאַסיוויקייט לגבי דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג געעפֿנט אַ וועג פֿאַרן דערפֿאָלג פֿון דער היטלערישער אַנטיסעמיטיזם־פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג.

## הערות

1 *Trial of the Major War Criminals...*, vol. XXXVII, pp. 670–717, Doc. 180–L, p. 672.

2 דאָרט, ז׳ 682־683. אַז די פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג איז געווען ניט נאָר אַן אינסטרומענט נאָר אין אַ גרויסער מאָס דאָס ווערק גופֿא פֿון די נאַציס, איז קלאָר פֿון דײַטשן באַריכט: „אין אַ קורצער צײַט האָט מען פֿון פֿאַרטרוילעכע עלעמענטן צווישן די ניט־דיסציפּלינירטע פּאַרטיזאַנער גרופּעס געשאַפֿן אַ קאַמפֿספֿעאיקע הילפֿס־אָפּטיילונג פֿון 300 מאַן מיטן ליטווישן זשורנאַליסט קלימאַטיס אין דער שפּיץ. די דאָזיקע אָפּטיילונג האָט אָן שום מניעות און אונטער דער כּסדרדיקער השגחה פֿון דער אײַנזאַץ־קאָמאַנדאָ זיך מיטבאַטייליקט ניט נאָר בעת די געשעענישן אין קאָוונע נאָר אויך אין אַ ריי אַנדערע ערטער אין ליטע, בפֿרט בעת גרעסערע ליקווידאַציע־אַקציעס“.

3 עטלעכע פֿון די דאָזיקע באַריכטן זײַנען אין גאַנצן אָדער אין פֿראַגמענטן פֿאַרעפֿנטלעכט אין די מאַטעריאַלן פֿון די נירנבערגער פּראָצעסן. דער גרעסטער טייל בלײַבט ניט פֿאַרעפֿנטלעכט ביז איצט. כּמעט אַ פֿולע זאַמלונג פֿון די Ereignismeldungen און Meldungen aus den besetzten Ostgebieten איז דאָ אינעם אינסטיטוט פֿאַר ייִדישע ענינים בײַם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק. דער פֿולער טעקסט פֿונעם טעטיקייטס־ און לאַגער־באַריכט נומ׳ 6 (פֿאַר אָקטאָבער 1941) איז פֿאַרעפֿנטלעכט אין *Trial of the Major War Criminals...*, vol. XXXVIII, pp. 279–303, Doc. 102–R. אויסצוגן פֿון אַזוינע באַריכטן, נומ׳ 9 און 11 — דאָרט גופֿא, vol. XXXIII, pp. 287–296, Doc. 3876–PS. אַן אָפֿיציעלער דײַטשער סך־הכּל פֿון די באַריכטן נומ׳ 1־5 און ברייטע אויסצוגן פֿון די באַריכטן נומ׳ 1, 3, 4, 5, 7, 8

און 10 זײַנען דאָ אין דער זאַמלונג אומפֿאַרעפֿנטלעכטע דאָקומענטן פֿונעם נירנבערג־פּראָצעס, נומ׳ 2650־2661 אינעם אַרכיוו פֿון דער יורידישער ביבליאָטעק פֿון דעם קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט.

4 *Trial of the Major War Criminals...*, vol. XXXVIII, p. 279–303, Doc. 102–R.

5 ייִוואָ־אַרכיוו, Occ E 3a-14.

6 Nicholas P. Vakar, *Belorussia, The Making of a Nation*, Cambridge, Mass., 1956, p. 187.

7 אין דער ליטעראַטור האָב איך באַגעגנט נאָר איין „גבֿית־עדות", וואָס גייט אַ סך ווײַטער און באַשטעטיקט מיט דער גאַנצער דעצידירטקייט דעם טעזיס וועגן אַ ברייטער הילף, וואָס די אָרטיקע באַפֿעלקערונג האָט געגעבן די ייִדן. מען וואָלט פֿאַרשפּאָרט זיך אָפּצושטעלן אויף אים, ווען דאָס עדות זאָגן זאָל ניט זײַן ציטירט אין נ. וואַקאַרס ערנסטער אַרבעט. אין זײַן בוך (ז׳ 187) ציטירט ער דאָס אַרטיקל פֿון מ. באָבראָוו אין פּאַריזער וואָזראָזשדיעניע, אין וועלכן באָבראָוו שרײַבט וועגן זײַנע אָבסערוואַציעס אין ווײַסרוסלאַנד: „די אָרטיקע באַפֿעלקערונג האָט באַשיצט די ייִדן, ווי זי האָט נאָר געקענט, אויסבאַהאַלטנדיק זיי אויף בוידעמער און אין קעלערס און בסוד אַרויסשמוגלענדיק זיי אין די וועלדער און זומפּן, וווּהין די עס־עס־לײַט האָבן ניט געוואַגט אַרײַנצוקומען". צו די דאָזיקע ווערטער פֿון אַ רוסישן מיטאַרבעטער פֿון די היטלעריסטן אין די מלחמה־יאָרן גיט וואַקאַר צו: „די דאָזיקע גבֿית־עדות ווערט באַשטעטיקט פֿון אַנדערע מקורים און, באמת, עס איז שווער משׂיג צו זײַן, ווי אַזוי אַ געיאָגטער ייִד וואָלט געקענט געפֿינען אַ וועג צו אַ מקום־מקלט, ווען די ניט־ייִדישע באַפֿעלקערונג וואָלט אים ניט מיטגעהאָלפֿן, ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן און פֿרײַהייט".

צו באַשטעטיקן די דאָזיקע טעזיסן ציטירט דער מחבר אַזאַ שטעלע פֿון מײַן בוך *The Jews...* (זז׳ 315־316): „די סאָוועטישע פּרעסע האָט אחר המעשׂה געמאָלדן, אַז הונדערטער פּויערים אין ווײַסרוסלאַנד זײַנען דערהרגעט געוואָרן דורך די נאַציס פֿאַר אַפּעלירן צו דער מיליטערישער און פּאָליצייִשער מאַכט קעגן פֿאַרטיליקונג פֿון די ייִדן". אַזעלכע מעלדונגען ווערן באמת געבראַכט אין מײַן בוך, אָבער דערבײַ ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז ניט קיין „מעלדונג פֿון דער סאָוועטישער פּרעסע", ווי עס שרײַבט וואַקאַר, נאָר ידיעות פֿון International Jewish Press Service פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, אָבער אַז אין דער סאָוועטישער פּרעסע, אַרײַנגערעכנט די סאָוועטישע ייִדישע פּרעסע, האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן צו געפֿינען אַפֿילו קיין סימן פֿון אַזעלכע מין מעלדונגען, ניט בשעת דער מלחמה, ניט שפּעטער. די דאָזיקע מעלדונגען זײַנען, לײַדער, אָן שום ספֿק אַ פֿעלשונג, באַשטימט נאָר אויף עקספּאָרט.

8 נ. וואַקאַר, דצ״וו, זז׳ 265־266.

9 *Trials of War Criminals...*, vol. IV, pp. 423–424.

10 *Trial of the Major War Criminals...*, vol. XXXVII, p. 702. די דאָזיקע צאָל ווערט אויך געבראַכט אינעם באַשלוס פֿונעם נירנבערגער געריכט (*Trials of War Criminals...*, vol. IV, p. 428). די לפֿי־ערך נידעריקע צאָלן פֿאַר ווײַסרוסלאַנד קלערן זיך אויף מיט דעם, וואָס ווײַסרוסלאַנד איז נאָר טיילווײַז געווען אונטערגעוואָרפֿן דער אײַנזאַץ־גרופּע A, און דאָס נאָר צײַטווײַליק.

11 זען פּונקט 17 פֿון דער „פּאָליטישער רעזאָלוציע", אָנגענומען אויפֿן 2טן צוזאַמענפֿאָר פֿון אָאו״ן (אָרגאַניזאַציע פֿון אוקראַיִנער נאַציאָנאַליסטן) אין אַפּריל 1941.

12 לכל־הפּחות אַזוי — און אַפֿילו נאָך דעצידירטער — טײַטשט די דאָזיקע רעזאָלוציע פֿיליפּ פֿרידמאַן „אוקראַיִניש־ייִדישע באַציִונגען אין דער צײַט פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע", שמואל־ניגער־בוך. ניו־יאָרק, 1959, זז׳ 235־236.

13 „ערײַגניסמעלדונג" נומ׳ 126 פֿון 29סטן אָקטאָבער 1941.

14 פֿיליפּ פֿרידמאַן, „אוקראַיִניש־ייִדישע באַציִונגען", דצ״וו, ז׳ 246.

15 פֿיליפּ פֿרידמאַן, דצ״וו, זז׳ 244־247.

16 *Trial of the Major War Criminals*, vol. XXXI, p. 443, Doc. 2992–PS.

[17] פֿיליפּ פֿרידמאַן, דצ״וו, ז׳ 249, הערה 45.

[18] Кость Паньківський, Роки німецької окупаії, Листи до приятелів, Серпень 1917, стр. 10-11.

[19] Кость Паньківський, Від держави до комітету, Нью-Йорк-Торонто, 1957, стр. 105-107.

וואַסילי מאַרקוס, אַן אוקראַיִנער פּובליציסט, קעמפֿט פֿאַר אײַנשטעלן גוזינטערע באַציִונגען צווישן אוקראַיִנער און ייִדן און באַמיט זיך איבערצײַגן די לייענערס — אָפֿט דוכט זיך, אַז ער וויל גאָר זיך אַליין איבערצײַגן — אַז דער אָנטייל פֿון אוקראַיִנער בעת דער ייִדן־אויסראָטונג איז אין דער אמתן געווען אַן „אינדיווידועלער״ און אַז „עס איז נישט פֿאַראַן קיין שום גרונט״ צו באַשולדיקן דערפֿאַר דאָס גאַנצע אוקראַיִנישע פֿאָלק און אַפֿילו נישט „די אוקראַיִנער פּאָליטישע פֿירערשאַפֿט״. אָבער אויך ער קאָנסטאַטירט, אַז „די מערהייט אוקראַיִנער האָבן פֿאַרנומען אַ פּאַסיווע אָדער נייטראַלע פּאָזיציע אין שייכות מיט דער נאַצי־פּאָליטיק אויסצוראָטן ייִדן״.

דער אַמעריקאַנער קאָמיטעט פֿון אוקראַיִנער קאָנגרעס גייט נאָך ווײַטער און פֿאַרטיידיקט אין זײַן אײַנפֿלוסרײַכער פּרעסע דעם געדאַנק, אַז עס איז לגמרי נישטאָ און קיין מאָל נישט געווען קיין אוקראַיִנער אַנטיסעמיטיזם. אָט וואָס עס שרײַבט פּראָפֿ׳ לעוו שאַנקאָווסקי: „אין אוקראַיִנע איז קיין מאָל נישט געווען קיין אָרגאַניזירטער און סיסטעמאַטישער אַנטיסעמיטיזם סײַדן אַן אַרײַנגעפֿירטער פֿון אַ פֿרעמדער מאַכט, וואָס האָט באַזעצט און אונטערדריקט אוקראַיִנע. און עס איז נישט געווען קיין סימן פֿון אַנטיסעמיטיזם אין אוקראַיִנער פּאָליטישן לעבן. די אוקראַיִנער פּאָליטישע פּאַרטייען און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אַרײַנגערעכנט די נאַציאָנאַליסטישע, האָבן נישט געהאַט קיין שום אַנטיסעמיטישע פּראָגראַם און נישט געפּרעדיקט קיין אַנטיסעמיטיזם״. „די קאַטשקע וועגן אוקראַיִנער אַנטיסעמיטיזם שטרעבט צו באַשמוצן די אוקראַיִנער באַפֿרײַאונגס־באַוועגונג״.

איך וויל דאָ נישט פּאָלעמיזירן מיטן שרײַבער און, וועל זיך נאָר אָפּשטעלן אויף איין פֿאַקט. וועגן די שטימונגען פֿון דער קיִעווער באַפֿעלקערונג אין די טעג פֿון באַבי יאַר ציטירט שאַנקאָווסקי אַן אוקראַיִנישן שרײַבער, וואָס דערמאָנט אין זײַנעם אַ ראָמאַן דרך אגבֿ אויך יענע שרעקלעכע טעג: „... ס׳איז נישט געווען קיין איין מענטש אין קיִעוו, וואָס זאָל נישט פֿילן קיין ווידערווילן און זײַן טיף דערשיטערט צוליב די היטלעריסטישע מאָרדן איבער ייִדן... ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן אויף אַזאַ אומגליק?״

אין אָריגינאַל קלינגט עס אַנדערש: „גאַלינאַ זאָגט שוין איצט נישט — עס איז רעכט אויף זיי, די פֿאַרכאַטעס — ווי דעמאָלט בעת די דײַטשן האָבן אויפֿן דניעפּער באָמבאַרדירט שיפֿלעך מיט אַנטלויפֿנדיקע ייִדן. עס איז נישט פֿאַראַן קיינער אין קיִעוו, וואָס זאָל נישט פֿילן קיין ווידערווילן און אַ שוידער קעגן דעם ווי אַזוי די היטלעריסטן האָבן אויסגעמאָרדעט ייִדן. דאָרט, צום באַבי יאַר, לאָזט מען קיינעם נישט צו, אָבער פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס קריכן אויף די ביימער כּדי פֿון אויבן כאַפּן אַ קוק. איינער, זאָגט מען, איז אַרויפֿגעקראָכן און נישט געקענט קוקן. ער איז אַראָפּ אַ בלאַסער און מער נישט געקראָכן. ווער האָט דערוואַרט אַזאַ אומגליק?״

אָבער אויך דער שרײַבער איז, דוכט זיך, אין אַזאַ געדריקטער שטימונג נישט אַזוי דערפֿאַר, וואָס די היטלעריסטן האָבן שוידערלעך געמאָרדעט ייִדן ווי דערפֿאַר, וואָס די דאָזיקע געשעענישן וואַרפֿן אַ שאָטן אויפֿן גוטן נאָמען פֿון קיִעוו: „בעסער וואָלטן זיי אַלע אַוועקגעפֿאָרן ווי אַז דאָס זאָל קענען פּאַסירן אין קיִעוו״ (ז׳ 204).

[20] Report from an armament inspector in the Ukraine to general Thomas /Chef des Wi Rue Amtes im OKW/ personally, December 2, 1941 "Über die derzeitige Lage im Reichskommissariat Ukraine," *Trial of the Major War Criminals,* vol. XXXII, pp. 73–74, Doc 3257–PS. (דער מחבר פֿונעם באַריכט איז פּראָפֿעסאָר סעראַפֿים).

[21] *Trial of the Major War Criminals,* vol. XXXVIII, Doc. 102–R.

[22] ייִוואָ־אַרכיוו, Occ E4–11.

[23] אי. ערענבורג, מערדער פֿון פֿעלקער, 2טע זאַמלונג. מאָסקווע, 1945.

[24] *Independent Jewish Press Service,* October 23, 1944.

[25] אי. ערענבורג, מערדער פֿון פֿעלקער, 1טע זאַמלונג, מאָסקווע, 1945.

[26] אין דרוק האָב איך קיין שום רשימה פֿון אַזעלכע מענטשן ניט באַגעגנט.

[27] ה. סמאָליאַר, פֿון מינסקער געטאָ, מאָסקווע, 1946, זז' 77־78.

[28] זען ...Антисемитизм, זז' 138־140.

[29] גראָסמאַנס עסייען אוקראַינע אָן יידן זײַנען געווען געדרוקט אין אייניקייט דעם 25סטן נאָוועמבער און דעם 2טן דעצעמבער 1943 (און דערנאָך אין אַ ריי אַמעריקאַנער צײַטונגען). אָבער אין דער קראַסנאַיאַ זוועזדאַ, וואָס גראָסמאַן איז געווען איר מלחמה־קאָרעספּאָנדענט, זײַנען זיי ניט געווען געדרוקט, און אויך אין דער אייניקייט האָט מען איבערגעריסן זייער פּובליקאַציע, הגם אין נומ' פֿון 2טן דעצעמבער איז נאָך אָנגעגעבן געווען, אַז „המשך קומט", נאָר דעם המשך פֿון זײַנע עסייען האָט מען שוין ניט געדרוקט. עס איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז אויך אין גראָסמאַנס גרויסן באַנד עסייען און קאָרעספּאָנדענציעס Годы войны, וואָס איז אַרויס אין מאָסקווע אין 1945, פֿעלן די עסייען „אוקראַינע אָן יידן".

[30] אייניקייט פֿון 2טן דעצעמבער 1943.

[31] אַנדריי שעפּטיצקי איז געבוירן געוואָרן אין אַן אַלטער פּוילישער אַריסטאָקראַטישער משפּחה, וואָס האָט אין אַ ווײַטן עבֿר געהערט צו דער אוקראַינער אַריסטאָקראַטיע. אין עלטער פֿון 23 יאָר האָט ער אָנגענומען דעם אוניאַטישן גלויבן און זיך דערקלערט פֿאַר אַן אוקראַינער.

[32] דער פֿולער טעקסט פֿון אָט דער בישאָף־עפּיסטל (אין דײַטשער איבערזעצונג) געפֿינט זיך אין ראָמאַן אילניצקיס בוך: *Deutschland und Ukraine* 1934–1945. München, Vol. 2, SS. 273–274.

[33] ד"ר כהנא האָט וועגן דעם שפּעטער געשריבן אינעם פּאַריזער אונזער וועג פֿון 17טן סעפּטעמבער 1948; קורץ לעווין (איינער פֿון ד"ר יחזקאל לעווינס זין) האָט וועגן דעם געשריבן עטלעכע מאָל; מיט דער גרעסטער באַריכותדיקייט אינעם אַרטיקל "Metropilitan Andreas Sheptytsky and the Jewish Community in Galicia," *The Annals of the Ukrainian Academy of Arts and Science in the USA,* vol. VII, 1959, No. 1–2, pp. 1656–1668.

[34] זען פּ. פֿרידמאַנס פֿריִער ציטירטע אַרבעט, זז' 256־263.

[35] חוץ פּ. פֿרידמאַנס שוין ציטירטער אַרבעט, זען זײַן בוך *Their Brother's Keepers,* The Christian heroes and heroines who helped the oppressed escape the Nazi terror. New York, 1957.

[36] ד"ר מאַרק דוואָרזשעצקי, ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום, פּאַריז, 1948, זז' 326־331, 335, 338, 345־346.

קאַפּיטל פֿינף

# אויף אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע

## III. אונטערערד און פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג

### דער סאָוועטישער אונטערערד

פֿון וואָס מע ווערט באַזונדערס נשתּומם ביַים אַנאַליזירן די באַציִונג פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿון די אָקופּירטע געביטן צו דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון יידן־אויסראָטונג, איז דאָס, וואָס דער אָרגאַניזירטער אונטערערד האָט אַבסאָלוט ניט רעאַגירט אויף דער דאָזיקער פּאָליטיק. עס איז, אמת, באַוווּסט אַ פֿלוג־בלעטל פֿון אַ ליטווישער אונטערערד־גרופּע מיט אַ פּראָטעסט קעגן צוציִען ליטווינער צו די היטלערישע פּאָגראָם־אַקציעס.[1] אָבער דער דאָזיקער פּראָטעסט און די דאָזיקע גרופּע זיַינען ניט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער מאַסן־באַוועגונג פֿון ווידערשטאַנד, וואָס האָט זיך פֿאַרשפּרייט כּמעט אומעטום אין די אָקופּירטע געביטן. די דאָזיקע באַוועגונג — דער עיקר אין דער פֿאָרעם פֿון פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג — האָט זייער גיך אָנגעקניפּט פֿאַרבינדונגען מיט דער „גרויסער ערד", ד"ה מיטן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אויף יענער זיַיט פֿראָנט. זי האָט באַקומען פֿון דאָרט הילף און אינסטרוקציעס און איז געווען בעצם אַ סאָוועטישע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע אין דעם שונאס הינטערלאַנד.

אין דער קאָלעקציע דיַיטשע דאָקומענטן פֿון יִוו"אָ איז פֿאַראַן אַ גרויסע צאָל אונטערערדישע פֿלוגבלעטלעך (צום טייל אין אָריגינאַל, צום טייל אין דיַיטשער איבערזעצונג), וואָס זיַינען פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין וויַיסרוסלאַנד און אין די באַלטישע לענדער בשעת דער דיַיטשער אָקופּאַציע און וואָס האָבן גע־שטאַמט פֿון אָט דעם פּראָסאָוועטישן ווידערשטאַנד. אָבער מיט איין־איינציקן יוצא־מן־הכּלל ווערט אין זיי אין ערגעץ ניט דערמאָנט וועגן דער אויסראָטונג פֿון יידן. מיר ברענגען בלויז די סאַמע כאַראַקטעריסטישע ביַישפּילן.

אין פֿעברואַר 1942 האָט מען אין ליטע פֿאַרשפּרייט אַ פֿלוגבלעטל פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין ליטע:[2] די דיַיטשן ראַבירן די באַפֿעלקערונג, זיי מאָרדן, זיי האָבן געבראַכט מיט זיך אַרבעטלאָזיקייט, צוואַנגס־אַרבעט, טיפֿוס און אַנדערע מגפֿות, „זיי פֿאַרניכטן די ליטווישע קולטור, זיי האָבן פֿאַרטריבן די ליטווישע שפּראַך פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און ראַדיאָ, זיי גערמאַניזירן אונדזער פֿאָטערלאַנד", „זיי האָבן פֿאַרניכטן די ליטווישע מלו־

כישקייט און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן". די ליטווינער אין זייער אייגענעם היימלאַנד זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעכטלאָזער ראַסע, „אויף טריט און שריט באַליידיקן די דײַטשן די ליטווישע נאַציאָנאַלע ווערדע". אָבער וועגן דער אויסראָטונג פון ייִדן — קיין וואָרט ניט.

אין האַרבסט פונעם זעלבן יאָר האָט מען אין ליטע פאַרשפּרייט אַ פלוגבלעטל, ווו ס׳רעדט זיך וועגן די דײַטשע בעסטיאַלישקייטן אין ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד און אונטערגעשריבן פון אַ ריי באַקאַנטע קאָמוניסטישע און פּראָקאָמוניסטישע שרײַבערס פון די דרײַ באַלטישע לענדער[3] (מסתמא איז דאָס בלעטל אַרויס אויך אין לעטיש און עסטיש). אָבער אויך דאָ איז ניטאָ קיין איין וואָרט וועגן ייִדן.

סוף זומער 1942 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמפּאַרטיי אין ווײַסרוסלאַנד אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף „היטלער דער באַפרײַער":[4] היטלער איז אַ „באַפרײַער פון לעבן". אָבער אַפילו דאָ איז ניטאָ קיין איין וואָרט וועגן ייִדן.

ערבֿ 1טן מײַ 1943 האָט מען אין ווײַסרוסלאַנד פאַרשפּרייט דעם אויפרוף „צו די אַרבעטנדיקע פון ווײַסרוסלאַנד", אונטערגעשריבן פונעם סעקרעטאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמפּאַרטיי אין ווײַסרוסלאַנד פּאָנאָמאַרענקאָ און פונעם פאָרזיצער פונעם העכסטן סאָוועט אין ווײַסרוסלאַנד נאַטאַלעוויטש.[5] אינעם אויפרוף האָט זיך זייער ענערגיש גערעדט וועגן „אומברענגען אונדזערע מענטשן" דורך די היטלעריסטן. „בלויז אין איין וויטעבסקער ראַיאָן האָט מען אין דער לעצטער צײַט דערהרגעט, פאַרברענט און פאַרסמט מער ווי 40,000 פרויען, זקנים און קינדער". אָבער וועגן דעם, אַז די דאָזיקע „דערהרגעטע, פאַרברענטע און פאַרסמטע" זײַנען אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט געווען ייִדן און אַז דער ציל פון אָט דער גאַנצער היטלערישער אַקציע איז דער עיקר געווען די פולע אויסראָטונג פון די ייִדן, איז אינעם אויפרוף ניט געווען קיין וואָרט.

דער איינציקער יוצא־מן־הכּלל אין דער ייִוואָ"אָ־קאָלעקציע איז דער אויפרוף פונעם „פאַרבאַנד פון דער באַפרײַונג פון ליטע", אָפּגעדרוקט אינעם נומ׳ 1 פון דער אונטערערדישער ליטווישער צײַטונג „פאָטערלענדישער פראָנט" פונעם 1טן יוני 1943.[6] די דאָזיקע צײַטונג, ווי עס ווערט זייער בולט פון איר גאַנצן אינהאַלט, איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן דורך דעם פּראָסאָוועטישן אונטערערד און איז בלויז פאַרגעשטעלט געוואָרן (גאַנץ אומגעשיקט) ווי אַ ליטוויש־נאַציאָנאַלער אָרגאַן. דער אָפּגעדרוקטער אויפרוף פונעם „פאַרבאַנד פון דער באַפרײַונג פון ליטע" רופט די ליטווישע פּאָליציי און זעלנערס זיך קעגנצושטעלן די פּרווון פון די דײַטשן אויסצונוצן זיי פאַר דער אויסראָטונג פון „ייִדן און אַנדערע פעלקער". דערבײַ איז כאַראַקטעריסטיש די אַרגומענטאַציע פונעם אויפרוף, וואָס דערמאָנט די אַרגומענטאַציע פונעם פריִער ציטירטן ליטווישן נאַציאָנאַליסטישן בלעטל:

> דו מוזסט זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, אַז די דײַטשן ווילן פאַרניכטן דאָס ליטווישע פאָלק. צו ערשט פאַרניכטן זיי אונדז מאָראַליש, פּרוּוונדיק

מאַכן אַלע ליטווינער פֿאַר תּלינים. שפּעטער וועלן די דײַטשן אונדז אויס־שיסן פּונקט אַזוי ווי די ייִדן. און צו זייער באַרעכטיקונג פֿאַר דער גאַנצער וועלט וועלן זיי זיך פֿאַררופֿן אויף דעם, אַז די ליטווינער זײַנען אַ פֿאַרדאָרבן פֿאָלק, תּלינים און סאַדיסטן.

דער דאָזיקער אויפֿרוף, וואָס איז וויניק כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם פּראָ־סאָוועטישן אונטערערד און איז משמעות געווען אַ הנחה פֿאַר די שטימונגען, מיט וועלכע דער אונטערערד האָט זיך געמוזט רעכענען, בײַט ניט דאָס אַלגע־מיינע בילד.

ס'איז אויך באַקאַנט די ווײַסרוסישע אונטערערדישע צײַטונג טשערוואָנאַיאַ זוויאַזדאַ, אָרגאַן פֿון דעם באַראַנאָוויטשער ראַיאָנעם קאָמיטעט פֿון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי אין ווײַסרוסלאַנד פֿונעם 17טן פֿעברואַר 1944. אין דעם גאַנצן נומער רעדט זיך וועגן די רציחות פֿון די היטלעריסטן אין סלאַנים און הייבט זיך אָן מיטן אַרטיקל „גרויליקע ייִדישע פּאָגראָמען״. אָבער די צײַטונג איז געווען געדרוקט אין 1944, ד"ה אין אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד, ווען דער נצחון איבער היטלערן איז שוין געווען זיכער און ווען אויך אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט זיך אין דער פּאָליטיק פֿון פֿאַרשווײַגן דעם היטלערישן אַנטיסעמיטיזם באַוויזן אַ שפּאַרונג.

די דעצידירנדיקע קרײַזן פֿונעם אונטערערד האָבן בכלל איגנאָרירט די היטלערישע פּאָליטיק אומצוברענגען די ייִדן. די דאָזיקע אײַנשטעלונג פֿון דעם אונטערערד איז דיקטירט געוואָרן דורך אָפּאָרטוניסטישע טעמים. אויף זיי וועלן מיר זיך אָפּשטעלן ווײַטער בײַם אַנאַליזירן אַנאַלאָגישע דערשײַנונגען אינעם ניט־אָקופּירטן טייל פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דער דאָזיקער אָפּאָרטוניזם איז אין זײַן יסוד ניט געווען אַנטיסעמיטיש, אָבער ער האָט פֿאַרשטאַרקט אין דער באַ־פֿעלקערונג די שטימונגען פֿון פּאַסיווקייט, וואָס מיר האָבן שוין פֿריִער דערמאָנט. במילא האָט ער דורכגעלייגט דעם וועג פֿאַר דער פֿאַרשטאַרקטער השפּעה פֿון דער היטלערישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע אויף דער באַפֿעלקערונג פֿון די אָקופּירטע געביטן.

און פֿונדעסטוועגן האָט דער אונטערערד געשפּילט אַ באַשטימטע ראָלע אין ראַטעווען ייִדן, דער עיקר אויף וויפֿל ייִדן גופֿא פֿלעגן אַוועקגיין אין אונטערערד און זיך אויסמישן מיט דער מאַסע פּאַרטיזאַנער. די דאָזיקע צונויפֿמישונג איז אָבער ווײַט ניט אומעטום געווען מעגלעך און איז אָפֿט געווען באַגלייט פֿון ווײ־טאָגדיקע צווישן־נאַציאָנאַלע רײַבונגען. מע מוז זיך אויף דעם אָפּשטעלן.

## די ייִדישע פּראָבלעם אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג

די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט געשפּילט אַ ריזיקע ראָלע אינעם לעבן פֿון די ייִדן אין די אָקופּירטע געביטן אָדער געגנטער: אינעם לעבן פֿון דעם אומבאַ־דײַטיקן טייל ייִדן, וועמען עס האָט זיך אײַנגעגעבן איבערצולעבן דעם גיהנום פֿון די יאָרן 1941־1944. כּל זמן די מלחמה האָט געדויערט, האָבן מיר וויניק געוווּסט וועגן דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. ערשט שפּעטער, נאָך דעם ווי מע

האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי ביכער, וואָס עס האָבן אָנגעשריבן געוועזענע פּאַרטיזאַנער אָדער זײַנען פֿאַרשריבן געוואָרן לויט זייערע ווערטער, קען מען מער אָדער ווייניקער רעקאָנסטרויִרן אָט די טראַגישע און אָפֿט מאָל העלדישע זײַט־לעך פֿון דער נײַסטער געשיכטע. עס איז איצט אויך דאָ אַ היפּשע צאָל אַרכיוו־מאַטעריאַלן, וואָס איז צוטריטלעך פֿאַר דעם פֿאָרשער און פֿאַרלײַכטערט צו פֿאָרשן די קאָמפּליצירטע פּראָבלעם. פֿון די אַרכיוו־מאַטעריאַלן דאַרף מען באַזונדערס דערמאָנען די גבֿית־עדות פֿון ייִדן־פּאַרטיזאַנער, וואָס זײַנען אין זייער אַ גרויסער צאָל געזאַמלט געוואָרן פֿון דער ייִדישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן (אַ טייל פֿון די דאָזיקע גבֿית־עדות געפֿינען זיך אין פֿאָטאָסטאַטישע קאָפּיעס אין ייִוו"אָ, ניו־יאָרק). אַ באַדײַטיקער טייל פֿון זיי האָט אַ שײַכות צו די מיזרח־פּראָווינצן פֿון פּוילן, וואָס זײַנען אין 1939 אַריבער צום סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און אַ סך האָבן אויך אַ שײַכות צו די אַלטע געביטן פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

אין דער דאָזיקער אַרבעט אינטערעסירט אונדז אָבער ניט די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג ווי אַ גאַנצקייט און אַפֿילו ניט די פּראָבלעם פֿונעם ייִדישן אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין איר פֿולן פֿאַרנעם, נאָר בלויז די פּראָבלעם פֿון די קעגנזײַטיקע באַציִונגען צווישן פּאַרטיזאַנער־ייִדן און ניט־ייִדן און צווישן ייִדישע פּאַרטיזאַנער און דער אָרטיקער ניט־ייִדישער באַפֿעלקערונג. אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור וועגן דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג ווערן אָט די פּראַגעס געוויינטלעך פּשוט פֿאַרשוויגן. אַזוי למשל, אין די זכרונות פֿון קאָווּפּאַק,[7] דעם באַרימטסטן סאָוועטישן פּאַרטיזאַנער־פֿירער, וואָס זײַן „דיוויזיע" האָט איבער צוויי יאָר אָפּערירט אין ווײַסרוסלאַנד און מערבֿ־אוקראַיִנע, אָדער אין די זכרונות פֿון איינעם פֿון קאָווּפּאַקס נאָענטסטע מיטאַרבעטערס, ווערשיגאָראַ,[8] איז ניטאָ קיין רמז אַפֿילו, אַז אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט עקסיסטירט אַ וועלכע עס איז ייִדישע פּראָבלעם, און בכלל זײַנען ייִדישע נעמען צווישן די פּאַרטיזאַנער זייער אַ זעלטענער יוצא־מן־הכּלל אין די דאָזיקע זכרונות. אין די זכרונות פֿון אַנדערע סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער־פֿירערס (גריגאָרי לינקאָוו, וויקטאָר ליוּוענצאָוו, דמיטרי מעדוועדיעוו א"אַ) רעדט זיך אָפֿטער וועגן ייִדן, ניט־זעלטן מיט מיטגעפֿיל צו זייערע לײַדן, און אַ מאָל, הגם זעלטן, ווערן אַפֿילו דערמאָנט ייִדישע משפּחה־לאַגערן.[9] וואָס שייך אָבער די ספּעציפֿישע שוועריקייטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט פֿאַר די ייִדן־פּאַרטיזאַנער, און די קאָמפּליצירטע קעגנזײַטיקע באַציִונגען צווישן ייִדישע און ניט־ייִדישע פּאַרטיזאַנער און צווישן די ייִדן אין די וועלדער און דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג — דאָס אַלץ באַמערקן פּשוט ניט די אַלע מחברים. און אַפֿילו די ייִדיש־סאָוועטישע מחברים, וואָס האָבן געשריבן וועגן דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און וועגן דעם אָנטייל פֿון ייִדן אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, פֿאַרשווײַגן פּשוט די פּראָבלעם פֿון די קעגנזײַטיקע באַציִונגען צווישן ייִדן און ניט־ייִדן אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אָדער באַרירן זי נאָר פֿאַרבײַגייענדיק.[10]

אַ גרויסע אַרבעט פֿון זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דעם ייִדישן אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָבן דורכגעפֿירט געוועזענע פּאַרטיזאַנער אין די

לאַגערן פֿון איטאַליע און אין ארץ־ישׂראל. דער גרעסטער רובֿ פֿון די ייִדן־פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה און האָבן זיך באַטייליקט אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין ווײַסרוסלאַנד און מערבֿ־אוקראַיִנע, האָבן זיך אינעם לעצטן פּעריאָד פֿון דער מלחמה אָדער תּיכּף נאָך דער מלחמה עוואַקויִרט קיין פּוילן (די סיבות פֿון אָט דער מאַסן־עוואַקואַציע פֿון ייִדן געוועזענע פּאַרטיזאַנער פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד וועלן אויפֿגעקלערט ווערן ווײַטער). אין פּוילן האָבן די געוועזענע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזירט (אין לאָדזש מײַ 1945) דעם פֿאַרבאַנד פּ"חח (פּרטיזנים, חיילים, חלוצים), וואָס זײַנע מיטגלידער אין זייער רובֿ האָבן זיך שפּעטער אַ לאָז געטאָן אויף מערבֿ, דער עיקר קיין איטאַליע, כּדי פֿון דאָרטן אַריבערצופֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל אָדער קיין אַמעריקע. שוין בײַם גרינדן דעם פֿאַרבאַנד האָט מען געשאַפֿן די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע, וואָס האָט זיך תּיכּף גענומען זאַמלען מאַטעריאַלן און האָט פֿאַראינטערעסירט זייער אַ גרויסע צאָל פּאַרטיזאַנער צונויפֿצושטעלן באַריכטן וועגן איינצלנע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען, וועגן איינצלנע עפּיזאָדן און איינצלנע פּראָבלעמעס פֿונעם ייִדישן פּאַרטיזאַנער־קאַמף און וואַלד־לעבן בעת דער מלחמה אין די אָקופּאַציע־יאָרן. אויפֿן סמך פֿונעם אויפֿגעקליבענעם מאַטעריאַל האָט דער פֿאָרזיצער פֿון דער קאָמיסיע משה קאַגאַנאָוויטש, אַליין אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן (פֿון שטעטל איוויע בײַ לידע), אַרויסגעלאָזט האַרבסט 1948 אין רוים אַ גרויסן באַנד וועגן ייִדישן אָנטייל אין דער סאָוועטישער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.[11] שפּעטער האָט דער מחבר ממלא געווען זײַן אַרבעט אויפֿן סמך פֿון דער נײַסטער זכרונות־ליטעראַטור און זי אַרויסגעגעבן אין 2 בענד אין בוענאָס־אײַרעס.[12] קאַגאַנאָוויטשעס אַרבעט האָט בײַ דער דאָזיקער איבעראַרבעטונג אין אַ געוויסער מאָל פֿאַרלאָרן איר פּסיכאָלאָגישע אייַנהייטלעכקייט, אָבער אויך איצט פֿאַרבלײַבט זי דער וויכטיקסטער מקור זיך צו באַקענען מיט די פּראָבלעמעס פֿון ייִדישן אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין די דײַטש־אָקופּירטע געביטן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

קאַגאַנאָוויטש האָט באַגרענעצט זײַן אויפֿגאַבע מיטן אַנאַליז פֿון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין יענע ראַיאָנען, ווו די דאָזיקע באַוועגונג האָט זיך אָריענטירט אויפֿן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און האָט באַקומען פֿון אים הילף און אָנפֿירונג. וועגן דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין פּוילן רעדט ער נאָר פֿאַרבײַגייענדיק. דער מחבר גופֿא באַציט זיך מיט סימפּאַטיע צום סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און מיט גרויס צוטרוי צו דער סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע. דאָס קומט צום אויסדרוק בײַם שילדערן די געשעענישן, ווען ער שרײַבט אויפֿן סמך פֿון קלאַנגען, און דאָס ברענגט אים אויך צו טעותים. מע דאַרף אָבער ניט חושד זײַן דעם מחבר, אַז ער האָט ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק געדיכטער געמאַכט די פֿאַרבן צוליב זײַן פֿרײַנדלעכקייט צום סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. בײַ זײַן גאַנצן צוטרוי צו די סאָוועטישע ידיעות בלײַבט אָבער דער מחבר אומאָפּהענגיק און רעכנט זיך קודם־כּל מיט זײַן אייגענער דערפֿאַרונג און מיט די גבֿית־עדות פֿון די פּאַרטיזאַנער, וואָס ער קען זיי, קאָנטראָלירנדיק דערבײַ אָט די גבֿית־עדות, ווו נאָר ס'איז מעגלעך. און ער שטעלט זיך ניט אָפּ פֿאַר אויפֿדעקן אויך די שאָטן־זײַטן פֿון

דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, אין וואָסער סתירה דאָס זאָל ניט שטיין צו דער סאָוועטישער לעגענדע.

ווען ייִדן אין די אָקופּירטע געביטן פֿלעגן אַוועקגיין אין אונטערערד, האָט דאָס בײַ זיי געטראָגן אַן אַנדער כאַראַקטער ווי בײַ ניט־ייִדן. צווישן ניט־ייִדן פֿלעגן אין אונטערערד אַוועקגיין בלויז מענטשן, וואָס זײַנען געווען פֿעיִק זיך צו באַטייליקן אין קאַמף און זײַנען געווען גרייט צו קעמפֿן. אָפֿט מאָל איז אויך פֿאַר זיי דאָס אַוועקגיין אין אונטערערד געווען דער איינציקער וועג פּערזענלעך זיך צו ראַטעווען, און די פּערזענלעכע רעטונג האָט זיך פֿאַר זיי געעפֿנט נאָר בײַ אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. ווער עס איז פֿיזיש ניט געווען פֿעיִק צו דעם, פֿלעגט אָדער בלײַבן אויפֿן אָרט, אָדער זיך אַריבערקלײַבן אין אַן אַנדער אָרט, האָט איבערגעלעבט דעם טעראָר פֿון דער דײַטשער אָקו־פּאַציע, אָבער האָט ניט איבערגעריסן מיט דער אַרומיקער וועלט.

בײַ די ייִדן איז די לאַגע געווען אַנדערש. פֿאַר די ייִדן האָט זיך געשטעלט די אומברחמנותדיקע פֿראַגע: טויט אָדער אַנטלויפֿן אין וועלדער, און וואָס גע־דיכטער די וועלדער, אַלץ בעסער. צו אַנטלויפֿן איז געווען אויסערגעוויינלעך שווער, די שאַנסן אומצוקומען זײַנען געווען קאָלאָסאַל. אָבער קיין אַנדער אויסוועג איז ניט געווען. דעריבער פֿלעגן אַנטלויפֿן גאַנצע משפּחות מיט זקנים און קינדער. אויב ס׳איז געווען מעגלעך מיט געווער, וואָס מע האָט געוויינלעך געקויפֿט — דורך דריטע פּערזאָנען — בײַ דײַטשן אָדער פּאָליציי. עס פֿלעגן אַנטלויפֿן אָפֿט מאָל גרעסערע גרופּעס פֿון די געטאָס, מע פֿלעגט אַנטלויפֿן אַפֿילו פֿון די טויט־עשאַלאָנען, אַבי צו קומען אין וואַלד, און דערנאָך זאָל זײַן וואָס עס וועט זײַן.

אַזעלכע פּליטים זײַנען געווען אין די טויזנטער. זיי האָבן זיך ניט געקענט גרופּירן אין פּאַרטיזאַנישע קאַמפּס־אָפּטיילונגען און אַוודאי ניט געקענט זיך אַרײַננגיסן אין די שוין עקסיסטירנדיקע קאַמפּס־אָפּטיילונגען. דאָס האָט געבראַכט צום אויפֿקום פֿון ייִדישע משפּחה־לאַגערן אין די געדיכטעניש פֿון די וועלדער און אָפֿט מאָל אויך צום אויפֿקום פֿון ייִדישע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען, וואָס איינע פֿון זייערע הויפּט־אויפֿגאַבעס איז געווען אָפּצוהיטן די משפּחה־לאַגערן. צו שאַפֿן ייִדישע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען האָבן אויך געשטויסן די שוועריקייטן, אויף וועלכע עס פֿלעגן זיך אָנשטויסן קאַמפּספֿעיִקע יונגע ייִדן, ווען זיי האָבן געוואָלט אַרײַנגיין אין ניט־ייִדישע אָפּטיילונגען.

אין אָט די באַדינגונגען האָבן זיך אָפֿט געשאַפֿן געשפּאַנטע באַציִונגען צווישן ייִדן־פּאַרטיזאַנער און ניט־ייִדן. צווישן די ניט־ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן אַ זייער הויכן פּראָצענט אויסגעמאַכט מענטשן, וואָס האָבן באַוויזן דורכצומאַכן די דײַטשע געפֿאַנגענשאַפֿט אָדער דײַטשע צוואַנגסאַרבעט און זײַנען במשך פֿון אַ לענגערער צײַט געווען אונטער דער השפּעה פֿון דער היטלערישער אַנטיסעמיטישער פּראָ־פּאַגאַנדע. די השפּעה פֿון דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע האָט דערגרייכט זייער טיף, און די אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין דער סאָוועטישער פּאַרטיזאַנער־סבֿיבֿה (באַזונדערס אין 1942 און 1943) פֿלעגן קומען צום אויסדרוק אי אָפֿט,

**אי שאַרף. אָט ווי קאַגאַנאָוויטש באַשרײַבט „דעם דערנער־וועג פֿון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער":**

אָנקומען אין סאָוועטישן קאַמפּס־אָטריאַד איז ניט געווען פֿון די לײַכטע זאַכן. געווען איינצלנע רוסישע אָטריאַדן, וועלכע האָבן פּרינציפּיעל ניט אָנגענומען קיין ייִדן. זיי האָבן עס מאָטיווירט מיט דעם „לידל", אַז ייִדן קענען נישט און ווילן ניט קעמפֿן. דער ערשטער פֿאָרבאַדינג פֿאַר ייִדן אַרײַנגענומען צו ווערן אין אַ רוסישן אָטריאַד איז געווען — באַזיצן געווער. פֿיל יונגנטלעכע, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צו פֿאַרזאָרגן מיט געווער, האָבן געמוזט אַוועקגיין אין די פֿאַמיליע־לאַגערן אָדער פֿאַמיליע־אָטריאַדן, וועלכע האָבן אויפֿגענומען יעדן געראַטעוועטן ייִדן. די אָנגעקומענע נישט־ייִדן פֿלעגן גלײַך באַוואָפֿנט ווערן דורך די פּאַרטיזאַנער. נישט־זעלטן פֿלעגט אויך טרעפֿן, אַז מע פֿלעגט צו דעם דאָזיקן צוועק אָפּנעמען בײַ ייִדישע פּאַרטיזאַנער זייער געווער, מיט וועלכן זיי זײַנען געקומען אין אָטריאַד, און עס אָפּגעבן די נאָר וואָס אָנגעקומענע נישט־ייִדן, אָדער פֿאַרבײַטן זייער געווער אויף אַן ערגערן סאָרט.[13]

**כאַראַקטעריסטיש איז די דערקלערונג פֿון די פּאַרטיזאַנער־אָנפֿירערס וועגן דער דיסקרימינאַציע:**

דער דאָזיקער בולטער פֿאַקט פֿון נאַציאָנאַלער דיסקרימינאַציע איז דורך דער אָנפֿירערשאַפֿט און פּאָליטישע דערציִערס, קאָמיסאַרן און פּאָליטרוקן דערקלערט געוואָרן מיט אַ העכערער פּאָליטישע כּוונה. די ייִדן — האָבן זיי געזאָגט — האָבן דאָך ממילא קיין אַנדער אויסוועג נישט. זיי האָבן דאָך נישט קיין וועג אויף צוריק. דער ווײַסרוס, פּאָליאַק און אוקראַיִנער האָבן פֿיל ברירות. זיי קענען גיין אין דער פּאָליציי, אין דער וולאַסאָוו־אַרמיי, אויף פּאָסטנס צו די דײַטשן, ווו זיי ווערן גוט באַצאָלט און באַקומען פֿרײַע הענט צו רויבן די באַפֿעלקערונג און געניסן אין דער פֿולער מאָל פֿון ייִדישן הפֿקר־פֿאַרמעגן, און דעריבער מוז מען זיי פֿאַר יעדן פּרײַז אַרײַנציִען אַלס קעמפֿערס קעגן דײַטשישן אָקופּאַנט.

למען האמת דאַרף באַמערקט ווערן, אַז מיטן צופֿלוס פֿון סאָוועטישן געווער פֿלעגט מען שוין קאָמפּאַספּעציקע ייִדישע יונגנטלעכע אויפֿנעמען אין די רוסישע אָטריאַדן אויך אָן געווער. אָבער בדרך כּלל זײַנען די ייִדן געווען אין אַ פֿאַרכּישופֿטן קרײַז. צו די קאָמפּס־אומפּעציקע פֿלעגט מען טענהן: „צו וואָס זײַט איר אַהער געקומען, פֿאַר וואָס קעמפֿט איר ניט?" און צו די קאָמפּעטענטע, וועלכע האָבן געוואָלט אָנקומען אין אָטריאַד, פֿלעגט מען זאָגן: „אײַער גאָלד האָט איר אָפּגעגעבן דעם דײַטש און איצט קומט איר צו אונדז ראַטעווען אײַער פֿעל?" צו די, וועלכע זײַנען געקומען שפּעטער, האָט מען געשריגן: „ווו זײַט איר געווען ביז איצט, געאַרבעט פֿאַרן דײַטש, געשלאָפֿן אונטער די פּערענעס אין די געטאָס?" בײַ אַזאַ מין אײַנשטעלונג צום ייִדישן פּאַרטיזאַן איז קיין וווּנדער נישט, אַז אַ טייל ייִדן (ספּעציעל די רוסישע פֿון די מיזרח־געביטן), וועלכע האָבן לויט זייער אויסערלעכן אויסזען און רוסישע שפּראַך־קענטעניש געקענט זיך מאַסקירן, האָבן געהאַלטן פֿאַר צוועקמעסיק צו פֿאַרבאַהאַלטן זייער ייִדישן אָפּשטאַם און אָנגעבן זיך אַלס רוסן, טאָטערן, אַרמענער אאַז"וו.[14]

באַזונדערס ווערט מען אין דער דאָזיקער דערציילונג איבערראַשט דורך דעם, ווי די ניט־ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן ניט פאַרשטאַנען די ייִדישע טראַגעדיע און וואָסערע פאַרוואורפן זיי האָבן געמאַכט די ייִדן, וואָס זײַנען אַנטלאָפן אין די וועלדער. ס'איז צו שטוינען, אַז פּונקט אַזעלכע פאַרוואורפן איז די ייִדן־פּאַרטיזאַנען אויסגעקומען צו הערן אויך מצד מענטשן, וואָס האָבן ניט דורכגעמאַכט די שרעקלעכע היטלערישע שול. קאַגאַנאָוויטש דערמאָנט זיך וועגן דער „אָקטאָבער־נאַכט אין 1943 אין דער ליפּיטשאַנער פּושטשע" און וועגן דעם שמועס בײַם שײַטערהויפן מיט די פּאַראַשוטיסטן, וואָס זײַנען אָקערשט געקומען פון יענער זײַט פראָנט:

[זיי] האָבן אונדז פאַרשאָטן מיט פראַגעס. די פראַגעס האָבן אונדז געבריט און קיין שום רו נישט געגעבן. אַנשטאָט פאַרשטענדעניש פאַר די איינציקע לעבנס־געבליבענע פון גרויסע יִשובֿים, האָבן מיר געזען אַ טענדענץ אונדז צו טרעפן, באַליידיקן, שיטן זאַלץ אויף די וווּנדן. מיר האָבן געפּרוּווט אויפהייבן דעם פאַרהאַנג. מיר האָבן געגעבן אַ בילד פון די פאַרהעלטענישן אין געטאָ און באַרירט אַלע מאָמענטן, וועלכע האָבן געדאַרפט אויפקלערן אונדזער פאָלקס־טראַגעדיע.[15]

אָבער אַלע אַרגומענטן פון די ייִדן־פּאַרטיזאַנער האָבן עפּעס ניט געמאַכט דעם דערוואַרטן רושם. אויפן באָדן פון אַזאַ באַציִונג צו ייִדן זײַנען אין דער פּאַרטיזאַנער־סבֿיבֿה ניט זעלטן אויפגעקומען קעגן די ייִדן אומגעוויינלעכע באַשולדיקונגען אין מיטאַרבעט מיט די דײַטשן און אין שפּיאָנאַזש לטובֿת די דײַטשן:

ווי אַזוי זײַנען נאָך געבליבן לעבן אין 1943סטן יאָר ייִדן אין לידער געטאָ? פאַר וואָס האָבן די ייִדן געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן פאַר די דײַטשן? צי איז דאָס ניט דער בעסטער באַווײַז, אַז די ייִדן האָבן קאָלאַבאָרירט מיטן דײַטש? אפשר זײַנען טאַקע די לעצטע רעשטלעך פון לידער געטאָ דאַנקבאַר זייער גוטן געביט־קאָמיסאַר און זיי קומען אין די וועלדער צוליב שפּיאָנאַזש־צוועקן?[16]

אַזעלכע באַשולדיקונגען האָבן זיך איבערגעחזרט ניט איין מאָל. קאַגאַנאָוויטש דערציילט אַפילו, אַז אין סעפּטעמבער 1943 האָט מען אין אַ באַפעל געוואָרנט די פּאַרטיזאַנער קעגן ייִדן־שפּיאָנען. ס'איז דערגאַנגען אויך צו עפּעס ערגערס, ביז צו חשדים קעגן ייִדישע פרויען, אַנטלאָפענע פון מינסקער געטאָ, אַז עס האָבן זיי אונטערגעשיקט דײַטשן, כּדי זיי זאָלן צושיטן סם אינעם עסן, וואָס מע האָט צוגעגרייט פאַר די פּאַרטיזאַנער.[17]

דאָס זײַנען, פאַרשטייט זיך, נאָר עקסטרעמע פאַלן, אָבער זיי זײַנען מעגלעך געוועזן אין דער פּאַרטיזאַנער־סבֿיבֿה בלויז אין די באַדינגונגען פון אַ ברייט פאַרשפּרייטער פײַנדלעכקייט צו ייִדן. אין קאַגאַנאָוויטשעס בוך ווערט געבראַכט אַ סך מאַטעריאַל, וואָס שילדערט דעם אָפט מאָל אומדערטרעגלעכן מעמד פון ייִדן אין דער פּאַרטיזאַנער־וועלט. ס'איז געווען אַ ספּעציעלע פײַנטלעכקייט צו די משפּחה־לאַגערן און צו ניט־קאַמפּספּעציקע בכלל ווי צו „איבעריקע מײַלער".[18] ס'זײַנען געווען ניט־ווייניק פאַלן פון דערהרגענען ייִדן פון משפּחה־לאַגערן און

דער עיקר צוליב געווער.[19] אין אייניקע אָפּטיילונגען איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען אַזוי שטאַרק, אַז ייִדן האָבן זיך געפילט געצוווּנגען צו אַנטלויפן מיט געווער פון די דאָזיקע אָפּטיילונגען און אַוועקצוגיין אין אַנדערע ראַיאָנען.[20] געווען אַפילו אַ פאַל, ווען דער שעף פון דער 53סטער גרופּע פון דער אָפּטיילונג „שטשאָרס" אינעם ראַיאָן פון וואָלטשע־נאָרע האָט געהייסן אַלע ייִדן אַוועקצוגיין פון זײַן ראַיאָן. אַ סך ייִדן „זײַנען אַוועק אין די פאַמיליע־לאַגערן פון דער שכנישער פּאָלעסיע". אַ טייל אָבער איז געווען געצוווּנגען צוריקצוגיין אין געטאָ, וווּ זיי זײַנען אין גיכן אומגעקומען.[21]

וועגן דער גרייס פון די דאָזיקע שווערע דערשײַנונגען איז אוממעגלעך צו משפּטן. אָבער וועדליק קאַגאַנאָוויטש גיט איבער — און מיר האָבן געבראַכט בלויז אַ לפי־ערך קליינעם טייל פון זײַן מאַטעריאַל — איז די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין איר מאַסע געווען גאָר שטאַרק פאַרסמט פון אַנטיסעמיטיזם.[22]

עס זײַנען, אמת, געווען אויך פאַקטן פון אַן אַנדער כאַראַקטער, וואָס זאָגן עדות, אַז אַ טייל פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג איז גרייט געווען צו פאַר־טיידיקן ייִדן. דער מחבר גיט איבער, אַז מאָסקווע האָט כלומרשט פאַראָרדנט דער פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדע צו זאָרגן וועגן די ניט־קאָמפּספּעיִקע, דאָס מיינט די ייִדישע משפּחה־לאַגערן. דערבײַ שטרײַכט ער אונטער, אַז רעטונג פון סאָ־וועטישע מענטשן האָט באַדאַרפט באַטראַכט ווערן ווי איינע פון די אויפגאַבעס פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.[23] קאַגאַנאָוויטש ווײַזט אַפילו ניט אָן, ווען מע האָט דעם באַפעל אַרויסגעגעבן. ס'איז אַ גרויסער ספק, צי אַזאַ באַפעל האָט מען בכלל אַרויסגעגעבן, ווײַל אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור פון פּאַרטיזאַ־נער־זכרונות זײַנען ניטאָ קיין שום אָנווײַזונגען אויף אים. אָבער אויב אַפילו ס'איז ניט געווען אַזאַ באַפעל, זײַנען יאָ געווען פאַלן, ווען די ניט־ייִדישע פּאַר־טיזאַנער־אָפּטיילונגען האָבן געהאָלפן די ייִדישע משפּחה־לאַגערן. און ווי באַשיידן די הילף איז געווען, מאַכן אָט די פאַקטן דאָך ליכטיקער דאָס חושכדיקע בילד פון ייִדישן וואַלד־לעבן.

קאַגאַנאָוויטש גייט אַפילו ווײַטער און מיינט, אַז עס זײַנען געווען פאַלן, ווען פּאַרטיזאַנער זײַנען אָנגעפאַלן אויף קליינע שטעטלעך מיטן ציל צו ראַטעווען די ייִדן פון די דאָרטיקע געטאָס און אַרבעטס־לאַגערן. אין דער ערשטער אויס־גאַבע פון זײַן בוך רופט ער אָן פיר אַזעלכע פאַלן, אין דער צווייטער רופט ער ווידער אָן נאָר דרײַ פון זיי און רופט ניט אָן איינעם פון די פריִער אָנגערופענע פאַלן, וואָס האָבן אַרויסגערופן ספקות אין דער פּרעסע, אָבער אַחוץ זיי ברענגט ער פיר נײַע פאַלן — אמת, כמעט אומבאַדײַטיקע.[24] פון אָט די אַלע פאַלן האָט בלויז דער אָנפאַל פון דער „זשוקאָוו"־אָפּטיילונג אויפן שטעטל סוויערזשנע בלי שום ספק געהאַט פאַרן ציל צו ראַטעווען די דאָרטיקע ייִדן. אָבער די „זשוקאָוו"־אָפּטיילונג איז געווען אַ ייִדישע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג. אין אַלע אַנדערע פאַלן איז די רעטונג פון ייִדן — און זי האָט באמת געהאַט אַן אָרט — געווען בלויז אַ רעזולטאַט פון די פּאַרטיזאַנישע מלחמה־אָפּעראַציעס, וואָס זייער ציל איז גאָר געווען צו פאַרניכטן קליינע דײַטשע גאַרניזאָנען אָדער צו פאַרכאַפּן

געווער־ און פּראָוויאַנט־סקלאַדן. בײַ די דאָזיקע מלחמה־אָפּעראַציעס זײַנען אויך געראַטעוועט געוואָרן ייִדן. נאָר אין איין פֿאַל — אינעם אָנפֿאַל פֿון דער „שטשאָרס"־אָפּטיילונג אויף קאָסאָוו — איז די רעטונג פֿון די ייִדן געווען איינער פֿון די צילן פֿון דער אָנגעמערקטער און מיט הצלחה דורכגעפֿירטער אָפּעראַציע. אָבער אויך אין דעם פֿאַל האַנדלט זיך וועגן אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג מיט אַ באַדײַטיקן ייִדישן מיעוט, און דער עצם אָנפֿאַל אויף קאָסאָוו איז דורכגעפֿירט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פֿונעם ייִדישן קאָמאַנדיר.

קאָגאַנאָוויטש דערציילט אויך וועגן אַנדערע פֿאַלן, וואָס דאַרפֿן פֿאַרשריבן ווערן אינעם אַקטיוו פֿון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג:

> די רוסישע פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט געהאָלפֿן די געטאָ־פּליטים אַריבערגיין די פֿראָנט־ליניע און אָנקומען קיין סאָוועט־רוסלאַנד. די בריגאַדעס פֿון סטאַרק, דאָמבראָווסקי, ראָמאַנאָוו, זשעלעזניאַק, דיאַטקאָוו און מיעלניק, וואָס זײַנען געווען טעטיק הינטער דער דײַטשער פֿראָנט־ליניע, האָבן אַריבערגעפֿירט פֿיל הונדערטער ייִדן, וועלכע זײַנען זיך צעלאָפֿן אין די וועלדער נאָך די מאַסן־שחיטות אין מיזרח־רוסלאַנד אויף דער צווייטער זײַט פֿראָנט־ליניע קיין רוסלאַנד. פֿיל צענדלינגער פֿון די געראַטעוועטע לעבן הײַנט אין ישׂראל... די פֿאַראייניקונג פֿון גענעראַל־מאַיאָר פֿיאָדאָראָוו־טשערניגאָווסקי האָט אויפֿגענומען פֿון די ייִדישע פֿאַמיליע־לאַגערן אין די וועלדער איבער 500 ייִדישע קינדער, זיי באַשיצט און אויסגעהאַלטן זאָרגפֿול מיט אַלעם נייטיקן. ווען די רויטע אַרמיי האָט פֿאַרנומען סאַרנע (וואָלין), האָבן אייניקע אָרטיקע דורכגעריסן די פֿראָנט־ליניעס און אָפּגעפֿירט די ייִדישע קינדער קיין מאָסקווע.[25]

אין זײַן ערשטן בוך **דער ייִדישער אָנטייל אין פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד** שרײַבט קאָגאַנאָוויטש, אַז די רוסישע פּאַרטיזאַנער האָבן אַריבערגעפֿירט איבער דער פֿראָנט־ליניע פֿיל טויזנטער ייִדן. די דאָזיקע ידיעה איז שטאַרק איבערגעטריבן. ווען עס וואָלט זיך באמת געהאַנדלט וועגן ראַטעווען פֿיל טויזנטער ייִדן און וועגן ראַטעווען ייִדישע קינדער אין די הונדערטער, וואָלט דאָס איבערגעלאָזט אַ קענטיקן סימן אין דער סאָוועטישער ייִדישער און ניט־ייִדישער פּרעסע, אין פּאַרטיזאַנער־זכרונות, אין די מאַטעריאַלן פֿון דער ייִדישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין וואַרשע, אין די גבֿית־עדות פֿון אַ גרויסער צאָל פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן פֿאַרלאָזט דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד נאָך דער מלחמה.[25] ס'איז אָבער אוממעגלעך אָנצונעמען, אַז אַט די אַלע ידיעות זײַנען זיך סומך סתּם אויף פֿאַלשע קלאַנגען. אין זייער יסוד ליגן מסתּמא רעאַלע פֿאַקטן. און אַט די פֿאַקטן — אויב אַפֿילו זייער צאָל איז אַ סך באַשיידענער ווי בײַ קאָגאַנאָוויטשן — פֿאַרדינען אויפֿמערקזאַמקייט.

דאָס בילד פֿאַרבלײַבט פֿונדעסטוועגן גענוג ניט געהויבן. משמעות האָט אין זייער אַ גרויסער צאָל פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען עקסיסטירט אַן אָפֿן אויסגעדריקטער אָדער אַ פֿאַרשטעלטער אַנטיסעמיטיזם, און דאָס האָט אַרויסגערופֿן בײַ די ייִדן־פּאַרטיזאַנער דעם געפֿיל, אַז יעדער רגע קענען זיי זיך באַגעגענען מיט מאַניפֿעסטאַציעס פֿון אַנטיסעמיטיזם. דאָס האָט זיך אַפֿילו אָפּגעשפּיגלט

אויף דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּאָליטיק פֿון דער העכערער פּאַרטיזאַנער־אָנפֿירונג.

די ייִדישע פּאַרטיזאַנער פֿלעגן באַשולדיקט ווערן אין פּחדנות; דורכפֿאַלן פֿון רוסישע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען פֿלעגן צוגעשריבן ווערן אויפֿן חשבון פֿון ייִדן. דער ייִד איז אויך דאָ געווען אַ שעיר לעזאזל. אין דער ערשטער העלפֿט 1943 איז די אַטמאָספֿער אין אייניקע רוסישע אָפּטיילונגען געווען אַזאַ פֿאַרסמטע, אַז ייִדן האָבן אָפֿט מאָל „מורא געהאַט אַרויסצוגיין מיט אַ טייל פֿון זייערע ניט־ייִדישע קאַמפֿס־חבֿרים אויף אויפֿגאַבעס״.[27]

זינט סוף 1943 האָט זיך אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אַלץ מער פֿאַרשטאַרקט די השפּעה פֿון די מער דיסציפּלינירטע עלעמענטן, וואָס זײַנען אָנגעקומען פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דעמאָלט האָט זיך די אַלגעמיינע לאַגע אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרבעסערט. אָבער זי איז פֿאַרבליבן שווער ביזן סוף. „דער אַנטיסעמיטיזם און ייִדן־האַס איז אָבער געווען אַזאַ פֿאַרוואָרצלטער... אַז עס איז בכלל ניט געווען לײַכט אָנצונעמען ערנסטע רעפּרעסיעס קעגן די אַנטיסעמיטן״. די אַלגעמיינע דערקלערונג פֿון די פֿאַראַנטוואָרטלעכע פּאַרטיזאַנער־פֿירערס און באַפֿולמעכטיקטע (פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי) צו דעם אַלעמען איז געווען: עס איז קריג, עס לאָזט זיך גאָרניט טאָן... עס איז איצט ניט קיין צײַט אויף אָפּצורעכענען זיך... עס וועט קומען אַ טאָג, ווען זיי [די פֿאַרברעכערס] וועלן באַצאָלן פֿאַר דעם״.[28]

איינער פֿון די מקורים פֿון אַנטיסעמיטישע שטימונגען צווישן די פּאַרטיזאַנער איז געווען דער וווקס פֿון אַנטיסעמיטיזם צווישן דער אָרטיקער פּויערישער באַפֿעלקערונג. די פּאַרטיזאַנער האָבן פּאַקטיש געלעבט אויפֿן חשבון פֿונעם אָרטיקן פּויערטום. די מלחמה האָט בכלל זייער שווער געטראָפֿן די פּויערים, וואָס האָבן געמוזט אָפּגעבן זייערע פּראָדוקטן די דײַטשן.

בנוגע קאַמפֿס־אָפּטיילונגען האָבן נאָך די פּויערים ווי עס איז שלום געמאַכט מיט די רעקוויזיציעס, פֿאַרשטייענדיק די נויטווענדיקייט פֿון קאַמף מיט די אָקופּאַנטן. אָבער בנוגע משפּחה־לאַגערן איז די לאַגע געווען אַ סך שווערער, און די רעאַקציע פֿון די פּויערים אויף צונעמען בײַ זיי זייער פֿאַרמעגן — ניט נאָר פּראָוויאַנט, נאָר אַ מאָל אויך שכוואַרג און מלבושים, בתוכם אויך פֿרויען־קליידער — איז געווען אַ סך שאַרפֿער און האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַלע ייִדן־פּאַרטיזאַנער בכלל און בפֿרט אויף די ייִדישע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דער אַפּראָוויזאַציע פֿון די משפּחה־לאַגערן. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט די דײַטשע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע געהאַט גרויס דערפֿאָלג בײַ דער אָרטיקער פּויערישער באַפֿעלקערונג, און דאָס האָט ביז גאָר פֿאַרשטאַרקט אויך דעם אַנטיסעמיטיזם צווישן די פּאַרטיזאַנער, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג.

דאָס לעבן פֿון די ייִדן אין די וועלדער, בפֿרט פֿון די ניט־קאַמפֿספֿעיִקע, איז געווען זייער שווער און דער פּראָצענט פֿון אומגעקומענע איז געווען קאָלאָסאַל סײַ צוליב דחקות, סײַ מחמת די אָבלאַוועס און שטראָף־עקספּעדיציעס, וואָס

די דײַטשן האָבן אָרגאַניזירט מיט דער הילף פֿון אוקראַיִנישע, רוסישע און אַנדערע געדונגענע עלעמענטן, סײַ פֿון כּלערליי באַנדיטן, וואָס זײַנען אין אָט די יאָרן געווען פּילצאַליק אין די וועלדער און וואָס אַ טייל פֿון זיי איז אַרײַנגעדרונגען אויך אין פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען.

> די באַפֿרײַונג האָט דערלעבט אַ זייער קליינע צאָל פֿון די אַלע ייִדן, וועלכע האָבן זיך מיט אַזוי פֿיל איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג אַרויסבאַקומען פֿון די געטאָ־דראָטן אין מערבֿ־ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע. פֿון זשעטלער געטאָ זײַנען אַרויסגעלאָפֿן בעת דער צווייטער שחיטה אין די ליפּיטשאַנער וועלדער בײַ 800 ייִדן. הײַנט צו טאָג לעבן פֿון זיי בלויז אַ 250 נפֿשות. פֿון די געראַטעוועטע איבער טויזנט מאַן פֿון פּרוזשענער געטאָ זײַנען לעבן געבליבן ניט מער ווי אַ הונדערט מאַן. פֿון די וואָלינער שטעטלעך: קאַמיען־קאָשירסק, טוטשין און סערניק (פּאָלעסיע), פֿון וועלכע עס האָט זיך על־פּי נס געראַטעוועט פֿון די שחיטות אַ באַדײַטנדיקער טייל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג געפֿינען זיך הײַנט צו טאָג צווישן די לעבעדיקע בלויז געציילטע.[29]

פֿונדעסטוועגן איז דער פּראָצענט פֿון אומגעקומענע צווישן די פּאַרטיזאַנער געווען אַ סך נידעריקער. די אַלגעמיינע צאָל ייִדן־פּאַרטיזאַנער אין מערבֿ־ווײַסרוסלאַנד און מערבֿ־אוקראַיִנע (וואָלין) האָט, לויט קאַגאַנאָוויטשן, דערגרייכט 10,000־11,000, פֿון זיי איז געפֿאַלן אין שלאַכט אַרום 3,000.[30]

דאָס אָנקומען פֿון דער רויטער אַרמיי האָט באַפֿרײַט די אײַנוווינערס פֿון די משפּחה־לאַגערן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די דאָזיקע שרעקלעכע יאָרן. אָבער אויף די ייִדן־פּאַרטיזאַנער האָבן געוואַרט נײַע נסיונות: בנוגע צו זיי זײַנען עלעמענטן פֿון נאַציאָנאַלער דיסקרימינאַציע אויפֿגעקומען נאָך דער באַפֿרײַונג אין אַ נײַער, אייגנאַרטיקער פֿאָרעם:

> באַלד נאָך דער באַפֿרײַונג זײַנען פֿיל ייִדישע פּאַרטיזאַנער מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי אין איר פֿאָרויסמאַרש צו דײַטשלאַנד. געווען פֿאַלן, ווּ מע האָט בײַם דעמאָביליזירן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן כּמעט אַלע ייִדן אַוועקגעשיקט צום פֿראָנט („אָרדזשאָניקידזע", „קראַסנאָ־גוואַרדייסקי", „פּאָבעדאַ" א"אַ)... אַלס כּלל האָט מען פֿון די ניט־ייִדישע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן אַוועקגעשיקט צום פֿראָנט נאָר יעניקע, וועלכע האָבן געדינט אין דער דײַטשער ווערמאַכט און געקומען אין די וועלדער ערשט אין דער צווייטער העלפֿט 1943, ד"ה דער עלעמענט, וועלכער האָט געדאַרפֿט אויסקויפֿן זייער פֿאַרראַט לגבי דעם פֿאָטערלאַנד. מע האָט די פּאַרטיזאַנער אין זייער ציווילער קליידונג מיט דעם פּאַרטיזאַנישן געווער, ניט־אויסגעשולטע צו די קאַמפֿס־באַדינגונגען, טאַקטיק און סטראַטעגיע אין אָפֿענעם פֿראָנט, געוואָרפֿן אויף די ערשטע ליניעס... נאָר ווייניקע, וועלכע האָבן געהאַט דאָס „גליק" צו ווערן ערנסטע אינוואַלידן, זײַנען געבליבן לעבן. כּמעט אַלע זײַנען געפֿאַלן אין די קאַמפֿן פֿאַר וואָלקאָוויסק, ביאַליסטאָק און בײַם טײַך נאַרעוו.[31]

פֿון אָט דער גאַנצער דרײַ־יאָריקער דערפֿאַרונג איז בײַ די ייִדן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין ווײַסרוסלאַנד און מערבֿ־אוקראַיִנע, פֿאַרבליבן אַזוי פֿיל פֿאַרביטערונג און עס האָט זיך אַזוי פֿיל פֿאַר־

שאַרפֿט דאָס ייִדישע נאַציאָנאַלע געפֿיל, אַז ווען בײַם סוף פֿון דער מלחמה האָט זיך פֿאַר זיי געעפֿנט די מעגלעכקייט אַוועקצופֿאָרן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד קיין פּוילן, האָט דאָס רובֿ פֿון זיי — בתוכם אַ סך דעקאָרירטע מיט אָרדנס און מע־דאַלן — זיך צוגעאײַלט אויסצונוצן אָט די מעגלעכקייט:

> דעם ייִדישן פּאַרטיזאַן איז אויסגעקומען אין די וועלדער צו פֿירן אַ קאַמף קעגן די טיילן פּאַרטיזאַנער, וועלכע זײַנען געווען אַנטיסעמיטיש גע־שטימט. ער האָט זיך ניט געקענט באַפֿרײַען אויף אַ מינוט פֿון זעלבסט־באַוווּסטזײַן, אַז ער איז אַ ייִד. מע האָט עס אים כּסדר דערמאָנט... זעלטן איז דאָס נאַציאָנאַלע באַוווּסטזײַן געווען אַזוי שטאַרק בײַ די ייִדן, ווי בײַ די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. און ניט־אומזיסט זײַנען די פּאַרטי־זאַנער געווען די ערשטע זיך צו רעפּאַטריִירן, בכדי אָנצוקומען קיין ארץ־ישׂראל — בויען אַ היים פֿאַר זיך, און אויב קעמפֿן און אָפּגעבן דאָס לעבן, זאָל עס אויך זײַן פֿאַר זיך, פֿאַרן אייגענעם פֿאָלק.[32]

פֿאַרן רובֿ פּאַרטיזאַנער האָט, ווײַזט אויס, דאָמינירט ניט דער פּאָזיטיווער עלעמענט אין אָט דער פּסיכאָלאָגיע פֿון פֿאַרלאָזן דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, נאָר דער נעגאַטיווער עלעמענט: דער באַגער אַוועקצוגיין פֿון דעם לאַנד, ווו מע האָט איבערגעלעבט אַזוי פֿיל אַנטוישונגען און באַליידיקונגען. אָט די מאַסן־פּליטה פֿון געוועזענע ייִדן־פּאַרטיזאַנער פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז, קען זײַן, דער בולטסטער באַווײַז, ווי טראַגיש ס'איז די לאַגע פֿונעם סאָוועטישן ייִדנטום.

## הערות

[1] אינעם ייִוואָ־אַרכיוו געפֿינט זיך די קאָרעספּאָנדענץ פֿון דער דײַטשער מאַכט מכּוח אַן אומלעגאַלן ליטוויש פֿלוגבלעטל, וואָס פּראָטעסטירט קעגן אויסנוצן אָפּטיילונגען פֿון דער ליטווי־שער הילפֿס־פּאָליציי בײַ דער פֿאַרטיליקונג פֿון ייִדן, דערבײַ ניט נאָר אין ליטע, נאָר אויך אין לעטלאַנד, אוקראַיִנע א״אַנד (אין די דאָקומענטן איז דאָ נאָר די דײַטשע איבערזעצונג פֿונעם פֿלוגבלעטל). דאָס גאַנצע פֿלוגבלעטל איז דורכגעדרונגען מיט אַ נאַציאָנאַליסטישן גײַסט. עס שטאַמט פֿון קרײַזן, וואָס זײַנען, ווײַזט אויס, ניט געווען פֿרײַ פֿון דער השפּעה פֿון דער אַנטיסעמיטישער מגפֿה, און זײַן מחבר גיט זיך, קען זײַן, אַליין ניט אָפּ קיין חשבון, צי פּראָטעסטירט ער קעגן דער פֿאַרטיליקונג פֿון די ייִדן אָדער נאָר קעגן דעם, וואָס דאָס ווערט געטאָן מיט די הענט פֿון ליטווינער רוצחים ("Müssen wir Europas Henker sein?"), ייִוואָ־אַרכיוו Occ E 3ba-22.

[2] ייִוואָ־אַרכיוו, Occ E 3ba-63.

[3] ייִוואָ־אַרכיוו, Occ E 3b-19.

[4] ייִוואָ־אַרכיוו, Occ. E 3a-15.

[5] דאָרט.

[6] ייִוואָ־אַרכיוו, Occ E 3ba-45.

[7] Сидор А. Ковпак, От Путивля до Карпат, Москва-Ленинград, 1945.

[8] Петро Вершигора, Люди с чистой совестью. די ערשטע צוויי טיילן פֿונעם בוך זײַנען געווען געדרוקט אין זשורנאַל זוויעזדאַ אין אויגוסט 1945 און אין אַפּריל־יולי 1946; די טיילן 3 און 4 זײַנען אַרויס אין בוכפֿאָרעם אין 1950. שפּעטער האָט דער בוך געהאַט אַ סך פֿולשטענדיקע אויפֿלאַגעס.

[9] Григорий Линьков, Война в тылу врага, Москва, 1951, стр. 128.

[10] זען די ביכער: ה. סמאָליאַר, פֿון מינסקער געטאָ, מאָסקווע, 1946; מ. יעליג און

ד. געלפערן, פּאַרטיזאַנער פון קאָונאַסער געטאָ, מאָסקווע, 1948; מ. לעוו, פּאַרטיזאַנער וועגן, מאָסקווע, 1948 (די יידן־פראַגע עקסיסטירט בכלל ניט פאַרן מחבר). פאַרקערט, אַ סך מאַטעריאַל, וואָס באַלייכט די אָפּט מאָל טראַגישע לאַגע פון יידן־פּאַרטיזאַנער, ווערט געבראַכט אין די זכרונות פון יידישע פּאַרטיזאַנער, וואָס זיינען אַרויס פון סאָוועטן־פאַרבאַנד: ביי די ברידער טביה און זוסיע בעלסקי, יהודי יער, תּל־אָבֿיבֿ, 1948; יוסף רייך, וואַלד אין פלאַמען, בוענאָס־איירעס, 1954; יחיאל גראַנאַטשטיין, איך האָב געוואָלט לעבן, פּאַריז, 1950; אבֿרהם ליזובסקי, ביערות, תּל־אָבֿיבֿ, 1946.

11 משה קאַגאַנאָוויטש, דער יידישער אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג פון סאָוועט־רוסלאַנד, רוים, 1948.

12 משה קאַגאַנאָוויטש, די מלחמה פון די יידישע פּאַרטיזאַנער אין מיזרח־אייראָפּע, 2 בענד, בוענאָס־איירעס, תּשט״ז — 1956.

13 משה קאַגאַנאָוויטש, די מלחמה פון די יידישע פּאַרטיזאַנער אין מיזרח־אייראָפּע, ב׳ א, ז׳ 324.

14 משה קאַגאַנאָוויטש, דצ״וו, ב׳ א, ז׳ 326 און ווייטער.

15 משה קאַגאַנאָוויטש, ב׳ 1, ז׳ 134.

16 משה קאַגאַנאָוויטש, דער יידישער אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג פון סאָוועט־רוסלאַנד, ז׳ 183. זעען אויך דעם בוך פון די ברידער ט. און ז. בעלסקי, יהודי יער, תּל־אָבֿיבֿ, 1946, ז׳ 164.

17 משה קאַגאַנאָוויטש, דער יידישער אָנטייל..., ז׳ 183. מען מוז, אמת, באַמערקן, אַז אין דער צווייטער אויסגאַבע פון זיין אַרבעט האָט קאַגאַנאָוויטש אויסגעשלאָסן אָט דעם אָפּזאַץ. אָבער אין אַן אַנדער אָרט פון דער זעלבער אַרבעט (ב׳ 1, ז׳ 328) ציטירט ער די זכרונות פונעם געוועזענעם פּאַרטיזאַן יוסף רייך, וואָס דערציילט וועגן באַשולדיקונגען קעגן די יידן, וואָס עס איז אים אויסגעקומען אויסצוהערן, ווען נאָכן אַנטלויפן פון שטויפּצער געטאָ איז ער אַריינ־געפאַלן צו פּאַרטיזאַנער: „די מינסקער געסטאַפּאָ האָט געשיקט אַ יידישע פרוי אין וואַלד אַריין, כדי צו שפּיאָנירן די פּאַרטיזאַנער, נאָר די פּאַרטיזאַנער האָבן זי אַנטדעקט און דערשאָסן. דאָס לידל וועגן דער יידישער שפּיאָנקע איז מיר אוסגעקומען צו הערן די גאַנצע צייט פון מיין זיין אין פּאַרטיזאַנקע און אין אַלע טיילן פון די ווייסרוסישע וועלדער אין פאַרשיידענע וואַרי־אַנטן" (יוסף רייך, וואַלד אין פלאַמען, זז׳ 130, 131).

18 משה קאַגאַנאָוויטש, די מלחמה..., ב׳ 1, זז׳ 270־271.

19 דאָרט, ב׳ 1, זז׳ 271, 329, 361.

20 דאָרט, ב׳ 1, ז׳ 344.

21 דאָרט, ב׳ 1, ז׳ 281.

22 אַ סך צוגאָב־מאַטעריאַל, דער עיקר אויפן סמך פון יידישע פּאַרטיזאַנער־זכרונות, ווערט געבראַכט אין דער צווייטער אויסגאַבע פון קאַגאַנאָוויטשעס אַרבעט.

23 משה קאַגאַנאָוויטש, ב׳ 1, ז׳ 260. אין אַן אַנדער אָרט פון זיין אַרבעט רעדט קאַגאַנאָ־וויטש נאָך מיט מער זיכערקייט וועגן אַ „טאָג־באַפעל" פון דער סאָוועטישער רעגירונג וועגן דער פאַרטיידיקונג פון די משפּחה־לאַגערן און זייער אַפּראָוויזירונג (דער יידישער אָנטייל..., ז׳ 188), און אין דער צווייטער אויסגאַבע ציטירט ער אַפילו (אין געענדזן־פיסלעך) דעם זעלבן באַפעל: „ראַטעוועט סאָוועטישע בירגערס אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, גלויבן און ראַסע איז אַ וויכטיקע מלחמה־אויפגאַבע פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג" (ב׳ 1, ז׳ 370).

24 קאַגאַנאָוויטש דערציילט אויך וועגן קאָוופּאַקס אָנפאַל אויף סקאַלאַט (גאַליציע). קאָוופּאַק דערמאָנט אויך דעם פאַקט אין זיינע זכרונות אָבער וועגן יידן איז ניטאָ קיין איין וואָרט. בדרך כלל האָט ער ליב אויסצורעכענען אַלע זיינע מעשים: אַזוי פיל עשאַלאָנען אַרײַנגעוואָרפן אין אַ גרוב, אַזוי פיל דייטשע סקלאַדעס, באַן־סטאַציעס צעשטערט, שפּייז פאַרכאַפּט, דייטשן דער־הרגעט אאַז״וו. אויב די ידיעה וועגן באַפרייען די יידן פון סקאַלאַט וואָלט געווען אַ ריכטיקע, וואָלט ער זיכער וועגן דעם דערמאָנט אין זיין בוך. אין יידישן היסטאָרישן קאָמיטעט אין פּוילן געפינט זיך דאָס גבֿית־עדות פון אַ יידישער פּאַרטיזאַנקע פימאַ העלפאַנט (מאַטעריאַלן

פֿון לאָדזשער אַרכיוו, פּראָטאָקאָל נומ׳ 714, אַ קאָפּיע אין ייִוואָ), וואָס האָט העכער צוויי יאָר פֿאַרבראַכט אין קאָווּפּקאַס דיוויזיע און איז צוזאַמען מיט איר געגאַנגען פֿון ווײַסרוסלאַנד קיין גאַליציע און צוריק. אויך זי דערמאָנט נישט וועגן ראַטעווען ייִדן אין סקאַלאַט.

אין אַן אַרבעט וועגן סקאַלאַט ווערט די געשיכטע פֿונעם איינטאָגיקן אָנפֿאַל דערציילט אַנדערש: נאָכן פֿאַרנעמען די שטאָט האָבן די פּאַרטיזאַנער באַזעצט די דײַטשע סקלאַדעס, צעשטערט די געבײַדעס פֿון דײַטשע אַמטן, אויפֿגעריסן בריקן — און דאָס אַלץ בײַ דער אַקטיווער מיטהילף פֿון די דאָרטיקע ייִדן. „ווען די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אָנגעהויבן קלײַבן אין וועג האָבן זיי דערקלערט, מיר דאַרפֿן זעלנער, געזונטע מענטשן און ניט לאַגערייִדן, וואָס שלעפּן קוים די פֿיס“. און דאָך זײַנען בערך 30 געזינטערע זיי נאָכגעלאָפֿן און בשום אופֿן ניט געוואָלט בלײַבן דאָרט ווו עס וואַרט אויף זיי דער טויט. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי געיאָגט מיט שטעקנס אָבער די ייִדן זײַנען ווײַטער נאָכגעגאַנגען. נאָך אַ סך מאַטערניש האָבן זיי דאָך באַקומען געווער און מען האָט זיי אַרײַנגענומען אין פּאַרטיזאַנער אָטריאַד. דער גרעסטער טייל פֿון דער דאָזיקער סקאַלאַטער יוגנט איז אומגעקומען בעת דער גרויסער שלאַכט אין די קאַרפּאַטן". זע אַבֿרהם ווײַסבראָט „עס שטאַרבט אַ שטעטל“, מגילת סקאַלאַט אַרויסגעגעבן פֿון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע בײַ דער צענטראַל־קאָמיסיע פֿון די באַפֿרײַטע ייִדן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דײַטשלאַנד אונטער דער רעדאַקציע פֿון י. קאַפּלאַן, מינכן, 1948, זז׳ 133־135.

[25] משה קאַגאַנאָוויטש, ב׳ 1, זז׳ 371, 373.

[26] די ידיעות, וואָס זײַנען אויסגערעכנט אין טעקסט, ברענגט קאַגאַנאָוויטש אָן מקורים. אינעם פֿאַרעפֿנטלעכטן באַנד זכרונות פֿון פֿיאָדאָראָוו־טשערניגאָווסקי זײַנען די ידיעות, וואָס ווערן געבראַכט בײַ קאַגאַנאָוויטשן, ניטאָ. אין דער צווייטער אויסגאַבע פֿון זײַן ווערק האָט קאַגאַנאָוויטש איבערגעחזרט די פֿריִער ציטירטע שורות און זיי ממלא געווען מיט נײַע מאַטעריאַלן: 1) דערציילונג פֿון יצחק און אַבֿרהם קלאָרין (איצט אין ישׂראל) וועגן דעם, ווי אַזוי די רוסישע פּאַרטיזאַנער האָבן געראַטעוועט די ייִדן פֿון ייִדישן משפּחה־לאַגער הינטער דאָלהינאָוו (ווילנער קרײַז), אַריבערפֿירנדיק זיי הינטערן פֿראָנט אויף אַ מהלך פֿון 900 קמ; 2) טעלעגראַם פֿון מאָסקווע, אָפּגעדרוקט אין דבר דעם 27סטן יאַנואַר 1943, וועגן ראַטעווען 1,500 ייִדן דורך אַריבערפֿירן זיי איבער דער פֿראָנטליניע אויף אַ מהלך פֿון הונדערטער קילאָמעטער דורך דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג בראָש מיט טימאָפֿיי ק. און 3) דערציילונג וועגן ראַטעווען דרײַ ייִדישע ייִנגלעך דורך דער אָפּטיילונג פֿון דמיטרי מעדוועדיעוו (ב׳ 1, זז׳ 371־378). אָבער אין אָט דער גאַנצער אַרגומענטאַציע איז אין אַ געוויסער מאָס איבערצײַגנדיק נאָר די אַ ביסל פֿאַרפּלאָנטערטע דערציילונג פֿון די קלאָרינס. די טעלעגראַם פֿון מאָסקווע אינעם דבר פֿאַרדינט ניט קיין צוטרוי. ניט אין פּראַוודאַ, ניט אין אייניקייט פֿאַר יאַנואַר 1943 האָב איך ניט געפֿונען קיין שום אָנווײַזונגען וועגן די באַשריבענע געשעענישן.

[27] משה קאַגאַנאָוויטש, ב׳ 1, זז׳ 257־259.

[28] דאָרט, ב׳ I, זז׳ 365־366.

[29] דאָרט, ב׳ II, ז׳ 208.

[30] משה קאַגאַנאָוויטש, דער ייִדישער אָנטייל . . ., ז׳ X.

[31] משה קאַגאַנאָוויטש, דער ייִדישער אָנטייל . . ., זז׳ 281־282. וועגן נאַציאָנאַלער דיסקרימינאַציע בײַ דער דעמאָביליזירונג פֿון דער אָפּטיילונג „אָרדזשאָניקידזע“ דערציילן אין זייער בוך אויך די ברידער בעלסקי (זע העכער, הערה 16), זז׳ 194־195.

[32] משה קאַגאַנאָוויטש, דער ייִדישער אָנטייל . . ., ז׳ 185.

קאַפּיטל זעקס

# אין די ניט־פאַרנומענע געביטן פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד

## 1. דאָס פאַרשווײַגן די היטלערישע פּאָליטיק אומצוברענגען די ייִדן

די גרענעץ פונעם ייִדישן חורבן אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, וואָס איז געווען אָקופּירט פון די דײַטשע אַרמייען, איז צונויפגעפאַלן מיט דער ליניע פון פראָנט. אויף יענער זײַט ליניע האָבן ייִדן איבערגעלעבט שווערע דחקות, אָבער דאָס זעלבע האָט איבערגעלעבט די גאַנצע באַפעלקערונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, און וועגן אַ ייִדישער קאַטאַסטראָפע, וואָס זאָל כאָטש אין אַ ווײַטער מאָס דערמאָנען דאָס, וואָס ייִדן האָבן איבערגעלעבט אין די ראַיאָנען פון דער דײַטשער אָקופּאַציע, קען גאָר קיין רייד ניט זײַן. אָבער חוץ די צרות און די קרבנות פון דער גאַנצער סאָוועטישער באַפעלקערונג, איז אויף דער דאָליע פון די ייִדן דאָך אויסגעפאַלן נאָך אַ היפּש ביסל צוגאָב־לײַדן, וואָס זײַנען אַרויסגערופן געווען דורך דער פאַרשפּרייטונג פון אַנטיסעמיטיזם אין ברייטע שיכטן פון דער סאָוועטישער באַפעלקערונג בעת דער מלחמה. דאָס איז בעצם ניט קיין חורבן, דאָס איז אין אַ געוויסן זינען זײַן שרעקלעכער עכאָ. אָבער דאָס בילד פון די ייִדישע צרות אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע אין די מלחמה־יאָרן וואָלט ניט געווען פול, ווען מיר וואָלטן זיך ניט אָפּגעשטעלט אויך אויף די שווערע איבערלעבונגען פון די ייִדן מחוץ די ראַיאָנען פון דער דײַטשער אָקופּאַציע.

אַוודאי האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זײַן דורכצופירן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד די היטלערישע פּאָליטיק אומצוברענגען פיזיש די ייִדן, פּונקט ווי עס האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זײַן וועגן אַן אָפיציעלער אָדער אַפילו אומאָפיציעלער אָפענער פּראָפּאַגאַנדע פון אַנטיסעמיטיזם. די סאָוועטישע רעגירונג האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז זייער אַ שאַרפער כּלי־זין אין היטלערס הענט און אַז די השפּעה פון דער היטלערישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע דרינגט טיף אַרײַן אויך אין די געביטן מחוץ דעם אָקופּאַציע־ראַיאָן, פאַרשטאַרקנדיק דאָ די עלעמענטן פון אַנטיסעמיטיזם וואָס זײַנען אויסגעוואַקסן אויפן סאָוועטישן באָדן. אָבער די סאָוועטישע רעגירונג האָט ניט געפירט קיין סיסטעמאַטישן קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם. זי האָט אַפילו ניט געגעבן

דער באַפֿעלקערונג קיין מעגלעכקייט אָפּצושאַצן אין דער פֿולער מאָס די מאָס־שטאַבן פֿון דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג. דאָס איז נאַטיר־לעך ניט געווען קיין פּאָליטיק פֿון אַ דירעקטער דערמוטיקונג פֿון אַנטיסעמיטיזם, דאָס איז געווען נאָר אַ פּאַסיווע פּאָליטיק, אָבער זי האָט געהאַט זייער שווערע פֿאָלגן. אויך אָט די פֿאָלגן און אויף די מאָטיוון פֿון דער דאָזיקער פּאָליטיק וועט זײַן די רייד ווײַטער, איצט איז קודם־כּל וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אויף די פֿאַקטן.

אין ייִדישע קרײַזן אויסער דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז אין די מלחמה־יאָרן געווען ברייט פֿאַרשפּרייט די מיינונג, אַז די סאָוועטישע רעגירונג באַקעמפֿט זייער ענערגיש די היטלערישע פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג און דעמאַסקירט זי סיסטעמאַטיש. דער הויפּט־אַרגומענט צו באַגרינדן די דאָזיקע מיינונג איז געווען די נאָטע פֿון דער רעגירונג פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, געווענדט צו די אַלײִרטע רעגירונגען. די נאָטע איז געווען באַקאַנט ווי „מאָלאָטאָווס נאָטע״ (מאָלאָטאָוו איז דעמאָלט געווען מיניסטער פֿאַר אויסלענדישע ענינים) פֿון 6טן יאַנואַר 1942, און דער קאָמוניקאַט פֿונעם סאָוועטישן אינפֿאָרמאַציע־ביוראָ פֿון 19טן דעצעמבער פֿונעם זעלבן יאָר. אָבער דער דאָזיקער אַרגומענט האָט קיין שום האַפּט ניט, ווען מע אַנאַליזירט אָט די דאָקומענטן אינעם אַלגעמיינעם קאָנטעקסט פֿון די סאָוועטישע דאָקומענטן וועגן דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג און פֿון די אָפּקלאַנגען אין דער סאָוועטישער פּרעסע אויפֿן ייִדישן חורבן.

די סאָוועטישע רעגירונג האָט אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים געפֿירט דעם קאַמף קעגן דער היטלערישער אידעאָלאָגיע און דער היטלערישער פּאָליטיק איידער ס'איז געשלאָסן געוואָרן דער פֿרײַנדשאַפֿט־אָפּמאַך צווישן דײַטשלאַנד און סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. אָבער אין אָט דעם קאַמף פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג קעגן היטלעריזם האָט היטלערס ציל פֿיזיש אומצוברענגען דאָס ייִדישע פֿאָלק קיין מאָל ניט באַקומען קיין וואָסער עס איז פֿולע באַלײַכטונג, און במשך פֿונעם כּמעט צוויי־יאָריקן פּעריאָד פֿון דער סטאַלין־היטלער־פֿרײַנדשאַפֿט איז די היטלערישע פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג אין גאַנצן נעלם געוואָרן פֿונעם זעפֿעלד פֿון די סאָוועטישע מלוכה־פֿירערס, און די סאָוועטישע פּרעסע האָט סיס־טעמאַטיש פֿאַרשוויגן אַלע מאַניפֿעסטאַציעס פֿון אָט דער פּאָליטיק. אָבער אויך נאָכן איבעררײַסן די דאָזיקע פֿרײַנדשאַפֿט און נאָכן אָנפֿאַל פֿון היטלער־דײַטשלאַנד אויפֿן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט זיך די לאַגע אין דעם דאָזיקן פּרט ווייניק וואָס געביטן.

צו די אָנפֿירערס פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, דערגאַנגען ידיעות וועגן דעם אומגעהײַערן פֿאַרנעם פֿון דער היטלערישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, וועגן די גרוילן, וואָס עס האָט איבערגעלעבט די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון די אָקופּירטע געביטן. אָבער די סאָוועטישע פּרעסע האָט לאָ די ניט געפּרוּווט באַקעמפֿן די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע (אין דער סאָווע־טישער פּרעסע פֿון אָט דעם פּעריאָד קען מען ניט געפֿינען קיין איין אַרטיקל וועגן אַנטיסעמיטיזם), נאָר האָט פּשוט גאָרניט געשריבן וועגן די פֿאַקטן פֿון

ייִדן־אויסראָטונג. אמת, דאָס איז ניט געווען קיין פּאָליטיק פֿון פֿולשטענדיקן פֿאַרשוויַיגן דעם שרעקלעכן ייִדישן חורבן. אין דער דאָזיקער פּאָליטיק, בפֿרט אינעם ערשטן יאָר פֿון דער מלחמה קעגן היטלערן, האָט זיך געשפּירט עפּעס אומזיכערקייט. אָבער איר גרונט־טענדענץ האָט זיך זייער בולט אויסגעפֿורעמט פֿון אָנהייב אָן.

אין די ערשטע חדשים פֿון דער מלחמה האָט די סאָוועטישע פּרעסע כּמעט קיין זאַך ניט דערציילט וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך מיט די ייִדן אויף יענער זײַט פֿראָנט. אָבער אָט האָט די סאָוועטישע רעגירונג פֿונאַנדערגעשיקט דעם 6טן יאַנואַר 1942 די נאָטע „וועגן רויבערײַען, רוײַנירונגען פֿון דער באַפֿעלקע־רונג און אומגעהײַערע רציחות פֿון דער דײַטשער מאַכט אומעטום אויף די פֿאַר־כאַפּטע סאָוועטישע טעריטאָריעס" צו אַלע רעגירונגען, מיט וועלכע זי האָט געהאַט דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען. שוויַיגן אין אָט דער נאָטע וועגן ייִדן איז נאַטירלעך ניט געווען מעגלעך; מע האָט געמוזט דערציילן אויך וועגן דער אויסראָטונג פֿון די ייִדן. אָבער ווי אַזוי איז דאָס געטאָן געוואָרן?

די דײַטשע פֿאַרכאַפּערס שטעלן זיך ניט אָפּ פֿאַר גאָרניט, כּדי אין די דורך זיי אָקופּירטע ראַיאָנען אויף אַלע אופֿנים צו דערנידעריקן דאָס נאַציאָנאַלע געפֿיל פֿון די רוסן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, לעטן, ליטווינער, מאָלדאַוואַנער, עסטן, ווי אויך פֿון יענע איינצלנע פּערזאָנען פֿון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, וואָס זיי באַגעגענען אויף זייער בלוטיקן וועג און באַגייען קעגן זיי פּונקט אַזעלכע נגישות און געוואַלד־אַקטן — ייִדן, גרוזינער, ארמענער, אוזבעקן, אַזערבײַדזשאַנער, טאַד־זשיקן און פֿאַרשטייערס פֿון אַנדערע סאָוועטישע פֿעלקער.[1]

דאָ ווערן ייִדן אין גאַנצן דערטרונקען — דערבײַ נאָך ווי איינצלנע פּערזאָנען —אין דער מאַסע רוסן, ליטווינער, מאָלדאַוואַנער, אוזבעקן אאַז״וו. אָבער מאָ־לאָטאָווס נאָטע באַגרענעצט זיך ניט מיט דעם:

דעם 30סטן יוני זײַנען די היטלערישע באַנדיטן אַרײַנגעטראָטן אין דער שטאָט לעמבערג, און גלײַך אויף מאָרגן האָבן זיי אײַנגעאָרדנט אַ שחיטה אונטערן לאָזונג „שלאָג ייִדן און פּאָליאַקן". אויסגעהרגעט הונדערטער מענטשן, האָבן די היטלערישע באַנדיטן אײַנגעאָרדנט „אַן אויסשטעל־לונג" פֿון די געהרגעטע אינעם לאָקאַל פֿון פּאַסאַזש.

נאָך דעם ווערט געבראַכט אַ ריי קאָנקרעטע פֿאַקטן פֿון דײַטשע רציחות אין לעמבערג און אין אַנדערע ערטער און עס ווערט אָנגערופֿן אַ סך נעמען פֿון די געליטענע, אָבער צווישן די דאָזיקע נעמען איז ניטאָ קיין איין ייִדישער.

פֿונדעסטוועגן, ווען בײַם סוף פֿון דער נאָטע ווערט צום דריטן מאָל דער־מאָנט וועגן ייִדן, געפֿינען מיר אויך אַ דירעקטן אָנווײַז אויפֿן ספּעציעלן כּאַראַק־טער פֿון דעם ייִדישן אומגליק:

אַ שרעקלעכע שחיטה און פּאָגראָמען זײַנען אײַנגעאָרדנט געוואָרן דורך די דײַטשע פֿאַרכאַפּערס אין דער אוקראַיִנישער קרוינשטאָט קיִעוו. פֿאַר עטלעכע טעג האָבן די דײַטשע באַנדיטן דערהרגעט און דערשאָסן 52 טויזנט מענער, פֿרויען, זקנים און קינדער, אומברחמנותדיק געטויט אַלע

אוקראַיִנער, רוסן, ייִדן, וואָס האָבן מיט עפּעס וואָס אַרויסגעוויזן זייער געטרײַשאַפֿט דער סאָוועטן־מאַכט. סאָוועטישע בירגערס, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פֿון קיִעוו, באַשרײַבן אַ דערשיטערנדיק בילד פֿון איינער פֿון אָט די מאַסן־עקזעקוציעס: אויפֿן ייִדישן בית־עולם פֿון דער שטאָט קיִעוו האָט מען צונויפֿגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל ייִדן, אַרײַנגערעכנט פֿרויען און קינדער פֿון אַלע עלטערס; פֿאַרן דערשיסן האָט מען אַלעמען אויסגעטאָן נאַקעט און געשלאָגן; די ערשטע גרופּע, אָפּגעקליבן דערשאָסן צו ווערן, האָט מען געצוווּנגען זיך צו לייגן אויפֿן גרונט פֿון אַ גראָבן מיטן פּנים אַראָפּ און מע האָט זיי דערשאָסן פֿון אויטאָמאַטן; דערנאָך האָבן די דײַטשן אַ ביסל פֿאַרשאָטן די דערשאָסענע מיט ערד, אויף זייער אָרט האָבן זיי אַוועקגעלייגט אַ צווייטן גאָרן און ווידער זיי דערשאָסן פֿון אויטאָמאַטן. אַ סך מאַסן־מאָרדן האָבן די דײַטשע אָקופּאַנטן אויסגעפֿירט אויך אין אַנדערע אוקראַיִנישע שטעט, דערבײַ זײַנען די דאָזיקע בלוטיקע עקזעקוציעס געווען ספּעציעל געווענדט קעגן אומבאַשיצטע און אומבאַוואָפֿנטע ייִדן פֿון צווישן די האָרעפּאַשניקעס. לויט ניט קיין פֿולע ידיעות האָט מען אין דער שטאָט לעמבערג דערשאָסן ניט ווייניקער פֿון 6,000 נפֿשות, אין אָדער — איבער 8,000 נפֿשות, אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק האָט מען דערשאָסן און אויפֿגעהאָנגען אַרום 8.500 נפֿשות, אין דניעפּראָפּעטראָווסק האָט מען דערשאָסן פֿון קוילנוואַרפֿערס איבער 10,500 נפֿשות, אין מאַריופּאָל האָט מען דערשאָסן איבער 3,000 אָרטיקע אײַנוווינערס, אַרײַנגערעכנט אַ סך זקנים, פֿרויען און קינדער, וועלכע מען האָט אַלע ווי איינעם באַרויבט און אויסגעטאָן נאַקעט פֿאַר דער עקזעקוציע. אין קערטש לויט דערווײַליקע ידיעות, האָבן די דײַטש־פֿאַשיסטישע גזלנים דערהרגעט אַרום 7,000 נפֿשות.

אַפֿילו דאָ פּרווּט מאָלאָטאָוו פֿאָרשטעלן די אויסראָטונג פֿון ייִדן — אויך די קיִעווער שחיטה אין באַבי יאַר — ווי אַ טייל פֿון דער רעפּרעסיווער פּאָליטיק קעגן „אוקראַיִנער, רוסן און ייִדן“. אָבער ער האַלט ניט אויס אָט די ראָלע ביזן סוף. און דער, וואָס האָט אין גאַנצן איבערגעלייענט אָט די גרויסע נאָטע, האָט זיך פֿונדעסטוועגן דערוווּסט וועגן דער מאַסן־אויסראָטונג פֿון ייִדן אין קיִעוו, לעמבערג, אָדעס, דניעפּראָפּעטראָווסק א״אַ. אָבער די סאָוועטישע פּרעסע האָט ניט אונטערגעכאַפּט די דאָזיקע ידיעות, און די ייִדישע פּראָבלעם איז אויך נאָך מאָלאָטאָווס נאָטע פֿאַרבליבן טאַבו פֿאַר דער פּרעסע. און אין דער נײַער נאָטע מאָלאָטאָווס פֿון 27סטן אַפּריל 1942 „וועגן די אומגעהײַערע פֿאַרברעכנס, רציחות און געוואַלדאַקטן פֿון די דײַטש־פֿאַשיסטישע פֿאַרכאַפּערס אין די אָקופּירטע סאָוועטישע ראַיאָנען און וועגן דער אַחריות פֿון דער דײַטשער רעגירונג און קאָמאַנדע פֿאַר די דאָזיקע פֿאַרברעכנס“[2] האָט זיך שוין אַ סך שאַרפֿער אויסגעדריקט די טענדענץ אָפּצופּטרן מיט שווײַגן די ייִדן־אויסראָטונג ווי אַן ערשטראַנגיקע, ספּעציעלע אויפֿגאַבע אין דער היטלערישער פּאָליטיק:

די היטלערישע מאָרדן פֿון דער פֿרידלעכער סאָוועטישער באַפֿעלקערונג... דעקן אויף פֿולשטענדיק די פֿאַשיסטישע בלוטיק־פֿאַרברעכערישע פּלענער וואָס זײַנען געווענדט צו פֿאַרטיליקן דאָס רוסישע, אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע און אַנדערע פֿעלקער פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. פֿון אָט די פֿאַשיסטישע פּלענער זײַנען דיקטירט געוואָרן די באַפֿעלן און

אינסטרוקציעס פֿון דער דײַטשער קאָמאַנדע וועגן פֿאַרטיליקן פֿרידלעכע סאָוועטישע אײַנוווינערס.

די מחברים פֿון דער נאָטע האָבן אויסגעצייכנט געוווּסט, אַז די היטלערישע פּאָליטיק, בײַ איר גאַנצער אַכזריות אויך בנוגע רוסן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן א״אַ, האָט זיך ניט געשטעלט פֿאַרן דירעקטן ציל פֿיזיש אויסצוראָטן דאָס רוסי־שע, אוקראַיִנישע און אַנדערע פֿעלקער און סאָוועטישע אײַנוווינערס בכלל, אַז נאָר בנוגע די ייִדן האָבן זיך די היטלעריסטן געשטעלט פֿאַר אַ ציל צו פֿאַר־ניכטן דאָס גאַנצע פֿאָלק. און די נאָטע פּירט באַוווּסטזיניק אַרײַן אין טעות, אַבי אויסצומײַדן די נויטווענדיקייט צו ריידן וועגן דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון פֿאַרטיליקן דאָס ייִדישע פֿאָלק. די דאָזיקע טענדענץ גייט דורך ווי אַ רויטער פֿאָדעם דורך דער גאַנצער נאָטע. עס ווערט אין איר בפֿרטיותדיק איבערגעגעבן וועגן דער אויסראָטונג דורך די היטלעריסטן פֿון פֿרידלעכע אײַנוווינערס אין טאַגאַנראָג, קערטש, וויטעבסק, פּינסק, מינסק. „הונדערטער טויזנטער אוקראַיִ־נער, רוסן, ייִדן, מאָלדאַוואַנער און פֿרידלעכע בירגערס פֿון אַנדערע נאַציאָנאַ־ליטעטן זײַנען אומגעקומען פֿון די הענט פֿון די דײַטשע תּלינים אין די שטעט פֿון אוקראַיִנע. נאָר אין איין כאַרקאָוו האָבן די היטלעריסטן אומגעבראַכט גלײַך אין די ערשטע טעג פֿון דער אָקופּאַציע 14,000 נפֿשות". און אינעם אַרײַנפֿיר צו דער נאָטע ווערט טאַקע בפּועל ממש געזאָגט, אַז די היטלעריסטן האָבן זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע „אומצובריינגען די סאָוועטישע באַפֿעלקערונג, קריגס־געפֿאַנגענע און פּאַרטיזאַנער דורך בלוטיקע געוואַלדאַקטן, טאָרטורן, עקזעקו־ציעס און מאַסן־מאָרדן פֿון סאָוועטישע בירגערס, אומאָפּהענגיק פֿון זייער נאַציאָ־נאַליטעט, סאָציאַלער לאַגע, געשלעכט און עלטער". „אומאָפּהענגיק פֿון דער נאַציאָנאַליטעט!" — די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פֿון דער היטלערישער פּאָליטיק קען דינען ווי אַ מוסטער פֿון פּאָליטישער צבֿיעות.

ס'איז ניט קיין צופֿעליקער טעות. דאָס איז אַ סיסטעם פֿון אַ פּאָליטיק, וואָס האָט געדויערט יאָרן. אַ באַדײַטיקער טייל פֿון דער ייִדישער פּרעסע מחוץ דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד (און נאַטירלעך די גאַנצע קאָמוניסטישע פּרעסע פֿון אַמעריקע) האָט געפּרוּווט אין די מלחמה־יאָרן פֿאַרשטעלן די סאָוועטישע ייִדישע פּאָ־ליטיק אין אַן אַנדער ליכט. זי האָט געשילדערט דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד ווי דעם טשעמפּיאָן אין קאַמף קעגן דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון אומברענגען דאָס ייִדישע פֿאָלק. צו באַגרינדן אַזאַ אָפּשאַצונג פֿון דער סאָוועטישער ייִדן־פּאָליטיק אין די מלחמה־יאָרן פֿלעגט מען זיך געוויינלעך פֿאַררופֿן אויף דער לאַנגער דעקלאַראַציע פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג „וועגן דער פֿאַרווירקלע־כונג פֿונעם פּלאַן אויסצוראָטן די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון אייראָפּע דורך דער היטלערישער מאַכט". די דעקלאַראַציע איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין דעצעמ־בער 1942.[3] דאָס איז זייער אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט, און בײַם לייענען אים קען זיך לכתּחילה אויסדאַכטן, אַז ער האָט דעם ציל, וואָס עס שרײַבט אים צו די פּראָסאָוועטישע ייִדישע לעגענדע. צום באַדויערן, איז דער אמתער ווערט פֿון אָט דעם דאָקומענט לגמרי גאָר אַן אַנדערער.

די סאָוועטישע דעקלאַראַציע פֿון 19טן דעצעמבער 1942 שטייט אין אַ שאַרפֿער סתּירה צו דער גאַנצער סיסטעם פֿון דער סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע במשך פֿון די לעצטע צוויי יאָר פֿאַר איר פּובליקאַציע און — ווי עס וועט באַוויזן ווערן ווײַטער — ניט וויניקער שאַרף גייט זי זיך פֿונאַנדער אויך מיט דער גרונט־ליניע פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער פּאָליטיק במשך פֿון היפּשע צוויי יאָר נאָכן פֿאַרעפֿנטלעכן די דאָזיקע דעקלאַראַציע. וואָס זשע איז דאָס — אַ מאָדנער צופֿאַל, אַ קאַפּריזנער זיגזאַג פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק? לחלוטין ניט.

ריכטיק אָפּשאַצן די סאָוועטישע דעקלאַראַציע פֿון 19טן דעצעמבער קען מען נאָר אין פֿאַרבינדונג מיט אַ צווייטער דעקלאַראַציע „וועגן דער אויסראָטונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון אייראָפּע, וואָס עס פֿירט דורך די היטלע־רישע מאַכט“, פֿאַרעפֿנטלעכט מיט צוויי טעג פֿריִער (אין דער סאָוועטישער פּרעסע אַפֿילו מיט איין טאָג פֿריִער) און אונטערגעשריבן פֿון צוועלף רעגירונגען פֿון דער אַנטי־היטלערישער קאָאַליציע. אין אָט דער דעקלאַראַציע פֿון די אַלייִרטע, אונטערגעשריבן פֿון אַלע אייראָפּעיִשע קעגנערס פֿון דײַטשלאַנד, אַרײַנגערעכנט דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, און פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע, ווערט בולט כאַראַקטעריזירט די היטלערישע פּאָליטיק פֿון „אומ־ברענגען דאָס ייִדישע פֿאָלק“. די רעגירונגען, וואָס האָבן אונטערגעשריבן די דעקלאַראַציע, „באַשטעטיקן זייער פֿײַערלעכע התחײַבֿות צו באַוואָרענען צוזאַמען מיט אַלע פֿאַראייניקטע פֿעלקער, אַז די פּערזאָנען, וואָס זײַנען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די דאָזיקע פֿאַרברעכנס, זאָלן ניט אויסמײַדן דעם פֿאַרדינטן פּסק“. נאָר אין ליכט פֿון אָט דער דעקלאַראַציע פֿון די אַלייִרטע באַקומט איר אמתן זין די סאָוועטישע דעקלאַראַציע פֿון 19טן דעצעמבער. דאָס איז געווען אַ פּרווו אַרײַנצוטראָגן אַ קאָרעקטיוו אין דער דעקלאַראַציע פֿון די אַלייִרטע, ווייכער צו מאַכן די שאַרפֿקייט, מיט וועלכער עס איז איר אַוועקגעשטעלט געוואָרן די ייִדישע פּראָבלעם.

די דעקלאַראַציע פֿון 19טן דעצעמבער פֿאַררופֿט זיך אין דעם אַרײַנפֿיר דירעקט אויף דער דעקלאַראַציע פֿון די אַלייִרטע און ווערט פֿאַרעפֿנטלעכט כּמו ווי אַ הוספֿה צו איר, אָבער באַלד אויפֿן אָרט פּרווּוט זי אַרײַנשטעלן די פּראָבלעם פֿון קאַמף קעגן דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון אומברענגען די ייִדן אין אַן אַנדער רעמל — אין הסכּם מיט דער פֿריִער ציטירטער נאָטע מאָ־לאָטאָווס פֿון 27סטן אַפּריל 1942:

> אין דער לעצטער צײַט לאָזט זיך אָבסערווירן אומעטום אויף די טערי־טאָריעס פֿון די לענדער פֿון אייראָפּע, וואָס זײַנען אָקופּירט דורך די דײַטש־פֿאַשיסטישע פֿאַרכאַפּערס, אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿונעם היטלערישן רעזשים פֿון בלוטיקע הריגות פֿון דער פֿרידלעכער באַפֿעלקערונג... די היטלעריסטן פֿירן אַרײַן אין לעבן דעם בעסטיאַלישן פּלאַן פֿיזיש אויס־צוראָטן אַ באַדײַטיקן טייל פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג פֿון די דײַטש־אָקופּירטע טעריטאָריעס — מענטשן, וואָס זײַנען אין קיין זאַך ניט שולדיק, פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, פֿאַרשיידענע סאָציאַלע לאַגעס, פֿאַרשיידענע איבערצײַגונגען און גלויבנס פֿון אַלע עלטערס.

ס׳איז אָבער געווען אוממעגלעך דורכצופֿירן קאָנסעקווענט אָט די קאָנ־צעפּציע ניט אַרײַנצופֿאַלן אין אַ צו באַשטימפּערלעכער סתּירה מיט דער דעקלאַ־ראַציע פֿון די אַלײַרטע, וואָס איז געווען אונטערגעשריבן אויך פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. און די דעקלאַראַציע פֿון 19טן דעצעמבער אָנערקענט, אַז צוזאַמען מיטן „בעסטיאַלישן פּלאַן פֿיזיש אויסצוראָטן אַ באַדײַטיקן טייל פֿון דער ציווי־לער באַפֿעלקערונג פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן״, איז בײַ היטלערן פֿאַראַן אויך „אַ ספּעציעלער פּלאַן טאָטאַל אויסצוראָטן די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון דער אָקופּירטער טעריטאָריע פֿון אייראָפּע״, ווי אויך „פֿון דײַטשלאַנד גופֿא״. דערנאָך גייען גרויליקע פּרטים און עס ווערן אָנגערופֿן לענדער: „דײַטשלאַנד, אונגאַרן, רומעניע, פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, עסטרײַך, פֿראַנקרײַך, בעלגיע, האָלאַנד און נאָרוועגיע. דאָס איז טאַקע די „אייראָפּע״, וואָס אויף איר טערי־טאָריע פֿאַרווירקלעכט היטלער זײַן „ספּעציעלן פּלאַן״.

אַריבערגייענדיק צום סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, ווערט די דעקלאַראַציע אומגע־ריכט קאָמפּליצירט און עס ווערן אין איר בולט קעגנגעשטעלט די אָקופּירטע „סאָוועטישע ראַיאָנען״ פֿון איין זײַט און די אָקופּירטע לענדער פֿון „אייראָפּע״ פֿון דער צווייטער זײַט. און עס איז אין איר דאָ אַ באַשטימפּערלעכע טענדענץ פֿאַרצושטעלן די זאַך אַזוי, אַז די קרבנות פֿונעם היטלערישן אַנטיסעמיטיזם אויך אין די אָקופּירטע סאָוועטישע ראַיאָנען זײַנען דער עיקר ייִדן, וואָס מע האָט געבראַכט צו פֿירן פֿון צענטראַל־ און מערב־אייראָפּע:

> די ידיעות וואָס קומען אָן פֿון די צײַטווײַליקע פֿאַרכאַפּטע דורכן קעגנער סאָוועטישע ראַיאָנען . . . זײַנען ממלא די אינפֿאָרמאַציע וועגן די בלוטיקע הריגות פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין די אָקופּירטע לענדער פֿון אייראָפּע. וועגן בעסטיאַלישע הריגות פֿון ייִדן, וואָס מע האָט געבראַכט צו פֿירן פֿון צענטראַל־ און מערב־אייראָפּע, גיט מען אויך איבער פֿון מינסק, ביאַליסטאָק, בריסק, באַראַנאָוויטש און פֿון אַנדערע שטעט פֿון דער ווײַסרוסישער סס״ר.

די היטלעריסטן פֿאַרלענדן, אמת, אויך סאָוועטישע ייִדן, אָבער זייער פֿאַר־לענדונג קומט בעיקר פֿאָר נאָר אין די ראַמען פֿון פֿאַרטיליקן די סאָוועטישע באַפֿעלקערונג בכלל:

> די פֿאַרברעכנס פֿון די היטלערישע רוי‌בערס, פֿאַרגוואַלדיקערס און תּלינים איבער פֿרידלעכע סאָוועטישע בירגערס זײַנען שוין דעמאַסקירט פֿאַר דער גאָרער וועלט. די איבערוויגנדיקע מערהייט פֿון די קרבנות פֿון אָט דער אָרגיע פֿון גזילה און הריגה באַשטייט פֿון רוסישע, אוקראַיִנישע און ווײַסרוסישע פּויערים, אַרבעטערס, אָנגעשטעלטע, אינטעליגענטן. שווער זײַנען די קרבנות אין די רייען פֿונעם ליטווישן, לעטישן און עסטישן פֿאָלק, צווישן די מאָלדאַוואַנער, צווישן די אײַנוווינערס פֿון דער קאַרעליש־פֿינישער רעפּובליק. פּראָפּאָרציאָנעל צו איר קליינער צאָל האָט די ייִדישע מינדערהייט פֿון דער סאָוועטישער באַפֿעלקערונג . . . באַזונדערס שטאַרק געליטן פֿון דער בעסטיאַלישער בלוט־דורשטיקייט פֿון די היטלערישע דעגענעראַטן.
>
> אין דער לעצטער צײַט האָבן די היטלערישע אָקופּאַנטן נאָך מער פֿאַר־

> שטאַרקט אויפֿן גאַנצן שטח פֿון דער פֿאַרכאַפּטער סאָוועטישער טעריטאָריע דעם בלוטיקן רעזשים פֿון מאַסנמאָרדן, שטראָף־עקספּעדיציעס, פֿאַרברענען דערפֿער, אַוועקטרײַבן הונדערטער טויזנטער פֿרידלעכע אײַנוווינערס אויף שקלאַפֿערײַ קיין דײַטשלאַנד . . . עס זײַנען פֿאַראַן ידיעות, אַז אין אָט די באַדינגונגען פֿון ווילד־צעהוליעטן טעראָר פֿירן די היטלעריסטן דורך אויך בנוגע סאָוועטישע בירגערס פֿון ייִדישער נאַציאָנאַליטעט זייער פּלאַן פֿון טאָטאַלער פֿאַרטיליקונג. אַזוי האָט, למשל, די פֿאַרשטאַרקונג פֿון טעראָר קעגן דער אוקראַיִנישער באַפֿעלקערונג זומער און האַרבסט פֿונעם הײַנטיקן יאָר זיך פֿאַרצייכנט מיט אַ רײ בלוטיקע אַנטיסעמיטישע פּאָגראָמען אין אַ רײ באַוווינטע פּונקטן פֿון דער אוקראַיִנישער סס״ר.

דערנאָך גייט אַ רײ ידיעות וועגן ייִדישע פּאָגראָמען. גענומען איזאָלירטערהייט — אין אַזאַ פֿאָרעם האָט זיי איבערגעגעבן די טעלעגראַם פֿון ייִט״אַ פֿון מאָסקווע פֿונעם 22סטן דעצעמבער 1942[4] — מאַכן די דאָזיקע ידיעות באמת דעם אײַנדרוק, אַז די סאָוועטישע רעגירונג דעקט אויף אויף אַן ענערגישן אופֿן די היטלערישע פּאָליטיק פֿון אומברענגען ייִדן. אָבער דער פֿולער טעקסט פֿון דער דעקלאַראַציע באַשטעטיקט ניט אָט דעם אײַנדרוק און זאָגט אַדרבא עדות, אַז די סאָוועטישע רעגירונג האָט ניט געהאַט די דעצידירטקייט צו פֿירן אַן אָפֿענעם און קאָנסעקווענטן קאַמף מיטן היטלערישן אַנטיסעמיטיזם.

אָבער די דעקלאַראַציע פֿון 19טן דעצעמבער 1942 איז געווען בלויז אַן עפּיזאָד, אַרויסגערופֿן, ווי מיר האָבן געזען, דורכן באַגער פֿון די אָנפֿירערס פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק צו ענדערן — ד״ה אָפּצושוואַכן — אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד דעם אײַנדרוק פֿון דער אַלײִרטע־דעקלאַראַציע פֿון 17טן דעצעמבער, אַז בײַם אויסאַרבעטן איר דעקלאַראַציע האָט די סאָוועטישע רעגירונג לחלוטין ניט געהאַט בדעה צו פֿאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און אַז דאָס פֿאַרעפֿנטלעכן די דעקלאַראַציע איז פֿאַר דער סאָוועטישער רעגירונג דיקטירט געוואָרן פֿון ספּעציעלע צײַטווײַליקע טעמים, ווערט קלאָר אויך פֿון דעם, וואָס די דאָזיקע דעקלאַראַציע האָט ניט געפֿונען קיין שום אָפּקלאַנג אין דער סאָוועטישער פּרעסע. אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז זי אין גיכן פֿאַרגעסן געוואָרן און מע האָט זי אַפֿילו ניט אַרײַנגענומען אין דעם זאַמלבוך „סאָוועטישע מלחמה־דאָקומענטן“.

נאָכן פֿאַרעפֿנטלעכן די דאָזיקע דעקלאַראַציע האָט די סאָוועטישע מאַכט ניט נאָר ניט פֿאַרשטאַרקט איר קאַמף מיטן היטלערישן אַנטיסעמיטיזם, נאָר אַדרבא, אויב דאָס איז נאָר געווען מעגלעך, האָט זי אים אַפֿילו אָפּגעשוואַכט. עס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש אין דעם דאָזיקן פּרט די סעריע אָפֿיציעלע מעלדונגען וועגן היטלערישע רציחות אין פֿאַרשיידענע שטעט און געביטן פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. די דאָזיקע מעלדונגען — מיט צוויי אויסנאַמען, מיט אַ סך קאָנקרעטע פֿאַקטן — האָבן זיך פֿון צײַט צו צײַט געדרוקט אין די גרויסע סאָוועטישע צײַטונגען פֿון אַפּריל 1943 ביז מײַ 1945. מע האָט זיי פֿאַרעפֿנטלעכט אין נאָמען פֿון דער אויסעראָרדנטלעכער מלוכה־קאָמיסיע פֿעסטצושטעלן און אויסצופֿאָרשן די היטלערישע רציחות, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין נאָוועמבער 1942.[5]

פֿאַר אָט דעם גאַנצן פּעריאָד האָט די אויסעראָרדנטלעכע מלוכה־קאָמיסיע פֿאַר־עפֿנטלעכט 17 מעלדונגען,[6] און חוץ דעם אַ מעלדונג וועגן דעם לאַגער אין אוישוויץ אויף דער פּוילישער טעריטאָריע[7] און עטלעכע ספּעציעלע מעלדונגען,[8] וואָס אויף זיי וועלן מיר זיך שוין דאָ ניט אָפּשטעלן.

כּדי בולטער זיך פֿאָרצושטעלן די עוואָלוציע פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק אין אָט דער פֿראַגע, איז נייטיק בקיצור צו אַנאַליזירן די דאָזיקע מעלדונגען פֿון דער אויסעראָרדנטלעכער מלוכה־קאָמיסיע, צונויפֿגעגרופּירט לויט יאָרן. במשך פֿון 1943 האָט מען פֿאַרעפֿנטלעכט 7 אַזעלכע מעלדונגען, אָבער אין 6 פֿון זיי האָט מען וועגן ייִדן פּשוט ניט דערמאָנט קיין איין וואָרט. דער איינציקער אויסנאַם איז געווען די מעלדונג וועגן דער סטאַוראָפּאָלער געגנט. אָבער דאָס איז גראָד אַן אויסנאַם, וואָס — לויטן לאַטײַנישן ווערטל — באַשטעטיקט ער דעם כּלל.

אין די אַרבעטן פֿון דער קאָמיסיע אין סטאַווראָפּאָלער געגנט האָט אָנטייל־גענומען דער באַוווסטער שרײַבער, מיטגליד פֿון דער אַקאַדעמיע פֿון וויסנשאַפֿטן, מיטגליד פֿונעם העכסטן סאָוועט פֿון פֿסס״ר, אַלעקסיי נ. טאָלסטאָי. ער האָט פּערזענלעך אָנגעפֿירט מיטן אויסגראָבן פֿון דעם קבֿר די קרבנות בײַ דער סטאַציע מינעראַלנײַע וואָדי, ווו עס זײַנען אָנגעהויפֿט געווען די טויטע גופֿים פֿון איבער 6,000 ייִדן, בתוכם אַ סך פּראָפֿעסאָרן, געלערנטע, מעדיצין־דאָקטוירים און אַנדערע פֿאָרשטייערס פֿון דער לענינגראַדער אינטעליגענץ, וואָס אין אָנהייב פֿון דער מלחמה האָט מען זיי עוואַקויִרט אויף צפֿון־קאַווקאַז צוזאַמען מיט די אינסטיטוציעס, ווו זיי האָבן געאַרבעט. דאָס, וואָס טאָלסטאָי האָט דערזען, האָט געמאַכט אויף אים אַ דערשיטערנדיקן אײַנדרוק, און ער האָט אָנגעשריבן וועגן דעם אַן אַרטיקל, וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין פּראַוודאַ[9] צוזאַמען מיט דער מעלדונג פֿון דער אויסעראָרדנטלעכער מלוכה־קאָמיסיע. בלתּי ספֿק דאַרף מען צושרײַבן דער פּערזענלעכער השפּעה פֿון טאָלסטאָי, וואָס מע האָט אַרײַנ־גענומען אין דער מעלדונג פֿון דער קאָמיסיע אַ בפּרטיותדיקע דערציילונג וועגן דער פֿאַרטיליקונג פֿון די ייִדן אין דער סטאַווראָפּאָלער געגנט. אָבער, ווי ס׳איז צו זען פֿון דעם ווײַטערדיקן גאַנג, האָט אָט דער אויסנאַם אַרויסגערופֿן אַן אומצופֿרידנקייט צווישן די אָנפֿירערס פֿון דער סאָוועטישער מלוכה.

אין דעצעמבער 1943 איז אין כאַרקאָוו פֿאָרגעקומען אַ פּראָצעס פֿון די אָנטיילנעמערס פֿון די היטלערישע רציחות אין כאַרקאָוו און כאַרקאָווער געביט. דער באַשולדיקונגס־אַקט און כּמעט סטענאָגראַפֿישע באַריכטן וועגן דעם פּראָצעס האָבן זיך טאָג־אײַן טאָג־אויס געדרוקט אין דער פּראַוודאַ,[10] אָבער אין די דאָזיקע באַריכטן קען מען ניט באַגעגענען אַפֿילו דאָס וואָרט ייִד. אָט, למשל, ווי אַזוי אינעם אורטייל פֿונעם געריכט דערציילט זיך וועגן דער אויסראָטונג פֿון די כאַרקאָווער ייִדן:

> אין נאָוועמבער 1941 האָט מען אין דער שטאָט כאַרקאָוו, לויט דער פֿאַראָרדענונג פֿון געשטאַפּאָ, אַריבערגעפֿירט אַרום 20,000 נפֿשות פֿון דער פֿרידלעכער סאָוועטישער באַפֿעלקערונג פֿון שטאָטישע דירות אין באַראַקן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אויף דער טעריטאָריע פֿונעם כאַרקאָ־

ווער טראַקטאָר־זאַוואָד. שפּעטער האָט מען זיי אין גרופּעס צו 200־300 מענטשן אָפּגעפֿירט אין אַ שכנישן שמאָלן טאָל און דאָרט דערשאָסן.[11]

טאָלסטאָי איז בײַגעווען אויפֿן פּראָצעס, האָט כּמעט אַלע טאָג געשריבן וועגן אים אין פּראַוודאַ, אָבער אין די דאָזיקע אַרטיקלען זײַנע ווערט וועגן ייִדן אויך גאָרניט דערמאָנט — ריכטיקער, מע האָט אים ניט דערלויבט צו דערמאָנען וועגן זיי מיט קיין איין וואָרט. און ווען נאָכן פּראָצעס האָט דער אויפֿגערודערטער טאָלסטאָי אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, וואָס לויט זײַן כאַראַקטער און גרייס איז דאָס אַרטיקל באַשטימט געווען פֿאַר אַ צײַטונג, אָבער אין דעם אַרטיקל האָט ער שאַרף אַוועקגעשטעלט אויך די פֿראַגע פֿון דער ייִדן־אויסראָטונג, האָט טאָלסטאָי געמוזט זוכן פֿאַר דעם אַ מקום־מקלט אין אַ זשורנאַל פֿון דער אַקאַדעמיע פֿון וויסנשאַפֿטן.[12]

די דאָזיקע פּאָליטיק האָט געדויערט כּמעט אָן וואַקלענישן ביזן סוף 1944. צווישן די מעלדונגען, וואָס מע האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין אָט דעם פּעריאָד, זײַנען געווען מעלדונגען פֿון אַזעלכע געוועזענע גרויסע ייִדישע צענטערס ווי קיִעוו און אָדעס, אָבער אַפֿילו אין אָט די אויספֿירלעכע מעלדונגען איז ניט געווען קיין איין וואָרט וועגן ייִדן. אין דער ערשטער העלפֿט 1944 קען מען פֿאַרצייכענען נאָר איין אומבאַדײַטיקן פֿאַל אין דער מעלדונג וועגן ראָוונע און ראָוונער געביט — אויך אַ געביט, וואָס האָט פֿאַר דער מלחמה געהאַט אַ גרעסערע ייִדישע באַפֿעלקערונג — איז געווען ציטירט אַ גבֿית־עדות פֿון איינעם, וואָס האָט „ניט איין מאָל געזען, ווי די היטלעריסטן פֿלעגן אומברענגען סאָוועטישע בירגערס — אוקראַיִנער, רוסן, פּאָליאַקן, ייִדן". אין דעם זעלבן גײַסט זײַנען געווען אויסגעהאַלטן די דעמאָלט פּאָפּולער געוואָרענע ווענדונגען פֿון די אַרבעטנדיקע צו סטאַלינען, ווו עס פֿלעגט געענוי אויסגערעכנט ווערן אַלץ, וואָס די באַפֿעלקערונג איז אויסגעשטאַנען פֿון די אָקופּאַנטן. אויך דאָ, אין ווענדונגען פֿון ראַיאָנען מיט אַ גרעסערער פֿאַרמלחמהדיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג ווי זשיטאָמירער,[13] וויטעבסקער,[14] וויניצער,[15] איז ניטאָ קיין וואָרט וועגן ייִדן.

ס'איז געווען נאָר איין פֿאַל, ווען אין אַזאַ ווענדונג צו סטאַלינען האָט מען אָפֿן גערעדט וועגן דער מאַסן־אויסראָטונג פֿון די ייִדן:

> אין מינסק האָבן די היטלערישע תּלינים דערהרגעט, פֿאַרברענט און אויפֿגעהאָנגען איבער 150,000 פֿון דער פֿרידלעכער באַפֿעלקערונג. מינסק איז פֿון דרײַ זײַטן אַרומגערינגלט מיט אַ בית־עולם פֿון די קרבנות, וואָס זײַנען פֿאַרפֿײַניקט געוואָרן פֿון די דײַטשע מנוולים. די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג איז אויסגעראָטן געוואָרן. די דײַטש־פֿאַשיסטישע תּלינים האָבן צונויפֿגעטריבן 50,000 נפֿשות פֿון מינסק און פֿון די ראַיאָנען אין געטאָ. חוץ דעם האָט מען אין מינסקער געטאָ געבראַכט צו פֿירן איבער 40,000 ייִדן פֿון האַמבורג, וואַרשע און לאָדזש. די גאַנצע באַפֿעלקערונג פֿון געטאָ איז בעסטיאַליש פֿאַרפֿײַניקט געוואָרן דורך די דײַטשע תּלינים, ד"ה די צאָל פֿון די געטאָ־מאַרטירערס האָט דערגרייכט 90,000 — דרײַ פֿינפֿטל פֿון אַלע נעהרגעטע אין מינסק; און וויפֿל ייִדן זײַנען חוץ דעם אומגעקומען, ניט האָבנדיק דורכגעגאַנגען די געטאָס? פֿאָרשטייערס פֿון וויסנשאַפֿט און קולטור זײַנען אויסגעשטאַנען אומבאַ־

שרײַבלעכע יסורים און לײַדן. נאָך אַ לאַנגן איזדיעקעווען זיך האָבן די דײַטשע מנוולים בעסטיאַליש דערהרגעט דעם פּראָמינענטן מעדיצינער פּראָפֿעסאָר סיטערמאַן, איינעם פֿון די בעסטע כירורגן — פּראָפֿעסאָר כורגין, דעם גרעסטן ספּעציאַליסט פֿון אויגן־קראַנקייטן — פּראָפֿעסאָר דוואָרזשיץ, דעם גינעקאָלאָג פּראָפֿעסאָר קלומאָוו, דעם פּאָפּולערן קינ־דער־דאָקטאָר גורעוויטש און אַ סך אַנדערע[16].

אָבער די מעלדונג פֿון דער אויסעראָרדנטלעכער מלוכה־קאָמיסיע וועגן דער שטאָט מינסק, וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין אָנדערטהאַלבן חדשים אַרום, איז שוין געווען פֿאַרמולירט אַ סך פֿאַרזיכטיקער. אַוודאי איז שוין ניט געווען מעגלעך פּשוט צו פֿאַרשווײַגן די מאַסן־אויסראָטונג פֿון די ייִדן, אָבער אין דער מעלדונג פֿון דער קאָמיסיע, באַזונדערס אויב מע זאָל זי פֿאַרגלײַכן מיט דער ווענדונג פֿון די מינסקער, פֿילט זיך קלאָר דער באַגער ווי עס איז אָפּצורוקן אין שאָטן דעם שרעקלעכן ייִדישן חורבן, און די נעמען פֿון די אומגעקומענע אָדער על־פּי־נס געראַטעוועטע, וואָס ווערן געבראַכט ווי אַ בײַשפּיל אין דער מעלדונג פֿון דער קאָמיסיע, זײַנען אַלע ניט קיין ייִדישע: סאַווינסקאַיאַ, גאָלובאָ־וויטש, סעמאַשקאָ, פּראָפֿ׳ אַניסימאָוו א״אַ. פֿון די פֿריִער אויסגערעכנטע אומגע־קומענע ייִדן ווערט דאָ אָנגערופֿן נאָר איינער — מיט אַ ספּעציפֿיש ניט־ייִדישער פֿאַמיליע — פּראָפֿ׳ קלומאָוו.

נאָך אַט דער אָפּווײַכונג פֿונעם פּרינציפּ פֿון פֿאַרשווײַגן די היטלערישע פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג האָט זיך די אויסעראָרדנטלעכע מלוכה־קאָמיסיע ווידער אומגעקערט צו איר פּראַקטיק. אין דער מעלדונג וועגן דער עסטישער סס״ר ווערט אַגבֿ דערציילט וועגן דעם לאַגער אין קלאָגאַ, ווו עס זײַנען, ווי באַוווּסט, אומגעקומען פֿיל טויזנטער ייִדן, אָבער אין דער גאַנצער מעלדונג באַגעגנט מען ניט אַפֿילו דאָס וואָרט ייִד. אין דער מעלדונג וועגן ליטע ווערן מיט אַ מעטאָדישער גענויקייט אויסגערעכנט און באַשריבן די לאַגערן, ווו עס זײַנען אומגעקומען צענדליגער טויזנטער „געלערנטע און אַרבעטערס, אינזשי־נערן און סטודענטן, קאַטוילישע און גריכיש־אָרטאָדאָקסישע גלחים — אײַנוווי־נערס ניט נאָר פֿון ווילנע, נאָר אויך פֿון אַנדערע שטעט, שטעטלעך און דערפֿער פֿון דער ליטווישער סס״ר״ (לאַגער אין שטעטל פּאָנאַר, לעבן ווילנע), „פֿרידלעכע סאָוועטישע בירגערס פֿון קאָוונע״ און „בירגערס פֿון פֿראַנקרײַך, עסטרײַך, טשעכאָסלאָוואַקיע״ אאַז״וו, אָבער וועגן ייִדן ווערט דאָ פּשוט ניט דערמאָנט מיט קיין איין וואָרט.

ערשט צום סאַמע סוף 1944 — אין דער מעלדונג וועגן לעמבערגער געביט — האָט זיך די אויסעראָרדנטלעכע מלוכה־קאָמיסיע, ווי ס׳האָט זיך אויסגע־וויזן, באַפֿרײַט פֿון שרעק אָפּן צו ריידן וועגן דעם היטלערישן מערדערישן אַנטי־סעמיטיזם און האָט געווידמעט די נייטיקע אויפֿמערקזאַמקייט די אַכזריותן, וואָס מע האָט אָנגעווענדט קעגן ייִדן. דאָס אייגענע האָט זיך איבערגעחזרט אין דער מעלדונג וועגן די היטלערישע רציחות אין לעטלאַנד. צום ערשטן מאָל אין די מעלדונגען פֿון דער אויסעראָרדנטלעכער מלוכה־קאָמיסיע האָט זיך דאָ אַפֿילו באַוויזן אַ ספּעציעל קאַפּיטל: „די בלוטיקע שחיטה פֿון דער ייִדישער

באַפֿעלקערונג פֿון דער לעטישער סס״ר דורך די דײַטשן״. ס׳האָט זיך געקענט אויסוואַזן, אַז די אויסעראָרדנטלעכע מלוכה־קאָמיסיע האָט זיך ענדגילטיק אָפּ־געזאָגט פֿון איר קורצזיכטיקער פּאָליטיק, ס׳הייבט זיך אָבער ניט אָן. אין עפּעס מער ווי אַ חודש נאָך דער מעלדונג וועגן דער לעטישער סס״ר האָט די אויסער־אָרדנטלעכע מלוכה־קאָמיסיע פֿאַרעפֿנטלעכט אַ מעלדונג וועגן דעם לאַגער אין אוישוויץ, מסתּמא דעם שרעקלעכסטן אָרט אויפֿן ערדקײַלעך אין אָט די יאָרן, ווו עס איז געוואָרן פֿאַרסמט, פֿאַרברענט, פֿאַרפּײַניקט בײַ 4 מיליאָן נפֿשות, אין זייער גרעסטן רובֿ ייִדן. אָבער אין דער מעלדונג פֿון דער קאָמיסיע וועגן דעם לאַגער אין אוישוויץ — ס׳איז פּשוט שווער אין דעם צו גלייבן — קען מען ווידער ניט באַגעגענען דאָס וואָרט ייִד.

זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער אויסעראָרדנטלעכער מלוכה־קאָמיסיע איז אויך דער אָפּקלײַב פֿון מענטשן פֿאַר דער אויספֿאָרשונג פֿון די דײַטשע רציחות. אינעם צוזאַמענשטעל פֿון דער קאָמיסיע האָט מען אַרײַנגענומען אויך איין ייִדן, דעם פּראָפֿעסאָר אי. פּ. טרײַנין. אָבער מע האָט אים אַרײַנגענומען בלויז ווי אַ ספּעציאַליסט אין די פֿראַגעס פֿון אינטערנאַציאָנאַלן רעכט. אַז דאָס איז באמת אַזוי, באַווײַזט דער צוזאַמענשטעל פֿון די אָרטיקע אָרגאַנען, וואָס האָבן אויף די ערטער פֿאַרטראַטן די אויסעראָרדנטלעכע מלוכה־קאָמיסיע. אין די דאָזיקע אָרטיקע קאָמיסיעס פֿלעגט געוויינטלעך אַרײַנגיין, חוץ איין מיטגליד פֿון דער צענטראַלער קאָמיסיע, דער פֿאָרזיצער פֿונעם אויספֿיר־קאָמיטעט, ד״ה דער ראָש פֿון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע, אַ פֿאָרשטייער פֿון מיליטער, אַ פֿאָרשטייער פֿון דער פּראָקוראַטור, איינער אָדער צוויי דעפּוטאַטן פֿונעם העכסטן סאָוועט און נאָך עטלעכע פּראָמינענטע בירגערס. אין אַ ריי פֿאַלן האָט מען אין די קאָמיסיעס אַרײַנגענומען אויך פֿאָרשטייערס פֿון די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע גײַסטלעכע. וועגן די גײַסטלעכע ווערט דערמאָנט אין די מעלדונגען וועגן סטאַ־לינער געביט, וועגן דער שטאָט נאָווגאָראָד און דעם נאָווגאָראָדער ראַיאָן, וועגן דער שטאָט אַדעס און דעם אַדעסער געביט. און פֿאַר דער שטאָט ראָוונע און דעם ראָוונער געביט האָט מען אין דער קאָמיסיע אַפֿילו אַרײַנגענומען אי אַ גריכיש־אָרטאָדאָקסישן, אי אַ קאַטוילישן גלח. אָבער קיין ייִדן זײַנען אין די דאָזיקע קאָמיסיעס אין ערגעץ ניט געווען — אַפֿילו ניט אין קיִעוו, ראָוונע, מינסק, אוישוויץ — און נאָר אין אַדעס האָט אין דער קאָמיסיע אָנטיילגענומען, ווי דער פֿאָרשטייער פֿון דער צענטראַלער קאָמיסיע, אַלץ דער זעלבער פּראָפֿ׳ אי. פּ. טרײַנין. דער דאָזיקער צוזאַמענשטעל פֿון די קאָמיסיעס זאָגט עדות, אַז מע האָט געוואָלט ווי ווײַט מעגלעך ניט דערמאָנען די ייִדישע טראַגעדיע.

די מעלדונגען פֿון דער אויסעראָרדנטלעכער מלוכה־קאָמיסיע זײַנען נאָר אַ כאַראַקטעריסטישע אילוסטראַציע פֿון אָט דער פּאָליטיק. מע וואָלט זי געקענט אילוסטרירן מיט נאָך איין בײַשפּיל. עס איז גוט באַוווּסט, וואָס פֿאַר אַ שרעקלעכע טראַגעדיע האָט איבערגעלעבט דאָס אוקראַיִנישע ייִדנטום. וועגן דעם האָט גע־שריבן אין זײַנען פֿריִער ציטירטע עסייען אוקראַיִנע אָן ייִדן וואַסילי גראָסמאַן. אָבער ווען דעם 1טן מאַרץ 1944 האָט זיך צונויפֿגעקליבן — צום ערשטן מאָל נאָך דער באַפֿרײַונג — דער העכסטער סאָוועט פֿון דער אוקראַיִנישער סס״ר,

האָט דער פֿאָרזיצער פֿונעם אוקראַיִנישן ראַט פֿון פֿאָלקס־קאָמיסאַרן (און דער סעקרעטאַר פֿון צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין אוקראַיִנע), ניקיטאַ כרושטשאָוו, געהאַלטן אַ לאַנגן רעפֿעראַט וועגן אַלץ, וואָס אוקראַיִנע האָט איבער־געלעבט, און וועגן די אויפֿגאַבעס, וואָס שטייען פֿאַר איר.[17] ער האָט מיט גרויס געפֿיל גערעדט וועגן די הונדערטער טויזנטער דערהרגעטע און פֿאַרפּייניקטע, וועגן די אומגעהערטע ליידן פֿון „אונדזערע מענטשן" אונטער דער אָקופּאַציע, אָבער אַז צווישן די פֿאַרפּייניקטע האָבן ייִדן אויסגעמאַכט אַ ריזיקן פּראָצענט, וועגן דעם האָט ער ניט דערמאָנט מיט קיין איין וואָרט. ניט נאָר איז אוקראַיִנע נאָך היטלערן פֿאַרבליבן אָן ייִדן, עס האָט זיך פֿאַר זיי ניט געפֿונען אַפֿילו קיין קליין אָרט אויך אינעם לאַנגן רעפֿעראַט פֿון דעם ראָש פֿון דער אוקראַיִנישער רעגירונג, פֿון כרושטשאָוון.

וואָס האָט דיקטירט אָט די פּאָליטיק זיך פּאַקטיש אָפּצוזאָגן פֿונעם קאַמף מיטן היטלערישן אַנטיסעמיטיזם? עפֿנטלעך האָט מען די דאָזיקע פּאָליטיק קיין מאָל ניט פֿאַרטיידיקט און ניט מאָטיווירט. אָבער ווען מע קוקט זיך צו איר צו נעענטער, איז ניט שווער אָפּצוגעבן זיך אַ דין־וחשבון וועגן אירע מאָטיוון. זי איז נאַטירלעך ניט געווען דיקטירט מחמת סימפּאַטיעס צו דער היטלערישער פּאָליטיק פֿון אומברענגען די ייִדן. מע קען לחלוטין ניט חושד זיין די אָנפֿירערס פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק אין אַזעלכע סימפּאַטיעס. דער ראַציאָנעלער יסוד פֿון דער פֿריִער כאַראַקטעריזירטער סאָוועטישער פּאָליטיק — ריכטיקער, איר פּסעוודאָ־ראַציאָנעלער יסוד — איז בלתּי ספֿק געווען די מורא, אַז אַן אָפֿענער און דעצידירטער קאַמף קעגן דער היטלערישער פּאָליטיק אומצוברענגען די ייִדן וועט לייכטער מאַכן היטלערן זיין פּראָפּאַגאַנדע קעגן דעם „יודעאָ־באָלשע־וויזם". אָבער דער פּסיכאָלאָגישער באָדן פֿאַר דער פּאָליטיק פֿון פּאַסיווקייט לגבי היטלערס אַנטיסעמיטיזם איז מסתּמא אין אַ גרויסער מאָס געווען צוגע־גרייט דורך דער פֿאַרשפּרייטונג אין די העכערע שיכטן פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט אין די לעצטע פֿאַרמלחמה־יאָרן פֿון יענעם קריכנדיקן האַלב באַהאַלטענעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס וועגן אים האָט זיך פֿריִער גערעדט אינעם קאַפּיטל IV.

דאָס איז געווען אַ שטרויס־פּאָליטיק. דאָס פֿאַרשווייגן דעם אַנטיסעמיטיזם פּנים אל פּנים מיט דער צעיושעטער היטלערישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַ־גאַנדע — אַ פּראָפּאַגאַנדע ניט אַזוי מיט ווערטער ווי מיט מעשׂים — האָט פּסיכאָלאָגיש אַנטוואָפֿנט די מאַסן פֿאַרן אָנגריף פֿון אַנטיסעמיטיזם און האָט גע־שאַפֿן אַ פּסיכאָלאָגיע פּאַקטיש צו טאָלערירן אים. דאָס האָט לייכטער געמאַכט די שטורמישע פֿאַרפֿלייצונג פֿון אַנטיסעמיטישע שטימונגען ניט נאָר אין די אָקופּירטע געביטן, נאָר אויך ווייט מחוץ זייערע גרענעצן.

אָט אַזוי האָט דער אָפּזאָג פֿון דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם ניט בלויז ניט שווערער געמאַכט די היטלערישע פּראָפּאַגאַנדע, נאָר האָט געהאַט פּונקט אַ פֿאַרקערטע ווירקונג. אין אוקראַיִנע, למשל, איז דער אַנטיסעמיטיזם פּאַקטיש געוואָרן אין די מלחמה־יאָרן אַ פּאָפּולערע פֿאָרעם פֿונעם אוקראַיִנישן סעפּע־ראַטיזם.

ביז וואָסער מדרגה אָט די אַנטוויקלונג האָט באַאומרויִקט די סאָוועטישע מאַכט, קען מען זען פֿון דעם, אַז אין גיכן נאָך דער באַפֿרייִונג פֿון אוקראַיִנע האָט די אוקראַיִנישע סאָוועטישע רעגירונג פֿאַרגעלייגט — אָן הצלחה — אַן אַמנעסטיע די אוקראַיִנישע עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן געקעמפֿט קעגן דער רויטער אַרמיי און האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין פֿאַרווירקלעכן — צום טייל אין מיטאַרבעט מיט היטלערן, צום טייל פּאַראַלעל מיט אים — די פּאָליטיק פֿון אומצוברענגען די ייִדן.[18]

די פּאָליטיק פֿון פֿאַרשווײַגן דעם היטלערישן אַנטיסעמיטיזם לשם אָפּשוואַכן אים האָט געליטן אַ פֿולשטענדיקן באַנקראָט.

# הערות

[1] פּראַוודאַ פֿון 7טן יאַנואַר 1942. די נאָטע איז איבערגעדרוקט אינעם זאַמלבוך, אַרויס־געגעבן דורך דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן אין דעצעמבער 1943: *Soviet War Documents,* June 1941-November 1945, pp. 85–99.

[2] פּראַוודאַ פֿון 28סטן אַפּריל 1942; *Soviet War Documents...,* זז' 100־127.

[3] די דאָזיקע דעקלאַראַציע איז געווען געדרוקט ווי אַ קאָמוניקאַט פֿונעם אינפֿאָרמאַציע־ביוראָ בײַם פֿאָלקס־קאָמיסאַריאַט פֿאַר אויסלענדישע ענינים אין איזוועסטיאַ און אין פּראַוודאַ פֿון 19טן דעצעמבער 1942.

[4] *Ita-News,* December 23, 1942.

[5] דעקרעט פֿונעם פּרעזידיום פֿון העכסטן סאָוועט פֿון פֿסס"ר פֿון 2טן נאָוועמבער 1942, פּראַוודאַ פֿון 4טן נאָוועמבער 1942; *Soviet War Documents,* pp. 155–157.

[6] די דאָזיקע מעלדונגען ווערן ווײַטער אויסגערעכנט אין סדר פֿון זייער פּובליקאַציע. אין קלאַמערן ווערט געבראַכט די דאַטע פֿון פֿאַרעפֿנטלעכן די מעלדונג אין איזוועסטיאַ און אין פּראַוודאַ: וועגן די היטלערישע רציחות אין די שטעט וויאַזמאַ, גזשאַטסק און סיטשאָווקאַ, סמאָלענסקער געביט, און אין דער שטאָט רזשעוו, קאַלינינער געביט (דעם 7טן אַפּריל 1943); אין דער שטאָט קראַסנאָדאַר און אין קראַסנאָדאַרער געגנט (דעם 14טן יולי 1943); אין סטאַווראָ־פּאָלער געגנט (דעם 5טן אויגוסט 1943); אין דער שטאָט אָריאָל און אין אָריאָלער געביט (דעם 8טן סעפּטעמבער 1943); אין דער שטאָט סמאָלענסק (דעם 6טן נאָוועמבער 1943); אין סטאַ־לינער געביט (דעם 13טן נאָוועמבער 1943); אין דער שטאָט כאַרקאָוו און אין כאַרקאָווער גע־ביט (דעם 13טן דעצעמבער 1943); אין דער שטאָט קיִעוו (דעם 1טן מאַרץ 1944); אין דער שטאָט נאָווגאָראָד און אין נאָווגאָראָדער ראַיאָן, לענינגראַדער געביט (דעם 5טן מײַ 1944); אין שטאָט ראָוונע און אין ראָוונער געביט (דעם 7טן מײַ 1944); אין דער שטאָט אָדעס און אין אָדעסער געביט (דעם 14טן יוני 1944); אין דער קאַרעליש־פֿינישער סס"ר (דעם 18טן אויגוסט 1944); אין דער שטאָט מינסק (דעם 20סטן סעפּטעמבער 1944); אין דער עסטלאַנדי־שער סס"ר (דעם 26סטן נאָוועמבער 1944); אין דער ליטווישער סס"ר (דעם 20סטן דעצעמבער 1944); אין לעמבערגער געביט (דעם 23סטן דעצעמבער 1944); און אין דער לעטישער סס"ר (דעם 5טן אַפּריל 1945), די מעלדונגען נומ' 1, 3, 4, 6 זײַנען אַרײַנגענומען אינעם זאַמלבוך *Soviet War Documents,* pp. 158–165, 171–195.

[7] פּראַוודאַ פֿון 7טן מײַ 1945.

[8] וועגן די דירעקטיוון פֿון דער היטלערישער רעגירונג און מיליטער־קאָמאַנדע צו פֿאַר־טיליקן סאָוועטישע קריגס־געפֿאַנגענע און פֿרידלעכע בירגערס (דעם 11טן מאַרץ 1944); וועגן פֿאַרטיליקן סאָוועטישע מענטשן דורך אָנשטעקן זיי מיט פֿלעקטיפֿוס (דעם 30סטן אַפּריל 1944); וועגן פֿאַרטיליקן סאָוועטישע קריגס־געפֿאַנגענע (דעם 3טן אויגוסט 1944); וועגן חרובֿ מאַכן קולטור־ווערטן (דעם 26סטן יוני 1943, דעם 30סטן אויגוסט און 3טן סעפּטעמבער 1944), און

די סך־הכּלדיקע מעלדונג וועגן דעם מאַטעריעלן שאָדן, וואָס עס האָבן גורם געווען די אָקופּאַנטן (דעם 13טן סעפּטעמבער 1945).

[9] פּראַווּדאַ פֿון 5טן אויגוסט 1943.

[10] פּראַווּדאַ פֿונעם 16טן ביזן 20סטן דעצעמבער 1943.

[11] פּראַווּדאַ פֿון 20סטן דעצעמבער 1943. וועגן דעם, אַז אין די באַראַקן אויף דער טעריטאָריע פֿונעם כאַרקאָווער טראַקטאָרן־זאַוואָד האָט מען פֿאַרשפּאַרט די כאַרקאָווער ייִדן, זען ביי ערענבורגן, מערדער פֿון פֿעלקער, 1טע זאַמלונג. מאָסקווע, 1944, ז׳ 11 און ווייטער.

[12] Вестник Академии Наук СССР, 1944, № 1-2, стр. 59-60.

[13] פּראַווּדאַ פֿון 2טן אויגוסט 1944.

[14] פּראַווּדאַ פֿון 6טן אויגוסט 1944.

[15] פּראַווּדאַ פֿון 17טן אויגוסט 1944.

[16] פּראַווּדאַ פֿון 5טן אויגוסט 1944.

[17] פּראַווּדאַ פֿון 6טן און 17טן מאַרץ 1944.

[18] וועגן אַמנעסטיע האָט באַריכות גערעדט כרושטשאָוו אין דער פֿריִער דערמאָנטער רעדע אינעם זעכסטן סאָוועט פֿון דער אוקראַיִנישער סס״ר.

קאַפּיטל זיבן

# אין די ניט־פֿאַרנומענע געביטן פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד

## II. די טרויעריקע לאַגע פֿון די ייִדן אין די מלחמה־יאָרן

די עקשנות פֿון דער סאָוועטישער מאַכט בײַם פֿאַרשווײַגן די היטלערישע פּאָליטיק פֿון ייִדן־אויסראָטונג איז שוין אַליין פֿאַר זיך געווען אַן אַלאַרמירנ־דיקער סימפּטאָם. אויב מע זאָל ניט דערקלערן אָט דאָס פֿאַרשווײַגן מיט אַן אַקטיוון אַנטיסעמיטיזם פֿון דער קאָמוניסטישער אָנפֿירונג גופֿא, וואָס אויף דעם זײַנען ניטאָ קיין גענוגנדיקע יסודות, דעמאָלט דרינגט פֿון זיך אַליין אַרויס אַזאַ אויספֿיר פֿון די פֿריִער געבראַכטע פֿאַקטן: דאָס, וואָס מע האָט אַזוי עקשנות־דיק ניט דערציילט דעם אמת וועגן דעם היטלערישן אַנטיסעמיטיזם, זאָגט עדות, ווי טיף די אָנפֿירנדיקע סאָוועטישע קרײַזן האָבן געפֿילט, אַז דאָס פֿאַרשווײַגן די היטלערישע רציחות בנוגע די ייִדן וועט ניט אַרויסרופֿן קיין אומצופֿרידנקייט אין לאַנד. דער היטלערישער אַנטיסעמיטיזם קען אָבער יאָ געפֿינען אַ סימפּאַ־טישן אָפּקלאַנג אין געוויסע מער אָדער ווייניקער באַדײַטיקע קרײַזן פֿון דער באַפֿעלקערונג. אין אָט דער פּאָליטיק האָט געפֿונען זײַן אויסדרוק די שווײַגנדיקע אָנערקענונג פֿון דער השפּעה פֿונעם אַנטיסעמיטיזם אויף די שטימונגען פֿון אַ באַדײַטיקן טייל באַפֿעלקערונג פֿון לאַנד.

### דער וווּקס פֿון אַנטיסעמיטיזם

אמת, ס'איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו דערווײַזן, ווי ווײַט ס'איז געווען פֿאַר־שפּרייט דער אַנטיסעמיטיזם אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, ספּעציעל ווען די סאָוועט־טישע פּרעסע האָט וועגן דעם ניט געשריבן. אָבער עס איז פֿאַראַן אַ היפּשע צאָל אומדירעקטע באַווײַזן פֿון זייער אַ באַדײַטיקער השפּעה פֿונעם אַנטיסעמיטיזם אויף דער באַפֿעלקערונג.

עס איז גוט באַוווּסט, אַ שטייגער, וואָס פֿאַר אַ ראָלע עס האָט געשפּילט אין דער היטלערישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע אויפֿן פֿראָנט דער אַרגומענט, אַז ייִדן דרייען זיך אַרויס פֿון צו באַטייליקן זיך אין פֿראָנט־אָפּטיילונגען. די

דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע איז דערגאַנגען צום סאָוועטישן מיליטער אויפֿן פֿראָנט און דאָרט — און שפּעטער אויך אין הינטערלאַנד — האָט מען זיך צו איר גוט צוגעהערט. אַז די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך געשטיצט אויף שקר, קען ניט אַרויסרופֿן קיין ספֿקות. געגוג צו זאָגן, אַז ביזן 5טן אָקטאָבער 1942 איז צווישן 185,113 דעקאָרירטע מיט אָרדנס און מעדאַלן פֿאַרן אָנטיילנעמען אין מלחמה־אַקציעס געווען 5,163 ייִדן, און ייִדן זײַנען געשטאַנען אויפֿן פֿערטן אָרט צווישן אַלע נאַציאָנאַליטעטן פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד[1] (צווישן דער גאַנצער באַפֿעלקערונג פֿון פֿסס״ר, לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1939, זײַנען זיי געשטאַנען אויפֿן זיבעטן אָרט); זיי האָבן אויסגעמאַכט 2.8% פֿון אַלע דעקאָרירטע (בשעת אינעם צוזאַמענשטעל פֿון דער באַפֿעלקערונג האָבן די ייִדן אויסגעמאַכט נאָר 1.8%). לויט דער נאַציאָנאַליטעטן־אָנגעהעריקייט פֿון די דעקאָרירטע אין דער רויטער אַרמיי פֿון אָנהייב מלחמה בין 1טן דעצעמבער 1944 האָבן ייִדן פֿאַרנומען דאָס פֿינפֿטע אָרט צווישן די פֿעלקער אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד (נאָך רוסן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן און טאָטערן), און די אַלגעמיינע צאָל דעקאָרירטע ייִדן האָט צו דעם דאָזיקן מאָמענט דערגרייכט 59,003 און די צאָל ייִדן, וואָס זײַנען אויסגעצייכנט געוואָרן פֿון אָנהייב מלחמה ביזן 1טן אָקטאָבער 1944 מיטן טיטל העלד פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט באַטראָפֿן 52.[2] אָבער די קלאַנגען, וואָס איז געווען ברייט פֿאַרשפּרייט סײַ אין דער אַרמיי, סײַ אין הינטערלאַנד, אַז ייִדן דרייען זיך אַרויס צו באַטייליקן זיך אין די קאַמפּס־אָפּטיילונגען, האָט מען ניט אָפּגעלייקנט אין דער סאָוועטישער פּרעסע. ס׳איז אַפֿילו געווען נאָך ערגער: די סאָוועטישע פּרעסע האָט גאָר פֿאַרקלענערט און אַ מאָל פּשוט פֿאַרבאַהאַלטן די ראָלע פֿון ייִדן אויפֿן פֿראָנט.[3]

אין די מערבֿ־לענדער, באַזונדערס אין אַמעריקע, איז אַ סך מענטשן שווער געווען אין דעם צו גלייבן. אַ סך מענטשן דערמאָנען זיך נאָך, ווי אָפֿט זיי פֿלעגן לייענען בשעת דער מלחמה אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּרעסע די קאָמוניקאַטן פֿונעם אומאָפּהענגיקן ייִדישן פּרעסע־ביוראָ פֿון קויבישעוו און מאָסקווע וועגן דעם, אַז די סאָוועטישע פּרעסע האָט פֿאַרעפֿנטלעכט די נעמען פֿון די און די ייִדן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין שלאַכטן, באַזונדערס אונטערשטרײַכנדיק זייער ייִדישקייט.[4] דאָס איז געווען אמת נאָר פֿאַרמעל. די סאָוועטישע פּרעסע, וואָס וועגן איר האָט זיך דאָ געהאַנדלט, דאָס איז געווען בסך־הכּל די ייִדישע אייניקייט (וואָס דאָס האָט מען קיין מאָל ניט אָנגעוויזן אין די טעלעגראַמעס), אָבער ניט די רוסישע צייטונגען פּראַוודאַ, איזוועסטיאַ און קראַסנאַיאַ זוועזדאַ האָבן וועגן דעם געשריבן.

אָבער נאָך מער. די ראָלע פֿון ייִדן אין דער מלחמה האָט מען סיסטעמאַטיש פֿאַרהוילט. ווי אַ בולטער מוסטער פֿון דער דאָזיקער פּאָליטיק קען, למשל, דינען דער שטאַרק פּאָפּולער געוואָרענער עסיי פֿון וואַסילי גראָסמאַן „דאָס פֿאָלק איז אומשטערבלעך״, געשריבן ווינטער 1941־1942.[5] דאָ איז מיט גרויס אויפֿריכטיקייט און עמאָציאָנעלקייט באַשריבן געוואָרן דאָס צוריקציִען זיך פֿון דער רויטער אַרמיי אין די ערשטע מלחמה־חדשים. די אַקציע קומט פֿאָר אינעם ראַיאָן פֿון האָמעל, אין אַ געגנט מיט זייער אַ באַדײַטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג.

אין דער צוריקטרעטנדיקער אַרמיי איז נאַטירלעך געווען אַ היפּשע צאָל ייִדן, פֿאַרן לייענער גייען דורך אַ סך פּערסאָנאַזשן: זעלנערס, אָפֿיצערן, פּאָליטישע טוערס, מעדיצינישע אַרבעטערס — אַלץ לעבעדיקע געשטאַלטן מיט נעמען און אינדיווידועלע שטריכן, אָבער צווישן זיי איז ניטאָ קיין איין ייִד. איבעריקנס ווערט אויך צווישן דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג נאָר איין מאָל דערמאָנט אַ ייִד, בשעת דער מחבר דערציילט, ווי אַזוי זעלנערס טראָגן אַרויס אויף אַ צונויפֿגעלייגט בעטל אַ ייִדישן זקן פֿון אַ ברענענדיק הויז.[6] אויב אַזוי האָט געשריבן גראָסמאַן, וואָס פֿילט זייער שאַרף די ייִדישע טראַגעדיע[7] און איז אַגבֿ אַליין אַ האַלבער ייִד, הייסט עס, אַז אַזאַ איז געווען דער אָבליגאַטאָרישער דירעקטיוו. שפּעטער איז דער דאָזיקער דירעקטיוו משמעות אַ ביסל ווייכער געוואָרן, און בײַ דעם זעלבן גראָסמאַנען אין זײַנען שפּעטערדיקע עסייען באַגעגנט מען אַ מאָל צווישן מיליטער־לײַט אויך ייִדישע נעמען. אָבער די הויפּט־טענדענץ איז געבליבן אומפֿאַרענדערט און, למשל, אין קאָנסטאַנטין סימאָנאָווס בוך טעג און נעכט (רוסיש), וואָס שילדערט די סטאַלינגראַדער עפּאָפּעע און איז אָנגעשריבן אין 1943־1944, איז צווישן דער ריזיקער צאָל פֿאַמיליעס פֿון זעלנערס, אָפֿיצערן, פּאָליטישע טוערס א״אַ ווידער ניטאָ קיין איין ייִדישער נאָמען.

צו די אומדירעקטע סימפּטאָמען פֿונעם אַנטיסעמיטיזם אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד וועלן מיר זיך נאָך אומקערן. איצט מוז מען זיך אָפּשטעלן אויף אייניקע דירעקטע עדות וועגן אַנטיסעמיטיזם אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אין די מלחמה־יאָרן. אמת, זיי שטאַמען כּמעט אַלע פֿון ייִדן, וואָס זײַנען אין דער דאָזיקער פֿראַגע דער געליטענער צד און וואָס זיי איז דעריבער שווער ריכטיק אָפּצושאַצן די גרייס פֿונעם אַנטיסעמיטיזם לויט זייערע דירעקטע אײַנדרוקן. מיר זײַנען דעריבער גרייט לכתּחילה צו אָנערקענען, אַז דאָס בילד, וואָס שאַפֿט זיך פֿון די דאָזיקע גבֿית־עדות, נייטיקט זיך אין אַ געוויסן קאָרעקטיוו, דער עיקר וועגן כּמות, ווייניקער וועגן איכות. דאָס איז אונדז מחייבֿ צו זײַן פֿאָרזיכטיק אין אויספֿירן, אָבער מאַכט לגמרי ניט אוממעגלעך אָט די אויספֿירן.

אַזעלכע גבֿית־עדות איז דאָ זייער אַ סך. צום טייל זײַנען זיי שייך צו געביטן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די אָקופּאַציע און וואָס אַהין האָבן זיך אָנגעהויבן אומצוקערן נאָך דער באַפֿרײַונג — טיילווײַז שוין אין 1943 — די עוואַקויִרטע און אַנטלאָפֿענע. דאָ — באַזונדערס אין אוקראַיִנע — האָט די דײַטשע אָקופּאַציע איבערגעלאָזט טיפֿע שפּורן אין דער געזעלשאַפֿטלעכער פּסיכיק, און די צוריקגעקומענע ייִדן האָבן זיך אָפֿט מאָל אָנגעשויסן אויף אַ זייער שאַרפֿן אַנטיסעמיטיזם. עס איז אָבער דאָ אַ סך גבֿית־עדות אויך וועגן אַנטיסעמיטיזם אין טיפֿן סאָוועטישן הינטערלאַנד, טויזנטער קילאָמעטער ווײַט פֿון פֿראָנט — אין קאַזאַכסטאַן, אוזבעקיסטאַן, מערבֿ־סיביר. אויך אַהין זײַנען דערגאַנגען אָפּקלאַנגען פֿון דער היטלערישער פּראָפּאַגאַנדע, באַזונדערס ווען עס האָבן אַהין אַ פֿלייץ געטאָן פֿון פֿראָנט מאַסן פֿאַרוווּנדעטע און מלחמה־אינוואַלידן. אויף דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון אַנטיסעמיטיזם האָט אויך שאַרף געווירקט די קאָנצענטראַציע אין די דאָזיקע ראַיאָנען פֿון אַ גרויסער צאָל פּוילישע ייִדן, אַרויסגעריסענע פֿון די טראַדיציאָנעלע באַדינגונגען, אַריבערגעוואָרפֿענע אין אַ נײַער,

עקאָנאָמיש און סאָציאַל פרעמדער סבֿיבֿה. די דאָזיקע סבֿיבֿה האָט זיי טאַקע באַטראַכט ווי אַ פרעמדן קערפּער.

י. ג. גליקסמאַן, וואָס האָט אין די מלחמה־יאָרן געלעבט אַרום דרײַ יאָר אין סאָוועטן־פאַרבאַנד (אין תּפֿיסות, לאַגערן און די ערטער, ווו ס'האָבן זיך געפֿונען פּוילישע פאַרשיקטע און פּליטים), אַ געוועזענער וואַרשעווער אַדוואָקאַט און אַ פאָרזיכטיקער אָבסערוואַטאָר, וואָס איז ניט נוטה צו קיין גוזמאות, האָט אין זײַן באַריכט, וואָס ער האָט צוגעשטעלט דעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט וועגן דעם גורל פון פּוילישע ייִדן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אין די מלחמה־יאָרן אַזוי געשריבן וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס פּוילישע ייִדן האָבן זיך אויף אים אָנגעשטויסן אין מיטל־אַזיע:

> די דעפּאָרטירטע [פּוילישע ייִדן] פלעגן זיך צונויפטרעפן אויף דער אַרבעט מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג — רוסן, אוקראַיִנער, טאָטערן און אַנדערע, אויך פאַרשיקטע אָדער פרײַע. יענע זײַנען אָפט מאָל געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט און פלעגן זיך באַמיִען צו שטערן די ייִדן אין דער אַרבעט און צו פאַרשאַפן זיי נענוג צרות. דער רעלאַטיוו נידעריקער פּראָדוקטיוויקייט־ניוואָ פון דער אַרבעט פון די דעפּאָרטירטע ייִדן — אַ פּועל־יוצא פון פיזישער אויסשעפּונג און ניט־געניטקייט — איז אין די אויגן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג געווען אַ באַווײַז, אַז ייִדן ווילן זיך ניט פאַרנעמען מיט פיזישער אַרבעט, וואָס דאָס איז כּלומרשט אַ כאַראַקטער־שטריך בײַ ייִדן. אַזאַ איז אָפט מאָל אויך געווען די מיינונג פון דירעקטאָרן פון פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, ווו עס האָבן געאַרבעט די דעפּאָרטירטע. אַ מאָל פלעגן אויך די העכערע אָנגעשטעלטע פון צווישן דער פרײַער רוסישער באַפעלקערונג זיך באַציִען צו ייִדן מיט אַ ניט קיין באַהאַלטענער פײַנדלעכקייט, באַשטימענדיק זיי אויף דער שווערסטער אַרבעט.[8]

אָבער ניט בלויז פּוילישע ייִדן, נאָר אויך די סאָוועטישע ייִדן, וואָס זײַנען עוואַקויִרט געוואָרן טיף אין לאַנד אַרײַן, האָבן אָפט מאָל געפילט אַ פײַנדלעכע באַציִונג מצד דער אָרטיקער באַפעלקערונג. דאָ איז געקומען צום אויסדרוק אַן אַלטע מכּה, וואָס האָט זיך פאַרשאַרפט אין די באַדינגונגען פון אַ שאַרפער פאַרערגערונג פון די אַלגעמיינע עקסיסטענץ־באַדינגונגען פון דער באַפעלקערונג אין די מלחמה־יאָרן און איז בלויז קאָמפּליצירט געוואָרן דורך דער כאַראַקטעריסטישער אַרגומענטאַציע פון דער מלחמה־צײַט. גליקסמאַן האָט וועגן דעם געשריבן אין זײַן באַריכט:

> בשעת דער לעצטער מלחמה איז דער אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד שטאַרק אויסגעוואַקסן. מע האָט אומגערעכט פאָרגעוואָרפן די ייִדן, אַז זיי דרייען זיך אַרוים פון מיליטער־דינסט און באַזונדערס פון גיין אויפן פראָנט. אין דער דאָזיקער צײַט האָבן זיך אויך באַמערקט פאַלן פון באַליידיקן ייִדן, סטראַשען זיי, אַרויסוואַרפן ייִדן פון ברויט־רייען אאַז״וו.[9]

ס'איז אָבער אויך געווען משמעות נאָך אַ סיבה פונעם וווּקס פון אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין די ראַיאָנען, וווּהין עס איז געגאַנגען דער עוואַקואַציע־

שטראָם. דאָ האָט זיך אין אַ פֿאַרבאָרגענער פֿאָרעם מאַניפֿעסטירט דער אַנטאַ־גאָניזם צווישן דער באַפֿעלקערונג אין דער פּראָווינץ און דעם פּריווילעגירטן טייל פֿון דער ביוראָקראַטיע אין די צענטערס פֿון לאַנד. די עוואַקואַציע פֿון אינסטיטוט פֿון די דאָזיקע צענטערס אין טיפֿן הינטערלאַנד האָט געגעבן אַ מעג־לעכקייט דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג זייער באַשײַמפּערלעך צו דערפֿילן אָט דעם סאָציאַלן קאָנטראַסט. די פּריווילעגירטע שיכט האָט, אמת, אויסגעמאַכט נאָר אַ קליינעם מיעוט צווישן די עוואַקוּירטע, און יידן זײַנען געווען גאָר אַ קליינער מיעוט אין דער פּריווילעגירטער שיכט. אָבער ווען עס איז ניט מעגלעך אָפֿן אַרויסצווײַזן די געזעלשאַפֿטלעכע אומצופֿרידנקייט, זוכט אָט די אומצופֿרידנקייט זיך אויסצודריקן אויף הינטערוועגן און — אַזאַ איז שוין די מעכאַניק פֿון דעם דאָזיקן ווייטאָגדיקן סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן פּראָצעס — זי געפֿינט איר אויסדרוק אין אַנטיסעמיטיזם. גליקסמאַן האָט דאָס ריכטיק פֿאַרצייכנט:

> אַז אַנדער גרופּע רוסישע יידן, וואָס האָט געהערט דער עיקר צו דער ביוראָקראַטיע און וואָס האָט אין איר רשות געהאַט באַדײַטיקע געלט־מיטלען, האָט אַרויסגערופֿן אַ פֿײַנדלעכקייט פֿון דער אָרטיקער באַפֿעל־קערונג פֿאַר אויפֿשרויפֿן די פּרײַזן אויפֿן פֿרײַען מאַרק, וואָס זײַנען במילא געווען זייער הויך.[10]

אויך אַנדערע עדות דערציילן וועגן אַנטיסעמיטיזם אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. אין די גבֿית־עדות פֿון יידישע פּליטים פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, וואָס מע האָט אויסגעפֿרעגט אין ניו־יאָרק זומער 1948, זײַנען דאָ אָפּטע אָנווײַזונגען אויפֿן אַנטיסעמיטיזם פֿון דער אָרטיקער סאָוועטישער באַפֿעלקערונג:

> די ניט־יידישע באַפֿעלקערונג פֿון טאַשקענט האָט ניט־פֿרײַנדלעך באַ־געגנט די יידן, וואָס מע האָט עקוואַקוּירט פֿון אוקראַינע. עס האָבן זיך דערהערט שטימען: „גיט נאָר אַ קוק אויף די דאָזיקע יידן. זיי האָבן אַלע אַ סך געלט" (ל)*.
>
> אינעם קאָלווירט ווו מע האָט אונדז באַזעצט, האָט מען אונדז לכתּחילה גוט אויפֿגענומען, ווײַל מע האָט געמיינט, אַז מיר זײַנען פּאָליאַקן. אָבער ווען די קאָלווירטניקעס האָבן זיך דערוווּסט, אַז מיר זײַנען יידן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מורמל: „יידן האָבן דערהרגעט קריסטוסן. יידן ווילן ניט פֿירן קיין מלחמה" (ק. ר.).
>
> אינעם שעפּסצוכט־קאָלווירט אין אַסטראַכאַנער ראַיאָן האָבן די קאָל־ווירטניקעס, באַזונדערס די יונגט פֿאַרזיכערט, אַז זיי ווייסן באַשטימט, אַז די שולד פֿאַר דער מלחמה טראָגן די יידן (x).[11]

אין אָט דער גרופּע גבֿית־עדות טיילן זיך באַזונדערס אויס די גבֿית־עדות וועגן אַנטיסעמיטיזם אין דער רויטער אַרמיי:

> מײַן ברודער האָט מיר דערציילט, אַז רוסישע זעלנערם אויפֿן פֿראָנט פֿלעגן אָפֿט ריידן וועגן דער עשירות פֿון די יידן, אַז זיי האָבן אַ סך געלט און אַז מע וואָלט זיי אַלעמען געדאַרפֿט דערהרגענען(ל).
>
> אין דער אַרמיי האָבן קליין און גרויס זיך באַמיט אײַנצורײדן מיר, אַז

*) די עדות ווערן אָנגעגעבן נאָר מיט איניציאַלן.

עס איז דאָ אַ סך ייִדן אין מינסק און מאָסקווע, אָבער אַז אויפֿן פֿראָנט איז גיטאָ קיין איין ייִד. „מיר מוזן מלחמה פֿירן פֿאַר זיי". אין אַ „פֿרײַנד־שאַפֿטלעכער" פֿאָרעם פֿלעגט מען מיר זאָגן: „איר זײַט אַ משוגענער. אַלע אײַעריקע זיצן אין דער היים אין זיכערקייט, ווי זשע קומט עס, אַז איר האָט זיך געפֿונען אויפֿן פֿראָנט?" (מ. ק.).[12]

די לעצטע גבֿית־עדות (מ. ק.) געהערט אַ פּוילישן ייִדן, וואָס איז אַוועקגעפֿאָרן פֿרײַוויליק קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד גלײַך נאָכן אָנקום פֿון סאָוועטישן מיליטער קיין מיזרח־פּוילן, איז שפּעטער אָנגעקומען אין דער רויטער אַרמיי, זיך אויס־געצייכנט און באַשטימט געוואָרן פֿאַר אַן אָפֿיצער, געווען צוויי מאָל פֿאַרוווּנדעט און האָט פֿאַרענדיקט די מלחמה אין דער פּוילישער אַרמיי פֿון בערלינג. דער זעלבער עדות גיט איבער זײַן שמועס מיט אַ סאָוועטישן אָפֿיצער:

איר זײַט אַ ייִד. איך אויך. איך בין פֿון בערדיטשעוו. אַ רוסישן פֿאַמיליע־נאָמען האָט מען מיר געגעבן אין דער אַרמיי. דאָס טוט מען איצט צוליב דעם, וואָס די מאַכט האָט מורא פֿאַר אַנטיסעמיטיזם אין דער אַרמיי.[13]

נאָך שאַרפֿער האָט זיך דער אַנטיסעמיטיזם מאַניפֿעסטירט אין אוקראַיִנע תּיכּף נאָך איר באַפֿרײַונג. אינעם בולעטין פֿונעם הילפֿס־קאָמיטעט בײַ דער ייִדישער אַגענטור איז געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אַ דערציילונג פֿון אַן אוקראַיִנישן ייִדן, וואָס איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון כאַרקאָוו פֿרילינג 1944, ווי בכלל פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, כּדי צו זוכן אַ וועג קיין ארץ־ישׂראל:

די אוקראַיִנער באַגעגענען די צוריקגעקומענע ייִדן פֿײַנדלעך. אין די ערשטע וואָכן נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון כאַרקאָוו האָט קיין ייִד זיך ניט געוואַגט אַרויסצוגיין אײנער אַליין בײַ נאַכט אין גאַס. דער מצבֿ האָט זיך פֿאַרבעסערט ערשט נאָך דער אַרײַנמישונג פֿון דער מאַכט, וואָס האָט פֿאַרשטאַרקט די פּאָליציי־פּאַטרולן אין שטאָט. עס זײַנען געווען אַ סך פֿאַלן פֿון שלאָגן ייִדן אויף די מאַרקפּלעצער, און איין מאָל האָט אַן אוקראַיִנער דערהרגעט אַ ייִדן אין מאַרק. אויפֿן אָרט פֿון פֿאַרברעכן האָט מען אַרויסגערופֿן פּאָליציי, אָבער די פּויערים, וואָס זײַנען בײַגעווען בײַם מאָרד, האָבן אָנגעהויבן אַ מחלוקה מיט דער פּאָליציי. מע האָט זיי אַלעמען אַרעסטירט צוזאַמען מיטן מערדער. אין קיִעוו האָט מען דער־הרגעט 16 ייִדן בשעת אַ פּאָגראָם, וואָס איז אַרויסגערופֿן געוואָרן צוליב דעם, וואָס אַ פֿרוי האָט דערהרגעט אַ רוסישן אָפֿיצער. די פֿרוי האָט מען געמיינט איז אַ ייִדישע.

ייִדן, וואָס קערן זיך אום אין זייערע דירות, באַקומען צוריק נאָר אַ קליי־נעם חלק פֿון זייערע זאַכן. אויב זיי ווײַזן אָן אויף אוקראַיִנער אין געריכט, ווערן יענע אונטערגעהאַלטן פֿון אַנדערע אוקראַיִנער, וואָס גיבן אָפּ אין געריכט פֿאַלשע גבֿית־עדות.

די אוקראַיִנישע מאַכט איז אין אַ גרויסער מאָס פֿאַרסמט פֿון אַנטיסעמי־טיזם. די וואַנדערונגען פֿון ייִדן באַטראַכט מען ניט ווי געהעריק. ווען דער קאָמערץ־אינסטיטוט האָט זיך אומגעקערט פֿון כאַרקאָוו קיין קיִעוו, האָבן ייִדישע פּראָפֿעסאָרן געבעטן אַ דערלויבעניש אויך אַהין צו פֿאָרן. זייער בקשה האָט מען אָפּגעזאָגט. זיי האָבן זיך געווענדט צום פֿאָרזיצער

> פֿונעם סאָוועט [פֿונעם פּרעזידיום פֿון העכסטן סאָוועט פֿון אוסס"ר], אָבער האָבן ניט באַקומען קיין שום תּשובֿה. דער ייִדישער טעאַטער האָט ניט באַקומען קיין דערלויבעניש צוריקצוקומען קיין כאַרקאָוו. די ראַדיאָ־טראַנסמיסיע אין דער ייִדישער שפּראַך האָט מען ניט באַנײַט. דער אָפֿיציעלער ענטפֿער אויף אַלע ייִדישע טענות איז אַז דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס די דײַטשן האָבן מיט אים פֿאַרסמט דעם באַוווסטזײַן פֿון דער באַפֿעלקערונג, קען מען אויסוואָרצלען נאָר בהדרגה...[14]

וועגן דער פֿײַנדלעכער אַטמאָספֿער בנוגע ייִדן אין אוקראַיִנע נאָך דער באַפֿרײַונג האָט זיך אָפּגעהיט די גבֿית־עדות פֿון מאַריע כעלמינסקי, אַ פּויליש־ייִדישע קאָמוניסטקע, וואָס האָט דורכגעלעבט אויף אַרישע אוקראַיִנישע פּאַפּירן אַלע אָקופּאַציע־יאָרן אין קיִעוו און איז דאָרט פֿאַרבליבן אויך במשך פֿון די ערשטע חדשים נאָך דער באַפֿרײַונג (זען קאַפּיטל V, צווייטער טייל).

## דאָס אָפּשטאַרבן פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן און קולטורעלן לעבן

דאָס ייִדישע נאַציאָנאַלע לעבן, אויף וויפֿל עס האָט נאָך עקסיסטירט אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד פֿאַר דער מלחמה, האָט זיך אַנטוויקלט דער עיקר אין די ראַיאָנען פֿון דער קאָנצענטרירטער ייִדישער באַפֿעלקערונג, ד"ה אין אוקראַיִנע און אין ווײַסרוסלאַנד. אָבער גראָד אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד זײַנען בשעת דער מלחמה פֿולשטענדיק אָקופּירט געוואָרן פֿון די היטלערישע אַרמייען און די ריזיקע מערהייט פֿון זייער ייִדישער באַפֿעלקערונג איז אומגעבראַכט געוואָרן. צוזאַמען מיט דער ייִדישער באַפֿעלקערונג זײַנען אומגעקומען אויך די מאַטעריעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע עלעמענטן פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן: די ייִדישע פּרעסע, די ייִדישע שול, די ייִדישע ביבליאָטעקן, די ייִדישע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָלאָניעס, די ייִדישע סאָוועטן, די ייִדישע ראַיאָנען. זייער ווייניק איז געראַטעוועט געוואָרן און איז אַריבער צוזאַמען מיטן געראַטעוועטן טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג אויף מיזרח. דאָס איז שייך דער עיקר צום ייִדישן טעאַטער. אַזוי, למשל, איז דער מינסקער ייִדישער טעאַטער כּלומרשט עוואַקויִרט געוואָרן קיין נאָוואָסיבירסק,[17] דער קיִעווער — קיין דזשאַמבול,[18] דער לעמבערגער קיין אַלמאַ־אַטאַ.[19] מן הסתּם האָבן אין אָט די אַלע פֿאַלן נאָך געוויסע טיילן פֿון מינסקער, קיִעווער און לעמבערגער ייִדישע טעאַטער־אַנסאַמבלען זיך פֿאַראייניקט אין די מיזרח־ערטער און געשאַפֿן ייִדישע טעאַטערס. וואָס שייך דער ייִדישער פּעריאָדישער פּרעסע און ייִדישע פֿאַרלאַגן, האָט מען פֿון אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד קיין זאַך ניט עוואַקויִרט. נאָר פֿון מאָסקווע האָט מען דעם פֿאַרלאַג „עמעס" עוואַקויִרט קיין קויבישעוו, ווו ער האָט ממשיך געווען זײַן אַרבעט אויף אַ ביז גאָר פֿאַרשמעלערטער באַזע. און וועגן עקוואַקויִרן ייִדישע שול־אינסטיטוציעס איז אין ערגעץ פּשוט קיין רייד ניט געווען.

אמת, אויפֿן מיזרח האָבן זיך געשאַפֿן נײַע צײַטווײַליקע צענטערס פֿון ייִדישער קאָנצענטראַציע, אָבער קיין נאַציאָנאַל ייִדיש לעבן איז דאָרט כּמעט ווי ניט געווען. דאָס איז סותר די ידיעות, וואָס זײַנען טאַקע אָפֿט מאָל פֿאַרעפֿנטלעכט געווען אין דער ייִדישער פּרעסע אין אויסלאַנד. כּדי צו באַווײַזן, אַז די

גאַנצע מעשׂה וועגן אַ ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן און נאַציאָנאַלן לעבן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד בשעת דער מלחמה איז געווען אויסגעטראַכט, ווען מיר זיך בלויז פֿאַררופֿן אויפֿן ארץ־ישׂראלדיקן זשורנאַליסט שלמה יצחקי, וואָס האָט זיך, בכלל גענומען, באַצויגן מיט אַ סך צוטרוי צו די ידיעות, וואָס האָבן געשילדערט די ייִדישע פּאָליטיק פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג.[20] האַרבסט 1942 האָט זיך יצחקי באַגעגנט אין ארץ־ישׂראל מיט זײַנעם אַ פֿרײַנד, אַ געוועזענעם פּראָמינענטן ייִדישן זשורנאַליסט אין פּוילן, וואָס האָט אין די יאָרן 1941־1942 פֿאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּאָסטן אינעם פּוילישן קאָנסולאַט אין קויבישעוו און פֿלעגט אין יענער צײַט אויך באַזוכן די סאָוועטישע מיטל־אַזיע. ער האָט דערציילט יצחקין, אַז שכנא עפּשטיין, וועמען יצחקי שטעלט פֿאָר דעם לייענער ווי „דעם ייִדישן קולטור־פֿירער", „האָט געזאָגט אין טאַשקענט, אַז אין אַלע ראַיאָנען, וווּהין מע האָט עוואַקויִרט ייִדן, עקסיסטירן אַ סך ייִדישע נאַציאָנאַלע טעאַטערס; ביכער אין ייִדיש האָט מען פֿאַרעפֿנטלעכט אַפֿילו אין 1942; ייִדישע שולן אַרבעטן נאָרמאַל אין סיביר און אוזבעקיסטאַן". ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס אַלץ איז ניט אמת:

> מײַן פֿרײַנד דער זשורנאַליסט־דיפּלאָמאַט האָט באַשלאָסן אויסצופֿאָרשן די זאַך, און אָט וואָס ער האָט געפֿונען. ס'איז אמת, אַז אין טאַשקענט און אין בוכאַרע האָט מען געגעבן פֿאָרשטעלונגען אין די ייִדישע נאַציאָנאַלע טעאַטערס, אָבער די פֿאָרשטעלונגען זײַנען אין רוסיש; מע האָט טאַקע אַרויסגעגעבן אַ האַלבן מיליאָן עקזעמפּלאַרן אין ייִדיש, אָבער דאָס בוך איז סטאַלינס נײַע ביאָגראַפֿיע; מע האָט טאַקע געעפֿנט עטלעכע ייִדישע שולן אין די ווײַטע געגנטן, אָבער די לימודים זײַנען אין רוסיש; מע האָט ניט אַרויסגעגעבן קיין איין־איינציקע ייִדישע צײַטונג במשך פֿון מער ווי אַ יאָר אַזוי״ו.[21]

אָט האָט זיך אָבער די מלחמה גענומען אַלץ ווײַטער אַוועקרוקן אויף מערבֿ. עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַפֿרײַונג פֿון די אָקופּירטע מערבֿ־געביטן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. פּליטים און עוואַקויִרטע האָבן זיך אַ ציִ געטאָן צו די היימישע ערטער, פֿון די וועלדער זײַנען אַרויס די באַהאַלטענע און על־פּי־נס לעבן־געבליבענע ייִדן, און אין די אַלטע צענטערס פֿון דער ייִדישער קאָנצענטראַציע האָבן זיך ווידער באַוויזן געוויסע קאָמפּאַקטע מאַסן ייִדן, טאַקע אַ סך קלענערע ווי אַ מאָל, אָבער דערפֿאַר מיט אַ סך אַ בולטער אויסגעדריקטן געפֿיל פֿון זייער ייִדישקייט, וואָס האָט זיך פֿאַרשאַרפֿט אין רעזולטאַט פֿון די שרעקלעכע איבערלעבונגען פֿון די לעצטע יאָרן. ציִ האָט זיך דאָרט צוריקגעשטעלט דאָס ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע לעבן כאָטש אויף אַ באַשיידנסטן פֿאַרנעם?

די גאַנצע האָפֿענונגסלאָזיקייט פֿון דער לאַגע איז באַזונדערס בולט געקומען צום אויסדרוק, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער ייִדישער שול און דער ייִדישער פּרעסע. דאָס דרינגט מיט פֿולער קלאָרקייט אַרויס פֿונעם בריוו, וואָס מיט אים האָט שמערל קאַטשערגינסקי זיך געווענדט (פֿון פּאַריז) צו יעקבֿ לעשצינסקין, זיך אָפּרופֿנדיק אויף יענעמס אַרטיקל. קאַטשערגינסקי, אַ יונגער,

אָבער שוין באַקאַנטער ייִדישער שרײַבער פֿון ווילנע, האָט פֿאַרבראַכט אַלע אָקופּאַציע־יאָרן צום טייל אין ווילנער געטאָ, צום טייל אין אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אין ווילנער געגנט. און נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון ווילנע דורך דער סאָוועטישער אַרמיי (אין יולי 1944) האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם דאָרטיקן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. אינעם דערמאָנטן בריוו האָט ער דערציילט וועגן די שוועריקייטן, אויף וועלכע עס האָבן זיך אָנגעשטויסן די פּרוּוון צוריק אויפֿצושטעלן אין ליטע ייִדישע שולן:

נאָך לאַנגע אינטערווענצן בײַ דער צענטראַלער סאָוועטישער און פּאַרטייִשער מאַכט אין ליטע איז אונדז ענדלעך געגעבן געוואָרן אַ דערלויבעניש צו עפֿענען אין ווילנע און אין קאָוונע צו איינציקע ייִדישע שולן צו פֿיר קלאַסן אין יעדערער (כאָטש ייִדישע קינדער זײַנען שוין דאַן געווען אין די ביידע שטעט מער ווי אויף צוויי שולן) ... נאָכן ענדיקן פֿון שול־יאָר זײַנען מיר אַוועק צום נאַרקאָמפּראָס (בילדונגס־קאָמיסאַר) זיוגזדאַ און צו זײַן פֿאַרטרעטער מיעשקאָושקיענע נאָך אַ דערלויבעניש אויף עפֿענען צום נײַעם שול־יאָר אַ 5טן קלאַס פֿאַר די קינדער, וועלכע האָבן געענדיקט דעם 4טן קלאַס. ווי גרויס איז געווען אונדזער איבערראַשונג, ווען די ביידע מלוכה־מענער האָבן אונדז די דערלויבעניש ניט געגעבן. עס האָבן אויך ניט געהאָלפֿן אונדזערע אינטערווענצן וועגן דעם ענין אין צענטראַלן קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי אין מאָסקווע. דער מאָטיוו איז געווען: „די פֿיר קלאַסן זײַנען אײַך דערלויבט געוואָרן נאָר דערפֿאַר, ווײַל קיין אַנדער שפּראַך ווי די ייִדישע האָבן די קינדער ניט געקענט. קוים אָבער ענדיקן זיי די פֿיר קלאַסן פֿון דער ייִדישער שול, וווּ מע לערנט אין אַ גרויסער מאָס רוסיש און ליטוויש, קענען שוין דאַן די קינדער באַזוכן ליטווישע אָדער רוסישע שולן.[22]

אין דעם זעלבן בריוו האָט קאַטשערגינסקי באַרירט אויך די פֿראַגע פֿון דער ייִדישער פּרעסע:

חדשים לאַנג בין איך מיט נאָך ייִדישע שרײַבערס אין ווילנע [אין 1945-1944] געלאָפֿן פֿון איין אַמט צום צווייטן, געווען אין די העכסטע אינסטאַנצן אין ליטע און מאָסקווע, כּדי צו פּועלן אַ דערלויבעניש אויף אַרויסצוגעבן כאָטש אַן איינמאָליקע אויסגאַבע אין ייִדיש (ייִדישע שריפֿט האָבן מיר באַקומען פֿון לענינגראַד, געשיקט פֿון מאָסקווער פֿאַרלאַג „עמעס"). אָבער אומעטום האָבן מיר באַקומען אַן אָפּזאָג. עס האָט אויך ניט געהאָלפֿן די פּערזענלעכע אינטערווענצן פֿון פֿעפֿערן און מיכאָעלסן (בעת מײַן זײַן אין מאָסקווע אין 1945) בײַ קאַגאַנאָוויטשן, מע זאָל דערלויבן אַרויסצוגעבן פֿאַר די ייִדן אין רוסלאַנד כאָטש איין ייִדישע טאָגצײַטונג און איין ייִדישן חודש־זשורנאַל. אויך די צוגעזאָגטע אינטערווענץ פֿון קאַגאַנאָוויטשן בײַ זשדאַנאָוון וועגן דעם ענין האָט, ווי מיר זעען פֿון די רעזולטאַטן, אויך קיין פּעולה ניט געבראַכט.

בשעת זײַנע באַמיִונגען אין מאָסקווע האָט קאַטשערגינסקי געפּרוּווט באַקומען אַן אונטערשטיצונג מצד דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, וואָס ער איז אים אויסגעקומען צו זײַן — ווי אַ סך האָבן געמיינט, באַזונדערס אין אויסלאַנד — עפּעס אַ געזעלשאַפֿטלעכער צענטער פֿונעם סאָוועטישן ייִדנטום. עס האָט אויף אים געוואַרט אַ ביטערע אַנטוישונג.

אויפֿן ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט מוז מען זיך אָפּשטעלן. דאָס פֿירט אונדז אַ ביסל אַוועק אָן אַ זײַט פֿון אונדזער טעמע וועגן דעם ייִדישן חורבן, אָבער דאָס בילד פֿון אָפּשטאַרבן פֿונעם ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן וואָלט געווען ניט פֿול, אויב מיר וואָלטן ניט באַרירט דעם סוראָגאַט פֿון אַ ייִדישער געזעלשאַפֿט־לעכער אָרגאַניזאַציע, וואָס עס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט דער ייִדישע אַנטי־פֿאַשיסטישער קאָמיטעט.

## דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט

די געשיכטע פֿון אויפֿקום פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט הייבן די שפּעטערדיקע קאָמוניסטישע מקורים אָן פֿון 24סטן אויגוסט 1941, ווען אין מאָסקווע איז פֿאָרגעקומען דער אַזוי גערופֿענער מיטינג פֿון די פֿאָרשטייערס פֿון ייִדישן פֿאָלק. אַ גענויער באַריכט פֿון דעם מיטינג איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער צײַטונג פּראַוודאַ פֿון 25סטן אויגוסט, אָבער אין דעם גאַנצן באַריכט איז ניטאָ קיין איין וואָרט, וואָס זאָל דערלויבן צו זאָגן, אַז די אָרגאַניזאַטאָרן פֿונעם מיטינג אָדער עמעצער פֿון זײַנע באַטייליקטע האָבן זיך בעת מעשׂה פֿאַר־טראַכט וועגן דער פֿראַגע צו גרינדן אַוואָסער ניט איז ייִדישן קאָמיטעט. דער מיטינג האָט אָנגענומען אַן אויפֿרוף צו די ייִדן פֿון דער גאָרער וועלט. אין דעם אויפֿרוף ווערן גערופֿן די ייִדן זיך ניט מיאש צו זײַן און צו נעמען דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין דער מלחמה קעגן היטלער־דײַטשלאַנד.

די פֿראַגע פֿון אָרגאַניזירן אַ ייִדישן קאָמיטעט איז אויפֿגעקומען אַ ביסל שפּע־טער, און די איניציאַטיוו פֿון זײַן שאַפֿן האָט געהערט צו די פֿירערס פֿון פּוילישן „בונד“, הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער, וואָס זײַנען אָנהייב סעפּטעמבער אַרויסגעלאָזט געוואָרן פֿון אַ מאָסקווער תּפֿיסה. עס זײַנען פֿאַרבליבן געדרוקטע דאָקומענטן, וואָס באַלײַכטן דעם אָנהייב־פּעריאָד אין דער געשיכטע פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט.[23] דאָס זײַנען בריוו פֿון ערליכן און אַלטערן צום נאַרקאָם (פֿאָלקס־קאָמיסאַר) פֿון אינעווייניקסטע ענינים בעריאַ און צום פֿאָרזיצער פֿונעם ראַט פֿון פֿאָלקס־קאָמיסאַרן סטאַלין פֿון אָקטאָבער 1941, ווי אויך דער אַרבעטס־פּלאַן פֿונעם קאָמיטעט און אַ פּראָיעקט פֿון אַ ווענדונג פֿונעם קאָמיטעט צו די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן אין פּוילן. פֿון ערליכס און אַלטערס בריוו צו בעריאַן קלערט זיך אויף, אַז אין גיכן נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון תּפֿיסה האָבן זיי געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט בעריאַן און זײַנען געקומען צו אַ הסכּם וועגן שאַפֿן דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. דערנאָך האָט מען געשאַפֿן אַן אי־ניציאַטיוו־גרופּע צו אָרגאַניזירן דעם קאָמיטעט און עס איז פֿאָרגעקומען אַ ריי באַראַטונגען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מע האָט באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו דער סאָוועטישער רעגירונג מיט אַ פֿאָרמעלער בקשה צו דערלויבן אָרגאַניזירן דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אויף דער טעריטאָריע פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

גלײַכצײַטיק האָט מען זיך געווענדט צו סטאַלינען. מע האָט אים פֿאָר־געלייגט אַ גענויעם פּלאַן פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿונעם קאָמיטעט: דער קאָמיטעט

דאַרף באַשטיין פֿון פֿאָרשטייערס פֿון ייִדן פֿון די לענדער, וואָס געפֿינען זיך אונטער דער היטלערישער ממשלה (פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, דײַטשלאַנד, עסטרײַך, רומעניע א״אַ), און פֿון פֿאָרשטייערס פֿון די ייִדישע ישובֿים אין פֿסס״ר, פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע און גרויס־בריטאַניע. חוץ דעם האָבן אין דעם קאָמיטעט געדאַרפֿט אַרײַנגיין ווי זײַנע ערן־מיטגלידער פֿאָרשטייערס פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג און די אַמבאַסאַדאָרן פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע, גרויסבריטאַניע און פּוילן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, ווי אויך פּראָמינענטע פֿאָרשטייערס פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכקייט (טוערס פֿון וויסנשאַפֿט, קונסט, עקאָנאָמיק). אין די אויפֿגאַבעס פֿונעם קאָמיטעט האָט געדאַרפֿט אַרײַנגיין די מאָביליזאַציע פֿון ייִדישע כּוחות אין דער גאָרער וועלט פֿאַרן קאַמף מיטן היטלעריזם, הילף פֿאַר די ייִדישע מאַסן אין די לענדער, וואָס זײַנען פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורך היטלערן, ווי אויך פֿאַר די ייִדישע פּליטים.

ס׳וואַרפֿט זיך אין די אויגן, אַז כּמעט דער גאַנצער פּלאַן אָריענטירט זיך אויף דער אַרבעט צווישן ייִדן אין אַנדערע לענדער, אָבער ניט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד; וואָס שייך דער אַרבעט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, איז ער געווען באַגרענעצט צו הילף פֿאַר די ייִדישע פּליטים פֿון אַנדערע לענדער. ס׳קען קיין ספק ניט זײַן, אַז די באַגרענעצונגען זײַנען ערליכן און אַלטערן אָנגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון דעם אָפּיציעלן סאָוועטישן צד. מיר וועלן שפּעטער זען, אַז נאָך דעם ווי דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט איז פֿאַקטיש געגרינדעט געוואָרן, איז ער זיך אין אַלעם שאַרף פֿונאַנדערגעגאַנגען מיטן קאָמיטעט, וואָס ערליך און אַלטער האָבן פּלאַנירט, חוץ אין איין שטריך: די שטרעבונג ניט צו נעמען אויף זיך די זאָרג פֿאַר די נויטן פֿון די סאָוועטישע ייִדן, אַפֿילו ניט פֿאַר די סאָוועטישע ייִדישע פּליטים און עוואַקויִרטע. אמת, אַזוי בפֿירוש האָט מען דאָס ניט פֿאָרמולירט.

בעת די צוגרייטונג־אונטערהאַנדלונגען, סעפּטעמבער און האַלב אָקטאָבער 1941, האָבן די פֿאָרשטייערס פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג צוגעשטימט צו ערליכס און אַלטערס פּלאַן.

בשעת פּרעלימינאַרע אונטערהאַנדלונגען אין סעפּטעמבער און אָנהייב אָקטאָבער 1941 האָבן פֿאָרשטייערס פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג מסכּים געווען אויף דעם פּלאַן. אָבער בשעת מע האָט אים פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דער ענדגילטיקער באַשטעטיקונג, האָבן זיך די פּאָליטישע שטימונגען אין די אָנפֿירנדיקע סאָוועטישע קרײַזן אָנגעהויבן צו בײַטן. די גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיט די אַלײִרטע, וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט אויף אַ מאָמענט אַרויסגעוויזן, האָט ניט געהאַט קיין אַריכת־ימים. אַזאַ מיטאַרבעט האָט געמוזט האָבן פֿאַר איר הנחה די גרייטקייט פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג צו רעווידירן די „געשעענע פֿאַקטן“, וואָס האָבן זיך געשאַפֿן אין פּוילן אויפֿן סמך פֿון די פֿאַרשטענדיקונגען מיט היטלערן פֿון 23סטן אויגוסט און 28סטן סעפּטעמבער 1939. אָבער נאָך קורצע וואַקלענישן האָט די סאָוועטישע רעגירונג שוין אין האַרבסט 1941 זיך פֿאַרנומען אין אירע באַציִונגען צו פּוילן אויף אַ „האַרטן קורס“. אין הסכּם מיט דער דאָזיקער עוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן צו בײַטן אויך די באַציִונג פֿון דער

סאָוועטישער רעגירונג צום פּראָיעקט, ווי עס האָבן אים פֿאָרגעלייגט ערליך און אַלטער. קיין ענטפֿער אויף זייער ווענדונג צו סטאַלינען האָבן זיי קיין מאָל ניט באַקומען. און אין דער נאַכט פֿון 4טן אויפֿן 5טן דעצעמבער 1941 האָט מען זיי ביידן ווידער אַרעסטירט אין קויבישעוו און סוף דעצעמבער פֿון דעם זעלבן יאָר האָט מען זיי דערשאָסן. וועגן זייער טויט איז אָפֿיציעל באַוווּסט געוואָרן ערשט פֿרילינג 1943.

נאָך דעם ווי מע האָט אַרעסטירט ערליכן און אַלטערן האָט מען במשך פֿון עטלעכע חדשים בכלל גאָרניט געהערט וועגן דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. ערשט פֿרילינג 1942 איז צום ערשטן מאָל באַוווּסט געוואָרן וועגן דער גרינדונג פֿונעם קאָמיטעט.[24] אין מײַ פֿון דעם זעלבן יאָר האָט דער קאָמיטעט אָנגעהויבן זײַן טעטיקייט. דעם 24סטן מײַ האָט זיך אין מאָסקווע פֿאַרזאַמלט דער אַזוי גערופֿענער 2טער מיטינג פֿון פֿאָרשטייער פֿון ייִדישן פֿאָלק, און מיט פֿיר טעג שפּעטער האָט זיך אין מאָסקווע פֿאַרזאַמלט דער 1טער פּלענום פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. ווי אַזוי דער קאָמיטעט איז אויפֿגעקומען, וועער האָט פֿעסטגעשטעלט זײַן צוזאַמענשטעל און זײַנע צילן — דאָס האָט מען קיין מאָל ניט מודיע געווען. אָבער אין אונטערשייד פֿון דעם, וואָס מע האָט פּראָיעקטירט אין האַרבסט 1941, איז איצט דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט געשאַפֿן געוואָרן ניט ווי אַ קאָמיטעט, וואָס שטעלט פֿאַר דאָס ייִדנטום פֿון פֿאַרשיידענע לענדער פֿאַר די ייִדישע אינטערעסן אין פֿולער האַרמאָניע מיט די אינטערעסן פֿון דעם קאַמף פֿון די אַלײַרטע קעגן דער היטלערישער קאָאַליציע, נאָר ווי אַ סאָוועטיש־ייִדישער קאָמיטעט, וואָס זײַן הויפּט־אויפֿגאַבע איז צו ווירקן אויפֿן ייִדנטום מחוץ דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, אָבער ניט לשם די אינטערעסן פֿון די ייִדן און אַפֿילו ניט אַזוי מיטצווווירקן פֿאַר דעם נצחון פֿון די אַלײַרטע, ווי קודם־כּל צו העלפֿן דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דערבײַ אַפֿילו ניט צו העלפֿן די ייִדן (סאָוועטישע און ניט־סאָוועטישע) אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, נאָר אויסשליסלעך צו העלפֿן דער רויטער אַרמײַ.[25]

דער אויפֿרוף צו די ייִדן פֿון דער גאָרער וועלט, וואָס עס האָט אָנגענומען דער 2טער מיטינג פֿון פֿאָרשטייערס פֿון ייִדישן פֿאָלק,[26] איז אין גאַנצן געבויט געווען אויף דער אידעע, אַז דער סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז דער הויפּט־קעמפֿער קעגן היטלערן און אַז דאָס סאָוועטישע ייִדנטום איז אַן אויסדערוויילט פֿאָלק צווישן די ייִדן פֿון דער גאָרער וועלט. „מיר, ייִדן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, האָבן אײַך געוויזן אַ בײַשפּיל", „אויב איצט וועלן אַלע פֿרײַע פֿעלקער טאָן דאָס, וואָס עס טוט דאָס סאָוועטישע פֿאָלק, וועלן די פֿאַשיסטן אין גיכן האָבן אַ צעשמעטערנדיקע מפּלה". „די רויטע אַרמיי איז די האָפֿענונג פֿון דער גאַנצער מענטשהייט". פֿון דאַנען איז אַרויסגעדרונגען דער דירעקטער אויספֿיר וועגן דער וויכטיקסטער אויפֿגאַבע פֿונעם וועלט־ייִדנטום: „ייִדן פֿון דער גאָרער וועלט! לאָמיר קלײַבן געלט, לאָמיר קויפֿן טויזנט טאַנקען, פֿינף הונדערט אַעראָפּלאַנען און לאָמיר זיי שיקן דער רויטער אַרמײַ!"

דער דאָזיקער לאָזונג איז במשך פֿון חדשים פֿאַרבליבן די צענטראַלע אידעע פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. דאָס אַרטיקל פֿונעם פֿאָרזיצער פֿונעם

קאָמיטעט, שלמה מיכאָעלס, אינעם ערשטן נומער פֿון דער צײַטונג פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אייניקייט, וואָס האָט אין גיכן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין, האָט טאַקע געהייסן „טויזנט טאַנקען פֿינף הונדערט באָמבאַרדירער“.[27]

ווי שטאַרק סאָוועטישע מענטשן זאָלן ניט זײַן געוווינט צו אונטערטעניקייט, האָט אַזאַ באַגרענעצונג פֿון די אויפֿגאַבעס פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אַרויסגערופֿן, ווי ס'ווײַזט אויס, עפּעס אַ פֿאָרזיכטיקע אָפּאָזיציע אינעם קאָמיטעט גופֿא. אין דער סאָוועטישער פּרעסע האָט מען, אמת, ניט גערעדט אָפֿן וועגן אַזאַ אָפּאָזיציע, אָבער פֿונעם באַריכט פֿון דעם ערשטן פּלענום פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט[28] דערוויסן מיר זיך, אַז דער סעקרעטאַר פֿונעם קאָמיטעט, שכנא עפּשטיין, אין זײַן ענטפֿער די רעדנערס, וואָס זײַנען אַרויסגעטראָטן אין די דעבאַטן וועגן דער טעטיקייט און די אויפֿגאַבעס פֿונעם קאָמיטעט, האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער עקסיסטירנדיקער טענדענץ אַרויפֿצולייגן אויפֿן קאָמיטעט אויפֿגאַבעס, וואָס האָבן ניט קיין דירעקטע שײַכות צום קאַמף מיטן פֿאַשיזם. ס'איז ניט שווער זיך אָנצושטויסן וועגן וואָסערע אויפֿגאַבעס האָט דאָ געקענט זײַן אַ רייד.

פֿאַקטיש איז דער קאָמיטעט געווען אַפֿילו ניט אַזוי אַן אָרגאַן צו קלײַבן געלט פֿאַר דער רויטער אַרמיי, ווי אַן אינסטרומענט פֿון אַ פּרימיטיווער פּראָסאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע אין אויסלאַנד. אין פֿאַרגלײַך מיט די באַדערפֿענישן פֿון דער רויטער אַרמיי און אין פֿאַרגלײַך מיט דער הילף, וואָס דער סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט באַקומען פֿון די אַלײַרטע און קודם־כּל פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, האָבן פֿרײַוויליקע געלט־זאַמלונגען צווישן ייִדן אין דער גאָרער וועלט, ד״ה אין דער ערשטער ריי צווישן די אַמעריקאַנער ייִדן, ניט געקענט נאַטירלעך האָבן קיין שום באַדײַטונג.[29] אָבער די קאַמפּאַניע צו זאַמלען געלט איז געווען די באַקוועמסטע פֿאָרעם פֿון פּראָסאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט, פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון אירע אָרגאַניזאַטאָרן, געהאַט די גרויסע מעלה, וואָס זי האָט געדעקט די הוצאות פֿון דער פּראָפּאַגאַנדע און גלײַכצײַטיק אויך אַלע הוצאות פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. ערבֿ דעם 2טן פּלענום פֿונעם קאָמיטעט אין פֿעברואַר 1943 האָט שכנא עפּשטיין פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן די סך־הכּלען פֿון דעם קאָמיטעטס טעטיקייט פֿאַרן דורכגעגאַנגענעם פּעריאָד. ער האָט געשריבן מיט אַ רירנדיקער אויפֿריכטיקייט:

> די הויפּט־טעטיקייט פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט איז געווען קאָנצענטרירט אויף באַלויכטן פֿאַר די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן אין אַלע לענדער די גרויסע היסטאָרישע געשעענישן, וואָס מיט זיי איז אָנגעזעטיקט די סאָוועטישע ווירקלעכקייט. ער האָט עס געטאָן דורך שריפֿטלעכן וואָרט אין דער פֿאָרעם פֿון טאָג־טעגלעכע אַרויסגעשיקטע דורכן טעלעגראַף און אָפֿט מיט פֿאַרשיידענע פּאָסט־געלעגנהייטן, אַלערליי מאַטעריאַלן — קאָרעספּאָנדענציעס, אַרטיקלען, פֿאַרצייכענונגען, לידער, אַפֿילו גרעסערע פּיעסן, אַזוי אויך דורכן מינדלעכן וואָרט אין פֿאָרעם פֿון פֿיר ייִדישע ראַדיאָ־טראַנסלירונגען אַ וואָך פֿאַר אויסלאַנד, דער עיקר פֿאַר ענגלאַנד און אַמעריקע.[30]

דער דאָזיקער פּאָליטיק איז דער קאָמיטעט געבליבן געטרײַ ביזן סוף. אויך אויפֿן 2טן פּלענום, פּונקט ווי אויף דעם 1טן, האָט מען פֿאַרזיכטיק קריטיקירט די דאָזיקע פּאָליטיק. דאָס מאָל האָבן אומדרייסטע באַמערקונגען וועגן דער נייטי־קייט צו פֿאַרברייטערן די אויפֿגאַבעס פֿונעם קאָמיטעט געפֿונען אַן אָפּשפּיגלונג אַפֿילו אינעם באַריכט פֿון דעם פּלענום. דער פּאָעט דוד האָפֿשטיין האָט גערעדט וועגן דער נייטיקייט זיך צו גרייטן צו דער אַרבעט פֿון צוריקאויפֿשטעלן שטעט און שטעטלעך, וואָס וועלן באַפֿרײַט פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע. דער פֿאָרזיצער פֿונעם יִדישן קאָלווירט „נײַלעבן״, ד. שטשופּאַק, האָט פֿאָרגעלייגט, אַז דער קאָמיטעט זאָל אין זײַן אַרבעטס־פּראָגראַם אַוועקשטעלן די פֿראַגע וועגן צוריק־אויפֿשטעלן די יִדישע קאָלווירטן אין אוקראַיִנע און אין קרים. דער ליטעראַ־טור־פּראָפֿעסאָר י. נוסינאָוו האָט אונטערגעשטראָכן, אַז „דער קאָמיטעט דאַרף זיך אָבער ניט באַגרענעצן בלויז מיט פּראָפּאַגאַנדע״. דער קאָמיטעט דאַרף, האָט ער ווײַטער געזאָגט, העלפֿן די עוואַקויִרטע מאַסן צו געפֿינען זייער אָרט אין לעבן. נוסינאָוו האָט אויך אונטערגעהאַלטן דער פּאָעט פּרץ מאַרקיש. מיכאָעלס, דער פֿאָרזיצער פֿונעם קאָמיטעט, האָט אין זײַן שלוסוואָרט אַרויסגעוויזן מער טאַקט, ווי עפּשטיין אויפֿן 1טן פּלענום. ענטפֿערנדיק אויף די באַמערקונגען וועגן די פֿונקציעס און דער אַרבעטס־פּראָגראַם פֿונעם קאָמיטעט, האָט מיכאָעלס אָנערקענט, אַז עס

> איז פֿאַראַן אַ טייל אמת אין די אָנווײַזונגען, אַז דער קאָמיטעט איז פֿאַר דער יִדישער באַפֿעלקערונג נאָך בײַ אונדז אין לאַנד ניט דער לע־בעדיקער צענטער, ווי ער וואָלט עס געדאַרפֿט זײַן. מע ווענדט זיך צו אונדז פֿון פֿאַרשיידענע עקן מיט בריוו, מיט וויזיטן; די צעזייטע יִדי־שע באַפֿעלקערונג זוכט אַן אַדרעס, און מיר טאָרן זיך פֿון דעם ניט אָפּטרייסלען. מיר דאַרפֿן אין אַ ריי פֿאַלן אַרויסווײַזן איניציאַטיוו, שטעלן די אָדער יענע פֿראַגעם פֿאַר די געהעריקע אינסטיטוציעס.[31]

די דערקלערונג פֿון מיכאָעלסן האָט זיך בכלל ניט אָפּגעשפּיגלט אויף דער טעטיקייט פֿונעם אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, וואָס האָט אויך נאָכן 2טן פּלענום — און אַפֿילו מער ווי פֿריִער — זיך פֿאַרנומען בלויז מיט פּראָפּאַגאַנדע. נאָך מער: די פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך נאָכן 2טן פּלענום אַלץ מער פֿאַרשפּיצט שוין ניט קעגן היטלערן און קעגן פֿאַשיזם, נאָר קעגן אַלע, וואָס האָבן אין וואָסער ס׳איז ניט מאָס אַרויסגעוויזן אַ קריטישע באַציִונג צו דער פּאָליטיק פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג, און קודם־כל קעגן די „פֿאַשיסטן״ פֿונעם ניו־יאָרקער פֿאָרווערטס, פֿון יִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגן (טרייד־יוניאָנס) אין אַמע־ריקע אאַז״וו.

דער דריטער — און לעצטער — פּלענום (אַפּריל 1944) איז געווען דער לעצטער רינג פֿון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג. וועגן דעם, אַז דער קאָמיטעט זאָל אויספֿירן וועלכע עס איז אויפֿגאַבע צו באַפֿרידיקן די נויטן פֿון דער יִדישער באַפֿעלקערונג אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, שוין אָפּגערעדט פֿון די נויטן פֿון די יִדן אויסער דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, איז דאָס מאָל שוין קיין רייד ניטאָ אינעם פֿאַרעפֿנטלעכטן באַריכט. און פֿון שכנא עפּשטיינס באַריכט דערוויסן מיר זיך,

אַז די פֿאַרשטייערס פֿונעם קאָמיטעט בשעת זייער נסיעה קיין אַמעריקע האָבן כלומרשט באַקומען דעם הסכּם פֿונעם „דזשאָינט", אַז דער „דזשאָינט" וועט דורכן רויטן קרייץ געבן הילף פֿאַר די עוואַקויִרטע אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אָן אונטערשייד פֿון זייער נאַציאָנאַליטעט.[32] ס'איז שווער זיך אַפֿילו פֿאָרצושטעלן אַ גרעסערע פֿאַרקריפּלונג פֿון דער עצם אידעע פֿון אַ ייִדישן קאָמיטעט, ווי אָט דער ייִדישער אַנטי־פֿאַשיסטישער קאָמיטעט, וואָס האָט אין די יאָרן פֿון דער שרעקלעכער ייִדישער טראַגעדיע ניט נאָר אַליין ניט געזאָרגט וועגן הילף פֿאַר דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, נאָר האָט אויך אַנדערע ניט געלאָזט אָרגאַניזירן אַזאַ הילף.

וועגן דער געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישער אַטמאָספֿער, וואָס האָט געהערשט אינעם קאָמיטעט אין דעם לעצטן פּעריאָד פֿון דער מלחמה האָט זיך אָפּגעהיט זייער אַ ווערטפֿולע גבֿית־עדות פֿון קאַטשערגינסקין. העכער איז שוין געווען פֿאַרצייכנט, אַז אין זײַנע באַמיִונגען צוריק אויפֿצושטעלן די ייִדישע שול און די ייִדישע פּרעסע איז קאַטשערגינסקי אָנהייב ווינטער 1944־1945 אַוועקגעפֿאָרן קיין מאָסקווע. וועגן זײַנען מאָסקווער מאַטערנישן האָט ער שפּעטער דערציילט אין זײַנעם אַ בוך. נאַטירלעך האָט ער זיך קודם־כּל געווענדט צום ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט.

> איך האָב דאָן באַזוכט — שרײַבט ער — אין משך פֿון אַ פּאָר חדשים אַלע טאָג דעם קאָמיטעט: איך האָב צוגעזען, ווי אַזוי די אַרבעט ווערט געפֿירט, און ס'איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן פֿאַר מיר נאָך אַ טרוים — דער טרוים, אַז דער קאָמיטעט קען מיט וואָס ניט איז לינדערן די שווערע לאַגע פֿון די סאָוועטישע ייִדן, פֿון דער ייִדישער קולטור.[35]

דער פּאַקטישער בעל־הבית פֿונעם קאָמיטעט איז געווען לאָזאָווסקי, דער שעף פֿונעם סאָוועטישן אינפֿאָרמאַציע־ביוראָ. די אונטערגעוואָרפֿנקייט לאָ־זאָווסקין האָט באַשטימט דעם עצם כאַראַקטער פֿונעם קאָמיטעט ווי פֿון אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איר אויסשליסלעכער ציל איז פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר אויסלאַנד. און דאָס האָט פֿון זײַן זײַט באַשטימט, ווי עס האָט טרעפֿלעך באַמערקט קאַ־טשערגינסקי, אַז דער קאָמיטעט האָט אין ערגעץ ניט געהאַט קיין אָפּטיילונגען אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. ווען קאַטשערגינסקי האָט פֿאַרלאָרן די האָפֿענונג עפּעס צו דערגרייכן דורכן קאָמיטעט, האָט ער זיך געווענדט צו ערענבורגן. ערענ־בורג איז נאָך פֿאָרמעל געבליבן אַ מיטגליד פֿונעם קאָמיטעט, אָבער ער האָט זיך אַנטוישט אין זײַן טעטיקייט און האָט זיך שוין מער ניט באַטייליקט אין זײַן אַרבעט. „דאָס איז ניט קיין ייִדישער קאָמיטעט", האָט ער געזאָגט קאַטשער־גינסקין: „דאָס איז אַן אַנטי־ייִדישער קאָמיטעט".[34]

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט זיך אַפֿילו אָט דער קאָמיטעט אין גיכן אַרויסגעוויזן צו זײַן ניט אויפֿן אָרט אין די סאָוועטישע באַדינגונגען, און סוף 1948 האָט מען אים ליקווידירט. זײַנע מיטגלידער האָט מען אַרעסטירט און שפּעטער דערשאָסן. גלײַכצײַטיק האָט מען צעשטערט די לעצטע רעשטלעך פֿונעם ייִדישן קולטור־לעבן, וואָס דאָס האָט געעפֿנט מיט זיך אַ נײַעם שרעק־

לעבן פֿעריאָד אין דער געשיכטע פֿונעם סאָוועטישן ייִדנטום, וואָס האָט געדויערט ביז 1953. אָבער וועגן דעם וועט נאָך זײַן די רייד שפּעטער.

## וויפֿל סאָוועטישע ייִדן האָבן איבערגעלעבט די מלחמה

בײַם אונטערפֿירן די סך־הכּלען פֿון דער ייִדישער קאַטאַסטראָפֿע אויף דער טעריטאָריע פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, שטעלט זיך פֿאַר אונדז די פֿראַגע: וויפֿל ייִדן האָבן איבערגעלעבט די דאָזיקע קאַטאַסטראָפֿע. לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1939 האָבן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד געלעבט אַ ביסל מער פֿון דרײַ מיליאָן ייִדן. נאָך דעם ווי דער סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט פֿאַרנומען אין 1939־1940 די נײַע טעריטאָריעס מיט אַ גרויסער ייִדישער באַפֿעלקערונג און מחמת דער נאַטירלעכער פֿאַרגרעסערונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון די אַלטע געביטן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט די צאָל אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד בײַם אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה באַטראָפֿן כּמעט בײַ פֿינף מיליאָן (ניט רעכענענדיק עטלעכע הונדערט טויזנט פּליטים פֿון מערבֿ־פּוילן), פֿון וועלכע פֿיר מיליאָן האָבן געלעבט אויף דער טעריטאָריע, וואָס איז בשעת דער מלחמה אָקופּירט געוואָרן פֿון די היטלערישע אַרמייען (זע מער באַריכות קאַפּיטל 2) דאָס רובֿ פֿון די ייִדן איז אומגעקומען. וויפֿל ייִדן זײַנען פֿאַרבליבן בײַם לעבן אויף דער טעריטאָריע פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד בײַם סוף פֿון דער מלחמה?

ביז ניט לאַנג האָט מען אויף דער דאָזיקער פֿראַגע געקענט ענטפֿערן נאָר היפּאָטעטיש. דער דאָזיקער היפּאָטעטישער ענטפֿער איז געווען פֿאַרבונדן מיט אַן ענטפֿער אויף אַ צווייטער פֿראַגע: צי האָט די סאָוועטישע מאַכט אָרגאַניזירט אין אָנהייב מלחמה די עוואַקואַציע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון די באַדראָטע געביטן, ווי דאָס האָט עקשנותדיק געטענהט די סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע אין אויסלאַנד און אין וואָס עס האָט זיך נאַטירלעך אַזוי געוואָלט גלייבן די ייִדן אויף מערבֿ, אָדער מע האָט די ייִדן איבערגעלאָזט אויף זייער אייגענעם באַראָט, ד״ה איבערגעלאָזט אויף אונטערגאַנג. דער מחבר פֿון אָט דער אַרבעט נאָך אַ זאָרגעוודיקן קאָנטראָל פֿון אַלע צוגענגלעכע אָפּגעריסענע ידיעות, איז שוין לאַנג געקומען צום ביטערן אויספֿיר וועגן דעם אומקום פֿון איבער דרײַ מיליאָן ייִדן, וואָס האָבן בײַם אָנהייב פֿון דער מלחמה געהאַט געלעבט אויף דער אַלטער און נײַער סאָוועטישער טעריטאָריע, און האָט היפּאָטעטיש אָפּגעשאַצט די צאָל ייִדן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד בײַם סוף פֿון דער מלחמה (אַראָפּגערעכנט די וואָס האָבן אין גיכן פֿאַרלאָזט דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד בעת דער פּוילישער רעפּאַטריאַציע) אויף 1,850,000.[35] אָפּטימיסטן, פֿאַרקערט האָבן זיך ווײַטער געקלאַמערט אָן דעם געדאַנק וועגן אַ ברייטער עוואַקואַציע פֿון ייִדן און פֿון זייער געראַטענער מאַסן־פּליטה פֿאַר די פֿאַרויסגייענדיקע דײַטשע אַרמייען. צוליב דעם האָבן זיי אָפּגעשאַצט די צאָל לעבן־געבליבענע ייִדן אויף דרײַ מיליאָן. די דאָזיקע צאָל איז זינט דעמאָלט געוואָרן כּמעט אַ דבֿר־בכּל־יום.

אין יאַנואַר 1959 האָט מען אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד דורכגעפֿירט אַ נײַע פֿאָלקסציילונג, וואָס האָט באַוויזן, אַז אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד זײַנען דאָ 2,268,000

ייִדן.[36] איצט קענען מיר באַרעכענען, וויפֿל ייִדן זײַנען געבליבן לעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד בײַם סוף פֿון דער מלחמה (ניט רעכענענדיק די, וואָס האָבן זיך אין גיכן רעפּאַטריִירט קיין פּוילן). די באַפֿעלקערונג פֿונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד איז אויסגעוואַקסן זינט דעם סוף פֿון דער מלחמה און ביז דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1959 דורך דער נאַטירלעכער פֿאַרגרעסערונג פֿון אַרום 170 ביז 208.8 מיליאָן, ד״ה 22.8%. די נאַטירלעכע פֿאַרגרעסערונג בײַ ייִדן, וואָס זײַנען מער אורבאַניזירט ווי די באַפֿעלקערונג פֿונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז בכלל געווען נידעריקער. אויב מע זאָל אָננעמען פֿאַר ייִדן אַ נאַטירלעכע פֿאַרגרעסערונג, וואָס איז אויף אַ פֿערטל קלענער פֿונעם אַלגעמיינעם (ד״ה אַ פֿאַרגרעסערונג פֿאַרן גאַנצן פּעריאָד אויף 17.1%), דעמאָלט איז די צאָל ייִדן בײַם סוף פֿון דער מלחמה געווען בערך 1,937,00.[37] די דאָזיקע צאָל ייִדן איז נאָענט צו דער צאָל 1,850,000, וואָס איך האָב פֿריִער אויסגערעכנט. זי איז זייער ווײַט פֿון דרײַ מיליאָן, די לעגענדע וועגן דער עוואַקואַציע פון ייִדן און וועגן זייער געראָטענער מאַסן־פּליטה פֿאַר די פֿאָרויסגייענדיקע דײַטשן מוז מען איצט האַלטן אין גאַנצן פֿאַר אָפּגעפֿרעגט.

## הערות

[1] אייניקייט פֿון 5טן דעצעמבער 1942.

[2] זען די גענויע דאַטעס פֿון די נאַציאָנאַליטעטן אינעם אַרטיקל «Дружба народов СССР», Большевик, 1944, № 23-24, стр. 6.

[3] די דאָזיקע פּאָליטיק פֿון פֿאַרשווײַגן די ראָלע פֿון ייִדן אין דער מלחמה דויערט נאָך ביז איצט. אין דער רוסישער בראָשור (מ. מאָראָזאָוו, די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס פֿון די פֿעלקער פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, מאָסקווע, 1957) ווערט געזאָגט, אַז אין די מלחמה־יאָרן האָבן 10,940 אָנטיילנעמערס פֿון די מלחמה־אָפּעראַציעס באַקומען דעם טיטל „העלד פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד״ און עס ווערט געבראַכט דער צוזאַמענשטעל פֿון די דעקאָרירטע לויט נאַציאָנאַליטעטן, דערבײַ ווערן אויסגערעכנט 10 קאָמי, 9 אודמורטן, 8 לעטן, 8 ליטווינער און 6 קאַרעלן, אָבער ייִדן ווערן דאָ ניט דערמאָנט, און זיי פֿאַרלירן זיך אַנאָנים צווישן די 973 איבעריקע.

[4] זען טעלעגראַמע פֿון קויבישעוו, *Independent Jewish Press Service* פֿון 1טן, 8טן, 22סטן, 25סטן, 29סטן יאַנואַר, 12טן, 19טן פֿעברואַר 1943 אאַז״וו.

[5] זען וואַסילי גראָסמאַן, Годы войны, מאָסקווע, 1945.

[6] דאָרטן, ז׳ 29.

[7] זען העכער, ז׳ 57, דאָס פֿאַררופֿן זיך אויף זײַן עסיי, אוקראַיִנע אָן ייִדן״.

[8] Dr. Jerzy Gliksman, *Jewish Exiles in Soviet Russia* (1939–1943), part II, July 1947, p. 6 (אין אַרכיוו פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט אין ניו־יאָרק).

[9] דאָרטן, ז׳ 17.

[10] דאָרטן, ז׳ 15.

[11] Rachel Erlich, *Summary Report on Eighteen Intensive Interviews with Jewish DP's from Poland and the Soviet Union*, October, 1948, p. 26. (אין אַרכיוו פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט אין ניו־יאָרק). פֿון די געבראַכטע גבֿית־עדות געהערט די ערשטע (ל.) אַ יונגן סאָוועטיש־ייִדישן אינטעליגענט; די צווייטע און דריטע (ק. ר. און X.) געהערן פּויליש־ייִדישע אַרבעטערס. די גבֿית־עדות פֿון ק. ר. איז שייך צו אַ קאָלווירט אין קיראָווער (געוו׳ וויאַטקער) געביט. אַן אַנאַלאָגישע אינפֿאָרמאַציע, אויך פֿון קיראָווער געביט, אָבער פֿון אַן אַנדער קאָלווירט, איז דאָ אויך אין גבֿית־עדות פֿון ל. ווען זײַן משפּחה איז אָנגעקומען אין קאָלווירט, האָט מען זיי אָנגענומען פֿאַר רוסן און מען האָט זיך צו זיי גוט באַצויגן. אָבער אין גיכן איז אַהין דערגאַנגען אַ פֿלוגבלעטל, וואָס די דײַטשן האָבן אַראָפּ־

געוואָרפֿן פֿון אַן עראָפּלאַן און ווו מע האָט באַשולדיקט די ייִדן, אַז זיי האָבן אַרויסגערופֿן די מלחמה. בעת מעשׂה האָט עמעצער אַ זאָג געטאָן, אַז די געקומענע זײַנען ייִדן, האָבן די קאַלווירטן אָנגעהויבן אַרויסצווײַזן צו זיי אַזוי פֿיל שׂינאה, אַז זיי האָבן געמוזט אַוועקפֿאָרן פֿונעם קאָלווירט.

12 דאָרטן, ז׳ 27.

13 דאָרטן.

14 *Bulletin of the Rescue Committee of the Jewish Agency for Palestine*, March 1945, pp. 2–3.

15 כעלמינסקיס אינפֿאָרמאַציע איז לכתּחילה ניט באַשטימט געווען פֿאַרעפֿנטלעכט צו ווערן, און ל. לענעמאַן, געוועזענער מיטאַרבעטער פֿונעם וואַרשעווער מאָמענט, וואָס איז בײַ־געווען בײַ איר דערציילונג, האָט ערשט אין 1949 דערציילט וועגן דעם אין הבוקר און האָט שפּעטער וועגן דעם געשריבן אויך אין אַנדערע אָרגאַנען. אָבער דעמאָלט איז נאָך געווען נייטיק צו באַהאַלטן דעם מקור פֿון די דאָזיקע ידיעות, ווײַל כעלמינסקי האָט דעמאָלט געלעבט אין פּוילן און האָט פֿאַרנומען דעם פּאָסטן פֿון פֿאָרזיצער פֿון דער קאָמיסיע פֿאַר קולטור־באַציִונגען מיט אויסלאַנד. אין 1955 איז זי געשטאָרבן אין וואַרשע. ניט לאַנג פֿאַר איר טויט האָט לענע־מאַן זי באַזוכט אין פּאַריז, וווּהין זי איז געקומען זיך היילן, און בײַ דער דאָזיקער באַגעגעניש האָט זי אים אַליין דערמאָנט וועגן דעם שמועס אין „פּאַל־פּרעס״ אין מאָסקווע און וואָס זי האָט דערציילט וועגן די קיִעווער געשעענישן. ערשט נאָך איר טויט און נאָך דעם, ווי איר איינציקער זון האָט עמיגרירט פֿון פּוילן קיין ישׂראל, האָט לענעמאַן זיך דערלויבט אָנצורופֿן איר נאָמען אין דרוק און איבערצוגעבן איר דערציילונג מער באַריכותדיק ווי פֿריִער. זען Leon Leneman, *La tragédie des Juifs en U.R.S.S.* Paris, 1959, pp. 174–182.

16 לעאָן לענעמאַן, דצ״וו, ז׳ 179.

17 קאָמוניקאַט פֿון דער ייִדישער טעלעגראַפֿן־אַגענטור (יט״אַ) פֿון מאָסקווע פֿון 6טן מײַ 1942.

18 קאָמוניקאַט פֿון יט״אַ פֿון קויבישעוו פֿון 21סטן מערץ 1943.

19 קאָמוניקאַט פֿון יט״אַ פֿון טאַשקענט פֿון 30סטן סעפּטעמבער 1942.

20 אינעם זעלבן אַרטיקל, וואָס פֿון דאָרט איז גענומען די געבראַכטע אינפֿאָרמאַציע, האָט יצחקי געשריבן: „ס׳איז אַ פֿאַקט, אַז ניט ווייניקער ווי 70 פּראָצענט פֿון די ייִדן זײַנען געראַטע־וועט געוואָרן פֿון די נעגל פֿון די נאַציס דורך דער סאָוועטישער מאַכט. אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך — באַזונדערס אין אוקראַיִנע און בעסאַראַביע — זײַנען ייִדן געווען די ערשטע עוואַקויִרט צו ווערן״ אאַז״וו. לײַדער, איז איצט שוין ניטאָ קיין ספֿקות, אַז דאָס איז געווען ניט קיין פֿאַקט, נאָר אַ קונציק פֿאַרשפּרייטע לעגענדע.

21 Solomon Itzhaki, "Jews in Soviet Russia. A Personal Report," *Congress Weekly*. October 30, 1942, pp. 12–13.

21 ערליך און אַלטער זײַנען אַרעסטירט געוואָרן אויף דער מיזרח־פּוילישער טעריטאָריע, וואָס די סאָוועטישע אַרמיי האָט אָקופּירט — אַלטער, אין קאָוועל, דעם 26סטן סעפּטעמבער 1939, ערליך, דעם 4טן אָקטאָבער 1939 אין בריסק. ווען די דײַטש־סאָוועטישע מלחמה איז אויסגעבראָכן, זײַנען זיי ביידע געזעסן אין תּפֿיסה אין מאָסקווע. שוין נאָך דעם ווי די דײַטש־סאָוועטישע מלחמה האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן(!) האָט מען זיי ביידן פֿאַרמישפּט צום טויט (ערליכן, דעם 2טן אויגוסט, אַלטערן, דעם 20סטן יולי 1941). ביידע האָבן זיך אָפּגע־זאָגט צו אַפּעלירן קעגן דעם אורטייל, אָדער צו בעטן, אַז מען זאָל ווייכער מאַכן זייער שטראָף, אָבער מען האָט ביידע פֿאַרביטן די טויטשטראָף אויף צען יאָר תּפֿיסה. אין דער ערשטער העלפֿט סעפּטעמבער (ערליך, דעם 11טן, אַלטער, דעם 14טן) האָט מען זיי ביידן אַרויסגעלאָזט פֿון תּפֿיסה מיט אַנטשולדיקונגען און אויסדרוקן פֿון באַדויער, וואָס מ׳האָט דערלאָזט צו אַזעל־כע „פֿעלערן״, און מען האָט זיי אַרײַנגעזעצט אין האָטעל „מעטראָפּאָל״. שפּעטער האָט מען זיי צוזאַמען מיט אַנדערע אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן עוואַקויִרט קיין קויבישעוו. — אַלע אָנגעגעבענע דאַטעס זײַנען אַרויסגענומען פֿון דעם בריוו, וואָס ערליך האָט געשריבן פֿון קויבישעוו צו

עמנואל נאָוואָגרודזקין אין ניו־יאָרק. דער פֿולער טעקסט פֿון דעם בריוו איז אָפּגעדרוקט אין הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער, פֿאַרלאַג „אונדזער צײַט״, ניו־יאָרק, 1951.

[22] דער פֿאָרשטייער פֿון יוגנט־בונד „צוקונפֿט״ אין צ״ק פֿון פּוילישן בונד לוציאַן בליט וואָס איז באַפֿרײַט געוואָרן פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגער, און ער איז אָנגעקומען אין קויבישעוו דעם 30סטן אָקטאָבער, האָט געוווינט אין איין האָטעל־צימער צוזאַמען מיט ערליכן און אַלטערן. זיי האָבן אים דערציילט מיט אַלע פּרטים די געשיכטע פֿון זייער פּרווו צו שאַפֿן דעם יידישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. אין זײַן אָפֿיציעלער דערקלערונג, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין לאָנדאָן מאַרץ 1943, האָט לוציאַן בליט דערציילט: „קורץ נאָך דעם ווי מען האָט ערליכן און אַלטערן געמאָלדן, אַז זיי ווערן באַפֿרײַט, האָט דער שוין פֿריִער דערמאָנטער פּאָלקאָווניק פֿון נקוו״ד אַ. וואָלקאָוויסקי זיך געווענדט צו זיי אין נאָמען פֿון דער רעגירונג מיטן פֿאָרשלאָג, זיי זאָלן שאַפֿן אַן אַלוועלטלעכן יידישן אַנטיהיטלערישן קאָמיטעט לויטן מוסטער פֿונעם סלאַווישן קאָמיטעט וואָס האָט זיך געשאַפֿן אין מאָסקווע. נאָכן באַראַטן זיך מיטן פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין פֿסס״ר, דעם פּראָפֿעסאָר יאַן קאָט, האָבן ערליך און אַלטער מסכּים געווען צו שאַפֿן אַזאַ קאָמיטעט. זיי האָבן געהאַט קאָנפֿערענצן מיט פֿאָרשטייערס פֿון די סאָוועטישע מאַכטאָרגאַנען. איין קאָנפֿערענץ איז פֿאָרגעקומען אויף דער פֿאַרבעטונג און מיטן אָנטייל פֿון בעריאַן, דעם קאָמיסאַר פֿאַר אינעווייניקסטע ענינים. מען איז געקומען צו אַ הסכּם וואָס שייך די אַרבעט־פּרינציפּן פֿון דעם קאָמיטעט און דעם צוזאַמענשטעל פֿון פּרעזידיום: פֿאָרזיצער — ערליך, וויצע־פֿאָרזיצער — מיכאָעלס (דער יידישער אַרטיסט), און גענעראַל־סעקרעטאַר — אַלטער. מען האָט דיסקוטירט די פֿראַגע וועגן שיקן אַ דעלעגאַט קיין אַמעריקע (ערליך האָט געזאָלט זײַן דער דעלעגאַט)... דער פּאָלקאָווניק וואָלקאָוויסקי האָט זיי נאָך געבעטן, זיי זאָלן צוגרייטן פֿאַרשיידענע זאַכן, למשל, אַן אויפֿרוף צו די יידישע מאַסן אין פּוילן און אין אַמעריקע. פֿון דער דיסקוסיע האָט מען געקענט זען, אַז די סאָוועטישע מאַכטאָרגאַנען האָבן קודם־כּל געוואָלט אויסנוצן די השפּעה פֿון בונד צווישן די אַרבעטער־מאַסן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן״. *The Case of Henryk Erlich and Victor Alter*, American Representation of the General Jewish Worker's Union in Poland, New York, 1943, p. 13. זען אויך: הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער, פֿאַרלאַג „אונזער צײַט״, ניו־יאָרק, 1951, זז׳ 96־115 און 182־199. די וויכטיקסטע שייכדיקע דאָקומענטן זײַנען איבערגעדרוקט אין אונזער צײַט, יולי 1943, זז׳ 26־30.

[22] קאַטשערגינסקיס גאַנצער בריוו איז געווען אָפּגעדרוקט אין י. לעשצינסקיס אַרטיקל אין פֿאָרווערטס פֿון 2טן מײַ 1948.

[23] אונזער צײַט, ניו־יאָרק, יולי 1943, זז׳ 26־30.

[24] דעם 23סטן אַפּריל 1942, אויף איינער פֿון די רעגולערע פּרעסע־קאָנפֿערענצן פֿון אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אין קויבישעוו, האָט דער פֿאַרטרעטער פֿונעם שעף פֿון סאָוועטישער אינפֿאָרמאַציע־ביוראָ לאָזאָווסקי, אויף דער פֿראַגע וועגן די עקסיסטירנדיקע אַנטיפֿאַשיסטישע קאָמיטעטן אין פֿסס״ר, אָנגערופֿן פֿינף קאָמיטעטן (אַלסלאַווישער, פֿון סאָוועטישע פֿרויען, פֿון סאָוועטישער יוגנט, פֿון געלערנטע און יידישער קאָמיטעט) און האָט קורץ כאַראַקטעריזירט יעדן פֿון זיי. וועגן דעם יידישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט האָט לאָזאָווסקי געזאָגט, אַז יידן האָבן געשאַפֿן דעם אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, כּדי צו העלפֿן דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, ענגלאַנד און די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע אַ סוף צו מאַכן צום בלוטיקן שגעון פֿון היטלערן און אַנדערע פֿאַשיסטישע מאַלפּעס, וואָס האָבן זיך אײַנגערעדט, אַז זיי זײַנען די „העכערע ראַסע״ (איזוועסטיאַ פֿון 24סטן אַפּריל 1942).

שפּעטער, אין זײַן רעפֿעראַט אויפֿן 2טן פּלענום פֿון יידישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אין פֿעברואַר 1943, האָט שכנא עפּשטיין פֿאַרזיכערט, אַז דער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט איז אויפֿגעקומען תּיכּף נאָכן ערשטן מיטינג פֿון פֿאָרשטייערס פֿון יידישן פֿאָלק (דעם 24סטן אויגוסט 1941) און אַז פֿאַקטיש האָט זיך זײַן טעטיקייט אָנגעהויבן אין פֿעברואַר 1942 (אייניקייט פֿון 15טן מאַרץ 1943).

[25] עס איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז נאָך אַפֿילו אויף דער פּרעסע־קאָנפֿערענץ אָנהייב אַפּריל

האָט לאָזאָווסקי ברייטער אַוועקגעשטעלט די פֿראַגע וועגן די אויפֿגאַבעס פֿונעם קאָמיטעט.

26 איזוועסטיאַ פֿון 26סטן מײַ 1942;; אייניקייט פֿון 7טן יוני 1942.

27 אייניקייט פֿון 7טן יוני 1942.

28 אייניקייט פֿון 17טן יוני 1942.

29 אין זײַן רעפֿעראַט אויפֿן 3טן פּלענום פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אין אַפּריל 1944 האָט שכנא עפּשטיין געמאָלדן, אַז ייִדישע אָרגאַניזאַציעס צו העלפֿן דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָבן צונויפֿגעזאַמלט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע אַרום 3 מיליאָן דאָלאַר (דאָס ייִדישע פֿאָלק אין קאַמף מיטן פֿאַשיזם, מאַטעריאַלן פֿונעם 3טן אַנטיפֿאַשיסטישן מיטינג פֿון פֿאַרשטייער פֿון ייִדישן פֿאָלק און פֿונעם פֿונעם 3טן פּלענום פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אין פֿסס״ר, מאָסקווע, 1945, ז׳ 88). אין עפּשטיינס רעפֿעראַט, ווי ער איז געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין אייניקייט פֿון 13טן אַפּריל 1944, איז געווען אָנגערופֿן אַ מער באַשיידענע צאָל: בײַ 2 מיליאָן דאָלאַר. ווי אַזוי די דאָזיקע מיטלען זײַנען אויסגעגעבן געוואָרן, האָט מען קיין מאָל ניט פֿאַרעפֿנטלעכט.

30 אייניקייט פֿון 7טן פֿעברואַר 1943.

31 אייניקייט פֿון 15טן מאַרץ 1943.

32 אין זײַן רעפֿעראַט אויפֿן 3טן פּלענום פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט האָט עפּשטיין געזאָגט, אַז די וויכטיקסטע געשעעניש אינעם ענין הילף פֿאַר דער עוואַקויִרטער באַפֿעלקערונג פֿון פֿסס״ר איז, „וואָס ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן צו פֿאַרענדיקן די אונטערהאַנדלונגען פֿון די חח׳ מיכאָעלס און פֿעפֿער מיטן „דזשאָינט״, וואָס איז צוגעטראָטן צו פֿאַרווירקלעכן זײַן באַשלוס וועגן הילף פֿאַר דער עוואַקויִרטער באַפֿעלקערונג אָן אונטערשייד פֿון נאַציאָנאַליטעט דורכן רויטן קרייץ״ (דאָס ייִדישע פֿאָלק . . . אאַז״וו, ז׳ 88). איציק פֿעפֿער האָט געזאָגט אין זײַן רעפֿעראַט וועגן דער נסיעה קיין אַמעריקע, אַז דער „דזשאָינט״ אין אַמעריקע, די אַסאָציאַציע פֿון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אין ענגלאַנד און אַנדערע האָבן אין זייערע אונטערהאַנדלונגען מיט מיכאָעלסן און פֿעפֿערן אויסגעדריקט זייער חשק צו העלפֿן נאָר דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון פֿסס״ר. זיי האָבן אָבער ניט געהאַלטן פֿאַר מעגלעך אויסצוטיילן אין דעם דאָזיקן פּרט די סאָוועטישע ייִדן פֿון דער משפּחה ברידערלעכע פֿעלקער, וואָס טראָגן צוזאַמען מיט די ייִדן ריזיקע קרבנות אין דער מלחמה (דאָרט, ז׳ 119).

33 ש. קאַטשערגינסקי, צווישן האַמער און סערפּ, פּאַריז, 1949, ז׳ 51 און ווײַטער.

34 דאָרט, ז׳ 56.

35 זען אַנטיסעמיטיזם אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד (רוסיש), ז׳ 259.

36 פּראַוודאַ פֿון 4טן פֿעברואַר 1960.

37 עס איז מעגלעך, אַז דער אונטערשייד צווישן דעם אַלגעמיינעם נאַטירלעכן צוװוּקס און דעם נאַטירלעכן צוװוּקס בײַ ייִדן איז ווייניקער באַדײַטנדיק. אַזוי אַרום וואָלט זיך באַקומען, אַז די צאָל ייִדן צום סוף פֿון דער מלחמה איז געווען נידעריקער פֿון דער צאָל, וואָס איז אויסגערעכנט געוואָרן אין טעקסט. אָבער צוליב פֿאַרזיכטיקייט האָב איך היפּאָטעטיש אָנגענומען אַ רעלאַטיוו נידעריקע צאָל פֿונעם נאַטירלעכן באַפֿעלקערונגס־צוװוּקס בײַ ייִדן. בײַ דער אַלגעמיינער פֿאַרגרעסערונג פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿון פֿסס״ר פֿון דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1926 ביז דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1939 אויף 15,3% האָט זיך די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿאַרגרעסערט אויף 13.0% (Frank Lorimer, *The Population of the Soviet Union: History and Prospects*, Geneva, League of Nations, 1946, p. 138). דאָס איז אַ קלענערער אונטערשייד, ווי דער, וואָס מיר האָבן אים אָנגעגעבן פֿאַרן פּעריאָד פֿון 1939 ביז 1959. אויב מע זאָל אָננעמען, אַז די פֿאַרהעלטעניש צווישן דעם אַלגעמיינעם צוװוּקס פֿון דער באַפֿעלקערונג און דעם צוװוּקס פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון 1939 ביז 1959 איז געווען די זעלבע וואָס פֿון 1926 ביז 1939, דעמאָלט דאַרף מען אָננעמען, אַז די אַלגעמיינע צאָל ייִדן אין פֿסס״ר צום סוף פֿון דער מלחמה אייז געווען 1,900,000.

קאַפּיטל איינס

# די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה

## צעשפּרייטונג און וואַנדערונג אויף צוריק

דער אומקום פֿונעם רובֿ ייִדישע באַפֿעלקערונג אין ראַטן־פֿאַרבאַנד בעת דער מלחמה איז געווען באַגלייט פֿון אַ פֿאַרשטאַרקטער צעשפּרייטונג פֿון ייִדן איבערן לאַנד. ביז דער מלחמה איז דער רובֿ סאָוועטישע ייִדן געווען קאָנצענטרירט בעיקר אין די מערבֿ־קאַנטן פֿון פֿסס״ר, וואָס די דײַטשן האָבן פֿאַרנומען באַלד אין די ערשטע וואָכן און חדשים פֿון דער מלחמה. אין די אַנדערע טיילן ראַטן־פֿאַרבאַנד איז די ייִדישע באַפֿעלקערונג אויך ביז דער מלחמה געווען צעשפּרייט איבער פֿאַרשיידענע טעריטאָריעס; אין די מלחמה־יאָרן האָט זיך די צעשפּרייטונג נאָך בולטער אָנגעזען. פּליטים און עוואַקויִרטע פֿון די פֿאַרנומענע אָדער באַדראָטע געגנטן האָבן זיך דער עיקר געלאָזט אין די ווײַטערע מיזרחדיקע געגנטן; די ייִדן זײַנען ס׳רובֿ אַוועק הינטער אוראַל, קודם־כּל אין מערבֿדיקן סיביר, קיין קאַזאַכסטאַן, אוזבעקיסטאַן און טורקמעניסטאַן, ווו ס׳האָבן פֿריִער געוווינט זייער ווייניק ייִדן. אָבער קיין נײַע צענטערס פֿון ייִדישער באַזעצונג זײַנען דאָרטן ניט אויפֿגעקומען; בלויז אַ קלענער טייל ייִדן האָט זיך אײַנגעוואָרצלט אין די נײַע ערטער, ווו קיין באַדינגונגען פֿאַר נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע האָבן ניט עקסיסטירט. דער רובֿ פּליטים און עוואַקויִרטע האָט זיך אויף די נײַע ערטער אָפּט אָנגעשטויסן אויף אַ קענטיקן אַנטיסעמיטיזם וואָס איז אין די מלחמה־יאָרן נאָך שטאַרקער געוואָרן. ייִדן האָבן געלעבט מיט דער האָפֿענונג אומצוקערן זיך אַהיים, ווען מען וועט אַרויסטרײַבן די דײַטשן. איז כאָטש ס׳איז גאָר ניט אָנגעקומען אַזוי גרינג, און צו מאָל האָט דאָס געפֿירט צו ביטערע אַנטוישונגען אויך (צו די פּרטים וועלן מיר זיך נאָך אומקערן), איז דער רובֿ פּליטים געפֿאָרן צוריק — ניט דווקא אין די אַלטע שטעט און שטעטלעך אַרײַן, נאָר אין די אַלטע רעפּובליקן[1] — קודם־כּל אין אוקראַיִנע און אין ווײַסרוסלאַנד. די פֿאָלקסציילונג פֿון יאַנואַר 1959 האָט באַוויזן, אַז דער פּראָצעס פֿון וואַנדערן אויף צוריק קיין אוקראַיִנע און קיין ווײַסרוסלאַנד איז געווען אָן אַ פֿאַרגלײַך שטאַרקער ווי מען האָט געמיינט; ער האָט אַרומגענומען אַפֿילו אַ טייל ייִדן וואָס האָבן געהאַט איבערגעוואַנדערט אין דער רספֿס״ר נאָך פֿאַר דער מלחמה, און איצט זײַנען זיי אַוועק צוריק אין די ערטער פֿון דער געוועזענער ייִדישער קאָנצענטראַציע.

ס׳איז גוט באַוווּסט, אַז באַלד נאָך דער באַפרײַונג פֿון דער דײַטשער אָקו־פּאַציע זײַנען אין אוקראַיִנע און אין ווײַסרוסלאַנד געבליבן ווייניק ייִדן. אָבער די פֿאָלקסציילונג פֿון 1959 האָט אַנטדעקט אין אוקראַיִנע און אין ווײַסרוסלאַנד אַ מאַסע ייִדן: אין אוקראַיִנע 840 טויזנט, אין ווײַסרוסלאַנד 150 טויזנט (לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1939 — אין די אַלטע גרענעצן — זײַנען אין אוקראַיִנע געווען 1,533 טויזנט ייִדן, אין ווײַסרוסלאַנד, 375 טויזנט). און פֿאַרקערט, אין דער רוסישער ספּס״ר האָט זיך אין דער זעלבער צײַט פֿאַרקלענערט די צאָל ייִדן: די צאָל 875 טויזנט איז מיט 73 טויזנט ווייניקער איידער די צאָל וואָס ס׳האָט בשעתו אָנגעגעבן די פֿאָלקסציילונג פֿון 1939.[2] לאָמיר פּרוּוון אויפֿ־קלערן דעם באַטײַט פֿון די ציפֿערן.

לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿון יאַנואַר 1939 זײַנען אין דער רוסישער פֿעדע־ראַטיווער רעפּובליק געווען 948 טויזנט ייִדן, ד״ה אַז צום אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוועטישער מלחמה האָט דאָ די ייִדישע באַפֿעלקערונג געקערט האָבן דערגרייכט די צאָל פֿון קרובֿ אַ מיליאָן (טיילווײַז צוליבן נאַטירלעכן צוווּקס פֿאַר די דריטהאַלבן יאָר און טיילווײַז צוליב דער כּסדרדיקער מיגראַציע פֿון אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד). פֿון דעם מיליאָן האָבן אַן ערך 250 טויזנט ייִדן געוווינט אויף אַ טעריטאָריע וואָס די דײַטשן האָבן פֿאַרנומען, און דאָרטן זײַנען אומגעקומען אַן ערך 100 טויזנט ייִדן, אפֿשר מער. וואָס שייך דעם רעשט 900 טויזנט, אָדער כּמעט 900 טויזנט ייִדן וואָס האָבן געוווינט אין דער רספּס״ר, דאַרף מען אָננעמען, אַז זייער מלחמה־אָנווער איז געווען כּמעט דער זעלבער ווי בײַ דער ניט־ייִדישער באַפֿעלקערונג אויף די ניט־אָקופּירטע טעריטאָריעס. ווי גרויס דער מלחמה־אָנווער זאָל דאָ ניט האָבן געווען, האָט דער נאַטירלעכער צוווּקס פֿון דער באַפֿעלקערונג נאָך דער מלחמה אים שוין לאַנג געדעקט.[3] דאָס זעלבע האָט געדאַרפֿט געשען בײַ דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אויך; מען האָט נאָר געדאַרפֿט אַראָפּרעכענען דעם ריין ייִדישן אָנווער פֿון די 100,000. אמת, דער נאַטירלעכער צוווּקס איז בײַ ייִדן אַ ביסל אַ קלענערער איידער בײַ דער ניט־ייִדישער באַפֿעלקערונג אין פּסס״ר, אָבער דעם חילוק האָבן נאָך מיט אַן עודף געקענט דעקן די צאָל ייִדן וואָס האָבן איבערגעוואַנדערט אויף מיזרח אין דער צײַט פֿון דער מלחמה און זיי האָבן זיך באַזעצט אויף דער טעריטאָריע פֿון דער רעפּובליק. מען מעג משער זײַן, אַז צו דער צײַט פֿון דער פֿאָלקסציילונג אין 1959, האָט די אַלגעמיינע צאָל ייִדן אין דער רספּס״ר געדאַרפֿט אַריבער־שטײַגן די אויבן דערמאָנטע 900 טויזנט און אפֿשר דעם גאַנצן מיליאָן. אָבער די פֿאָלקסציילונג האָט אָפּגעזוכט אין דער רספּס״ר בלויז 875 טויזנט ייִדן. דאָס באַטײַט, אַז דער פּראָצעס פֿון וואַנדערן אויף צוריק פֿון פֿאַרמלחמהדיקע ייִדישע תּושבֿים אין די ערטער פֿון אַלטער ייִדישער באַזעצונג האָט ווײַט אַריבערגעשטיגן דעם פּראָצעס פֿון נײַער ייִדישער באַזעצונג אין דער רספּס״ר אין דער צײַט פֿון דער מלחמה. פֿון דעם קען מען ניט דרינגען, אַז אין די ערשטע פֿון דער פֿאַרמלחמהדיקער צעשפּרייטונג זאָלן זיך פֿאַר ייִדן האָבן גע־שאַפֿן מער־ווייניק נאָרמאַלע באַדינגונגען און אַוודאי ניט אין די ערטער פֿון דער מלחמהדיקער צעשפּרייטונג.

ווי שוואַך עס איז געווען דער פּראָצעס פֿון ייִדישער באַזעצונג אין די ער־טער פֿון צעשפּרייטונג בעת דער מלחמה באַווײַזן בולט די געגעבענע פֿון דער פֿאָלקסציילונג פֿאַר די סאָוועטישע אַזיאַטיש־טיורקישע רעפּובליקן (אוזבעקי־סטאַן, קאַזאַכסטאַן, קירגיזיע, טאַדזשיקיסטאַן, טורקמעניסטאַן). אין דער צײַט פֿון דער מלחמה זײַנען אַהין געקומען אַ גרויסע צאָל ייִדן, ספּעציעל אין קאַזאַכ־סטאַן, אוזבעקיסטאַן און טורקמעניסטאַן. אָבער די פֿאָלקסציילונג פֿון 1959 גיט אָן פֿאַר אַלע 5 רעפּובליקן צוזאַמען 147,5 טויזנט ייִדן, בסך־הכּל מיט 67,4 טויזנט מער איידער אין 1939; און פֿון דעם צוקום דאַרף מען לכל־הפּחות אַ פֿערטל פֿאַרשרײַבן אויפֿן חשבון פֿון נאַטירלעכן צוװוּקס פֿון דער אַלט־געזע־סענער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין די רעפּובליקן און בלויז קרובֿ 50 טויזנט אויפֿן חשבון פֿון די נײַ־געקומענע (מיט זייער נאַטירלעכן צוװוּקס). דאָס הייסט, אַז אויך פֿון די טעריטאָריעס האָט דער רובֿ ייִדישע פּליטים און עוואַקויִרטע נאָך דער מלחמה זיך אומגעקערט אין די היימישע געגנטן. אָפּט ניט צום גוטן.

## ס'איז שווער ווידער אָנצוהייבן אַ נאָרמאַל לעבן. די פּאָליטיק פֿון דער רעגירונג

נאָך דעם ווי מען האָט פֿאַרטריבן די דײַטשן פֿון די אָקופּירטע געגנטן, ווו ס'איז פֿאַר דער מלחמה געווען אַן אָנזעעוודיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג, האָט זיך אַנטפּלעקט באַזונדער בולט דאָס בילד פֿון ייִדישן חורבן. ס'איז כּדאַי צו דערמאָנען די נאָטיצן פֿון דעם באַוווּסטן סאָוועטישן שרײַבער וואַסילי גראָסמאַן, זײַנע אײַנדרוקן פֿון דער באַפֿרײַטער לינקברעגיקער אוקראַיִנע (אויף מיזרח פֿון דניעפּער) סוף 1943.[4]

אָבער שוין אָנהייב 1944 (ווו ניט ווו אפֿשר נאָך 1943) האָט זיך אָנגעהויבן דער צושטראָם פֿון ייִדן וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה אין ווײַטן הינטער־לאַנד, און איצט האָבן זיי זיך געאײַלט צוריק „אַהיים". דאָ האָט זיך ערשט אַנטפּלעקט די אמתע טראַגעדיע. וועגן דעם האָבן מיר שוין פֿריִער געבראַכט אַ גבֿית־עדות פֿון אַן אוקראַיִנישן ייִדן וואָס איז פֿרילינג 1944 אַרויסגעפֿאָרן פֿון כאַרקאָוו און סוף 1944 איז ער אַוועקגעפֿאָרן פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד (כּדי זיך צו דערשלאָגן ביז פּאַלעסטינע).[5]

וועגן דער שׂינאה צו ייִדן אין אוקראַיִנע נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע זײַנען פֿאַראַן ניט ווייניק גבֿית־עדות. ווייניקער שאַרף, אָבער גענוג ווייטאָגדיק, איז געווען די לאַגע אויך אין אַנדערע טיילן ראַטן־פֿאַר־באַנד, ווען די ייִדישע פּליטים און עוואַקויִרטע זײַנען געקומען צוריק. בײַ די ייִדן האָט דאָס אַרויסגערופֿן פֿאַרביטערונג און זיי האָבן געזוכט אַן אויסוועג פֿון דער שווערער לאַגע: געפֿינען ווו ניט איז אַן אָרט, ווו מען זאָל קענען לעבן און ניט זײַן אויסגעשטעלט אויף שׂינאה צו ייִדן און אויף גלײַכגילטיקייט צו דעם שרעקלעכן אומגליק וואָס דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק האָט אָקערשט איבערגע־לעבט. פֿון דאַנען נעמט זיך טיילווײַז דער נײַער דראַנג צו בירָאָבידזשאַן, וואָס וועגן אים וועט שפּעטער קומען צו רייד.

ווי אַזוי האָבן אויף דעם רעאַגירט די מאַכט־אָרגאַנען? צי האָט די רעגירונג, אָדער די קאָמפּאַרטיי געפּרווווט באַקעמפן די שׂינאה צו ייִדן? אין אַ געוויסער מאָל און אין אַ טייל ראַטן־פֿאַרבאַנד, משמעות יאָ, אָבער צוליב טעמים וואָס האָבן קנאַפּ וואָס געהאַט צו טאָן מיט באַשיצן די ייִדן. אין אוקראַיִנע איז, בעת דער מלחמה, דער אַנטיסעמיטיזם געוואָרן דער פּאָפּולערסטער אויסדרוק פֿון שׂינאה צום סאָוועטישן רעזשים. דער פֿאַקט, וואָס די אַנטיסעמיטישע שטימונגען זײַנען געבליבן אינטענסיוו אויך נאָך דעם ווי די סאָוועטישע מאַכט האָט זיך אומגעקערט, האָט געגעבן באַאומרויִקן די קאָמוניסטישע שפּיצן. ניט תּיכּף. צו ערשט האָט די קאָמפּאַרטיי געפּרווווט אײַנשטעלן שלום־בית מיט די עקסטרעמע עלעמענטן פֿון אוקראַיִנישן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָבן געקעמפֿט קעגן דער רויטער אַרמיי און האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין פֿאַרווירקלעכן די פּאָליטיק פֿון ייִדישער אויסראָטונג. אין מערץ 1944, ווען ס'איז זיך צונויפֿגעקומען — צום ערשטן מאָל נאָך דער באַפֿרײַונג — דער העכסטער ראַט פֿון דער אוקראַיִנישער רעגירונג האָט דער פֿאָרזיצער פֿון דער אוקראַיִנישער רעגירונג און דער ערשטער סעקרעטאַר פֿון דער אוקראַיִנישער קאָמפּאַרטיי ניקיטאַ כרושטשאָוו אָפּגעגעבן אַ לאַנגן באַריכט וועגן די ליידן וואָס אוקראַיִנע האָט איבערגעלעבט און וועגן די אויפֿגאַבן וואָס שטייען איצט פֿאַר איר.[6] ער האָט גערעדט מיט גרויס געפֿיל וועגן די הונדערטער טויזנטער דערהרגעטע און פֿאַרפּײַניקטע, וועגן די אומגלייבלעכע יסורים וואָס „אונדזערע מענטשן" זײַנען אויסגעשטאַנען בעת דער אָקופּאַציע. נאָר אַז אַ ריזיקער פּראָצענט פֿון די פֿאַרפּײַניקטע (מסתּמא אַ דערדריקנדיקע מערהייט) זײַנען געווען ייִדן, האָט ער מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט. ניט נאָר איז אוקראַיִנע נאָך היטלערן געבליבן (ווי גראָסמאַן האָט זיך אויסגעדריקט) „אָן ייִדן"; פֿאַר זיי האָט זיך אַפֿילו ניט געפֿונען קיין פּיצל אָרט אין דעםברייטן באַריכט פֿון דעם הויפּט פֿון דער אוקראַיִנישער רעגירונג און קאָמפּאַרטיי. אין דעם זעלבן באַריכט האָט כרושטשאָוו בפֿירוש פֿאַרגעשלאָגן „פֿולשטענדיקע באַגנעדיקונג" פֿאַר די מיטגלידער פֿון די עקסטרעמע אוקראַיִנישע אָרגאַניזאַציעס, פֿאַר די וואָס האָבן געקעמפֿט קעגן דער רויטער אַרמיי און וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין פֿאַרווירקלעכן (טיילווײַז דורך מיטאַרבעטן מיט היטלערן און טיילווײַז פּאַראַלעל מיט אים) דעם פּלאַן פֿון אויסראָטן די ייִדן, אויב זיי וועלן „ערלעך איבעררײַסן יעדער קאָנטאַקט" מיטן פֿאַשיסטישן אונטערערד.

די לאַגע אין אוקראַיִנע איז ווײַטער געבליבן זייער אָנגעשטרענגט, און נאָך דער מלחמה איז זי אפֿשר געוואָרן נאָך אָנגעשטרענגטער. דעמאָלט — ס'איז אוממעגלעך פֿעסטצושטעלן די פּינקטלעכע דאַטע, נאָר משמעות אין די לעצטע חדשים פֿון יאָר 1946 — האָט מען אָנגענומען אַ באַשלוס אָנצוהייבן אַ קאַמף קעגן אוקראַיִנישן אַנטיסעמיטיזם. פֿאַרזיכטיק, אָן עפֿנטלעכע פּראָפּאַגאַנדע, האָט מען בהדרגהדיק גענומען צוציִען ייִדן צו דער אַרבעט אין פֿאַרשיידענע צווײַגן פֿון עקאָנאָמישן, קולטורעלן און געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. אָנגעפֿירט מיט דער פּאָליטיק האָבן די אָרגאַנען פֿון דער קאָמפּאַרטיי (בלויז דורך דער פּאַרטיי האָט מען געקענט דורכפֿירן די פּאָליטיק אין דער שטיל). מען דאַרף משער זײַן, אַז

לאַזאַר קאַגאַנאָוויטשן האָט מען אָנהייב מערץ 1947 געשיקט קיין אוקראַיִנע כּדי צו פֿאַרזיכערן דעם דערפֿאָלג פֿון דער פּאָליטיק. ער האָט איבערגענומען כרושטשאָווס אַמט פֿון ערשטן סעקרעטאַר אין דער קאָמפּאַרטיי (כרושטשאָוו איז אויך ווײַטער געבליבן פֿאָרזיצער פֿון דער רעגירונג) און ער האָט אײַנגע־האַלטן דעם אַמט ביז צום סוף פֿונעם יאָר. אין דער פּרעסע קען מען קיין די־רעקטע אָנצוהערענישן אויף דער פּאָליטיק ניט געפֿינען. ס׳האָט זיך אָבער אויפֿ־געהיט אַן אײַנגאַרטיקע אומדירעקטע באַשטעטיקונג, וואָס אויפֿן ערשטן בליק האָט זי ניט קיין שײַכות צו אונדזער ענין, נאָר אַז מען קוקט זיך גוט צו, ווערן אַ סך זאַכן אויפֿגעקלערט. ס׳רעדט זיך דאָ וועגן אַ דעקרעט פֿונעם פּרעזידיום פֿון העכסטן ראַט פֿון פֿסס״ר פֿון 23סטן יאַנואַר 1948 „וועגן באַלוינען מיט אָרדנס און מעדאַלן אַרבעטערס אין דער אינדוסטריע, אַגריקולטור, וויסנשאַפֿט, קולטור און קונסט פֿון דער אוקראַיִנישער סס״ר״. דעם דעקרעט האָט מען אַרויס־געגעבן לכּבֿוד דעם דרײַסיק־יאָריקן יובֿל פֿון דער סאָוועטישער אוקראַיִנע.[7] אין דעם דעקרעט איז פֿאַראַן אַ לאַנגע רשימה באַלוינטע (העכער 7,000), ווו ס׳ווערט אויך באַצייכנט זייער פּאָזיציע (סאָציאַל און וואָס שייך שטעלע) אין דער היעראַרכיע פֿון ראַטן־אוקראַיִנע. אין דער רשימה איז לפֿי־ערך ניט שווער צו דערקענען די ייִדן אויפֿן סמך פֿון די פֿולע נעמען, פֿאָטערס נעמען און פֿאַ־מיליע־נעמען וואָס פֿיגורירן דאָרטן. דאָס גיט אונדז אַ מעגלעכקייט אויפֿצוקלערן, אין אַלגעמיינע שטריכן, די לאַגע פֿון די ייִדן אין דער אוקראַיִנישער געזעלשאַפֿט נאָך דער מלחמה.

בשעתו האָב איך די רשימה אַנאַליזירט אין פּרטים.[8] דאָ וועל איך זיך באַנו־גענען בלויז מיט איבערחזרן — אין אַ פֿאַרקירצטער פֿאָרעם — די אויספֿירן פֿון דעם אַנאַליז:

ערשטנס: די פּאָליטיק פֿון אָפּזאָגן זיך צו רעעוואַקויִרן ייִדן, אָנגע־זעענע סאָוועטישע טוערס, קיין אוקראַיִנע איז געווען כאַראַקטעריסטיש בלויז פֿאַרן ערשטן פּעריאָד, באַלד ווי אוקראַיִנע איז באַפֿרײַט געוואָרן פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע. דאָס איז געווען אַ צײַטווײַליקע פּאָליטיק. שפּעטער — מיר וויסן ניט גענוי ווען — האָט מען באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פֿון דער פּאָליטיק, און אַ סך ייִדן — דאָקטוירים, עקאָנאָמיסטן, אינזשענירן, קינסטלערס א״אַנד — זײַנען צוריקגעקומען אין אוקראַיִנע.

צווייטנס: די קאָמפּאַרטיי איז ניט אַרויס אין קיין אָפֿענעם קאַמף קעגן אוקראַיִנישן אַנטיסעמיטיזם, אָבער זי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פֿון דער געפֿאַר פֿון אַנטיסעמיטיזם וואָס קען צום גראָטנסטן אויסדריקן די אוקראַיִנישע אַנטיסאָוועטישע שטימונגען. די פּאַרטיי האָט אָנגעהויבן אַ געלאַסענע קאַמפּאַניע קעגן אַנטיסעמיטיזם און זי האָט בהדרגה גענומען צוגעוווינען די באַפֿעלקערונג צו דעם פֿאַקט, אַז ייִדן ווערן אַרויסגערוקט אויף פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן אין פֿאַרשיידענע צווײַגן פֿון אַרבעט, דער עיקר אין פּאַרטייִישער אַרבעט. אַ בפֿירושע ראיה אויף דעם איז דאָס באַשטימען אַ ייִדן פֿאַר אַ סעקרעטאַר פֿון אַ געגנטלעכן קאָמיטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי (משה ספּיוואַק — סעק־רעטאַר פֿון זשיטאָמירער געגנטלעכן קאָמיטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי).

דריטנס: די פּאָליטיק אָפּצושוואַכן בהדרגהדיק דעם אַנטיסעמיטיזם

האָט שוין צו יענער צײַט געהאַט געבראַכט רעזולטאַטן אין דער אינ־דוסטריע און אין מעדיצין (אין אַנדערע צווײַגן פֿון דער וויסנשאַפֿט זײַנען נאָך כּמעט ניט געווען קיין ענדערונגען.), אין דער קונסט א״אַנד. ס׳איז שוין מעגלעך געווען — וואָס אין 1944 איז קוים געווען מעגלעך — למשל, אַז דער פֿאָרזיצער פֿון דער פּלאַניר־קאָמיסיע פֿאַר דער קיראָ־וואָגראַדער געגנט זאָל הייסן מאיר־לייב אײַזיקאָוויטש קאַגאַן, אָדער אַז אַבֿרהם הערשקאָוויטש קאָרדאָן זאָל זײַן דער דירעקטאָר פֿון דער מאַקייעוו־פֿאָדאָלער פֿאַבריק.

פֿערטנס: דער אַנטיסעמיטיזם, כאָטש מ׳האָט אים צו ביסלעך אָפּ־געשטופּט פֿון דער אוואַנסצענע פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, בלײַבט נאָך אַלץ אַ השפּעהדיקער פֿאַקטאָר, וואָס מען באַמיט זיך ווענן אים ניט צו ריידן, נאָר מען רעכנט זיך מיט אים. דערויף זאָגט עדות דער פֿאַקט, וואָס אין דעם אָרטיקן אַלגעמיין־אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט, זײַנען כּמעט אין גאַנצן קיין ייִדן ניטאָ. דער פֿאַקט האָט צוגעגעבן אַלע פֿריִער דער־מאָנטע דערשײַנונגען פֿון אָפּגעשוואַכטן אַנטיסעמיטיזם אַ ביסל אַן אומ־פֿאַרלאָזלעכן און אומהאַפֿטיקן כאַראַקטער: דער אַנטיסעמיטיזם אין אוקראַיִנע איז געבליבן אַ פֿאַרהוילענע, אָבער רעאַלע געפֿאַר.

מיר האָבן שוין פֿריִער דערמאָנט, אַז די אָפּשוואַכונג פֿון די דרויסנדיקע סימנים פֿון אַנטיסעמיטיזם אין אוקראַיִנע זײַנען ניט געווען קיין פּועל־יוצא פֿון אַ דורכויס סטיכישער אַנטוויקלונג. אין אַ גרויסער מאָס האָט דאָס געהאַט צו טאָן מיט דער פּאָליטיק פֿון דער קאָמפּאַרטיי וואָס האָט געהאַט אַ גרונד מורא צו האָבן פֿאַרן אוקראַיִנישן אַנטיסעמיטיזם. אין אַנדערע טיילן ראַטן־פֿאַרבאַנד, ווו די קאָמפּאַרטיי האָט ניט געהאַט די ספּעציפֿישע מאָטיוון, איז דער אויפֿשטײַג און דער אַראָפּפֿאַל פֿון אַנטיסעמיטיזם געפֿלאָסן מיטן שטראָם פֿון סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן אויטאָמאַטיזם. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין דער רספֿס״ר למשל, ווו דער אַנטיסעמיטיזם איז קיין מאָל ניט געווען אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט ווי אין אוקראַיִנע, שפּילן ייִדן נאָך דער מלחמה (מיט זעלטענע אויסנאָמען) קיין שום ראָלע ניט אין דעם אַפּאַראַט פֿון דער קאָמפּאַרטיי (להיפּוך צו דעם וואָס ס׳האָט זיך געמערקט נאָך ביזן מיטן דרײַסיקער יאָרן). אין די נאָכמלחמה־יאָרן האָב איך אין דער פּרעסע ניט באַגעגנט קיין איין ידיעה וועגן אַ ייִדן אַ סעקרע־טאַר פֿון אַ פּאַרטייִישן געגנטלעכן קאָמיטעט אין וואָסער ניט איז געגנט פֿון דער רספֿס״ר (חוץ פֿאַרשטייט זיך דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט). דאָס שטרײַכט נאָך מער אונטער דעם „פּלאַנירטן״ כאַראַקטער פֿון באַשטימען ייִדן אויף „פֿאַר־אַנטוואָרטלעכע״ פּאַרטייִישע שטעלעס אין אוקראַיִנע.

עלעמענטן פֿון דיסקרימינאַציע לגבי ייִדן האָט מען שוין געקענט באַמערקן נאָך פֿאַר דער מלחמה (אין שײַכות מיט העכערער בילדונג, מלוכישע שטעלעס א״אַנד, און אַפֿילו אין ענינים פֿון רעליגיעזן לעבן). נאָך דער מלחמה האָט זיך די אַנטוויקלונג ניט אָפּגעשטעלט. שפּעטער וועט נאָך אויסקומען וועגן דעם צו ריידן. איצט איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן נאָר אויף איין פֿאַקט וואָס אילוסטרירט זייער בולט ווי ווײַט ס׳האָט אין יענע יאָרן געהאַלטן מיטן פּראָצעס פֿון אַרײַנ־שטופּן די ייִדן אין די הינטערגעסלעך פֿון סאָוועטישן לעבן.

די ערשטע וואַלן צום העכסטן ראַט פֿון פֿסס"ר נאָך דער מלחמה זײַנען פֿאָרגעקומען יאַנואַר 1946. די ערשטע סימנים פֿון דיסקרימינאַציע און פֿון לעת־עתה שעמעוודיקן, האַלב־טאָלערירטן אַנטיסעמיטיזם האָבן זיך שוין גע־האַט באַוויזן בעת די פֿאַרדעמדיקע וואַלן אין דעצעמבער 1937. לויט אָפֿיציעלע געגעבענע זײַנען דעמאָלט געוואָרן אויסגעוויילט אין העכסטן ראַט 47 ייִדן: 32 אין פֿאַרבאַנדישן ראַט אויף אַ צאָל פֿון 569 דעפּוטאַטן, און 15 אינעם ראַט פֿון די נאַציאָנאַליטעטן אויף אַ צאָל פֿון 574 דעפּוטאַטן. פֿאַר די וואַלן פֿון יאַנואַר 1946 זײַנען קיין שייכדיקע ציפֿערן ניט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן. די באַריכט־אָפּגעבערס פֿון די מאַנדאַטן־קאָמיסיעס פֿון ביידע קאַמערן זײַנען גע־ווען זייער קאַרג מיט קאָנקרעטע געגעבענע, ווען זיי זײַנען צוגעקומען צו דער פֿראַגע פֿון נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל פֿון די באַזונדערע קאַמערן אין דעם העכסטן ראַט. „דער צוזאַמענשטעל פֿון די דעפּוטאַטן שפּיגלט אָפּ דעם פּילפּעל־קערדיקן כאַראַקטער פֿון אונדזער מלוכה", האָט געזאָגט אין דעם פֿאַרבאַנדישן ראַט דער באַריכט־אָפּגעבער פֿון דער מאַנדאַטן־קאָמיסיע נ. ס. פּאַטאָליטשעוו: אין דעם פֿאַרבאַנדישן ראַט „זײַנען אין דער פֿולער מאָס רעפּרעזענטירט די נאַציאָנאַליטעטן וואָס באַוווינען דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד". דער באַריכט־אָפּגעבער פֿון דער מאַנדאַטן־קאָמיסיע אינעם ראַט פֿון די נאַציאָנאַליטעטן פּ. א. שאַריאַ איז אַוועק נאָך ווײַטער.

„דער צוזאַמענשטעל פֿון די דעפּוטאַטן אינעם ראַט פֿון די נאַציאָ־נאַליטעטן שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ לעבעדיק בילד פֿון דער גרויסער פֿרײַנדשאַפֿט צווישן די פֿעלקער פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. ס'זײַנען פֿאַראַן דעפּוטאַטן רוסן, אוקראַינער, ווײַסרוסן, אַזערבײַדזשאַנער, גרוזינער, אַרמענער, טורקמענער, אוזבעקן, טאַדזשיקן, קאַזאַכן, קאַרעלן, מאָלדאַ־וואַנער, ליטווינער, לעטן, עסטאָנער, אַבכאַזן, אָסעטינער, טאָטערן, קאָ־מיס, בוריאַטן, יאַקוטן, טשוואַשן, אודמורטן, באַשקירן, ייִדן, מאָרד־ווינער, פֿינען, קאַראַ־קאַלפּאַקן" א"אַנד.

דער סדר אויסרעכענען די פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן שפּיגלט אָפּ זייער צאָל דעפּוטאַטן, און דעריבער שטייען דאָ די ייִדן אויפֿן 26סטן אָרט. אין 1937 זײַנען זיי, אויפֿן סמך פֿון דער צאָל דעפּוטאַטן אינעם ראַט פֿון די נאַציאָנאַלי־טעטן, געשטאַנען אויפֿן 11טן אָרט.

למען האמת, נאָך דער אַכזריותדיקער אויסראָטונג פֿון ייִדן בעת דער מלחמה, האָט זיך די צאָל ייִדן אין לאַנד שטאַרק פֿאַרקלענערט. לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1939 זײַנען ייִדן אויפֿן סמך פֿון זייער צאָל געשטאַנען אויפֿן זיבעטן אָרט (נאָך די רוסן, אוקראַינער, ווײַסרוסן, אוזבעקן, קאַזאַכן און טאָטערן). נאָך דער מלחמה זײַנען זיי אויפֿן סמך פֿון דער צאָל ייִדן אין לאַנד געשטאַנען אויפֿן 11טן אָרט. אין דעם צוזאַמענשטעל פֿון דער באַפֿעלקערונג זײַנען די ייִדן אַראָפּגערוקט געוואָרן פֿון 7טן אָרט אין 1937 אויפֿן 11טן אָרט אין 1946. אָבער צווישן די דעפּוטאַטן פֿונעם ראַט פֿון די נאַציאָנאַליטעטן האָט מען זיי אַראָפּגערוקט פֿון 11טן אָרט אויפֿן 26סטן. דאָס רעדט פֿאַר זיך אַליין.

אַזוי זעען אויס די געגעבענע פֿאַרן ראַט פֿון די נאַציאָנאַליטעטן. וועגן פֿאַר־באַנדישן ראַט, ווו ס'זײַנען אין 1937 אויסגעוויילט געוואָרן אַ סך מער ייִדן, זײַנען אונדזערע אינפֿאָרמאַציעס ווייניקער גענוי. דאָ קענען מיר זיך שאַפֿן אַ באַגריף וועגן דער צאָל אויסגעוויילטע (אין 1946) ייִדישע דעפּוטאַטן בלויז אויפֿן סמך פֿון אַן אַנאַליז פֿון דער רשימה דעפּוטאַטן, ווו ס'ווערן אָנגעגעבן זייערע פֿולע נעמען, פֿאָטערס נעמען און פֿאַמיליע־נעמען.[9] דאָ קומט אָבער אויס צו באַזײַטיקן איין שוועריקייט: אין די רשימות דעפּוטאַטן פֿון דרײַ טראַנסקאַווקאַזישע רעפּובליקן (אַזערבײַדזשאַן, גרוזיע און אַרמעניע) און פֿינף אַזיאַטישע רעפּובליקן (אוזבעקיסטאַן, טורקמעניסטאַן, טאַדזשיקיסטאַן, קאַזאַכסטאַן און קיר־גיזיע) איז טייל מאָל שווער אַרויסצודערקענען די ייִדן. צווישן די דעפּוטאַטן פֿון די רעפּובליקן קערן צו זײַן אַ״ג מיזרח־ייִדן, וואָס צווישן זייערע נעמען און די נעמען פֿון זייערע ניט־ייִדישע שכנים איז אָפֿט קיין חילוק ניטאָ; ייִדן און ניט־ייִדן קענען האָבן סײַ אַרטיקע ניט־ייִדישע סײַ ביבלישע נעמען. וועלן מיר דעריבער ניט נוצן די פֿולע רשימה פֿון די 682 דעפּוטאַטן אין דעם פֿאַרבאַנדישן ראַט; מיר וועלן עלימינירן פֿון דער באַטראַכטונג די 8 אויבן דערמאָנטע רעפּובליקן מיט זייערע 81 דעפּוטאַטן. מיר ווייסן שוין, אַז אין 1937 זײַנען אויף 567 דעפּוטאַטן אין פֿאַרבאַנדישן ראַט געווען 32 ייִדן. אין 1946 זײַנען צווישן די 601 דעפּוטאַטן (אָן די 8 רעפּובליקן) געווען בלויז 5 ייִדן, דאָ איז דער קאָנ־טראַסט נאָך אפֿשר גרעסער ווי אינעם ראַט פֿון די נאַציאָנאַליטעטן.

כּדי זיך מער ניט אומצוקערן צו דעם ענין, וועל איך דאָ נאָך דערמאָנען, אַז די אַלגעמיינע צאָל ייִדן מיטגלידער פֿון דעם העכסטן ראַט האָט זיך כּסדר פֿאַר־קלענערט און דוכט זיך, אַז אין דעם לעצטן יאָרצענדליקנג האָט זי זיך סטאַ־ביליזירט און זיך אָפּגעשטעלט בײַ פֿינף. פֿאַר די לעצטע צוויי צונויפֿרופֿן פֿון דעם העכסטן ראַט (דעם פֿינפֿטן וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן דעם 16טן מאַרץ 1958 און דעם זעקסטן וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן דעם 18טן מאַרץ 1962) האָבן מיר פּינקטלעכע געגעבענע. אין דער זייער זעלטענער אויסגאַבע Депутаты Верховного Совета СССР. Пятый Созыв, Москва, изд. Известий Депутатов Трудящихся СССР, 1960 г. און אין דער אויסגאַבע Депутаты ..... Шестой Созыв, .... 1962. זײַנען פֿאַראַן קורצע ביאָגראַפֿישע געגעבענע וועגן יעדער דעפּוטאַט (אין אַלפֿאַ־בעטישן סדר) מיט אַ באַצייכענונג פֿון זײַן נאַציאָנאַליטעט. אין הסכּם מיט די געגעבענע, זײַנען אין דעם העכסטן ראַט פֿון פֿינפֿטן צונויפֿרוף צווישן די 1,384 דעפּוטאַטן געווען בלויז פֿינף ייִדן, צוויי אין דעם פֿאַרבאַנדישן ראַט און דרײַ אינעם ראַט פֿון די נאַציאָנאַליטעטן. אינעם העכסטן ראַט פֿון זעקסטן צונויפֿרוף זײַנען צווישן די 1,443 דעפּוטאַטן ווידער געווען פֿינף ייִדן (צווישן זיי דרײַ נײַע און אין גאַנצן פֿון אַנדערע ראַיאָנען), אָבער ווי פֿריִער, צוויי אין דעם פֿאַרבאַנ־דישן ראַט און דרײַ אינעם ראַט פֿון די נאַציאָנאַליטעטן.[9א]

## דער דלות פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן

די באַדינגונגען פֿאַר אויפֿלעבן וואָסער ניט איז עלעמענט פֿון ייִדישן נאַציאָ־נאַלן לעבן זײַנען געווען אויסערגעוויינטלעך אומגינציקע. די פּליטים און עוואַ־קויִרטע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין די היימישע געגנטן אַרײַן (זיי האָבן אָפּט אויסגעמיטן די שטעטלעך וואָס האָבן וויטאָגדיק דערמאָנט דעם בלוטיקן נעכטן) און האָבן זיך באַזעצט אין די נאָענטסטע גרעסערע שטאָטישע צענטערס. דאָ האָט זיך פֿון דאָס נײַ אָנגעהויבן אויסצופֿורעמען אַ ייִדישע מאַסע, אַ סך אַ קלע־נערע ווי פֿאַר דער מלחמה, אָבער דערפֿאַר מיט אַ סך אַ בולטער אויסגעדריקטן געפֿיל פֿון איר ייִדישקייט, וואָס האָט זיך פֿאַרשטאַרקט צוליב די שרעקלעכע איבערלעבונגען פֿון די לעצטע יאָרן. צי איז דאָ אויף דאָס נײַ אויפֿגעקומען אַ נאַציאָנאַל לעבן, לכל־הפּחות אין אַזאַ באַשיידענער פֿאָרעם ווי פֿאַר דער מלחמה?

אַז ס׳זײַנען פֿאַרשוווּנדן די עטלעכע ייִדישע ראַיאָנען און ייִדישע ראַטן וואָס האָבן פֿאַר דער מלחמה עקסיסטירט אין אוקראַיִנע, אין ווײַסרוסלאַנד און אין קרים, איז נאָך צו פֿאַרשטיין: די מאַסן־אויסראָטונג פֿון ייִדן האָט אונטערגעשניטן זייער יסוד. אָבער ס׳איז צו שטוינען — און דאָס איז דאָך אַ סך וויכטיקער — וואָס ס׳זײַנען ניט צוריק אויפֿגעבויט געוואָרן ניט די ייִדישע פּרעסע און ניט די ייִדישע שול. נאָר דאָס ייִדישע בוך האָט גיך גענומען אויפֿלעבן (אָבער דאָס איז געשען, ווײַל מען האָט אויסגענוצט די אָנהייבן פֿון אַ פֿאַרלעגערישער טעטיקייט וואָס זײַנען איבערגעבליבן פֿון די מלחמה־יאָרן). אין 1946 זײַנען אַרויס בלויז 15 ביכער און בראָשורן אויף ייִדיש פֿון ייִדישע מחברים, אַ באַנד געקליבענע ווערק פֿון לערמאָנטאָוון וואָס איז שוין געווען פֿאַרטיק צום דרוק נאָך אין 1941, און צוויי איבערגעזעצטע קאָמוניסטישע בראָשורן. אין 1947 זײַנען שוין אַרויס 40 ביכער; אין 1948 (ניט פֿאַר אַ גאַנצן יאָר) — 41 ייִדישע ביכער און אַ בראָ־שור, צוו״אַנד: דער צווייטער באַנד בײַם דניעפּער פֿון בערגעלסאָנען און צו איינ־ציקע בענד מיט כּמעט אין גאַנצן נײַע לידער פֿון מאַרקישן, האַלקינען, האָפּ־שטיינען, קוויטקאָן און פֿעפֿערן, פֿאַליקמאַנס אַ גרויסער ראָמאַן וועגן אויפֿ־שטאַנד אין געטאָ, דרײַ בענד (און פֿינף קלענערע ביכער) שלום־עליכם און אַ סך אַנדערע. מיט פּעריאָדישע אויסגאַבעס איז שוין געווען ערגער: זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף עפּעס געהיימע מניעות. אָבער דאָך זײַנען אין קיִעוו און אין מאָסקווע אַרום פֿאַר די יאָרן 1947־1948 (צו זיבן נומערן אין יעדער שטאָט) ליטעראַרישע זאַמלביכער — שטערן אין קיִעוו און היימלאַנד אין מאָסקווע. אַפֿילו אין בירָאבידזשאַן זײַנען אַרויס אין 1946, 1947 און 1948 דרײַ ליטעראַריש־גע־זעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע יאָרביכער בירָאבידזשאַן.[10] סוף נאָוועמבער 1948 איז דאָס אַלץ פֿאַרשוווּנדן ווי פֿון אַ מאַך מיט אַ כּישוף־שטעקעלע.

און אַוודאי איז ניט צו באַגרײַפֿן, פֿאַר וואָס ס׳האָט כּמעט אין גאַנצן ניט עקסיסטירט קיין ייִדישע פֿאָלקסשול. וועגן דעם ווי האָפֿענונגסלאָז ס׳האָט אויס־געזען די מערכה פֿון דער ייִדישער פֿאָלקסשול נאָך דער מלחמה האָט שמערקע קאַטשערגינסקי זייער בולט איבערגעגעבן אין זײַן בריוו צו יעקבֿ לעשטשינסקין.

אין דעם זיבעטן קאַפּיטל פֿונעם ערשטן טייל פֿון בוך האָבן מיר אויספֿירלעך ציטירט דעם בריוו. דאָ איז כּדאַי נאָך צו דערמאָנען, אַז קאַטשערגינסקי דער־ציילט אויך וועגן די שוועריקייטן, וואָס די יידישע פּרעסע האָט געהאַט אויסצו־שטיין אויפֿן וועג פֿון איר אַנטוויקלונג אין דעם נאָכמלחמהדיקן פּעריאָד.

אמת, אין דער צײַט איז אין מאָסקווע אַרויסגעגאַנגען (דרײַ מאָל אַ וואָך) די איינִיקייט. אָבער אויך די איינִיקייט האָט מען אָפּגעשטעלט נאָוועמבער 1948; זינט דעמאָלט איז בכלל ניטאָ קיין יידישע צײַטונג אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. חוץ דעם בלעטל ביראָבידזשאַנער שטערן (צוויי זײַטלעך!) וואָס גייט אַרויס דרײַ מאָל אַ וואָך אין טויזנט עקזעמפּלאַרן. דאָס איז בסך־הכּל אַ לאָקאַל סאָוועטיש צײַטינגל אויף יידיש, וואָס מחוץ ביראָבידזשאַן קען דאָס פּאַקטיש קיינער ניט קריגן.[11]

ס׳איז אפֿשר גאָר ניט נייטיק צו דערמאָנען, אַז די אויסלענדישע יידישע פּרעסע, די יידישע קאָמוניסטישע פּרעסע בתוכם, איז נאָך אַלץ פֿאַרבאָטן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אַ שטיקל צײַט האָט מען אַרײַנגעלאָזט די וואַרשעווער פֿאָלקסשטימע, אָבער דאָס איז שוין איצט פֿאַרגאַנגענהייט.

## די אידעע ביראָבידזשאַן לעבט אויף

די שווערע אַנטוישונגען נאָך דעם ווי מען איז צוריקגעקומען אַהיים פֿון די מקומות־מיקלט און פֿון עוואַקואַציע אין איינעם מיט די פֿאַרשטאַרקטע נאַציאָ־נאַלע געפֿילן פֿון די מלחמה־יאָרן האָבן באַלד נאָך דער מלחמה גורם געווען בײַ יידן אַ מין אויפֿלעבונג פֿון דער אידעע ביראָבידזשאַן. ס׳איז געגוג באַקאַנט, אַז נאָך צום סוף דרײַסיקער יאָרן איז שוין די אידעע ביראָבידזשאַן געווען כּמעט אין גאַנצן אָפּגעבליאַקירט. ווען דער ראַטן־פֿאַרבאַנד איז אַרײַן אין דער מלחמה, האָט ביראָבידזשאַן, אַפֿילו ניט אויף להבא, ניט געהאַלטן בײַם ווערן אַ יידישע אויטאָנאָמע געגנט; ניט קיין פֿאָרמעלע נאָר אַ פֿאַקטישע — לויטן באַשטאַנד פֿון דער באַפֿעלקערונג. אין דער צײַט פֿון דער מלחמה איז דער וועג קיין ביראָ־בידזשאַן פֿאַר יידישע איבערוואַנדערערס בכלל געווען פֿאַרמאַכט. וועגן דעם האָט שפּעטער אָפֿן געשריבן דער סעקרעטאַר פֿון געגנטלעכן קאָמיטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין ביראָבידזשאַן און מיטגליד פֿון העכסטן ראַט פֿון פֿסס״ר, אַ. באַכמוטסקי.[12] דער שטראָם יידישע פּליטים און עוואַקויִרטע איז קיין מאָל קיין ביראָבידזשאַן ניט דערגאַנגען. אין יענער צײַט האָט זיך די יידישע באַ־פֿעלקערונג אין ביראָבידזשאַן אַפֿילו געהאַט פֿאַרקלענערט. ס׳איז דאָרטן געהאַט אין גאַנצן אָפּגעשטאָרבן דאָס יידישע קולטורעלע לעבן וואָס האָט שוין אויך ביז דעמאָלט קוים־קוים געקענט ווען ניט איז אָנוואַרעמען מיט זײַן שוואַכינקן פֿײַערל. אין זײַן שוין פֿריִער ציטירטן בריוו דערציילט קאַטשערגינסקי, אַז ער האָט אין 1945 באַגעגנט אין מאָסקווע אַלט־געזעסענע ביראָבידזשאַנער יידן און ער האָט זיך פֿון זיי דערוווּסט, אַז צו יענער צײַט האָבן שוין קיין יידישע שולן אין ביראָבידזשאַן בכלל ניט עקסיסטירט, און בלויז אין צוויי אַלגעמיינע שולן איז נאָך געבליבן דער לימוד יידישע ליטעראַטור.

נאָך דער מלחמה (ניט תּיכּף־ומיד) איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו

באַנײַען די ייִדישע איבערוואַנדערונג קיין ביראָבידזשאַן. דער ערשטער אָרגאַ־ניזירטער עשאַלאָן ייִדישע איבערוואַנדערערס איז אַרויסגעפֿאָרן פֿון וויניצע דעצעמבער 1946. אָבער נאָך פֿאַר דעם האָט פֿון פֿאַרשיידענע טיילן לאַנד, דורך אָנצייליקע קליינע ריטשקעלעך, אַ שטראָם געטאָן אַ סטיכישע איבערוואַנדערונג פֿון ייִדן קיין ביראָבידזשאַן. סך־הכּל זײַנען ביז יולי 1948 אָנגעקומען נאָך צוויי עשאַלאָנען פֿון וויניצער געגנט און עטלעכע עשאַלאָנען פֿון כערסאָנער, ניקאָ־לײַעווער, דניעפּראָפּעטראָווסקער און קרימער געגנטן. אַרום און אַרום זײַנען פֿון דעצעמבער 1946 ביז יולי 1948 אָנגעקומען אין ביראָבידזשאַן 9 עשאַלאָנען ייִדישע איבערוואַנדערערס (1,770 משפּחות). אָבער אײנצײַטיק מיט דער אָרגאַ־ניזירטער איבערוואַנדערונג איז געגאַנגען די אָנזעעוודיקע סטיכישע איבער־וואַנדערונג. וועגן דעם האָט אַ. באַכמוטסקי געשריבן (פֿרילינג 1947) אין דער אייניקייט:[13]

„חוץ די וויניצער חבֿרים זײַנען אין אונדזער געגנט אָנגעקומען פֿאַרן לעצטן יאָר אַ היפּשע צאָל איבערוואַנדערערס (קרובֿ 500 משפּחות) פֿון אַנדערע ער־טער; זיי זײַנען געקומען גרופּעסווײַז און איינציקווײַז. עטלעכע צענדליגג משפּחות האָבן איבערגעוואַנדערט פֿון קרים, אַ סך זײַנען געקומען פֿון קיִעווער, דניעפּראָ־פּעטראָווסקער, זשיטאָמירער, פּאָלטאַווער, קעמעראָווער און נאָוואָסיבירסקער געגנטן, און פֿון מיטל־אַזיאַטישע רעפּובליקן...“

פֿון די ציטירטע ידיעות וואַרפֿט זיך אין די אויגן דער פֿאַקט, אַז אַן אָנזע־עוודיקע מערהייט איבערוואַנדערערס זײַנען געקומען פֿון אוקראַיִנע און קרים; די גאַנצע אָרגאַניזירטע איבערוואַנדערונג איז געגאַנגען נאָר פֿון דאָרטן. אָבער אויך אין דער סטיכישער איבערוואַנדערונג האָבן די מערבֿ־אַזיאַטישע געגנטן (קעמעראָווער און נאָוואָסיבירסקער) און די מיטל־אַזיאַטישע רעפּובליקן געהאַט אַ פֿאַרהעלטענישמעסיק קליינעם חלק. נאָר ווען אוקראַיִנע און קרים זײַנען באַ־פֿרײַט געוואָרן פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע, זײַנען דאָך דאָרטן בכלל ניט גע־בליבן קיין ייִדן. הייסט דאָס, אַז די איבערוואַנדערערס וואָס זײַנען אין 1946 און אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַוועקגעפֿאָרן פֿון דאָרטן קיין ביראָבידזשאַן, זײַנען געווען ייִדן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין אוקראַיִנע און אין קרים פֿון דער עוואַקואַציע, אָדער פֿון דער אַרמיי. דער אומגעריכטער דראַנג צו ביראָ־בידזשאַן בײַ די עוואַקויִרטע וואַרפֿט אַ העלע שײַן אויף זייער שווערן מצבֿ נאָך דעם ווי זיי זײַנען צוריקגעקומען אַהיים. קיין ביראָבידזשאַן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן ניט קיין דעקלאַסירטע מענטשן וואָס זײַנען ערשט נעכטן געהאַט אַרויס־געגאַנגען פֿון דעם תּחום־המושבֿ, ווי דאָס איז געווען אין דעם ערשטן יאָר־צענדליגג פֿון ביראָבידזשאַן. צום גרעסטן טייל זײַנען דאָס געווען מענטשן וואָס האָבן שוין געהאַט געפֿונען זייער אָרט אין לעבן, מענטשן וואָס זײַנען געווען אין שטאַנד זיך אײַנצוּוואָרצלען אויף אַן אָרט, אָדער זיי האָבן שוין אַפֿילו געהאַט זיך אײַנגעוואָרצלט. באַזונדער אָנזעעוודיק איז דער פּראָצענט מענטשן וואָס האָבן פֿאַרבונדן, אָדער זײַנען געווען גרייט צו פֿאַרבינדן זייער גורל מיט אַגרי־קולטור: פֿון צווישן די 1,770 משפּחות וואָס זײַנען אָנגעקומען מיט די 9 עשאַ־

לאָנען זײַנען 830 משפּחות — כּמעט אַ העלפֿט — אַוועק אַרבעטן אין די קאָלכאָזן, סאָווכאָזן און מאַשין־טראַקטאָר־סטאַנציעס.[14] מסתּמא זײַנען דאָס צום טייל געווען אָפּשטאַמיקע פֿון משפּחות וואָס האָבן בשעתו געהאַט אַ שײַכות צו די ייִדישע אַגריקולטור־קאָלאָניעס אין אוקראַיִנע און אין קרים.

ס'איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף נאָך איין כאַראַקטעריסטישן שטריך פֿון דער איבערוואַנדערונג־כוואַליע. דער פֿאַרטרעטער פֿון דער אויספֿיר־ביוראָ פֿון בירעבידזשאַן, אַבראַם יאַרמאָליצקי, האָט בעת אַ שמועס אין דער רעדאַקציע אייניקייט פֿאַרסכּהכּלט זײַנע אײַנדרוקן פֿון אַ נסיעה איבער אוקראַיִנע און קרים אין שײַכות מיט צוגרייטן די עשאַלאָנען איבערוואַנדערערס:[15]

> „אומעטום, וווּ מיר איז אויסגעקומען צו זײַן, האָב איך בײַ דער ייִדישער באַפֿעלקערונג באַגעגנט אַ גרוואַלדיקן אינטערעס צו דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. און ניט נאָר אַן אינטערעס. אַ סך אַרבעטנדיקע — קאָלכאָזניקעס, אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, פֿאַרשטייערס פֿון דער אינטעליגענץ — דריקן אויס זייער הייסן פֿאַרלאַנג צו באַטייליקן זיך פּערזענלעך אינעם אויפֿבוי פֿון אַ ייִדישער מלוכישאַפֿט אין פֿסס"ר און זיי וואַרטן נאָר אויף דער מעגלעכקייט איבערצוּוואַנדערן".

כּמעט אין אַלע באַריכטן אין דער אייניקייט וועגן שמועס מיט איבערוואַנדערערס בעתן אָרגאַניזירן די עשאַלאָנען — און די צאָל באַריכטן איז זייער גרויס — חזרט זיך כּסדר איבער די אָנצוהערעניש אויפֿן פֿאַרלאַנג צו באַטייליקן זיך אינעם „אויפֿבוי פֿון אַ ייִדישער מלוכישאַפֿט אין פֿסס"ר". ס'איז שווער צו גלייבן, אַז דאָס איז אַלץ געווען בלויז אָפֿיציעלע פּראָפּאַגאַנדע. אין די ראַמען פֿון דער פּאָליטיק וואָס מען האָט געפֿירט אין בירעבידזשאַן פּאַסט זיך עפּעס גאָר ניט אַרײַן דער געדאַנק וועגן אַ ייִדישער מלוכישאַפֿט, גיכער פֿון אַלץ איז דאָס משמעות געווען אַ פּרווו (אַ געדאַנק וואָס איז אפֿשר געבוירן געוואָרן אין דער רעדאַקציע אייניקייט גופֿא) אָנצוקליידן די פֿאַרשטאַרקטע נאַציאָנאַלע געפֿילן בײַ ייִדן אין אַ לבֿוש פֿון כּמעט אָפֿיציעלער טערמינאָלאָגיע.

צו זומער 1948 האָט דער פּראָצעס ווײַזט אויס דערגרייכט זײַן העכסטן פּונקט. אין דער צווייטער העלפֿט יאָר האָבן שוין אין דער ייִדישער פּאָליטיק פֿון דער קאָמפּאַרטיי גענומען איבערוועגן נײַע שטימונגען, און דאָס האָט משמעות גורם געווען, אַז מען האָט באַשלאָסן אָפּצושטעלן די ייִדישע איבערוואַנדערונג קיין בירעבידזשאַן. די אייניקייט איז נאָך אַרויסגעגאַנגען ביזן סוף יאָר, אָבער קיין באַריכטן וועגן נײַע עשאַלאָנען איבערוואַנדערערס קיין בירעבידזשאַן, זײַנען שוין דאָרטן מער ניט געווען. און פּונקט אַזוי זײַנען פֿאַרשווונדן די באַריכטן וועגן אָנקום פֿון „ניט־אָרגאַניזירטע" איבערוואַנדערערס. אַוודאי איז דאָס ניט קיין צופֿאַל. נאָך קנאַפּע צוויי יאָר האָפֿן האָט זיך פֿון דאָס נײַ אָנגעהויבן דער באַרג־אַראָפּ פֿון בירעבידזשאַן ווי אַ פּאָטענציעלן ייִדישן צענטער.

# הערות

[1] דער פּראָצעס פֿון אַלץ אַ גרעסערער קאָנצענטראַציע פֿון ייִדן אין די שטעט, ספּעציעל אין וויכטיקע שטאָטישע צענטערס, וואָס האָט זיך געמערקט שוין פֿון לאַנג, האָט זיך נאָך דער מלחמה זייער פֿאַרשטאַרקט. דער פּראָצענט ייִדן אין די שטעט איז — לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1959 — געשטיגן ביז 95.3% פֿון דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין לאַנד אַנטקעגן די 87% פֿון 1939 און די 82% פֿון 1926. צום באַדויערן זײַנען אין די פּובליקירטע אויס־גאַבעס פֿון דער פֿאָלקסציילונג פֿאַראַן געגעבענע (וואָס שייך דער נאַציאָנאַלער גרופּירונג פֿון דער שטאָטישער באַפֿעלקערונג) בלויז פֿאַר די הויפּטשטעט פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן. נאָר פֿון דער רספּס״ר זײַנען חוץ פֿאַר מאָסקווע פֿאַראַן געגעבענע אויך פֿאַר לענינגראַד, און פֿון דער ליטווישער סס״ר זײַנען חוץ פֿאַר ווילנע פֿאַראַן געגעבענע אויך פֿאַר קאָוונע. ספּעציעל בולט איז דער פּראָצעס פֿון ייִדישער קאָנצענטראַציע אין די הויפּטשטעט פֿון די באַלטישע רע־פּובליקן: אין דער ליטווישער סס״ר איז — לויט דער פֿאָלקסציילונג — אין ווילנע קאָנצענ־טרירט 66.2% פֿון דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין דער רעפּובליק און 19.4% אין קאָוונע, ד״ה אין דער אַלטער און אין דער נײַער הויפּטשטאָט צוזאַמען 85.6%. אין דער לעטי־שער סס״ר — 82.7% אין ריגע, אין דער עסטאָנישער סס״ר — 70.3% אין טאַלין. אָבער אויך אין דער רספּס״ר איז כּמעט אַ העלפֿט (46.6%) פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין דער רעפּובליק קאָנצענטרירט אין מאָסקווע (239,246) און אין לענינגראַד (168,641).

פֿון גאַנצקייט וועגן איז אפֿשר כּדאַי דאָ צו ברענגען די שייכדיקע געגעבענע אויך פֿאַר די איבעריקע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן. אין אוקראַיִנע איז די קאָנצענטראַציע פֿון ייִדן אין דער הויפּטשטאָט אַ סך אַ קלענערע — אין גאַנצן 18.3%, און אין ווײַסרוסלאַנד נאָר 25.9%: אין די ביידע רעפּובליקן זײַנען מחוץ די הויפּטשטעט פֿאַראַן ניט ווייניק שטאָטישע צענטערס וואָס ציִען צו ייִדן; דאָס איז אין אַ קלענערער מאָס שייך צו מאָלדאַוויע אויך — 45.1%. זייער הויך איז דער פּראָצענט פֿאַר די מיטל־אַזיאַטישע רעפּובליקן: טאַדזשיקיסטאַן — 70.3%, קיר־גיזיע — 67.9%, און אוזבעקיסטאַן — 53.5%. דאָ איז די קאָנצענטראַציע פֿון ייִדן אין די הויפּטשטעט פֿון די רעפּובליקן פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער אימיגראַציע פֿון אַנדערע פֿאַר־באַנדישע רעפּובליקן אין דער צײַט פֿון דער מלחמה. ווידער אַ סך נידעריקער איז דער פּראָ־צענט פֿאַר טורקמעניע (31.1%) און פֿאַר קאַזאַכסטאַן (30.1%), ווו זינט דעם אָנהייב פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך, מחוץ דער הויפּטשטאָט, אַנטוויקלט עקאָנאָמיש אַנדערע שטאָ־טישע צענטערס. אין אַזערבײַדזשאַן קומט צום אויסדרוק דער טראַדיציאָנעלער אויסשליסלעכער באַטײַט פֿון באַקו (72.6%). אין טיפֿליס (גרוזיע) זײַנען קאָנצענטרירט 33.5% פֿון אַלע ייִדן אין דער רעפּובליק; פֿאַר אַרמעניע, ווו ס'זײַנען אין גאַנצן פֿאַראַן 1,024 ייִדן, איז די צאָל ייִדן אין דער הויפּטשטאָט פֿון דער רעפּובליק ניט אָנגעגעבן אין די סך־הכּלען פֿון דער פֿאָלקס־ציילונג.

די געגעבענע פֿון דער פֿאָלקסציילונג אין 1939 זײַנען פֿאַראַן אין: ל. זינגער, דאָס באַנײַטע פֿאָלק, מאָסקווע, פֿאַרלאַג „עמעס“, 1941, ז״ז 38־40. די געגעבענע פֿון דער פֿאָלקסציילונג אין 1959 וועגן דער נאַציאָנאַלער גרופּירונג פֿון דער באַפֿעלקערונג זײַנען קאַרג אין דעם פֿולדיקן באַנד ,Итоги переписи населения 1959 г., изд. ЦСУ, Москва, 1962 г. אַ סך מער פּרטים זײַנען פֿאַראַן אין די 15 בענד «Итоги» פֿאַר די 15 פֿאַרבאַנדישע רע־פּובליקן. אַן אויסגעצייכנטער קיצור־הדרך צו די געגעבענע אין די 15 בענד איז דאָס קליינע סטאַטיסטישע זאַמלבוך וואָס איז אַרויס אין ירושלים אין 1963: *The Jews in the Soviet Union Census*, 1959, edited by Mordchaj Altschuler.

[2] זען געגעבענע וועגן דער פֿאָלקסציילונג אין 1939 בײַ ל. זינגערן, דצ״וו, ז' 126, וועגן דער פֿאָלקסציילונג אין 1959, זען Итоги переписи. ז״ז 206־208.

3 ס'איז כּדאַי צו פֿאַרגלײַכן די געגעבענע אין די פֿאָלקסציילונגען פֿון 1939 און 1959 וועגן דער צאָל באַפֿעלקערונג פֿון אַ ריי נאַציאָנאַליטעטן (ניט פֿון די שייכדיקע רעפּובליקן) אויף טעריטאָריעס וואָס זײַנען ניט געווען אָקופּירט:

| | 1939 | | 1959 | זיך פֿאַרגרעסערט אויף |
|---|---|---|---|---|
| | | (אין טויזנטערס) | | (אין %) |
| אוזבעקן | 4,844 | | 6,004 | 23.9 |
| קאַזאַכן | 3,098 | | 3,581 | 15.6 |
| קירגיזן | 884 | | 974 | 10.2 |
| טאַדזשיקן | 1,229 | | 1,397 | 13.7 |
| טורקמענער | 812 | | 1,004 | 23.6 |
| אַזערבײַדזשאַנער | 2,275 | | 2,929 | 28.7 |
| גרוזינער | 2,249 | | 2,650 | 17.8 |
| אַרמענער | 2,152 | | 2,787 | 29.5 |

די שייכדיקע ציפֿערן פֿאַר אַלע אַכט נאַציאָנאַליטעטן צוזאַמען זײַנען 17,543 און 21,326; דער וווקס פֿון 1939 ביז 1959 באַטרעפֿט 21.6%.

[4] זען אין טעקסט ז' 82.

[5] זען אין טעקסט ז' 126.

[8] זען מײַן: Антисемитизм в Советском Союзе, стр. 199-204.

[9] Правда, 14-го февраля 1946 г.

[9א] י. ב. שעכטמאַן ברענגט אין זײַן אַרטיקל "Anti-Jewish Bias in Soviet Legislature", *Congress Bi-weekly*, נאָוועמבער 15, 1965, געגעבענע וועגן דער צאָל ייִדן צווישן די דעפּוטאַטן אין די העכסטע ראַטן פֿון אַ ריי פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן (דער מחבר פֿון דעם אַרטיקל גיט ניט דעם מקור, פֿון וואַנען ער האָט גענומען די אינפֿאָרמאַציע. אָבער דאָך איז כּדאַי זי דאָ צו פֿאַרצייכענען):

„דער פּראָצענט ייִדן אינעם באַשטאַנד פֿון דער באַפֿעלקערונג אין דער רספּס״ר באַטרעפֿט 0.7, דער פּראָצענט ייִדן אינעם העכסטן ראַט פֿון דער רספּס״ר — 0.12. אין העכסטן ראַט פֿון אוקראַינע זײַנען פֿאַראַן 0.22% ייִדן, אָבער אינעם באַשטאַנד פֿון דער באַפֿעלקערונג — 2%. אינעם העכסטן ראַט פֿון ווײַסרוסלאַנד זײַנען פֿאַראַן 0.45% ייִדן, אין דער באַפֿעקערונג — 1.9%.

צווישן די 281 דעפּוטאַטן אינעם העכסטן ראַט פֿון דער מאָלדאַווישער רעפּובליק איז ניטאָ קיין איין ייִד; די 96,000 ייִדן זײַנען דאָרט 3.3% פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג; ס'איז ניטאָ קיין איין ייִד צווישן די 200 דעפּוטאַטן אינעם העכסטן ראַט פֿון לעטלאַנד (דער פּראָצענט ייִדן אין דער באַפֿעלקערונג איז 1.7); ס'זײַנען ניטאָ קיין ייִדן צווישן די דעפּוטאַטן אין די העכסטע ראַטן פֿון עסטלאַנד, אַרמעניע און קירגיזיע.

וואָס שייך די אָרטיקע ראַטן איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין מאָסקווע, ווו 10% פֿון דער אײַנוווינערשאַפֿט זײַנען ייִדן, זײַנען אויף די 1,104 מיטגלידער אין מאָסקווער ראַט פֿאַראַן 12 ייִדן (1.1%). אין ריגע, ווו ס'וווינען 30,267 ייִדן, ד״ה 5 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג אין שטאָט, זײַנען צווישן די 370 דעפּוטאַטן אין שטאָטראַט פֿאַראַן בלויז 4 ייִדן.

די סאָוועטישע נאַוואָסטי האָט פֿאַרעפֿנטלעכט צו וויסן געגעבן, אַז אין 1963 זײַנען אין פֿאַרשיידענע אָרטיקע ראַטן אויסגעוויילט געוואָרן 1,623 ייִדן. וואָס מען האָט אָבער דערבײַ ניט דער־מאָנט איז, אַז די אַלגעמיינע צאָל אָרטיקע דעפּוטאַטן האָט דערגרייכט 1,958,566 ד״ה, אַז דער פּראָצענט ייִדן צווישן זיי איז בלויז 0.4..."

[10] גענויע געגעבענע בײַ H. Ben-Josef "Bibliography of Yidish Publications", *Jewish Literature in the Soviet Union During and Following the Holocaust Peroid,* Jerusalem, Yad Vashem, 1960, pp. 51–69.

[11] די נײַסטע פּרטים וועגן דעם האָט געבראַכט מאַקס פֿרענקעל וואָס איז געווען אין בירא־בידזשאַן פֿרילינג 1959. זען זײַן קאָרעספּאָדענץ אין: *The New York Times,* May 1st, 1959.

[12] אייניקייט, פֿעברואַר 11, 1947.

[13] דאָרטן, מײַ 24, 1947.

[14] דאָרטן, יולי 22, 1948.

[15] דאָרטן, יאַנואַר 18, 1948.

קאַפּיטל צוויי

# דער אָנהייב פֿון אָפֿיציעל פֿאַוואָריזירטן אַנטיסעמיטיזם

## מען מאַכט אַ סוף צום ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט און צו דער ייִדישער פּרעסע

### ס׳ווערט ערגער

די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה זײַנען פֿאַר די סאָוועטישע ייִדן געווען יאָרן פֿון שווערע אַנטוישונגען. וועגן פֿאַרגרינגערן זיי דעם וועג צו אַ נאָרמאַל לעבן אין די געגנטן, וואָס זיי האָבן באַוווינט פֿאַר דער מלחמה, איז גאָר קיין רייד ניט געווען, און וועגן געבן די ייִדן נאַציאָנאַלע רעכט, לכל־הפּחות אין דער זעלבער מאָס ווי פֿאַר דער מלחמה — אַוודאי ניט. און דאָך, אין פֿאַרגלײַך מיט דעם ווי ס׳האָט אויסגעזען צום סוף פֿון דער מלחמה, האָט זיך גענומען דוכטן, אַז די לאַגע איז ווייניקער אָנגעשטרענגט; והראַיה, דער אַנטיסעמיטיזם איז שוין מער ניט אַזוי שאַרף. אָבער אין דער צווייטער העלפֿט 1948 איז געוואָרן אַ סך ערגער, און ניט נאָר וואָס שייך אַנטיסעמיטיזם. אין דער געשיכטע פֿון סאָוועטישן ייִדנטום האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע תּקופֿה, די סאַמע שווערסטע, און ס׳איז אַ סבֿרא, אַז נאָר סטאַלינס טויט האָט געראַטעוועט די סאָוועטישע ייִדן פֿון אַן אומגעהײַערער קאַטאַסטראָפֿע וואָס האָט אויף זיי געלויערט.

ווי אויסטערליש דאָס זאָל ניט אויסקומען, נאָר דער קער צום שלעכטן אין דער סאָוועטישער פּאָליטיק לגבי ייִדן האָט משמעות געהאַט אַ שײַכות צו דער גרינדונג פֿון מדינת־ישׂראל. אין משך פֿון אַ ריי יאָרן פֿאַר דער גרינדונג פֿון דער ייִדישער מלוכה אין פּאַלעסטינע האָט די סאָוועטישע רעגירונג זיך באַצויגן צו דעם ענין אָן סימפּאַטיע, אָבער אין 1947 האָט זי געביטן איר שטעלונג. ווען ס׳איז דעם 14טן מײַ 1948 פּראָקלאַמירט געוואָרן די גרינדונג פֿון דער אומאָפּהענגיקער מדינת־ישׂראל, איז די סאָוועטישע רעגירונג געווען די ערשטע וואָס האָט תּיכּף־ומיד זי פֿאָרמעל אָנערקענט און פֿאַרנומען לגבי איר אַ פֿרײַנדלעכע שטעלונג (גענויער וועגן דעם אין צענטן קאַפּיטל פֿון דעם בוך). דאָס האָט בײַ די סאָוועטישע ייִדן אויפֿגעוועקט אָן אַ שיעור האָפֿענונגען, אָבער אין גיכן האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז ס׳איז געווען אַן אילוזיע.

ווען דער לאַנגיאָריקער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פון דער באָסטאָנער צײַטונג קרישטשען סײַענס מאָניטאָר עדמונד סטיווענס איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע, האָט ער באַשריבן אַ שטוינענדיקע פּאַסירונג, וואָס ער אַליין האָט בײַגעוווינט אין מאָסקווע זומער 1948:

„ווען מדינת־ישׂראל איז געוואָרן ווירקלעכקייט, האָבן די אָנפירערס פון דער סאָוועטישער פּאָליטיק גערעכנט, אַז מדינת־ישׂראל וועט ווערן זייערס אַ שטיצפּונקט אויפן נאָענטן מיזרח. די סאָוועטישע פּרעסע האָט זיך זייער גינציק אָפּגערופן וועגן מדינת־ישׂראל און האָט אָרגאַניזירט לעקציעס וועגן איר.

איין מאָל נאָך אַזאַ לעקציע אין מאָסקווע האָט זיך אין דער אודיטאָריע אויפגעשטעלט אַ צוהערער און געפרעגט דעם לעקטאָר, ווהין מען דאַרף זיך ווענדן, אויב מען וויל עמיגרירן קיין מדינת־ישׂראל. אַנשטאָט צו ענטפערן אויף דער פראַגע, איז דער לעקטאָר גאָר אָנגעפאַלן אויפן פרעגער און ער האָט דערקלערט, אַז פאַר אַ לאָיאַלן סאָוועטישן בירגער פּאַסט ניט צו שטעלן אַזאַ פראַגע. ער דאַרף זײַן אַזוי שטאָלץ מיט זײַן סאָוועטישן אָפּשטאַם, אַז ס'דאַרף אים גאָר ניט אײַנפאַלן צו טראַכטן וועגן עמיגראַציע; בלויז דער געדאַנק וועגן עמיגראַציע איז שוין פאַררעטעריש. אָבער אַנדערע צוהערערס האָבן אונטערגעהאַלטן דעם פרעגער: צי האָט מען דען ניט געגעבן סאָוועטישע בירגערס פון פּוילישן און טשעכישן אָפּשטאַם קיין מעגלעכקייט צו עמיגרירן אין די שייכדיקע מלוכות אויפן סמך פון אָפּמאַכן וועגן רעפּאַטריאַציע? פאַר וואָס זאָל מען ניט שליסן אַזאַ אָפּמאַך מיט מדינת־ישׂראל?"

ווײַטער פון דערקלערן דעם בלויזן געדאַנק וועגן עמיגרירן אין מדינת־ישׂראל פאַר „פאַררעטעריש" האָט מען שוין דוכט זיך ניט געקענט גיין. דאָס איז משמעות ניט געווען קיין צופעליקע רוגזא פון אַ צופעליקן לעקטאָר וואָס האָט אימפּראָוויזירט אַן ענטפער אויף אַן אומגעריכטער פראַגע. ס'איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ סיסטעם: אַלע דערשײַנונגען פון פּראָישׂראלדיקייט תּיכּף צו נישט מאַכן מיט דראָונגען און רוגזא. וואָלטער בידעל־סמיט, דער געוועזענער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, האָט דערציילט, אַז אויף אַ קבלת־פּנים אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע, האָט ער אויפן פאַרלאַנג פון גאָלדע מאירסאָן, זי באַקענט מיט ערענבורגן:[2]

„... נאָך אַ קורצן שמועס מיט דער הילף פון אַן איבערזעצער, האָט פרוי מאירסאָן אים געפרעגט צי ער רעדט ניט קיין ענגליש.

ערענבורג האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך געזאָגט אויף רוסיש: 'איך רייד ניט קיין ענגליש, און כ'האָב ניט קיין גרוים דרך־ארץ פאַר ייִדן געבוירענע אין רוסלאַנד, וואָס ריידן ענגליש'."

ערענבורגס בכּיוונדיקע גראָבקייט צו דעם אַמבאַסאַדאָר פון מדינת־ישׂראל האָט אַוודאי אָפּגעשפּיגלט די פּראַקטישע באַציִונג פון די אָפיציעלע סאָוועטישע קרײַזן צו דער יונגער ייִדישער מלוכה, און זייער גרימצאָרן צוליב די שטאַרקע סימפּאַטיעס פון דער מאָסקווער ייִדישער באַפעלקערונג צו דער פרוי מאירסאָן. די פירערס פון דער סאָוועטישער פּאָליטיק האָבן משמעות דערפילט, אַז די

סימפּאַטיעס זײַנען אַן אויסדרוק פֿון דער פּסיכאָלאָגישער פֿאַרבונדנקייט פֿון סאָוועטישע ייִדן מיט ייִדן מחוץ דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד, מיט „ייִדן פֿון דער גאַנ־צער וועלט“, וואָס צו זיי האָט ערשט ניט לאַנג אַפּעלירט די ייִדישע קאָמוניסטישע פּרעסע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און מחוץ אים. איצט איז דער בלויזער געדאַנק וועגן אַזאַ פֿאַרבונדנקייט פֿאַראורטיילט געוואָרן.

אין תּוך איז דאָס געווען אין הסכּם מיט דער באָלשעוויסטישער קאָנצעפּציע וואָס לעניִן האָט ניט איין מאָל פֿאָרמולירט נאָך ביז דער רעוואָלוציע: ייִדן זײַנען ניט קיין נאַציאָנאַליטעט. אָבער ווען די באָלשעוויקעס זײַנען געקומען צו דער מאַכט, זײַנען זיי געווען געצוווּנגען זיך אָפּצוזאָגן פֿון דער קאָנצעפּציע און צו אָנערקענען דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פֿון ייִדנטום — צי בלויז פֿון סאָוועטישן, אָדער פֿון וועלט־ייִדנטום — האָבן זיי קיין מאָל פּינקטלעך ניט פֿאָר־מולירט. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער רוף „צו ייִדן פֿון דער גאַנצער וועלט“ אַפֿילו געוואָרן די עיקר־אויפֿגאַבע פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמי־טעט — די אָרגאַניזאַציע, וואָס מען האָט ספּעציעל געשאַפֿן מיט דעם צוועק. איצט איז דער בלויזער געדאַנק וועגן אַזאַ שײַכות צום „וועלט־ייִדנטום“ בפֿירוש פֿאַראורטיילט געוואָרן. דרײַסיק יאָר נאָך דער רעוואָלוציע האָט מען זיך גענו־מען אומקערן צו דער באָלשעוויסטישער קאָנצעפּציע פֿון דער ייִדן־פֿראַגע פֿון פֿאַר דער רעוואָלוציע. אין די סאָוועטישע באַדינגונגען האָט דאָס געמוזט האָבן ערנצטע קאָנסעקווענצן.

ניט קיין אַנדערן ווי ערענבורגן האָט מען איבערגעגעבן די קנאַפּע בכּבֿודיקע און (אין די קאָנקרעטע סאָוועטישע באַדינגונגען נאָך דער מלחמה) פֿאַטאַלע ראָלע צו זײַן דער ערשטער וואָס זאָל פֿאַרטיידיקן די באַנײַטע קאָנצעפּציע. ער האָט זיך דערבײַ פֿאַררופֿן אויף אַ בריוו, וואָס ער האָט געקריגן פֿון אַ ייִדישן סטודענט אין מינכן. בעת דער מלחמה איז דער סטודענט געווען אין דער פֿראַנצייזישער אונטערערדישער באַוועגונג; נאָך דער מלחמה איז ער צוריק־געקומען, און צוליבן אַנטיסעמיטיזם, וואָס ער האָט דאָ אָפּט באַגעגנט, איז ער געוואָרן פֿאַרצווייפֿלט און ער האָט זיך אָנגעצונדן מיטן באַגער צו עמיגרירן אין מדינת־ישׂראל. מיט אַ שווער האַרץ האָט ער וועגן דעם געשריבן צו ערענבורגן, און ערענבורג האָט אין פּראַוודאַ, סעפּטעמבער 21, 1948, אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל א״נ „אין שײַכות מיט אַ בריוו“. אין דעם אַרטיקל האָט ער זיך באַמיט אויסצו־טײַטשן דאָס געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט בײַ ייִדן בלויז ווי אַ רעאַק־ציע אויפֿן אַנטיסעמיטיזם:

„די אָבסקוראַנטן זאָגן, אַז ס'איז פֿאַראַן עפּעס אַ מיסטישער בונד צווישן די ייִדן פֿון דער וועלט. אָבער ס'איז פֿאַראַן ווייניק שותּפֿות־דיקייט צווישן אַ טוניסער ייִדן און אַ ייִדן וואָס וווינט אין שיקאַגאָ, וואָס רעדט אַמעריקאַניש און טראַכט אַמעריקאַניש. אויב ס'איז יאָ דאָ צווישן זיי אַ בונד, איז דאָס לחלוטין ניט קיין מיסטישער: דעם בונד האָט געבוירן דער אַנטיסעמיטיזם... די אומגלייבלעכע חיהשקייט פֿון די דײַטשע פֿאַשיסטן וואָס האָבן געפּרײַדיקט און אין אַ סך לענדער פֿאַרווירקלעכט די פֿולשטענדיקע אויסראָטונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעל־

קערונג, די ראַסן־פּראָפּאַגאַנדע, צו ערשט די באַליידיקונג, דערנאָך די אויוונס אין מײַדאַנעק — דאָס אַלץ האָט בײַ יידן פֿון פֿאַרשיידענע לענדער אַרויסגערופֿן אַ געפֿיל פֿון טיפֿער געבונדנקייט. דאָס איז אַ סאָ־לידאַריטעט פֿון באַליידיקטע און דערצאָרנטע".

אין עטלעכע חדשים אַרום האָט שוין די אַרגומענטאַציע געהאַט דורכגע־מאַכט אַ פֿולע אַנטוויקלונג. זי האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַנערקענען פֿאַר „פֿאַר־רעטעריש" שוין בלויז די אידעע פֿון אַ גײַסטיקער (לויט ערענבורגס פֿאַלע־מישער טערמינאָלאָגיע, „מיסטישער") שײַכות צווישן די סאָוועטישע און אויס־לענדישע ייִדן. לעת־עתּה האָט מען נאָך געהאַלטן בײַם אָנהייב. אָבער ס׳איז זיך שווער פֿאַרצושטעלן, אַז ערענבורג זאָל זיך ניט האָבן אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון פֿון די פּראַקטישע אויספֿירן, צו וועלכע ס׳קען ברענגען זײַן גרינגוואַגי־קע אַרגומענטאַציע.

## דער לעצטע קלאַפּ

אין קורצן האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען די אידעאָלאָגישע צו־גרייטונג צו דער ליקווידאַציע פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט און פֿון דער ייִדישער פּרעסע (די צײַטונג איינִיקייט און דעם פֿאַרלאַג „עמעס"). מיר האָבן שוין פֿריִער דערמאָנט, אַז דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט וואָס האָט אין אָנהייב געפּרוּווט דינען ווי אַ סוראָגאַט פֿון ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, האָט צום סוף פֿון דער מלחמה שוין קוים געזשיפּעט. נאָך דער מלחמה האָט מען אַפֿילו קיין איין מאָל ניט צונויפֿגערופֿן קיין פּלענום פֿון דעם קאָמיטעט. בלויז די איינִיקייט, וואָס דער קאָמיטעט האָט נאָך ווײַטער אַרויסגעגעבן, האָט פֿאַר די סאָוועטישע ייִדן געהאַט אַ שטיקל נאַציאָנאַלן באַטײַט. מען האָט זיך פֿון איר געקענט דערוויסן — אמת ניט אַלץ, און דאָס אויך נאָך פֿון צײַט צו צײַט — וואָס ס׳קומט פֿאָר מיט ייִדן אין פֿאַרשיידענע עקן לאַנד. אָבער נאָוועמ־בער 1948 האָט מען פֿונאַנדערגעלאָזט דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט און פֿאַר איין וועגס פֿאַרמאַכט אויך די איינִיקייט. דאָס איז ווײַזט אויס דורכגע־פֿירט געוואָרן בסוד־סודות צווישן 20סטן און 22סטן נאָוועמבער 1948.[3] ווען די ערשטע ידיעות וועגן דעם גורל פֿון דער איינִיקייט און פֿון „עמעס" (און שפּע־טער וועגן די אַרעסטן פֿון אָנגעזעענע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבערס) האָבן זיך באַוויזן אין דער ניו־יאָרקער פּרעסע, האָט די ייִדישע קאָמוניסטישע פּרעסע געפּרוּווט פֿולשטענדיק אָפּלייקענען אַלע ידיעות: ס׳איז „אַנטיסאָוועטישע הע־צע". זינט אָנהייב 1949 האָט די ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכקייט אין אַמעריקע ניט איין מאָל געפֿרעגט בײַ דער ייִדישער קאָמוניסטישער פּרעסע: וואָס געשעט לעצטנס מיט ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, פֿאַר וואָס האָט מען פֿאַרמאַכט דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט און דעם „עמעס", און וועגן די קלאַנגען, אַז מען האָט אַרעסטירט ייִדישע שרײַבערס; פֿאַר וואָס זײַנען ניטאָ קיין גענויע ידיעות, וועגן דער ייִדישער שול און וועגן דעם ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן אין ביראָביד־זשאַן, וועגן אַנטיסעמיטיזם א"אַנד. אין תּוך האָט די קאָמוניסטישע פּרעסע זיך באַמיט צו שווײַגן. זי האָט זיך באַגרענעצט מיט דער שאַרפֿער פּאָלעמיק קעגן

די „רכילותניקעס“ וואָס פֿירן אָן „אַנטיסאָוועטישע העצע“ און זי האָט געפֿאָדערט אומבאַגרענעצטן צוטרוי צום ראַטן־פֿאַרבאַנד. סוף־כּל־סוף האָט זיך אין זשורנאַל יִדישע קולטור, יוני 1949 באַוויזן אַ לייטאַרטיקל א״נ „די נײַע ווּיסטע פֿאַרלוימדונג“. דאָס לייטאַרטיקל איז אַפֿילו געווען אויסגעהאַלטן וואָס שייך נוסח; די געוויינטלעכע שרײַיקע טענער אָן אַ סימן פֿון אַ באַווײַז, אָבער דער אַרטיקל האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ צוזאָג:

„מיר פֿאַרשטייען גוט די מאָטיוון וואָס זײַנען דער יסוד פֿון אָט דער קאַמפּאַניע, און מיר דאַרפֿן קעמפֿן קעגן איר און דערווײַזן די גאַנצע אומזיניקייט פֿון אַזעלכע באַשולדיקונגען קעגן ראַטן־פֿאַרבאַנד“.

באַלד נאָך דעם איז מיט גרויסער שריפֿט, אין אַ רעמל, געווען אָפּגעדרוקט אַ מעלדונג „פֿון דער רעדאַקציע“:

„אין דעם קומעדיקן נומער יִדישע קולטור וועלן מיר דרוקן אַרטיקלען וועגן כּלומרשטן אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און וועגן די קלאַנגען וואָס ווערן פֿאַרשפּרייט בנוגע דעם צושטאַנד פֿון דער יִדישע קולטור און די יִדישע שרײַבערס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד“.

אויף די אַרטיקלען האָבן זיך די לייענערס פֿון דער יִדישער קולטור נאָך ביז הײַנט ניט דערוואַרט, אָבער דערפֿאַר האָבן זיי אין דעם „קומעדיקן“, ד״ה אין דעם אויגוסט־נומער פֿון יאָר 1949 געלייענט דעם פֿאַרריסענעם אַרטיקל פֿון דעם רעדאַקטאָר משה קאַץ א״נ „ פֿאַר וואָס שרײַען זיי טאַקע?“. אַלע וואָס זײַנען באַאומרויִקט צוליב די קלאַנגען וועגן אַרעסטן פֿון יִדישע שרײַבערס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד — צווישן זיי דעם אַמעריקאַנער פּען־קלוב און שלום אַשן — באַשולדיקט ער אין אַנטיסעמיטיזם און אין טענדענציעזער פּראָפּאַגאַנדע, אָבער אין דער זעלבער צײַט — להיפּוך צו דעם פֿריִערדיקן צוזאָג צו באַווײַזן „די גאַנצע אומזיניקייט פֿון די באַשולדיקונגען קעגן ראַטן־פֿאַרבאַנד“ — איז ער מודה, אַז די רעדאַקציע קען גאָרניט דערווײַזן:

> „דאָס איינציקע וואָס מיר קענען זאָגן איז, אַז מיר ווייסן ניט, מיר האָבן ניט קיין דירעקטע אינפֿאָרמאַציע, צי ס׳איז יאָ אָדער ניט עפּעס געשען מיט וועמען ניט איז פֿון די יִדישע שרײַבערס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד“.

איצט איז דאָס שוין אַלץ עבֿר. ס׳האָבן נאָך פֿריִער געמוזט אַדורכגיין העכער זעקס יאָר ביז אין דער וואַרשעווער קאָמוניסטישער פֿאָלקסשטימע, אַפּריל 4, 1956, האָט זיך באַוויזן דער אַרטיקל „אונדזער ווייטאָג און אונטער טרייסט“. דער אַרטיקל ברענגט די דירעקטע אינפֿאָרמאַציע וועגן אומקום — אויפֿן סמך פֿון אַבסאָלוט פֿאַלשע באַשולדיקונגען — פֿון די שרײַבערס וואָס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן סוף 1948. ס׳זײַנען אומגעקומען: דוד בערגעלסאָן, דער נסתּר, פּרץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ, איציק פֿעפֿער, בנימין זוסקין, י. נוסינאָוו, אליהו ספּיוואַק און שמואל פּערסאָוו. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז חוץ דעם נסתּר און נוסינאָוון וואָס זײַנען געשטאָרבן אין תּפֿיסה, זײַנען אַלע געשטאַנען פֿאַרן געריכט אין יולי 1952, און דעם 12טן אויגוסט זײַנען זיי אַלע פֿאַרמישפּט גע־

וואָרן צום טויט. דעם זעלבן יאָר האָט מען זיי אַלע, חוץ האָפּשטיינען, דערשאָסן. האָפּשטיין איז נאָכן אורטייל אַראָפּ פֿון זינען און דעריבער האָט מען אים ניט דערשאָסן, אָבער ער איז געשטאָרבן אין תּפֿיסה. צוזאַמען מיט בערגעלסאָנען, פֿעפֿערן, מאַרקישן און די אַנדערע האָט מען אויך פֿאַרמישפּט צום טויט און דערשאָסן אַרום 15 ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע טוערס, צווישן זיי סאָלאָמאָן לאָזאָווסקי, וואָס האָט בעת דער מלחמה אָנגעפֿירט מיט דער סאָוועטי־שער אינפֿאָרמיר־ביוראָ, און שפּעטער איז ער געווען וויצע־מיניסטער פֿאַר אויסנ־ווייניקסטע ענינים. ביז דער מלחמה איז ער יאָרן לאַנג געשטאַנען אין שפּיץ פֿון דעם אַ״ג רויטן אינטערנאַציאָנאַל פֿון די פּראָפֿפֿאַראיינען, צווישן די, וואָס מען האָט געמישפּט צוזאַמען מיט בערגעלסאָנען א״אַנד, האָט בלויז פּראָפֿעסאָר לינאַ שטערן ניט געקריגן קיין טויטשטראָף. מען האָט זי פֿאַרמישפּט אויף 25 יאָר תּפֿיסה; אין 1956 האָט מען זי באַפֿרייַט. אָבער די אַלע זייַנען געווען נאָר אַ קליי־נער טייל פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער עליטע וואָס מען האָט ווינטער־צייַט 1948־1949 אַרעסטירט און שפּעטער מאַסנווייַז דערשאָסן. די אַלגעמיינע צאָל „רעפּרעסירטע״ איז ביז איצט ניט באַקאַנט; על־פּי באַגלייבטער אינפֿאָרמאַציע גרייכט זי אין די הונדערטער.[4]

אין 1956, טיילווייַז נאָך אין 1955, האָט מען באַפֿרייַט און „רעהאַביליטירט״ די אַרעסטירטע פֿון פֿון 49/1948, וואָס זייַנען נאָך געבליבן לעבן; מען האָט אויך „רעהאַביליטירט״ די דערשאָסענע. דאָס אַלץ איז דורכגעפֿירט געוואָרן אין דער שטיל. וועגן דער רעהאַביליטאַציע האָט מען אין ערגעץ ניט געמאָלדן. גאָר פּשוט, די וואָס זייַנען ניצול געוואָרן האָבן זיך פּלוצלינג אויף דאָס נייַ באַוויזן, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך געהאַט צוריקגעקערט פֿון אַ לאַנגער רייַזע. וואָס שייך די אומגעקומענע האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייַזן מעלדונגען, אַז בייַם פֿאַראיין פֿון די סאָוועטישע שרייַבערס האָט זיך געשאַפֿן „אַ קאָמיסיע פֿאַר דער ליטע־ראַרישער ירושה״ דאָ פֿון איינעם, דאָ פֿון אַ צווייטן באַוווסטן ייִדישן שרייַבער; וועגן זייער טויט האָט מען אין ערגעץ ניט דערמאָנט.[5] די אַלע קאָמיסיעס האָבן געגרייט אויסגאַבעס פֿון די ווערק פֿון אומגעקומענע ייִדישע שרייַבערס אין אַ רוסישער איבערזעצונג. די פֿראַגע וועגן פּובליקירן זיי אויף ייִדיש האָט מען שווייַגנדיק איגנאָרירט. ערשט אין פֿרילינג פֿון 1959 האָט זיך אין ראַטן־פֿאַר־באַנד באַוויזן דאָס ערשטע (נאָך 1948) בוך אויף ייִדיש — אַ קלענער באַנד שלום־עליכם צו זייַן הונדערט־יאָריקן יובֿל.

מיר זייַנען דאָ פֿאַרלאָפֿן דעם וועג. לאָמיר זיך אומקערן צו די געשעענישן, ווי זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען ווינטער 49/1948.

## מען קעמפֿט מיטן „קאָסמאָפּאָליטיזם״

אין אויסלאַנד — אַפֿילו אין די קרייַזן פֿון דער רוסישער דעמאָקראַטישער עמיגראַציע — איז לאַנג געווען פֿאַרשפּרייט די מיינונג, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז מער ניטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם. פֿאַקטיש איז דער אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד קיין מאָל ניט געהאַט פֿאַרשווונדן אין גאַנצן. און צייַטנווייַז פֿלעגט די

קרומע פֿון אַנטיסעמיטיזם זיך אויפֿהייבן אַפֿילו גאַנץ הויך, ווי דאָס איז געשען למשל אין דער צווייטער העלפֿט צוואַנציקער יאָרן, אָדער בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. אָבער שטענדיק, סײַ אין צײַטן פֿון אויפֿשטײַג סײַ אין צײַטן פֿון אַראָפּפֿאַל, איז דער אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד געווען אַ דערשײַנונג, וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט אָדער געקעמפֿט קעגן איר, אָדער אויב זי האָט ניט געקעמפֿט, נאָר אַפֿילו אין אַ געוויסער מאָס פּאַטאַקעוועט, האָט זי דאָס געטאָן ניט צוליב אַנטיסעמיטישע כּוונות, נאָר צוליב פּאָליטישן אָפּאָרטוניזם. כּמעט ביזן סוף פֿערציקער יאָרן האָט דער אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד קיין מאָל ניט געהאַט קיין בפֿירוש אָפֿענע אונטערשטיצונג מצד דער רעגירונג, אָדער ווי ס'איז אָנגענומען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד צו זאָגן, מצד „דער רעגירונג און דער פּאַרטיי". אין דעם איז אַגבֿ געלעגן דער טיפֿער חילוק פֿון סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם ביז דעם אַנטיסעמיטיזם פֿון אַלטן רוסלאַנד, וואָס האָט שטענדיק געטראָגן אויף זיך דעם אָפֿיציעלן שטעמפּל.

ווינטער 1948־1949 האָבן זיך אין ראַטן־פֿאַרבאַנד באַוויזן די ערשטע סימנים פֿון אַן אָפֿיציעל און אָפֿן פֿאַוואָריזירטן אַנטיסעמיטיזם. אין דער פּראַקטיק האָט זיך די פּאָליטיק אָנגעהויבן מיט ליקווידירן דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט און דעם „עמעס" און מיט די מאַסן־אַרעסטן פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ. אָבער אין גיכן איז געקומען די אידעאָלאָגישע באַגרינדונג אויך. אין דעם פּרט זײַנען געווען דעצידירנדיק צוויי אַרטיקלען: איינער אין פּראַוודאַ, יאַנואַר 28, 1949, א"נ „וועגן אַן אַנטיפּאַרטייִשער גרופּע טעאַטער־קריטיקערס" און אַ צווייטער אין קולטורא אי זשיזן, יאַנואַר 30, א"נ „מאַניפּולאַציעס פֿון דער אַנטיפּאַטריאָטישער גרופּע טעאַטער־קריטיקערס". ביידע אַרטיקלען זײַנען געווען ניט אונטערגעשריבן, ד"ה זיי זײַנען געווען פֿון דער רעדאַקציע. אין ראַטן־פֿאַרבאַנד מיינט דאָס: וויכטיק ביז גאָר.[6] ביידע אַרטיקלען זײַנען געווען געווענדט קעגן אָנגעזעענע טעאַטער־קריטיקערס ייִדן.

תּיכף נאָך דער מלחמה איז מיליטאַנטישער נאַציאָנאַל־קאָמוניזם געוואָרן אַ בולטער כאַראַקטער־שטריך פֿון דער אָפֿיציעלער סאָוועטישער אידעאָלאָגיע. אין אויסערגעוויינטלעך אַקטיווער סאָוועטיש־נאַציאָנאַל־קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע האָט הויך געקלונגען די נאָטע פֿון רוסישן נאַציאָנאַליזם. בשעתו האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן דער פֿאַקט, וואָס אויפֿן באַנקעט לכּבֿוד די מיליטערישע פֿירערס אין קרעמל דעם 24סטן מײַ 1945 (תּיכף נאָכן ענדיקן די מלחמה אין אייראָפּע), האָט סטאַלין געטרונקען אַ טאָסט לכּבֿוד „דעם רוסישן פֿאָלק", „די נאַציע וואָס צייכנט זיך אויס צווישן אַלע נאַציעס וואָס גייען אַרײַן אין באַשטאַנד פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד". ס'איז לחלוטין ניט געווען קיין צופֿאַל, וואָס דאָס רוסישע פֿאָלק איז, להיפּוך דער גאַנצער קאָמוניסטישער טראַדיציע, אויסגעטיילט געוואָרן פֿון צווישן די פֿעלקער פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. זינט דעמאָלט האָט זיך די אידעע שוין פֿאַרפֿעסטיקט אין אָפֿיציעלן סאָוועטישן פּאָליטישן שטייגער. און פֿון 1946 אָן איז זי אַוועק ווײַטער: אין דער סאָוועטישער פּרעסע האָט מען עקשנותדיק גענומען דורכפֿירן דעם געדאַנק, אַז דאָס רוסישע פֿאָלק — ניט די

פֿעלקער פֿון ראַטן־פֿאַרבנד, נאָר דווקא דאָס רוסישע פֿאָלק — איז דאָס טאַלענ־טירטסטע פֿאָלק ניט בלויז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, נאָר אין דער גאַנצער וועלט. כּמעט אין אַלע צווײַגן פֿון מענטשלעכן וויסן און שאַפֿן האָט דאָס רוסישע פֿאָלק געהאַט די גרעסטע דערגרייכונגען. נאָך מער: דער בלויזער געדאַנק, אַז די העכסטע דערגרייכונגען פֿון מענטשלעכן זשעני זײַנען אַ פּועל־יוצא פֿון די שאַפֿערישע אָנשטרענגונגען פֿון טאַלענטירטע מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע פֿעל־קער, איז געוואָרן דער אויסדרוק פֿון „אָנוואָרצלדיקע קאָסמאָפּאָליטן" און פֿון „בוקן זיך פֿאַרן מערבֿ".

זינט אָנהייב 1949 האָט זיך דער קאַמף מיטן „אָנוואָרצלדיקן קאָסמאָפּאָליטיזם" שטאַרק פֿאַרשפּרייט. מען האָט אָנגעהויבן מיט די טעאַטער־קריטיקערס (די שוין דערמאָנטע אַרטיקלען אין פּראַוודאַ און אין קולטוראַ אי זשיזן) און מען איז אַרי־בער צו די ליטעראַטור־קריטיקערס, צו די קענערס פֿון קונסט, פֿון מוזיק אאַז"וו. אומעטום האָט מען דורכגעפֿירט אַן ענערגישע רייניקונג („טשיסטקע") און פֿון אומעטום האָט מען די „אָנוואָרצלדיקע קאָסמאָפּאָליטן" אַרויסגעוואָרפֿן איבערן פּלאַנקען.

ס'איז כּדאַי זיך צו באַקענען מיט די באַשולדיקונגען, וואָס מען האָט אַרויס־געררוקט קעגן די „אָנוואָרצלדיקע קאָסמאָפּאָליטן". יאָהאַן אַלטמאַן, דער הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון דעם זשורנאַל טעאַטער, דער מחבר פֿון אַ ריי ביכער וועגן דראַ־מאַטורגיע (לעסינג און די דראַמע, דראַמאַטורגיע א"אַנד), און אין משך פֿון יאָרן, איינער פֿון די גרעסטע אויטאָריטעטן אין דער סאָוועטישער טעאַטער־קריטיק, האָט מען דערקלערט פֿאַר אַ „שונא פֿון דער סאָוועטישער קונסט" און אַ „דיווער־סאַנט אויף אונדזער אידעאָלאָגישן פֿראָנט": „אַלטמאַן האָט פֿײַנט אַלץ וואָס איז רוסיש, אַלץ וואָס איז סאָוועטיש; בורזשואַזער נאַציאָנאַליזם און אַן עקל צו אַלץ וואָס איז רוסיש האָבן אים אומפֿאַרמײַדלעך געפֿירט צום קנעכטישן אָפּאָר־טוניזם לגבי דעם מערבֿ".[7] אַ צווייטער, נאָך אַ מער אָנגעזעענער סאָוועטישער טעאַטער־קריטיקער, אַ. גורוויטש איז פּשוט באַשולדיקט געוואָרן אין „חוזק מאַכן פֿון רוסישן מענטשן, פֿון די רוסישע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס".[8] ס'גלייבט זיך קוים, אַז אַ טעאַטער־קריטיקער, וואָס צו זײַן מיינונג האָט זיך צוגעהערט, אין משך פֿון יאָרצענדלינגער, די גאַנצע סאָוועטישע טעאַטער־וועלט, זאָלן גאָר ניט האָבן געטאָן עפּעס אַנדערש, נאָר חוזק געמאַכט פֿון רוסישן פֿאָלק. אָבער אָט האָט איר די באַווײַזן:

„וואָסער פֿאָרשטעלונג קען שוין אַ. גורוויטש האָבן וועגן נאַציאָ־נאַלן כאַראַקטער פֿון רוסישן מענטשן, אויב ער שרײַבט, אַז 'אינעם ווייכהאַרציקן הומאָר און אין נאַיִוו־צוטרויליכן אָפּטימיזם' פֿון פֿאָ־גאָדינס דראַמעס, ווו ס'קומט כּלומרשט צום אויסדרוק, 'דער נאַציאָנאַ־לער כאַראַקטער פֿונעם דראַמאַטורגס וועלטבאַנעם', האָט דער טעאַטער־גייער געזען זיך אַליין ווי אין אַ שפּיגל און ער 'האָט דורכגעלעבט די פֿרייד פֿון דערקענען', מחמת 'די רוסישע מענטשן איז די ווייכהאַרצי־קייט ניט פֿרעמד'. דאָס איז אַ בילבול אויפֿן רוסישן סאָוועטישן מענטשן. אַ געמיינער בילבול. טאַקע צוליב דעם וואָס ווייכהאַרציקייט איז אונדז

אַזוי פֿרעמד, איז פֿאַר אונדז אוממעגלעך ניט צו שטעמפּלען די פּרוּוון צו פֿאַרליגנערן אונדזער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער".

דאָס האָבן די אָפּקלאַנגען פֿון דער הומאַניסטישער טראַדיציע אין דער אַל־טער רוסישער ליטעראַטור (וואָס האָבן משפּיע געווען אויך די סאָוועטישע ליטע־ראַטור) אַרײַנגעבראַכט די „פּאַרטײיִשע פּירערשאַפֿט" אין אַזאַ גרימצאָרן. איצט איז דאָס אַלץ ניט מער ווי „ווייכהאַרציקייט" וואָס איז פּוגע בכּבֿוד „אונדזער העלדישער עפּאָכע".

דעם ספּעציפֿישן כאַראַקטער פֿון די באַשולדיקונגען אין חוזק מאַכן פֿון אַלץ וואָס איז רוסיש, און אין מאַכן אַ „געמיינעם בילבול אויפֿן רוסישן סאָוועטישן מענטשן" איז גרינג צו פֿאַרשטיין פֿון דעם, וואָס ער איז געווענדט, אין אַזאַ שאַרפֿער פֿאָרעם, קעגן מענטשן מיט אַזעלכע בולט ניט־רוסישע פֿאַמיליע־נעמען ווי אַלטמאַן און גורוויטש.

אַ לייענער וואָס איז ווייניק באַקאַנט מיט דער סאָוועטישער פּרעסע און ער האָט זיך געווּנדערט אָנגעהערט וועגן די באַמיִונגען פֿון די קאָמוניסטן צו שפּילן די ראָלע — ספּעציעל מחוץ דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד — פֿון טשעמפּיאָנען אין קאַמף פֿאַר „קולטור און פֿרײַהייט", וועט אָנקומען שווער צוצולאָזן דעם געדאַנק, אַז די אויבן ציטירטע ווערטער זײַנען ניט קיין אומגליקלעכער צופֿעליקער אויס־גליטש. ס'איז זייער ווײַט פֿון האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט. אָט ווי אַזוי מען האָט, למשל, אויפֿגעבויט אַ באַשולדיקונג קעגן פּאָפּולערן אוקראַיִנישן פּאָעט לעאָניד פּערוואָמײַסקי (אויך אַ ייִד). אין זײַן רעפֿעראַט אד"ט „לעסיאַ אוקראַיִנקאַ און די איצטיקע צײַט", וואָס פּערוואָמײַסקי האָט געהאַלטן אויף אַ יובֿל־סעסיע פֿון דער אוקראַיִנישער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿט האָט ער געזאָגט:

„אַזוי ברייטערט אויס זײַנע גרענעצן און ס'ווערט פֿאַרטיפֿט דער הומאַניזם פֿון דער אוקראַיִנישער קלאַסישער ליטעראַטור. שעוטשענ־קאָס פּראָמעטעיִשקייט, זײַן צאָרנדיקע אומקאָמפּראָמיסלעכקייט לגבי שונאים און די ליבע צום אייגענעם פֿאָלק ווערט דערגאַנצט מיט פֿראַנקאָס ברייטערן קוק און מיט דער ליכטיקער מענטשלעכקייט און אַלמענטש־לעכקייט פֿון לעסיאַ אוקראַיִנקאַ.

נאָר אין די שאַפֿונגען פֿון לעסיאַ אוקראַיִנקאַ איז, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פֿון אונדזער קולטור, דאָס נאַציאָנאַלע מגולגל גע־וואָרן אינעם אַלמענטשלעכן".

דער סעקרעטאַר פֿון סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַראיין אין אוקראַיִנע ל. דמיטער־קאָ (גראָד בײַ אים האָבן מיר געפֿונען דעם ציטאַט פֿון פּערוואָמײַסקיס רעפֿעראַט) האָט זיך אָנגעצונדן מיט אַ הייליקן צאָרן:

„דאָ גיט פּערוואָמײַסקי די גאַנצע טעאָריע פֿון קאָסמאָפּאָליטיזם. ס'קומט אויס, אַז גראָד שעווטשענקאָ מיט זײַן אומקאָמפּראָמיסלעכקייט לגבי די שונאים און ליבע צום אייגענעם פֿאָלק איז געווען אַ באַגרע־נעצטער; איוואַן פֿראַנקאָ, וואָס זײַן ליבלינג זאָל האָבן געווען היינע (הײַנט איז דאָס אַ באַליידיקונג פֿאַר פֿראַנקאָס אָנדענק — ליב צו האָבן אַזאַ 'אָנוואָרצלדיקן קאָסמאָפּאָליט' ווי היינע!), האָט אויסגע־

ברייטערט דעם 'וועלטבאַנעם' און לעסיאַ אוקראַיִנקאַ האָט צוגעפּירט די אוקראַיִנישע ליטעראַטור צו 'אַלמענטשלעכער מענטשלעכקייט'.
דאָס איז פּולשטענדיקער קאָסמאָפּאָליטיזם... פּערוואָמײַסקי האָט אַנטוויקלט די פּאַרפּוילטע, קאָסמאָפּאָליטישע טעאָריעס און ער האָט זיך אַרײַנגעקײַקלט אין דער בלאָטע פֿון בורזשואַזן הומאַניזם".

„בורזשואַזער הומאַניזם" איז פֿאַקטיש דאָס זעלבע וואָס „קאָסמאָפּאָליטיזם", און „קאָסמאָפּאָליטיזם" ווידער איז דאָך די אַמעריקאַנער אַגענטור. אויף אַ פֿאַר־זאַמלונג פֿונעם אַקטיוו אין דער סאָוועטישער קינעמאַטאָגראַפֿיע, וואָס איז פֿאָרגע־קומען סוף ווינטער 1948־1949, האָט דער פֿאַרטרעטער פֿון דעם מיניסטער פֿאַר קינעמאַטאָגראַפֿיע אין פֿסס"ר וו. שטשערבין טאַקע אַזוי געזאָגט:[11]

„קאָסמאָפּאָליטיזם" איז די פֿאָן פֿון דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַ־ליסטישער רעאַקציע וואָס שטרעבט צו אַנטוואָפֿענען גײַסטיק די פֿעל־קער, צוצונעמען בײַ זיי דעם ווילן צום קאַמף, איבערצוגעבן זיי אין קנעכטשאַפֿט צו די בעל־הבתּים פֿון וואָל־סטריט, וואָס חלומען וועגן וועלט־הערשאַפֿט. צו דעם זעלבן האָבן אין תּוך גערופֿן גורוויטש, טראַו־בערג און בליימאַן וואָס האָבן אַרונטערגעריסן די סאָוועטישע קונסט און האָבן אויסגעלאַכט די נאַציאָנאַלע פֿאָרעם פֿון אונדזער קולטור, און פֿון די אַמעריקאַנער פּיעסעס און פֿילמען זײַנען זיי אַרײַנגעפֿאַלן אין „אונטערטעניקער" התפּעלות.

מיט איין וואָרט, קאָסמאָפּאָליטיזם מיינט „אונטערטעניקייט" לגבי די אַמע־ריקאַנער. איצט איז שוין ניט שווער צו דערקלערן די „„קאָסמאָפּאָליטן" פֿאַר „דיווערסאַנטן". דאָס האָט מען טאַקע געטאָן און מען האָט פֿון דעם געצויגן אַלע קאָנסעקווענצן.

יעדער איינעם וואָס האָט אין יענע חדשים געלייענט די סאָוועטישע פּרעסע האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן, אַז דער גרעסטער טייל פֿון דער גרויסער צאָל באַשולדיקטע אין „אָנוואָרצלדיקן קאָסמאָפּאָליטיזם", זײַנען געווען ייִדן. דער אמת איז, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען פֿאַראַן אַ סך ייִדן צווישן די קריטיקערס פֿון ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק א"אַנד; איצט מעג מען שוין זאָגן: זײַנען געווען אַ סך ייִדן. און דאָך זײַנען ייִדן געווען אַ קליינע מינדערהייט צווישן די קריטי־קערס, אין טייל צווײַגן אפֿשר נאָר אַ קליינע מינדערהייט. צום גרעסטן טייל זײַנען געווען פֿולשטענדיק אַסימילירטע ייִדן; ווי פֿלײַסיק מען זאָל זיך ניט אַרײַנטאָן אין דעם וואָס סאָוועטישע קריטיקערס, ייִדן און ניט־ייִדן, האָבן גע־שריבן איז שווער צו געפֿינען דעם אידעאָלאָגישן אונטערשייד צווישן זיי.

אָבער ס'איז ניט געווען גענוג וואָס דער רובֿ „אויסגעריייניקטע" זײַנען גע־ווען ייִדן; די „רעגירונג און די פּאַרטיי" האָבן בפֿיוון אָנגענומען מיטלען, אַז אָט די נײַסטע „רײַניקונג" („טשיסטקע") זאָל די באַפֿעלקערונג אויפֿנעמען קודם־כּל ווי אַן אַקט פֿון באַפֿרײַען די סאָוועטישע קריטיק פֿון דער „אַנטיפּאַטריאָטי־שער" השפּעה פֿון די ייִדן. אַ ראַיה אויף דעם איז די המצאה וואָס מען האָט אָפֿט אָנגעווענדט אין קאַמף מיט די „אָנוואָרצלדיקע קאָסמאָפּאָליטן": די המצאה האָט מען בפֿירוש אויסגעבאָרגט פֿון דעם אַרסענאַל פֿון אַנטיסעמיטיזם. דעם אָנהייב

האָט געמאַכט קולטוראַ אי זשיזן. אין דעם אַרטיקל וואָס האָט (בשותּפֿות מיט אַן אַרטיקל אין פּראַוודאַ) געעפֿנט די קאַמפּאַניע קעגן די „אַנוואָרצלדיקע קאָסמאָפּאָליטן" האָט קולטוראַ אי זשיזן בײַם אויסרעכענען די „אַנטיפּאַטריאָטן" צוגעגעבן, אַז דער פֿאַמיליע־נאָמען פֿון דעם קריטיקער וואָס שרײַבט זיך אונטער ע. כאָלאָדאָוו איז אין דער ווירקלעכקייט גאָר מייעראָוויטש. דאָס איז געווען אַ פּרוּובאַלאָן. אין אַ שטיקל צײַט אַרום האָט די ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ, פֿעברואַר 12, 1949, אויפֿגעדעקט יאַקאָוולעוו־האָלצמאַנען און מעלניקאָוו־מעלמאַנען. אין משך פֿון גאַנצן פֿעברואַר האָט די פּרעסע געקײַט מייעראָוויטשן און האָלצמאַנען. אין מאַרץ איז שוין דאָס געווען צו ווייניק. דעם 6טן מאַרץ 1949 האָט די קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ דעשיפֿרירט יאַסני־פֿינקעלשטיינען, וויקטאָראָוו־זלאָטשעווסקין און סוועטלאָוו־שיידלינען.[12] אין דרײַ טעג אַרום האָט די ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ (אין דעם אויבן ציטירטן אַרטיקל פֿון ל. דמיטערקאָ וועגן אוקראַיִנישע ענינים) אויפֿן זעלבן שטייגער „דעמאַסקירט" אַ ריי אוקראַיִנישע שרײַבערס. בײַ דער אָנגעשטרענגטער לאַגע אין אוקראַיִנע, ווו ס'זײַנען נאָך געווען לעבעדיק די אַנטיסעמיטישע שטימונגען פֿון די אָקופּאַציע־יאָרן, און אין ערשטן פּעריאָד נאָך דער באַפֿרײַונג האָבן זיי זיך נאָך בולט אויסגעדריקט, איז אַזאַ קאַמף קעגן ייִדן־„אַנטיפּאַטריאָטן" געווען סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער דינאַמיט. פֿאַר די אָנפֿירנדיקע קרײַזן איז דאָס אַוודאי ניט געווען קיין סוד.

פֿאַרשטעלטע און האַלב פֿאַרשטעלטע אַנטיסעמיטן פֿון דער סאָוועטיש־אוקראַיִנישער „עליטע", וואָס ביז ניט־לאַנג האָבן זיי געמוזט אויסבאַהאַלטן זייערע אַנטיסעמיטישע שטימונגען, האָבן איצט פֿרײַ אָפּגעאָטעמט. אין זײַן שוין פֿריִער ציטירטן אַרטיקל האָט דמיטערקאָ דערמאָנט סאַוואַ גאָלאָוואַניווסקיס ליד „אַווראַאַם" וועגן דער שרעקלעכער ייִדישער טראַגעדיע אין קיִעוו אין 1941. דאָס לידער האָט בשעתו אויפֿגעבראַכט דמיטערקאָן, נעמט ער איצט רעוואַנש:

> „גאָלאָוואַניווסקי איז דער מחבר פֿון דעם נאַציאָנאַליסטישן ליד 'אַווראַאַם', וואָס איז אָפֿן פֿײַנטלעך צום סאָוועטישן פֿאָלק. אין דעם ליד טרײַבט גאָלאָוואַניווסקי שרעקלעכע און אומדערהערטע רכילות אויפֿן סאָוועטישן פֿאָלק. ער זאָגט אַ פֿרעכן ליגן, אַז די סאָוועטישע מענטשן — רוסן און אוקראַיִנער — זאָלן כּלומרשט האָבן גלײַכגילטיק זיך אָפּגעקערט פֿון דעם אַלטן ייִדן אַווראַאַם, וואָס די דײַטשן האָבן אים געפֿירט איבער די גאַסן פֿון קיִעוו צום דערשיסן.
>
> דאָס איז אַ שרעקלעכער בילבול אויפֿן סאָוועטישן פֿאָלק וואָס האָט אין אַ שווערן און בלוטיקן קאַמף מיט גרויסע קרבנות און אָנשטרענגונגען פֿאַרטיידיקט די פֿרײַהייט און אומאָפּהענגיקייט פֿון די סאָוועטישע מענטשן פֿון אַלע נאַציאָנאַליטעטן...".

ס'איז אמת, אַז שפּעטער האָט דאָס סאָוועטישע פֿאָלק טאַקע פֿאַרטיידיקט זײַן פֿרײַהייט. אָבער דאָס באַזײַטיקט ניט דעם פֿאַקט, אַז די אויסראָטונג פֿון די ייִדן אין באַבי יאַר אין 1941, האָט ניט אַרויסגערופֿן קיין שום קענטלעכע רעאַקציע מצד דער אָרטיקער ניט־ייִדישער באַפֿעלקערונג. מיט פֿאַלשע און אין תּוך אַנטיסעמיטישער רעטאָריק וועגן אַ „שרעקלעכן בילבול" (שוין ווידער אַ

„בילבול״!) קען מען דאָס געוועזענע ניט מאַכן פֿאַר אויס געווען. דמיטערקאָס אַרגומענט איז ניט געוואָרן מער איבערצײַגעוודיק פֿון דעם, וואָס ער איז אײַנ־צײַטיק געווען געווענדט קעגן אַ צווייטן אוקראַיִנישן פּאָעט — אויך אַ ייִדן — פערוואָמײַסקין וואָס האָט „איבערגעחזרט גאַלאָוואַניוווסקיס בילבולים אויף סאָ־וועטישע מענטשן״.

די העצע קעגן די „אָנוואָרצלדיקע קאָסמאָפּאָליטן״ אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און ספּעציעל די אויפֿדעקונג פֿון פּסעוודאָנימען, וואָס האָט געהאַט פֿאַר אַ ציל אונ־טערצושטרײַכן די ייִדישקייט פֿון די דעמאַסקירטע „אַנטיפּאַטריאָטן״ און דאָס איבערחזרן דעם אַלטן פּיזמון פֿון מיליטאַנטישן אַנטיסעמיטיזם האָבן געמאַכט זייער אַ שווערן אײַנדרוק אין אויסלאַנד באַזונדער אויף ייִדן. אין דער ייִדישער קאָמוניסטישער סבֿיבֿה האָבן זיי אַרויסגערופֿן פֿאַרלוירנקייט. די אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע און „סימפּאַטיזירנדיקע״ פּרעסע האָט געפּרוווט מאַכן צו קלייִנ־געלט די קאַמפּאַניע. פֿרײַער פֿאַר אַלץ האָט זי געפּרוווט באַזײַטיקן דעם אָפּשטוי־סנדיקן אײַנדרוק צוליבן אויפֿדעקן פּסעוודאָנימען: אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז כּלומרשט אָנגענומען, אַז צוזאַמען מיטן פּסעוודאָנים ווערט אויך אָנגעגעבן דער ריכטיקער פֿאַמיליע־נאָמען פֿון דער פּערזאָן וואָס באַנוצט זיך מיט דעם פּסעוו־דאָנים. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ניט אמת. אַזאַ פּראַקטיק וואָלט נאָך געקענט האָבן אַ זינען אין די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע לגבי פּסעוודאָנימען, וואָס מען האָט פֿאַר דער רעוואָלוציע אָנגענומען צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים. אָבער לגבי פּסעוודאָנימען, וואָס מען האָט אָנגענומען שוין נאָך דער רעוואָלוציע — און אַלע פּסעוודאָנימען, וואָס מען האָט אויפֿגעדעקט אין דער סאָוועטישער פּרעסע אין די ערשטע חדשים פֿון 1949 זײַנען פּסעוודאָנימען פֿון נאָך דער רע־וואָלוציע — האָט דער אַרגומענט קיין האַפֿט ניט געהאַט. אויב ס׳זאָלן זיך טאַקע האָבן געהאַט אײַנגעשטעלט דער מינהג צו שטעלן איינס לעבן אַנדערן דעם פּסעוודאָנים און דעם ריכטיקן פֿאַמיליע־נאָמען וואָלטן דאָך די פּסעוודאָנימען פּשוט אויפֿגעהערט צו עקסיסטירן.

משמעות, אַז אויך אין מאָסקווע האָט מען זיך זייער גיך געכאַפּט, אַז דאָס אונטערשטרײַכן דעם אַנטי־ייִדישן כאַראַקטער פֿונעם קאַמף מיטן „אָנוואָרצלדיקן קאָסמאָפּאָליטיזם״. שטעלט אַוועק אַ סך געטרײַע „פֿרײַנד״ פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד אין אַן אומדערטרעגלעכער לאַגע. זינט פֿרילינג 1949 האָט מען די אַנטיקאָסמאָ־פּאָליטישע קאַמפּאַניע געצוומען פֿירן אויף אַ מער פֿאַרזיכטיקן אופֿן. בפֿרט האָט אויפֿגעהערט די צו בולטע אַנטיסעמיטישע פּראַקטיק פֿון אויפֿדעקן די פּסעוודאָ־נימען פֿון ייִדישע מחברים.

## דער שרעקלעכער פֿאַנטאָם „וועלט־ייִדנטום״

אין קורצן נאָכן פֿונאַנדערוויגן די קאַמפּאַניע קעגן „אָנוואָרצלדיקן קאָסמאָ־פּאָליטיזם״, האָט מען געטאָן נאָך אַ שפּרײַז אין דער ריכטונג פֿון אידעאָלאָגיש קאָנסאָלידירן די נײַע אַנטי־ייִדישע פּאָליטיק. דער באַגריף ייִדנטום, אויב ער איז אין זיך כּולל סײַ סאָוועטישע סײַ ניט־סאָוועטישע ייִדן, איז געוואָרן אַן

אָפּשטויסנדיקער באַגריף. דעם פֿונדאַמענט פֿאַרן נײַעם גאַנג האָט מען געהאַט געלייגט מיט ערענבורגס אַרטיקל אין פּראַוודאַ, סעפּטעמבער 21, 1948. אָבער אין ערענבורגס אַרטיקל זײַנען נאָך קיין פּאָליטישע אויספֿירן פֿון דעם ניטאָ. זיי זײַנען געקומען נאָך די געשעענישן פֿון סוף 1948: די נעגאַטיווע באַציִונג צו דער אידעע „וועלט־ייִדנטום" איז געוואָרן צוגעשפּיצט פּאָליטיש און האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון אַן אוניווערסאַלן פּרינציפּ אין דער סאָוועטישער פּאָליטיק לגבי ייִדן. איצט האָט מען זיך געלאָזט אויף עקסטרעמע וועגן. ס׳האָבן גענומען געשען זאַכן, וואָס מען וואָלט געקענט באַטראַכטן פֿאַר אַנעקדאָטן, אויב הינטער זיי וואָלטן זיך ניט געהאַט אַרויסגעזען די קאָנטורן פֿון אַ נײַער טראַגעדיע וואָס האָט זיך אָנגערוקט. לאָמיר אילוסטרירן מיט אַ משל:

צו יענער צײַט האָט מען געהאַלטן אין צוגרייטן די צווייטע אויסגאַבע פֿון די גרויסע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע. האָט זיך אין דער ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ באַוויזן אַ צעבייזערטער אַרטיקל וועגן אַ „פּראָיעקט פֿון אַ ווערטערבוך" פֿאַר דער ענציקלאָפּעדיע. ס׳איז פּשוט אַ שרעק צו טראַכטן: אין דעם ווערטערבוך „קומען אַרויס פֿון אויבן די ווילדסטע, עקלדיקסטע דערשײַנונגען פֿון קאָסמאָפּאָליטיזם"[13]:

> „די קאָסמאָפּאָליטישע, אָביעקטיוויסטישע בליקן פֿון די מחברים פֿון דעם ווערטערבוך האָבן זיך ספּעציעל אַרויסגעוויזן אין דעם, ווי אַזוי זיי באַטראַכטן די ייִדישע ליטעראַטור און וואָסערע נעמען זיי האָבן אײַנגעשלאָסן אין דעם אָפּטייל. די מחברים האָבן נאָך צוגעגעבן אַ גאַנץ טשיקאַווע באַמערקונג: ׳דער ווערטערבוך נעמט אַרום די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור׳. די הײַנטצײַטיקע ייִדישע ליטעראַטור פֿאַרנעמט אין ווערטערבוך פּונקט אַזאַ אָרט ווי די אוזבעקישע, קאַזאַכישע און גרוזינישע צוזאַמען.
>
> די מחברים פֿון דעם ווערטערבוך ... נעמען ׳די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור׳ אָן אונטערשייד פֿון לאַנד, פֿון מלוכישער סיסטעם. זיי שלעפּן אַרויס דאָס קאָסמאָפּאָליטישע, בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע אידעעלע וואָס שפּילט אַרײַן אין די הענט פֿון די שונאים פֿון אונדזער פֿאָטערלאַנד, אַז ס׳עקסיסטירט כּלומרשט אַן ׳אַלוועלטלעכע׳ ייִדישע ליטעראַטור. אין זייער רשימה שטייען די סאָוועטישע שרײַבערס אויף איין ברעטל מיט די דורכגעטריבענע הײַנטצײַטיקע ביזנעסלײַט פֿון אַמעריקע, פֿון פּאַלעסטינע און פֿון אַנדערע לענדער...".

די וואָרענונג איז ניט געגאַנגען לאיבוד. נאָר די רעדאַקטאָרן פֿון די גרויסע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע זײַנען נאָך אַוועק אַ סך ווײַטער ווי מען האָט דאָ פֿון זיי געפֿאָדערט: זיי האָבן פֿון דער ענציקלאָפּעדיע באַזײַטיקט אַלץ וואָס וואָלט אין דער מינדסטער מאָס געקענט פֿאַרשריבן ווערן אויפֿן חשבון פֿון „וועלט־ייִדנטום", אָבער משמעות צוליב דער אוממעגלעכקייט אָפּצוטיילן דאָס וואָס מען מעג פֿון דעם וואָס מען טאָר ניט, האָבן זיי פֿון דער ענציקלאָפּעדיע בכלל באַזײַטיקט כּמעט אַלץ וואָס האָט אַ שײַכות צו ייִדן. אין דעם פּרט איז אויסערגעוויינטלעך באַלערנדיק דער פֿאַרגלײַך צווישן דער ערשטער און דער צווייטער אויסגאַבע פֿון דער ענציקלאָפּעדיע. אין דער ערשטער אויסגאַבע פֿאַרנעמען די

אַרטיקלען „ייִדן", „ייִדישע ליטעראַטור", „ייִדישע מוזיק", „ייִדישע רעליגיע", „ייִדן־פּראַגע", „ייִדישע פּאָגראָמען" א"אַנד איבער 160 שפּאַלטן, און חוץ דעם נאָך אַ היפּשע צאָל קליינע אַרטיקלען וועגן באַזונדערע ייִדישע דענקערס, שרײַבערס, געזעלשאַפֿטלעכע טוערס א"אַנד. אין דער צווייטער אויסגאַבע, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אין 1950 און איז פֿאַרטיק געוואָרן אין גאַנצן אין 1958, פֿאַרנעמען די ייִדישע טעמעס בלויז זעקס(!) שפּאַלטן: 4 שפּאַלטן פֿאַרן אַרטיקל „ייִדן" און 2 שפּאַלטן פֿאַרן אַרטיקל „ייִדישע אויטאָנאָמיע געגנט". קיין אַרטיקל וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור איז בכלל ניטאָ; דער גרעסטער טייל ייִדישע מחברים איז פֿאַרשוווּנדן; ס'זײַנען געבליבן: מענדעלע מוכר־ספֿרים, שלום־עליכם, גאָלדפֿאַדען און ביאַליק („דער רעאַקציאָנערער ייִדישער פּאָעט", „ביז צום סוף זײַן לעבן איז ער פֿאַרבליבן אַ בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט און אַ קאָסמאָפּליט"). אין דעם צוגאָבבאַנד, דעם 51סטן, פֿון 1958 האָט נאָך געקריגן אַ פֿאַרשפּעטיקטע אָנערקענונג פּרץ. אָבער שלום אַש, אַחד־העמען, בערדיטשעווסקין, מאָריס ראָזענפֿעלדן, י. ל. גאָרדאָנען, יעקבֿ גאָרדינען און אַ סך אַנדערע, וואָס אין דער ערשטער אויסגאַבע פֿון דער ענציקלאָפּעדיע זײַנען וועגן זיי געווען באַזונדערע אַרטיקלען, האָט מען אויסגעמעקט. ס'זײַנען פֿאַרשוווּנדן כּמעט אַלע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבערס. למען האמת, כּמעט אַלע פֿאַרשוווּנדענע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבערס זײַנען אויסגעשטאָנען די שווערע רעפּרעסיעס פֿון 1938/1937 און פֿון 1949/1948. פֿון סאָוועטישן שטאַנדפּונקט זײַנען זיי שוין צוליב דעם אַפֿילו ניט קיין געוועזענע שרײַבערס, נאָר זיי האָבן גאָר קיין מאָל ניט עקסיסטירט. אַפֿילו נאָך דער „רעהאַביליטאַציע" פֿון 1956 האָט מען ס'רובֿ ניט געפֿונען פֿאַר זיי קיין אָרט אינעם צוגאָבבאַנד פֿון דער ענציקלאָפּעדיע. פֿון די צען אומשולדיק אומגעבראַכטע נאָך 1948, וואָס זייערע נעמען האָט אָנגערופֿן די וואַרשעווער פֿאָלקס־שטימע אין אַפּריל 1956, זײַנען פֿאַראַן קליינע אַרטיקלען נאָר וועגן דרײַ פֿון זיי: בערגעלסאָן, קוויטקאָ און מאַרקיש. אָבער ניט וועגן זייער אַרעסט און דערשיסונג און ניט וועגן זייער רעהאַביליטאַציע איז קיין וואָרט ניטאָ. ס'ווערט בלויז געזאָגט, אַז זיי זײַנען געשטאָרבן אין 1952. בלײַבט אַ קשיא: אויב זיי האָבן געלעבט ביז 1952, פֿאַר וואָס האָבן זיי גאָרניט געשריבן זינט 1948? פֿעפֿער, האָפּשטיין, נוסינאָוו, דער ניסתּר א"אַנד האָבן קיין אָנערקענונג אַפֿילו אין אַזאַ פֿאָרעם אויך ניט געקריגן.

בײַם דורכקוקן די צווייטע אויסגאַבע פֿון דער ענציקלאָפּעדיע וואַרפֿט זיך אין די אויגן, אַז אין דער אויסגאַבע ווערט געלייגט אַ סך מער אַכט אויף די ליטעראַטורן פֿון די מינדערהייט־ פֿעלקער אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ווי אין דער ערשטער אויסגאַבע. וועגן דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור איז דאָך אָפּגערעדט; זי פֿאַרנעמט נאַטירלעך אַ סך אָרט. די ליטעראַטורן פֿון אַלע פֿעלקער אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָבן צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער רעדאַקציע: חוץ דער גרויסער צאָל אַרטיקלען וועגן באַזונדערע מחברים, זײַנען דאָרטן פֿאַראַן אויך היסטאָרישע און אַנאַליטישע איבערבליקן פֿון די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן פֿון די באַזונדערע פֿעלקער. למשל פֿאַר דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור האָט מען אָפּ־

געגעבן עלף שפּאַלטן, פֿאַר דער קאָזאַכישער ליטעראַטור 6 שפּאַלטן, פֿאַר דער טאָטערישער 5, פֿאַר דער באַשקירישער 4, און אַפֿילו פֿאַר דער יאַקוטישער ליטעראַטור צוויי מיט האַלבן שפּאַלטן. אַזאַ אויפֿמערקזאַמקייט צו די ליטעראַטורן פֿון די קליינע פֿעלקער, וואָס טייל פֿון זיי זײַנען אָקערשט אַרויס פֿונעם צושטאַנד פֿון היסטאָרישן ניט־זײַן, איז אין אַלגעמיין אַ סימפּאַטישער שטריך אין דער צווייטער אויסגאַבע. אָבער דערפֿאַר שטרײַכט ער נאָך מער אונטער די פֿאַריתומטקייט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע, אַוודאי איז דאָס אויך דיסקרימינאַציע, אָבער די פֿאָרעם איז דאָ זייער אַן אייגנאַרטיקע.

## הערות

[1] *Christian Science Monitor*, January 10, 1950.

[2] Walter Bedell Smith, *My Three Years in Moscow*, Philadelphia and New York, 1950, pp. 275.

[3] אויפֿן סמך פֿון די ערשטע ידיעות וואָס זײַנען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק פֿון ווין (מאָרגן־זשורנאַל, יאַנואַר 7 און 9, 1949) איז די ליקווידאַציע פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט פֿון דער אייניקייט און פֿון „עמעס״ פֿאָרגעקומען פּלוצלינג דעם 4טן דעצעמבער 1948. אָבער דער לעצטער נומער אייניקייט וואָס איז דערגאַנגען קיין ניו־יאָרק (משמעות, אַז דאָס איז בכלל געווען דער לעצטער נומער פֿון דער צײַטונג) איז דאַטירט דעם 20סטן נאָוועמבער 1948. ס׳איז דעריבער מער וואַרשײַנלעך, אַז די ליקווידאַציעס זײַנען שוין געהאַט פֿאָרגעקומען דעם 20סטן, 21סטן, אָדער 22סטן נאָוועמבער 1948.

[4] דער אַמעריקאַנער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט אין אַפּריל 1956 פֿאַרעפֿנטלעכט אַ רשימה ייִדישע שרײַבערס, קינסטלערס, מוזיקערס און אַרטיסטן וואָס זײַנען, זינט נאָוועמבער 1948, „פֿאַרשוווּנדן״. די רשימה רעכנט אויס 443 נעמען. צו דער צײַט, ווען די רשימה איז פּובליקירט געוואָרן, האָט מען שוין געוווּסט, אַז 28 פֿון די „פֿאַרשוווּנדענע״, לעבן. זען פֿאָלקס־מישפּט, אויסגאַבע פֿון ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט, ניו־יאָרק, 1956, זז׳ 54—62.

[5] די ערשטע ידיעה פֿון דעם מין האָט זיך באַוויזן אין ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ, דעצעמבער 29, 1955: ס׳איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָמיסיע פֿאַר דער ליטעראַרישער ירושה פֿון מאַרקישן (פֿאָרזיצער, פּ. טשאַגין). נאָך דעם זײַנען געקומען קאָמיסיעס פֿאַר די ליטעראַרישע ירושות: פֿון בערגעלסאָנען (פֿאָרזיצער, ווסעוואָלאָד איוואַנאָוו) און פֿון קוויטקאָן (פֿאָרזיצער, לעוו קאַסיל) — זען ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ, יאַנואַר 24, 1956; פֿאַר דער ליטעראַרישער ירושה פֿון נוסינאָוון (פֿאָרזיצער, כראַפּטשענקאָ), פֿון פּערסאָוון (פֿאָרזיצער, גאָלוביאָוו) — זען ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ, מאַרץ 29; פֿאַר דער ליטעראַרישער ירושה פֿון פֿעפֿערן (פֿאָרזיצער, אַל. פּראָקאָפֿיעוו) — זען ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ, מײַ 15. ס׳איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס אין שפּיץ פֿון די אַלע קאָמיסיעס האָט מען אַוועקגעשטעלט רוסישע שרײַבערס. בלויז איינער פֿון זיי — דער באַקאַנטער רוסישער שרײַבער פֿאַר קינדער, לעוו קאַסיל — איז אַ ייִד. די אַנדערע קענען אַפֿילו ניט לייענען קיין ייִדיש.

[6] קולטוראַ אי זשיזן איז געווען דער אָרגאַן פֿון צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי, וואָס זײַן אויפֿגאַבע איז געווען צו זאָרגן פֿאַר דער אידעאָלאָגישער ריינקייט און פֿאַר געטרײַשאַפֿט צו דער „פּאַרטייִישער ליניע״ אין די קרײַזן פֿון דער אַ״ג „שאַפֿערישער אינטעליגענץ״, ד״ה בײַ ליטעראַטן און קינסטלערס.

[7] Т. Турко, «Буржуазный националист Альтман», Советское Искусство от 19-го февраля 1949 г.

[8] Константин Симонов, «Задачи советской драматургии и театральной критики», Литературная газета от 2-го марта 1949 г.

[9] «Об одной антипатриотической группе театральных критиков», Правда от 28-го января 1949 г.

[10] Л. Дмитерко, «Состояние и задачи театральной и литературной критики на Украине», Литературная газета от 9-го марта 1949 г.

[11] Советское Искусство от 5-го марта 1949 г.

[12] Б. Иванов и Е. Родников, «Буржуазные космополиты в спортивной литературе», Комсомольская Правда от 6-го марта 1949 г

[13] Е. Ковальчук, «Безродные космополиты», Литературная газета от 12-го февраля 1949 г.

# קאפיטל דריי

# דער אַנטיסעמיטיזם דערגייט ביזן העכסטן פּונקט

## דער ענין דאָקטוירים.

### אויפֿן וועג צום ענין דאָקטוירים.

### דער סלאַנסקי־פּראָצעס

נאָך דער ליקווידאַציע פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט און פֿון דער גאַנצער ייִדישער קולטורעלער עליטע האָט זיך געדוכט, אַז די אַנטוויקלונג פֿון דער סאָוועטישער אַנטי־ייִדישער פּאָליטיק איז דערגאַנגען ביזן העכסטן פּונקט. דריי יאָר צייט האָט מען געלעבט אונטערן איינדרוק, אַז אויב ס'איז בכלל מעגלעך ס'זאָל נאָך ווערן ערגער, וועט דאָס געשען פֿאַרהעלטענישמעסיק געלאָסן, אַז די קאָמפּאַרטיי און די סאָוועטישע פּרעסע וועלן איצט אויסמיידן די מער בולטע דערשיינונגען פֿון אַנטיסעמיטיזם. אָבער אין 1952 האָט זיך אַלץ גענומען ביטן, צו ערשט בסוד.

צו זומער 1952 זיינען שוין געהאַט אַריבער דריי מיט אַ האַלבן יאָר זינט די מאַסן־אַרעסטן פֿון ייִדישע שרייבערס און ייִדישע קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע מענטשן. וועגן דעם, וואָס ס'קומט פֿאָר מיט די אַרעסטירטע, האָט מען ניט געוווּסט. אַז מען האָט דעם 12טן אויגוסט 1952 דערשאָסן בערגעלסאָנען, מאַר־קישן, פֿעפֿערן, קוויטקאָן, לאָזאָווסקין און די אַנדערע (זען אין צווייטן קאַפּיטל) איז דאָס געבליבן אַ סוד אַפֿילו פֿאַר זייערע נאָענטסטע קרובֿים; מען פֿלעגט נאָך אַלץ ביי זיי צונעמען די פּעקלעך פֿאַר די אַרעסטירטע.

וועגן דעם, אַז ס'האָט גענומען ווערן ערגער, האָט מען זיך דערוווּסט מן הצד, דורך טשעכאָסלאָוואַקיי. דאָס מיינט ניט, אַז די געשעענישן אין טשעכאָסלאָוואַקיי האָבן משפּיע געווען די אַנטוויקלונג אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. פֿאַקטיש האָט די טשעכאָסלאָוואַקישע אַנטוויקלונג ניט געטראָגן קיין זעלבשטענדיקן כאַראַקטער; מען האָט זי „פּלאַנירט" אין צ"ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין הסכּם מיט די אָנגענומענע באַציִונגען צווישן מאָסקווע און פּראַג האָט גאָר אַנדערש ניט געקענט זיין. דער פֿאַרשטאַרקטער אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַר־

באַנד און אין די „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס“ איז געווען אין אַלגעמיינער פּראָצעס וואָס האָט אין פֿאַרשיידענע טיילן פֿון דער סאָוועטישער „ספֿערע“ געהאַט זײַנע אייגנקייטן. אָבער אומעטום איז ער געווען אין איינקלאַנג מיט די עצם־ליניעס פֿון דער קרעמלישער פּאָליטיק.

דער פֿאַקט, וואָס די קאָמפּאַרטייען אין די סאַטעליטן־לענדער זײַנען מלכות־חילה געווען גענייגט צו טאָלערירן דעם אַנטיסעמיטיזם, אָדער אַפֿילו אים צו פֿאַוואָריזירן, האָט פֿאַרגרינגערט די צוגרייטונגען צו אַקטיוויזירן דעם אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד דורך פֿאַרשטאַרקן אים אין די סאַטעליטן־לענדער. אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט די קאָנטררעוואָלוציע, בעתן בירגערקריג (1918—1921), זיך אַזוי פֿעסט פֿאַרבונדן מיטן אַנטיסעמיטיזם, און נאָך דעם האָט דער אוקראַיִנישער סעפּאַראַטיזם אין זײַן עקסטרעמער פֿאָרעם אַזוי ברייט אָנגעווענדט אַנטיסעמיטישע אַרגומענטן אינעם קאַמף קעגן דער קאָמפּאַרטיי, אַז דאָס אַליין האָט שוין אויף לאַנגע יאָר געצווונגען די סאָוועטישע רעגירונג און די קאָמפּאַרטיי צו שטעלן זיך אַנטקעגן דעם אַנטיסעמיטיזם. אין די „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס“ האָט מען אַזאַ דערפֿאַרונג ניט געהאַט. דאָ זײַנען ניט געווען קיין אָרגאַניזירטע רעאַקציאָנערע כּוחות וואָס זאָלן קעמפֿן קעגן דער קאָמוניסטישער מאַכט אונטער דער פֿאָן פֿון אַנטיסעמיטיזם; דאָ זײַנען ניט געווען קיין אַנטיסעמיטיש־באַפֿאַרבטע סעפּאַראַטיסטישע באַוועגונגען. דעם קאַמף קעגן דער דיקטאַטור פֿון דער קאָמפּאַרטיי האָבן דאָ אין עצם געפֿירט ניט די קאָנטררעוואָלוציאָנערע און רעאַקציאָנערע כּוחות, נאָר די דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. זיי האָבן געשטרעבט אָפּצוהיטן די דעמאָקראַטישע מלוכישאַפֿט פֿונעם דרוק מצד דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד און פֿון די פּרוּוון פֿון דער קאָמפּאַרטיי אַרויפֿצוצווינגען אויף די לענדער אַ קאָמוניסטישע דיקטאַטור. איז טאַקע אין די „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס“ ניט געווען די געוואָרנטקייט קעגן אַנטיסעמיטיזם, וואָס זי האָט געהאַט אירע ספּעציפֿיש־היסטאָרישע וואָרצלען אין דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד.

פֿון דער צווייטער זײַט האָבן זיך אין די „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס“ געשאַפֿן ספּעציפֿישע באַדינגונגען וואָס האָבן באַגינציקט די אַנטוויקלונג פֿון אַנטיסעמיטיזם. אין די אַלע לענדער האָבן די ייִדן פֿאַר דער מלחמה געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין עקאָנאָמישן לעבן, און אומעטום האָבן זיי פֿאַרלאָרן זייער פֿאַרמעגן אין דער צײַט פֿון היטלערס ממשלה. דאָס וואָס ייִדן זײַנען פֿריִער געווען בעל־הבתּים פֿון גרויסע אינדוסטריעלע און האַנדלס־אונטערנעמונגען האָט שוין מער ניט געהאַט קיין באַטײַט: די ייִדישע אונטערנעמונגען זײַנען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן מיט די אַנדערע גרויסע אונטערנעמונגען, און די פֿראַגע וועגן אַנטשעדיקונג פֿאַר די געוועזענע בעל־הבתּים איז אַפֿילו ניט געשטאַנען. אָבער אין דער היטלער־צײַט זײַנען זייער אַ גרויסע צאָל ייִדישע בעל־מלאָכישע וואַרשטאַטן, קראָמען, קלענערע אינדוסטריעלע און אַגריקולטורעלע אונטערנעמונגען (שוין אָפּגערעדט וועגן דירות מיט דער גאַנצער בעל־הבתּישקייט) אַריבער אין אַנדערע הענט. נאָך היטלערס מפּלה האָט מען אין די לענדער אײַנגעפֿירט געזעצן וועגן אַנטשעדיקונג, און גראָד דאָס איז געווען דער אָנהייב פֿון אַ טראַגעדיע. די געזעצן וועגן אַנטשעדיקונג האָבן אָנגערירט די אינטערעסן פֿון זייער

אַ גרויסע צאָל נײַע בעל־הבתּים. אַ סך פֿון זיי זײַנען אויך ביז דער אַנטשעדיקונג געווען אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם, וואָס אין אים האָבן זיי געפֿונען אַ מין באַרעכטיקונג פֿאַרן ניט גאַנץ כשרן איבערנעמען דאָס ייִדישע פֿאַרמעגן. אַנדערע האָבן זיך צוגעכאַפּט צום אַנטיסעמיטיזם ערשט דעמאָלט, ווען זיי זײַנען געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיט דער פּראָבלעם אַנטשעדיקונג. אַזוי אָדער אַנדערש, ווען די לעבן־געבליבענע ייִדן האָבן אָנגעהויבן מאָנען, וואָס ס׳האָט זיי געקומט, האָט זיך צווישן די נײַע בעל־הבתּים גיך פֿאַרשפּרייט דער אַנטיסעמיטיזם. די קאָמפּאַרטייען האָבן ניט געהאַט גענוג מוט — און זיי האָבן אויך ניט אַרויסגעוויזן קיין חשק — צו קעמפֿן מיט דעם אַנטיסעמיטיזם. זײַנען די געזעצן וועגן אַנטשעדיקונג פֿאַר ייִדיש פֿאַרמעגן געבליבן כּמעט אין גאַנצן בלויז אויפֿן פּאַפּיר. דאָס איז געווען דער מקור פֿון דער אַנטיסעמיטישער מגפֿה וואָס האָט זיך שטאַרק פֿאַרשפּרייט אין די לענדער פֿון די „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס". זינט דעם אָנהייב פֿופֿציקער יאָרן האָבן שוין אויך אין אָפֿיציעלע רעדעס און קאָמוניקאַטן געגומען קלינגען אַנטיסעמיטישע נאָטעס. דאָס האָט געעפֿנט אַ וועג פֿאַר נײַע אַנטוויקלונגען.

דער פּראָצעס פֿון סלאַנסקין, דעם געוועזענעם ערשטן סעקרעטאַר פֿון דער טשעכאָסלאָוואַקישער קאָמפּאַרטיי, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1952 אין פּראַג, איז געווען אַ ווענדפּונקט אין דער אַנטוויקלונג פֿון אַנטיסעמיטיזם אין טשעכאָסלאָוואַקײַ. דאָ איז ניט נייטיק אַרײַנצוגיין אין די פּרטים פֿונעם סלאַנסקי־פּראָצעס. ס׳איז געווען אַ טיפּישער פּראָצעס פֿון אַן אָקערשט געוועזענעם קאָמוניסטישן פֿירער וואָס האָט פֿאַרלאָרן חן אין סטאַלינס אויגן, און וואָס אויפֿן פּראָצעס, איז ער זיך מודה אין אַלע שרעקלעכע פֿאַרברעכנס, וואָס די באַשולדיקונג רוקט נאָר אַרויס. דער אַנטיסעמיטישער כאַראַקטער פֿון דעם פּראָצעס איז אויך גוט באַקאַנט. אָבער אויף איין פּונקט אין סלאַנסקיס על־חטא איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן באַזונדער. צווישן אַלע פֿאַרברעכנס, וואָס די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון פּראָצעס האָבן געצוווּנגען סלאַנסקין זיך אין זיי מודה צו זײַן, איז אויך געווען דער חטא — קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם. אַלע ווייסן, אַז טשעכאָסלאָוואַקײַ האָט אין 1948 געשטיצט מדינת־ישׂראל פֿון אָנהייב אָן, און האַלב געהיים זי באַוואָפֿנט מיט געווער. צו יענער צײַט האָבן אין טשעכאָסלאָוואַקײַ נאָך עקסיסטירט און זײַנען געווען לעגאַל די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. „איך האָב זיי בכּיוון געדעקט און כ׳האָב פֿאַרדאָרבן די קאַמפּאַניע פֿון קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם", האָט זיך סלאַנסקי געשלאָגן על־חטא אין געריכט. „דורך פֿאַרלייגן צו פֿירן אַ ברייטע קאַמפּאַניע קעגן אַנטיסעמיטיזם מיט שרײַבן אַרטיקלען, פּובליקירן בראָשורן, אײַנאָרדענען לעקציעס אאַז"וו, האָב איך פֿאַרברעכעריש געשטערט פֿונאַנדערצוּוויקלען די קאַמפּאַניע קעגן ציוניזם, אויפֿצוקלערן דעם פֿײַנדלעכן כאַראַקטער פֿון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע און צו דעמאַסקירן די פֿײַנדלעכע טעטיקייט פֿון די ציוניסטן און פֿון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס". און נאָך ענערגישער: „איך האָב בכּיוון געדעקט דעם ציוניזם און איך בין עפֿנטלעך אַרויסגעטראָטן קעגן די וואָס האָבן יאָ גענומען אין אַכט די פֿײַנדלעכע טעטיקייט פֿון די ציוניסטן; די מענטשן האָב איך כאַראַקטעריזירט ווי אַנטיסע־

מיטן, אַזוי אַז סוף־כּל־סוף האָט מען זיי גענומען פֿאַרפֿאָלגן און אַנווענדן לגבי זיי רעפּרעסיעס. טייל פֿון זיי האָט מען אַפֿילו אויסגעשלאָסן פֿון דער פּאַרטיי, ווי עס האָט פּאַסירט מיט עטלעכע מיטגלידער פֿון צענטראַלן סעקרעטאַריאַט". זאָל דער לייענער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבערלייענען די שורות: דאָ איז צום ערשטן מאָל אין דער קאָמוניסטישער פּראַקטיק באַצייכנט געוואָרן ווי אַ שווער פֿאַרברעכן ניט דער אַנטיסעמיטיזם, נאָר דער קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם.

אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע אונטער דער מאַסקע פֿון אַנטיציוניזם איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער נײַסטער סאָוועטישער אַנטוויקלונג אויך. איך וועל זיך אויף דעם אָפּשטעלן שפּעטער. פֿאַר דעם איז נאָך וויכטיק צו פֿאַרצייכענען נאָך איין שטריך אין דער סאָוועטישער ייִדישער (ס'איז גלײַכער צו זאָגן: אַנטי־ייִדישער) פּאָליטיק, וואָס אויפֿן סלאַנסקי־פּראָצעס האָט ער זיך אַנטפּלעקט צום ערשטן מאָל. ס'גייט דאָ אין דער אויפֿלעבונג פֿון דער לעגענדע זקני־ציון, פֿאַרשטייט זיך, אין אַ ביסל אַ געענדערטן וואַריאַנט. די לעגענדע זקני־ציון (די כּלומרשטע ייִדישע פֿאַרשווערונג וואָס האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל אײַנצופֿירן אַ ייִדישע וועלטהערשאַפֿט) איז פֿאַבריצירט געוואָרן אין די אינגעווײדן פֿון דער צאַרישער אָכראַנקע. אין דעם לעצטן פֿערטל יאָרהונדערט פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די לעגענדע זקני־ציון געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פֿון אַנטיסעמיטיזם אין אייראָפּע. אויפֿן סלאַנסקי־פּראָצעס האָט זי ווידער אויפֿגעלעבט אין דער געשטאַלט פֿון אַ לעגענדע זקני־ציוניזם. דאָס מאָל זײַנען די זקנים געווען: בן־גוריון, משה שרת און מאָרגענטאַו, אָבער אויך טרומאַן און עטשיסאָן. דער עדות פֿון דער באַשולדיקונג שמעון אָרענשטיין האָט אויפֿן פּראָצעס דערציילט וועגן אַ געהיימער באַראַטונג פֿון די אַנגערופֿענע פּערזאָנען אין וואַשינגטאָן, אין 1947,[2] די באַראַטונג האָט באַהאַנדלט די פּראָגראַם פֿון אַ ייִדיש־אַמעריקאַנישער וועלטהערשאַפֿט און די ליקווידאַציע פֿון קאָמוניזם. אויף צו פֿאַרווירקלעכן די פּראָגראַם שאַפֿט דער דזשאָינט אין אַלע לענדער פֿון דער סאָוועטישער ספֿערע זײַן געהיימע אַגענטור. סלאַנסקי און זײַנע מיטבאַשול־דיקטע זײַנען טאַקע געווען אַגענטן פֿון דזשאָינט.

אין גיכן האָט שוין דעם זעלבן געדאַנק געפּריידיקט די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אַזוי לאַנג ווי דער סלאַנסקי־פּראָצעס האָט גע־דויערט, און תּיכּף נאָכן פּראָצעס, האָט מען זיך אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ניט געהאַט דעצידירט אויף אַזאַ טריט. אין די באַריכטן וועגן דעם פּראָצעס אין די סאָוועטי־שע צײַטונגען איז די אַנטיסעמיטישע נאַטע געווען געדעמפּט, און אין פֿאַרגלײַך מיט די באַריכטן וועגן פֿריִערדיקע פּראָצעסן (קאָסטאָוו אין בולגאַריע און ריַיק אין אונגערן), האָט מען דעם סלאַנסקי־פּראָצעס אָפּגעגעבן פֿאַרהעלטנישמעסיק ווייניק פּלאַץ. אָבער אין לאַנד גופֿא האָט שוין צו יענער צײַט דער אַנטיסעמיטיזם גענומען אויפֿהייבן דעם קאָפּ. לעת־עתּה קודם־כּל אין דער פֿאָרעם פֿון אָפּטע ידיעות אין דער פּרעסע וועגן פֿאַרשיידענע מעשׂים רעים און פֿאַרברעכנס פֿון סאָוועטישע מענטשן אין כּלערליי סיטואַציעס און בײַ כּלערליי געלעגנהייטן. און כּמעט אין אַלע פֿאַלן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די באַשולדיקטע האָבן ייִדישע נעמען. צוליב דעם וואָס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד דערגייט צו דער פּרעסע

בלויז אַ מינימאַלע צאָל אומגעזעצלעכקייטן פֿון דעם מין, האָט מען גרינג געקענט אויסטיילן די באַשולדיקטע ייִדן.

אָבער אין גיכן האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז דאָס איז נאָר געווען אַ צוגרייטונג־סטאַדיע. אָבסערווירנדיק די אַנטוויקלונג, האָט מען זיך קוים געקענט משער זײַן וואָסער באַמבע מען האָט דעמאָלט געגרייט אין דער פּאָליטישער לאַבאָראַטאָריע פֿון קאָמוניסטישן צ״ק און פֿון זײַן פּאָליטישער פּאָליציי. דעם 13טן יאַנואַר 1953 האָט די באָמבע געפּלאַצט.

## דער ענין דאָקטוירים

דעם 13טן יאַנואַר האָט זיך אין אַלע מאָסקווער צײַטונגען, און אין די גרויסע צײַטונגען אין דער פּראָווינץ, באַוויזן אַ קאָמוניקאַט פֿון דער סאָוועטישער טעלעגראַפֿן־אַגענטור וועגן „אַרעסט פֿון אַ גרופּע דאָקטוירים שעדיקערס". אין הסכּם מיטן קאָמוניקאַט האָבן נײַן באַוווּסטע מאָסקווער דאָקטוירים אויסגעפֿאָלגט אַן אינסטרוקציע פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלער ייִדישער בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער אָרגאַניזאַציע דזשאָינט, וואָס די אַמעריקאַנער אויסשפּיר־אַגענטור האָט געשאַפֿן כּלומרשט צו העלפֿן מאַטעריעל די ייִדן אין אַנדערע לענדער", און זיי האָבן דערהרגעט — דורך שטעלן בכּיוון פֿאַלשע דיאַגנאָזן און בכּיוון שלעכט היילן — די מיטגלידער פֿון פּאָליטביוראָ פֿון צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי שטשערבאַקאָוו און זשדאַנאָוו. זיי האָבן אויך געגרייט אַזעלכע „אַטענטאַטן" אויף אַ ריי אָנגעזעענע מיליטערישע פֿירערס. אמת, ניט אַלע באַשולדיקטע זײַנען געווען ייִדן. די דאָקטוירים וואָס האָבן באַהאַנדלט זשדאַנאָוון, און וואָס האָבן אונטערגעשריבן די „מעדיצינישע דעציזיע" וועגן זײַן קראַנקייט און טויט, זײַנען דאָך ניט געווען קיין ייִדן. האָט מען געמוזט אַרײַננעמען אין דער פֿאַרשווערונג פֿון וועלט־ייִדנטום אויך דרײַ פּראָפֿעסאָרן ניט־ייִדן, צווישן זיי דעם שעף פֿון דער סאַניטאַר־מעדיצינישער אַדמיניסטראַציע פֿון קרעמל, דעם פּראָפֿעסאָר פּ. יעגאָראָוו. זיי אַלע זײַנען דאָס געווען מיטגלידער פֿון אַ „טעראָריסטישער גרופּע דאָקטוירים וואָס האָבן זיך געשטעלט דעם ציל צו פֿאַרקירצן דאָס לעבן פֿון אַקטיווע טוערס פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד מיט שעדיקערישער היילונג".

ס'איז כּדאַי צו פֿאַרצייכענען, אַז דער קאָמוניקאַט פֿון טאַס״ס האָט כאַראַקטעריזירט דעם דזשאָינט ווי אַ בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, אָבער וועגן ציוניזם, ציוניסטן, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, האָט זי נאָך קיין וואָרט ניט דערמאָנט. אין די סאָוועטישע צײַטונגען איז דער קאָמוניקאַט פֿון טאַס״ס אומעטום געווען באַגלייט מיט אַ רעדאַקציאָנעלן אַרטיקל. די טעקסטן פֿון די אַרטיקלען זײַנען אַפֿילו געווען פֿאַרשיידן, אָבער זייער אינהאַלט איז געווען אידענטיש. דאָס האָט אונטערגעשטראָכן דעם „פּלאַנירטן" כאַראַקטער פֿון די אַרטיקלען. אין אַלע אַרטיקלען האָט די אַנטיסעמיטישע נאָטע געקלונגען נאָך העכער איידער אינעם קאָמוניקאַט פֿון טאַס״ס, און אומעטום האָט מען שוין אונטערגעשטראָכן די שײַכות צווישן דער פֿאַרברעכערישער טעטיקייט פֿון די „דאָקטוירים מערדערס" מיטן ציוניזם. פּראַוודאַ האָט דעם 3טן יאַנואַר געשריבן:

„די מערהייט באַטייליקטע אין דער טעראָריסטישער גרופּע — וואָווסי, ב. קאָגאַן, פּעלדמאַן, גרינשטיין, עטינגער א״אַנד — האָט געקויפּט די אַמעריקאַנער אויסשפּיר־אַגענטור. זיי האָט ווערבירט די די פּיליאַלע פֿון דער אַמעריקאַנער אויסשפּיר־אַגענטור — די אינטער־נאַציאָנאַלע יידישע בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע דזשאָינט. דאָס שמוציקע פּנים פֿון אָט דער שפּיאָנישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס באַהאַלט איר געמיינע טעטיקייט אונטער אַ מאַסקע פֿון פילאַנטראָ־פּיע, איז דעמאַסקירט.

אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אַ גרופּע קאָרומפּירטע יידישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, פּראָפעסיאָנעלע שפּיאָנען און טעראָריסטן פֿון דזשאָינט, אויפֿן סמך פֿון אינסטרוקציע און אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער אַמע־ריקאַנער אויסשפּיר־אַגענטור, האָבן זיי אויסגעשפּרייט זייער אונטער־גראָבערישע טעטיקייט אויך אויף דער טעריטאָריע פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. לויט ווי דער אַרעסטירטער וואָווסי האָט באַשטעטיקט אויף דער אויס־פֿאָרשונג, האָט ער דעם דירעקטיוו ׳וועגן אויסראָטן די פֿירנדיקע קאַדרען פֿון פּסס״ר׳ געקראָגן פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. די דירעקטיוו האָבן אים, אין נאָמען פֿון דער שפּיאָניש־טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע דזשאָינט, איבערגעגעבן דער דאָקטאָר שימעלעוויטש און דער באַוווּסטער יידישער בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט מיכאָעלס.

די דעמאַסקירונג פֿון דער באַנדע דאָקטוירים־פֿאַרסמערס איז אַ קלאַפּ פֿאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער יידישער ציונסיטישער אָרגאַניזאַציע. איצט קענען אַלע זען, וואָסערע ׳בעלי־צדקה׳ און ׳וועלט־פֿאַרזאָרגערס׳ ס׳באַהאַלטן זיך אונטערן שילדל פֿון דזשאָינט״.

**דעם זעלבן טאָג האָט געשריבן די איזוועסטיאַ:**

„די מערהייט באַטייליקטע אין דער טעראָריסטישער גרופּע — וואָוו־סי, ב. קאָגאַן, פּעלדמאַן, גרינשטיין, עטינגער א״אַנד האָבן פֿאַרקויפֿט זייער נשמה און גוף דער פּיליאַלע פֿון דער אַמעריקאַנער אויסשפּיר־אַגענטור — דער אינטערנאַציאָנאַלער יידישער בורזשואַז־נאַציאָנאַליס־טישער אָרגאַניזאַציע דזשאָינט. מיט אָנצאָליקע אומאָפּפֿערנלעכע פֿאַקטן האָט מען פֿולשטענדיק דעמאַסקירט דאָס העסלעכע פּנים פֿון דער שמו־ציקער שפּיאָנישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע וואָס האָט זיך צוגע־דעקט מיט אַ מאַסקע פֿון פֿילאַנטראָפּיע״ אאז״וו, אאז״וו.

און אַזוי פֿון צײַטונג צו צײַטונג. דעם רעקאָרד האָט געשלאָגן דאָס סאַטירישע וואָכנבלאַט קראָקאָדיל וואָס האָט אָפּגעדרוקט (דעם 30סטן יאַנואַר), אין שײַכות מיטן ענין דאָקטוירים, אַ פּאַגראָמישן לייטאַרטיקל א״ב „פֿאַרסמערס״: „דער הייליקער צאָרן און די אומברחמנותדיקע שטראָף פֿון דעם סאָוועטישן פֿאָלק וועט פֿאַלן אויף דער באַנדע דאָקוירים־פֿאַרסמערס״. „די פֿינצטערע שׂינאה קעגן אונדזער לאַנד האָט פֿאַראייניקט אין איין לאַגער די אַמעריקאַנער און די ענגלישע באַנקירן, די אייגנטימערס פֿון קאָלאָניעס, די האַרמאַטן־קיניגן, די געשלאָגענע היטלערשע גענעראַלן וואָס חלומען וועגן רעוואַנש, פֿאַרטרעטערס (נונציוסן) פֿון וואַטיקאַן, מיטגלידער פֿון ׳ציון־קאַהאַל׳ ״... דער געהיימער ׳ציון־קאַהאַל׳ איז טאַקע די אויפֿלעבונג פֿון די זקני־ציון; נאָר אויף דעם שטייגער האָט דאָס געקענט באַנעמען דער רוסישער לייענער.

דעם 11טן פֿעברואַר האָט דער ראַטן־פֿאַרבאַנד איבערגעריסן די דיפּלאָמאַטי־שע באַציִונגען מיט מדינת־ישׂראל; דאָס האָט נאָך צוגעגאָסן אייל צום פֿײַער. אין אַ כּלומרשטן ענטפֿער אויף אַ בריוו פֿון אַ לייענער, וואָס זאָל האָבן אָנגעפֿרעגט זיך בײַ דער רעדאַקציע וועגן דער שפּיאָנישער טעטיקייט פֿון די ציוניסטן און פֿון דזשאָינט, האָט טרוד, די צײַטונג פֿון די פּראָפֿפֿאַריינען, געשריבן דעם 13טן פֿעברואַר, אַז דעם דזשאָינט האָבן, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, געשאַפֿן די „אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטן”. זײַן ערשטע „סובווערסיווע קאַמפּאַניע” איז געווען זײַן אָנטייל אין דער הוּווערשער מיסיע אין רוסלאַנד אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. ווען הונגער האָט געשטיקט די יונגע סאָוועטישע רעפּובליק, האָבן די אַמעריקאַנער הילפֿס־אָרגאַניזאַציע ARA פֿון העבערט הוּווערן און דער דזשאָינט געשיקט זייערע מענטשן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד „כּלומרשט צו העלפֿן די הונגעריקע”, אָבער אין דער אמתן „כּדי מיטהעלפֿן אַראָפּצוואַרפֿן דעם סאָוועטישן רעזשים”:

> „אומאָפּפֿרעגלעכע פֿאַקטן זאָגן עדות, אַז דער דזשאָינט איז דער וויכטיקסטער צווײַג פֿון דער אַמעריקאַנער אויסשפּיר־אַגענטור. די מערדערס, שפּיאָנען, שעדיקערס, וואָס זײַנען מיטגלידער פֿון דער אָרגאַניזאַציע, פֿירן אויס די געמיינסטע אינסטרוקציעס פֿון וואָל־סטריט. זיי שטעלן זיך ניט אָפּ פֿאַר די נידעריקסטע, בפֿירוש אוממענטשלעכע מיטלען.”

אין דעם זעלבן נוסח איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרן אויך די געשיכטע פֿון ציוניזם. די ציוניסטן „וואָס האָבן זיך צום אָנהייב אָריענטירט אויפֿן דײַטשן אימפּעריאַליזם” זײַנען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה „אַריבערגעגאַנגען אויסשליסלעך אין דינסט פֿון בריטישן מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם” און נאָך דעם ערשט אין דינסט פֿון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם. דער טרוד רעכנט אויס אָנצאָליקע ציוניסטישע „פֿאַרברעכנס”, און צווישן זיי: די ישׂראלשע פֿעדעראַציע פֿון די פּראָפֿפֿאַראיינען, הסתדרות, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָנפֿעדעראַציע פֿון די פֿרײַע פּראָפֿפֿאַראיינען, אַן אָרגאַניזאַציע „וואָס פֿירט אויס די שפּיאָניש־שעדיקערישע אינסטרוקציעס פֿון די אימפּעריאַליסטן”.

אין דער זעלבער צײַט האָט זיך אויף אַ קענטיקן אופֿן פֿאַרשטאַרקט די קאַמפּאַניע פֿון דעמאַסקירן אין דער פּרעסע דעם פֿאַרברעכערישן כאַראַקטער פֿון דער טעטיקייט פֿון ייִדן אין די פֿאַרשיידנסטע צווײַגן פֿון סאָוועטישן לעבן. אמת, דאָס וואָרט „ייִד” האָט מען דערבײַ ניט גענוצט, און דאָס איז ניט געווען נייטיק אויך. די טעכניק פֿון דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע איז געווען זייער אַ פּשוטע. אָט איז אַ טיפּישער בײַשפּיל. די פּראַווּדאַ, פֿעברואַר 8, האָט אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל א"ב „פּראָסטאַקעס און שווינדלערס”. דאָרט ווערט דערציילט ווי אַ יונגער ייִד, אַ ניט־דערלערנטער סטודענט פֿון מעדיצין, מאַכט אַ קאַריערע מיט דער הילף פֿון פֿאַלשע דאָקומענטן און מיט דער ענערגישער שטיצע פֿון זײַן פֿאָטער דעם דאָקטער און זײַנע פֿרײַנד, אַלע ווי איינער דאָקטוירים ייִדן. וועגן קיינעם זאָגט מען דאָ ניט, אַז ער איז אַ ייִד, אָבער דאָס ווערט קלאָר פֿון די נעמען און פֿאַמיליע־נעמען. און כּדי דער לייענער זאָל אין דעם פּרט ניט האָבן קיין

שום ספֿקות, הייבט זיך דער אַרטיקל אָן אַזוי: „באָריס יאַנקעלעוויטש קאַזשדאַן האָט געפּראַוועט אַ קבלת־פּנים פֿאַר זייַן זון...". באָריס יאַנקעלעוויטש, ניט באָריס יאַקאָוולעוויטש, ווי מען רופֿט אים פֿאַרשטייט זיך געוויינטלעך. די קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ האָט דעם 21סטן פֿעברואַר אָפּגעדרוקט אַן איבערבליק איבער דער כראָניק פֿון זעקס פּראָווינציעלע קאָמסאָמאָלישע צייַטונגען וועגן דער ניט־גענוגיקער „וואַכעדיקייט", וואָס פֿאַרשיידענע אויסוואָרפֿן נוצן פֿאַר־שטייט זיך אויס. אין דרייַ צייַטונגען: סטאַלינסקאָיע פּלעמיאַ (אוקראַיִנע), סטאַ־לינסקאַיאַ מאָלאָדיאָזש (קאַלינין), און קאָמסאָמאָלסקאָיע פּלעמיאַ (קיראָוו) ווערן אויך אָנגערופֿן די נעמען פֿון די באַשולדיקטע; דאָס זייַנען אַלץ ייִדישע נעמען. די סאָוועטישע פּרעסע פֿון יענעם פּעריאָד איז פֿול מיט אַזעלכע בייַשפּילן.[3] די פּראַוודאַ אוקראַיִני האָט אין איר לייטאַרטיקל פֿון 16טן יאַנואַר דעם מעטאָד שוין געהאַט אויפֿגעהויבן אויף אַ העכערן שטאַפּל: „אַ טיפֿן האַס רופֿן אַרויס בייַם פֿאָלק די אַלע כאַיִנס און יאַראָשעצקיס, די גרינשטיינס (אַדעסער סחורה־לאַגער פֿון 'גלאַוופּאַרפֿיומער'), די פּערסעס (קיִעווער סחורה־לאַגער פֿון 'סאָיוז־אָפּטגאַלאַנטעריי'), די קאַפּלאַנס און די פּאָליאַקאָווס (כאַרקאָווער מערק)...".

אַזוי האָט מען געשאַפֿן די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע, ד"ה די דרויסנדיקע באַ־דינגונגען פֿאַר אַרומריידן דעם ענין דאָקטוירים. שפּעטער — אויפֿן 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין ראַטן־פֿאַרבאַנד — האָט כרושטשאָוו אין זייַן „געהיימען" רעפֿעראַט „וועגן קאַמף מיטן קולט פֿון דער פּערזענלעכקייט" דערציילט עטלעכע אויפֿטרייסלענדיקע פּרטים וועגן דער אינעווייניקסטער אָרגאַניזאַציע פֿון דעם ענין:[4]

„לאָמיר דערמאָנען דעם ענין 'וועגן דער פֿאַרשווערונג פֿון די דאָקטוירים'.

אין דער אמתן איז דאָך גאָר קיין שום 'ענין' ניט געווען, חוץ דער דערקלערונג פֿון ד"ר טימאַשוק, וואָס זי האָט, משמעות אונטער עמעצנס השפּעה, אָדער אויספֿאָלגנדיק עמעצנס אַ באַפֿעל (סוף־כּל־סוף איז זי דאָך געווען אַ ניט־שטאַטישער מיטאַרבעטער פֿון די מלוכישע זיכערקייט־אָרגאַנען), אָנגעשריבן צו סטאַליניען אַ בריוו, ווו זי האָט אים געלאָזט וויסן, אַז די דאָקטוירים ווענדן אָן ניט קיין ריכטיקע היילמעטאָדן.

פֿאַר סטאַלינען איז דער בריוו געווען גענוג, ער זאָל תּיכּף קומען צום אויספֿיר, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד עקסיסטירט אַ פֿאַרשווערונג פֿון דאָקטוירים. ער האָט באַפֿוילן צו אַרעסטירן אַ גרופּע אויסגעצייכנטע דאָקטוירים ספּעציאַליסטן. ער האָט אַליין געגעבן אָנווייַזונגען ווי צו פֿירן די אויספֿאָרשונג און ווי אַזוי אויסצופֿרעגן די באַשולדיקטע. ער האָט באַפֿוילן, מען זאָל דעם מיטגליד פֿון דער אַקאַדעמיע ווינאָגראַדאָוו שמידן אין קייטן און אַ צווייטן זאָל מען צעשלאָגן. דאָ אויפֿן צוזאַמענ־פֿאָר געפֿינט זיך דער געוועזענער מיניסטער פֿון זיכערקייט, דער חבֿר איגנאַטיעוו. אים האָט סטאַלין געזאָגט אין קורצן: 'אויב איר וועט זיך ניט דערשלאָגן צו דעם, אַז די דאָקטוירים זאָלן זיך מודה זייַן, וועלן מיר אייַך מאַכן מיט אַ קאָפּ קירצער'.

סטאַלין גופֿא האָט אַרויסגערופֿן דעם הויפּט־אויספֿאָרשער און ער האָט אים געגעבן עצות וועגן די מעטאָדן פֿון אויספֿאָרשן, וואָס ער דאַרף

אַנוועגדן. די מעטאָדן זײַנען געווען ניט קאָמפּליצירט: שלאָגן, שלאָגן און נאָך אַ מאָל שלאָגן".

דער ענין דאָקטוירים האָט זיך בפּירוש דערנענטערט צו אַ פֿאַטאַלן פֿינאַל. אין מאָסקווע זײַנען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז דעם פֿאַרהער האָט מען באַשטימט אויפֿן 5־7 מאַרץ. ס'קען גאָר ניט זײַן קיין ספֿק, אַז ווען ניט סטאַלינס טויט וואָלט טאַקע פֿאָרגעקומען אַ פּראָצעס לויטן קלאַסישן מוסטער פֿון די „גרויסע פּראָצעסן" אין די דרײַסיקער יאָרן, פֿון קאָסטאָווס פּראָצעס, און פֿון רײַקס און סלאַנסקיס פּראָצעסן אין די „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס". אָבער סטאַלינס פּלוצעמדיק קראַנק ווערן און זײַן טויט דעם 5טן מאַרץ האָבן איבערגעהאַקט די אַנטוויקלונג.

אין די מאַרץ־נומערן פֿון די סאָוועטישע צײַטונגען האָט מען תּיכּף־ומיד פֿאַרגעסן די „דאָקטוירים מערדערס" און דעם „רעאַקציאָנערן ציוניזם". אויף דער פּראָווינץ האָט מען זיי נאָך ווו ניט ווו געהאַלטן אין גריזשען, און די קאַזאַכסטאַנסקאַיאַ פּראַוודאַ האָט נאָך באַוויזן צו דערמאָנען די „דאָקטוירים מערדערס" אַזש דעם 4טן אַפּריל, דעם זעלבן טאָג, ווען די מאָסקווער צײַטונגען האָבן שוין געהאַט געמאָלדן, אַז דער גאַנצער „ענין דאָקטוירים" איז געווען אַ מאַכערײַקע, וואָס דאָס מיניסטעריום פֿאַר מלוכישער זיכערקייט האָט פֿאַבריצירט.

ס'האָט זיך געדוכט, אַז פֿאַרהעלטענישמעסיקע שטילקייט אויפֿן פֿראָנט פֿון אַנטיסעמיטיזם, נעמט זיך פֿון דעם, וואָס דער קאָמפּאַרטיי ליגן איצט ניט אין זינען די יידן מיט זייער כּלומרשטער פֿאַרשווערונג. אָבער אין גיכן איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָ האָבן געשטעקט אויך אַנדערע סיבות: דער ענין דאָקטוירים איז אויף אַ משונהדיקן אופֿן געווען אײַנגעפּלאָכטן אין דעם קאַמף אויף די שפּיצן פֿון דער קאָמפּאַרטיי.[5]

## דער פֿינאַל

שוין פֿונעם פֿאַרגלײַך צווישן דעם קאָמוניקאַט פֿון טאַס"ס פֿון 13טן יאַנואַר און די אַרטיקלען אין די סאָוועטישע צײַטונגען איז ניט ווילנדיק געקומען אויפֿן זינען דער געדאַנק וועגן רײַבונגען אויפֿן קאָמוניסטישן אָלימפּ. דער קאָמוניקאַט האָט בפּירוש אונטערגעשטראָכן די פֿאַרדינסטן פֿון די זיכערקייט־אָרגאַנען אין אויפֿדעקן דעם שרעקלעכן פֿאַרברעכן. פֿאַרקערט, אין די שאַבלאָנירטע אַרטיקלען אין די סאָוועטישע צײַטונגען, אין שײַכות מיטן קאָמוניקאַט פֿון טאַס"ס, האָט מען אַרויסגערוקט שווערע באַשולדיקונגען דווקא קעגן די זיכערקייט־אָרגאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיטן אויפֿדעקן די „טעראָריסטישע פֿאַרשווערונג": „די מלוכישע זיכערקייט־אָרגאַנען האָבן ניט אויפֿגעדעקט אין צײַט די שעדלעכע טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציע צווישן די דאָקטוירים" (פּראַוודאַ, יאַנואַר 13 און כּמעט וואָרט אין וואָרט די איזוועסטיאַ און אַנדערע פּרעסע־אָרגאַנען). אַ שפּילכל צו זאָגן: ניט אויפֿדעקן אין צײַט, פֿאַר וואָס ס'זײַנען דערהרגעט געוואָרן צוויי מיטגלידער פֿון פּאָליט־ביוראָ!

קעגן וועמען איז געווען געווענדט אָט די טענה? קעגן מיניסטעריום פֿאַר מלוכישער זיכערקייט, וואָס אָקערשט האָט דער קאָמוניקאַט פֿון טאַס"ס אים

צוגעשריבן דעם פֿאַרדינסט פֿון אויפֿדעקן די פֿאַרשווערונג? ס׳האָט אויסגעזען, אַז ס׳איז שווער אויפֿצוקלערן די סתּירה. אָבער אָנהייב אַפּריל, אַ קנאַפּן חודש נאָך סטאַלינס טויט, איז אַלץ געוואָרן קלאָר, און דער ענין דאָקטוירים האָט זיך באַוויזן אין אַ נײַ ליכט.

דעם 4טן אַפּריל האָט זיך אין די מאָסקווער צײַטונגען באַוויזן אַן אָפֿיציעלער קאָמוניקאַט, וואָס אַזוינס איז נאָך אין דער געשיכטע פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד קיין מאָל ניט געווען: „דאָס מיניסטעריום פֿאַר די אינעווייניקסטע ענינים פֿון פֿסס״ר האָט דורכגעפֿירט אַ גרינטלעכע וועריפֿיקאַציע פֿון אַלע מאַטעריאַלן פֿון דער פּרעלימינאַרער אויספֿאָרשונג און אַנדערע געגעבענע צום ענין גרופּע דאָקטוירים, וואָס מען האָט באַשולדיקט אין שעדיקערײַ, שפּיאָנאַזש און אין טעראָריסטישע אַקטן לגבי אַקטיווע טוערס פֿון דער סאָוועטישער מלוכה״. אין רעזולטאַט פֿון דער וועריפֿיקאַציע „איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן״:

1) די אַלע וואָס זײַנען צוגעצויגן געוואָרן צום ענין „זײַנען ניט־ריכטיק אַרעסטירט געוואָרן, אָן קיין שום געזעצלעכן סמך״,

2) אַז די באַשולדיקונגען, וואָס מען האָט קעגן זיי אַרויסגערוקט „זײַנען ליגנערישע, און די דאָקומענטאַלע געגעבענע, וואָס אויף זיי האָבן זיך די אויספֿאָרשערס געשטיצט, זײַנען ניט קיין ממשותדיקע״,

3) אַז „די באַווײַזן פֿון די אַרעסטירטע, וואָס זאָלן כּלומרשט האָבן באַשטעטיקט די באַשולדיקונגען, וואָס מען האָט קעגן זיי אַרויסגערוקט, האָבן די אָנגעשטעלטע פֿון דעם אויספֿאָרש־אָפּטייל בײַם געוועזענעם מיניסטעריום פֿאַר מלוכישער זיכערקייט אַרויסגעקראָגן דורך אָנווענדן אויספֿאָרש־מעטאָדן וואָס זײַנען ניט־דערלאָזלעך און זײַנען שטרענג פֿאַרבאָטן דורך די סאָוועטישע געזעצן״.

סך־הכּל: אַלע „וואָס זײַנען צוגעצויגן געוואָרן צו דעם ענין זײַנען פֿול־שטענדיק רעהאַביליטירט״ און „באַפֿרײַט פֿון באַוואַכונג״, ווידער „די פּערזאָנען וואָס זײַנען שולדיק אין ניט־ריכטיקן פֿירן די אויספֿאָרשונג זײַנען אַרעסטירט און ווערן צוגעצויגן צו קרימינעלער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט״.

אין צוויי טעג אַרום האָט שוין דאָס לייטאַרטיקל פֿון פּראַוודאַ אָנגערופֿן נע־מען אויך: דער הויפּט־באַשולדיקטער — ריומין, „דער געוועזענער פֿאַרטרעטער פֿון מיניסטער (פֿון מלוכישער זיכערקייט) און דער שעף פֿונעם אויספֿאָרש־אָפּטייל, וואָס ער האָט דירעקט אָנגעפֿירט מיט דער אויספֿאָרשונג, איז אַרעס־טירט״, און זײַן שעף, דער געוועזענער מיניסטער פֿאַר מלוכישער זיכערקייט ס. איגנאַטיעוו אויך; אמת, איגנאַטיעוון האָט מען לעת־עתּה געשאַנעוועט: אים האָט מען בלויז פֿאַרגעוואָרפֿן „פּאָליטישע בלינדקייט און צעפּלויגנקייט״. — פֿון דעם איז מען געוואָרן געוואָרן, ווער ס׳איז געווען דער מיניסטער פֿאַר מלוכי־שער זיכערקייט בעת מען האָט אָרגאַניזירט דעם „ענין דאָקטוירים״: ביז דעם מאָמענט האָט מען (פֿון זינט ס׳איז פֿאַרשווונדן געוואָרן דער פֿריִערדיקער מי־ניסטער אַבאַקומאָוו, סוף 1951, אָדער אין דער ערשטער העלפֿט 1952) געהאַלטן בסוד דעם נאָמען פֿון דער פּערזאָן וואָס האָט איבערגענומען אַבאַקומאָווס אָרט. — אויף צו מאָרגנס האָט מען איגנאַטיעוון, וואָס נאָך סטאַלינס טויט איז ער

באַשטימט געוואָרן ווי איינער פֿון די סעקרעטאַרן פֿון צ"ק, „באַפֿרײַט" פֿון אַט די התחײַבֿותן אויך.

איצט איז אין עצם אַלץ קלאָר, צונעמען דעם אַמט פֿון מיניסטער פֿאַר מלוכישער זיכערקייט בײַ אַבאַקומאָוון, דעם אַלטן, געריבענעם טשעקיסט מיט אַ דרײַסיק־יאָריקן סטאַזש, און באַשטימען אויף זײַן אָרט דעם פּראָפֿעסיאָנעלן פּאַרטייִשן סעקרעטאַר איגנאַטיעוון, האָט עדות געזאָגט אויף דעם, אַז סטאַלין האָט פֿײַנט געקראָגן בעריאַן. דער ענין דאָקטוירים־פֿאַרשווערונג, וואָס איז פֿאַב־ריצירט געוואָרן שוין אונטער איגנאַטיעווס ממשלה, האָט געזאָלט הייבן דעם אויטאָריטעט פֿון איגנאַטיעוון און אין דער זעלבער צײַט — און אין דעם זינען דאַרף מען פֿאַרשטיין די קריטישע ווערטער אין דער סאָוועטישער פּרעסע אויפֿן חשבון פֿון מיניסטעריום פֿאַר מלוכישער זיכערקייט — האָט ער געזאָלט וואַרפֿן אַ שאָטן אויף דער ביזאיגנאַטיעווישער אָנפֿירונג פֿון דער „עמגעבע", ד"ה אין לעצטן סך־הכּל, אויף בעריאַן.

דעם 6טן מאַרץ, תּיכּף נאָך סטאַלינס טויט האָט בעריאַ געפּועלט, מען זאָל דאָס מיניסטעריום פֿאַר מלוכישער זיכערקייט איבערגעבן אונטער זײַן דירעקטער אַדמיניסטראַציע (וואָס האָט געמיינט: דאָס זיכערקייט־מיניסטעריום און דאָס מיניסטעריום פֿאַר אינעווייניקסטע ענינים זײַנען געוואָרן איינס). ווען בעריאַ האָט אַרײַנגעקראָגן אין זײַנע הענט די דעה איבער די זיכערקייט־אָרגאַנען, האָט ער תּיכּף באַפֿוילן דורכצופֿירן די „ווערפֿיקאַציע" פֿון דעם גאַנצן ענין דאָק־טוירים, און פֿאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זייער גיך אַלץ „אויפֿגעדעקט".

דאָס עפֿנטלעכע מודה זײַן, אַז דעם גאַנצן ענין „דאָקטוירים מערדערס" האָבן פֿאַבריצירט די זיכערקייט־אָרגאַנען און אַז דאָס מודה זײַן זיך פֿון די באַשול־דיקטע — און זיי האָבן זיך „מודה געווען" אין אַלץ — האָט מען אַרויסגעקראָגן דורך אָנווענדן לגבי זיי פֿאַרברעכערישע „אויספֿאָרש־מעטאָדן", האָט אַרויסגעע־רופֿן אַ שטאַרקן רושם אין לאַנד. אין צוויי טעג אַרום — דעם 6טן אַפּריל — האָט שוין די פּראַוודאַ געהאַט וועגן דעם אַ לייטאַרטיקל א"נ „די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע געזעצלעכקייט איז אומבאַרירלעך". דעם אַרטיקל האָבן שפּעטער איבערגעדרוקט אַ סך סאָוועטישע צײַטונגען. דאָרטן ווערט דער גאַנצער ענין דאָקטוירים כאַראַקטעריזירט ווי אַ „פּראָוואָקאַציע, וואָס אירע קרבנות זײַנען געווען ערלעכע סאָוועטישע מענטשן, אויסגעצייכנטע טוערס פֿון דער סאָוועטי־שער וויסנשאַפֿט". פֿון דעם אַרטיקל זײַנען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די אָנגע־שטעלטע פֿונעם אויספֿאָרש־אָפּטייל בײַם מיניסטעריום פֿאַר מלוכישער זיכער־קייט „האָבן אויף אַ ברוטאַלן אופֿן עובֿר געווען אויף דער סאָוועטישער געזעצ־לעכקייט און זיי זײַנען דערגאַנגען אַזש ביז בפֿירושער פֿאַלסיפֿיקאַציע פֿון באַ־שולדיקונגס־מאַטעריאַלן", אַז „די מעדיצינישע עקספּערטן־קאָמיסיע וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין שײַכות מיטן ענין דאָקטוירים... האָט מיט איר אויטאָרי־טעט געשטיצט די רכילותדיקע, פֿאַלסיפֿיצירטע באַשולדיקונגען קעגן אַ ריי אָנגעזעענע טוערס אין דער מעדיצין", „אַז די באַשולדיקונגען וואָס מען האָט אַרויסגעשטעלט קעגן אַ גאַנצער ריי אָנגעזעענע טוערס פֿון דער סאָוועטישער מעדיצין, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר ליגנערישע, אַז דאָס איז געווען אַ געמיינער

בילבול אויף ערלעכע און רעספּעקטירטע טוערס פון אונדזער מלוכה", אאַז"וו, אאַז"וו.

אין דעם אַרטיקל איז פאַראַן נאָך איין פּונקט אינעם מודה זײַן זיך, וואָס אויף אים איז אומבאַדינגט נייטיק זיך אָפּצושטעלן באַזונדער:

„די פאַראַכטלעכע אַוואַנטוריסטן פונעם טיפּ ריומין האָבן מיט זייער פאַבריצירטן אויספאַרש־ענין געפרווּווט פונאַנדערצוברענגען אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט... די געפילן פון נאַציאָנאַלן האַס, וואָס זײַנען טיף פרעמד דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. אין אָט די פּראָ־וואָקאַטאָרישע צילן זיי זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר נאַרישע רכילות אויף סאָוועטישע מענטשן. אַ געגנויע וועריפיקאַציע האָט פעסטגעשטעלט למשל, אַז אויף אַזאַ אופן האָט מען געטריבן רכילות קעגן ערלעכן גע־זעלשאַפטלעכן טוער, דעם פאָלקסאַרטיסט פון פסס"ר מיכאָעלס".

(אין הסכם מיטן קאָמוניקאַט פון 13טן יאַנואַר איז מיכאָעלס געווען אַ רינג וואָס האָט צוזאַמענגעקייטלט די „דאָקטוירים מערדערס" מיטן דזשאָינט.)

„געפרווּווט פונאַנדערברענגען נאַציאָנאַלן האַס"! קעגן וועמען? קעגן וואָסער נאַציאָנאַליטעט? אַוודאי קעגן ייִדן, כאָטש די פּראַוודאַ פאַרשווײַגט דאָס און פּרווּוט זיך אויסבאַהאַלטן אונטער דער פאָרמל פון פונאַנדערברענגען נאַציאָנאַלן האַס. די פּראַוודאַ האָט דאָ ניט־ווילנדיק מודה געווען, אַז דער ענין דאָקטוירים האָט געטראָגן ניט בלויז אַן אַנטי־ציוניסטישן כאַראַקטער, נאָר אַ גראָב־אַנטי־סעמיטישן כאַראַקטער. אויף צו מאָרגנס האָט די פּראַוודאַ אין אַ נײַעם לייטאַר־טיקל ווידער אונטערגעשטראָכן, אַז די „פאַראַכטלעכע אַוואַנטוריסטן פונעם טיפּ ריומין, וואָס האָבן זיך אײַנגענאַדזשעט אין די זיכערקייט־אָרגאַנען האָבן מיט דער הילף פון פאַבריצירטן אויספאָרש־מאַטעריאַל געפרווּווט פונאַנדערברענגען געפילן פון נאַציאָנאַלן האַס, וואָס זײַנען טיף פרעמד דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע".

צי האָט דאָס באַטײַט, אַז די קאָמפּאַרטיי איז אַרויף אויפן וועג פון קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם, אָדער, אַז זי האָט לכל־הפּחות באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פון שטיצן און פון פאַרשטאַרקן דעם אַנטיסעמיטיזם? קעגן דעם האָט גערעדט שוין דער פאַקט גופא, וואָס אין פּראַוודאַ פון 6טן און 7טן אַפּריל האָבן די אַרטיקלען אונ־טערגעשטראָכן בלויז די ניט־דערלאָזלעכקייט פון פונאַנדערברענגען נאַציאָנאַלע שׂינאה בכלל, אָבער זיי האָבן בפירוש אויסגעמיטן אָנצווײַזן דירעקט אויף דער ניט־דערלאָזלעכקייט פונאַנדערצוברענגען דעם אַנטיסעמיטיזם. אין פלוג האָט זיך געקענט דוכטן, אַז בײַם ליקווידירן דעם ענין דאָקטוירים, וואָס האָט אַזוי צוגעהאָלפן פונאַנדערצוברענגען דעם אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך פּשוט געבעטן דאָס צו זאָגן. אין די נאָענטסטע וואָכן נאָכן 4טן אַפּריל איז די טעמע וועגן דער אומבאַרירלעכקייט פון די הייליקע רעכט פון סאָוועטישע בירגערס און וועגן דער ניט־דערלאָזלעכקייט צו פּראָפּאַגירן נאַציאָנאַלע שׂינאה באַרירט געוואָרן אין אַ סך אַרטיקלען אין דער סאָוועטישער פּרעסע. אָבער אין קיין איינעם פון די אַרטיקלען האָב איך ניט געפונען קיין דירעקטן פאַררופן זיך אויף דער ניט־דערלאָזלעכקייט פון אַנטיסעמיטיזם. אין דעם האָט געשטעקט אַ סיסטעם.

פֿאַרשטייט זיך, אַז נאָכן 4טן אַפּריל איז שטיל געוואָרן אויך מיט דער אַנטי־סעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע לאַחדים — דער מעטאָד אָפּצוקלײַבן די דראָבנע קרימינעלע און האַלב־קרימינעלע כראַניק, ווו ס'טרעטן אויף ווי „אַרטיסטן" פּערזאָנען מיט יידישע נעמען און פֿאַמיליע־נעמען.

פֿאַר מער אָדער וויניקער אָפּטימיסטישע אויספֿירן איז דאָס ניט געווען גענוג, בפֿרט נאָך וואָס דאָס ליקווידירן דעם ענין דאָקטוירים האָט בפֿירוש ניט געהאַט קיין שום השפּעה אויף דער לאַגע אין די סאַטעליטן־לענדער, באַזונדער אין טשעכאָסלאָוואַקײַ. דאָרטן, ווו דער סלאַנסקי־פּראָצעס מיט אַלע זײַנע אַנטי־סעמיטישע פּרטים איז לאַנג געבליבן אַ מקור פֿון אינספּיראַציע פֿאַר קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן און זשורנאַליסטן, איז דער ענין אָפֿיציעל ניט „ליקווידירט" געוואָרן ביז 1963, ערשט אין צען יאָר אַרום.[6]

דירעקט נאָך סטאַלינס טויט האָט זיך אין ראַטן־פֿאַרבאַנד גאָרניט געביטן וואָס שייך דער באַציִונג צו מדינת־ישׂראל. איבער הויפּט אַז די רעגירונג פֿון מדינת־ישׂראל האָט עטלעכע טעג נאָך דער ליקווידאַציע פֿון דעם ענין דאָקטוירים עפֿנטלעך אויסגעדריקט די האָפֿענונג, אַז ס'וועלן באַלד צוריק אײַנגעשטעלט ווערן נאָרמאַלע באַציִונגען צווישן פֿסס"ר און מדינת־ישׂראל. די סאָוועטישע רעגירונג האָט נאָך אַ לאַנגע צײַט ניט אַרויסגעוויזן קיין גרייטקייט צו באַנײַען די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט מדינת־ישׂראל. עס האָט באַאומרויִקט דער פֿאַקט וואָס מצד דער סאָוועטישער רעגירונג זײַנען ניט געמאַכט געוואָרן קיין שום פּרווון זיך אָפּצוגרענעצן פֿון דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע אויף אַ ריי אַראַבישע ראַדיאָ־סטאַנציעס, וואָס האָט אָנגענומען אַ ספּעציעל שאַרפֿן כאַראַקטער נאָכן מאָסקווער קאָמוניקאַט אין יאַנואַר וועגן ענין „דאָקטוירים מערדערס;"[7] דאַקעגן, ווען די פֿאָרשטייערס פֿון די אַראַבישע לענדער זײַנען אין מיטן אַפּריל זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן מדינת־ישׂראל אין דער יו־ען, און אין זייערע כּלומרשט אַנטי־ציוניסטישע רעדעס האָט מען געפֿילט אַ שטאַרקן האַס קעגן יידן בכלל, האָבן זיי געקראָגן אַ פֿרײַנדלעכע און דעמאָנסטראַטיווע אונטערשטיצונג מצד די פֿאָרשטייערס פֿון פֿסס"ר און די סאָוועטישע סאַטעליטן.

## הערות

[1] רודע פּראַוואָ, נאָוועמבער 21, 1952.

[2] דאָרטן, נאָוועמבער 26, 1952.

[3] זען למשל די זייער ניט־אויסשעפּיקע געגעבענע אין «Правда Украины», 17-го и 18-го января, и 31-го марта; «Медицинский работник», 27-го января; «Литературная Газета», 24-го марта; «Советская Латвия», 16-го января; «Советская Белоруссия», 18-го января; «Крокодил», 20-ого февраля.

[4] Bertram D. Wolfe, *Khrushchev and Stalin's Ghost*, New York, Praeger, 1957, pp. 202–204.

[5] אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע, ספּעציעל אין אויסלאַנד, הערשט אַ טענדענץ צו באַפֿרײַען די קאָמפּאַרטיי פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן „ענין דאָקטוירים" און פֿאַר דער ליקווידאַציע פֿון דער יידישער עליטע בכלל מיט אַ פּשוטער פֿאָרמל: „בעריִעווששינע". אַלץ ווערט פֿאַרשריבן אויפֿן חשבון פֿון דער בעריִעווששינע (בפֿרט אין דער וואַרשעווער פֿאָלקס־שטימע, אין דעם פּריִער ציטירטן אַרטיקל): אי דעם מאָרד איבער די געזעלשאַפֿטלעכע און

קולטורעלע טוערס אין די 30ער יאָרן, אי דאָס אָפּרעכענען זיך מיט דער ייִדישער עליטע — „ענין דאָקטוירים" אַרײַנגערעכנט — אין די לעצטע יאָרן פֿון סטאַלינס לעבן. אָבער דימאַנשטיין, אסתּר, ירחמיאל א"אַנד וואָס זײַנען דערמאָנט אין דעם אַרטיקל אין דער פֿאָלקסשטימע זײַנען אומגעקומען נאָך איידער ס'האָט אויפֿגעשײַנט בעריאַס שטערן. ער איז אַרויף אויף דער אַל־פֿאַרבאַנדישער אַרענע ערשט אין אויגוסט 1938; ביז דעמאָלט האָט ער אַנטוויקלט זײַנע טשע־קיסטישע טאַלענטן אין טראַנסקאַווקאַזיע, וווּ ס'איז אין יענער צײַט קיין שום באַזונדערס מיט ייִדן ניט געשען. די דירעקטע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר די קרבנות פֿון די 30ער יאָרן ליגט דעריבער ניט אויף בעריאַן, נאָר אויף יעזשאָוון וואָס האָט געטאָן זײַן אַרבעט אונטער דער אומפֿאַרמיטלטער אָנפֿירונג פֿון סטאַלינען און זײַנע נאָענטסטע מיטאַרבעטערס.

אַנדערש זעט אויס דער ענין פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן ליקווידירן די ייִדישע קולטורעלע אינסטיטוציעס סוף 1948 און די אַרעסטן פֿון די ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע טוערס ווינטער 1948—1949. דאָס איז געווען די בליצײַט פֿון בעריאַס אײַנפֿלוס, און דאָ איז, פֿאַרשטייט זיך, שוין זײַן פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, פּונקט ווי די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון סטאַלינען און פֿון זײַנע מקורבֿים, מחוץ יעדער ספֿק. אָבער די אַרעסטירטע אין ווינטער 1948—1949 זײַנען דאָך דערשאָסן געוואָרן אַ סך שפּעטער, ווען בעריאַס שטערן האָט שוין געהאַלטן זיך אין לעשן. סטאַלין האָט שוין צו דער צײַט געהאַט אָנגעוואָרן זײַן אַבסאָלוטן צוטרוי צו בעריאַן; די דירעקטע אָנפֿירונג מיט דער מלוכישער זיכערקייט איז שוין געהאַט אַריבערגעגאַנגען — דאָס איז געווען אַ מלוכישער סוד — אין איגנאַטיעווס הענט. דער „פּראָצעס" פֿון בערגעלסאָנען א"אַנד, וואָס האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט די דערשיסונגען פֿון 12טן אויגוסט 1952, איז שוין פֿאָרגעקומען בימי איגנאַטיעוו. בימי איגנאַטיעוו איז אויך פֿאָר־געקומען דער סלאַנסקי־פּראָצעס אין טשעכאָסלאָוואַקײַ און ס'איז אײַנגעפֿעדעמט געוואָרן דער „ענין דאָקטוירים". אָט די נײַע כוואַליע רעפּרעסיעס, אָפּגעפֿאַרבט אויף אַן אָפֿן אַנטיסעמיטישן קאָליר, האָט געשטאַמט פֿון סטאַלינען גופֿא, און אין דער זעלבער צײַט איז זי ביז אַ געוויסן גראַד געווען אַ כּלי־זין פֿון קאַמף אינעווייניק אין דער הערשנדיקער כּנופֿיה. דאָס איז געווען אַ קאַמף, וואָס אין פּערספּעקטיוו, האָט ער שוין געהאַט אָנגעמערקט אויך בעריאַס סוף.

[6] רודע פּראַוואָ, אויגוסט 22, 1963.

[7] עטלעכע שטוינענדיקע מוסטערן פֿון דער פּראָפּאַגאַנדע האָט געבראַכט דער פֿאָרשטייער פֿון מדינת־ישׂראל אבא איבן אויף דער זיצונג פֿון דער פּאָליטישער קאָמיסיע בײַ דער יו־ען דעם 16טן אַפּריל 1953: דעם 29סטן יאַנואַר האָט די מלוכישע ראַדיאָ־סטאַנציע אין דמשׂק, אין שײַכות מיט דער רוסישער רעוואָלוציע אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז „דער מאָרד איבערן צאַר, איבער די מיטגלידער פֿון זײַן משפּחה, און איבער מיליאָנען רוסישע מענטשן איז גענוג צו כאַ־ראַקטעריזירן די ייִדן ווי פֿאַרברעכערס"; דעם 20סטן יאַנואַר האָט די אָפֿיציעלע ראַדיאָ־סטאַנציע אין באַגדאַד כאַראַקטעריזירט דאָס ייִדישע פֿאָלק ווי „אַ שלאַנג וואָס אַנדערע האָבן געשפּײַזט און אָנגעוואַרעמט אויף זייער ברוסט ביז זי האָט ניט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ זיי אַ ביס צו טאָן"; דעם 8טן מאַרץ האָט די דמשׂקער ראַדיאָ־סטאַנציע געבראַכט דעם סענסאַציאָנעלן קאָמוניקאַט: „פֿון קאָנפֿידענציאָנעלע קוואַלן איז באַוווּסט געוואָרן, אַז דעם הויכן בלוטדרוק בײַם מאַרשאַל סטאַלין האָט מען אַרויסגערופֿן מיט אַן אײַנשפּריצונג, וואָס ס'האָט אים געגעבן איינער פֿון די אַרעסטירטע ציוניסטישע דאָקטוירים נאָך איידער מען האָט די פֿאַרברעכנס פֿון די ציוניסטישע דאָקטוירים אויפֿגעדעקט".

קאפיטל פיר

# די ערשטע יאָרן אָן סטאַלינען

## לעת־עתּה איז נאָך קיין פּרינציפּיעלער איבערבײַט ניטאָ

צו דער צײַט פון סטאַלינס טויט האָט זיך דאָס סאָוועטישע ייִדנטום געפונען אויף דער גרענעץ פון פאַרצווייפלונג. אַ טראַכטנדיקער מענטש מיט אַ חוש פאַר אָבסערוואַציע האָט אונטערן פּסעוודאָנים אַלמוני אַרויסגעשיקט פון ראַטן־פאַר־באַנד אַ רייז אַרטיקלען וואָס זײַנען געווען אָפּגעדרוקט אין דבר. אין די אַרטיקלען, וואָס האָבן בשעתו צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון עולם, איז באַשריבן די לאַגע אַזוי, ווי ס׳האָבן זיי געזען די ייִדן ווינטערצײַט 1952—1953:[1]

„דער סוף איז נאָענט. זיי וועלן אונדז אוועקפירן אויף פאַרשיקונג, זיי וועלן אונדז פּײַניקן, זיי וועלן מאַכן אויף אונדז פּאָגראָמען. אויף די גאַסן פילסטו דעם האַס און די פאַראַכטונג מצד דעם פאָלק. די פרויען אין די קאָמונע־קיכן פאַרביטערן זייערע ייִדישע שכנטעס דאָס לעבן. דער אַנטיסעמיטישער סם דרינגט אַרײַן אַלץ טיפער. די צײַטונגען זעען אויס ווי די אַנטיסעמיטישע פּרעסע אין די צאַרישע צײַטן“.

ס׳זײַנען איבער מאָסקווע אַרומגעגאַנגען די משונהדיקסטע קלאַנגען וועגן די אַנטי־ייִדישע מאַסמיטלען, וואָס די רעגירונג קלײַבט זיך אָנצונעמען. אַ סך שפּעטער זײַנען אין אויסלאַנד דערגאַנגען ידיעות וועגן דעם, אַז „ערבֿ דעם טאָג אין מאַרץ, ווען סטאַלין האָט געקראָגן אַן אַפּאָפּלעקסיע, האָט ער אויף אַ באַראַטונג פון די סאָוועטישע פירערס געמאָלדן וועגן זײַן פּלאַן אַריבערצו־פירן אַלע סאָוועטישע ייִדן אין אַ נײַעם תּחום־המושבֿ אין צפונדיקן טייל פון ראַטן־פאַרבאַנד“:[2]

„זײַנע געהילפן זײַנען דערשטוינט געוואָרן. סײַ מיקאָיאַן סײַ מאָלאָ־טאָוו האָבן פּראָטעסטירט און זיי האָבן דערקלערט, אַז דאָס וועט אַרויס־רופן דערצאָרנטקייט אין אויסלאַנד. וועגן מאַרשאַל וואָראָשילאָוו גייט מען איבער, אַז ער האָט באַצייכנט דעם פּלאַן ווי אַ פאַרברעכערישן, וואָס איז עלול אַרויסצורופן אין דער וועלט פונקט אַזאַ צאָרן, ווי ס׳האָט קעגן זיך אַרויסגערופן היטלער. מען גייט נאָך איבער, אַז סטאַלין איז געוואָרן ווילד, ווען ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אָפּאָזיציע קעגן זײַן פּלאַן, און אַז דאָס זאָל האָבן געווען די סיבה, וואָס ער האָט אויף צו מאָרגנס געקראָגן די אַפּאָפּלעקסיע“.

אין אַ יאָר אַרום האָט די פֿראַנצייזישע פֿראַנס־סואַר געהאַט מער פּרטים וועגן אָט דער זיצונג און זי האָט זיך דערביי פֿאַררופֿן אויף פּוילישע זשורנאַליסטן, וואָס זאָלן דאָס האָבן געהערט פֿון דעם סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין וואַרשע, פּ. ק. פּאָנאָמאַרענקאָ. אין הסכּם מיט דער ידיעה האָט „וואָראָשילאָוו, ווי מען גיט איבער, פּראָטעסטירט און אַפֿילו געדראָט, אַז ער וועט אַרויסטרעטן פֿון דער פּאַרטיי. דאָס האָט סטאַלינען אַזוי אויפֿגעקאָכט, אַז ער האָט געגומען שרייען, אַז ער האָט אַזש געקראָגן אַן אַפּאָפּלעקסיע".[3] אין די אַלע ידיעות זיינען משמעות די פֿאַרבן אַ ביסל צו געדיכט. אָבער אין דער סיטואַציע, ווען די אַלע קלאַנגען זיינען אויפֿגעקומען, איז דאָס געווען כּמעט אומפֿאַרמיידלעך. נאָר אין תּוך זיינען די ידיעות אָן שום ספֿק באַזירט אויף אמתע פֿאַקטן.

סטאַלינס טויט — דעם 5טן מאַרץ 1953 — האָט אַ ביסל געמינערט דעם פּחד וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. דער אָפֿיציעלער קאָמוניקאַט וועגן אָפּשטעלן דעם ענין דאָקטוירים און וועגן דער פֿולשטענדיקער רעהאַביליטאַציע פֿון די באַשולדיקטע; דער אַרעסט און דאָס צוציִען צו קרימינעלער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט „די מיטאַרבעטערס פֿון דעם אויספֿאָרש־אָפּטייל ביים געוועזענעם מיניסטעריום פֿון מלוכישער זיכערקייט", וואָס האָבן אָנגעווענדט „ניט־דערלאָזלעכע און על־פּי די סאָוועטישע געזעצן שטרענג־פֿאַרבאָטענע אויספֿאָרש־מעטאָדן" האָבן געגעבן אַ גרונד צו האָפֿן, אַז צו דער סאָוועטישער אַנטי־ייִדישער פּאָליטיק אין אַזאַ העסלעכער פֿאָרעם איז געקומען אַ סוף. אַ טייל דערשיינונגען אין דער פּאָליטיק, וואָס האָבן זיך צום מערסטן געוואָרפֿן אין די אויגן, זיינען טאַקע פֿאַרשוווּנדן. די פּרימיטיווע פּראַקטיק פֿון אָפּקלייבן פֿאַר דער קרימינעלער כראָניק אין די צייטונגען ידיעות גראָד וועגן ייִדישע זשוליקעס האָט זיך אויף אַ צייט אָפּגעשטעלט. אָבער די אַמנעסטיע וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דעם 27סטן מאַרץ האָט כּמעט ניט אָנגערירט די ייִדן אין די לאַגערן. דער דאָקטער שאָלמער, אַ דייטש, וואָס איז אין 1949 אַרעסטירט געוואָרן אין מיזרח־דייטשלאַנד און ער איז פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף 25 יאָר תּפֿיסה פֿאַר „שפּיאָנאַזש", האָט פֿאַרבראַכט 5 יאָר אין לאַגער „וואָרקוטאַ". אין מאַרץ 1954 האָט מען אים פּלוצלינג באַפֿרייט און אים צוריקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. אין זיין בוך וואָרקוטאַ שרייבט שאָלמער, אַז ער האָט זיך אין לאַגער באַפֿריינדט מיט אַ פּעדאַגאָג, אַ ייִדן וואָס איז געווען אַ דירעקטאָר פֿון אַ מיטלשול אין אַדעס (שאָלמער רופֿט אים מיטן נאָמען בעקער). בעקערן האָט מען פֿאַרמישפּט אויף אַ לאַנגן טערמין צוליב דעם, וואָס ער האָט אויסגערעדט עטלעכע ווערטער צו אַן אַמעריקאַנער רבֿ. דער אַמעריקאַנער רבֿ איז געקומען קיין אַדעס צום סוף פֿון דער מלחמה, און ער האָט זיך דאָ באַגעגנט מיט אָפֿיציעלע און ניט־אָפֿיציעלע פֿאָרשטייערס פֿון אַדעסער ייִדן; ער האָט אויך אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין בעקערס מיטלשול. אין אַ יאָר אַרום האָט מען אַרעסטירט די אַלע, וואָס האָבן זיך געטראָפֿן מיטן אַמעריקאַנער רבֿ, זייערע קרובֿים און זייערע נאָענטע באַקאַנטע, און פֿאַרמישפּט אויף פֿאַרשיידענע טערמינען, עטלעכע פֿון זיי אויף 25 יאָר, פֿאַר געהערן צו אַ „ייִדיש־ציוניסטישער שפּיאָנען־אָרגאַניזאַציע". זומער 1953 האָט מען בעקערן געשיקט קיין אַדעס אויף אַ נייעם פֿאַרהער, אָבער צו האַרבסט

איז ער שוין געווען צוריק אין לאַגער; דער זעלבער אויספאָרשער האָט פאַר אים איבערגעחזרט די זעלבע נאַרישע באַשולדיקונגען, געשטעלט די זעלבע אידיאָ־טישע קשיות, און בעקער האָט זיך אומגעקערט מיטן זעלבן פסק־דין. אָבער די אַנדערע פאַרמישפּטע אין דעם זעלבן ענין האָבן בעקערס פאָרן קיין אַדעס אויפ־גענומען פאַר אַ גוטן סימן און זיי האָבן אָנגעגעבן בקשות וועגן איבערקוקן אויף דאָס נײַ זייערע ענינים. אין קורצן האָט מען זיי אַלעמען געענטפערט, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום גרונד נאָך אַ מאָל איבערצוקוקן, און אַז זייערע אורטיילן ווערן באַשטעטיקט.[4]

ניט בעסער האָט דאָס אויסגעזען וואָס שייך די פאָרשטייערס פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער עליטע וואָס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן ווינטערצײַט 1948—1949. ס'האָט נאָך געמוזט דויערן מער ווי צוויי יאָר ביז די פון זיי וואָס זײַנען לעבן געבליבן האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן פון די לאַגערן, פון די תּפיסות און פון פאַרשיקונג; אַפילו די מיטגלידער פון זייערע משפּחות, וואָס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן ווי „מיטגלידער פון משפּחות פון שׂונאים פון פאָלק" האָבן אויך געמוזט וואַרטן מער ווי צוויי יאָר ביז זיי זײַנען אַרויס אויף דער פרײַ. מען האָט זיי אַפילו ניט געלאָזט וויסן וועגן טויט פון זייערע נאָענטע, און אַוודאי ניט וועגן די, וואָס מען האָט דערשאָסן. דאָס האָט נאָך געדויערט יאָרן.

ווען אויסלענדער פלעגן זיך באַגעגענען מיט וויכטיקע סאָוועטישע מענטשן, און זיי פלעגן זיך נאָכפרעגן וועגן גורל פון אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאַרשוווּנדענעם, פלעגן זיי קריגן אַ בכּיוונדיק־ליגנערישן, אָבער אַלע מאָל אַ שטויבענדיק־ענלעכן ענטפער. אַזוי האָבן צײַטונג־קאָרעספּאָנדענטן, ווען זיי זײַנען דעם 28סטן סעפּ־טעמבער 1955 געווען אויף אַ קבלת־פּנים בײַ דער סאָוועטישער דעלעגאַציע פון דער יו־ען, זיך נאָכגעפרעגט וועגן גורל פון פּרץ מאַרקישן בײַ דעם פּרעסע־שעף פון סאָוועטישן מיניסטעריום פאַר אויסנווייניקסטע ענינים, בײַ לעאָניד איליִ־טשעוון. איליטשעוו האָט זייער זיכער געענטפערט, אַז מאַרקיש געפינט זיך אין מאָסקווע, און אַז ער, איליטשעוו, האָט זיך מיט אים ניט איין מאָל באַגעגנט אין דער רעדאַקציע פון פּראַוודאַ. „צי מען מעג מודיע זײַן וועגן דעם?" — האָבן זיי בײַ אים געפרעגט. „יאָ, איר מעגט, אויב איר ווילט", האָט איליטשעוו געענט־פערט.[5] אין צוויי חדשים אַרום, אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר, אויף אַ געזעגע־נונג־אָוונט, וואָס פרײַנד האָבן אָרגאַניזירט אין אַ פּריוואַטער שטוב אין ניו־יאָרק פאַר דער דעלעגאַציע פון סאָוועטישן שרײַבער־פאַראיין, האָט איינער פון די געסט זיך נאָכגעפרעגט בײַם שרײַבער באָריס פּאָלעוואָי וועגן גורל פון קוויטקאָן, ווײַל עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז מען האָט אים אַרעסטירט און דער־שאָסן. פּאָלעוואָי האָט גערן געענטפערט, אַז דאָס איז אַ טיפּישע אַנטיסאָוועטישע רכילות: „צום גליק האָט ער גראָד די מעגלעכקייט דאָס קאַטעגאָריש אָפּצולייי־קענען, ווײַל קוויטקאָ וווינט איצט אין דעם זעלבן הויז, ווו ער וווינט. צי קען דען זײַן אַ בעסערע אָפּלייקענונג?"[6] האָבן דאָס אַלע פאַרשטאַנען, דאָס האָט נאָך פּאָלעוואָיס אַ פרײַנד, וואָס איז דערבײַ געווען, דערציילט:

„מיר זײַנען געווען גליקלעך; מיר האָבן זיך אויסגעפרעגט, וואָס קוויטקאָ טוט איצטער — און פּאָלעוואָי האָט אונדז געזאָגט, אַז ער פאַר־

ענדיקט איצט אַן איבערזעצונג פֿון אַ בוך און אַז ער האָט שוין פֿאַר־קלערט אַ נײַ בוך. ער האָט אויך געזאָגט, אַז ער האָט זיך געזעגן מיט קוויטקאָן פֿאַרן אַוועקפֿאָרן, און קוויטקאָ האָט געבעטן איבערגעבן זײַנע פֿרײַנד אין ניו־יאָרק די בעסטע גרוסן".

אָבער קוויטקאָן פּונקט ווי מאַרקישן האָט מען שוין געהאַט דערשאָסן מיט דרײַ יאָר פֿאַר דעם (זען אין דריטן קאַפּיטל). פֿרילינג 1956, ווען די וואַרשעווער פֿאָלקסשטימע האָט שוין געהאַט אָפּגעדרוקט איר באַרימטן אַרטיקל „אונדזער ווייטאָג און אונדזער טרייסט", און ס'האָבן שוין מער ניט געקענט זײַן קיין ספֿקות וועגן גורל פֿון מאַרקישן, קוויטקאָן א"אַנד, האָט דער זעלבער איליטשעוו — שוין אין מאָסקווע — אין אַ שמועס מיט דער קאָרעספּאָנדענטקע פֿון דעם ניו־יאָרקער פּראָקאָמוניסטישן זשורנאַל ניישאָנעל גאַרדיען אָנגערופֿן דעם אַר־טיקל פֿון דער פֿאָלקסשטימע „רכילותדיק און אַנטיסאָוועטיש".[7]

מיר זײַנען דאָ ווידער פֿאַרלאָפֿן דעם וועג. וועגן די רעהאַביליטאַציעס האָבן מיר שוין גערעדט אין דעם צווייטן קאַפּיטל און שפּעטער וועלן מיר ברענגען מער פּרטים. איצט קערן מיר זיך אום צום יאָר 1953.

אויב אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט זיך, צוליב דעם דעמאָנסטראַטיוון ליקווידרן דעם ענין דאָקטוירים, נאָך געקענט שאַפֿן דער אײַנדרוק פֿון אַן אַלגעמיינער אָפּשוואַכונג פֿון דעם אַנטי־ייִדישן קורס, האָט מען וועגן די סאַטעליטן־לענדער אַפֿילו דאָס ניט געקענט זאָגן. דאָס האָט געוואָרפֿן אַ שאָטן אויך אויף דער סאָוועטישער אַנטוויקלונג. אין טשעכאָסלאָוואַקײַ האָט מען נאָך אַלץ פּאָליטיש עקס־פּלאָאַטירט דעם סלאַנסקי־פּראָצעס. „דעם 16טן מאַרץ 1953 האָט וואַצלאַוו דאַוויד, דער טשעכאָסלאָוואַקישער מיניסטער פֿאַר אויסנווייניקסטע ענינים, געמאָלדן דער פּאָליטישער קאָמיסיע בײַ דער גענעראַלער אַסאַמבלעע פֿון דער יו־ען, אַז סלאַנסקי און אַנדערע ייִדישע פֿירערס זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן צוליב דעם, וואָס זיי זײַנען באַגאַנגען קרימינעלע פֿאַרברעכנס, אַז דער ציוניזם איז געווען דאָס כּלי־זין פֿון אַמעריקאַנער שפּיאָנאַזש, סאַבאָטאַזש און שעדיקערײַ. דעם 21סטן אַפּריל האָט די סלאָוואַקישע קאָמוניסטישע צײַטונג פּראַוודאַ איבערגע־חזרט די אַנטיסעמיטישע און אַנטיציוניסטישע באַשולדיקונגען פֿון דעם פּראָגער פּראָצעס און זי האָט דערקלערט, אַז די 'ציוניסטיש־טראָצקיסטישע פֿאַררעטערס' זײַנען באַזונדער געפֿערלעך, ווײַל זיי זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין סאַמע האַרץ פֿון דער פּאַרטיי".[8] אין אַ חודש אַרום איז אין פּראָג פֿאָרגעקומען אַ נײַער סלאַנסקי־פּראָצעס, ניט רודאָלפֿס, נאָר דאָס מאָל זײַן ברודערס; דאָס איז געווען דער פּראָצעס פֿון ריכאַרד סלאַנסקי און נאָך דרײַ אָנגעזעענע טשעכאָסלאָוואַקישע קאָ־מוניסטישע דיפּלאָמאַטן (בלויז איינער פֿון זיי איז געווען אַ ייִד). זיי זײַנען פֿאַר־מישפּט געוואָרן — אויפֿן סמך פֿון ענלעכע באַשולדיקונגען וואָס מען האָט אַרויס־געדרוקט קעגן רודאָלף סלאַנסקי — צוויי אויף אייביקע תּפֿיסה, די אַנדערע צוויי, אויף 25 יאָר.[9] להיפּוך דעם פּראָצעס פֿון רודאָלף סלאַנסקין האָט מען דאָס מאָל געפֿירט דעם פּראָצעס הינטער פֿאַרמאַכטע טירן און אָן פּראָפּאַגאַנדיסטישער עקספּלאָאַטאַציע. אויפֿן זעלבן שטייגער איז אין אויגוסט פֿון דעם זעלבן יאָר 1953 פֿאָרגעקומען אין פּראָג אַ פּראָצעס פֿון פֿירערס פֿון דער ייִדישער קהילה,

וואָס מען האָט באַשולדיקט אין „עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס״: נאָך דער מלחמה האָבן זיי מיטגעהאָלפֿן בײַ דער פֿאַרגיטיקונג פֿון ייִדישן פֿאַרמעגן.[10]

נאָך שטאַרקער האָבן זיך אין 1953 און 1954 אַנטוויקלט די געריכט־פֿאַר־פֿאָלגונגען קעגן ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע טוערס אין רומעניע. די פּראָצעסן זײַנען פֿאָרגעקומען הינטער פֿאַרמאַכטע טירן, אָבער מען האָט צוגעלאָזן אין געריכטזאַל די קרובֿים פֿון די באַשולדיקטע, משמעות מיטן ציל צו טעראָריזירן די ייִדישע באַפֿעלקערונג. אויגוסט 1953 האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע פּראָצעסן, וואָס האָט בהדרגה אַרומגעכאַפּט כּמעט אַלע באַקאַנטע ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע טוערס אין רומעניע. אויפֿן ערשטן פּראָצעס — אויגוסט 1953 — האָט דער הויפּט־באַשולדיקטער עדגאַר קענער דערשטוינט דאָס געריכט, ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון זײַן „מודה זײַן זיך״ אויפֿן פּרעלימינאַרן פֿאַרהער. ער האָט דערמאָנט זײַנע באַשולדיקערס, אַז די נאַציס האָבן אים פֿאַרפֿאָלגט ווי אַ ׳קאָמו־ניסט׳, און ער האָט מוטיק פֿאַרטיידיקט זײַנע ציוניסטישע איבערצײַגונגען. דאָס איז געווען איינער פֿון די זעלטענע פֿאַלן, ווען אַ באַשולדיקטער האָט, ניט גע־קוקט אויף אַלע דראָאונגען און פּײַניקונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, איז אויף אַן עפֿנטלעכער זיצונג פֿון אַ קאָמוניסטישן געריכט געבליבן פֿעסט אַנטקעגן זײַנע פּײַניקערס. דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויף אַלע וואָס זײַנען געווען דערבײַ.[11] נאָוועמבער 1953 איז פֿאָרגעקומען אַ נײַער פּראָצעס (פֿון געוועזענעם פֿאָרזיצער פֿון דער רומענישער סעקציע פֿון ייִדישן וועלטקאָנגרעס זשאַן אַ. ליטמאַן און דער פֿירערין פֿון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער פֿרויען־אָרגאַ־ניזאַציע סוזאַן בענוועניסטי, די פֿרוי פֿון געוועזענעם פֿאָרזיצער פֿון דער רומע־נישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע). מאַרץ 1954 — אַ דריטער פּראָצעס פֿון 22 מיטגלידער פֿון השומר הצעיר, און שפּעטער אַ פֿערטער פּראָצעס. צווישן די באַשולדיקטע זײַנען דאָס מאָל געווען די געוועזענע פֿאָרזיצערס פֿון דער רומע־נישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע א. ל. ציס און מישאַ בענוועניסטי און דער געוועזענער פֿאָרזיצער פֿון דער רומענישער סעקציע פֿון ייִדישן וועלטקאָנגרעס זשאַן קאָהען. אין אַפּריל 1954 איז פֿאָרגעקומען דער וויכטיקסטער פּראָצעס פֿאַרן גאַנצן יאָר; צווישן די באַשולדיקטע זײַנען געווען: קאָרנעל יאַנקו, דער געוועז־זענער פֿאָרזיצער פֿון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער פֿעדעראַציע בערנאַרד רעדליך, דער געוועזענער פֿאָרזיצער פֿון דער רומענישער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע לעאָן איצקאָר, דער געוועזענער פֿאָרזיצער פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן פֿאָנד אין רומעניע, דן עשאַנו, און דער געוועזענער פֿאָרזיצער פֿון פּועלי־ציון, דער באַוווסטער היסטאָריקער טעאָדאָר לעווענשטיין. אין אַלע פּראָצעסן זײַנען די באַשולדיקטע פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף תּפֿיסה, געוויינטלעך אויף לאַנגע טער־מינען, טייל מאָל אויף אייביקע תּפֿיסה.[12]

אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען אַזעלכע פּראָצעסן ניט פֿאָרגעקומען, און ס׳וואָלט אויך ניט געווען קעגן וועמען צו פֿירן די פּראָצעסן. אָבער דער אַלגעמיינער מצבֿ איז דאָ ניט געווען בעסער, און אין אַ געוויסן זינען (וועגן דעם — שפּעטער), נאָך אַפֿילו ערגער איידער אין די „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס״. דאָס זײַנען געווען די יאָרן, ווען אין דעם סאָוועטישן קאָמוניזם האָט זיך בהדרגהדיק פֿעסט אײַנגע־

בירגערט דער געדאַנק (בשעתו איז ער געווען דער יסוד פֿון דער באָלשעוויסטי־שער קאָנצעפּציע אין דער ייִדן־פֿראַגע, אָבער נאָך דער רעוואָלוציע האָט מען אים פֿאַרוואָרפֿן אויף לאַנגע יאָרן), אַז ייִדן זײַנען בכלל ניט קיין נאַציאָנאַליטעט (ניט די ייִדן פֿון דער גאַנצער וועלט, און אַפֿילו די סאָוועטישע ייִדן אויך ניט). דאָס איז בשום־אופֿן ניט בלויז אַ טעאָרעטישע, אָדער פּרינציפּיעלע פֿראַגע — אַזאַ אָדער אַן אַנדער ענטפֿער אויף איר פֿירט צו זייער וויכטיקע פּראַקטישע קאָנ־סעקווענצן.

## ס'זײַנען דאָ ייִדן, אָבער ס'איז ניטאָ קיין ייִדנטום

אין צווייטן קאַפּיטל איז שוין געווען אָנגעמערקט, אַז אין 1948 האָט זיך אָנגעהויבן דער אומקער צו דער אַלטער באָלשעוויסטישער קאָנצעפּציע וואָס האָט ניט אָנערקענט ייִדן ווי אַ נאַציאָנאַליטעט. די ערשטע סימנים פֿון דעם אומ־קער האָבן זיך באַוויזן לאַנג פֿאַר דער מלחמה. יעקבֿ לעשטשינסקי האָט לעצטנס אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז אין אַ געוויסן זינען, דאַרף מען דעם אָנהייב פֿון דער אַנטוויקלונג רעכענען פֿון דעם מאָמענט, ווען מען האָט פֿונאַנדערגעלאָזט די ייִדישע ביוראָ בײַם צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי און די ייִדישע סעקציעס אויף די ערטער, ד״ה פֿון 1930, ווען מען האָט פֿונאַנדערגעלאָזט די „יעווסעקציע״. דאָס קען זיך אויסווײַזן ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער איצט, אין היסטאָרישער רעטראָ־ספּעקטיוו, דאַרפֿן דאָ קיין ספֿקות ניט זײַן. דער ענין איז אַזוי וויכטיק, אַז כאָטש אין פֿלוג גייט ער אַרויס מחוץ די ראַמען פֿון דעם בוך, איז דאָך כּדאַי ויך אָפּצושטעלן אויף אים בקיצור. לעשטשינסקי שרײַבט:[13]

> „מיר פֿון אונדזער זײַט מעגן מודה זײַן, אַז די יעווסעקציע, ווי גרויס און שווער ס'זאָלן ניט האָבן געווען אירע זינד קעגן היסטאָרישן ייִדנטום, איז זי ביז אַ געוויסן גראַד געווען דער היטער פֿון די ייִדישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, לכל־הפּחות אין איר קאָמוניסטישער אינטערפּרעטאַציע... ווײַל ווי גרויס ס'זאָל ניט האָבן געווען דער שאָדן פֿון דער יעווסעקציע, ווי פֿײַנטלעך זי זאָל ניט האָבן געווען צום תּוך פֿון ייִדנטום, איינס דאַרף מען אָנערקענען: זי איז געווען דער אָרגאַן וואָס האָט געפֿאָדערט און האָט בפֿירוש געקענט זיך דערשלאָגן צו דעם, אַז די גאַראַנטירטע געזעצן פֿאַר מינדערהייטן זאָלן ווערן אָפּגעהיט און דורכגעפֿירט. מען דאַרף אָנער־קענען, אַז איר טעטיקייט וואָס שייך קאָלאָניזירונג, אינדוסטריאַליזירונג, רעכט פֿאַר דער שפּראַך, פֿאַר דער ייִדישער שול, פֿאַר ייִדישע אַנשטאַלטן פֿון העכערער בילדונג, פֿאַר וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג אאַז״וו אאַז״וו, איז די יעווסעקציע געווען דער אָרגאַן וואָס האָט אויסגעפֿירט אַ פּאָזיטי־ווע אַרבעט, כאָטש זי איז ניט געווען קיין אָרגאַן וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן דורך אַ מערהייט סאָוועטישע ייִדן און זי האָט ניט אין דער פֿולער מאָס אויסגעדריקט זייערע פֿאַרלאַנגען. זי איז אָבער פֿאָרט געווען דאָס אויג וואָס האָט געקענט זען און דאָס אויער וואָס האָט געקענט הערן״.

דער סוף פֿון דער יעווסעקציע איז געווען דער אָנהייב פֿון אַ נײַעם גאַנג. דאָס ליקווידירן די ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס און דאָס ליקווידירן די ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס און דאָס ליקווידירן די ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע און קול־

טורעלע עליטע זײַנען געווען אַ דעצידירנדיקער עטאַפּ אין דער ווײַטערדיקער רעגרעסיווער אַנטוויקלונג. אין די ברייטע געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן האָט מען אפֿשר ניט גענוג אָפּגעשאַצט דעם באַטײַט פֿון די געשעענישן צוליב דעם, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויפֿן פּאָן פֿון דער משונהדיקער אַלגעמיינער „גרויסער טשיסטקע" וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלע ספֿערעס פֿון סאָוועטישן לעבן.

די מלחמה האָט איבערגעריסן די אַנטוויקלונג. די גרינדונג פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, וואָס זײַן הויפּטציל איז געווען צו אַפּעלירן „צו ייִדן פֿון דער גאַנצער וועלט" (פֿאַקטיש קודם־כּל צו די אַמעריקאַנער ייִדן, אין די אינטערעסן פֿון דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער סאָלידאַריטעט צווישן אַלייִרטע און פֿון ענערגישער הילף פֿאַרן ראַטן־פֿאַרבאַנד), האָט אויסגעזען צו האָבן איבערגעמישט אַ נײַ בלעטל אין דער געשיכטע פֿון סאָוועטישן ייִדנטום. אָבער פֿון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט איז דאָס בלויז געווען אַן עפּיזאָד; די נאָכמלחמהדיקע איבעראָריענטירונג פֿון דער סאָוועטישער אויסנווייניקסטער פּאָליטיק און דער אָנהייב פֿון אַ נײַעם שאַרפֿן אַנטימערבֿדיקן, דער עיקר אַנטיאַמעריקאַנישן קורס האָבן פֿאָרויס פֿאַרמישפּט דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אויף אַ פֿריצײַטיקן אומקום. די געשעענישן פֿון סוף 1948 האָבן באַטײַט אַ קער אויף צוריק צו דער סאָוועטישער פּאָליטיק פֿונעם לעצטן יאָרצענדלינג פֿון פֿאַר דער מלחמה. נאָר דאָס מאָל מיט אַ סך אַ שטאַרקערן אימפּעט, מיט מער אַנטשלאָסנקייט און מער גרייטקייט צו גיין אויף דעם וועג ביזן סאַמע סוף.

אין תּוך מוז ניט אַ נעגאַטיווע באַציִונג צו דער אידעע ייִדנטום דווקא זײַן אַ פּועל־יוצא פֿון האַס קעגן ייִדן ד"ה פֿון אַנטיסעמיטיזם; בײַ לענינען למשל איז אַפֿילו קיין שמץ פֿון האַס קעגן ייִדן ניט געווען. אָבער די אידעע איז אָפּט עלול צו ווערן אַ מקור פֿון אַנטיסעמיטיזם. אויב זי ווערט דער יסוד פֿאַר פּאָליטישע אויספֿירן, ברענגט זי צו כּלערליי דיסקרימינאַציעס לגבי ייִדן און זי נעמט קעכלען די באַצילן פֿון אַנטיסעמיטיזם.

סטאַלינס טויט האָט ניט געביטן דעם תּוך פֿון אָט דער קאָנצעפּציע, בלויז די פֿאָרעם פֿון איר אויסווירקונג איז ווייכער געוואָרן. די פּאָליטיק פֿון באַזײַטיקן אַלץ וואָס איז מסוגל אונטערצוהאַלטן בײַ די סאָוועטישע ייִדן דעם באַוווסטזײַן, אָדער אַפֿילו דאָס אומקלאָרע געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלער אײנהייט איז געוואָרן און ווערט נאָך איצט דורכגעפֿירט מיט אויסערגעוויינטלעכער עקשנות. אויגוסט 1956 איז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד געקומען אַ דעלעגאַציע פֿון צ"ק פֿון דער קאַנאַדישער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־פּאַרטיי (קאָמוניסטישער). איין מיטגליד פֿון דער דעלעגאַציע, זאַלצבערגן, האָט מען ספּעציעל באַפֿולמעכטיקט, ער זאָל אויסקלאָרן דעם ענין ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין אַ שמועס מיט סוסלאָוון און פּאָנאָמאַריאָוון, וואָס דער צ"ק האָט זיי באַשטימט צו פֿירן דעם שמועס מיט די קאַנאַדער, האָט זאַלצבערג אויפֿגעהויבן די פֿראַגע וועגן שאַפֿן אַ ייִדישן געזעלשאַפֿטלעך־קולטורעלן צענטער. די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה האָט דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט געשפּילט די ראָלע פֿון אַזאַ צענטער; נאָכן ליקווידירן אים אין 1948 איז געבליבן אַ וואַקוום; דער איינציקער נאַציאָנאַלער ייִדישער אַדרעס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז איצט די מאָסקווער סינאַגאָגע.

דאָס קען בשום־אופן ניט באַפרידיקן די באַדערפֿענישן פֿון דער ייִדישער וועלט־לעכער קולטור און ניט די באַדערפֿענישן צו האָבן אַ קאָנטאַקט מיטן ניט־רעליגיעזן ייִדישן סעקטאָר אין אויסלאַנד. זאַלצבערג האָט זיך דערביי פֿאַררופֿן אויף פּוילן, ווו ס׳עקסיסטירט אַ וועלטלעכער ייִדישער קולטורעלער און געזעלשאַפֿט־לעכער צענטער. אָבער ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן אַ טויבער וואַנט.[14] אין טשעכאָסלאָוואַקײַ שפּילן טאַקע די רעליגיעזע קהילות און זייער אַלמלוכישער צענטער אין אַ געוויסן זינען די ראָלע פֿון אָרגאַנען פֿון אַ ייִדישער געזעלשאַפֿט־לעכער אויטאָנאָמיע. ביז אַ געוויסן גראַד האָט זיך די זעלבע פּראַקטיק אײַנגעשטעלט אויך אין אַנדערע „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס". אָבער אין ראַטן־פֿאַרבאַנד עקסיסטירט בכלל ניט קיין אַלמלוכישער צענטער פֿון די ייִדישע רעליגיעזע קהילות; די באַזונדערע ייִדישע קהילות איז בפֿירוש פֿאַרבאָטן צו פֿאַרנעמען זיך מיט עפּעס אַנדערש חוץ שטרענג רעליגיעזע ענינים (וועגן דעם זען ווײַטער).

## די ייִדן „פֿאַרגעסט מען"

די קעגנערשאַפֿט צו דער אידעע ייִדנטום פֿירט שוין במילא צו דעם, אַז מען הייבט אָן איגנאָרירן די עצם עקסיסטענץ פֿון ייִדן גופֿא. אינעם צווייטן קאַפּיטל האָבן מיר געוויזן ווי אָט די אײַנשטעלונג האָט זיך אויף אַ כאַראַקטעריסטישן אופֿן אָפּגעשפּיגלט אין דער גרויסע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע, אַזעלכע בײַשפּילן זײַנען דאָ אַ סך. טיילווײַז האָבן זיי אַ שײַכות צו די מלחמה־יאָרן אויך. דאָס איז אַ ראַיה אויף דעם, אַז אַפֿילו בעת דער מלחמה איז דער ייִדישער אַנטי־פֿאַשיסטישער קאָמיטעט אין תּוך געווען אַ פֿרעמדקערפּער אין דער סיסטעם קאָמוניסטישער פּאָליטיק. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען די עקשנותדיקע שטרעבונג פֿון די סאָוועטישע מאַכטאָרגאַנען פֿולשטענדיק צו איגנאָרירן די היטלערשע פּאָליטיק פֿון אויסראָטן די ייִדן, אַפֿילו בעתן אויספֿאָרשן די היטלערשע מעשׂים רעים. די ספּעציעלע „אויסערגעוויינלעכע קאָמיסיע" וואָס איז צו דעם צוועק געשאַפֿן געוואָרן אין 1943, און זי האָט פֿאַרעפֿנטלעכט קרובֿ צוויי צענדלינג פּרטימדיקע קאָמוניקאַטן וועגן גאַנצע געגנטן און גרויסע שטעט, האָט אַפֿילו ניט דערמאָנט דאָס וואָרט „ייִד" אין אירע קאָמוניקאַטן: וועגן קיִעוו (פּראַוודאַ, מאַרץ 1, 1943), וועגן אַדעס און דער אַדעסער געגנט (פּראַוודאַ, יוני 14, 1944), וועגן לעטלאַנד (פּראַוודאַ, דעצעמבער 20, 1944), און אַפֿילו ניט אינעם קאָמוניקאַט וועגן אוישוויץ אויף דער פּוילישער טעריטאָריע (פּראַוודאַ, מײַ 7, 1945), מסתּמא דאָס שרעקלעכסטע אָרט אויפֿן גאַנצן ערדקויגל, אַן אָרט, ווו ס׳זײַנען געוואָרן פֿאַרסמט, פֿאַרברענט, צעפֿליקט, פֿאַרפֿײַניקט העכער פֿיר מיליאָן מענטשן, ס׳רובֿ ייִדן. אָבער אויך אין די איבעריקע קאָמוניקאַטן פֿון דער „אויסערגעוויינטלעכער קאָמיסיע", על־פּי געגנטן, ווערט וועגן ייִדן דערמאָנט נאָר אַגבֿ־אורחא.[15]

יאָרן נאָך דעם האָבן די פֿירערס פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק נאָך אַלץ ניט דערלויבט צו ריידן מיטן פֿולן מויל וועגן אָט די שרעקלעכע געשעענישן. גיכער פֿון אַלץ האָבן זיי פּשוט געוואָלט, מען זאָל פֿאַרגעסן. צום שאַרפֿסטן איז

דאָס געקומען צום אויסדרוק אין דער מערכה פֿון באַבי יאַר אין קיִעוו. די קרבנות פֿון דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפֿע האָט מען ניט נאָר געשטעלט קיין דענקמאָל; דאָרטן איז אַפֿילו ניטאָ קיין פּשוט אָנדענק־ברעטל (וועגן דעם וועט נאָך קומען צו רייד אינעם נײַנטן קאַפּיטל). ס׳זײַנען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ניטאָ קיין מצבֿות אויך אין אַנדערע ערטער פֿון יידישן מאַסן־אומקום; די „באַשיידענע מצבֿה פֿאַר די 70,000 ייִדן, וואָס די נאַציס האָבן אומגעבראַכט בײַם נײַנטן פֿאָרט הינטער קאָוונע, איז אפֿשר די איינציקע, וואָס מען האָט זי געשטעלט ערשט אין 1958".[16]

די שטרעבונג צו איגנאָרירן די עצם עקסיסטענץ פֿון ייִדן און פֿון אַ ייִדי־שער קולטור האָט באַשאַפֿן אַן אומגעזונטע סיטואַציע, וואָס האָט ניט דערלויבט די ייִדישע קולטורעלע טוערס צו קומען צו זיך נאָך די שווערע קלעפּ פֿון 1948—1953. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין אַ ריי פֿאַקטן. סוף 1955 האָבן פֿון די תּפֿיסות און לאַגערן גענומען צוריקקומען די ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע טוערס וואָס זײַנען ניצול געוואָרן און האָבן איבערגעלעבט די שרעקלעכע יאָרן פֿון נאָכן ליקווידירן דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. אין מאָסקווע האָבן זיך פֿון דאָס נײַ פֿאַרזאַמלט אַ שפּאָר ביסל ייִדישע שרײַ־בערס און זשורנאַליסטן. אָבער אויפֿן סמך פֿון ידיעות וואָס זײַנען דערגאַנגען צו דער פּרעסע (די ייִדישע קאָמוניסטישע פּרעסע אין פּוילן, פֿראַנקרײַך און אַמעריקע) דאַרף מען משער זײַן, אַז מען האָט ניט צונויפֿגערופֿן קיין אײן פֿאַר־זאַמלונג פֿון די ייִדישע שרײַבערס אין מאָסקווע אויף אַרומצורײדן די אויפֿגאַבן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור; ס׳איז גלײַכער צו זאָגן: מען האָט ניט דערלויבט צו רופֿן אַזאַ פֿאַרזאַמלונג. נאָר ווען ס׳קומען אויסלענדער וואָס אינטערעסירן זיך מיטן מצבֿ פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, אָרגאַניזירט מען פֿאַר זיי ווען ניט ווען באַגעגענישן מיט אַ קלײנער גרופּע ייִדישע שרײַבערס. אין דער פּרעסע איז געווען אַ ידיעה וועגן אַזאַ באַגעגעניש אין דער צײַט פֿון יוגנט־פֿעסטיוואַל אויגוסט 1957; דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל נאָכן חורבן, ווען מען האָט פֿאַרזיכטיק באַהאַנדלט פּראָבלעמען פֿון ציל און גורל פֿון דער ייִדישער ליטע־ראַטור; אָבער אין אָט דעם צונויפֿקום האָבן זיך באַטייליקט בלויז זיבן ייִדישע סאָוועטישע שרײַבערס. אַ צווייטע, אַ גרעסערע פֿאַרזאַמלונג מיט דער באַטײ־ליקונג פֿון העכער צוואַנציק ייִדישע סאָוועטישע שרײַבערס איז פֿאָרגעקומען אין 1958 אין שײַכות מיטן אָנקום אין מאָסקווע פֿון אַ דעלעגאַציע פֿון די ייִדישע קאָמוניסטן אין פֿראַנקרײַך. אָבער אויף דער פֿאַרזאַמלונג האָט מען בכלל גאָרניט אַרומגערעדט; מען האָט נאָר געלײענט די נײַסטע שאַפֿונגען פֿון ייִדישע שרײַ־בערס, דער עיקר פּאָעזיע.

כאַראַקטעריסטיש איז נאָך אַן אַנדער פֿאַרזאַמלונג, וואָס די פֿאַרוואַלטונג פֿון סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַראײן האָט גערופֿן מיטן ציל צו האָבן אַ ברייטן שמועס מיט די יונגע אויסלענדישע שרײַבערס אָנטייל־נעמערס אין דעם יוגנט־פֿעסטי־וואַל; אָן אַ רעפֿעראַט, נאָר צו ענטפֿערן אויף פֿראַגעס, וואָס מען וועט שטעלן אויפֿן אָרט. אין אַ לעבעדיקער באַשרײַבונג וועגן דער פֿאַרזאַמלונג אין ליטעראַ־טורנאַיאַ גאַזעטאַ (שוין נאָך דעם ווי דער פֿעסטיוואַל האָט זיך געהאָט פֿאַרענ־

דיקט) האָט דער מחבר בלויז געגעבן אַן אָנצוהערעניש אויף די שוועריקייטן, וואָס די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער פֿאַרזאַמלונג האָבן זיך אויף זיי אָנגעשטויסן: „די פּראַגעס, טייל מאָל גאַנץ שאַרפֿע, האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף אונדז".[17] דער ביולעטין פֿון דער יידישער טעלעגראַפֿן־אַגענטור פֿאַרהייבט דעם פֿאָרהאַנג איבער דעם, וואָס זײַנען דאָס געווען פֿאַר אַ „גאַנץ שאַרפֿע פּראַגעס":[18]

„... איין דעלעגאַט האָט געפֿרעגט: 'פֿאַר וואָס איז אויף דער פֿאַר־זאַמלונג ניט פֿאַראַן קיין איין ייִדישער סאָוועטישער שרײַבער?'. ער האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז שרײַבערס פֿון אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט מען פֿאַרבעטן, אָבער דער סאָוועטישער שרײַבער־פֿאַראיין האָט צו קיין איין ייִדישן ליטעראַט קיין פֿאַרבעטונג ניט געשיקט. די פֿראַגע וואָס האָט געשטעלט אין אַ פֿאַרלעגנהייט די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער פֿאַרזאַמלונג האָט אינספּירירט אַנדערע דעלע־גאַטן צו שטעלן עטלעכע פֿראַגעס וועגן די סיבות וואָס האָבן גורם געווען די ליקווידאַציע פֿון דער ייִדישער קולטור... אַלעקסיי סורקאָוו, דער סעקרעטאַר פֿון סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַראיין האָט מודה געווען, אַז ס'איז 'געווען אַ פֿעלער', וואָס מ'האָט ניט פֿאַרבעטן די ייִדישע שרײַ־בערס".

אַזעלכע בײַשפּילן פֿון „פֿאַרגעסן" די ייִדן קען מען ברענגען אָן אַ שיעור, גאַנץ אָפֿט אַזוי לשם „פֿאַרגעסן", ווי לשם באַהאַלטן די פֿאַקטן וואָס זאָגן עדות, אַז ניט אַלץ גייט כשורה אין „דעם סאַמע דעמאָקראַטישסטן לאַנד אין דער וועלט". כ'וועל זיך באַנוגענען מיט נאָך אַ בײַשפּיל — ווי אַזוי מען באַגייט זיך מיט דער פֿראַגע וועגן אָנטייל פֿון ייִדן אין קולטורעלן לעבן פֿון לאַנד אין דער אָפֿיציעלער סאָוועטישער סטאַטיסטיק.

אין 1956 האָבן, נאָך אַ לאַנגן איבעררײַס, ווידער אָנגעהויבן אַרויסגיין די סאָוועטישע סטאַטיסטישע זאַמלביכער. אינעם זאַמלבוך קולטורנאַיאַ סטראָיִטעל־סטוואָ סססר האָט זיך באַוויזן אַן אינטערעסאַנטע טאַבעלע וועגן דער „גרופּי־רונג פֿון די וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטערס על־פּי באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן אין פֿסס"ר צום 1טן אָקטאָבער 1955", ווו ס'האָט זיך ניט־ווילנדיק דורכגעגליטשט אויך די ציפֿער וואָס שייך ייִדן:[19]

בסך־הכל זײַנען צום 1טן אָקטאָבער 1955 געווען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד 223,893 וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטערס: די צאָל נעמט אַרום 144,285 רוסן
24,620 ייִדן
21,762 אוקראַיִנער
5,271 גרוזינער אאַז"וו

דאָס הייסט, אַז ייִדן וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר אַרום 1% פֿון דער באַפֿעלקע־רונג, זײַנען פֿאַרטראָטן מיט 11% צווישן די וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטערס און זיי שטייען דעריבער אויפֿן צווייטן אָרט. די ציפֿער האָט פֿאַרשטייט זיך צוגע־צויגן די אויפֿמערקזאַמקייט; אַזעלכע „פֿעלערן" האָבן זיך שוין מער ניט איבער־געחזרט. כּדי זיי אויסצומײַדן, איז מען געפֿאַלן אויף זייער אַ פּשוטער המצאה: מהיום והלאה צו פֿאַרעפֿנטלעכן דעם מין געגעבענע ווי ווײַט מעגלעך נאָך פֿון די „וואָרצלדיקע פֿעלקערשאַפֿטן" פֿון די אַ"ג פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן (די פֿונדאַ־

מענטאַלע טיילונג פֿון דעם פֿסס״ר איז: רספֿס״ר ד״ה די רוסישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַטיווע סאָוועטישע רעפּובליק, אוקראַינע, ווײַסרוסלאַנד אאַז״וו, בסך־הכּל אין איצטיקן מאָמענט — 15 רעפּובליקן), אָדער פֿון די פֿאַרבאַנדישע און די אויטאָנאָמע רעפּובליקן (די „אויטאָנאָמע״ רעפּובליקן זײַנען אײַנגעשלאָסן אין די „פֿאַרבאַנדישע״ רעפּובליקן; זייער צאָל איז איצט 20, 16 פֿון זיי אין דער רספֿס״ר). אַזוי ווי קיין ייִדישע אויטאָנאָמע רעפּובליק עקסיסטירט ניט (בלויז אַ ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט) איז גרינג צו פֿאַרשווײַגן די ייִדן. לויט דעם פּרינציפּ איז למשל צונויפֿגעשטעלט די טאַבעלע וועגן גרופּירונג פֿון ספּעציאַליסטן מיט העכערער בילדונג על־פּי נאַציאָנאַליטעטן פֿון די פֿאַרבאַנדישע און אויטאָנאָמע רעפּובליקן צום 1טן דעצעמבער 1957״ אין וועסטניק סטאַטיסטיקי, יוני 1958. אָבער ס׳איז אוממעגלעך זיך צו האַלטן בײַ דעם פּרינציפּ אין אַלע פֿאַלן. טייל מאָל איז שווער זיך אָפּצוזאָגן פֿון אָנגעמאָלדענע געגעבענע על־פּי אויטאָנאָמע געגנטן און אַפֿילו על־פּי נאַציאָנאַלע ראַיאָנען אויך. אַזוי זײַנען אין דעם סטאַטיסטישן זאַמלבוך קולטורנאָיע סטראָיטעלסטוואָ רספֿס״ר פֿאַראַן געגעבענע וועגן דער „צאָל תּלמידים אין די שולן בײַם מיניסטעריום פֿאַר בילדונג אין דער רספֿס״ר וואָס לערנען זיך אויף זייערע נאַציאָנאַלע שפּראַכן אין די אויטאָנאָמע רעפּובליקן, אויטאָנאָמע געגנטן, און נאַציאָנאַלע ראַיאָנען צום אָנהייב שוליאָר 1956/1957״. אָבער ווי זאָל מען דאָ ווײַזן, וויפֿל תּלמידים ס׳האָבן זיך געלערנט אויף ייִדיש אין די שולן פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט? האָט מען געפֿונען אַ פּשוטן אויסוועג: פֿון די 6 אויטאָנאָמע געגנט וואָס גייען אַרײַן אין באַשטאַנד פֿון דער רספֿס״ר, זײַנען אין דער טאַבעלע אַרײַן געגעבענע נאָר פֿאַר 4, ד״ה פֿון אַלע חוץ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט און (אפֿשר צוליב מאַסקירונג) דער טווויבישער געגנט.[20] נאָר אָט איז אַרויס אַ ספּעציעלע גרויסע קאָלעקטיווע אַרבעט נאַציאָנאַלניע שקאָלי רספֿס״ר מיט באַזונדערע אַרטיקלען וועגן אַלע אויטאָנאָמע רעפּובליקן און וועגן אַלע, חוץ איינער, אויטאָנאָמע געגנטן אין דער רספֿס״ר. דאָס מאָל איז שוין פֿאַראַן אַ באַזונדערער אַרטיקל אויך וועגן דער טווויבישער אויטאָנאָמער געגנט,[21] אָבער די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט האָט מען פֿאַרשוויגן. און אין דער אמתן, וואָס זאָל מען זאָגן וועגן לימודים אויף דער ייִדישער שפּראַך אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט?

אין דעם סטאַטיסטישן זאַמלבוך רספֿס״ר זאַ סאָראָק ליעט (1958) איז פֿאַראַן אַן אַנדער שוועריקייט. דאָ זײַנען אָנגעגעבן טאַבעלעס וועגן אַרויסגעגעבענע ביכער, צײַטונגען און זשורנאַלן אויף די שפּראַכן פֿון די פֿעלקער אין די רעפּובליקן אין די יאָרן 1913 און 1956.[22] דאָס זײַנען זייער אימפּאָנירנדיקע געגעבענע וואָס ווײַזן דעם אויסערגעוויינטלעכן קולטורעלן פּראָגרעס פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אין די טאַבעלעס האָבן די מחברים זיך ניט באַנוגנט מיט גרייכן ביז די נאַציאָנאַליטעטן וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ נאַציאָנאַלן ראַיאָן; זיי זײַנען אַוועק נאָך ווײַטער. אין די טאַבעלעס פֿיגורירן געגעבענע וועגן אַ ריי נאַציאָנאַליטעטן וואָס האָבן נאָך אין 1913 אַפֿילו ניט געהאַט קיין אייגענעם אַלפֿאַבעט. אָבער ביכער און צײַטונגען אויף ייִדיש (אָדער בעסער געזאָגט אויף בײדע ייִדישע שפּראַכן) דערמאָנט מען דאָ ניט, מען זאָל ניט דאַרפֿן אָפּמערקן דעם קאַ־

טאַסטראָפאַלן צוריקגאַנג צו נול פאַר דער צײַט פון 1913 ביז 1956. וועגן ווײַ־טערדיקע אַנטוויקלונגען וועט נאָך קומען צו רייד שפעטער.

אין משך פון עטלעכע יאָר האָט מען זיך שטרענג געהאַלטן בײַ אַזאַ פּראַקטיק. אָבער דעם עקזאַמען פון דער צײַט האָט די פּראַקטיק ניט אויסגעהאַלטן. אין 1959, ווען מען האָט באַשלאָסן אַנצוהייבן אַרויסגעבן פון דאָס נײַ די אַלגעמיינע סטאַטיסטישע יאָרביכער, וואָס מען האָט שוין ניט געהאַט אַרויסגעגעבן כּמעט אַ פערטל יאָרהונדערט, זײַנען אין דעם ערשטן יאָרבוך אין דער טאַבעלע „וועגן דער גרופּירונג פון וויסנשאַפטלעכע אַרבעטערס על־פּי נאַציאָנאַליטעטן" געווען געגעבענע וועגן דער צאָל וויסנשאַפטלעכע אַרבעטערס בלויז פאַר 15 „וואָרצלדיקע" נאַציאָנאַליטעטן פון די פאַרבאַנדישע רעפּובליקן.[23] אָבער אין אַ יאָר אַרום איז אויסגעקומען זיך אָפּצוזאָגן פון אָט דער פּראַקטיק, און זינט דעמאָלט ווערן אין די סטאַטיסטישע יאָרביכער געבראַכט געגעבענע וועגן דער גרופּירונג פון וויסנשאַפטלעכע אַרבעטערס פאַר 41 נאַציאָנאַליטעטן (פון רוסן ביז אַלטײַער, און חוץ דעם פאַר די ניט־דיפערענצירטע „אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין פסס"ר" און פאַר „נאַציאָנאַליטעטן פון אויסלענדישע מלוכות"). ווי עס ווײַזן די געגעבענע האָט די צאָל וויסנשאַפטלעכע אַרבעטערס ייִדן געהאַלטן אין וואַקסן (פון 28,966 אין 1958 ביז 50,915 אין 1964, ד"ה פאַר די זעקס יאָר אַ וווּקס אויף 75.8%), אָבער דער אַלגעמיינער וווּקס פון דער צאָל וויסנשאַפטלעכע אַרבעטערס איז געווען אַ סך גרעסער (פאַר די זעלבע זעקס יאָר האָט ער באַטראָפן 115.5%). דאָס איז דער נאַטירלעכער פּראָצעס פאַרן גאַנצן לאַנד, און אין דעם קאָנטעקסט איז דער פּראָצענט ייִדן צווישן די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטערס כּסדר געפאַלן; דער אַראָפּפאַל פון דעם פּראָצענט פאַר דער צײַט פון 1958 ביז 1964 זעט אין ציפערן אויס אַזוי: 10.2 — 9.9 — 9.5 — 8.9 — 9.5 — 8.3.

דערבײַ פאַרנעמען שוין מער ניט די ייִדן דאָס צווייטע אָרט אין דער רשימה, נאָר דאָס דריטע. זייער אָרט האָבן איצט פאַרנומען די אוקראַינער, אָבער לגבי די גרוזינער, אַרמענער און ווײַסרוסן, וואָס קומען אין דער רשימה באַלד נאָך די ייִדן, זײַנען נאָך די ייִדן צאָלמעסיק זייער ווײַט פאָרויס (אין 1963 האָבן די גרוזינער איבערגעיאָגט די אַרמענער).[24] און פאָרט בלײַבט דאָס פּובליקירן אַזעל־כע געגעבענע אַ יוצא־מן־הכּלל. אין אַנדערע צווײַגן — קולטורעלע, סאָציאַלע, עקאָנאָמישע — ווערן די אַלגעמיינע געגעבענע וועגן אַנטייל פון ייִדן אינעם לעבן פון לאַנד געבראַכט זייער זעלטן, אָדער, אין גאַנצן ניט.[25]

## ווי אַזוי מען רעהאַביליטירט

די סיסטעם „פאַרגעסן" האָט זיך אויסגעשפּרייט אַפילו אויף דעם שטייגער רעהאַביליטירן די קרבנות פון סטאַלינשן טעראָר. אין זײַן רעפעראַט אויפן צוואַנציקסטן צוזאַמענפאָר פון דער קאָמפּאַרטיי „וועגן קאַמף מיטן קולט פון דער פּערזענלעכקייט" האָט כרושטשאָוו אָנגערופן אַ סך נעמען פון אומשולדיק אומגעבראַכטע אין דער צײַט פון דער „גרויסער טשיסטקע". אָבער קיינעם פון די אומגעקומענע ייִדישע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע טוערס האָט ער

דערבײַ ניט אָנגערופֿן, כאָטש זייער „טשיסטקע" האָט געטראָגן אַ טאָטאַלן כאַראַקטער און זי איז געווען באַגלייט מיט זייער פֿאַרטיליקונג הורטאָם. אַפֿילו ווען ער האָט גערעדט וועגן סטאַלינס פֿאַנאַטישקייט אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן, און ווען ער האָט זיך אין פּרטים אָפּגעשטעלט אויפֿן „ענין דאָקטוירים", האָט כרושטשאָוו מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט דעם ייִדישע כאַראַקטער פֿון דעם ענין, פּונקט ווי ער האָט בכלל קיין איין מאָל ניט דערמאָנט אין זײַן רעפֿעראַט דאָס וואָרט „ייִד". נאָכן צוואַנציקסטן קאָנגרעס, בעת דער קאַמפּאַניע פֿאַר רעהאַביליטאַציע, האָט מען ווידער עפֿנטלעך אָנגערופֿן אַ גרויסע צאָל אומשולדיק געליטענע. אָבער אויך דאָס מאָל האָט מען וועגן קיין איינעם פֿון די רעהאַביליטירטע ייִדישע קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע טוערס ניט געזאָגט, אַז זיי זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן פֿאַר גאָרנישט.

מיר האָבן שוין פֿריִער דערמאָנט וועגן דער משונהדיקער פֿאָרעם פֿון צו וויסן געבן וועגן דער רעהאַביליטאַציע פֿון די אָנגעזעענסטע ייִדישע שרײַבערס: מען האָט געמאָלדן, אַז די פֿאַרוואַלטונג פֿון סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַראיין האָט געשאַפֿן קאָמיסיעס פֿאַר פּובליקירן די „ליטעראַרישע ירושות" פֿון בערגעלסאָנען, מאַרקישן, פֿעפֿערן, קוויטקאָן א"אַנד:[26] אויב עס רעדט זיך וועגן זייער „ירושה", הייסט דאָס, אַז זיי זײַנען שוין ניטאָ צווישן די לעבעדיקע; אויב מען פּובליקירט זייער „ירושה", הייסט דאָס, אַז מען האָט זיי רעהאַביליטירט. דאָס איז געווען דער גרענעץ פֿון „ליבעראַליזם" וואָס מען האָט דערלויבט לגבי די ייִדישע שרײַבערס.

די זייער באַגרענעצטע מאָס עפֿנטלעכקייט אין שײַכות מיט דער רעהאַביליטאַציע פֿון די ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע אַרבעטערס האָבן צוגעגעבן דער רעהאַביליטאַציע גופֿא אַ זייער באַגרענעצטן, עפּעס אַ שעמעוודיקן כאַראַקטער, כּמעט ווי פֿון אַ רעהאַביליטאַציע בתּנאַי; דאָס האָט געצוווּנגען צו באַטראַכטן די רעהאַביליטאַציעס ווי רעהאַביליטאַציעס נאָר אויף אַ העלפֿט. דאָס איז לחלוטין ניט בלויז אַ פֿאָרמעלע פֿראַגע. דער רעדאַקטאָר פֿון דעם אַמעריקאַנער פּראָגרעסיוו מעגעזין מאָריס רובין וואָס האָט פֿאַרבראַכט זומערצײַט 1956 אַ קנאַפּן חודש אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט אין שײַכות מיט די באַגרענעצטע רעהאַביליטאַציעס דערציילט „אַ מעשׂה וועגן אַ ייִדן וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פֿון איינעם פֿון די גרעסטע מאָסקווער שפּיטאָלן; מען האָט אים פֿאַרשיקט אין סיביר און ער איז דאָרט געהאַט געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר פֿאַר 1956:[27]

„דאָ ניט־לאַנג האָט זײַן אלמנה געקראָגן אַ מיטטיילונג, אַז ער איז רעהאַביליטירט און אַז מען וועט איר צוריקגעבן די דירה און מען וועט איר צאָלן אַ שיינע פּענסיע. אָבער ווען זי האָט געבעטן, אַז מען זאָל לאָזן וויסן דעם פּערסאָנאַל פֿון שפּיטאָל, וואָס ציילט 2,500 מענטשן, אַז איר מאַן איז ניט געווען קיין שׂונא פֿון פֿאָלק, האָט מען איר געענטפֿערט, אַז 'דאָס פֿאָדערט אַ ווײַטערדיקע באַטראַכטונג'".

## אויסלענדישע ייִדישע קאָמוניסטן פּראָטעסטירן. זיי פֿאָדערן אַן „אויטאָריטאַטיווע דעקלאַראַציע"

ס'איז גרינג זיך פֿאָרצושטעלן, וואָסערע ביטערע געפֿילן דאָס האָט אַרויס־גערופֿן בײַ ייִדן — אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און אין אויסלאַנד. די שפּאַנונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט פֿאַרכאַפּט אויך די ייִדישע קאָמוניסטן אין אויסלאַנד און אַפֿילו די פֿירערשאַפֿטן פֿון קאָמוניסטישע פּאַרטייען וואָס האָבן אַן אָנגעזעענע צאָל ייִדן צווישן זייערע מיטגלידער (די קאַנאַדישע און די אַמעריקאַנער פּאַר־טייען). נאָכן 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט די אויפֿרודערונג צווישן קאָמוניסטן אין אויסלאַנד דערגרייכט איר העכסטן פּונקט. דעם 4טן אַפּריל 1956 האָט די פֿאָלקסשטימע אָפּגעדרוקט דעם שוין איצט באַרימטן אַרטיקל „אונדזער ווייטאָג און אונדזער טרייסט", ווו ס'ווערט דערציילט וועגן דער אויסראָטונג פֿון ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע טוערס אין דער צווייטער העלפֿט דרײַסיקער יאָרן (אין תּוך האָט מען דאָס געוווּסט פֿון פֿריִער, כאָטש די סאָוועטישע פּרעסע האָט דאָס פֿאַרשוויגן) און וועגן דער איבערגעחזרטער ליקווידאַציע און פֿאַרטיליקונג פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטורעלער עליטע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1948. צום ערשטן מאָל האָט מען אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע אָפֿן מודיע געווען וועגן דעם, אַז אין די דרײַסיקער יאָרן האָט מען אויפֿן סמך פֿון פֿאַלשע באַשולדיקונגען אומגע־בראַכט דימאַנשטיינען, אסתּרן (פֿרומקין), ירחמיאלן (ווײַנשטיין), מערעזשינען, משה ליטוואַקאָוון, מיכאל לעוויטינען, יאַנקל לעווינען, הערשל ברילן, איזי כאַ־ריקן, משה קולבאַקן, מאַקס עריקן, יאַשאַ בראָנשטיינען, ח. דונעצן „און אַ סך, אַ סך אַנדערע", און וועגן אומקום אין דער נײַסטער צײַט און אויך אויפֿן סמך פֿון פֿאַלשע באַשולדיקונגען פֿון בערגעלסאָנען, מאַרקישן, קוויטקאָן, האָפֿשטיי־נען, פֿעפֿערן, זוסקינען, נוסינאָוון, ספּיוואַקן, פּערסאָוון. דאָס אַלץ האָט די פֿאָלק־שטימע צוגעפּראַוועט מיט גראָבער פּאָלעמיק קעגן די אַנציייליקע „שׂונאים" אין ניו־יאָרק, תּל־אָבֿיבֿ און פּאַריז און דערנאָך אויסגעדריקט צופֿרידנקייט צוליב דעם, וואָס די סאָוועטישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק האָט זיך אומגעקערט צו לענינען (פֿון דאַנען קומט די „טרייסט"). אין די אַלע אויסגערעכנטע מעשׂים רעים סײַ פֿון די דרײַסיקער יאָרן סײַ פֿון דער נײַסטער צײַט (מיטן ענין דאָקטוירים בתוכם) האָט די פֿאָלקסשטימע צוגעשריבן אויפֿן חשבון פֿון דער „בעריִעווטשטשי־נע" [28] וואָס איז שוין איצט ליקווידירט (נאָך אַ מקור פֿון „טרייסט").

דאָס אַרטיקל אין דער פֿאָלקסשטימע האָט פֿונאַנדערגעבונדן אַן אמתע סטי־כיע. דער ניו־יאָרקער קאָמוניסטישער דיילי וואָרקער, אַפּריל 13, 1956, האָט אין זײַן לייטאַרטיקל בולט אויסגעדריקט דעם אומרו און די פֿאַרלוירנקייט וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט די קאָמוניסטישע קרײַזן. שוין דאָס קעפּל גופֿא — „טרויע־ריקע מעשׂים" — האָט געקלונגען ווי אַ געשריי פֿון פֿאַרצווייפֿלונג:

> „מיר דריקן אויס אונדזער טיפֿסטע אומצופֿרידנקייט מיט דעם, וואָס די סאָוועטישע פֿירערס האָבן ניט געגעבן קיין שום אויפֿקלערונג וועגן די געשעענישן.

יעדער אָנהענגער פֿון סאָציאַליזם, יעדער קעגנער פֿון ראַסיזם האָט דאָס רעכט צו דערוואַרטן אויפֿקלערונגען און ער איז מחויבֿ זיי צו פֿאָדערן.

די סאָוועטישע פֿירערס נעמען אָן מאָסמיטלען צו פֿאַרהיטן די איבער־חזרונג פֿון אַנדערע מינים עובֿר זײַן אויף די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. מיר זײַנען זיכער, אַז זיי וועלן אָננעמען די געהעריקע מאָסמיטלען אויך אין דער פֿראַגע, בפֿרט אין אָנבליק פֿון דעם, וואָס נאָך סטאַלינס טויט, האָט מען דעמאַסקירט די פֿאַרשווערונג פֿון די ייִדישע דאָקטוירים, און אין אָנבליק פֿון בעריִאַס עקזעקוציע. אָבער די סאָוועטישע פֿירערס דאַרפֿן אויפֿקלערן זייערע פֿרײַנד און אַלע ערלעכע אַרבעטערס אין אַלע לענדער, ווי אַזוי ס׳זײַנען באַגאַנגען געוואָרן די פֿאַרברעכנס; צי האָבן ניט אַ מאָל פֿאַלשע טעאָריעס געשפּילט אַ ראָלע בײַם עובֿר זײַן אויף די געזעצן; וואָס האָט מען געטאָן צו פֿאַרזיכערן די אוממעגלעכקייט, אַז אַזעלכע אַקטן קעגן נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זאָלן זיך ניט איבערחזרן.

מיר פֿון אונדזער זײַט דערקלערן בפֿירוש, אַז מיר האָבן צו גרינג גענומען די דערקלערונגען וועגן די סיבות פֿון פֿאַרשווינדן פֿון דער ייִדישער קולטור אין ראַטן־פֿאַרבאַנד סוף פֿעריציקער יאָרן. אויב מיר וואָלטן אַנדערש געהאַנדלט, וואָלטן מיר געהאָט בעסער געדינט דער זאַך פֿון סאָציאַליזם".

אין די לעצטע זאַצן פֿון דעם אַרטיקל אינעם אַמעריקאַנער קאָמוניסטישן אָרגאַן גליטשט זיך שוין דורך דער באַוווסטזײַן, אַז אַליין איז מען אויך פֿאַר־אַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם וואָס איז געשען. אויב „מיר" וואָלטן זיך ניט באַצויגן מיט אומבאַגרענעצטן צוטרוי צו דער טעטיקייט פֿון די פֿירערס פֿון דער סאָ־וועטישער קאָמפּאַרטיי און מיר וואָלטן ניט בלינד באַרעכטיקט אַלץ וואָס קומט פֿאָר אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, אפֿשר וואָלט גאָר צו אַזעלכע „טרויעריקע מעשׂים" ניט דערגאַנגען. דעם זעלבן געדאַנק האָבן אויף אַ פֿאַרזיכטיקן אופֿן אַרויסגע־בראַכט אַנדערע אַרויסזאָגונגען פֿון אַמעריקאַנער קאָמוניסטן. לכל־הפּחות איין מאָל איז ער געקומען צום אויסדרוק מיט דער פֿולער קלאָרקייט: אין יוני־נומער פֿון פּאַרטי וואָיס, דעם אָרגאַן פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין שטאָט ניו־יאָרק, האָט אירוו בעקער געשריבן: „די מאַרקסיסטן בײַ אונדז אין לאַנד זײַנען געווען מחויבֿ צו פֿאָדערן אויפֿקלערונגען... די אומשולדיקע לעבנס וואָלטן געקענט אָפּגעראַ־טעוועט ווערן". כּמעט אין דעם זעלבן נוסח האָט געשריבן סאָלסבערג אין שײַכות מיט זײַן נסיעה קיין מאָסקווע זומער 1955 (אַ יאָר פֿאַר דעם ווי ס׳איז אַהין געפֿאָרן די קאַנאַדישע דעלעגאַציע):[29]

„איך מוז מודה זײַן, אַז ווען איך בין געווען אין מאָסקווע... האָב איך זיך ניט געקענט באַפֿרײַען פֿון דעם פּײַנלעכן געפֿיל, אַז אויב די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אַנדערע לענדער וואָלטן ניט געגליבן פּאַ־סיוו, וואָלטן זיי געקענט ראַטעווען די אומגעבראַכטע שרײַבערס — די ייִדישע און די ניט־ייִדישע. ס׳קען זײַן. אָבער ס׳האָט זיי געפֿעלט גענוג אמתע אומאָפּהענגיקייט פֿון געדאַנק אין זייערע באַציִונגען מיטן ראַטן־פֿאַרבאַנד, וואָס אין דעם פֿאַל איז זי געווען אומבאַדינגט נייטיק".

פֿאַרשטייט זיך, אַז ס׳האָבן ניט געפֿעלט אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע

קיין שטימען פֿון פּראָטעסטן קעגן אַזאַ מין אַרויסזאָגונגען אויך. אָבער אין דעם מאָמענט קענען מיר דאָס אויסלאָזן. ס'איז אַוועק אַ חודש נאָך אַ חודש. די גאַנצע יידישע פּרעסע און די ניט־יידישע קאָמוניסטישע פּרעסע האָט אָבער אַ מאָל און ווידער אַ מאָל זיך געווענדט צו דער סאָוועטישער רעגירונג און צו דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי מיט פֿאָדערונגען, צוריידענישן, תּחנונים וועגן פֿאַרעפֿנטלעכן אַן אויטאָריטאַטיווע דערקלערונג אין די ראַמען פֿון די פֿראַגעס וואָס זײַנען פֿאָרמולירט געוואָרן אין דעם אַרטיקל „טרויעריקע מעשׂים". ס'האָט ניט געהאָלפֿן. ענדלעך האָבן דעם 12טן אָקטאָבער 1956 26 „פּראָגרעסיווע יידישע פֿירערס און שרײַבערס" זיך געווענדט דירעקט צו בול־גאַנינען (סאָוועטישער פּרעמיער) און וואָראָשילאָוון (סאָוועטישער פּרעזידענט) מיט אַ גרינטלעך־אַרגומענטירטן מעמאָראַנדום, ווו זיי בעטן מען זאָל פֿאַר־עפֿנטלעכן אַן „אויטאָריטאַטיווע דעקלאַראַציע":

„אַן עפֿנטלעכע אויטאָריטאַטיווע דערקלערונג וועגן די באַגאַנגענע אומיושרדיקייטן און וועגן די מאָסמיטלען וואָס זײַנען געוואָרן אָנגענו־מען צוריק אויפֿצושטעלן די יידישע קולטורעלע אַנשטאַלטן וועט אין אַ גרויסער מאָס שטילן דעם אומרו און די באַזאָרגטקייט פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון יידישן פֿאָלק אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. מיר באַשטייען דורכוים אויף אַ וואָס גיכערע פֿאַרעפֿנטלעכונג פֿון אַזאַ דערקלערונג".

דער מעמאָראַנדום איז אויך פֿאַרבליבן אַ קול קורא במידבר. אימיטירנדיק די דיפּלאָמאַטישע מינהגים האָבן די מחברים פֿון דעם מעמאָראַנדום זיך אָפּגע־האַלטן פֿון ברענגען אים תּיכּף צו דער עפֿנטלעכקייט. זיי האָבן משמעות זיך געריכט צום האָבן די מעגלעכקייט גאָר אין קורצן צו פֿאַרעפֿנטלעכן דעם מע־מאָראַנדום צוזאַמען מיטן ענטפֿער אין דער פֿאָרעם פֿון אַ סאָוועטישער דעקלאַ־ראַציע. זיי האָבן געהאָפֿט בחינם. דעם 29סטן אָקטאָבער האָט דער דיילי וואָרקער (און נאָך דעם די מאָרגן־פֿרײַהייט) אָפּגעדרוקט דעם פֿולן טעקסט פֿון דעם מע־מאָראַנדום. קיין ענטפֿער אויפֿן מעמאָראַנדום האָט זיך בכלל ניט באַוויזן.

ווען די קאַנאַדישע דעלעגאַציע איז געווען אין מאָסקווע האָט זי צווישן אַנדערן אויפֿגעהויבן די פֿראַגע אויך; אין איר צונויפֿטרעף מיט די פֿאָרשטייערס פֿון צ"ק פֿון דער סאָוועטישער קאָמפּאַרטיי איז די דעלעגאַציע באַשטאַנען אויף דער פֿאַרעפֿנטלעכונג פֿון אַ שייכדיקער אָפֿיציעלער דערקלערונג, אָבער זי האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ דורכויסיקן אָפּזאָג:[30]

„דער ענטפֿער אויף אונדזער פֿאָדערונג צו פֿאַרעפֿנטלעכן אַ דער־קלערונג איז אין לעצטן סך־הכּל געווען: לויט זייער מיינונג איז אַזאַ דערקלערונג ניט אומבאַדינגט נייטיק און איז ניט אויף אַן אָרט. זי איז ניט נייטיק, ווײַל די אומיושרדיקייטן זײַנען אָפּגעשאַפֿט געוואָרן און דאָס רעדט פֿאַר זיך אַליין. און ס'טויג ניט, ווײַל אַזאַ דערקלערונג וואָלט אַרויסגערופֿן אַ סך אויסדרוקן פֿון אומצופֿרידנקייט: אַנדערע פֿעלקער און רעפּובליקן וואָס האָבן אויך געליטן פֿון די בעריִעווישער מעשׂים רעים קענען זייערע קולטורן און קינסטלערס וואָלטן מיט פֿאַרוווּנדערונג געפֿרעגט: פֿאַר וואָס עפּעס אַ דערקלערונג בלויז וועגן יידן?"

די זעלבע אַרגומענטן האָט מען שפּעטער אַרויסגעשטעלט ניט איין מאָל ווי

נאָר אַן אויסלענדער פֿלעגט פֿרעגן, פֿאַר וואָס די סאָוועטישע פרעסע און די אָפֿיציעלע פערזאָנען פֿאַרשווײַגן דעם ענין. די נעבעכדיקייט פֿון דעם אַרגומענט וואַרפֿט זיך אין די אויגן. אָבער, אַז ס׳איז קיין בעסערער ניטאָ, טראָגן זיך נאָך די סאָוועטישע מליצי־יושר אַלץ אַרום מיט אים ווי מיט אַ טײַערן אבֿן־טובֿ.

ביז דעם 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פאַרטיי האָט קיין שום קאָמוניסט מחוץ דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד ניט געוואָגט עפֿנטלעך אַוועקצושטעלן די פֿראַגע וועגן דער אַנטי־ייִדישער פּאָליטיק אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין דער עפֿנטלעכקייט האָט מען געלייקנט, אַז אַזאַ פּאָליטיק איז פֿאַראַן; דאָס איז געווען בלויז „רכילות״ אויפֿן ראַטן־פֿאַרבאַנד. אָבער בסוד האָבן אײַנפֿלוסרײַכע אויסלענדישע ייִדישע קאָמוניסטן געפּרוּווט איבערצײַגן די פֿירערשאַפֿט פֿון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פאַרטיי, זי זאָל געבן כאָטש וואָסער ניט איז אויפֿקלערונגען וועגן גורל פֿון דער ייִדישער קולטורעלער עליטע; ווײַטער פֿון דעם זײַנען זיי ניט געגאַנגען. אַפֿילו זאַלצבערג (דעמאָלט נאָך אַן אָנגעזעענער מיטגליד פֿון נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, צ״ק) פֿון דער קאַנאַדישער פראָגרעסיווער אַרבעטער־פאַרטיי, וואָס ער איז זומער 1955 געפֿאָרן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד „בלויז מיטן ציל״ אויסצוקלאָרן בײַם צ״ק פֿון דער סאָוועטישער קאָמפאַרטיי, וואָס ס׳איז געשען מיט די סאָוועטישע ייִדן און מיט זייערע קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע טוערס זינט 1948, האָט אין זײַנע שמועסן מיט די פֿאָרשטייערס פֿון צ״ק ניט געפּוּעלט בײַ זיך אַוועקצושטעלן די פֿראַגע וועגן באַנײַען די ייִדישע פרעסע, אָדער די פֿראַגע וועגן דער ייִדישער שול. ער האָט זיך נאָר באַמיט — און דאָס אויך בחינם — אויפֿצוקלערן, וואָס ס׳איז געשען אין 1949/1948 און שפּעטער מיט דער ייִדישער קולטורעלער עליטע און וואָס איז געווען די סיבה, וואָס מען האָט קעגן איר אָנגענומען רעפּרעסיווע מיטלען.[31] אָבער אַפֿילו אין די שמאָלע ראַמען האָט זאַלצבערג, וואָס געפֿאָרן איז ער אין פֿסס״ר ווי אַ יחיד, מיטן ווייסן, אָבער ניט אין שליחות פֿון זײַן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, זיך ניט געקענט דערשלאָגן צו קיין אונטערשטיצונג פֿון זײַן אייגענער פאַרטיי. נאָך אָנהייב יולי 1956, שוין נאָכן 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פאַרטיי, האָט דער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פֿון דער קאַנאַדישער פראָגרעסיווער אַרבעטער־פאַרטיי אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וואָס האָט נאָך ביז הײַנט אַן אינטערעס ווי אַן אילוסטראַציע צו דעם טראַדיציאָנעלן אויפֿפֿיר אין דער קאָמוניסטישער סבֿיבֿה: פֿאַרמאַכן די אויגן אויף אַלץ, וואָס ס׳קומט פֿאָר מיט די ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, און זײַן גרייט אַלץ צו באַרעכטיקן:[32]

> „די חילוקי־דעות צווישן סאָלסבערגן און אַנדערע מיטגלידער פֿון דעם נאַציאָנאַלן עקזעקוטיוו שטאַמען פֿון יאָר 1949, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל דערקלערט, אַז דאָס פֿאַרמאַכן די ייִדישע קולטורעלע אינסטיטוציעס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און די מאָססמיטלען, וואָס מען האָט אָנגענומען קעגן אָנגעזעענע ייִדישע שרײַבערס, איז דורכגעפֿירט געוואָרן אויף אַ ברוטאַלן אופֿן, אָן דעם וויסן און קעגן די אינטערעסן און פֿאַרלאַנגען פֿון די סאָוועטישע ייִדן. ער איז דעריבער באַשטאַנען אויפֿן געדאַנק פֿון אַן אינטערווענץ מצד דער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־פאַרטיי דורך ווענדן

זיך דירעקט צו דער קאָמפּאַרטיי פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד מיט דער פֿאָדערונג, זי זאָל געבן אַן אויפֿקלערונג.

דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו און שפּעטער דער פּלענום פֿון דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט האָבן אָפּגעוואָרפֿן דעם פֿאָרשלאָג פֿון חבֿר זאַלצבערג און האָבן באַשלאָסן:

אַז די ייִדישע בירגערס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען אין אַזאַ גרויסער מאָס געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט, אַז זיי האָבן מער ניט קיין פּאָקטישע באַדערפֿעניש אין באַזונדערע אינ־סטיטוציייעס וואָס באַנוצן זיך מיט דער ייִדישער שפּראַך;

אַז דאָס פֿאַרמאַכן די אינסטיטוציעס איז געווען אַ טייל פֿון דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג;

אַז די מאָסמיטלען קעגן באַזונדערע בירגערס ייִדן האָט געקענט זײַן נאָר אַ רעזולטאַט פֿון עובֿר זײַן אויף געזעצן און זיי זײַנען אָנגעווענדט געוואָרן אין הסכּם מיטן געזעץ".

**דאָס איז געווען די ענדגילטיקע סאָוועטישע אָפֿיציעלע פּאָזיציע אין אַ ביסל אַ פֿאַראײנפֿאַכטער פֿאָרעם.**

# הערות

[1] דבר, מאַרץ 26, 1956. ציטירט אויפֿן סמך פֿון *The Institute Annual* 1956, Institute of Jewish Affairs, World Jewish Congress, New York, 1957, pp. 353–354.

[2] JTA *Daily News Bulletin*, April 17, 1956. מיט אַן אָפּשיק צום לאָנדאָנער *The Times*, אַפּריל 16, 1956.

[3] זע די ידיעה פֿון פּאַריז אין *The New York Times*, יולי 12, 1957.

[4] Joseph Scholmer, *Vorkuta*, London, Weidenfeld and Nicolson, 1954, pp. 97–98.

[5] מאָרגן־פֿרײַהייט, סעפּטעמבער 30, 1955.

[6] Howard Fast, *The Naked God*, New York, Praeger, 1957, p. 133.

[7] *National Guardian*, September 3, 1956.

[8] *The Jews in the Soviet Satellites* by Peter Meyer, Bernard D. Weinryb a.o., Syracuse University Press, 1953, pp. 190–191.

[9] *American Jewish Yearbook*, 1954 (volume 55), American Jewish Committee, New York, 1954, p. 294.

[10] *Ibid*, p. 295.

[11] *Ibid*, p. 300.

[12] *American Jewish Yearbook*, 1955 (volume 56), New York, 1955, pp. 422–424.

[13] *Current Events in Jewish Life*, Institute of Jewish Affairs, September-December, 1956, p. 16.

[14] מאָרגן־פֿרײַהייט, נאָוועמבער 15, 1956. — זאַלצבערגס סעריע אַרטיקלען וועגן זײַן נסיעה אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז געווען געדרוקט אין קאַנאַדער וואָכנבלאַט פֿון 25סטן אָקטאָבער ביזן 20סטן דעצעמבער 1956 און אין מאָרגן־פֿרײַהייט פֿון 30סטן אָקטאָבער ביזן 26סטן דעצעמ־בער 1956.

[15] זען וועגן דעם אינעם ערשטן טייל פֿון דעם בוך, קאַפּיטל 6.

[16] Reuben Ainsztein, "The Fate of Soviet Jewry," *Midstream*, Spring 1959, p. 18.

צום באַדויערן גיט דער מחבר ניט אָן דעם מקור פֿון דער אינפֿאָרמאַציע, וואָס מינערט אַ ביסל

איר איבערצײַגעוודיקייט. אויפֿן סמך פֿון אינפֿאָרמאַציעס וואָס איך האָב אַליין געקריגן (פֿון אַ ייִדן וואָס איז געווען אין קאָוונער געטאָ, דערנאָך אין דאַכאַו, און איצט איז ער אין אַמעריקע, אָבער ער שטייט אין קאָנטאַקט מיט מענטשן אין קאָוונע) — איז דער דענקמאָל פֿאַר די קרבנות אין 9טן פֿאָרט געשטעלט געוואָרן באַלד נאָך דער מלחמה. שפּעטער האָט מען אים אַראָפּגענומען און נאָך שפּעטער צוריק אַוועקגעשטעלט. אָבער דאָס מאָל שוין ניט ווי אַ דענקמאָל פֿאַר ייִדישע קרבנות פֿון היטלערישן טעראָר, נאָר ווי אַ דענקמאָל פֿאַר די פֿראַנצויזן, בעלגיער, טשעכן און אַנדערע, און אויפֿן לעצטן אָרט „און ייִדן" וואָס זײַנען אומגעקומען פֿון היטלערישן טעראָר. אָבער די פֿראַנצויזן, בעלגיער, טשעכן און אַנדערע, וואָס וועגן זיי רעדט זיך דאָ, זײַנען אַלע געווען ייִדן פֿון די שייכדיקע לענדער, אָבער אויפֿן דענקמאָל איז וועגן דעם גאָרניט געזאָגט. צי מען קען אָט דעם דענקמאָל רעכענען פֿאַר אַ דענקמאָל פֿאַר די ייִדישע קרבנות פֿון היטלערישן טעראָר, איז אַ ספֿק.

ס'איז ווערט צו פֿאַרצייכענען, אַז אין דעם בוך פֿון דעם קאָוונער ייִדישן קאָמוניסט מאיר עגליניס וועגן דער קאָוונער ייִדישער טראַגעדיע M. Eglinis, *Mirties fortuose*, ווילנע, 2טע אויסגאַבע, 1958, איז וועגן דעם דענקמאָל קיין וואָרט ניטאָ, און צווישן די בילדער אין דעם בוך, איז קיין בילד פֿון דעם דענקמאָל ניטאָ.

אין דער פּרעסע איז געווען דערמאָנט נאָך אַ פֿאַקט וועגן אַ דענקמאָל פֿאַר ייִדישע קרבנות פֿון היטלערישן טעראָר אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, וואָס מען האָט שפּעטער אַראָפּגענומען. אין 1945, האָבן ייִדן גופֿא געשטעלט אַ מצבֿה אין פּאָנאַר לעבן ווילנע, ווו ס'זײַנען אומגעקומען עטלעכע צענדלינג טויזנט ייִדן פֿון ווילנער געטאָ. אין 1952 האָבן די מאַכטאָרגאַנען פֿאַראָרדנט אַראָפּצונעמען די מצבֿה. שפּעטער — „בימי כרושטשאָוו" — האָט מען דאָרטן אַוועקגעשטעלט אַ דענקמאָל, אָבער אָן אַן אויפֿשריפֿט, אַז דאָס איז אַ דענקמאָל פֿאַר פֿאַרפֿײַניקטע ייִדן; דאָרט איז אויף רוסיש געשריבן: „די קרבנות פֿון פֿאַשיסטישן טעראָר 1941—1944". זען לייזער ראַן, „נײַ־ווילנע אין שאָטן פֿון חורבן", פֿאָלק און וועלט, ניו־יאָרק, אַפּריל, 1957, ז' 16. די אינפֿאָרמאַציע ווערט באַשטעטיקט אויך פֿון אַ צווייטן מקור. אין יאָר 1958 איז אין ווילנע אַרויס וו. אוזשדאַוויניסעס בוך אין דער ווילנער געגנט. דאָרט איז פֿאַראַן אַ בילד פֿון דעם דענקמאָל מיט אַ צושריפֿט, אַז אויפֿן דענקמאָל איז אויף רוסיש און אויף ליטוויש געשריבן: „די קרבנות פֿון פֿאַשיסטישן טעראָר — 1941—1944". אין דעם טעקסט פֿון בוך ווערט געזאָגט, אַז „די בלוטיקע הריגות פֿון סאָוועטישע בירגערס האָבן זיך דאָ אָנגעהויבן יולי 1941 און זיי האָבן געדויערט דרײַ יאָר צײַט — ביז יולי 1944. דאָ האָט מען דערשאָסן אַרבעטערס, געלערנטע, אינזשענירן, סטודענטן, כּלי־קודש פֿון פֿאַרשיידענע רעליגיעזע קולטן. דאָ פֿלעגט מען דערהרגענען אַלעמען — מענער, פֿרויען, קינדער"... אין אָט דער גאַנצער דערציילונג (זז' 67—70) ווערט אַפֿילו ניט דערמאָנט דאָס וואָרט „ייִד".

17 Василий Захарченко, «Разговор начистоту», «Литературная Газета», 13-го августа, 1957.

18 *JTA News Bulletin,* August 16, 1957.

19 «Культурное строительство СССР. Статистический сборник», изд. Центрального Статистического Управления при Совете Министров СССР, Москва, 1956, стр. 254.

20 «Культурное строительство РСФСР. Статистический сборник», изд. Центрального Статистического Управления РСФСР, Москва, 1958, стр. 208.

— אמת, אין דעם זעלבן זאַמלבוך, אין דער טאַבעלע וועגן „נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פֿון די וואָס לערנען זיך אין די העכערע און מיטעלע ספּעציאַליסטישע ערן־אַנשטאַלטן צום אָנהייב לערניאָר 1957/1955" (ז' 381) ווערן געבראַכט געגעבענע וועגן ייִדן אויך: צווישן די וואָס לערנען זיך אין די מיטעלע ספּעציאַליסטישע לערן־אַנשטאַלטן זײַנען 1.7% ייִדן; צווישן די סטודענטן אין די העכערע לערן־אַנשטאַלטן — 4.1%.

21 «Национальные школы РСФСР за 40 лет», под редакцией проф.

Ф. Ф. Советникова, изд. Института национальных школ Академии педагогических наук РСФСР, Москва, 1958, стр. 256-266.

[22] «РСФСР за 40 лет. Статистический сборник», изд. Центрального Статистического Управления РСФСР, Москва, 1958, стр. 145-148. — די שײַכדיקע טאַבעלע וועגן אַרויסגעגאַנגענע ביכער אין ראַטן־פֿאַרבאַנד בכלל מיט די פֿאַרגלײַכיקע צאָלן פֿאַר 1913 און פֿאַר 1956 געפֿינט זיך אין «Достижения советской власти за 40 лет в цифрах. Статистический сборник», изд. Центрального Статистического Управления при СМ СССР, Москва, 1958, стр. 294. דאָ האָט מען פֿאַרשטייט זיך אויך „פֿאַרגעסן" די ייִדן.

[23] «Народное Хозяйство СССР в 1958 году. Статистический ежегодник», изд. Центрального Статистического Управления при Совете Министров СССР, Москва, 1959, стр. 846.

[24] זען אין די סטאַטיסטישע יאָרביכער Народное Хозяйство פֿאַר די יאָרן 1959—1964, די שײַכדיקע זײַטן: 584, 591, 701, 704, 757, 785. די געגעבענע וועגן דער גרופּירונג פֿון וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטערס על־פּי נאַציאָנאַליטעטן פֿאַר 1962 זײַנען צוליב עפּעס אַ סיבה ניט געוואָרן פֿאַרעפֿנטלעכט אין דעם סטאַטיסטישן יאָרבוך פֿאַרן שײַכדיקן יאָר; דאָ איז פּשוט איבערגעחזרט די טאַבעלע פֿון דעם פֿאַרגאַנגענעם יאָר.

[25] דאָס איז ריכטיק בלויז בנוגע די פֿאַראַלגעמיינערטע געגעבענע. וואָס שייך ידיעות וועגן ייִדן יחידים, וואָס זייער טעטיקייט ווערט אָפּגעשאַצט פּאָזיטיוו, טרעפֿט מען זיי איצט אַ סך אָפֿטער ווי מיט פֿינף יאָר צוריק.

[26] זען הערה 5 צום צווייטן קאַפּיטל.

[27] *The Institute Annual*, 1956, p. 354.

[28] זען הערה 5 צום דריטן קאַפּיטל.

[29] *Jewish Life*, February, 1957, p. 19.

[30] *Ibid*, p. 33.

[31] *Ibid*, p. 19.

[32] *Ibid*, p. 18.

קאפיטל פינף

# כרושטשאָוו און די ייִדן־פראַגע

היינט צו טאָג ווייסט מען שוין, אַז דער אַרכיטעקט פון דער נאַכסטאַלינישער ייִדישער פּאָליטיק איז געווען כרושטשאָוו, אַז די אַנדערע מיטגלידער האָבן אין דער פראַגע ניט אַרויסגעוויזן קיין איניציאַטיוו, נאָר זיי זיינען פּשוט נאָכגעגאַנגען כרושטשאָוון. זיי האָבן אַפילו ניט געהאַט קיין באַדערפעניש עפּעס צו ענדערן אין דער פּאָליטיק, וואָס כרושטשאָוו האָט אָנגעצייכנט. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס נאָך היינט, נאָך דעם ווי ס׳איז שוין אַוועק אַ היפּשע צייט נאָך כרושטשאָווס מפּלה, ווען מען רוקט קעגן אים אַרויס אַ ריי באַשולדיקונגען און מען וואַרפט אים פאָר ניט ווייניק פעלערן (אמת, כמעט אַלע מאָל פאַרשטעלט, ניט אָנרופנדיק זיין נאָמען), קריטיקירט מען אין גאַנצן ניט זיין ייִדישע פּאָליטיק. אונדז וועט שפּעטער אויסקומען צו ריידן וועגן דעם, אַז לעצטנס האָבן זיך געמומען מערקן סימנים פון אַ טיילווייזער פאַרלייכטערונג אין דער פּאָליטיק. אָבער דאָס האָט ניט צו טאָן מיטן ביים פון דער פירערשאַפט, נאָר מיט די אַלגעמיינע געזעצן פון אַנטוויקלונג פון ראַטן־פאַרבאַנד און זיין אינעווייניקסטער עוואָלוציע. די עוואָלוציע, ווי פּאַמעלעך עס זאָלן ניט זיין איר גאַנג, איז אומפאַרמיידלעך; זי וואָלט פאָרגעקומען אַפילו אויב כרושטשאָוו וואָלט געבליבן אויף זיין אַמט, און טיילווייז האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן אונטער זיין ממשלה. דערפאַר איז די טעמע „כרושטשאָוו און די ייִדן־פראַגע״ אַקטועל אויך נאָך כרושטשאָווס מפּלה: אין דער ייִדן־פראַגע ווערט ווייטער געפירט די פּאָליטיק וואָס איז אויפגעקומען, ווען כרושטשאָוו איז געווען ביי דער מאַכט.

ביים אַנאַליזירן כרושטשאָווס ייִדישע פּאָליטיק וועל איך זיך באַגרענעצן צו דעם נאָכמלחמהדיקן פּעריאָד מיט דער באַוואָרעניש, אַז וואָס שייך כרושטשאָוון אין קיִעוו, ווו ער איז געווען טעטיק צום סוף פון דער מלחמה, וועט זיך דער אַנאַליז אָנהייבן פון אַ פריִערדיקן צייטאָפּשניט; דאָ וועט מען דאַרפן אָנהייבן ניט מיטן סוף פון דער מלחמה, נאָר מיטן מאָמענט, ווען קיִעוו איז באַפרייט געוואָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע און ביים רודער איז ווידער געשטאַנען די סאָוועטישע מאַכט.

קיִעוו איז באַפרייט געוואָרן דעם 6טן נאָוועמבער 1943 און די מאַכט איז תּיכּף אַריבער צו דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער רעגירונג (ראַט פון פאָלקסקאָמיסאַרן פון דער אוקראַיִנישער סס״ר) מיט כרושטשאָוון אין דער שפּיץ. אין

דער זעלבער צײַט איז כרושטשאָוו אויך געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פֿון צ״ק פֿון דער אוקראַיִנישער קאָמפּאַרטיי. מחמת זײַן פּאָזיציע אין אוקראַיִנע האָט ער דעמאָלט, בשעת די מלחמה זיך נאָך געהאַלטן בײַם פֿאַרענדיקן, געמוזט פֿאַרמירן אַ ייִדישע פּאָליטיק אויך.

די געזעלשאַפֿטלעכע אַטמאָספֿער אין אוקראַיִנע איז געווען אָנגעזעטיקט מיט אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק צעבליט בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע. וועגן די שוועריקייטן, וואָס ייִדן האָבן באַגעגנט, ווען זיי האָבן אָנגע־הויבן צו קומען צוריק אין אוקראַיִנע, האָבן מיר שוין דערמאָנט אין ערשטן קאַפּיטל. אָבער דאָס איז געווען שפּעטער. אין אָנהייב איז געווען נאָך שווערער. די סאָוועטישע מאַכט וואָס איז געקומען תּיכּף נאָך דער אָקופּאַציע איז געשטאַנען פֿאַר אַן אַלטערנאַטיוו: אָדער אַרויסגיין אין אַן אָפֿענעם קאַמף קעגן אַנטיסע־מיטיזם, אָדער זיך מאַכן ניט זעענדיק. כרושטשאָוו האָט אויסגעקליבן דאָס צווייטע און נאָך מער — ער האָט געזוכט שלום מיט די נעכטיקע אַקטיוויסטע אַנטיסעמיטן, און געפּרוּווט זיך אָנשפּאַרן אויף זיי.

אין דעם ערשטן קאַפּיטל איז שוין געווען דערמאָנט כרושטשאָווס רעדע אויף דער ערשטער זיצונג פֿון העכסטן ראַט אין אוקראַיִנע דעם 1טן מאַרץ 1944, ווּ ער האָט גערעדט וועגן די לײַדן פֿון פֿאָלק אין דער צײַט פֿון דער אָקו־פּאַציע. ער האָט דעמאָלט אין זײַן רעדע די ייִדן אַפֿילו ניט דערמאָנט; ער האָט געפּרוּווט געווינען די סימפּאַטיעס פֿון די נעכטיקע עקסטרעמע אַקטיווע אַנטי־סעמיטן. אָבער ס׳איז געווען ערגערס אויך.

וועגן דעם האָט זיך אויפֿגעהיט אַ שטוינענדיקע גבֿית־עדות פֿון אַן אָנגע־זעענער ייִדישער קאָמוניסטקע פֿון פּוילן, וואָס האָט געוווינט אין קיִעוו — „אויף אַרישע פּאַפּירן״ — די גאַנצע צײַט פֿון דער אָקופּאַציע און אַן ערך אַ יאָר צײַט נאָך דער באַפֿרײַונג. אָנהייב נאָוועמבער 1944 איז זי געקומען קיין מאָסקווע, און דאָ האָט זי אויף אַ צונויפֿקום פֿון די נאָענטסטע מיטאַרבעטערס פֿון דער פּוילישער פּרעסע־ביוראָ, דערציילט אירע איבערלעבונגען אין קיִעוו. אין דעם צונויפֿקום האָט זיך אויך באַטייליקט דער זשורנאַליסט לעאָן לענעמאַן וואָס איז אין 1946 אַוועקגעפֿאָרן פֿון מאָסקווע קיין פּוילן, און שפּעטער קיין פֿראַנקרײַך. וועגן דעם וואָס די ייִדישע קאָמוניסטקע פֿון פּוילן האָט דערציילט האָט לענעמאַן שפּעטער איבערגעגעבן אין דער ישׂראלדיקער און אַמעריקאַנער פּרעסע, אָבער דעם נאָמען אירן האָט ער ניט אָנגערופֿן. נאָך איר טויט, און נאָך דעם ווי איר זון איז פֿון פּוילן אַוועקגעפֿאָרן קיין ישׂראל, האָט לענעמאַן אין זײַן פֿראַנצייזישן בוך די טראַגעדיע פֿון די ייִדן אין פֿסס״ר אויפֿגעדעקט איר נאָמען. מאַריאַ כעל־מינסקאַ (איר אמתער נאָמען איז געווען רוזשאַ האָדעס) איז אין די לעצטע יאָרן פֿון איר לעבן געשטאַנען אין שפּיץ פֿון דער פּוילישער געזעלשאַפֿט פֿאַר קול־טורעלן אויסבײַט מיט אויסלאַנד. אין 1955 איז כעלמינסקאַ געקומען קיין פּאַריז זיך היילן אין ראַק־אינסטיטוט, און לענעמאַן איז געקומען זי מבֿקר חולה זײַן. בעת דער באַגעגעניש האָט אים כעלמינסקאַ דערמאָנט איר „באַריכט״ אין מאָסקווע. (כעלמינסקאַ איז נאָך דעם געפֿאָרן צוריק קיין פּוילן, ווּ זי איז אין

קורצן געשטאָרבן.) אין זײַן בוך גיט לענעמאַן איבער וואָס כעלמינסקאַ האָט אין מאָסקווע דערציילט וועגן קיִעוו אין די יאָרן 1943/1944.

ביז דער מלחמה איז כעלמינסקאַ עטלעכע יאָר געזעסן אין אַ פּוילישער תּפֿיסה פֿאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט; אין דער צײַט פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע איז זי געווען פֿאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער טעטיקייט אין קיִעוו. נאָך דעם ווי קיִעוו איז געוואָרן באַפֿרײַט האָט מען כעלמינסקאַן געגעבן אַ שטעלע אין כרושטשאָווס סעקרעטאַריאַט. אַלץ אַרום האָט געפֿיבערט, וועגן קיין פֿאַר־מאַליטעטן האָט מען זיך דעמאָלט ניט שטאַרק געקימערט, האָט מען זי אָנגענומען אויף דער שטעלע און ניט פֿאַרלאַנגט פֿון איר, זי זאָל אויספֿילן די אַנקעטע. אין אַ צײַט אַרום האָט מען זיך געכאַפּט און מען האָט איר געגעבן די אַנקעטע אויסצופֿילן. מיט אַ מאָל האָט מען אַנטדעקט, אַז זי איז אַ ייִדישע און מען האָט זי אָפּגעזאָגט פֿון דער שטעלע. ווען זי האָט זיך געווענדט צו אירע אײַנפֿלוסרײַכע פֿרײַנד, האָבן זיי איר געזאָגט, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ געהיימע אינסטרוקציע וואָס פֿאַרווערט אין גאַנץ אוקראַיִנע אָנצונעמען ייִדן אויף פֿאַראַנטוואָרטלעכע שטע־לעס. כעלמינסקאַ איז אויפֿגעטרייסלט געוואָרן. זי האָט ניט געוואָלט גלייבן, און זי האָט זיך פּערזענלעך געווענדט צו כרושטשאָוון גופֿא. דער שמועס מיט כרושטשאָוון איז געווען זייער אַ געשפּאַנטער, און כעלמינסקאַ האָט זיך פֿונאַנ־דערגעוויינט. האָט כרושטשאָוו איר געזאָגט:

„איך פֿאַרשטיי, אַז איר ווי אַ ייִדישע קוקט אויף דער פֿראַגע פֿון אַ סוביעקטיוון שטאַנדפּונקט. אָבער מיר זײַנען אָביעקטיוו: אין פֿאַר־גאַנגענע צײַטן זײַנען ייִדן באַגאַנגען ניט־ווייניק זינד קעגן אוקראַיִנישן פֿאָלק, און דערפֿאַר האָט זיי דאָס פֿאָלק פֿײַנט. אין אונדזער אוקראַיִנע דאַרפֿן מיר ניט קיין ייִדן. און איך האַלט, אַז פֿאַר די אוקראַיִנישע ייִדן וואָס האָבן איבערגעלעבט היטלערס פּרוּוון זיי אומצוברענגען, וואָלט געווען גלײַכער ניט צו קומען אַהער צוריק... זאָלן זיי בעסער פֿאָרן אין ביראָבידזשאַן... מיר זײַנען דאָך דאָ אין אוקראַיִנע. איר פֿאַר־שטייט? דאָ איז אוקראַיִנע. מיר זײַנען ניט פֿאַראינטערעסירט אין דעם, אַז דאָס אוקראַיִנישע פֿאָלק זאָל אויסטײַטשן דאָס צוריקקומען פֿון דער סאָוועטישער מאַכט ווי אַ צוריקקום פֿון ייִדן".

דערזעענדיק כעלמינסקאַס פֿאַרצווייפֿלונג האָט ער צוגעגעבן: „דאָס אײנציקע וואָס איך קען פֿאַר אײַך טאָן, איז צוריקגעבן אײַך אײַער אַנקעטע. שרײַבט אָן אַן אַנדערע און דערמאָנט ניט אײַער ייִדישן אָפּשטאַם. נוצט אײַערע פֿאַלשע דאָקומענטן, וואָס לויט זיי זײַט איר אַ רייַנבלוטיקע אוקראַיִנערין".

פֿון ערגעריניש איז כעלמינסקאַ קראַנק געוואָרן. אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען זי איז געקומען צו זיך, איז איר אויסגעקומען איבערצולעבן אַ פֿרישן קלאַפּ. דאָס איז געשען סוף מאַרץ, אָדער אָנהייב אַפּריל 1944. אַן אָפֿיציר פֿון דער רויטער אַרמיי, אַן אוקראַיִנער, האָט אין גאַס באַגעגנט אַ צווייטן אָפֿיציר, אַ ייִדן. דער ייִדישער אָפֿיציר איז געווען באַהאַנגען מיט מעדאַלן און אָרדנס. דער אוקראַיִנער — שיכּור איז ער געווען — איז געוואָרן אויפֿגעקאָכט. „ווו האָסטו גענומען די מעדאַלן, זשיד? אַוודאי געקויפֿט אויפֿן מאַרק". און ער האָט גע־פּרוּווט אַראָפּרײַסן די מעדאַלן בײַם ייִדישן אָפֿיציר. ס'איז אויסגעבראָכן אַ גע־

שלעג צווישן זיי, און דער ייִד האָט דעם אוקראַיִנער דערשאָסן. ער האָט זיך אַליין צוגעשטעלט אין דער מיליץ, דערציילט וואָס ס'איז געשען, און מען האָט אים אַרעסטירט. אין שטאָט האָבן זיך גענומען אַרומטראָגן אַלאַרמירנדיקע קלאַנגען; דעם דערהרגעטן האָט מען אָרגאַניזירט אַ פֿײַערלעכע לוויה מיטן אָנטייל פֿון קאָמוניסטישע פּני מיט כרושטשאָוון בראָש. תּיכּף נאָך דער לוויה האָט זיך דער המון אַ וואָרף געטאָן צו דעם הויז, וווּ דער ייִדישער אָפֿיציר האָט געוווינט. זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס דעם אָפֿיצירס ווײַב און זײַן קינד און אויפֿן אָרט זיי דערהרגעט; דערנאָך האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן פּאָגראָמירן סתּם, און די אויפֿגערייצטקייט האָט שוין פֿאַר איין וועגס אָנגענומען אַן אַנטיסאָוועטישן כאַראַקטער אויך. דער אָפּקלאַנג פֿון די געשעענישן האָט זיך גיך דערטראָגן קיין מאָסקווע און דאָרט אַרויסגערופֿן אַ בהלה; מען האָט געשיקט קיין קיִעוו מאַלענקאָוון. כעלמינסקאַ האָט זיך דערשלאָגן צו מאַלענקאָוון. ער איז געווען אַ סך פֿאָרזיכטיקער מיט רייד איידער כרושטשאָוו, אָבער אין תּוך האָט ער באַרעכטיקט כרושטשאָווס פּאָליטיק.[1]

אין די קומעדיקע יאָרן, אַזש ביז סטאַלינס טויט, איז כרושטשאָוו פֿאַרבליבן זייער אַ געטרײַער סטאַליניסט, בפֿרט נאָך, ווען ער איז אין 1949 אַריבערגעפֿאָרן קיין מאָסקווע, און ער האָט דאָרט געהערט צו דעם קרײַז נאָענטסטע מיטאַרבעטערס פֿון דעם דיקטאַטאָר. אָבער ניט בלויז צוליב די אַלגעמיינע סיבות דאַרף מען מאַכן דעם אויספֿיר, אַז אין אַ געוויסער מאָס איז כרושטשאָוו מיטפֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער ווילדער אַנטי־ייִדישער פּאָליטיק פֿון סטאַלינען אין די יאָרן 1948—1953. כרושטשאָוו האָט שפּעטער אַליין מודה געווען, אַז וואָס שייך דערשיסן לאָזאָווסקין און די אַנדערע וואָס זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן אין ענין ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט, האָט ער געשטיצט סטאַלינען. דאָס האָט כרושטשאָוו געזאָגט אין זײַן שמועס מיט דער קאַנאַדישער קאָמוניסטישער דעלעגאַציע אויגוסט 1956. דער שמועס איז מי יודע ווי וויכטיק אויף אויפֿצוקלערן כרושטשאָווס בליק אויף דער ייִדן־פֿראַגע בכלל. מיר וועלן זיך נאָך צו דעם אומקערן. לעת־עתּה וויל איך נאָר פֿאַרצייכענען, אַז אין גאַנג פֿון דעם שמועס האָט כרושטשאָוו אָפּגעגעבן אַן אומדערוואַרטע דערקלערונג (כאָטש קיינער פֿון זײַנע מיטשמועסערס האָט משמעות פֿון אים קיין אָפֿנהאַרציקע דערקלערונג גאָר ניט פֿאַרלאַנגט). פֿון פּינקטלעכקייט וועגן ברענג איך דאָ פֿאָר די דערקלערונג, ווי זי איז געבראַכט בײַ זאַלצבערגן, אַ מיטגליד פֿון דער קאַנאַדישער דעלעגאַציע:

„ער, כרושטשאָוו, האָט אײַנגעשטימט מיט סטאַלינען, אַז קרים וואָס איז בײַם סוף פֿון דער מלחמה קעגן היטלערן געבליבן אין גאַנצן אָן אַ באַפֿעלקערונג, דאַרף ניט ווערן קיין צענטער פֿון ייִדישער קאָלאָניזאַציע, ווײַל אין פֿאַל פֿון אַ מלחמה וואָלט ער זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ פּלאַצדאַרם קעגן ראַטן־פֿאַרבאַנד.

סאָלאָמאָן לאָזאָווסקי, דער וועלט־באַרימטער איבערגעגעבענער קאָמוניסט וואָס איז יאָרן לאַנג געשטאַנען בראָש פֿון דעם רויטן אינטערנאַציאָנאַל פֿון די פּראָפֿפֿאַראייִנען, איז אומשולדיקערהייט אומגעבראַכט געוואָרן און מ'האָט אים צוגעצויגן צום 'ענין קרים'".

אין זײַן דערקלערונג האָט כרושטשאָוו מודה געווען, אַז ער האָט געשטיצט סטאַלינען ניט ווײַל ער איז געווען געצוווּנגען דאָס צו טאָן, נאָר ווײַל ער האָט ווירקלעך אײַנגעשטימט מיט אים אין דער פּראַגע פֿון דערשיסן די הויפּט־טוערס פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. איצט באַדויערט ער דאָס. אין כרושטשאָווס דערקלערונג איז פֿאַראַן נאָך איין וויכטיקער פּונקט. כרושטשאָוו באַדויערט, וואָס „לאָזאָווסקי איז אַרײַנגעשלעפּט געוואָרן אין ענין קרים", אָבער ער האָט ניט אויסגעדריקט זײַן באַדויערן צוליב דעם געדאַנק גופֿא, אַז אַ ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין קרים וואָלט געקענט זײַן אַ „מיליטערישע סכּנה" פֿאַרן ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין דעם קאָנטעקסט באַטײַט דאָס אַז כרושטשאָוו האָט זיך מיט דעם משונהדיקן געדאַנק סאָלידאַריזירט. און דאָס איז שוין געווען ניט אונטער סטאַ־לינען, ווען כרושטשאָוו, אַ טעראָריזירטער פּונקט ווי אַלע סטאַלינס נאָענטסטע מיטאַרבעטערס, איז געווען גרייט אָנצונעמען יעדער געדאַנק זײַנעם ווי אַ געזעט־לעכע אַנטפּלעקונג. דאָס האָט כרושטשאָוו געזאָגט אויגוסט 1956, אַ האַלב יאָר נאָך זײַן באמת היסטאָרישן רעפֿעראַט אויפֿן 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמ־פּאַרטיי „וועגן דעם קולט פֿון דער פּערזענלעכקייט", ווען ס'האָט זיך געדוכט, אַז דאָס וועט פֿירן צום איבעררײַסן מיט די איבערבלײַבן פֿון סטאַלינס פּראַקטיק פֿריִער הורטאָם חושד צו זײַן און דערנאָך צו מאַכן טעראָריסטישע אויספֿירן פֿון די חשדים.

וואָס שייך דער ייִדן־פּראַגע האָט כרושטשאָווס רעפֿעראַט „וועגן קולט פֿון דער פּערזענלעכקייט" גאָרניט מחדש געווען, ער האָט בלויז געבראַכט ביטערע אַנטוישונג. אין זײַן רעפֿעראַט האָט כרושטשאָוו אָנגערופֿן אַ גרויסע צאָל אומ־שולדיקע קרבנות פֿון סטאַלינישן טעראָר, אָבער קיינעם פֿון די ייִדישע געזעל־שאַפֿטלעכע און קולטורעלע טוערס וואָס זײַנען אומגעקומען אין די יאָרן 1936—1938 און 1948—1952 האָט ער ניט דערמאָנט. אַפֿילו ווען ער האָט גע־רעדט וועגן „ענין דאָקטוירים", און ער האָט דערבײַ איבערגעגעבן אַ ריי ביז דעמאָלט אומבאַקאַנטע שוידערלעכע פּרטים, האָט כרושטשאָוו אַבסאָלוט פֿאַר־שוויגן דעם אַנטי־ייִדישן כאַראַקטער פֿון דעם ענין, און אויך אין דעם פֿאַל האָט ער ניט אָנגערופֿן קיין איין ייִדישן נאָמען.

אָבער דער רעפֿעראַט האָט פֿונאַנדערגעבונדן די צינגער, און אַ סך מענטשן האָבן אַ סך אָפֿנהאַרציקער זיך צערעדט וועגן עבֿר. אין דער וואַרשעווערע פֿאָלקסשטימע, אַפּריל 4, 1956, האָט זיך באַוויזן דער סענסאַציאָנעלער אַרטיקל, ווו מ'האָט צום ערשטן מאָל אין אַ קאָמוניסטישער צײַטונג, דערציילט וועגן דער צווייאַליקער אויסראָטונג פֿון דער ייִדישער עליטע (זען וועגן דעם אין פֿערטן קאַפּיטל). דער אַרטיקל האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין אויסלאַנד. במשך דעם גאַנצן יאָר 1956 האָבן אויסלענדער וואָס זײַנען געפֿאָרן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אָפֿט געשטעלט קשיות וועגן דעם מצבֿ פֿון ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד; און אויך האָבן זיי געפֿרעגט, פֿאַר וואָס די סאָוועטישע רעגירונג זאָגט זיך ניט אָפּ פֿון סטאַלינס ירושה אין דער ייִדן־פּראַגע.

אויף די מער וויכטיקע געשעענישן פֿון יאָר 1956 וואָס שייך דער פּראַגע

איז אומבאַדינגט נייטיק זיך אָפּצושטעלן גענויער. אַרום און אַרום גיבן זיי אַ בולטע פאָרשטעלונג וועגן דעם יסוד פון כרושטשאָווס ייִדישער פּאָליטיק.

אָנהייב מײַ איז אויף דער פאַרבעטונג פון דער סאָוועטישער רעגירונג געקומען צו פאָרן אין מאָסקווע אַ דעלעגאַציע פון דער פראַנצייזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיט איר גענעראַל־סעקרעטאַר קאָמענען בראָש. די דעלעגאַציע האָט געהאַט דרײַ אויספירלעכע באַראַטונגען מיט פאָרשטייערס פון קאָמוניסטישן צ״ק, אין דער לעצטער באַראַטונג האָט זיך באַטייליקט כרושטשאָוו אויך. די באַראַטונגען האָבן געטראָגן אַן אינפאָרמאַטיוון כאַראַקטער: מען האָט באַהאַנדלט פּאָליטישע פּראָבלעמען. ווי אַ כּלל האָבן די פראַנצויזן געפרעגט, און דער סאָוועטישער צד האָט געענטפערט. אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָט מען צוגעטיילט דער פראַגע וועגן מצבֿ פון די ייִדן אין ראַטן־פאַרבאַנד. אָבער די פראַנצויזן זײַנען ניט געווען גענוג גוט אינפאָרמירט וועגן די ענינים, איז קיין שמועס אין תּוך וועגן דער פראַגע ניט צו שטאַנד געקומען. אָבער אויף צו פאַרשטיין די אַלגעמיינע אײַנשטעלונג פון דער סאָוועטישער רעגירונג און פון כרושטשאָוון פּערזענלעך אין דער פראַגע ייִדן, זײַנען כרושטשאָווס אַרויסזאָגונגען אין גאַנג פון דער באַראַטונג, זייער וויכטיק. בפרט נאָך, אַז דאָס זײַנען משמעות די ערשטע אַרויסזאָגונגען פון כרושטשאָוון וועגן דער ייִדן־פראַגע, וואָס זײַנען דערגאַנגען צו דער פּרעסע.[3]

אויף דער פראַגע, צי אין ראַטן־פאַרבאַנד איז דאָ אַנטיסעמיטיזם, האָט כרושטשאָוו געגעבן אַ פּאָזיטיוון ענטפער. ער האָט זיך אָבער באַוואָרנט, אַז די אַנטיסעמיטישע שטימונגען וואָס עקסיסטירן זײַנען בלויז איבערבלײַבן פון דעם רעאַקציאָנערן אַמאָל. און באַלד איז ער אַריבער דירעקט צו דער אַלגעמיינער פּראָבלעם ייִדן אין ראַטן־פאַרבאַנד:[4]

„...די פראַגע וועגן דעם מצבֿ פון די ייִדן און וועגן זייערע באַציִונגען מיט אַנדערע פעלקער איז זייער אַ קאָמפּליצירטע פּראָבלעם. צום אָנהייב פון דער רעוואָלוציע האָבן מיר געהאַט אַ סך ייִדן אין די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער פּאַרטיי און פון דער רעגירונג. די ייִדן זײַנען געווען מער געלערנט, אפשר מער רעוואָלוציאָנער איידער דער דורכשניטלעכער רוס. דערנאָך האָבן מיר געשאַפן נײַע קאַדרען...

פּערוווּכין: אונדזער אייגענע אינטעליגענץ.

כרושטשאָוו: אויב ייִדן וואָלטן איצט געוואָלט פאַרנעמען אין אונדזערע רעפּובליקן די ערשטע ערטער, וואָלט דאָס פאַרשטייט זיך אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנקייט צווישן די וואָרצלדיקע אײַנוווינערס. זיי וואָלטן אומפרײַנדלעך אויפגענומען די פּרעטענזיעס, ווײַל זיי האַלטן זיך פאַר ניט־ווייניקער אינטעליגענט, און ניט־ווייניקער פעיִק פון די ייִדן. אָדער נעמט פאַר אַ משל אוקראַיִנע. ווען אַ ייִד גיט מען איבער אַ הויכן אַמט, רינגלט ער זיך אַרום מיט מיטאַרבעטערס ייִדן, און דאָס רופט נאַטירלעך אַרויס קינאה און פײַנדלעכע געפילן צו ייִדן.

אָבער מיר זײַנען ניט קיין אַנטיסעמיטן. אָט נעמט קאַגאַנאָוויטשן. ער פאַרנעמט זייער אַ הויכן אַמט, און ער איז אַ ייִד. אָדער אָט איז מיטין. ער איז אויך אַ ייִד, אָדער אונדזער ליבע איבערזעצערין, לידיאַ פאָקטאָר וואָס זעצט אונדז אַזוי גוט איבער. איך אַליין האָב דאָך אַן אייניקל אַ האַלבייִד. מיר קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם".

אויף דער פּראַגע וועגן פֿרײַהייט צו אַנטוויקלען די קולטור און וועגן דער שול האָט צו ערשט געענטפֿערט מיקאָיאַן:[5]

„אַלע נאַציאָנאַליטעטן האָבן בײַ אונדז זייערע נאַציאָנאַלע רעכט. דאָס איז אַ פּראַגע פֿון פּראַקטישער נויטווענדיקייט. ייִדן ריידן רוסיש, אוקראַיִניש און„וו לויט דעם אָרט וווּ זיי וווינען".

אָבער כרושטשאָוו האָט אים איבערגעריסן:

„...אויב ס'וואָלטן געשאַפֿן געוואָרן ייִדישע שולן, וואָלטן זיך געוויס געפֿונען ניט קיין סך בעלנים צו גיין אין די שולן. די ייִדן זײַנען צעזייט איבערן גאַנצן לאַנד. מען וואָלט קיין מאָל ניט געקענט שאַפֿן קיין אוניווערסיטעט אויף ייִדיש: ס'וואָלט ניט געווען קיין גענוגיקע צאָל סטודענטן... אויב מען וואָלט די ייִדן געצוווּנגען צו גיין אין דער ייִדישער שול, וואָלט דאָס זיכער אַרויסגערופֿן אויפֿגעבראַכטקייט. דאָס וואָלט פֿאַרשטאַנען געוואָרן ווי אַן אייגנאַרטיקע געטאָ..."

אָבער ווער און ווען איז באַשטאַנען אויפֿן געדאַנק וועגן צווינגען צו שיקן ייִדישע קינדער אין אַ ייִדישער שול? און וואָס פֿאַר אַ משונהדיקער אַרגומענט איז דאָס, אַז מען דאַרף ייִדן ניט צולאָזן אויף פֿאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, ווײַל בײַם אויסקלײַבן זייערע מיטאַרבעטערס, רינגלען זיי זיך אַרום מיט ייִדן? ס'איז זיך עפּעס שווער פֿאָרצושטעלן, אַז כרושטשאָוו זאָל זײַן אַזוי נאַיִוו און אַזוי אומאינ־פֿאָרמאַטיוו אין די ענינים, אַז ער זאָל נעמען ערנצט אָט די פֿאַלשע אַרגומענטן.

מיט נאָך מער באַשטימטקייט האָט כרושטשאָוו פֿאָרמולירט זײַן באַציִונג צו דער ייִדן־פּראַגע אין דרײַ חדשים אַרום אין אַ שמועס מיט דער דעלעגאַציע פֿון דער קאַנאַדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי („פּראָגרעסיווע אַרבעטער־פּאַרטיי"). די דעלעגאַציע איז געקומען קיין מאָסקווע כּדי אויסצוקלאָרן אַ ריי פּראָבלעמען וואָס זײַנען אויפֿגעקומען אין שייכות מיטן 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און מיט אַ ספּעציעלער אינסטרוקציע זיך צו דערשלאָגן צו אַ טאָלק אין דער פּראַגע ייִדן. דער צ"ק פֿון דער סאָוועטישער פּאַרטיי האָט אויסגעטיילט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פֿון דרײַ פּערזאָן מיט כרושטשאָוון בראָש צו פֿירן דעם שמועס מיט די קאַנאַדער. די דעלעגאַציע האָט געהאַט פֿיר זיצונגען מיט די פֿאָרשטייערס פֿון דעם סאָוועטישן צ"ק; כרושטשאָוו האָט זיך באַטייליקט בלויז אין דער לעצטער זיצונג וואָס האָט געדויערט אַן ערך צוויי שעה, און באַהאַנדלט האָט מען כּמעט דורכויס נאָר די פּראַגע ייִדן. פֿון סאָוועטישן צד האָט כּמעט די גאַנצע צײַט גערעדט נאָר כרושטשאָוו. זאַלצבערג איז אויף דער זיצונג אַרויסגעטראָטן אין נאָמען פֿון דער קאַנאַדישער דעלעגאַציע, און ער האָט איבערגעגעבן דעם תּמצית פֿון כרושטשאָווס אַרויסזאָגונגען:[6]

„כרושטשאָוו האָט אָפּגעוואָרפֿן אַלע טענות וועגן אַנטיסעמיטיזם ווי רכילות אויף אים און אויף דער פּאַרטיי. ער האָט אויסגערעכנט אַ ריי ייִדן וואָס פֿאַרנעמען הויכע אַמטן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. ער האָט אַפֿילו דערמאָנט זײַן ייִדישע שנור.

ער האָט איבערגעחזרט, אַז די מערהייט סאָוועטישע ייִדן זײַנען אַסימילירט אין דעם אַלגעמיינעם לעבן פֿון לאַנד. ער האָט אונטערגע־שטראָכן, אַז אַסימילאַציע איז היסטאָריש פּראָגרעסיוו, און סעפּאַראַציע

איז רעאַקציאָנער. ער האָט אָפּגעוואָרפֿן דעם געדאַנק וועגן שאַפֿן אַ ייִדישע שול. ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז די ייִדישע קינדער וואָס לערנען זיך אין דער אַלגעמיינער שול איז אַ סך בעסער..."

אַ ביסל אומגעריכט איז כרושטשאָוו אַריבער צו דער פֿראַגע וועגן „גוטע און שלעכטע שטריכן בײַ יעדער פֿאָלק" און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף „אַ ריי נעגאַטיווע שטריכן בײַ ייִדן":

„ווען די טײלן רומעניע, וואָס די רעאַקציע האָט פֿאַרכאַפּט בעת דער רעוואָלוציע, זײַנען אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, האָבן אַ סך ייִדן גיכער געוועזן בעלנים אַוועקצופֿאָרן פֿון רומעניע איידער אָנצונעמען סאָוועטישע בירגערשאַפֿט.

נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון טשערנאָוויץ זײַנען די גאַסן אין שטאָט געוועזן זייער שמוציק. ווען מען האָט בײַ די ייִדן געפֿרעגט, פֿאַר וואָס מען רייניקט ניט די גאַסן, האָבן זיי געענטפֿערט, אַז די ניט־ייִדישע באַפֿעלקערונג וואָס פֿלעגט טאָן די אַרבעט, איז אַנטלאָפֿן פֿון שטאָט.

טויזנטער סאָוועטישע בירגערס זײַנען געפֿאָרן ווי טוריסטן קיין אויסלאַנד. אָבער נאָר דרײַ זײַנען ניט צוריקגעקומען. אַלע ייִדן.

ווו אַ ייִד זאָל זיך ניט באַזעצן, שטעלט ער באַלד אויף אַ דאַוונשול".

נאָך דעם איז געקומען דער „ענין קרים", וואָס מיר האָבן שוין פֿריִער דער־מאָנט, און וואָס אין דעם קאָנטעקסט האָט ער משמעות געדאַרפֿט באַטײַטן, אַז צו די חסרונות פֿון ייִדן דאַרף מען אויך צורעכענען זייער אומפֿאַרלאָזלעכקייט אין פּאָליטישן זינען.

כרושטשאָוו האָט אָנגעהויבן פֿון דעם, אַז יעדער פֿאָלק האָט מעלות און חסרונות, אָבער קיין שום אַנדער פֿאָלק האָט ער דערבײַ ניט כאַראַקטעריזירט. ער האָט גערעדט בלויז וועגן ייִדן, און וועגן זייערע מעלות האָט ער גאָרניט געזאָגט. ער האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אויף דעם, וואָס ער האַלט פֿאַר „נעגאַטיווע שטריכן" בײַ זיי. איך האָב בכיוון געבראַכט דעם גאַנצן באַשולדיקונגס־אַקט כּדי דער לייענער זאָל זיך קענען איבערצײַגן אויף וואָסערע וואַקלדיקע יסודות כרושטשאָוו בויט זײַנע באַשולדיקונגען קעגן ייִדישן פֿאָלק בכלל. איז טאַקע ניט קיין וווּנדער, וואָס כרושטשאָוו איז ניט געלונגען צו איבערצײַגן די קאַנאַדער אין דעם פּראָגרעסיוון כאַראַקטער און אין דער פּרינציפּיעלער אויסגעהאַלטנקייט פֿון זײַן ייִדישער פּאָליטיק. „צום באַדויערן האָבן זײַנע ווערטער געמאַכט אויף מיר אַ פֿאַרקערטן אײַנדרוק", האָט זאַלצבערג געשריבן.[7]

כרושטשאָוון איז ספּעציעל צום האַרצן דער געדאַנק וועגן די חסרונות פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. מאַרץ 1958 האָט ער אויפֿגענומען דעם קאָרעס־פּאָנדענט פֿון דער פּאַריזער צײַטונג פֿיגאַראָ, סערזש גרוסאַרן און ער האָט מיט אים געהאַט אַ לאַנגן שמועס.[8] בעת דעם שמועס האָט גרוסאַר באַרירט דעם ענין ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין ביראָבידזשאַן. כרושטשאָוו האָט גערעדט וועגן ביראָ־בידזשאַן מיט באַגײַסטערונג, אָבער ער האָט מודה געווען דעם פֿולשטענדיקן דורכפֿאַל פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע דאָרטן, וואָס איז לויט זײַן מיינונג אַ פּועל־יוצא פֿון דער אַסאָציאַלקייט פֿון ייִדן. וועגן די חסרונות פֿון ייִדישן נאַ־ציאָנאַלן כאַראַקטער האָט כרושטשאָוו דאָס מאָל גערעדט אַנדערש און פֿאָרזיכ־

**טיקער ווי אין 1956. אָבער אין תּוך האָט ער זיך באַמיט צו באַרעכטיקן די באַגרענעצנדיקע סאָוועטישע פּאָליטיק לגבי די ייִדן מיט זייערע כאַראַקטעריסטישע נעגאַטיווע שטריכן:**[9]

„די פּאָליטיק פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג לגבי אַלע נאַציאָנאַליטעטן איז אַ יושרדיקע און אַ גרויסהאַרציקע. דער ראַטן־פֿאַרבאַנד איז געווען דער ערשטער אין דער וועלט, וואָס האָט באַשלאָסן צו העלפֿן די ייִדן ניט ווי יחידים, נאָר די ייִדן ווי אַ פֿאָלק. צו דעם צוועק האָבן מיר אויסגעקליבן אין סיביר, צו צפֿון פֿון מאַנדזשוריע, דעם ווייניק־באַפֿעלקערטן ראַיאָן ביראָבידזשאַן. מיר האָבן איבערגעגעבן די געגנט אין רשות פֿון די ייִדן און געשאַפֿן פֿאַר איר אַ ספּעציעלן סטאַטוט. דאָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטע מתּנה. די ערד אין ביראָבידזשאַן איז פֿון די בעסטע אין דער וועלט. דער קלימאַט איז אַ דרומדיקער. ס'איז דאָ וואַסער און זון, ריזיקע וועלדער, גרויסע אוצרות מינעראַלן, די טײַכן האָבן אַ שפֿע מיט פֿיש. וואָס זשע איז געשען? ייִדן האָבן מאַסנווײַז זיך אַ לאָז געטאָן אין ביראָבידזשאַן. זיינען געווען פֿול מיט ענטוזיאַזם. זיי האָבן אַהין געאײַלט פֿון אַלע עקן ראַטן־פֿאַרבאַנד, איך וואָלט געזאָגט, פֿון אַלע אייראָפּעיִשע לענדער, פֿון וואַנען זיי האָבן נאָר געקענט אַוועקפֿאָרן און זיך ראַטעווען פֿון רדיפֿות. און וואָס איז ווײַטער געשען? בלויז געציילטע זײַנען געבליבן...

ווי זאָל מען דערקלערן אָט די מיאוסע דערשײַנונג? איך מיין, אַז מיט היסטאָרישע סיבות, אין אַלע צײַטן האָבן ייִדן געהאַט מער גערן פֿאַכן אין האַנטווערק... זיי האָבן ניט ליב קיין קאָלעקטיווע אַרבעט, קיין גרופּע־דיסציפּלין. זיי זײַנען אינדיווידואַליסטן...

דער צווייטער כאַראַקטעריסטישער שטריך בײַ ייִדן איז — זיי זײַנען אין תּוך אינטעליגענטן. זיי האַלטן קיין מאָל ניט, אַז זיי זײַנען שוין גענוג געלערנט. ווי נאָר עס מאַכט זיך אַ געלעגנהייט, ווילן זיי אַרײַן אין אוניווערסיטעט און זיי שטעלן זיך ניט אָפּ פֿאַר קיין שום קרבנות. איר פֿרעגט בײַ מיר, פֿאַר וואָס ס'זײַנען ניט געווען קיין ייִדישע שולן אין ביראָבידזשאַן. דערפֿאַר וואָס מען קען ניט צווינגען די ייִדן צו גיין אין אַ ייִדישער שול. און סוף־כּל־סוף זײַנען זייערע אינטערעסן צו פֿיל פֿאַרשיידן, מען זאָל זיי קענען באַפֿרידיקן אין אַ ראַיאָן, ווו זיי זײַנען אַלע צוזאַמען. דאָס הענגט ניט אָפּ פֿון ניט־ייִדן. ס'איז פּונקט אַזוי אוממעגלעך צו שאַפֿן אַן אמתן ייִדישן קולטורעלן קאָלעקטיוו ווי ס'איז אוממעגלעך צו שאַפֿן אַ ייִדישן פּאָליטישן קאָלעקטיוו: ייִדן אינטערעסירן זיך מיט אַלץ, זיי אַמפּערן זיך איבער אַלץ, און סוף־כּל־סוף בלײַבן זיי בײַ טיפֿע חילוקי־דעות אין דער פֿראַגע קולטור.

אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען פֿאַראַן אַ סך נאַציאָנאַליטעטן, צאָלמעסיק קלענערע איידער די ייִדישע, וואָס האָבן אין אָנהייב געהאַט אַ סך ווייניקער שאַנסן אויף דערפֿאָלג. נאָר די ניט־ייִדישע נאַציאָנאַליטעטן זײַנען פֿעיִק צו אָרגאַניזירן זיך און צו לעבן ווי אַ קאָלעקטיוו. דערפֿאַר קענען זיי שאַפֿן סטאַבילע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. איך וואָלט אײַך געקענט ברענגען אַ סך בײַשפּילן. מען קען ניט קעמפֿן קעגן אַ ווילן צו שאַפֿן, פּונקט ווי מען קען ניט קעמפֿן קעגן אַ נעגאַטיוון ווילן. אָט פֿאַר וואָס איך באַצי זיך סקעפּטיש צו דער מעגלעכקייט צו שאַפֿן אַ סטאַבילן ייִדישן קאָלעקטיוו".

**דאָס איז געווען אַ פּרוּוו צו באַרעכטיקן די נעגאַטיווע באַציִונג פֿון דער**

סאָוועטישער רעגירונג און דער קאָמפּאַרטיי צו דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדי־שער קולטור און אַרויסצולייגן די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן שווערן מצבֿ פֿון ייִדישן קולטורעלן לעבן אויף די ייִדן גופֿא. און אין דער זעלבער צײַט, ווי ס׳האָט ריכטיק באַמערקט נחום גאָלדמאַן,[10] איז דאָס געווען אַ פֿאַרזיכטיקער פּרווו צו באַרעכטיקן די באַגרענעצונגען פֿאַר ייִדן בײַם אָנקומען אין די העכערע לערן־אַנשטאַלטן.

כרושטשאָווס השפּעה אויף דער אויספֿורעמונג פֿון דער סאָוועטישער פּאָ־ליטיק אינעם לעצטן יאָר־צענדלינג, ספּעציעל זינט 1957, איז אַזוי גרויס, אַז ס׳איז שווער פֿון איר אַרויסצודערקענען זײַן אינדיווידועלן צוטראָג. אָבער זײַן עקשנותדיקער באַשטיין אויף דעם געדאַנק, אַז ייִדן זײַנען ניט בכּוח צו שאַפֿן „אַ ייִדישן קולטורעלן קאָלעקטיוו״, צווינגט אונדז צו מאַכן דעם אויספֿיר, אַז כרושטשאָוו איז געווען דער הויפּט־גורם פֿון דער פּאָליטיק צו פֿאַרמאַכן דעם וועג צו דער אויפֿלעבונג פֿון ייִדישן קולטורעלן לעבן וואָס האָט זיך אַזוי בולט אָנגעמערקט ווינטערצײַט 1956/1957. נאָכן 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמ־פּאַרטיי, אין דער אַטמאָספֿער פֿון אַ ביסל אַ שוואַכערן פּאָליטישן דרוק, האָט מען זומער 1956 אָנגעהויבן ריידן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד וועגן דעם, אַז ס׳האַלט בײַם אויסלײַטערן זיך אין דער ייִדישער פּאָליטיק אויך; בפֿרט האָט מען גענומען ריידן וועגן דער מעגלעכקייט אויפֿצולעבן די ייִדישע פּרעסע און וועגן דער פּערספּעקטיוו פֿון דערלויבן אין באַשיידענע גרענעצן צו אַנטוויקלען אַ ייִדיש קולטורעל לעבן. פֿון אַלע דעמאָלטיקע צוזאָגן איז גאָרניט אַרויסגעקומען (זען וועגן דעם אין זעקסטן קאַפּיטל). פֿאַר וואָס? אָדער קאָנקרעטער: פֿאַר וואָס האָט דער צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי אָפּגעשטעלט די אַנטוויקלונג? די ספּעציפֿישע ראָלע, וואָס כרושטשאָוו האָט געשפּילט יעדער מאָל, ווען מען האָט פֿאַר אויס־לענדער געדאַרפֿט אויפֿקלערן די באַגרענעצנדיקע סאָוועטישע פּאָליטיק לגבי ייִדן, זײַנע פּרווון צו באַגרינדן אָט די פּאָליטיק אויף אַן אייגנאַרטיקן זעלבשטענ־דיקן אופֿן, זײַנען משמעות אַ ראָיה אויף דעם, אַז דער צ״ק האָט זיך צוריקגעצויגן פֿון דער געוועזט־אָנגעמערקטער מילדערער ייִדישער פּאָליטיק, קודם־כּל אונ־טערן דרוק פֿון כרושטשאָוון. כרושטשאָווס שמועס מיטן קאָרעספּאָנדענט פֿון פֿיגאַראָ באַקרעפֿטיקט די השערה.

איידער וואָס ווען האָט זיך עפּעס גענומען בײַטן אינעם מצבֿ פֿון ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, און דאָס האָט גענומען באַאומרויִקן ניט נאָר די סאָוועטישע ייִדן און די ייִדן אין אויסלאַנד; דער אומרו האָט אַרומגענומען ברייטע געזעל־שאַפֿטלעכע קרײַזן אין מערבֿ. אַפֿילו מענטשן, וואָס מען האָט בשום־אופֿן ניט געקענט חושד זײַן אין גרייטקייט צו שטיצן די „קאַלטע מלחמה״ קעגן ראַטן־פֿאַרבאַנד, זײַנען געווען באַזאָרגט. צוויי ענינים האָבן ספּעציעל צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער עפֿנטלעכער מיינונג אין מערבֿ; ערשטנס, די קאָמ־פּאַניע צו פֿאַרמאַכן די דאַוונשולן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1958 און איז אין קורצן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ברייטער קאָמפּאַניע צום „קאַמף מיטן יודאַיִזם״ (זען די פּרטים אין זיבעטן קאַפּיטל), און צווייטנס, דער פֿאַרשאַרפֿטער

קאַמף קעגן עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס און דער אופֿן ווי די גרויסע צאָל געגע־בענע וועגן די פֿאַרברעכנס זײַנען געוואָרן פּרעזענטירט אין דער פּרעסע; ס׳איז געווען קלאָר, אַז דער פּראָצענט ייִדן צווישן די באַשולדיקטע און צווישן די פֿאַר־משפּטע צום טויט איז זייער אַ הויכער (זען ווײַטער אין אַכטן קאַפּיטל). דאָס האָט אין מערבֿ אַרויסגערופֿן אַן אַ שיִעור פּראָטעסטן און כּל־המינים ווענדונגען צו דער סאָוועטישער רעגירונג און צו כרושטשאָוון פּערזענלעך, אָבער די סאָוועטישע רעגירונג און כרושטשאָוו האָבן אויף דעם ניט רעאַגירט. בלויז אין איין פֿאַל איז כרושטשאָוו ניט געווען בכּוח אויסצוהאַלטן דעם פּאַסאַן פֿון שווײַגן ביז צום סוף. דער פּועל־יוצא פֿון דעם איז געווען אַ קאָרעספּאָנדענץ — אגבֿ־אורחא, אַן איינציקע קאָרעספּאָנדענץ — וואָס וואַרפֿט אַ צוגאָבשיין אויף כרושטשאָווס שטעלונג אין דער ייִדן־פֿראַגע. מיר האָבן דאָ אין זינען די קאָרעספּאָנדענץ צווישן כרושטשאָוון און דעם אַלטיטשקן ענגלישן פֿילאָסאָף און שרײַבער, דעם פּאַצי־פֿיסט און געווינער פֿון דער נאָבעל־פּרעמיע, דעם לאַנגיאָריקן פֿרײַנד פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד, בערטראַנד ראָסעל.

אָנהייב 1962 האָט ראָסעל, צוזאַמען מיט מאַרטין בובערן און פֿראַנסואַ מאָריאַקן, זיך געווענדט צו כרושטשאָוון מיט אַ טעלעגראַם, ווו זיי האָבן אויסגע־דריקט זייער באַזאָרגטקייט צוליב דער גרויסער צאָל טויטשטראָפֿן פֿאַר ייִדן, און צוליב דעם משמעות אָפֿיציעל פֿאַוואָריזירטן אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַר־באַנד. קיין ענטפֿער אויף דער טעלעגראַם איז ניט געקומען. ראָסעל האָט נאָך דעם עטלעכע מאָל געשריבן צו כרושטשאָוון וועגן פֿאַרשיידענע ענינים אין שײַכות מיטן מצבֿ פֿון ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. סוף־כּל־סוף האָט איין בריוו זײַנער, געשריבן דעם 2טן פֿעברואַר 1963, זיך דערדינט צו אַן ענטפֿער פֿון כרושטשאָוון דעם 21סטן פֿעברואַר; ביידע בריוו זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין פּראַוודאַ דעם 1טן מאַרץ.[11] פֿאַר אַ צולאָג צו זײַן בריוו האָט נאָך כרושטשאָוו דעם 8טן מאַרץ אויף דאָס נײַ זיך אומגעקערט צו דער ייִדן־פֿראַגע אין אַ גרויסער רעדע אויף „אַ באַגעגעניש פֿון פֿירערס פֿון דער פּאַרטיי און פֿון דער רעגירונג מיט ליטעראַטן און קינסטלערס״.[12]

ביידע אַרויסטרעטונגען — זײַן בריוו צו ראָסעלן דעם 21סטן פֿעברואַר און זײַן רעדע דעם 8טן מאַרץ — זײַנען געווען כרושטשאָווס לעצטע גרעסערע אַרויסזאָגונגען וועגן ענין ייִדן. זינט דעמאָלט פֿלעגט די סאָוועטישע פּרעסע זיך אויף זיי פֿאַררופֿן כּסדר (אַזש ביז זײַן מפּלה) ווי אויף דעם אויטאָריטאַטיוון אויסדרוק פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק לגבי ייִדן; צום לעצטן מאָל — אין דעם סעפּטעמבער־אָקטאָבער־נומער סאָוועטיש היימלאַנד אין יאָר 1964.[13]

ס׳איז דעריבער כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף די אַרויסטרעטונגען פֿון כרוש־טשאָוון. מילא, זײַן בריוו צו ראָסעלן האָט זיך ניט געקלעפּט. כרושטשאָוו האָט געטענהט, אַז ראָסעל זאָל כּלומרשט האָבן פֿאַרגעוואָרפֿן דער סאָוועטישער רעגי־רונג, אַז זי פֿאַרפֿירט עקאָנאָמישע פּראָצעסן קעגן ייִדן, און אַז בלויז ייִדן ווערן פֿאַר אַזעלכע פֿאַרברעכנס פֿאַרמישפּט צום טויט. אָבער „ס׳איז ניט שווער זיך צו איבערצײַגן, אַפֿילו אויפֿן סמך פֿון די מאַטעריאַלן וועגן די פּראָצעסן, וואָס

ווערן פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער פּרעסע, אַז צווישן די פּערזאָנען וואָס ווערן גע־ריכטלעך באַשטראָפֿט פֿאַר אַ״ג עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס, די פֿאַרמישפּטע אויף דער העכסטער שטראָף בתוכם, זײַנען פֿאַראַן אי רוסן, אי ייִדן, אי גרוזינער, אי אוקראַיִנער, אי ווײַסרוסן, אי מענטשן פֿון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן״. דעם פֿאַקט, אַז זייער אַ גרויסער טייל באַשולדיקטע און דערשאָסענע זײַנען ייִדן, לייקנט כרושטשאָוו ניט אָפּ, ער פֿאַרשווײַגט אים פּשוט. אָבער דערבײַ מאַכט ער אַ ביסל אַן עניגמאַטישע באַמערקונג: „וואָסער נאַציע ס׳האָט איצט אָדער אַן אַנדערש מאָל מער, אָדער ווייניקער אַזעלכע, אָדער אַנדערע פֿאַרברעכערס — דאָס איז ניט קיין נאַציאָנאַלע פּראָגע, נאָר אַ סאָציאַלע״. דאָס הייסט, אַז אויב צווישן די וואָס ווערן געמישפּט פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס זײַנען פֿאַראַן אַ סך ייִדן, געשעט דאָס צוליב געוויסע סאָציאַלע סיבות, אָבער לחלוטין ניט צוליב אַנטיסעמיטיזם. אויף אָט דעם אומדערוואַרטן אַרגומענט וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין אַכטן קאַפּיטל.

ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז כרושטשאָוו פּראָטעסטירט שטאַרק קעגן „דעם טאַראַראַם מיטן אַ״ג אַנטיסעמיטיזם אין פֿסס״ר״, וואָס „די בורזשואַזע פּרעסע״ האָט אויפֿ־געהויבן „מיט דער פֿולער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט מוז איך דערקלערן: דאָס איז אַ מגושמדיקע אויסטראַכטעניש, אַ בייזוויליקע רכילות אויף די סאָוועטישע מענטשן, אויף אונדזער לאַנד״. און כרושטשאָוו גייט נאָך אַוועק ווײַטער: „קיין פּאָליטיק פֿון אַנטיסעמיטיזם איז ניט געווען און איז ניטאָ אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, ווײַל שוין דער כאַראַקטער פֿון אונדזער פֿילפֿעלקערדיקער מלוכה שליסט אויס די מעגלעכקייט פֿון אַזאַ פּאָליטיק״.

אַזוי ווײַט האָט נאָך דוכט זיך קיינער ניט געוואַגט צו גיין. גיי וויס: אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז ניט בלויז ניטאָ און איז קיין מאָל ניט געווען קיין אַנטיסע־מיטיזם, נאָר ער האָט גאָרניט געקענט זײַן אויך, מחמת „דער כאַראַקטער גופֿא פֿון אונדזער פֿילפֿעלקערדיקער מלוכה שליסט דאָס אויס״! צי מיינט דאָס, אַז אַפֿילו די שרעקלעכע יאָרן 1948—1953 מיט דער קאַמפּאַניע קעגן די „קאָסמאָ־פּאָליטן״, מיט דער ליקווידאַציע פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט און פֿון דער ייִדישער עליטע, מיטן מישפּט איבער בערגעלסאָנען און אַנדערע, מיטן „ענין דאָקטוירים״ זײַנען ניט געווען קיין יאָרן פֿון צעיושעטן אויפֿשטײַג פֿון אָפֿיציעלן אַנטיסעמיטיזם?

אין זײַן רעדע דעם 8טן מאַרץ 1963 האָט כרושטשאָוו זיך אומגעקערט צו דער טעמע. פֿאַררופֿנדיק זיך דירעקט אויף „דעם בריוו־אויסבײַט צווישן דעם ענגלישן פֿילאָסאָף ראָסעל און מיר״ האָט ער נאָך אַ מאָל קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז די אָפּט־איבערגעחזרטע פֿעסטשטעלונג „אין דער בורזשואַזער פּרעסע״, אַז „די באַפֿעלקערונג פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט ווערט בײַ אונדז אין לאַנד כלומרשט דורך עמעצן צוגעדריקט״ איז אַ בפֿירושע „אומאמתדיקייט״: „זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע זײַנען די ייִדן בײַ אונדז אין לאַנד פֿון אַלע שטאַנדפּונקטן גלײַך מיט אַלע אַנדערע פֿעלקער אין פֿסס״ר. בײַ אונדז עקסיסטירט ניט קיין ייִדן־פּראַגע, און יענע וואָס טראַכטן זי אויס, זינגען אַ פֿרעמדן ניגון״.

למען האמת, אין דער סאָוועטישער פּרעסע טרעפֿן זיך אויך אַרויסזאָגונגען, אַז „די באַפּעלקערונג פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט ווערט בײַ אונדז אין לאַנד דורך עמעצן צוגעדריקט". פֿאַר אַ משל האָט דאָ כרושטשאָוו אויסגעקליבן יעווטושענקאָס ליד „באַבי יאַר". „דער מחבר פֿון דעם ליד האָט באַוויזן, אַז ער איז פּאָליטיש רוי און אַז ער קען ניט די היסטאָרישע פֿאַקטן". ס'ווײַזט זיך אַרויס, אַז צום „צענטראַלן קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי קומען אָן בריוו, ווו ס'קומט צום אויסדרוק אַ באַאומרויִקייט צוליב דעם וואָס אין טייל ווערק ווערט די לאַגע פֿון די ייִדן בײַ אונדז אין לאַנד פֿאַרגעשטעלט אין אַ צעקרימטער פֿאָרעם". — זאָל דאָ דער לייענער ניט מאַכן קיין טעות: די מחברים פֿון די בריוו זײַנען ניט צעטראָגן צוליב די סימנים פֿון אַנטיסעמיטיזם אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור, — דאָס באַשטעטיקט פֿולשטענדיק דער טעקסט פֿון כרושטשאָווס רעדע — נאָר פֿאַרקערט, זיי זײַנען באַאומרויִקט צוליב דעם, וואָס אין טייל ווערק, ווו ס'ווערט פֿעסטגעשטעלט, אַז אין לאַנד עקסיסטירט אַנטיסעמיטיזם, ווערט אויך אויסגעדריקט דער געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט פֿון אַן עקשנותדיקן קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם. כרושטשאָוו סאָלידאַריזירט זיך פֿולשטענדיק מיט די שטימונגען פֿון אָט די „קאָרעספּאָנדענטן פֿון צ"ק וואָס שטייען אויף דער וואַך".

* * *

כרושטשאָוו האָט שטאַרק פּראָטעסטירט, ווען מען האָט באַצייכנט זײַן פּאָליטיק ווי אַן אַנטיסעמיטישע: ער איז ניט קיין שׂונא די ייִדן, ער האָט ייִדישע שׂונאים ניט פֿרײַנד, זײַן פֿאַרשטאָרבענער זון — ער איז אומגעקומען אין דער מלחמה — האָט אַפֿילו חתונה געהאַט מיט אַ ייִדין, און ער, כרושטשאָוו, האָט אַן אייניקל אַ האַלביִיד. די ייִדישע שנור און דאָס האַלב ייִדישע אייניקל זײַנען בײַ כרושטשאָוון געווען שוין ניט אַ סטאַנדאַרדיזירטער אַרגומענט, ווען ער האָט זיך נאָר צוגערירט צו דער ייִדן־פּראָגע. אַגבֿ, כרושטשאָוו האָט ליב צו באַווײַזן זיך פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט צוזאַמען מיט זײַן פֿאַמיליע; אַפֿילו קיין אַמעריקע איז ער געפֿאָרן מיטן ווײַב, מיט די קינדער און מיטן איידעם; ער האָט פֿאַרבעטן אײַזנהאַוערס אייניקלעך, זיי זאָלן צוזאַמען מיט זייער זיידן קומען צו גאַסט צו זײַנע אייניקלעך. אַלע האָבן געקענט כרושטשאָווס גאַנצע פֿאַמיליע פֿון די אָן אַ שיעור פֿאָטאָגראַפֿיעס אין דער פּרעסע. אָבער אינעם באַשטאַנד פֿון זײַן פֿאַמיליע האָט מען קיין מאָל ניט געוויזן, און אַפֿילו ניט דערמאָנט, ניט די ייִדישע שנור און ניט דאָס האַלב ייִדישע אייניקל.

אַוודאי, מען קען ניט שטעלן אויף איין ברעט כרושטשאָווס אַנטיסעמיטיזם און, למשל, היטלערס אַנטיסעמיטיזם. דער היטלערשער אַנטיסעמיטיזם איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ ברענענדיקן האַס קעגן ייִדן. ענלעכע שטריכן האָט מען געקענט באַמערקן אינעם שוואַרץ־מאהדיקן אַנטיסעמיטיזם אין אַלטן רוסלאַנד. אין דער נײַסטער צײַט זעען זיי זיך בולט אָן אין דער סאָוועטישער פּראָווינציעלער פּרעסע מיט איר קאַמף קעגן „יודאַיִזם" און קעגן דער דאַוונשול.

כרושטשאָווס אַנטיסעמיטיזם טראָגט אַן אַנדער כאַראַקטער: ער איז ניט דעמאָנסטראַטיוו, ניט אָפֿן חוצפּהדיק, נאָר שעמעוודיק פֿאַרבאַהאַלטן, ניט אַזוי עמאָציאָנעל און פּרינציפּיעל ווי „ראַציאָנעל“ און „פּראַגמאַטיש“. אָבער אַנטיסעמיטיזם בלײַבט אַנטיסעמיטיזם. קעגן דעם איז אַפֿילו די ייִדישע שנור קיין סגולה ניט.

# הערות

1 Leon Leneman, *La tragedie des Juifs en U.R.S.S.*, Paris, Desclee de Brouwer, 1959, pp. 174–182.

2 J. B. Salsberg, "Talks with Soviet Leaders on the Jewish Question," *Jewish Life,* February 1957, p. 40.

3 פּיער לאַשאַק, דער איבערזעצער פֿון דער פֿראַנצייזישער דעלעגאַציע, האָט אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל *Realities*, מײַ 1957, זז' 67־64 און 104־101, אַ פּרטימדיקן באַריכט וועגן די שמועסן צווישן די פֿראַנצויזן און די פֿאָרשטייערס פֿון קאָמוניסטישן צ"ק האָבן איבערגעזעצט בלויז די סאָוועטישע איבערזעצערס, האָט לאַשאַק געהאַט די מעגלעכקייט אַלץ גענוי צו פֿאַרשרײַבן.

4 *Realites,* p. 104.

די באַמערקונגען, וואָס כרושטשאָוו האָט געמאַכט שוין צום סאַמע סוף, ווען אַלע אָנגעצייכנטע טעמעס זײַנען שוין געווען אויסגעשעפּט, זײַנען ספּעציעל וויכטיק, ווײַל ער איז דאָ ניט אויסן געווען צו ענטפֿערן אויף אַ פֿראַגע, וואָס מען זאָל אים האָבן געשטעלט. אין גאַנצן אומגעריכט האָט כרושטשאָוו געמאָלדן, אַז ער וואָלט געוואָלט זיך אומקערן צו דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע. ער האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער וועגן דעם, אַז „די רעוואָלוציע האָט געלייזט די נאַציאָנאַלע פֿראַגע אין אונדזער לאַנד“ און ער האָט דערמאָנט וועגן דעם, אַז אין די ראַמען פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט מען געשאַפֿן אַ גרויסע צאָל נאַציאָנאַלע רעפּובליקן; דערנאָך איז ער אַריבער צו דער ייִדן־פֿראַגע (זען אין טעקסט), מיט דעם האָבן זיך די באַראַטונגען פֿאַרענדיקט. דאָס פֿירט אונדז אַרויף אויפֿן געדאַנק, אַז כרושטשאָוו האָט צוגעגעבן אָט די באַמערקונגען אַ ספּעציעלן באַטײַט.

5 *Ibid,* p. 67.

6 *Jewish Life,* February 1957, p. 40.

7 *Ibid,* p. 39.

8 וואָס שייך דעם אינטערוויו אין פֿיגאַראָ, אַפּריל 9, 1958, קען מען דעם ייִדישן טייל זײַנעם באַטראַכט ווי אַ כּמו־אָפּלייקענונג, אָבער דער לייענער דאַרף זיך ניט מטריח זײַן זי אָפּצושאַצן. דער שמועס צווישן כרושטשאָוון און גרוסאַרן איז פֿאָרגעקומען דעם 19טן מאַרץ (פּראַוודאַ, מאַרץ 20); אַ גענויער באַריכט וועגן דעם שמועס איז אָפּגעדרוקט אין פּראַוודאַ, מאַרץ 27, אָבער וועגן ייִדן איז אין דעם באַריכט קיין וואָרט ניטאָ. אין דער פֿראַנצייזישער פּרעסע האָט זיך דער באַריכט באַוויזן אַ סך שפּעטער, ווײַל ס'האָט געדויערט אַ היפּשע צײַט ביז די סאָוועטישע אַמבאַסאַדע אין פּאַריז האָט צוריקגעקריגן פֿון מאָסקווע די „וועריפֿיצירטע“ ווערסיע. (אַזאַ „וועריפֿיקאַציע“, איידער עס גייט אין דרוק, איז אינעם רובֿ פֿאַלן אַ תּנאַי פֿאַר געבן דעם אינטערוויו.) דעם 9טן אַפּריל האָט זיך דער באַריכט באַוויזן אין פֿיגאַראָ און זײַן ייִדישער טייל האָט תּיכּף צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער פּרעסע. דעם 13טן אַפּריל האָט אָט דעם גאַנצן באַריכט איבערגעדרוקט די ווינער קאָמוניסטישע צײַטונג *Volksstimme* וואָס האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט כרושטשאָווס אַרויסזאָגונגען. אָבער אין דער ייִדישער קאָמוניסטישער פּרעסע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן און פֿון קאַנאַדע, וואָס האָבן דעמאָלט אויך איבערגעדרוקט דעם באַריכט, האָט מען אין אים דערהערט אַ סכּנה־סיגנאַל. די סאָוועטישע פּרעסע האָט געשוויגן, אָבער דער סאָוועטישער ראַדיאָ פֿאַר אויסלאַנד האָט דעם 24סטן אַפּריל — 15 טעג נאָך דעם ווי ס'האָט זיך אין פֿיגאַראָ באַוויזן דער אינטערוויו — און שפּעטער דעם 26סטן אַפּריל און דעם 5טן מײַ פּראָטעסטירט אין אַן אַלגעמיינער פֿאָרעם קעגן די „אויסטראַכטענישן“ פֿון דעם

באַריכט, וועגן דעם וואָס כרושטשאָוו האָט יאָ געזאָגט, און צי ער האָט אין זײַן שמועס מיט גרוסאַרן בכלל באַרירט די פּראָבלעם ייִדן אין פֿסס״ר, האָט דער ראַדיאָ זיך ניט אַנטשלאָסן צו אינפֿאָרמירן.

[9] כּדי דער לייענער זאָל זיך קענען איבערצײַגן אין דעם, אַז אָט די כאַראַקטעריסטיק פֿון ביראָבידזשאַן איז הוילע פֿאַנטאַזיע, שיק איך אים אָפּ צו מײַן בוך *The Jews*, זז׳ 174־175 און 190, און צו מײַן אַרטיקל «Хрущев и миф о Биробиджане», «Социалистический Вестник», июль-август 1958 г.

10 Nahum Goldman, "Khrushchev and the Soviet Jews," *New York Herald Tribune,* May 7, 1958.

11 *JEE,* May 1963 (II. 2), pp. 21–24.

[13] זען ווערגעליסעס בריוו צו ראָסעלן אין סאָוועטיש היימלאַנד, סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1964.

קאַפּיטל זעקס

# די ייִדישע קולטור

נאָך די שרעקלעכע דעמאַסקירונגען פֿון דער סטאַלינער דעספּאָטישער סיסטעם (אויפֿן 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין פֿעברואַר 1956) איז געווען אומפֿאַרמײַדלעך, אַז אין גאַנצן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, זאָל לכל־הפּחות צײַטווײַליק, קומען אַ מילדערער פּאָליטישער קורס. אויך אין דער ייִדן־פֿראַגע האָט זיך אין די זומער־חדשים פֿון 1956 עפּעס אַ וואַקל געטאָן.

נאָכן צוריקקומען פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט דער רעדאַקטאָר פֿון מאָרגן־פֿרײַ־הײַט חיים סולער געלאָזט וויסן יולי 1956, אַז דער סעקרעטאַר פֿון סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַראיין אַלעקסיי סורקאָוו האָט אים דערציילט וועגן דעם, אַז עס ווערן פּלאַנירט מאָסמיטלען אויפֿצולעבן די ייִדישע קולטור אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. על־פּי סולערס אינפֿאָרמאַציע האָט מען פּלאַנירט:

1) צו גרינדן אַ ייִדישן פֿאַרלאַג;
2) צו עפֿענען אַ ייִדישן טעאַטער;
3) אַרויסצוגעבן אַ ייִדישע צײַטונג — צום אָנהייב דרײַ מאָל אַ וואָך;
4) אַרויסצוגעבן אַ ייִדישע ליטעראַרישע פֿערטליאָר־שריפֿט; און
5) צונויפֿצורופֿן אַן אַלפֿאַרבאַנדישע באַראַטונג פֿון ייִדישע שרײַבערס און קולטורעלע טוערס.

סורקאָוו האָט נאָך מודיע געווען סולערן וועגן דעם, אַז עס וועלן אַרויסגיין אַ גרויסע צאָל ביכער פֿון ייִדישע שרײַבערס אויף רוסיש, און אַז ס׳ווערן געמאַכט צוגרייטונגען צו פּובליקירן זיי אויף ייִדיש. דער פֿאַראיין פֿון די סאָוועטישע שרײַבער האָט געשאַפֿן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע וואָס דאַרף מיטהעלפֿן דער אויפֿלעבונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור ... ער האָט נאָך צו וויסן געגעבן, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען פֿאַראַן אַן ערך 200 שרײַבערס וואָס שרײַבן זייערע ווערק אויף ייִדיש, אַז 60 פֿון זיי וווינען אין מאָסקווע, די איבעריקע אין: קיִעוו, כאַרקאָוו, אָדעס, מינסק, ווילנע, טשערנאָוויץ, קעשענעוו, ריגע און בירָאָבידזשאַן.[1] אין צוויי טעג אַרום האָט די מאָרגן־פֿרײַהײַט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ רשימה ייִדישע שרײַבערס, ניט קיין געוועזענע, נאָר אַקטיווע שרײַבערס וואָס זײַנען פֿאַרנומען מיט שאַפֿערישער אַרבעט; די רשימה האָט אויסגערעכנט 71 שרײַבערס.

ס׳האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן, אַז די פֿאַרווירקלעכונג פֿון דער פּראָגראַם

אויפֿצולעבן די ייִדישע קולטור האָט זיך געזאָלט פֿאַרענדיקן, אָבער ניט אָנהייבן, מיטן צונויפֿרופֿן אַ קאָנפֿערענץ פֿון ייִדישע שרײַבערס און קולטורעלע טוערס; און אַז די פֿאַרווירקלעכונג פֿון דער פּראָגראַם האָט מלכתחילה נ י ט געזאָלט צו שטאַנד קומען אונטער דער השפּעה פֿון אַ ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכער אָרגאַניזאַציע. אָט דער צושטאַנד האָט ניט געגעבן קיין גרונד פֿאַר אָפּטימיזם.

אָבער דאָס איז פֿאָרט געווען די בעסטע בשׂורה פֿון יענער וואַקלדיקער צײַט. אַ ביסל שפּעטער, אין דער צווייטער העלפֿט אויגוסט פֿון דעם זעלבן יאָר, האָבן די פֿאָרשטייערס פֿון צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי, מיכאַיִל סוסלאָוו און באָריס פּאָנאָמאַריאָוו (אין אַ שמועס מיט אַ דעלעגאַציע פֿון דער קאַנאַדישער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־פּאַרטיי, שוין ניט זאַלצבערגן באַזונדער, ווי דאָס איז געווען דער פֿאַל מיט אַ יאָר פֿריִער), זיך אַרויסגעזאָגט אַ סך מער אײַנגעהאַלטן. וועגן דעם שרײַבט זאַלצבערג:

„מען האָט אונדז פֿאַרזיכערט, אַז:
ערשטנס, די ווערק פֿון די ייִדישע שרײַבערס ווערן איבערגעזעצט אויף רוסיש און אויף אַנדערע שפּראַכן. צוליב דעם וועלן זיי האָבן אַ סך אַ ברייטערן קרײַז לייענערס ווי פֿריִער.
צווייטנס, אין דער נאָענטסטער צוקונפֿט וועט אָנהייבן אַרויסגיין אַ ייִדישער ליטעראַרישער זשורנאַל.
דריטנס, אין גיכן וועלן אָנהייבן אַרויסגיין ביכער אויף ייִדיש.
און צום סוף, עס וועט גרעסער די צאָל ייִדישע קאָנצערט־גרופּעס“.

לגבי דער פּראָגראַם, וואָס סורקאָוו האָט געהאַט אָנגעצייכנט מיט צוויי חדשים פֿריִער, איז דאָס געווען אַ בפֿירושער גאַנג אויף צוריק. מען האָט נאָך אַלץ אונטערגעהאַלטן דעם געדאַנק וועגן אַרויסגעבן אין גיכן ביכער אויף ייִדיש און אַ ייִדישן ליטעראַרישן זשורנאַל; אָבער וועגן אַ ייִדישער צײַטונג, אַ ייִדישן פֿאַרלאַג, און אַ ייִדישן טעאַטער האָט מען שוין ניט גערעדט. אַ סך וויכטיקער איז אָבער דער פֿאַקט, וואָס אַפֿילו אָט די באַגרענעצטע צוזאָגן זײַנען געקומען בלויז ווי אַ צוגאָב, און זיי זײַנען אויך געווען אין סתּירה, צו דער אַלגעמיינער פּראָגראַם פֿון ייִדישער קולטור־פּאָליטיק, וואָס ס'האָבן פֿאָרמולירט די פֿאָרשטייערס פֿון דעם קאָמוניסטישן צ״ק. דאָ איז גלײַכער צו ציטירן זאַלצבערגן גופֿא:[3]

„אונדזער דעלעגאַציע האָט געפֿרעגט, צי די סאָוועטישע ייִדן ווערן באַטראַכט ווי אַ סאָציאַלע גרופּע וואָס האָט אַ רעכט אויף אייגענע צײַטונגען, בילדונג־אינסטיטוציעס, קולטור־געזעלשאַפֿטן, אַ טעאַטער א״אַנד.
דער ענטפֿער איז געווען, אַז אין ביראָבידזשאַן שטעלן די ייִדן מיט זיך פֿאָר אַזאַ גרופּע און זיי האָבן אַ צײַטונג אויף דער ייִדישער שפּראַך, שולן און אַנדערע אינסטיטוציעס. מחוץ ביראָבידזשאַן האָבן זיי ניט קיין באַזונדערע רעכט און זיי וואַרפֿן זיך אונטער די באַשלוסן וואָס זײַנען חל אויף אַלע בירגערס פֿון דער געגעבענער רעפּובליק. למשל, אין מאָסקווע זײַנען פֿאַראַן היפּשע אוקראַיִנישע, גרוזינישע און אַרמענישע באַפֿעלקערונגען. אָבער קיין איינע פֿון זיי פֿאַרמאָגט ניט קיין אייגענע צײַטונג, קיין שולן, אָדער אַ טעאַטער. זיי לייענען רוסישע צײַטונגען, זיי שיקן זייערע קינדער אין רוסישע שולן אאַז״וו. שטעלט אײַך פֿאָר, וואָס ס'וואָלט געשען, ווען די אָנגערופֿענע גרופּעס, און אַלע אַנדערע גרופּעס

וואָס קומען פֿון אַנדערע רעפּובליקן, וואָלטן אָנגעהויבן דרוקן זייערע אייגענע צײַטונגען אין מאָסקווע. אויב זיי ווילן האָבן צײַטונגען און ביכער אויף זייערע שפּראַכן, קענען זיי דאָס קריגן פֿון די שייכדיקע רעפּובליקן".

ס'איז נשתּומם צו ווערן פֿון דעם ענטפֿער: סײַ פֿון דער אַלגעמיינער אײַנ־שטעלונג אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע סײַ פֿון איר רעאַקציאָנערן כאַראַקטער. פֿאַר וואָס זאָלן אוקראַיִנער, גרוזינער און אַנדערע אין מאָסקווע ניט טאָרן טראַכטן אַפֿילו וועגן אַרויסגעבן זייערע צײַטונגען, אָדער וועגן האָבן זייערע שולן (אָדער וועגן צוגאָב־לעקציעס פֿאַר אוקראַיִנער, אַרמענער, גרוזינער א"אַנד אין די אַלגעמיינע שולן, — דאָס איז שוין קיין ניט קיין פּרינציפּיעלע פֿראַגע, נאָר אַ פֿראַגע פֿון צוועקמעסיקייט), נאָר זיי מוזן זיך באַנוגענען מיט רוסישע שולן, רוסישע צײַטונגען א"אַנד? וואָס שייך פּרעסע איז צו אַזאַ פֿאַנטאַסטישער רוסיפֿיקאַציע ניט דערגאַנגען די צאַרישע רעגירונג אינעם לעצטן יאָרצענדלינג פֿון איר עק־סיסטענץ (צום טייל אַפֿילו פֿריִער אויך ניט). סײַ אין מאָסקווע סײַ אין פּעטער־בורג זײַנען אַרויסגעגאַנגען פּעריאָדישע אויסגאַבעס אויף פֿאַרשיידענע שפּראַכן, אויף ייִדיש (דער פֿרײַנד א"אַנד) און אויף העברעיִש (המליץ א"אַנד) בתוכם. ס'פֿלעגן אַרויסגיין זשורנאַלן אויף רוסיש, וואָס האָבן באַהאַנדלט פּראָבלעמען פֿון ייִדישן לעבן און וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע — לחלוטין ניט קיין אַסימי־לאַטאָרישע — ראָלע אין לעבן פֿון רוסישן ייִדנטום (נאָווי וואָסכאָד, ראַסוועט א"אַנד, און אַפֿילו אַזעלכע ספּעציפֿישע אויסגאַבעס ווי יעווריייסקאַיאַ שקאָלאַ און יעווריייסקאַיאַ סטאַרינאַ). און אין ראַטן־פֿאַרבאַנד גופֿא איז וואָס שייך דער רוסי־שער פּרעסע, דער רוסישער שול אין אוקראַיִנע, אין אַרמעניע, אין גרוזיע אאַז"וו, שטייט גאָר ניט אַזוי די פֿראַגע. אין אַלע הויפּטשטעט פֿון די פֿאַרבאַנדישע רע־פּובליקן, און אָפֿט ניט בלויז אין די הויפּטשטעט, זײַנען פֿאַראַן רוסישע צײַטונגען, רוסישע שולן, און אין אַ סך ערטער אויך אַ רוסישער טעאַטער.

פֿאַר ייִדן איז די פּראָבלעם נאָך מער אָנגעוווייטיקט. זיי קענען פֿון בייראָבידזשאַן קיין ביכער און צײַטונגען ניט קריגן, מחמת גאַנץ בייראָבידזשאַן ווי אַ קאָנצענ־טראַציע פֿון ייִדן און ווי אַ צענטער פֿון ייִדישער קולטור איז אַ פֿיקציע: אין בייראָבידזשאַן איז קאָנצענטרירט אַרום און אַרום ווייניקער פֿון איין פּראָצענט פֿון דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. די ייִדן זײַנען דאָרטן בלויז אַ באַשיידענע נאַציאָנאַלע מינדערהייט. דאָ גיט מען ניט אַרויס קיין ייִדישע ביכער, און די קלייניקע לאָקאַלע צײַטונג אויף ייִדיש מיט אַ נישטיקן טיראַזש שיקט מען ניט אַרויס מחוץ די גרענעצן פֿון בייראָבידזשאַן. די פֿעסט־שטעלונג, אַז נאָר אין בייראָבידזשאַן זײַנען ייִדן אַ נאַציאָנאַלע גרופּע, אָבער מחוץ בייראָבידזשאַן זײַנען זיי רוסן, אוקראַיִנער, גרוזינער, אוזבעקן אאַז"וו, איז אַן אומגעלונגען מאַסקירטע פֿאַרלייקענונג פֿון דער עצם עקסיסטענץ פֿון אַ ייִדישער נאַציאָנאַליטעט, אויך פֿון אַ סאָוועטישער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט. פּרינציפּיעל ווידער קען מען די מערכה ניט פֿאַרריכטן מיט דעם וואָס ייִדן אין אוקראַיִנע, אין אַרמעניע, אין גרוזיע א"אַנד קענען שיקן זייערע קינדער ניט אין דער אָרטיקער, נאָר אין דער רוסישער שול; זיי קענען לייענען רוסישע צײַטונגען אאַז"וו. אַזאַ

נאַציאָנאַלע פּאָליטיק איז אין פּרינציפּ בפּירוש אַ פּאָליטיק פֿון אַרויפֿגעצוווּנגע־נער אַסימילאַציע.

ווען די שולן וועט נאָך קומען צו רייד. וועגן צײַטונגען ווידער איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז להיפּוך צו דעם פּרינציפּ, וואָס די פֿאַרשטייערס פֿון צ״ק פֿון דער סאָוועטישער קאָמפּאַרטיי האָבן פֿאַרטיידיקט אין זייערע שמועסן מיט די קאַנאַ־דער, האָט זינט מײַ 1957 אָנגעהויבן אַרויסגיין אין מאָסקווע (דרײַ מאָל אַ וואָך) אַ צײַטונג אויף דײַטש (Neues Leben) באַשטימט פֿאַר די סאָוועטישע דײַטשן.[5] בכּלל ווערט דער פּרינציפּ ניט אָפּגעהיט אינעם רובֿ פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן. ספּעציעל גרויס איז די צאָל פּעריאָדישע אויסגאַבעס אויף שפּראַכן פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן (ד״ה פֿון די ניט־וואָרצלדיקע נאַציאָנאַליטעטן אין אַ געגעבענער רעפּובליק) אין די טיורקישע רעפּובליקן אין אַזיע: אין אוזבעקיסטאַן — אויף דער טאַדזשיקישער, קאַזאַכישער א״אַנד שפּראַכן, אין קירגיזיע — אויף אוזבעקיש, אין טאַדזשיקיסטאַן — אויף אוזבעקיש און אויף אַנדערע שפּראַכן אאַז״וו. דאָרטן זײַנען פֿאַראַן אויך צווייִשפּראַכיקע צײַטונגען ווו איין טייל מאַטעריאַל איז געדרוקט אויף איין שפּראַך און אַן אַנדער טייל אויף אַ צווייטער שפּראַך. אַן ענלעכע פּראַקטיק איז שטאַרק פֿאַרשפּרייט אויך אין די דרײַ טראַנסקאַווקאַזישע רעפּובליקן, ספּעציעל אין אַזערבײַדזשאַן און אין אַרמעניע, אָבער ווו ניט ווו אויך אין די אייראָפּעיִשע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן. און אַפֿילו אין דער רספֿס״ר זײַנען אויף איר פּעריפֿעריע פֿאַראַן צוויי קליינע ראַיאָן־צײַטונגען אויף אוזבעקיש.[6] בלויז פֿאַר ייִדן בלײַבט דער פּרינציפּ אומ־באַרירלעך.

די אויסלענדישע ייִדישע קאָמוניסטישע פּרעסע האָט נאָך ווײַטער געפּרוּווט — אין קאָמוניקאַטן פֿון מאָסקווע — אונטערהאַלטן די אילוזיע פֿון אַן אויפֿ־לעבונג פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, וואָס אָט־אָט קומט זי, אָדער וואָס האָט זיך שוין אַפֿילו אָנגעהויבן. דעם 20סטן אויגוסט 1956 איז אין דער ייִדישער קאָמוניסטישער צײַטונג אין פּאַריז נײַע פּרעסע געווען אַ טעלעפֿאָ־נישער קאָמוניקאַט פֿון מאָסקווע (פֿון איר אייגענעם קאָרעספּאָנדענט), וואָס פֿאַר־רופֿט זיך אויף ווערגעליסן, אַז ס׳איז שוין אַוועק צום דרוק און ס׳וועט אַרויסגיין אין אָקטאָבער דאָס זאַמלבוך היימלאַנד, און אַז אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, ווו ס׳גייען אַרײַן ווערגעליס, האַלקין און נאָך דרײַ מיטגלידער, גרייטן ענערגיש צו די באַ־נײַונג פֿון דעם פֿאַרלאַג „עמעס" וואָס וועט אין 1957 אָנהייבן פֿון דאָס נײַ אַרויס־געבן ביכער אויף ייִדיש. דער זעלבער קאָרעספּאָנדענט האָט אין גיכן צו וויסן געגעבן, אַז אין קיִעוו ווערט צוגעגרייט צום דרוק אַ ייִדיש זאַמלבוך, און אַז אין יאַנואַר 1957 וועט אין מאָסקווע פֿאָרקומען אַ קאָנפֿערענץ פֿון ייִדישע שרײַבערס.[7]

משמעות, אַז דאָס האָט ביז אַ געוויסן גראַד אָפּגעשפּיגלט די ווירקלעכקייט און אַז אַזעלכע צוגרייטונגען האָבן זיך טאַקע געהאַט אָנגעהויבן. אָבער אין קורצן האָט זיך דאָס אַלץ אָפּגעשטעלט און אַפֿילו די באַשיידענע פּערספּעקטיוון פֿון צוריק אויפֿשטעלן אַ ייִדישע פּרעסע, וואָס די פֿאָרשטייערס פֿון צ״ק פֿון דער סאָוועטישער קאָמפּאַרטיי האָבן וועגן זיי גערעדט מיט די קאַנאַדער אויגוסט 1956, זײַנען געבליבן ניט־רעאַליזירט. אין אַ יאָר אַרום, אין אויגוסט, ווען ס׳איז

אין מאָסקווע פֿאָרגעקומען דער אינטערנאַציאָנאַלער יוגנט־פֿעסטיוואַל, האָט מען נאָך אַרומגערעדט מיט אויסלענדער די פֿראַגע וועגן צוריק אויפֿבויען די ייִדישע קולטור. אין דעם לאָקאַל פֿון סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַראיין איז פֿאָרגעקומען אַ באַגעגעניש פֿון אַ גרופּע ייִדישע שרײַבערס מיט אויסלענדער וואָס זײַנען געקומען צום פֿעסטיוואַל ווי פֿאָרשטייערס פֿון אויסלענדישע ייִדישע צײַטונגען, קודם־כּל קאָמוניסטישע. דאָס איז געווען אַ טרויעריקע פֿאַרזאַמלונג. דער על־פּי נס געראַטעוועטער וועטעראַן פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור זלמן ווענדראָף האָט געמאָלדן, אַז דער סאָוועטישער שרײַבער־פֿאַראיין האָט צוגעגרייט אַ באַריכט פֿאַרן צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי וועגן די מאָסמיטלען צו העלפֿן דער אויפֿלעבונג פֿון דער ייִדישער קולטורעלער טעטיקייט. נחום אויסלענדער האָט גערעדט וועגן דער פּאַקטישער אויפֿלעבונג פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור: ער האָט וועגן דעם צוגעגרייט אַ באַריכט פֿאַר דער פֿאַרוואַלטונג פֿון סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַראיין, ווו ער האָט אויסגערעכנט 70 נײַע ניט־פּובליקירטע ווערק פֿון דער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַטור, אָבער וועגן אַרויסגעבן זיי אויף ייִדיש רעדט מען נאָך ניט; טייל פֿון זיי וועלן אַרויס אויף רוסיש. אַלע וואָס זײַנען אַרויסגעטראָטן אין דער דיסקוסיע האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז דער עיקר גייט דאָך אין דעם, אַז די ווערק פֿון די ייִדישע שרײַבערס זאָלן אַרויסגיין אויף ייִדיש. אויף דעם איז געקומען דער ענטפֿער, אַז דער סאָוועטישער שרײַבער־פֿאַראיין באַציט זיך מיט סימפּאַטיע צו די שטרעבונגען פֿון די ייִדישע שרײַבערס, און אַז דאָס איז חל אויף אַזעלכע שרײַבערס ווי לעאָניד לעאָנאָוו, קאָנסטאַנטין פּעדין, מיכאַיל שאָלאָכאָוו, קאָנסטאַנטין פּאַוסטאָווסקי.[8]

אין דער אויסלענדישער פּרעסע האָט זיך באַוויזן אַ ידיעה, אַז די פֿאַרוואַלטונג פֿון סאָוועטישע שרײַבער־פֿאַראיין זאָל אַפֿילו האָבן וועגן דעם אַרײַנגעטראָגן אַ מעמאָראַנדום אין צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי.[9] אויב דאָס איז טאַקע געשען, איז נאָך דעם דער ענין אָפּגעשטאָרבן. אין זײַנע אייגענע אָרגאַנען (ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ און אַ ריי זשורנאַלן) האָט דער סאָוועטישער שרײַבער־פֿאַראיין וועגן דעם קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט.

נאָך דער ליקווידאַציע פֿון ייִדישן קולטורעלן לעבן ווינטערצײַט 1949/1948 האָט מען לאַנגע יאָרן ניט געקענט קריגן אין די סאָוועטישע בוכהאַנדלונגען קיין ייִדישן בוך; ניט קיין אַלטע סאָוועטישע ביכער און ניט קיין נײַע וואָס זײַנען אַרויס אין די „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס". אין 1954 האָט חיים שורער, דער רעדאַקטאָר פֿון דבר, פֿאַרבראַכט 40 טעג אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און ער האָט געפּרווט אין די מאָסקווער בוכהאַנדלונגען קריגן וואָסערע ניט איז ייִדישע ביכער, אָדער לכל־הפּחות רוסישע ביכער אויף ייִדישע טעמעס, אָבער ער האָט גאָרניט געפֿונען. דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט אין אַ ריי אַנדערע שטעט מיט אַן אָנזעעוודיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג. ער האָט אויך ניט געפֿונען קיין ייִדישע ביכער אין די סאָוועטישע עפֿנטלעכע ביבליאָטעקן מיטן איינציקן אויסנעם פֿון דער ביבליאָטעק אויף לענינס נאָמען, ווו ער האָט אויף די פּאָליצעס געזען עטלעכע בענד שלום־עליכם און פּרץ.[10] וואָס שייך די עפֿנטלעכע ביבליאָטעקן האָט זיך זינט דעמאָלט כּמעט גאָרניט געביטן. איך זאָג „כּמעט", ווײַל אין איין שטאָט — אין

ווילנע — האָט מען אין יאָר 1956 געעפֿנט אַ ייִדישן אָפּטייל פֿון דער אָרטיקער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק. דאָס איז געווען אַ גרויסע געשעעניש אין לעבן פֿון די ווילנער ייִדן.[11] וואָס שייך ביכער האָט זיך די לאַגע ווייניק געביטן, כאָטש געציילטע ביכער אויף ייִדיש זײַנען יאָ אַרויס. ווען מאַקס פֿרענקעל, דער קאָרעספּאָנדענט פֿון ניו יאָרק טײַמז, איז פֿרילינג 1959 געווען אין ביראָבידזשאַן, האָט ער דאָרטן ניט געפֿונען קיין ייִדישע ביכער אין דער ביכערקראָם, אַפֿילו ניט דעם נײַעם קליינעם באַנד שלום־עליכם: „אין דער ביכערקראָם זײַנען געווען אַ סך ביכער, אָבער מען האָט דאָ אַפֿילו ניט געוווּסט, אַז אין מאָסקווע איז אָקערשט אַרויס אַ יובֿל־באַנד שלום־עליכם.[12] נאָך מער: ווען שלום־עליכמס טאָכטער, די פֿרוי פֿון בן־ציון גאָלדבערג, דעם לאַנגיאָריקן מליץ־יושר פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּרעסע, איז שפּעטער געפֿאָרן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, האָט זי אין קיין איין מאָסקווער בוכהאַנדלונג ניט געקענט געפֿינען איר פֿאָטערס בוך וואָס איז אָקערשט געהאַט אַרויסגעגאַנגען.[13]

ס׳זײַנען אַוועק יאָרן, און ס׳האָט זיך כּמעט גאָרניט ניט געביטן. הײַנט, קנאַפּע צען יאָר נאָכן ערשטן קאָמוניקאַט פֿון סורקאָוו־סולער, איז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ניטאָ קיין איין ייִדישע שול; ס׳איז ניטאָ קיין ייִדישער פֿאַרלאַג, קיין ייִדישער טעאַטער, קיין ייִדישע צײַטונג (חוץ דעם אָרעמען ביראָבידזשאַנער בלעטל מיט אַ טיראַזש פֿון טויזנט עקזעמפּלאַרן); מען האָט נאָך ביז הײַנט ניט צוריקגערופֿן די באַראַטונג פֿון די ייִדישע שרײַבערס און די קולטורעלע טוערס. ס׳האָבן זיך בלויז באַוויזן עטלעכע געציילטע ייִדישע ביכער און ס׳האָט גענומען אַרויסגיין דער ליטעראַרישער זשורנאַל סאָוועטיש היימלאַנד (זינט יאַנואַר 1965 — אַ חודש־לעכע אויסגאַבע) אונטער דעם שטענדיק וואַכעדיקן קאָנטראָל פֿון דעם אויסער־געוויינטלעך פֿלײַסיקן מליץ־יושר פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער פּאָליטיק אַהרן ווערגעליס — נאָך דעם שרעקלעכן פּעריאָד פֿון צעשמעטערן איז דאָס דער סך־הכּל פֿון פֿאַרווירקלעכן די (אין 1956) אָנגעצייכנטע באַשיידענע פּראָגראַם „אויפֿ־צולעבן די ייִדישע קולטור“.

וועגן ביכער אויף ייִדיש איז נאָך כּדאַי צו פֿאַרצייכענען, אַז זינט דעם שמועס צווישן סולערן און סורקאָוון האָט נאָך געדויערט דרײַ יאָר ביז ס׳האָט זיך אין ראַטן־פֿאַרבאַנד באַוויזן צום ערשטן מאָל — נאָך אַן איבעררײַס פֿון צען יאָר — אַ בוך אויף ייִדיש: דער שוין דערמאָנטער באַנד שלום־עליכם צו זײַן הונדערט־יאָריקן יובֿל פֿרילינג 1959. דער מאָנומענטאַלער יעזשעגאָדניק סססר פֿאַר די יאָרן 1959—1963 ברענגט די געגעבענע וועגן פּובליקירטע ביכער אויף ייִדיש פֿאַר דעם צײַטאָפּשניט. נאָכן באַנד שלום־עליכם אין 1959 זײַנען אין 1960 אַרויס נאָך דרײַ ביכער אויף ייִדיש: צו איין באַנד מענדעלע מוכר־ספֿרים און פּרץ און אַ קליין זאַמלבוך די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט אין ביראָבידזשאַן. אין 1961 זײַנען אַרויס: בערגעלסאָנס געקליבענע שריפֿטן און שוואַרצמאַנס לידער און בריוו. אין 1962 פֿיגורירן שוין קיין ייִדישע ביכער אין גאַנצן ניט (די אַלע געגעבענע זײַנען גענומען פֿון יעזשעגאָדניק קניגי סססר פֿאַר די יאָרן 1959—1963). ערשט אין נאָוועמבער 1964 איז אין פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“ אַרויס אַ זאַמלבוך א״נ אַזוי לעבן מיר. דאָקומענטאַלע נאָוועלן, פֿאַרצייכענונגען, רעפּאָרטאַזש, מאָ־

סקווע, 386 זז׳. אין דעם זאַמלבוך נעמען אָנטייל 19 מחברים און זייערע אַרבעטן זײַנען שוין בשעתו געווען אָפּגעדרוקט אין סאָוועטיש היימלאַנד, אָנהייב פּעברואַר איז אַרויס די אַנטאָלאָגיע האַריזאָנטן, 530 זז׳. אין יאַנואַר־נומער סאָוועטיש היימלאַנד איז געווען אַ גרויסער אַנאָנס אויף אַ גאַנצער זײַט, אַז חוץ דער אַנטאָלאָגיע האַריזאָנטן, וועלן נאָך אין 1965 אַרויסגיין 6 ביכער: דרײַ ראָמאַנען (מיט אַ ראָמאַן פֿון פּרץ מאַרקישן בתוכם), צוויי לידער־זאַמלונגען און אַ זאַמלונג דערציילונגען. אָבער אויך די באַשיידענע פּראָגראַם האָט מען ניט דורכגעפֿירט. פֿאַרן גאַנצן יאָר זײַנען אַרויס צוויי ראָמאַנען (ניט מאַרקישעס), און אין כאַבאַראָווסק האָט האָט מען אַרויסגעגעבן אַ נײַע אויפֿלאַגע פֿון דער בראָשור די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט.[14]

ווי שרעקלעך ווייניק דאָס איז קענען מיר צום בעסטן באַגרײַפֿן פֿון אַ פֿאַר־גלײַך מיטן שכנותדיקן קאָמוניסטישן פּוילן. די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון פּוילן איז לכל־הפּחות צען מאָל קלענער איידער די צאָל מענטשן וואָס האָבן בײַ דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1959 אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אָנגעגעבן ייִדיש ווי זייער מוטער־שפּראַך און לכל־הפּחות פֿופֿציק מאָל קלענער איידער די גאַנצע ייִדישע באַפֿעל־קערונג אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אָבער דער מלוכישער פֿאַרלאַג „דאָס ייִדישע בוך״ אין פּוילן האָט פֿאַר די 1945—1961 אַרויסגעגעבן 265 ביכער אויף ייִדיש מיט אַ סך־הכּלדיקן טיראַזש פֿון 1,300,000; 61 היסטאָרישע ביכער, צום גרעסטן טייל צוגעגרייט דורכן ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, 86 ווערק פֿון ייִדישער קינסטלערישער פּראָזע, 45 פּאָעטישע ווערק, 27 ביכער איבער סאָציאַל־קולטור־רעלע פּראָבלעמען און 15 ביכער וועגן ליטעראַטור־קריטיק.[15] ווי ווײַט איז דאָס פֿון דעם ווי ס׳האַלט מיטן ייִדישן בוך אין ראַטן־פֿאַרבאַנד!

אַ בולטע אילוסטראַציע צו דער קולטורעלער פֿאַריתומטקייט פֿון די סאָוועטישע ייִדן גיט דער פֿאַרגלײַך פֿון דער צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער אין ראַטן־פֿאַרבאַנד פֿאַר די יאָרן 1959—1962 אויף ייִדיש מיט דער צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער פֿאַר די שייכדיקע יאָרן אויף שפּראַכן פֿון נאַציאָנאַליטעטן וואָס באַטרעפֿן (על־פּי דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1959) קוים אַ צענט־חלק — און צו מאָל נאָך ווייניקער — פֿון דער צאָל ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד:[16]

| | אַלגעמיינע צאָל (אין טויזנטער) | האַלטן זייער נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿאַר זייער מוטער־שפּראַך (אין טויזנטער) | צאָל ביכער אַרויסגעגעבן אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך |
|---|---|---|---|
| ייִדן | 2,268 | 488 | 6 |
| בוריאַטן | 253 | 240 | 255 |
| יאַקוטן | 237 | 231 | 530 |
| קאַבאַרדינער | 204 | 199 | 256 |

אַפֿילו אין אַבסאָלוטע צאָלן האָט מען פֿאַר די בוריאַטן און די קאַבאַרדינער אַרויסגעגעבן 42.5 מאָל אַזוי פֿיל ביכער אויף זייערע מוטערשפּראַכן איידער פֿאַר

ייִדן, פֿאַר בוריאַטן באַזונדער — 88 מאָל אַזוי פֿיל. אָבער פֿאַרהעלטנישמעסיק — לויט דער צאָל ביכער אין שײַכות צו דער אַלגעמיינער צאָל מענטשן וואָס האַלטן זייער נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿאַר זייער מוטערשפּראַך (שוין אָפּגערעדט וועגן שײַכות צו דער גאַנצער באַפֿעלקערונג פֿון דער נאַציאָנאַליטעט) — זעט זיך דער חילוק נאָך אָן שטאַרקער: פֿאַר בוריאַטן 86 מאָל אַזוי פֿיל, פֿאַר יאַקוטן 187 מאָל אַזוי פֿיל, און פֿאַר קאַבאַרדינער 105 מאָל אַזוי פֿיל ווי פֿאַר ייִדן. אָט די טרוקענע ציפֿערן ריידן זייער עלאָקווענט וועגן דעם ספּעציעלן אָרט וואָס מען האָט צוגעטיילט די ייִדן אין דער סיסטעם סאָוועטישע פּאָליטיק לגבי די מינדערהייטן.

צו דער מאַרטירערשאַפֿט פֿון ייִדישן בוך אין ראַטן־פֿאַרבאַנד דאַרף מען צו־רעכענען נאָך אַ פֿאַקט. האַרבסט 1955 האָט זיך אין צוויי ענגלישע צײַטונגען (מאַנטשעסטער גאַרדיען און אָבזערווער) באַוויזן אַ ידיעה, אַז אין מאָסקווע און אין לענינגראַד זײַנען פֿאַרגעקומען מאַסן־רעוויזיעס — און אַפֿילו אַרעסטן — אין ייִדישע היימען, ווו מען האָט מיט אַ באַזונדערער ענערגיע אויסגעזוכט ייִדישע ביכער:[17]

„די ערשטע ידיעות וועגן נײַע אַרעסטן צווישן ייִדן אויגוסט 1955 זײַנען אויפֿגענומען געוואָרן מיט אומגלויבן, בלויז ווי קלאַנגען. אָבער שפּעטער זײַנען אָנגעקומען פֿון פֿאַרשיידענע מקורים באַשטעטיקונגען, אַז אין אָקטאָבער זײַנען פֿאָרגעקומען אַרעסטן. על־פּי דער אינפֿאָרמאַציע זײַנען אין משך פֿון איין נאַכט פֿאָרגעקומען רעוויזיעס אין הונדערטער ייִדישע היימען אין מאָסקווע און אין אַנדערע שטעט. די וואָס מען האָט בײַ זיי געפֿונען ייִדישע ליטעראַטור, ספּעציעל אויף ייִדיש, האָט מען אַרעסטירט. מען האָט איבערגעגעבן, אַז די צאָל אַרעסטירטע בלויז אין מאָסקווע האָט דערגרייכט ביז דרײַסיק. שפּעטער זײַנען אָנגעקומען ענ־לעכע ידיעות אויך וועגן לענינגראַד. משמעות, אַז די פּאָליציי האָט זיך ספּעציעל פֿאַראינטערעסירט מיט די מענטשן וואָס גייען אויף ייִדישע קאָנצערטן. חוץ עטלעכע סידורים און עטלעכע ביכער אויף ייִדיש האָט מען קיין אַנדער זאַך ניט געפֿונען, אָבער דאָס האָט מען ווײַזט אויס באַ־טראַכט פֿאַר אַ גענוג וואָגיקן טעם צו אַרעסטירן".

ווי אַ רעאַקציע אויף דער פּאָליטיק שטאַרקט זיך אָפּט אין דער ייִדישער סבֿיבֿה דאָס ציִען זיך צום ייִדישן געדרוקטן וואָרט, און טייל מאָל נעמט עס אַפֿילו אָן אַ סימבאָלישן כאַראַקטער. די ווילנער אַרטיסטישער גרופּע (אַמאַטאָרן) איז אויפֿגעטראָטן מיט אַ קאָנצערט אין קאָוונע, און בעת די הפֿסקות האָט זי פֿאַרקויפֿט בלעטלעך מיטן ייִדישן אַלף־בית, וואָס זײַנען געווען געדרוקט אין ווילנע. דער עולם האָט דאָס צעכאַפּט; דער פֿאַרקויף פֿון דעם אַלף־בית איז געווען אַ גרויסע געשעעניש.[18]

ביז דאָ ניט לאַנג האָט מען נאָך געקענט ווי ניט איז שטילן דעם הונגער נאָכן געדרוקטן ייִדישן וואָרט מיט לייענען די וואַרשעווער פֿאָלקסשטימע (צי מען האָט אַרײַנגעלאָזט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד די ייִדישע קאָמוניסטישע פּרעסע פֿון די מערבֿ־לענדער, איז מיר ניט באַקאַנט). די צײַטונג האָט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד געהאַט גרויס דערפֿאָלג. אָבער זינט אָנהייב 1958 איז די פֿאָלקסשטימע אין ראַטן־פֿאַר־באַנד פֿאַרווערט. דער פֿאַרבאָט פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין ראַטן־פֿאַבאַנד אַפֿילו

פֿון די לענדע פֿון די „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס“ האָט בײַ די סאָוועטישע ייִדן נאָך מער פֿאַרשטאַרקט דאָס געפֿיל, אַז זיי זײַנען איזאָלירט פֿון די ייִדן אין אויסלאַנד, אַפֿילו פֿון די ייִדן אין די סאַטעליטן־לענדער.

מען דאַרף נאָך צוגעבן עטלעכע ווערטער וועגן דער ייִדישער שול אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. זי איז פּשוט ניט בנימצא. אַפֿילו אין ביראָבידזשאַן האָט זי דער קאָרעספּאָנדענט פֿון ניו יאָרק טײַמז ניט געפֿונען; אַפֿילו אַלגעמיינע שולן איז ניטאָ.[19] ס'זײַנען אויך פֿאַרשוווּנדן די עטלעכע ייִדישע שולן, וואָס מען האָט נאָך דער מלחמה דערלויבט צו עפֿענען אויף די פּריש־צוגעקומענע טעריטאָריעס. אינעם ערשטן טייל פֿון דעם בוך איז פֿאַראַן די געשיכטע פֿון די מאַטערנישן פֿון די ווילנער ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע טוערס וואָס האָבן מיט גרויס אָנשטרענגונג זיך דערשלאָגן צו אַ דערלויבעניש אויף עפֿענען אין ווילנע אַ פֿירקלאַסיקע ייִדישע פֿאָלקסשול. ווען ס'איז אין 1949/1948 אָנגעפֿלויגן דער הוראַגאַן, האָט מען די שול אויך פֿאַרמאַכט,[20] און שפּעטער האָט מען זי שוין צוריק ניט געעפֿנט. כּמעט אין דער זעלבער צײַט, און אפֿשר נאָך פֿריִער, האָט מען פֿאַרמאַכט די איינציקע ייִדישע שול אין קאָוונע,[21] און ווי קענען זיך בכלל האַלטן די ייִדישע שולן, ווען ס'איז אַפֿילו קיין אָנהייב ניטאָ פֿון אַ פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט וואָס זאָל צוגרייטן לערערס פֿאַר די שולן?

מען דאַרף נאָך האָבן אין זינען, אַז די פּאָליטיק פֿון שטרענגן פֿאַרבאָט לגבי דער ייִדישער שול, איז אין סתּירה צו דער קאָנסטיטוציע פֿון פֿסס״ר, וואָס גאַראַנטירט אַלע סאָוועטישע בירגערס „רעכט אויף בילדונג“. די קאָנסטיטוציע זעט פֿאָרויס אַ ריי מאָסמיטלען וואָס „פֿאַרזיכערן“ די רעכט, צווישן אַנדערן, אויך „בילדונג אין שולן אויף דער מוטערשפּראַך“. אין דער פּראַקטיק קומט דאָס צום אויסדרוק אינעם שאַפֿן אַנדערש־נאַציאָנאַלע שולן אין די ניט־רוסישע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן, און צום טייל — וואָס שייך דײַטשן — אין דער רספֿס״ר אויך.[22] אַן אינטערעסאַנטע אילוסטראַציע צו דער הײַנטצײַטיקער אַנטוויקלונג אינעם שולוועזן שטעלט מיט זיך פֿאָר דער אַרטיקל פֿון מיניסטער פֿאַר בילדונג אין דער ליטווישער סס״ר מ. געדווילים אין איזוועסטיאַ, פֿעברואַר 24, 1964. אין דער ליטווישער סס״ר זײַנען פֿאַראַן שולן ניט בלויז אויף דער ליטווישער און אויף דער רוסישער שפּראַך, נאָר אויך אויף דער פּוילישער שפּראַך. די ליטווישע און די רוסישע שפּראַך (און ליטעראַטור) לערנט מען אין אַלע שולן — כּמעט ניט אין אַלע שולן אין דער זעלבער מאָס. דער ליטווישער מיניסטער פֿאַר בילדונג לייגט אַפֿילו פֿאָר, אַז אין די ניט־רוסישע רעפּובליקן, ווו די תּלמידים קומט אויס צו לערנען זיך עטלעכע שפּראַכן, זאָל די לערנצײַט פֿאַרלענגערט ווערן („ניט ווייניקער ווי אויף נאָך אַ יאָר“) אין פֿאַרגלײַך מיט דער לערנצײַט אין די שולן פֿון דער רספֿס״ר. אָבער די ייִדישע קינדער אין ליטע, ווו 69% פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג האָבן אין דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1959 אָנגעגעבן ייִדיש פֿאַר זייער מוטערשפּראַך,[23] האָבן אין גאַנצן ניט קיין מעגלעכקייט צו לערנען זיך אין אַ שול אויף זייער מוטערשפּראַך. זיי קענען אַפֿילו זיך ניט לערנען זייער מוטערשפּראַך אין די אַנדערע שולן.

צו דער פּראָבלעם ייִדישע שול וועלן מיר זיך נאָך אומקערן אינעם לעצטן

קאַפּיטל פֿון דעם בוך. נאָר כּדי צו פֿאַרגאַנצן דאָס בילד פֿון ליטע װעלן מיר דאָ נאָך דערמאָנען, אַז אין דער זעלבער צײַט, װאָס מען האָט פֿאַרמאַכט די ייִדישע שול, האָט מען אױך פֿאַרמאַכט דעם װילנער ייִדישן אַרכיװ־מוזיי. דאָס איז געװען אַ װערדיקער דענקמאָל פֿון דער ייִדישער טראַגעדיע, װאָס ס׳האָבן געשאַפֿן דער עיקר ייִדישע פּאַרטיזאַנער, װען זײ זײַנען נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען פֿון די װעלדער. אין דעם אַרכיװ־מוזיי איז געװען צו־נױפֿגענומען אַ גרױסע צאָל דאָקומענטן און אַנדערע עקספּאָנאַטן װעגן ביטערן גורל פֿון ייִדן אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע און װעגן קאַמף מיטן אָקופּאַנט. אין דעם לעצטן נומער היימלאַנד װאָס איז אַרױס קורץ פֿאַרן ליקװידירן דעם ייִדישן אַנטי־פֿאַשיסטישן קאָמיטעט, זײַנען געװען עטלעכע גינציקע זײַטלעך װעגן דעם װילנער ייִדישן מוזיי־אַרכיװ. ס׳האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז אָט די גינציקע זײַטלעך האָבן זיך פֿאַרװאַנדלט אין אַ נעקראָלאָג. מען האָט שױן דעם מוזיי צוריק ניט געעפֿנט.[24]

אָן אַ ייִדישער פּרעסע, אָן אַ ייִדיש בוך, מיט שולן, װאָס מען האָט פֿון זײ פֿאַר־טריבן די ייִדישע שפּראַך, און באַדינגונגען, װוּ ס׳איז אַװעקגעשטעלט געװאָרן אונטער אַ פֿרעגצייכן די עצם עקסיסטענץ פֿון אַ ייִדישן קאָלעקטיװ, האָט זיך אומגעריכט אָן עפּן געטאָן אַ פּסיכאָלאָגישער װענטיל אין דער פֿאָרעם פֿון ייִדישע קאָנצערטן און ליטעראַרישע רעציטאַציעס. דאָס האָט זיך משמעות אָנ־געהױבן זומער 1955. אין אַן אינטערװיו אין פּאַריז אױגוסט 1955 האָט זאַלצבערג דערציילט װעגן אַ קאָנצערט פֿון סאַול ליובימאָװ װאָס איז פֿאָרגעקומען אין מאָ־סקװע דעם 1טן אױגוסט פֿון דעם יאָר. דער קאָנצערט האָט געהאַט גרױס דער־פֿאָלג. „בײַ דער קאַסע האָבן איך באַמערקט אַ מודעה״, האָט זאַלצבערג געזאָגט, „אַז אַלע בילעטן אױף ליובימאָװס נאָענטסטע צװײ קאָנצערטן — דעם 2טן און דעם 4טן אױגוסט — זײַנען שױן אױספֿאַרקױפֿט. צוזאַמען מיטן פֿילצאָליקן ייִדישן עולם — צװישן זײ אַ סך יוגנט — האָב איך מיט גרױס פֿאַרגעניגן געהערט די ייִדישע פֿאָלקסלידער, װאָס ס׳האָבן געזונגען ליובימאָװ און אַנדערע ייִדישע זינ־גערס. ליובימאָװ האָט מיר דערציילט, אַז נאָך די קאָנצערטן אין מאָסקװע, װעט ער מיט דער זעלבער פּראָגראַם אַרומפֿאָרן איבערן ראַטן־פֿאַרבאַנד און ער װעט אױפֿטרעטן אין קיִעװ, אין כאַרקאָװ, אין אַדעס, אין זשיטאָמיר, אין מאָליעװ, אין װיטעבסק, אין מינסק און אין אַ סך אַנדערע שטעט מיט אַן אָנזעעװדיקער ייִדי־שער באַפֿעלקערונג.[25] אין אַ יאָר אַרום, בעתן דערציילן װעגן זײַן נסיעה אין מאָסקװע מיט דער קאַנאַדישער דעלעגאַציע, האָט זיך זאַלצבערג אומגעקערט צו זײַנע ערשטע אײַנדרוקן פֿון ליובימאָװס קאָנצערט און ער האָט דערבײַ צוגעגעבן עטלעכע אינטערעסאַנטע פּרטים. ליובימאָװ „איז אָקערשט געהאַט צוריקגעקומען פֿון דער בעריִעװשער פֿאַרשיקונג״. זײַן קאָנצערט דעם 1טן אױגוסט 1955 איז געװען „דער ערשטער ייִדישער קאָנצערט זינט לאַנגע יאָרן״,[26] ניט זײַן ערשטער, נאָר בכלל דער ערשטער נאָך כּמעט אַ גאַנצן יאָרצענדלינג פֿון געצװוּנגענעם שװײַגן.

זומער און האַרבסט פֿון דעם זעלבן יאָר 1955 זײַנען דער ייִדישער אַרטיסט איסאַק ראַקיטין און די טשערנאָװיצער אַרטיסטקע סידי טאַל אין מאָסקװע און

אין דער סאָוועטישער פּראָווינץ אויפֿגעטראָטן מיט רעציטאַציעס פֿון שלום־עליכמען (ראַקיטין אויף יידיש און אויף רוסיש).[27] פֿאַר די יאָרן 1956 און 1957 האָבן זיך די קאָנצערטן און ליטעראַרישע רעציטאַציעס שטאַרק פֿאַרשפּרייט:[28]

„ווי די וואַרשעווער פֿאָלקסשטימע גיט איבער, שפּילט מען יידישע מוזיק אין מאָסקווע און אין גאַנץ ראַטן־פֿאַרבאַנד אויפֿן ראַדיאָ און אויף קאָנצערטן. לובימאָווס קאָנצערטן פֿון יידישער מוזיק זיינען פֿאָרגעקומען האַרבסט 1956 אין מאָסקווע, אין טשעליאַבינסק, אין אופֿע, אין אָמסק און אין אירקוטסק. דעם 3טן און 4טן אַפּריל 1957 זיינען די זינגערין מאַריאַנאַ גאָרדאָן און די דראַמאַטישע אַרטיסטקע לאה טאַלין אויפֿגעטראָטן אויף אָוונטן פֿון יידישער מוזיק און דראַמע אין סווערדלאָווסק. דעם 20סטן מיי 1957 האָט ראָזאַליאַ גאָלוביאָוו געגעבן אַ קאָנצערט פֿון יידישע לידער אין מאָסקווע אינעם הויז פֿון די פּראָפֿפֿאַראייִנען. דעם זעלבן קאָנצערט האָט מען דעם 29סטן מיי איבערגעחזרט אין דעם מאָסקווער פּאַרק פֿאַר קולטור אויף גאָרקיס נאָמען. דעם 11טן, 12טן און 13טן אַפּריל 1957 האָט אַנאַ גוזיק געגעבן קאָנצערטן פֿון יידישער מוזיק אין מאָסקווע; פֿון 3טן ביזן 23סטן אַפּריל 1957 זיינען לויטער, יאַקובאָוויטש און אַנדערע אַרויסגעטראָטן מיט נומערן פֿון געזאַנג און קליינקונסט אין לעני נגראַד. יידישע אַרטיסטן פֿון קאָוונע, פֿון ריגע און פֿון אַנדערע געוועזענע יידישע צענטערס זיינען אַרומגעפֿאָרן מיט קאָנצערטן איבער די שטעט פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. די יידישע שפּראַך און דאָס ליד האָבן אומעטום אַרויסגערופֿן באַגייסטערונג ביים יידישן עולם. די קאָנצערטן זיינען געווען אַ גרויס געשעעניש אין ראַטן־פֿאַרבאַנד“.

די אָנטייל־נעמערס פֿון די קאָנצערטן, ספּעציעל פֿון די קאָנצערט־גרופּעס זיינען צום גרעסטן טייל געקומען פֿון די קרייזן פֿון דער אַ״ג קינסטלערישער אַליין־טעטיקייט (ד״ה אַמאַטאָרן) וואָס ווערן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד געוויינטלעך זייער פֿאַוואָריזירט, און זיי ווערן דער עיקר אָרגאַניזירט דורך די פּראָפֿפֿאַראיינען. אַ ספּעציעלן דערפֿאָלג האָט וויזט אויס געהאַט די יידישע קינסטלערישע גרופּע פֿון די ווילנער פּראָפֿפֿאַראיינען, וואָס איז אויפֿגעטראָטן אין ווילנע און אין קאָוונע[29] (און אפֿשר אין אַנדערע שטעט אויך). אין משך פֿון אַ קורצער צייט האָבן זיך די יידישע קאָנצערטן נאָך מער פֿאַרשפּרייט, און ביי דער ליטווישער פֿילהאַרמאָניע איז געשאַפֿן געוואָרן אַ יידישע קאָנצערט־גרופּע. אַ פּראָפֿעסיאָנעלן כאַראַקטער האָט ביסלעכווייז אָנגענומען אויך דער יידישער מוזיקאַלישער אַנסאַמבל פֿון לענינגראַד. וועגן די אַנטוויקלונגען אין דער צווייטער העלפֿט 1957 און אין 1958 לייענען מיר אין דעם פֿולדיקן איבערבליק, געבויט דער עיקר אויף ידיעות פֿון דער וואַרשעווער פֿאָלקסשטימע:[30]

„די יידישע רעציטאַציעס און קאָנצערטן זיינען נאָך אַלץ אַ גרויסע געשעעניש אין יידישן לעבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. פֿון 25סטן סעפּטעמבער ביזן 12טן אָקטאָבער איז אין לענינגראַד אויפֿגעטראָטן דער מוזיקאַליש־דראַמאַטישער אַנסאַמבל אונטער דער אָנפֿירונג פֿון באָריס לאַנדאַו און פֿ. פֿיטעלמאַן. אין דער פּראָגראַם זיינען געווען: מעשׂיות פֿון הערשעלע אָסטראָפּאָלער און פֿראַגמענטן פֿון פּרץ הירשביינס גרינע פֿעלדער און גאָלדפֿאַדענס כישוף־מאַכערין. נחמה ליפֿשיץ די פּאָפּולערע

> זינגערין פֿון ייִדישע לידער, אַ סאָליסטקע פֿון דער ליטווישער פֿילהאַר־
> מאָניע, האָט געוווּנען דעם ערשטן פּריז אינעם אַלפֿאַרבאַנדישן פֿאַרמעסט
> פֿון יונגע אַרטיסטן אין מאָסקווע דעם 6טן מאַרץ 1958. נאָך דעם האָט
> מען איר פֿאָרגעלייגט, זי זאָל אויפֿטרעטן אויף קאָנצערטן מיט איר ייִדישן
> רעפּערטואַר. דעם 17טן און 18טן אַפּריל 1958 האָט זי געזונגען אין
> לענינגראַדער קונסטהויז „דאָס ליד פֿון געטאָ", „מײַן שטעטעלע בעלז"
> און אַ ניגון אָן ווערטער. אָנהייב יולי 1958 איז זי ווידער אויפֿגעטראָטן
> אין מאָסקווע מיט גרויס דערפֿאָלג. די קאָנצערטן פֿון דעם לענינגראַדער
> ייִדישן מוזיקאַלישן אַנסאַמבל האָט דער עולם — דער ייִדישער און
> ניט־ייִדישער אויפֿגענומען מיט באַגײַסטערונג יוני 1958 אין מאָסקווע
> און שפּעטער אין אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד און אַנדערע טיילן ראַטן־
> פֿאַרבאַנד".

שוין דאָס פּרטימדיקע אויסרעכענען גופֿא זאָגט עדות, אַז קיין טאָג־טעגלעכע דערשײַנונג זײַנען די קאָנצערטן פֿאָרט ניט געוואָרן, אַז יעדער איינציקער קאָנ־צערט איז נאָך אַלץ אַ יש אין אָרטיקן ייִדישן לעבן. די אַלגעמיינע צאָל אַזעלכע קאָנצערטן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אין משך פֿון יאָר דערגרייכט אין בעסטן פֿאַל ביז עטלעכע הונדערט. איז ווען דער פֿאַרטרעטער פֿון מיניסטער פֿאַר קולטור אין פֿסס"ר, דאַנילאָוו, האָט אין אַ שמועס מיט דער ייִדישער דעלעגאַציע פֿון דער פֿראַנצייזישער קאָמפּאַרטיי געזאָגט, אַז די צאָל ייִדישע קאָנצערטן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט פֿאַרן יאָר 1957 באַטראָפֿן דרײַ טויזנט און די אַלגעמיינע צאָל באַזוכערס — כמעט דרײַ מיליאָן,[31] האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס אומדרך־ארץ צום אמת און אַ דרייסטע איבערגעצײַגטקייט אין דעם אַבסאָלוטן צוטרוי פֿון זײַנע מיטשמועסערס. אין 1961 האָט סאָוועטיש היימלאַנד (יולי־אויגוסט) אָנגעגעבן די ציפֿער 300,000 באַזוכערס פֿון ייִדישע קאָנצערטן אין משך פֿון אַ יאָר. דאָס איז שוין אַ סך נעענטער צו דער ווירקלעכקייט, אָבער מסתּמא אויך אַ ביסל איבערגעשאַצט. אין די קומעדיקע יאָרן זײַנען אָט די קאָנצערטן ביז אַ געוויסן גראַד געוואָרן אַ טייל פֿון ייִדישן לעבנס־שטייגער. אין דער זעלבער צײַט, און דאָס איז געווען אומפֿאַרמײַדלעך, האָבן די קאָנצערטן צו ביסלעך גענומען פֿאַר־לירן דעם כאַראַקטער פֿון אַ גרויס געשעעניש אין ייִדישן לעבן, ווי דאָס איז געווען אין אָנהייב.

דער כּסדרדיקער דערפֿאָלג פֿון די קאָנצערטן, אומאָפּהענגיק פֿון דעם וואָס אויף זיי ליגט אָפֿט דער חותם פֿון אומשלימותדיקייט (אויף דעם האָט שוין אָנ־געוויזן די ייִדישע קאָמוניסטישע פּרעסע אין אויסלאַנד), זאָגט עדות וועגן אַ טיפֿער באַדערפֿעניש בײַ גרויסע מאַסן סאָוועטישע ייִדן כאָטש אויף עטלעכע שעה זיך מצרף צו זײַן צו עלעמענטן פֿון ייִדישער קולטור, ספּעציעל פֿון דער פֿאָלקס־קולטור. צו דעם קומט נאָך צו דער פֿאַקט, וואָס אומעטום האָט זיך צווישן דעם עולם באַזוכערס אויף די קאָנצערטן באַדײַטנדיק אָנגעזען די יוגנט. חיים סלאָוועס, אַן אָנטייל־נעמער אין דער ייִדישער דעלעגאַציע פֿון דער פֿראַנצייזישער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי, וואָס איז געפֿאָרן קיין מאָסקווע, שרײַבט וועגן דעם אין ייִדישע קולטור:[32]

„אויף די קאָנצערטן אין מאָסקווע האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן די גרויסע

צאָל יוגנט. ניט אין פּאַריז, ניט אין בריסל, אָדער אין אַמסטערדאַם, ניט אין לאָנ־דאָן, אָדער אין ניו־יאָרק וואָלט דאָס ניט געווען מעגלעך".

צו דעם וועלן מיר זיך נאָך אומקערן שפּעטער בײַם פֿאָרשהכלען די נײַסטע אַנטוויקלונג פֿון סאָוועטישן ייִדנטום.

ס'איז זייער מעגלעך, אַז אין דעם שטעקט אויך דער מקור פֿון אָנגעשפּיצט־קייט, וואָס די קאָנצערטן רופֿן טייל מאָל אַרויס בײַ די מאַכטאָרגאַנען. מיר האָבן שוין פֿריִער דערמאָנט וועגן דער כוואַליע רעוויזיעס און אַרעסטן צווישן ייִדן, וואָס האָט זיך דורכגעטראָגן איבער מאָסקווע און אַנדערע צענטערס אין דער צווייטער העלפֿט 1955. בײַם ברייטן עולם איז געבליבן דער אײַנדרוק, אַז דאָס איז אין אַ געוויסער מאָס געווען פֿאַרבונדן מיטן גיין אויף ייִדישע קאָנצערטן. דאָס איז אָבער בלויז אַ היפּאָטעז. ס'לייגט זיך יאָ אויפֿן שׂכל אַן אַנדער סבֿרא: דער דערפֿאָלג פֿון די ייִדישע קאָנצערטן וואָלט לסוף געפֿירט צו דער גרינדונג פֿון אַ ייִדישן קינסטלערישן אָרגאַן וואָס וואָלט געווען בכוח צו פֿאַרנעמען זיך מיט דער אָרגאַניזאַציע פֿון די קאָנצערטן און וואָס וואָלט געווען בכוח צו זאָרגן פֿאַר אַ מער צוועקמעסיקן אויסנוץ פֿון די עקסיסטירנדיקע קינסטלערישע כּוחות. אַזאַ אָרגאַן וואָלט געהאָלפֿן אַנטוויקלען די קינסטלערישע אַליין־טעטיקייט און וואָלט געהויבן דעם ניוואָ פֿון די קאָנצערטן. די באַדערפֿעניש אין אַזאַ אָרגאַן איז בלי ספֿק געווען, און די אויסלענדישע פּרעסע האָט אויף דעם ניט איין מאָל אָנגעוויזן. אָט האָט דער רעדאַקטאָר פֿון מאָרגן־פֿרײַהייט פּסח נאָוויק וואָס האָט פֿאַרבראַכט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד צען וואָכן (פֿון סוף דעצעמבער 1958 ביז מאַרץ 1959) גע־שריבן:

„דער ניוואָ פֿונעם גרעסטן טייל קאָנצערטן איז צום באַדויערן געווען ניט זייער קיין הויכער. מען האָט געפֿילט, אַז מען דאַרף האָבן אַ ייִדישן אָנפֿירנדיקן אָרגאַן וואָס זאָל זאָרגן וועגן הייבן די קוואַליטעט פֿון די קאָנצערטן, וועגן אויס־בעסערן די פּראָגראַמען און וועגן אַנטוויקלען די אַרטיסטן גופֿא". און נאָך קלאָ־רער: „אָבער ס'איז אומבאַדינגט נייטיק אַ צענטראַלער אָרגאַן וואָס וואָלט געקענט העלפֿן די אַרטיסטן, וואָס וואָלט געזאָרגט וועגן דער אַנטוויקלונג פֿונעם רעפּער־טואַר און וועגן נײַע טאַלענטן". און אַפֿילו ווען ער רעדט מיט גרויס וואַרעמקייט וועגן נחמה ליפֿשיץ, דעם ליבלינג פֿונעם עולם קאָנצערט־גייערס, שרײַבט נאָוויק: „זי נייטיקט זיך אויך אין אַן אָנפֿירונג פֿון אַ ייִדישן קינסטלערישן צענטער".[33]

אָבער וועגן שאַפֿן אַזאַ ביוראָ — וואָס וואָלט דאָך ביז אַ געוויסן גראַד געמוזט טראָגן דעם כאַראַקטער פֿון אַ ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכער אָרגאַניזאַציע — קען קיין רייד ניט זײַן.

און דאָך זײַנען די ייִדישע קאָנצערטן אפֿשר דער אײנציקער קלײנער אויפֿ־שײַן אין ייִדישן קולטורעלן לעבן אין די לעצטע יאָרן. אַ סך ערגער האַלט דאָס מיטן ייִדישן טעאַטער. בעת דער ליקווידאַציע פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט און אַלע ייִדישע קולטורעלע פּאָזיציעס איז אויך אומגעקומען דער ייִדישער מלוכישער טעאַטער אין מאָסקווע, וואָס האָט אונטער מיכאָעלסעס אָנ־פֿירונג געהאַט דערגרייכט אַ גרויסע קינסטלערישע הייך וואָס ער האָט אײַנגע־האַלטן אויך נאָך דעם אומקום פֿון מיכאָעלס (יאַנואַר 1948). ס'זײַנען אויך אומ־

געקומען די ייִדישע טעאַטערן אין דער פּראָווינץ (אין קיִעוו און אין מינסק). יאַנואַר 1949 האָט מען אַרעסטירט כּמעט אַלע אַרטיסטן פֿון מאָסקווער ייִדישן טעאַטער און מען האָט זיי צעשיקט איבער תּפֿיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אין דער צווייטער העלפֿט 1955 האָבן זיי אָנגעהויבן צו קומען צוריק, שוין „רע־האַביליטירטע״. פֿאַרשטייט זיך, אַז אין גיכן האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע וועגן צוריק אויפֿשטעלן דעם מאָסקווער ייִדישן טעאַטער. ווי ס׳האָט מודיע געווען די וואַרשעווער פֿאָלקסשטימע, האָט זיך אָנהייב 1956 געשאַפֿן אין מאָסקווע אַ ספּע־ציעלער קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן דעם ייִדישן טעאַטער. אין דעם קאָמיטעט זײַנען אַרײַן: משה בעלינסקי, געוועזענער אַרטיסט פֿון ייִדישן מלוכישן טעאַטער אין מאָסקווע, די טעאַטער־רעזשיסערן מ. גאָלדבלאַט און אפֿרים לויטער און דער קאָמפּאָזיטאָר לייב פּולווער. מען האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן וועגן שאַפֿן אַ טרופּע פֿון 30 מענטשן און אַ דראַמאַטישע שול פֿאַר 18 יונגע תּלמידים. מען האָט אָנ־געצייכנט אַ פּראָגראַם פֿון פֿאַרשטעלונגען פֿאַר מאָסקווע אין די ערשטע זעקס חדשים פֿון 1956 און פֿאַר אַ ריי אַנדערע שטעט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד דעם צווייטן האַלבן יאָר.[34] וועגן דעם קאָמיטעט צו שאַפֿן אַ ייִדישן טעאַטער האָט מען שוין מער בכלל ניט געהערט. און איצט, קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר נאָך דער צעשמע־טערונג פֿון 1948/1949 און אַ יאָרצענדלינג נאָך דער רעהאַביליטאַציע פֿון די קרבנות, ניטאָ קיין ייִדישער טעאַטער ניט אין מאָסקווע און ניט אין קיין אַנדער שטאָט פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. ס׳איז בלויז פֿאַראַן אַ סוראָגאַט פֿון אַ ייִדישן טעאַ־טער: די ייִדישע טעאַטער־גרופּע פֿון אַמאַטאָרן אין ווילנע.[35]

## הערות

1 מאָרגן־פֿרײַהייט, יולי 20, 1956.

2 *Jewish Life,* February 1957, p. 34.

3 *Ibid,* p. 33.

4 ס׳איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז פֿון דער רשימה סאָוועטישע שרײַבערס וואָס סולער האָט זומער 1956 געבראַכט פֿון מאָסקווע איז קלאָר, אַז פֿון די 71 שרײַבערס וואָס פֿיגורירן אין דער רשימה וווינען 44 אין מאָסקווע און בלויז איינער אין ביראָבידזשאַן.

6 זען וועגן דעם ענין די גרויסע צאָל געגעבענע אין «Летопись периодических изданий СССР, 1950-1954», Всесоюзная книжная палата, Москва, 1955 г. כּדאַי צו באַמערקן, אַז די «Ведомости Верховного Совета Таджинской ССР» גייען אַרויס ניט אין צוויי אויסגאַבעס — אויף טאַדזשיקיש און אויף רוסיש — נאָר אין דרײַ: די דריטע אויסגאַבע איז אויף דער אוזבעקישער שפּראַך. לשם קוריאָז לאָמיר נאָך דער־מאָנען, אַז דער «Блокнот Агитатора» וואָס ס׳גיבן אַרויס אַלע צ״ק פֿון די קאָמפּאַרטייען אין אַלע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן און אַ סך געגנטלעכע קאָמיטעטן (געוויינטלעך צוויי מאָל אַ וואָך), גייט אַרויס אין אַזערבײַדזשאַן אויך אויף אַרמעניש, אין טאַדזשיקיסטאַן — אויך אויף אוזבעקיש, אין ליטע — אויך אויף פּויליש, אין אוקראַיִנע — אויך אויף מאָלדאַוויש, און אין דער טראַנסקאַרפּאַטן־געגנט (אוקראַיִנע) — אויך אויף אונגעריש.

7 *The Institute Annual,* 1956, p. 376.

8 פֿאָלקסשטימע, אויגוסט 31, 1957; אונדזער וואָרט, נאָוועמבער 23, 1957.

9 *Jewish Daily News Bulletin,* September 9, 1957.

10 *American Jewish Yearbook,* 1956, p. 423.

11 *The Institute Annual,* 1956, p. 377.

12 *The New York Times,* May 1, 1959.

13 *Jewish Chronicle,* October 2, 1959.

14 סאָוועטיש היימלאַנד, פֿעברואַר 1965, ז׳ 149 און אָקטאָבער 1965, ז׳ 116; יאַנואַר 1966, ז׳ 159.

15 *American Jewish Yearbook,* 1962, p. 378.

16 די געגעבענע פֿאַר די ערשטע צוויי רובריקן זײַנען גענומען פֿון: «Итоги Всесоюзной переписи населения 1959 г.», изд. Центрального Статистического Учреждения, 1963 г., стр. 184; —

די געגעבענע פֿאַר דער דריטער רובריק זײַנען באַרעכנט על־פּי «Ежегодник книги СССР» פֿאַר די יאָרן 1959־1962.

17 *The Institute Annual,* 1956, p. 348; *American Jewish Yearbook,* 1956, p. 424.

18 מאָרגן־פֿרײַהייט, אַפּריל 23, 1957.

19 *The New York Times,* May 1, 1959.

20 *Current Events in Jewish Life,* January-March 1957, p. 15.

21 *Ibid,* p. 33.

22 וועגן דער פּראַקטיק פֿון צווישנאַציאָנאַלע שולן אין פֿינף אַזיאַטישע און דרײַ טראַנס־קאַווקאַזישע סאָוועטישע רעפּובליקן האָט צונויפֿגעקליבן אַ סך ידיעות אַזאַמאַט אַלטײַ (מיטאַר־בעטער אין דער ביבליאָטעק פֿון קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט). וועגן דער אַנטוויקלונג (אין די לעצטע יאָרן) פֿון דער דײַטשער שול אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און באַזונדער אין דער רספּס״ר זען: Heinrich Roemmich, "Das deutsche Kultur- und Schulwesen in der Sowjet Union," *Osteuropa,* Oktober 1959.

23 Mordchaj Altschuler, *The Jews in the Soviet Union Census,* 1959, Jerusalem, 1963, table 3.

24 לייזער ראַן „נײַ־ווילנע אין שאָטן פֿון חורבן“, פֿאָלק און וועלט, ניו־יאָרק, אַפּריל 1957, ז״ז 14־16.

25 מאָרגן־פֿרײַהייט, אויגוסט 28, 1955.

26 *Jewish Life,* February 1957, p. 21.

27 *American Jewish Yearbook,* 1956, p. 424.

28 *American Jewish Yearbook,* 1958, pp. 320–321.

29 פֿאָלקסשטימע, מאַרץ 6 און 13, 1957.

30 *American Jewish Yearbook,* 1959, p. 211.

זען אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן צוויי סעריעס ייִדישע קאָנצערטן אין לענינגראַד פֿון 16טן ביזן 26סטן יאַנואַר און פֿון 3טן ביזן 21סטן אַפּריל אין יאָר 1958, אין מאָרגן־פֿרײַהייט, פֿעב־רואַר 19, 1958 און דאָרטן, מײַ 14, 1958.

31 מאָרגן־פֿרײַהייט, מײַ 2, 1958.

32 ציטירט על־פּי *Jewish Currents,* May 1959, p. 43.

33 *Jewish Currents,* June 1959, pp. 15, 37.

34 *American Jewish Yearbook,* 1958, p. 321.

35 *Jews in Eastern Europe,* August 1960, p. 27.

קאַפּיטל זיבן

# דאָס ייִדישע רעליגיעזע לעבן

## מען קעמפֿט מיטן יודאַיִזם און אַנטיסעמיטיזם

### די ייִדישע רעליגיע צווישן אַנדערע רעליגיעס

דער באַרג־אַראָפּ פֿון רעליגיעזן לעבן בײַ סאָוועטישע ייִדן איז ניט דווקא אַ פּועל־יוצא פֿון בלויז אומגינציקע דרויסנדיקע באַדינגונגען (וועגן דעם ווי אומגינציק ס׳זײַנען אָט די דרויסנדיקע באַדינגונגען וועט באַלד קומען צו רייד). אַפֿילו באַדינגונגען פֿון פֿולער רעליגיעזער פֿרײַהייט וואָלטן אין סאָוועטישן ייִדנטום ניט געווען מסוגל אָפּצושטעלן דעם אינעוויייניקסטן היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס מען קען פֿון קורצקייט וועגן באַצייכענען מיט דער פֿאָרמל סעקולאַריזירונג פֿון ייִדישן לעבן. דאָס איז אַן אַלגעמיינער פּראָצעס בײַ ייִדן און בײַ אַלע פֿעלקער פֿון דער מערבֿדיקער קולטור, אָבער בײַ ייִדן האָט דער פּראָצעס אָנגענומען אַ באַזונדער שאַרפֿן כאַראַקטער צוליב דער ספּעציפֿישער ראָלע וואָס די רעליגיע האָט געשפּילט; אין משך פֿון אַזוי פֿיל הונדערטער יאָרן גלות איז זי געווען דער יסוד פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן.

בײַם אַנאַליזירן דעם איצטיקן מצבֿ פֿון ייִדישן רעליגיעזן לעבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד טאָר מער דאָס ניט איגנאָרירן; אין זײַן באַרג־אַראָפּ קומען צום אויסדרוק און פֿלעכטן זיך איבער די אומגינציקע דרויסנדיקע ווירקונגען און דער פּראָצעס פֿון איבערפֿורעמונג פֿון ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן באַוווסטזײַן און פֿון דער ייִדישער קולטור. למען האמת, די ווירקונג פֿון דעם לעצטן פֿאַקטאָר ווערט אויסערגעוויינטלעך באַגרענעצט צוליב דעם וואָס ס׳איז כּמעט אין גאַנצן דערשטיקט דאָס ייִדישע קולטורעלע לעבן.

די באַדינגונגען פֿון רעליגיעזן לעבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען זייער שווערע פֿאַר אַלעמען, ניט נאָר פֿאַר ייִדן. די קאָנסטיטוציע פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד אָנערקנט אַפֿילו פֿאַר אַלע בירגערס „די פֿרײַהייט אָפּצוריכטן רעליגיעזע קולטן" און גלײַכצײַטיק אויך די „פֿרײַהייט פֿון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע". דער איינזײַטיקער און אַגרעסיווער כאַראַקטער פֿון אַזאַ אופֿן לייזן די פּראָבלעם פֿון רעליגיעזער פֿרײַהייט זעט זיך בולט אַרויס פֿון דעם פֿאַקט וואָס אין משך פֿון יאָרצענדלינגער האָבן די סאָוועטישע קאָנסטיטוציאָנעלע אַקטן געפּריידיקט „פֿרײַהייט פֿון רעליגיעזער און אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע". אַזוי האָט מען געלייזט

די פּראָבלעם אין דער קאָנסטיטוציע פֿון דער רספּס״ר אין 1918 און אין די פּריִיקע קאָנסטיטוציעס פֿון אוקראַיִנע (1919), פֿון ווײַסרוסלאַנד (1919), פֿון אַזער־בײַדזשאַן (1921), פֿון אַרמעניע (1922), פֿון גרוזיע (1922), און אין דער צווייטער קאָנסטיטוציע פֿון רספּס״ר אין 1925. אָבער זינט 1927 האָט זיך די לאַגע גע־ביטן, און אָנהייבנדיק מיט דער קאָנסטיטוציע פֿון דער טורקמענישער סס״ר פֿון 30סטן מאַרץ 1927, חזרט מען כּסדר איבער די פֿאָרמל וואָס איז שפּעטער אַרײַן אין דער איצטיקער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע.[1] די פֿאָרמל גלײַך־באַרעכ־טיקונג פֿון רעליגיעזער און אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע איז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד קיין מאָל ניט געווען אין הסכּם מיט דערווירקלעכקייט. און גראָד אין די יאָרן, ווען מען האָט זי פֿאָרמעל אָנערקענט, האָבן די פֿאַרלייקענונג פֿון דער רעליגיעזער פֿרײַהייט און דער דירעקטער קאַמף מיט רעליגיע אָנגענומען אַ באַ־זונדער ברוטאַלע פֿאָרעם. דאָס פֿאָרמעלע אָפּשאַפֿן די פֿרײַהייט פֿון רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע האָט דעריבער נאָר באַשטעטיקט דעם פֿאַקטישן צושטאַנד. אָבער גלײַכצײַטיק האָט דאָס פֿאָרמעל פֿאַרזיכערט ברייטע מעגלעכקייטן פֿון אַדמיני־סטראַטיווער הפֿקרות לגבי אַלץ וואָס האָט אַ שײַכות צו רעליגיע און צום רע־ליגיעזן לעבן. וואָס מער הפֿקרות, וואָס וויניקער גאַראַנטיעס (אַפֿילו פֿאַפּירענע גאַראַנטיעס), אַלץ שאַרפֿער טרעט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אַרויס די רעכטלאָזיקייט פֿון דער ייִדישער רעליגיע אין פֿאַרגלײַך מיט די אַנדערע רעליגיעס, כאָטש זיי זײַנען אויך געגנוג רעכטלאָז.

אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז די פֿראַגע וועגן רעליגיע קודם־כּל אַ פֿראַגע וועגן דער מערכה פֿון די רעליגיעזע געזעלשאַפֿטן. בלויז אין ראַמען פֿון די רעליגיעזע געזעלשאַפֿטן ווערט פֿאַר די בירגערס פֿאַרזיכערט דער באַגרענעצטער סכום רעליגיעזע פֿרײַהייט. דעם צושטאַנד פֿון די געזעלשאַפֿטן רעגולירט אין תּוך אַ דעקרעט פֿון 8טן אַפּריל 1929, וואָס איז נאָך חל ביז הײַנט.[2] וואָס שייך דער פּראַוואָסלאַוונער און אַנדערע רעליגיעס האָט זיך די לאַגע היפּש געביטן אויפֿן סמך פֿון שפּעטערדיקע אַקטן (אויף וויפֿל דאָס העלפֿט ריכטיק אָפּצושאַצן די לאַגע פֿון דער ייִדישער רעליגיע וועלן מיר שפּעטער וועגן זייריידן). לגבי ייִדן ווערט דער דעקרעט פֿון 1929 אָנגעווענדט אין דער פֿולער מאָס ביז הײַנט.

ס׳איז דעריבער אומבאַדינגט נייטיק זיך אָפּצושטעלן אויפֿן אינהאַלט פֿון דעם דעקרעט. די רעליגיעזע געזעלשאַפֿטן זײַנען אָרטיקע געזעלשאַפֿטן פֿון גלייביקע וואָס ווערן געשאַפֿן אויפֿן סמך פֿון רעגיסטראַציע בײַ די אָרטיקע מאַכטאָרגאַנען (אויספֿיר־קאָמיטעטן פֿון אָרטיקע ראַטן פֿון דעפּוטאַטן פֿון די אַרבעטנדיקע). די רעגיסטראַציע קען צו שטאַנד קומען בתּנאַי די געזעלשאַפֿט ציילט ניט וויניקער פֿון צוואַנציק מענטשן אין עלטער פֿון ניט וויניקער ווי 18 יאָר. דער אָרטיקער מאַכטאָרגאַן קען זיך אָפּזאָגן צו רעגיסטרירן אַ גע־זעלשאַפֿט (דער דעקרעט זאָגט ניט ווען און צוליב וואָסערע מאָטיוון ס׳קען קומען דער אָפּזאָג). פֿאָרמעל קומט הייסט דאָס אויס, אַז אויף צו עפֿענען אַ רעליגיעזע געזעלשאַפֿט דאַרף מען קריגן אַ דערלויבעניש, ניט סתּם מעלדן וועגן אירע פֿאַרזאַמלונגען פֿון פֿאַרשטייערס פֿון אָרטיקע רעליגיעזע געזעלשאַפֿטן — ראַיאָניקע, אָדער אין אַ ברייטערן פֿאַרנעם — קענען פֿאַרקומען

נאָר מיט אַ דערלויבעניש פֿון דער מאַכט. אַזעלכע פֿאַרזאַמלונגען קענען אויס־קלײַבן, אין עפֿנטלעכע וואַלן, זייערע שטענדיקע אויספֿיר־אָרגאַנען, אָבער די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט האָט דאָס רעכט צו באַזײַטיקן פֿון דער שטעלע יעדער איינעם פֿון די אויסגעווײלטע. די טעטיקייט פֿון די געזעלשאַפֿטן איז שטרענג באַגרענעצט צו רעליגיעזע ענינים אינעם ענגען זינען פֿון וואָרט. זיי איז בפֿירוש פֿאַרבאָטן: צו אָרגאַניזירן קאָאָפּעראַטיוון, צו געבן די מיטגלידער מאַטעריעלע הילף, אָדער צו אָרגאַניזירן געזעלשאַפֿטן פֿון קעגנזײַטיקער הילף, רופֿן ספּע־ציעלע פֿאַרזאַמלונגען פֿון קינדער, יוגנט, פֿרויען (אַפֿילו ניט צו תּפֿילות), צו שאַפֿן ביבליאָטעקן, אָדער לייענזאַלן, צו אָרגאַניזירן מעדיצינישע הילף פֿאַר די מיטגלידער. אין די שולן איז שטרענג פֿאַרבאָטן צו לייענען רעליגיע. אין פּריוואַטע היימען מעג מען, אָבער בתּנאַי, אַז ס׳זײַנען פֿאַראַן ניט מער ווי דרײַ צוהערערס אויף אַ מאָל. אויף צוגרייטן טעאָלאָגיש כּלי־קודש אויף להבא מוז מען האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פֿון דעם מיניסטער פֿאַר אינעווייניקסטע ענינים. די הוצאות פֿון די רעליגיעזע געזעלשאַפֿטן אויף אויסצוהאַלטן דעם מקום־קדוש און דעם פּערסאָנאַל מוזן געדעקט ווערן אויסשליסלעך דורך פֿרײַ־וויליקע באַשטײַערונגען פֿון די גלייביקע. קאָלעקטיווע גאָטסדינסט מחוץ די שטענדיקע מקום־קדושס (ד״ה אין פּריוואַטע היימען, ווי למשל אַ מנין בײַ ייִדן) קענען פֿאָרקומען בלויז מיט אַ פֿאָרויסיקער דערלויבעניש פֿון דער מאַכט.

פֿאַר אַלע רעליגיעס, וואָס האָבן אַ מער־ווייניק אָנזעעוודיקע צאָל גלייביקע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז דער דעקרעט פֿון 1929 אין תּוך שוין לאַנג געבליבן בלויז אויפֿן פּאַפּיר, אָבער ניט פֿאַר דער ייִדישער רעליגיע. דער עיקר איז, אַז פֿאַר אַלעמען, חוץ פֿאַר ייִדן, זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אַלגעמיינע־נאַציאָנאַלע צענ־טערס, אָדער (ווי למשל פֿאַר די מוסולמענער) צענטערס אין גרויסע ראַיאָנען און אַ שייכדיקע גוט־אויסגעפֿורעמטע אָרגאַניזאַציאָנעלע סטרוקטור וואָס פֿאַר־זיכערט די מעגלעכקייט פֿון ברייטערער טעטיקייט און מאַכט מעגלעך דאָס משתּדל זײַן זיך בײַ דער מאַכט וועגן אַזעלכע אָדער אַנדערע ענדערונגען אינעם מצבֿ פֿון די שייכדיקע רעליגיעזע פֿאַראייניקונגען. די פּראַוואָסלאַוונע צערקווע האָט אַפֿילו געהאַט איר „סאָבאָר״ אין 1945, וואָס האָט אויסגעקליבן אַ נײַעם פּאַטריאַרך פֿאַר מאָסקווע און גאַנץ רוסלאַנד, ער זאָל אָנפֿירן מיט די ענינים פֿון דער צערקווע בשותּפֿות מיטן הייליקן סינאָד; די טעריטאָריע פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד איז צעטיילט אין אַ גרויסער צאָל עפּאַרכיעס מיט ביסקופֿן אין דער שפּיץ; דעם פּאַטריאַרך זײַ־נען אונטערגעוואָרפֿן צוויי אויסלענדישע עקזאַרכאַטן: דער מערבֿ־אייראָפּעיִשער און דער אַמעריקאַנער. זעלבשטענדיק אָרגאַניזירט איז די גרוזינישע פּראַוואָ־סלאַוונע צערקווע און די אַרמענישע (אַרמעניש־גרעגאָריאַנישע) צערקווע וואָס פֿאַראייניקט די אַרמענער פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד מיט די אַרמענער פֿון אויסלאַנד און וואָס ווערט אָנגעפֿירט דורכן העכסטן פּאַטריאַרך־קאַטאָליקאָס (פֿון די 26 עפּאַרכיעס וואָס זײַנען אים אונטערגעאָרדנט, געפֿינען זיך 20 אין אויסלאַנד). ווייניקער קאָנסאָלידירט איז די אָנפֿירונג מיט די רעליגיעזע ענינים פֿון די מו־סולמענער (צום טייל צוליב אינעווייניקסטע רעליגיעזע חלוקי־דעות): זיי האָבן פֿיר רעליגיע־צענטערס — אין טאַשקענט, אין אופֿע, אין באַקו און אין בוי־

נאַקס (דאַגעסטאַנישע אסס״ר). די קירך פֿון די עוואַנגעלישע קריסטן ווערט אָנגעפֿירט דורך אַן אַלפֿאַרבאַנדישן ראַט וואָס פֿאַראייניקט די דרײַ געווענט זעלבשטענדיקע ריכטונגען — די ביבלקריסטן, די באַפּטיסטן, די עוואַנגעליקערס. אַפֿילו די קליינע צאָל בודיסטן וואָס זײַנען צעוואָרפֿן איבערן לאַנד האָבן זייער רעליגיעזע אָנפֿירונג מיטן באַנדידאָ־כאַמבאָ־לאַמאַ אין דער שפּיץ. נאָר די „ייִדישע אמונה האָט ניט קיין צענטערס״.[3]

„די רעליגיעזע צענטערס מעגן אַרויסגעבן רעליגיעזע זשורנאַלן און אַנדערע ביכער מיט אַ רעליגיעזן אינהאַלט״.[4] פֿון אַט דער אַלגעמיינער פֿאָרמולירונג קען זיך אַ מאָל שאַפֿן דער איבערגעטריבענער אײַנדרוק וועגן דער מעגלעכקייט פֿון אַ פֿאַרלעגערישער טעטיקייט פֿון די רעליגיעזע צענטערס. אַזאַ טעטיקייט איז אָבער דאָך מעגלעך אין געוויסע באַשיידענע גרענעצן. ייִדן האָבן ניט קיין רעלי־גיעזן צענטער, האָבן זיי שוין במילא אויך ניט אָט די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן.

מיר האָבן שוין פֿריִער דערמאָנט, אַז די אָפֿיציעלע אָרגאַניזאַציע פֿון דער פּראַוואָסלאַוונער צערקווע איז ניט באַגרענעצט בלויז צו דער טעריטאָריע פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד, נאָר זי האָט נאָך צוויי אויסלענדישע עקזאַרכאַטן אויך; די אַרמע־ניש־גרעגאָריאַנישע צערקווע ווידער האָט דעם גרעסטן טייל פֿון אירע עפּאַר־כאַטן טאַקע אין אויסלאַנד. אין ליכט פֿון אָט די פֿאַקטן האָט אַ באַזונדערן בײַטעם דער פּרווו צו איזאָלירן דאָס סאָוועטישע ייִדנטום פֿון די ייִדן אין אויסלאַנד.

ס׳איז נאָך וויכטיק צו באַמערקן, אַז די גײַסטלעכע פֿון אַנדערע רעליגיעס האַלטן אונטער באַציִונגען מיט זייערע רעליגיעזע קערפּערשאַפֿטן אין אויסלאַנד, און פֿון צײַט צו צײַט שיקן זיי איינע צו די אַנדערע דעלעגאַציעס. די מוסולמע־נער און די פּראָטעסטאַנטן שיקן אַפֿילו קיין אויסלאַנד יונגע מענטשן וואָס גרייטן זיך צום גייסטלעכן שטאַנד, זיי זאָלן דאָרטן שטודירן אין די העכערע טעאָלאָ־גישע לערן־אַנשטאַלטן. חוץ דעם שיקן די מוסולמענער יעדן יאָר אַ גרופּע פּיל־גרימען קיין מעקאַ, און פֿרילינג 1963 איז שוין צו שטאַנד געקומען די ערשטע גרופּע פּילגרימען קיין פּאַלעסטינע (מדינת־ישׂראל און ירדן־מלוכה) אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַרכימאַנדריט יוווענאַלי (וועגן אים וועט נאָך אויסקומען צו ריידן אין אַכטן קאַפּיטל).

צו ייִדן האָט דאָס אַלץ קיין שײַכות ניט. אַפֿילו אויף סתּם באַגעגענען זיך מיט אויסלענדישע ייִדן וואָס קומען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד (באַזונדערס אַמעריקאַ־נער ייִדן און ישׂראלדיקע) קוקט מען קרום. אין מאָסקווע למשל האָט דער מאָס־קווער הויפּט־רבֿ יהודה לעווין אויף אַ ספּעציעלער פֿאַרזאַמלונג פֿעברואַר 1962 זיך געבעטן בײַם עולם, זיי זאָלן אויסמײַדן יעדער מגע־ומשׂא מיט די אויסלענ־דישע ייִדן וואָס קומען אין שול אַרײַן, ספּעציעל מיט ייִדן פֿון ישׂראל, און זיי זאָלן ניט נעמען קיין רעליגיעזע חפֿצים, וואָס מען שענקט זיי.[5]

דער גראַד רעכטלאָזיקייט וואָס טיילט אויס די ייִדישע רעליגיע פֿון צווישן אַלע אַנדערע רעליגיעס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד וואַרפֿט זיך אַזוי שטאַרק אין די אויגן, אַז די מיטגלידער פֿון אַ דעלעגאַציע פֿונעם קריסטלעכן וועלטפֿאַרבאַנד (דעמאָלט נאָך בלויז אַ פּראָטעסטאַנטישער פֿאַרבאַנד, אָבער הײַנט האָט זיך אין אים אָנגעשלאָסן אויך די פּראַוואָסלאַוונע צערקווע, די סאָוועטישע בתוכם)

וואָס איז זומער 1962 געקומען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, זײַנען געווען דערשטוינט פֿון דעם וואָס די סאָוועטישע ייִדן האָבן ניט קיין רעכט צו האָבן אַ מגע־ומשׂא מיט אויסלאַנד אין רעליגיעזע ענינים, אין דער צײַט וואָס אַנדערע רעליגיעס איז דאָס יאָ דערלויבט.[6]

אָבער ווי ס׳ווײַזט אויס איז דער פּרינציפּ פֿון פֿאַרווערן די סאָוועטישע ייִדן זיך צו קאָמוניקירן מיט אויסלאַנד ניט קיין אַבסאָלוטער: ווען עס לוינט זיך דער סאָוועטישער רעגירונג צוליב פּאָליטישע טעמים, דעמאָלט איז ניט שייך דער־לויבן; די סאָוועטישע מאַכט גופֿא ווערט דער גורם פֿון ברעכן דעם פּרינציפּ. אויף דעם איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן.

די ערשטע ווענדונג קיין אויסלאַנד נאָך דער צעשמעטערונג פֿון 49/1948 האָט געשיקט דער הויפּט־רבֿ פֿון דער מאָסקווער ייִדישער קהילה שליפֿער צו די ייִדן אין ענגלאַנד סעפּטעמבער 1953. „אין נאָמען פֿון אַלע אונדזערע קהילות" האָט שליפֿער געשיקט „ברידערלעכע גרוסן און בעסטע ווונטשן צו אַלע גלייבי־קע ייִדן אין דער ענגלישער ׳קאָמאָנוועלט׳" צו ראָש־השנה. פֿאַרשטייט זיך, אַז די ווענדונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פֿײַערלעכער דערקלערונג וועגן דער פֿולער רעליגיעזער פֿרײַהייט וואָס ס׳האָבן די ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, און וועגן זייער אַקטיוון קאַמף פֿאַר שלום:[7]

„די מאָסקווער ייִדישע קהילה, וואָס איך שטיי בראָש פֿון איר, פּונקט ווי די אַנדערע ייִדישע רעליגיעזע קהילות אינעם גרויסן ראַטן־פֿאַרבאַנד, היטן אָפּ זייער אמונה און פֿירן אויס זייערע רעליגיעזע התחייבֿותן אין באַדינגונגען פֿון פֿולשטענדיקער רעליגיעזער פֿרײַהייט. אַלע ייִדישע רעליגיעזע קהילות אין ראַטן־פֿאַרבאַנד באַטייליקן זיך אי־נעם קאַמף פֿאַר שלום און זיי שפּאָרן ניט קיין מי צו דער פֿאַרווירקלע־כונג פֿון דעם אידעאַל פֿון שלום, וואָס צו דעם זײַנען אונדז מחייבֿ די הייליקע פֿאַרשריפֿטן פֿון אונדזער אמונה".

שפּעטער האָבן זיך שוין סאָוועטישע רבנים ניט איין מאָל געווענדט צו ייִדן אין אויסלאַנד צוליב פּאָליטישע טעמים, טייל מאָל אָפֿן, טייל מאָל אַ ביסל פֿאַר־שטעלט. מאַרץ 1955 איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ רוף פֿון די רבנים פֿון: מאָסקווע, קיִעוו, ריגע, קוטאַיִס, מינסק, ווילנע און קאָוונע „צו די ייִדן פֿון דער גאַנצער וועלט", זיי זאָלן שטיצן די ווענדונג פֿון דער ביוראָ פֿונעם אַלוועלטלעכן ראַט פֿאַר שלום קעגן די צוגרייטונגען צו אַן אַטאָמישער מלחמה.[8] נאָוועמבער 1956 האָט אַ גרויסע גרופּע סאָוועטישע רבנים פֿאַרעפֿנטלעכט אַ פּראָטעסט קעגן דער מלחמה איבער סועץ מיט דער פֿאָדערונג צו שליסן אַ באַלדיקן „גערעכטן שלום". דאָס איז אָבער ניט געווען קיין ווענדונג ממש צו די ייִדן אין אויסלאַנד; ס׳איז געווען אַן עפֿנטלעכער פּראָטעסט אונטערגעשריבן פֿון די רבנים וואָס האָבן פֿיגורירט אינעם אויפֿרוף פֿון 1955 און אַ ריי רבנים פֿון אַנדערע ערטער.[9] יוני 1957 איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ נײַע ווענדונג מיט אונטערשריפֿטן פֿון פֿיר רבנים פֿון מאָסקווע און פֿון מאָסקווער געגנט.[10] דאָס איז ווידער געווען אַן אַקט פֿון סאָלידאַריזירן זיך מיטן אויפֿרוף פֿון אַלוועלטלעכן ראַט פֿאַר שלום און מיט דער דערקלערונג פֿון דעם סאָוועטישן קאָמיטעט פֿאַר דער פֿאַרטיידיקונג

פֿון שלום וועגן דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט אָפּצושטעלן די אַטאָמישע טעסטן. איז כאָטש דער דאָקומענט איז געווען אָפּגעדרוקט אין איזוועסטיאַ אונ־טערן קעפּל „אַ ווענדונג צו די גלייביקע ייִדן״, איז אין טעקסט גופֿא ניטאָ קיין ווענדונג צו קיינעם. אויף אַזאַ אופֿן האָט מען, פּונקט ווי אין דער פֿאַרדעמדיקער ווענדונג, פֿאַרשפּאָרט פֿאָרמעל צו ברעכן דעם פּרינציפּ פֿון ניט אָנערקענען אַ „וועלט־ייִדנטום״.

אַ טיפֿערער אַרײַנבליק אין אָט די ווענדונגען און פּראָטעסטן — אומאָפּהענ־גיק פֿון די קאָנקרעטע צילן וואָס זיי זײַנען אויסן אין יעדער פֿאַל באַזונדער — אַנטפּלעקט איין שטריך פֿון דער אָפֿיציעלער סאָוועטישער באַציִונג צו ייִדן, וואָס פֿאַרדינט אונדזער אויפֿמערקזאַמקייט. דער שטריך איז משמעות אויפֿגעקומען ניט צילבאַוווסט, נאָר גיכער עמפּיריש, אָבער פֿון דעסט וועגן איז ער גענוג וויכטיק אויף מיטצובאַשטימען די סאָוועטישע פּאָליטיק לגבי ייִדן. די סאָווע־טישע קאָנצעפּציע לייקנט בפּירוש אָפּ דעם געדאַנק, אַז ייִדן זײַנען אַ נאַציאָנאַ־ליטעט וואָס איז ניט באַגרענעצט דורך די ראַמען פֿון אַ געגעבענער מלוכה (צי זײַנען ייִדן אַ נאַציאָנאַליטעט אין די ראַמען פֿון אַ באַזונדער מלוכה — בלײַבט אַ קשיא), אָבער אין אַ געוויסער מאָס אָנערקענט זי יאָ דעם געדאַנק וועגן ייִדן ווי אַ רעליגיעזע איינהייט וואָס נעמט אַרום ייִדן אין פֿאַרשיידענע לענדער. און ניט נאָר וואָס זי אָנערקענט, נאָר זי נוצט דאָס אויס פֿאַר אייגענע צוועקן.

דאָס מיינט לחלוטין ניט, אַז דער אָפֿיציעלער קאָמוניזם באַציט זיך פּאָזיטיוו, אָדער אַז ער טאָלערירט דעם געדאַנק וועגן אַ ייִדישער רעליגיעזער איינהייט וואָס איז ניט באַגרענעצט מיט די ראַמען פֿון אַ באַזונדערער מלוכה. פֿון דעם איז נאָך זייער ווײַט. אין פּרינציפּ באַציט זיך דער אָפֿיציעלער קאָמוניזם בפּירוש פֿײַנדלעך צום געדאַנק וועגן ייִדן ווי אַ רעליגיעזער איינהייט. די אויבן ציטירטע פֿאַלן ווײַזן בלויז, ווי מען ברעכט באַוווסטזיניק דעם פּרינציפּ אין נאָמען פֿון באַשטימטע פּאָליטישע צילן. די פּרינציפּיעלע אײַנשטעלונג פֿון אָפֿיציעלן קאָ־מוניזם צו ייִדן ווי אַ רעליגיעזע איינהייט, וואָס נעמט אַרום ייִדן אין פֿאַרשיידענע לענדער, איז געקומען צום אויסדרוק אין די נײַסטע קאָמוניסטישע אַרויסזאָגונגען וועגן „יודאַיִזם״ און ספּעציעל בולט אין דעם „קורצן פֿילאָסאָפֿישן ווערטערבוך״ (אַרויסגעגעבן אין 1954) אין דעם אַרטיקל א״ב „יודאַיִזם״. די אַרויסזאָגונגען זײַנען זייער כאַראַקטעריסטיש און ס׳איז כדאַי דאָ צו ברענגען אַ גרעסערן ציטאַט פֿון דעם אַרטיקל:[11]

„ווי יעדער רעליגיע איז דער יודאַיִזם אומקאָמפּראָמיסלעך קעגן דער וויסנשאַפֿט און ער פּריידיקט אַנטיוויסנשאַפֿטלעכע בליקן אויף דער נאַטור און געזעלשאַפֿט. די רבנים זײַנען אַלע מאָל געווען שונאים פֿון אויפֿקלערונג, פֿון וועלטלעכער בילדונג און זיי האָבן גערודפֿט דעם פּראָגרעסיוון געדאַנק. דער יודאַיִזם פֿאַרהייליקט די סאָציאַלע אומגלײַכ־קייט און דעם פּריוואַטן אייגנטום. ער פֿאַרגעטערט די מאַכט פֿון קייסאָ־רים און עקספּלואַטאַטאָרן. די ראָלע פֿון רעליגיעזן אָפּיום שפּילן אין יודאַיִזם די פֿאָרשטעלונגען פֿון אַ לעבן אויף יענער וועלט, וואָס די רבנים האָבן זאָרגעוודיק באַארבעט: וועגן אַ גן־עדן פֿאַר די וואָס פֿאָלגן

> אויס די רעאַקציאָנערע פֿאָרשריפֿטן פֿון דער יודאַיִסטישער רעליגיע, און וועגן אַ גיהנום פֿאַר די וואָס וואַרפֿן אָפּ די פֿאָרשריפֿטן און נעמען אָנטייל אין דעם קלאַסנקאַמף.
>
> כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן יודאַיִזם איז דאָס פּריידיקן די אויסשליסלעכקייט פֿון אָט דער רעליגיע און די „אויסדערוויילטקייט” פֿון די וואָס גלייבן אין דער רעליגיע פֿון יהוה האָט שטענדיק געדינט צו פֿונאַנדערברענען רעליגיעזע אומטאָלעראַנץ און נאַציאָנאַלן אַנטאַגאָניזם צו מענטשן פֿון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן און רעליגיעס. אין דער זעלבער ריכטונג ווירקט דאָס רבנישע פּריידיקן וועגן משיחיזם — דעם אָנקום פֿון הימלישן אויסלייזער — וואָס איז אַ מיטל אָפּצוטעמפּן דעם קלאַסןבאַוווּסטזײַן פֿון די אַרבעטנדיקע, זיי זאָלן שלום מאַכן מיט דער הערשאַפֿט פֿון די עקספּלאָאַטאַטאָרן. אָט די ספּעציפֿישקייטן פֿון יודאַיִזם נוצן ברייט אויס די ייִדישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן־ציוניסטן אויף צו באַטויבן די אַרבעטנדיקע ייִדן מיט נאַציאָנאַליזם, כּדי זיי אָפּצוציִען פֿון דעם אַלגעמיינעם קלאַסנקאַמף פֿון אַלע אַרבעטנדיקע קעגן קאַפּיטאַל.
>
> אָנהייבנדיק פֿון 19טן י"ה זײַנען די ציוניסטן געווען ענג פֿאַרבונדן מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם וואָס האָט זיי אויסגענוצט פֿאַר זײַן קאָלאָניזאַטאָרישער פּאָליטיק אויפֿן מיזרח. די פֿירערס פֿון ציוניזם זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט דער רעגירונג פֿון דעם פֿאַררעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד, מיט פּילסודסקין, מיט מוסאָלינין און מיט די וואָס האָבן געבראַכט היטלערן צו דער מאַכט. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער ציוניזם אין גאַנצן אַריבער אין דינסט און אונטער דעם קאָנטראָל פֿון די אַמעריקאַנער פּרעטענדענטן אויף וועלטהערשאַפֿט. די אַמעריקאַנער מאָנאָפּאָליסטן סובסידירן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און נוצן זיי אויס פֿאַר צילן פֿון שפּיאָנאַזש און דיווערסישער טעטיקייט קעגן לאַגער פֿון שלום און דעמאָקראַטיע. דער ציוניזם מיט זײַן רעאַקציאָנערער נאַציאָנאַל־קלעריקאַלער אידעאָלאָגיע — איז אַ ביטערער שונא פֿון אַלע אַרבעטנדיקע, די אַרבעטנדיקע ייִדן בתוכם. ער טרעט אַרויס אין דער ראָלע פֿון אַן אַגענטור פֿון דער אַמעריקאַניש־ענגלישער מאָנאָפּאָליסטישער בורזשואַזיע, דעם שונא פֿונעם לאַגער פֿון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם, דעם שונא פֿון פּסס"ר און די לענדער פֿון פֿאָלקס־דעמאָקראַטיע".

מיט איין וואָרט, דער יודאַיִזם איז דער יסוד פֿון ציוניזם, און דער ציוניזם איז די אַגענטור פֿון דעם ענגליש־אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם. דאָס אַלץ איז שוין גוט באַוווּסט פֿון די צײַטן פֿון סלאַנסקי־פּראָצעס און פֿון דעם „ענין דאָקטוירים". אין דעם מאָמענט איז בלויז וויכטיק צו באַמערקן, אַז די קאָמוניסטישע מאַכט באַציט זיך פֿײַנדלעך צו דער ייִדישער רעליגיע (און צום געדאַנק וועגן ייִדן ווי אַ רעליגיעזע איינהייט) ניט בלויז צוליב מאָטיוון וואָס זײַנען גורם די קעגנערשאַפֿט פֿון דעם אָפֿיציעלן קאָמוניזם צו רעליגיע בכלל, נאָר אויך צו פּאָליטישע מאָטיוון וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער אויסנווייניקסטער פּאָליטיק פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. אויפֿן קאַמף מיטן יודאַיִזם וואָס האָט אין 1957 אָנגענומען אַ באַזונדער שאַרפֿן כאַראַקטער, וועל איך זיך נאָך אָפּשטעלן שפּעטער.

די פּאָליטיש פֿאַרשאַרפֿטע קעגנערשאַפֿט צו דער ייִדישער רעליגיע ברענגט צו דעם, אַז די ייִדישע רעליגיעזע קהילות, און ספּעציעל די רבנים וואָס פֿירן מיט זיי אָן, לעבן אין באַדינגונגען פֿון אַ כּמעט כּסדרדיקן פּאָליטישן דרוק און

זיי זײַנען געצוווּנגען צו מאַכן פּאָליטישע דערקלערונגען, ניט האָבנדיק אָפּט קיין קלאָרן באַגריף, אַז די דערקלערונגען זײַנען אין סתירה צו די ייִדישע אינ־טערעסן. ס׳איז געװען גענוג צו דערמאָנען, אַז זיי מוזן כּסדר באַשטעטיקן פאַר אויס־לענדער, אַז די ייִדן אין ראַטן־פאַרבאַנד געניסן כּלומרשט פון פולער רעליגיע־זער פרײַהייט.[12]

דאָס האָט נאָך אַנדערע קאָנסעקווענצן אויך. אַ ייִדישע רעליגיעזע קהילה קען זיך שאַפן בלויז מיט דער דערלויבעניש פון דער אָרטיקער מאַכט אויפן סמך פון אַ מעלדונג וואָס דאַרף זײַן אונטערגעשריבן לכל־הפּחות דורך צוואַנציק פּוליעריקע בירגערס, אַז זיי ווילן שאַפן אַזאַ קהילה. אין אַן אַטמאָספער פון אַ חשודער באַציִונג צו דער ייִדישער רעליגיע ווי צו אַן אַגענטור פון אַמערי־קאַנישן אימפּעריאַליזם, און אין באַדינגונגען, ווו די עקסיסטענץ פון יעדער איינציקן בירגער איז אָפּהענגיק פון דער מאַכט, דאַרף מען אָפּט פאַרמאָגן אַ סך בירגערטום, כּדי אָנצוגעבן אַזאַ מעלדונג. און צו דעם אַלעמען איז, ווי מיר האָבן דאָס שוין פריִער באַמערקט, אַפילו ווען מען דערלאַנגט שוין די מעלדונג פון די צוואַנציק, איז די דערלויבעניש צו שאַפן די רעליגיעזע קהילה נאָך אַלץ אָפּהענגיק פונעם אײַנזען פון דער אַדמיניסטראַציע.

## מען פאַרמאַכט די דאַוונשולן

אין זייער אַ גרויסער צאָל שטעט מיט אַן אָנזעעוודיקער ייִדישער באַפעלקע־רונג זײַנען איצט בכלל ניטאָ קיין ייִדישע רעליגיעזע קהילות, ד״ה ס׳איז אַפילו ניט פאַראַן קיין סימן פון אַ ייִדישער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע. די רבנישע אונטערשריפטן אויף די ווענדונגען און פּראָטעסטן אין שײַכות מיט שאַרפע פּאָליטישע ענינים זײַנען געווען אין נאָמען פון רעליגיעזע קהילות אין אַ ריי גרויסע און פאַרהעלטענישמעסיק קליינע שטעט; אָבער אַרום און אַרום האָט די צאָל ייִדישע רעליגיעזע קהילות וואָס פיגורירן אין דעם אויבן אויסגערעכנטן לעצטן דאָקומענט — און די צאָל אונטערשריפטן איז אין דעם פאַל געווען באַזונ־דער אָנזעעוודיק — דערגרייכט בלויז 18 (למען האמת דאַרף מען צוגעבן, אַז אינעם טעקסט פון דאָקומענט זײַנען נאָך אָנגערופן די אַנאָנימע „און אַנדערע״); אונטערן אויפרוף פון 1955 זײַנען געווען אונטערשריפטן פון רבנים פון נאָך צוויי שטעט. פאַרשטייט זיך, אַז מיט די 20 קהילות איז נאָך ניט אויסגעשעפּט די פאַקטישע צאָל ייִדישע רעליגיעזע קהילות אין ראַטן־פאַרבאַנד. אָבער ס׳איז פאָרט כאַראַקטעריסטיש, וואָס אַפילו כאַרקאָוו פיגורירט ניט אין דער רשימה; דאָס מיינט דאָך, אַז אין כאַרקאָוו איז קיין דאַוונשול ניטאָ, איז במילא ניטאָ קיין רבֿ וואָס זאָל קענען ריידן אין נאָמען פון אַ רעליגיעזער קהילה. וואָס זאָל מען שוין זאָגן וועגן די אָן אַ שיִעור קליינע שטעט? און אויב דער מאָסקווער רבֿ שליפער האָט סעפּטעמבער 1955 אויף אַן אָנפראַגע (בעת אַ דיפּלאָמאַטישן קבלת־פּנים אין איינער פון די אַמבאַסאַדעס אין מאָסקווע) וועגן דער צאָל ייִדן און וועגן די דאַוונשולן אין ראַטן־פאַרבאַנד געענטפערט, אַז ס׳זײַנען פאַראַן „העכער הונדערט״ שולן, איז די אינפאָרמאַציע זײַנע פּונקט אַזוי באַענט

צום אמת, ווי זײַן אינפֿאָרמאַציע, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען פֿאַראַן קרובֿ דרײַ מיליאָן ייִדן.

לעצטנס קומען אָן ידיעות פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד וועגן פֿאַרמאַכטע דאַוונשולן, באַשעדיקטע בית־עלמינס אאַז״וו. זומער 1959 זײַנען אין דער פּרעסע געווען צוויי אַזעלכע ידיעות וואָס זײַנען צו דער פּרעסע דערגאַנגען דורך מענטשן פֿון דער יו־עס. ספּעציעל גרויס איז די צאָל ידיעות וועגן דער פֿאַרערגערטער לאַגע פֿון דער ייִדישער רעליגיע אין אוקראַיִנע. אָבער אויך וועגן אַנדערע טיילן ראַטן־פֿאַרבאַנד קומען אָן אַזעלכע ידיעות. לאָמיר דאָ ברענגען די וויכטיקסטע פֿאַקטן וואָס זײַנען אָנגעגעבן אין די ערשטע צוויי ידיעות.[14]

„סעפּטעמבער 1958, דעם צווייטן טאָג ראש־השנה האָט מען פֿונאַנ־דערגעלאָזן צוואַנציק מנינים. אַלע ספֿר־תּורות האָט מען קאָנפֿיסקירט, און אַ פּאָליציאַנט האָט געזאָגט צו אַ ייִדן: „איר עסט רוסיש ברויט, אָבער איר זײַט מתפּלל פֿאַר ירושלים".

דאָס איז געווען פֿאָלשטענדיק אין גײַסט פֿון דעם אַרטיקל וואָס האָט דעמאַסקירט „דעם רעאַקציאָנערן תּוך פֿון דער ייִדישער רעליגיע" אין דער לוואָווסקאַיאַ פּראַוודאַ אין חודש דעצעמבער. דער אַרטיקל האָט אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, אַז ווען ייִדן עסן מצה אום פּסח, דריקן זיי אויס די האָפֿענונג, אַז אין אַ יאָר אַרום וועלן זיי פּראַוועון פּסח 'אין ירושלים אין ארץ־ישׂראל', און דערבײַ האָט ער צוגעגעבן: 'אָבער די רעליגיעזע ייִדן ווייסן, אַז מדינת־ישׂראל איז איצט אַ פֿאָלגעוור־דיק כּלי־זיין אין די הענט פֿון די אַמעריקאַנער, ענגלישע און פֿראַנציי־זישע אימפּעריאַליסטן'.

אין טשערנאָוויץ האָט מען אַרעסטירט אַ גרויסע צאָל ייִדן, צווישן זיי אָנפֿירערס פֿון דאַוונשולן, און מען האָט זיי באַשולדיקט אין פֿירן „ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע". די באַשולדיקונג איז געווען געבויט אויפֿן סמך פֿון דעם, וואָס זיי האָבן פּסח־צײַט געטרונקען דעם טראַדיציאָנעלן טאָסט: „איבער אַ יאָר אין ירושלים".

אין נאָוואָסעליץ, טשערנאָוויצער געגנט, האָט מען קאָנפֿיסקירט צוויי בנינים פֿון דאַוונשולן און מען האָט זיי פֿאַרוואַנדלט אין קלובן.

אין אָלעווסק האָט מען אין משך פֿון די לעצטע חדשים פֿונאַנדער־געלאָזן אַלע קליינע ייִדישע גרופּעס וואָס פֿלעגן זיך צונויפֿקומען דאַווע־נען.

אין וויניצע האָט מען קאָנפֿיסקירט דעם בנין פֿון דער דאַוונשול און ייִדן דאַוונען איצט אין אַ חורבֿה.

אין באַראַנאָוויטש האָט מען קאָנפֿיסקירט די גרויסע שול און דעם בנין איבערגעגעבן דער קאַגעבע (קאָמיטעט פֿאַר מלוכישער זיכערקייט). זינט דעמאָלט האָט די מאַכט פֿאַרבאָטן דעם רבֿ אויסצופֿירן זײַנע פֿונקציעס, זי האָט פֿאַרבאָטן ייִדישע שחיטה און אַנדערע רעליגיעזע ייִדישע התחייבֿותן.

אין אָרענבורג האָט מען דאָ ניט־לאַנג פֿאַרמאַכט די דאַוונשול.

דעם אַלטן ייִדישן בית־עולם אין קעשענעוו האָט מען צעטיילט אויף צוויי חלקים; איין טייל האָט די מאַכט צוגענומען פֿאַר אַ מאַרק. אַ כאַ־ראַקטעריסטישער שטריך פֿון דער נײַער קאַמפּאַניע איז: חרובֿ מאַכן ייִדישע בית־עלמינס און פֿאַרקויפֿן די מצבֿות ווי בראָכוואַרג. מען באַ־

שעדיקט די אויפֿשריפֿטן אויף מצבֿות, וואָס דערציילן, אַז די וואָס זײַנען דאָ געקומען צו קבֿורה, זײַנען אומגעקומען פֿון נאַציזשע חיהשקייטן.

אין ריבניצע, בעסאַראַביע האָט מען מורא, אַז אָט־אָט וועט מען פֿאַרמאַכן די דאַוונשול.

אין ראַקאָוו, טראַנסקאַרפּאַרטישע טעריטאָריע, האָט מען די צוויי איבערגעבליבענע דאַוונשולן פֿאַרמאַכט און זיי אָפּגעגעבן צו עפּענען דאָרט קראָמען.

אין אירקוטסק האָט מען דאָ ניט־לאַנג קאָנפֿיסקירט דעם ערשטן שטאָק פֿון דעם שול־בנין און דאָרטן געעפֿנט אַן אינטערנאַט פֿאַר סטו־דענטן פֿון מעדיצין".

זינט דעמאָלט איז אַ סך ערגער געוואָרן. מען האָט ווידער פֿאַרמאַכט נאָך אַ סך שולן, אָבער דאָס מאָל איז דאָ אַ גרונד צו ווערן נאָך מער באַאומרויִקט, ווײַל אין דער קאַמפּאַניע צו פֿאַרמאַכן די דאַוונשולן האָט גענומען אַלץ העכער קלינגען אַ גראָב־אַנטיסעמיטישע נאָטע. אונדז וועט נאָך וועגן דעם אויסקומען צו ריידן. לעת־עתּה דאַרף מען זיך נאָך אָפּשטעלן אויף דער פֿראַגע וועגן דער צאָל דאַוונשולן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.

מיר האָבן שוין פֿריִער דערמאָנט די צו אָפּטימיסטישע דערקלערונג פֿון דעם מאָסקווער רבֿ שליפֿער סעפּטעמבער 1955 וועגן „העכער הונדערט" דאַוונ־שולן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. די אָפֿיציעלע צאָל שולן איז געבליבן אַ סוד. אָבער יאַנואַר 1960, בעת דער איטאַליענישער פּרעמיער גראָנטשי איז געווען אין מאָסקווע, האָט די איטאַליענישע זשורנאַליסטקע טולי זיוואָ זיך נאָכגעפֿרעגט אין מיניסטעריום פֿאַר ענינים פֿון רעליגיעזע קולטן וועגן דער צאָל דאַוונשולן. מען האָט איר געענטפֿערט, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען פֿאַראַן 400 שולן, און אין דער זעלבער צײַט האָט מען אָפֿיציעל געמאָלדן אין דער יו־ען, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען פֿאַראַן 450 שולן (משמעות, אַז אין דער צאָל שולן האָט מען אויך אַרײַנגערעכנט אַ גרויסע צאָל מנינים). אָבער זייער גיך האָט מען באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פֿון אָט דער פֿאַנטאַסטישער ציפֿער. יאַנואַר 1961 האָט שוין דער מאָסקווע ראַדיאָ גערעדט וועגן 150 שולן, העכער אַ העלפֿט פֿון זיי אין אוקראַיִנע און מאָלדאַוויע. צו פֿרילינג צו פֿון דעם זעלבן יאָר האָט שוין דער וויצע־פֿאָרזיצער פֿונעם ראַט פֿאַר ענינים פֿון רעליגיעזע קולטור גערעדט בלויז וועגן הונדערט דאַוונשולן. צום סוף האָט דער זשורנאַל סססר אָנגעגעבן אין אַפּריל 1963 די צאָל 96, און ער האָט זיך דערבײַ פֿאַררופֿן אויפֿן מאָסקווער רבֿ לעווין.[15] ווען מען דערמאָנט זיך דעם רבֿ שליפֿערס אינפֿאָרמאַציע פֿון 1955 וועגן „העכער הונדערט" שולן, קומט ניט־ווילנדיק אויפֿן רעיון, אַז ס'האָט שוין פֿון לאַנג געמוזט קומען אַ דירעקטיוו פֿון אויטאָריטאַטיווע קרײַזן, אַז מען זאָל זיך האַלטן בײַ דער צאָל פֿון קרובֿ 100. צו דער ווירקלעכקייט האָט דאָס מסתּמא קיין שײַכות ניט.

מען מעג איצט מיט זיכערקייט זאָגן, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד גיט מען אָן אַ קינסטלעכע — כּדי ניט צו זאָגן אַן אַרויפֿגעצוווּנגענע — צאָל דאַוונשולן, וואָס איז פֿון פֿאָרויס באַשטימט צו זײַן קלענער ווי די צאָל שולן וואָס די סאָוועטישע רעליגיעזע ייִדן וואָלטן באַדאַרפֿט צו האָבן. ווען ניט, וואָלט מען

דאָך ניט געדאַרפֿט אָנווענדן אַזעלכע מאַסמיטלען פֿון ברוטאַלן צוואַנג צו פֿאַר־מאַכן די שולן.

דאָס יאָרבוך פֿון אַמעריקאַנער־ייִדישן קאָמיטעט פֿאַר 1964 גיט אָן, אַז אין משך פֿון די יאָרן 1962 און 1963 האָט מען פֿאַרמאַכט דאַוונשולן אין: רספּס״ר — סווערדלאָווסק, קאַזאַן, פּיאַטיגאָרסק און גראָזנע; אוקראַיִנע — לעמבערג, זשיטאָמיר, טשערנאָוויץ און זשמערינקע; און אין דער הויפּטשטאָט פֿון ווײַס־רוסלאַנד — מינסק, און אין דער געוועזענער הויפּטשטאָט פֿון ליטע — קאָוונע.[16] אינעם לעצטן באַנד (1955) פֿון יעזשעגאָדניק זאָגט זיך, אַז מאָסקווע לייקנט אַז ס׳זײַנען פֿאַרמאַכט געוואָרן די שולן אין מינסק און אין זשיטאָמיר: מען האָט זיי בלויז אַריבערגעפֿירט אין אַנדערע לאָקאַלן. אָבער דער זעלבער יעזשעגאָדניק איז מודיע, אַז אין אַ ריי קלענערע שטעטלעך האָט מען יאָ פֿאַרמאַכט שולן און אַז איבער די שולן פֿון טאַשקענט און אַלמאַ־אַטאַ הענגט אַ געפֿאַר.[16א] חוץ מאָסקווע, לענינגראַד און קיִעוו, ווו די מאַכט טאָלערירט די דאַוונשולן, מסתּמא כּדי אויסצומײַדן אַן אומבאַקוועמע לאַגע לגבי דעם מערבֿ, האַלט דאָס מיט די דאַוונשולן אַזוי שלעכט, אַז אין גיכן וועט מען שוין אפֿשר ניט האָבן וואָס צו פֿאַרמאַכן.

אָבער אויך אין מאָסקווע און אין לענינגראַד, ווו די מאַכט האָט זיך ניט דעצידירט צו פֿאַרמאַכן די דאַוונשולן, פֿאַרפֿאָלגט זי זיי אויף אַנדערע אופֿנים. אין ביידע שטעט האָט מען סוף 1961 פֿאַרפֿירט פּראָצעסן קעגן דער אָנפֿירונג פֿון די קהילות און מען האָט זיי באַשולדיקט אין „שפּיאָנאַזש לטובֿת אַ קאַפּי־טאַליסטישער מלוכה״. די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה, דאָס איז מדינת־ישׂראל, „שפּיאָנאַזש״ דאָס זײַנען שמועסן מיט מענטשן פֿון מדינת־ישׂראל און אפֿשר אויך מיט מענטשן וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער פֿאַרטרעטערשאַפֿט פֿון מדינת־ישׂראל וועגן דער לאַגע פֿון די ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין אָקטאָבער 1961 זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף דרײַ יאָר תּפֿיסה דרײַ מיטגלידער פֿון דער אָנפֿירונג פֿון דער מאָסקווער רעליגיעזער קהילה (ראָשאַל, גאָלדבערג און אַ דריטער). אין נאָוועמבער פֿון זעלבן יאָר 1961 האָט מען אויך פֿאַרמישפּט דרײַ לענינגראַדער: פּעטשערסקי אויף 12 יאָר, דינקין אויף 7, און קאַגאַנאָוו אויף 4 יאָר.[17] סוף חודש, דעם 28סטן נאָוועמבער, האָט די ייִדישע טעלעגראַפֿן־אַגענטור געבראַכט אַ ידיעה, אַז אין אַ ריי שטעט האָבן די מאַכטאָרגאַנען באַזײַטיקט פֿון די שטעלעס עטלעכע אָנפֿירערס פֿון ייִדישע רעליגיעזע קהילות: באַרדאַכן אין קיִעוו, פֿרידן אין מינסק, קאַאָבן אין ווילנע, יערוסאַלימסקי אין טאַשקענט, זילבערמאַנען אין ריגע.[18]

די צרות האָבן זיך אָנגעהויבן. דאָס באַזײַטיקן די פֿירערס פֿון די ייִדישע קהילות איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשײַנונג. דעם 10טן יוני 1964 האָט די ניו יאָרק העראָלד טריביון געשריבן, אַז די מאַכטאָרגאַנען האָבן באַזײַטיקט פֿון די שטעלעס דרײַ אָנגעזעענע מיטגלידער פֿון דער ייִדישער קהילה אין מאָסקווע און זיי פֿאַרביטן מיט דרײַ אַנדערע, וואָס איינעם פֿון זיי האָבן (על־פּי אַ ידיעה פֿון דער ייִדישער טעלעגראַפֿן־אַגענטור) די מאַכטאָרגאַנען באַשטימט פֿאַרן ראָש־הקהל.[19]

די קאַמפּאַניע קעגן די דאַוונשולן, קעגן די אָנפֿירערס פֿון די ייִדישע רעליגיעזע קהילות און זייערע אָנגעשטעלטע האָט זינט די זעכציקער יאָרן אָנגענומען זייער אַ שאַרפֿע פֿאָרעם. מילא, אַז מען ווערט באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש פֿאַרן האָבן צו טאָן מיט מענטשן פֿון מדינת־ישׂראל, איז דאָס אין די אויגן פֿון רובֿ מענטשן, ייִדן ווי ניט־ייִדן, נאָך ניט אַזאַ חרפּה. אָבער די לעצטע יאָרן האָט מען קעגן די דאַוונשולן גענומען אַרויסרוקן אַ סך שווערערע באַשולדיקונגען: באַשולדיקונגען אין כּלערליי שווינדלערײַען, אין מאַכן פֿון די דאַוונשולן באַהעלטענישן פֿאַר פֿאַרשיידענע קרימינעלע „אָפּעראַציעס" און פֿאַר אייך וועגס אויך צענטערס פֿון שיכּרות און כּלערליי מיאוסע מעשׂים. אָט דאָס איז כּלומרשט די סיבה, פֿאַר וואָס די מאַכטאָרגאַנען פֿאַרמאַכן די שולן — מיטן הסכּם פֿון וויל־מיינענדיקע ייִדן גופֿא, וואָס זײַנען אויפֿגעבראַכט צוליב די מיאוסע מעשׂים וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין די ווענט פֿון די דאַוונשולן.

אָט די אַנטיסעמיטיש־באַפֿאַרבטע קאַמפּאַניע איז אַן אינטעגראַלער טייל פֿונעם קאַמף קעגן יודאַיִזם וואָס מען האָט די לעצטע יאָרן גענומען פֿירן. (וועגן קאַמף מיטן יודאַיִזם וועט נאָך קומען צו רייד). אַ כאַראַקטעריסטישער און באַזונדער אָפּשטויסנדיקער מוסטער פֿון דער פּאָליטיק איז געווען די עפֿנטלעכע קאַמפּאַניע אין דער פּרעסע קעגן דער לעמבערגער דאַוונשול, איינע פֿון די גרעסטע און עלטסטע שולן אין מערבֿ־אוקראַיִנע, אין משך פֿון יאָר 1962 און וואָס האָט זיך פֿאַרענדיקט מיטן פֿאַרמאַכן די שול.[20]

די רדיפֿות אויף די דאַוונשולן דאָס איז דער וויכטיקסטער כּלי־זיין פֿון קאַמף פֿאַר אַ בהדרגהדיקן ליקווידירן די מעגלעכקייטן פֿון אַ ייִדישן רעליגיעזן לעבן. דעם זעלבן צוועק דינען די שוועריקייטן וואָס מען מאַכט אין שײַכות מיטן אויסבילדן כּלי־קודש. בײַ די פּראַוואָסלאַוונע — סײַ אין די רוסישע סײַ אין די גרוזינישע צערקוועס — און אין אַלע אַנדערע קריסטלעכע געבעט־הײַזער וואָס האָבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זייערע אַדעפּטן, בײַ די מוסולמענער און בײַ די בודיסטן זײַנען פֿאַראַן לערן־אַנשטאַלטן פֿאַר גײַסטלעכע. בײַ ייִדן איז זינט די ליקווידאַציעס אין דער צווייטער העלפֿט דרײַסיקער יאָרן פֿון די ייִדישע קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס ניט פֿאַרבליבן קיין שום לערן־אַנשטאַלט פֿאַר צוגרייטן כּלי־קודש. ווען מען האָט אין 1957 געעפֿנט די קליינע ישיבֿה אין מאָסקווע איז דאָס געווען אַ גרויסע געשעעניש בײַ די סאָוועטישע ייִדן ניט דווקא צוליב אָט דער ישיבֿה, נאָר ווי אַן אָנזאָג פֿון אַ מעגלעכן בײַט אין דער גאַנצער סאָוועטישער פּאָליטיק לגבי ייִדן. די דער־וואַרטונגען האָבן זיך ניט באַרעכטיקט. און אַפֿילו די ישיבֿה איז גאָר קיין מאָל ניט אַרויס פֿון דער אָנהייב־סטאַדיע און זי האָט אין קורצן גענומען זינקען. צו ערשט זײַנען דאָרטן געווען 35 תּלמידים, דער עיקר פֿון די אַ״ג מיזרחדיקע ייִדן (בוכאַרער און קאַווקאַזער). קיין נײַע תּלמידים האָט מען כּמעט ניט אָנגענומען, און צום סוף 1960 זײַנען געבליבן בלויז צוואַנציק תּלמידים, צו האַרבסט 1961 — בלויז 11, צו האַרבסט 1962 — זעקס. די פֿאַרקלענערונג פֿון דער צאָל תּלמידים האָט מען דערגרייכט מיט אַדמיניסטראַטיווע מיטלען: אָפּזאָג אין ווינרעכט (אויב מען האָט ניט קיין געזיכערטן ווינאָרט — „זשילפּלאָשטשאַד")

נאָכן צוריקקומען פֿון דער היים — אין 62/1961 האָט מען געמוזט פֿאָרן אַהיים שטימען בײַ די װאַלן — און צוליב דער זעלבער סיבה ניט דערלויבן צו קומען די נײַע תּלמידים קיין מאָסקווע.[21] פּאַקטיש האָט דאָס באַטײַט: בהדרגהדיק דערשטיקן די ישיבֿה. צו פֿרילינג 1963 איז די צאָל תּלמידים געפֿאַלן ביז פֿיר.[22] אין תּוך עקסיסטירט די ישיבֿה בלויז נאָמינעל.

די פּאָליטיק פֿון דערשטיקן דאָס ייִדישע רעליגיעזע לעבן איז אויך חל אויף רעליגיעזע חפֿצים: ס'איז אַבסאָלוט פֿאַרבאָטן זיי צו פּראָדוצירן. דערפֿאַר איז פּונקט ווי מיט דער ישיבֿה געווען אַ גרויס געשעעניש, ווען מען האָט אין 1957 דערלויבט אַרויסצוגעבן אַ סידור אין 10,000 עקזעמפּלאַרן און אַ לוח.[23] מען האָט זיי אויספֿאַרקויפֿט זייער גיך, און מער האָבן זיך שוין אַזעלכע „ליבע־ראַלע" זשעסטן ניט איבערגעחזרט.[24] ס'איז פֿאַרבאָטן צו פּראָדוצירן טליתים, תּפֿילין, אָדער מזוזות. ווען אַ טוריסט פֿון אויסלאַנד, אָדער אַ מיטאַרבעטער פֿון אַן אויסלענדישער מיסיע גיט אָפּ זײַנע פּערזענלעכע תּשמישי קדושה אַ סאָוועטישן ייִדן, זײַנען די מאַכטאָרגאַנען ניט צופֿרידן. רעליגיעזע חפֿצים אין אַ גרעסערער צאָל, וואָס מען צעטיילט אומזיסט, ווערט שוין גאָר באַטראַכט ווי אַן אומפֿאַרגײַנדלעכער אַקט לגבי דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין דעם פּרט איז כאַראַקטעריסטיש די אויפֿרעגונג פֿון איזוועסטיאַ, ווען זי האָט איבערגעגעבן, אַז אַן אַמעריקאַנער רבֿ האָט געפֿירט מיט זיך און צעטיילט אומזיסט קרובֿ 800 סידורים און אַנדערע רעליגיעזע חפֿצים.[25]

## אַ קאַמף קעגן מצות

די לעצטע יאָרן איז אויך פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן די פּראָבלעם מצות. ביז ניט־לאַנג איז די פּראָבלעם מצות אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ניט געשטאַנען אַפֿילו. אין דעם אָפֿיציעלן סאָוועטישן באַריכט אין דער יו־ען פֿון 11טן יולי 1956 איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז „אויף אַ פֿאַראָרדענונג פֿון דער רעגירונג פֿון פּסס"ר פֿאַרקויפֿן די מלוכישע קראָמען פֿון די האַנדלס־אָרגאַניזאַציעס אַ ספּעציעלן מין געבעקס מצות („אָפּרעסנאָקי") פֿאַר גלייביקע ייִדן א"אַנד, כּדי צו פֿאַרזיכערן די גלייביקע די מעגלעכקייט אָפּצוהיטן דעם ריטואַל.[26] לויט אַלע וואַרשײַנ־לעכקייטן איז ביזן יאָר 1956 טאַקע אַזוי געווען. די שוועריקייטן האָבן זיך אָנגעהויבן אין 1957. דער פֿאַרבאָט צו באַקן מצות אין די מלוכישע בעקערײַען און צו פֿאַרקויפֿן זיי אין די מלוכישע קראָמען איז אײַנגעפֿירט געוואָרן בהדרגה. צו ערשט איז דער פֿאַרבאָט אײַנגעפֿירט געוואָרן אין 1957 אין כאַרקאָוו, און יאָר נאָך יאָר האָט זיך דער פֿאַרבאָט אויסגעשפּרייט אויף אַנדערע ערטער. אין 1960 האָט שוין דער פֿאַרבאָט אין אוקראַיִנע און אין מאָלדאַוויע געטראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער; אין 1961 איז שוין דער פֿאַרבאָט געווען חל אויף גאַנץ רוסלאַנד חוץ מאָסקווע און לענינגראַד, טראַנסקאַווקאַז און מיטל־אַזיע; אין 1962 איז דער פֿאַרבאָט שוין געווען חל אומעטום;[27] אין 1963 האָט מען איבערגעחזרט דעם פֿאַרבאָט,[28] און דאָס זעלבע אין 1964 און 1965.

אַ פֿאַרבאָט צו באַקן מצות אין מלוכישע בעקערײַען מיינט נאָך ניט אַ פֿאַרבאָט צו באַקן מצות בכלל. די ייִדן האָבן אַ ברירה צו באַקן מצות בײַ זיך

אין דער היים, אָבער אין סאָוועטישע באַדינגונגען איז דאָס אָפֿט אוממעגלעך. אָבער מען האָט ניט געשטערט די ייִדישע רעליגיעזע קהילות צו אָרגאַניזירן דאָס באַקן מצות, און אין די פּופּציקער יאָרן האָט זיך די פּראַקטיק גענומען איינבירגערן. נאָר אין 1963 איז געקומען אַ פֿרישער קלאַפּ. מען האָט באַפֿוילן די קהילות אין לענינגראַד, אין קיִעוו און אין ריגע צו פֿאַרמאַכן זייערע גוט־איינגעאָרדנטע בעקערייען.[29] אין מאָסקווע האָט די גרויסע שול ניט געהאַט קיין דערלויבעניש אויף צו עפֿענען אַ בעקערײַ ביז 1964. אָבער ווען זי האָט שוין די דערלויבעניש יאָ געקריגן, האָט מען איר געמאַכט אַזוי פֿיל שוועריקייטן, אַז די געעפֿנטע בעקערײַ איז ניט געווען בכּוח צו באַזאָרגן אַלע גלייביקע ייִדן אין מאָסקווע מיט מצות.[30]

אין דער סיטואַציע איז ניט קיין וווּנדער, אַז ס'האָט זיך גענומען פֿאַרשפּרייטן די פּראַקטיק פֿון באַקן מצות צום פֿאַרקויפֿן אויף אַ פּריוואַטן שטייגער, געוויינטלעך צו באַזאָרגן אַ באַשטימטן באַגרענעצטן קרײַז מענטשן; אָפֿט האָט זיך צונויפֿגענומען אַ גרופּע וואָס האָט אויסגעטיילט פֿון זיך איין, צוויי, אָדער דרײַ פּערזאָן, זיי זאָלן פֿאַר אַ באַשטימטן אָפּצאָל נעמען אויף זיך די אויפֿגאַבע צו באַזאָרגן מיט מצות די גאַנצע גרופּע. אין קורצן האָט דאָס צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די מאַכטאָרגאַנען, און אַפּריל 1963 איז אין מאָסקווע פֿאָרגעקומען אַ פּראָצעס קעגן פֿיר ייִדן וואָס האָבן געבאַקן מצות צום פֿאַרקויפֿן. ס'האָט ניט געהאָלפֿן, וואָס דאָס געריכט האָט אויסגעפֿונען, אַז די גאַנצע „אונטערנעמונג" איז געווען אַ דלות. האָט מען אַלע פֿיר דערקלערט פֿאַר שולדיק. אמת, דעם הויפּט־באַשולדיקטן האָט מען צוליב זײַן עלטער (82 יאָר) און שוואַכן געזונט באַפֿרײַט פֿון שטראָף, אָבער די אַנדערע דרײַ האָט מען פֿאַרמישפּט: איינעם אויף אַ יאָר און צוויי פֿרויען, ביידע אין די פּופּציקער יאָרן, צו 6 חדשים תּפֿיסה.[31] דער פּראָצעס האָט משמעות געהאַט פֿאַר אַ ציל אָפּצושרעקן די אַלע וואָס וואָלטן זיך געוואָלט פֿאַרנעמען מיט באַקן מצות צום פֿאַרקויפֿן. פֿאַרשטייט זיך, אַז ביז אַ געוויסן גראַד האָט דער פּראָצעס זײַן ציל דערגרייכט.

די פּרוּוון פֿון ייִדן אין אויסלאַנד צו פֿאַרגרינגערן אין דעם פּרט די לאַגע פֿון די סאָוועטישע ייִדן האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן. קיין אָפֿענער פֿאַרבאָט צו שיקן פּעקלעך מצות אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז ניט געווען. פֿאַרקערט: פֿעברואַר 1964 האָט די סאָוועטישע אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן אָפֿיציעל געמאָלדן, אַז אינדיווידועלע פּעקלעך מצות וועט מען אַרײַנלאָזן אומגעשטערט (נאָכן אָפּצאָלן אין אויסלאַנד דעם אימפּאָרט־שטײַער), און זי האָט אַפֿילו פֿאַרעפֿנטלעכט אַ רשימה פֿון פֿינף פֿירמעס וואָס האָבן געקריגן אַ דערלויבעניש צו שיקן פּעקלעך מצות אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.[32] אין דער ענגלישער פּרעסע האָט מען מודיע געווען וועגן דעם אויסבײַט פֿון טעלעגראַמעס פֿון דעם מאָסקווער רבֿ פֿון דער מאַרינאַ־ראָשטשער שול און דעם פֿאָרזיצער פֿון דער מאַרינאַ־ראָשטשער ייִדישער קהילה מיט דעם רבֿ־הכּולל פֿון ענגלאַנד ד"ר ישׂראל בראָדי וואָס שייך דער אָרגאַניזאַציע פֿון ענגלישן ראַבינאַט צו שיקן פּעקלעך מצות אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.[33] דער געדאַנק צו שיקן די פּעקלעך

מצות האָט זיך שטאַרק אָנגענומען בײַם ייִדישן עולם אין אויסלאַנד, ספּעציעל אין ענגלאַנד, אין אַמעריקע און אין מדינת־ישׂראל. אָבער פּלוצלונג האָט די מאָסקווער אַדמיניסטראַציע אָנגעהויבן מאַכן שטערונגען. דער לאָנדאָנער דזשוּיש קראָניקל האָט דעם 17טן אַפּריל 1964 געמאָלדן, אַז אַרום 260 פּעקלעך מצות וואָס מען האָט אויף פּסח אַרויסגעשיקט קיין מאָסקווע, האָבן זיך אומגעקערט קיין לאָנדאָן אויף אַ פֿאַראָרדענונג פֿון די מאָסקווער מאַכטאָרגאַנען; אַרום 20 טויזנט טאָן מצות פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן ליגן אין די שפּײַכלערס פֿון די סאָוועטישע צאָלאַמטן; מען זאָגט זיך אָפּ אַרויסצוגעבן די פּעקלעך וואָס זײַנען אַדרעסירט צו ייִדן אין קיִעוו, אין טאַשקענט, אין סאַמאַרקאַנד און אַנדערע ערטער.[34]

ס'איז נאָך געווען ערגערס אויך. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע קאַמפּאַניע צו צווינגען די סאָוועטישע ייִדן, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן אָנצונעמען אַזעלכע פּעקלעך מיט דעמאָנסטראַטיווע פּראָטעסטן און דערקלערונגען, אַז זיי זײַנען אויפֿגעבראַכט שוין צוליבן פֿאַקט גופֿא, וואָס מען שיקט אַזעלכע פּעקלעך. דעם 17טן מאַרץ 1964 איז אין פּראַוודאַ וואָסטאָקאַ (טאַשקענט) געווען אָפּגעדרוקט אַ כּמעט אומגלייבלעך־וווּלגאַרער אַרטיקל פֿון דעם פֿאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר פֿון דער סאַמאַרקאַנדער צײַטונג לענינסקי פּוט אַ. טאַנבעלסאָן. ער האָט די פּעקלעך מצות וואָס קומען פֿון ענגלאַנד כאַראַקטעריזירט ווי אַן „אידעאָלאָגישע דיווערסיע". אָבער „אַנשטאָט תּפֿילות שיקן די גלייביקע אויפֿן אַדרעס פֿון די ענגלישע 'פֿילאַנטראָפּן' אַזעלכע ווערטער וואָס מען קען אין די צײַטונגען ניט שרײַבן". אין דעם אַרטיקל ווערן ציטירט עטלעכע בריוו פֿון „אַרבעטנדיקע ייִדן" וואָס פּראָטעסטירן קעגן דעם, וואָס מען האָט זיי געשיקט די פּעקלעך, און זיי האַלטן דאָס פֿאַר „שענדלעכע אַקטן וואָס באַליידיקן דעם כּבֿוד און די ווערדע פֿון סאָוועטישע בירגערס". אין פֿיר טעג אַרום האָט דעם אַרטיקל פֿון פּראַוודאַ וואָסטאָקאַ איבערגעדרוקט די איזוועסטיאַ, און דאָס האָט תּיכּף געהאַט אַ ברייטן אָפּקלאַנג. דעם 22סטן מאַרץ איז געווען אָפּגעדרוקט אַן ענלעכער אַרטיקל אין סאָוועטסקאַיאַ בעלאָרוסיאַ („די דיווערסיע פֿון די גע־טרײַסטע דינערס פֿון זײַן אויסגעלאַסנקייט דעם קאַפּיטאַל", „שאַנטאַזש", „פּראָ־וואָקאַטאָרישע פּעקלעך", „פּראָוואָקאַטאָרישע, באַליידיקנדיקע אָנגריפֿן מצד די רעדל־פֿירערס פֿון דער לאָנדאָנער ייִדישער קהילה קעגן סאָוועטישע מענטשן"); דעם 25סטן מאַרץ — אין וועטשערני לענינגראַד („דאָס איז דאָך אַ חוצפּה!", „צי איז דאָס ניט קיין פּראָוואָקאַציע?"); דעם זעלבן טאָג האָט דער בִּיראָ־בידזשאַנער שטערן איבערגעדרוקט (אויף ייִדיש) דעם אַרטיקל פֿון פּראַוודאַ וואָסטאָקאַ; דעם 26סטן מאַרץ האָט זיך אין דער קאַמפּאַניע אָנגעשלאָסן די סאָוועטסקאַיאַ מאָלדאַוויאַ, דעם 27סטן מאַרץ — די סאָוועטסקאַיאַ לאַטוויאַ, דעם 28סטן מאַרץ — וועטשערני קיִעוו אאַז"וו,[35] און אומעטום מיט ייִדישע אונטערשריפֿטן. ביז וואָס פֿאַר אַ גראַד דערנידעריקונג האָט מען געדאַרפֿט דערפֿירן די ייִדן, ווי שטאַרק האָט מען זיי געדאַרפֿט אָנשרעקן, כּדי זיי צו צווינגען צו שרײַבן (אָדער אונטערשרײַבן) אַזעלכע מינים דערקלערונגען און אַרטיקלען.

על־פּי נאָך ניט אין גאַנצן געניויע ידיעות איז די לאַגע אין מאָסקווע און אין לענינגראַד ניט געווען נאָך אַזוי שלעכט: די ייִדישע קהילות אין די צוויי שטעט האָבן זיך בעסער אָן עצה געגעבן מיטן באַקן מצות, אָבער אין דער פּראָווינץ זײַנען אין אַ סך ערטער ייִדן געבליבן אָן מצות אויף פּסח (פֿון די גרעסערע שטעט האָט ספּעציעל געליטן קיִעוו). די צאָל אויסלענדישע פּעקלעך האָט זיך משמעות שטאַרק פֿאַרקלענערט, אָבער וועגן דעם קאַמף קעגן די פּעקלעך ווי אָן „אידעאָלאָגישע דיווערסיע", זײַנען קיין ידיעות פֿאַרן יאָר 1965 ניט דערגאַנגען.

די פּראַקטיק פֿון פֿאַרמאַכן די דאַוונשולן, שעדיקן ייִדישע בית־עלמינס, מיט כּלערליי מיטלען שטערן די ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אָפּצוהיטן די פֿאָר־שריפֿטן פֿון דער ייִדישער רעליגיע האָט צוגעצויגן צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער אַמעריקאַנער עפֿנטלעכער מיינונג. ווען דער פֿאַרטרעטער פֿון פֿאָר־זיצער פֿון מיניסטאַרן־ראַט פֿון פֿסס"ר פֿראָל קאָזלאָוו איז סוף יוני 1959 געווען אין ניו־יאָרק, האָבן די צײַטונגס־קאָרעספּאָנדענטן אים אָנגעהויבן שטעלן פֿראַ־געס וועגן דער לאַגע פֿון דער ייִדישער רעליגיע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. קאָזלאָוו האָט דעם 2טן יולי 1959 פֿאַרעפֿנטלעכט אַ דערקלערונג, די ידיעות וועגן אָן אָנגריף אויף די רעליגיעזע געפֿילן פֿון די ייִדן איז בפֿירוש אויסגעטראַכט. „קיין איין דאַוונשול האָט מען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ניט פֿאַרמאַכט. למשל ס'זײַנען דאָ דאַוונשולן אין מאָסקווע, אין לענינגראַד און אין קיִעוו".[36] אָט דער „למשל" האָט אויסגעזען נאָך ווייניקער איבערצײַגעוודיק צוליב דעם, וואָס אין קיין איינער פֿון די פּרטימדיקע אינפֿאָרמאַציעס וועגן פֿאַרמאַכן, אָדער אָפּזאָגן זיך צו רעגיסטרירן, דאַוונשולן (און דאָס איז געווען די דירעקטע סיבה, וואָס מען האָט זיך געווענדט צו קאָזלאָוון) זײַנען ניט געווען דערמאָנט די מאָסקווער, די לענינגראַדער, אָדער קיִעווער שולן. וועגן זיי האָט מען געוווּסט, אַז זיי האָבן זיך אויפֿגעהיט אין אַ פֿאַרהעלטעניש־מעסיק באַפֿרידיקנדיקן צושטאַנד, משמעות פֿאַר אויסלאַנד וועגן. אויף צו מאָרגנס האָט דער פֿאָרזיצער פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס ד"ר יאָאַכים פּרינץ פֿאַרעפֿנטלעכט אָן ענטפֿער אויף קאָזלאָווס דערקלערונג, ווו ער רעכנט אויס אַ ריי שטעט מיט פֿאַרמאַכטע דאַוונשולן, און ער ווענדט זיך צו קאָזלאָוון:[37]

„מיר וואָלטן באַגריסט דעם הער קאָזלאָווס אַ דערקלערונג, אַז מען וועט צוריק עפֿענען אָט די שולן. מיר וואָלטן אויך באַגריסט זײַנס אַ דערקלערונג, אַז די ייִדישע קהילות, וואָס די מאַכטאָרגאַנען האָבן אָנ־גענשראַקן זייערע מיטגלידער און זיי געצוווּנגען אונטערצושרײַבן אַ דער־קלערונג, אַז זיי ווילן זיך ניט צונויפֿקומען דאַווענען אַפֿילו אין פּרי־וואַטע היימען אויך ניט — ספּעציעל אין כאַרקאָוו, אין באָברויסק און אין טולע — וועט מען צוריקגעבן אָט די מינימאַלע מענטשלעכע רעכט".

אויב קאָזלאָוו וואָלט נאָר געוואָלט, האָט ער געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו ענטפֿערן יאָאַכים פּרינצן אויף אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ דעם 12טן יולי ערבֿ זײַן אָפּפֿאָר פֿון אַמעריקע. נאָר ער האָט ניט אויסגענוצט די געלעגנהייט און ער האָט זיך בלויז באַנוגנט מיט אַ דערקלערונג, אַז די ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד

געניסן פֿון פֿולער רעליגיעזער פֿרײַהייט און אַז וועגן אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, אָדער וועגן וואָסערע ניט איז דיסקרימינאַציע לגבי ייִדן קענען ריידן בלויז מענטשן וואָס ווייסן ניט ווי ס׳זעט אויס די ווירקלעכקייט. כּדי די אַרגומענטאַציע זאָל זײַן מער איבערצײַגעוודיק האָט מען צו דער קאָנפֿערענץ ניט פֿאַרבעטן די פֿאַרשטייערס פֿון דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּרעסע און ניט די קאָרעספּאָנדענטן פֿון דער ישׂראלדיקער פּרעסע.[38]

סעפּטעמבער 1959, ווען כּרושטשאָוו איז געקומען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און די ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן געוואָלט צו אים שיקן אַ דעלעגאַציע, האָט כּרושטשאָוו זיך אָפּגעזאָגט זי אויפֿצונעמען.

אין 1959 האָט מען זיך נאָך געוווּנדערט אויף אַזעלכע זאַכן. איצט האָט מען זיך שוין צוגעוווינט צו אַזוינע מעטאָדן פֿון דער סאָוועטישער דיפּלאָמאַטיע. אָבער צו דעם נײַעם מין סאָוועטישע רדיפֿות אויף דער ייִדישער רעליגיע — און איצט שוין פּאַקטיש אויף ייִדן בכלל — קען מען זיך נאָך בשום־אופֿן ניט צוגעוווינען.

## מען קעמפֿט מיט יודאַיִזם

אין ראַטן־פֿאַרבאַנד פֿירט מען שוין דעם קאַמף מיט רעליגיע פֿון לאַנג און מען פֿירט אים מיט גרויס עקשנות. דער קאַמף מיט דער ייִדישער רעליגיע איז אַלע מאָל געווען אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דעם אַלגעמיינעם קאַמף. אָבער זינט סוף פֿערציקער יאָרן האָט דער קאַמף מיט דער ייִדישער רעליגיע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד בהדרגהדיק אָנגענומען אַ זעלבשטענדיקן באַטײַט; דער קאַמף ווערט דיקטירט ניט בלויז, און אָפֿט אַפֿילו ניט דווקא צוליב אַלגעמיינע אַנטי־רעליגיעזע מאָטיוון, נאָר צוליב מאָטיוון וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט די חשבונות פֿון דער סאָוועטישער אויסנווייניקסטער פּאָליטיק אויפֿן נאָענטן מיזרח (וועגן דעם וועט קומען צו רייד אינעם עלפֿטן קאַפּיטל פֿון דעם בוך); צו דעם קומט נאָך צו די אינערציע פֿון אַנטיסעמיטיזם, (וואָס אויף דעם האָט מען זיך ניט גערעכנט), וואָס איז ביז אַ געוויסן גראַד געוואָרן אַ זעבלשטענדיקער פֿאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פֿונעם ראַטן־פֿאַרבאַנד.

באַלד נאָך סטאַלינס טויט, ווען ס׳האָבן זיך אינעם געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישן לעבן פֿון לאַנד באַוויזן די ערשטע סימנים פֿון דער שוין איצט באַקאַנטער „אָדליגע״, איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אויך אינעם קאַמף מיט רעליגיע. דעם 10טן נאָוועמבער 1954 האָט דער צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי אָנגענומען אַ ברייטע רעזאָלוציע „וועגן די פֿעלערן בײַם פֿירן די וויסנשאַפֿטלעך־אַטעיִסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער באַפֿעלקערונג״.[39] אין דער רעזאָלוציע ווערט בפֿירוש אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט צו פֿירן „אַ סיסטעמאַטישע וויסנשאַפֿטלעך־אַטעיִסטישע פּראָפּאַגאַנדע״, אָבער דערבײַ ווערט דאָרטן אַ סך מאָל אונטערגעשטראָכן „די ניט־דערלאָזלעכקייט פֿון באַליידיקן די רעליגיעזע געפֿילן פֿון די גלייביקע און אויך פֿון די דינערס פֿון אַ קולט״. די רעזאָלוציע האָט פֿאַראורטיילט די „גראָבע פֿעלערן״ וואָס מען באַגייט אין דער וויסנשאַפֿטלעך־אַטעיִסטישער פּראָפּאַגאַנדע „אין אַ ריי ערטער״:

„אַנשטאָט צו אַנטוויקלען אַ סיסטעמאַטישע, מאָרודנע אַרבעט פֿון פּראָפּאַגירן נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכע קענטעניש און פֿון אידעיִשן קאַמף מיט רעליגיע דערלאָזט מען אין איינציקע צענטראַלע און אָרטיקע צײַטונגען און אויך אין אַרויסטרעטונגען פֿון לעקטאָרן און רעפֿערענטן באַליידיקנדיקע אָנגריפֿן קעגן גײַסטלעכע און גלייביקע וואָס פּראַווען רעליגיעזע צערעמאָניעס. ס'זײַנען פֿאַראַן פֿאַלן, ווען אויף די זײַטן פֿון דער פּרעסע און אין אַרויסטרעטונגען בעל־פּה שטעלן די פּראָפּאַגאַנדיסטן פֿאַר די דינערס פֿון רעליגיעזע קולטן און די גלייביקע, אַ שום גרונד ווי מענטשן וואָס פֿאַרדינען ניט קיין פּאָליטישן צוטרוי. אין טייל ראַיאָנען האָבן אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און באַזונדערע גרופּעס דערלויבט אַדמיניסטראַטיווע אַרײַנמישונג אין דער טעטיקייט פֿון רעליגיעזע פֿאַראיינען און גרופּעס, און אויך אַ גראָבע באַציִונג צו גײַסטלעכע".

דער צ"ק האָט פֿאַראָרדנט אַלע פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס „אין דער צוקונפֿט פֿאַר קיין שום פֿאַל ניט צולאָזן באַליידיקן די געפֿילן פֿון די גלייביקע און די כּלי־קודש און ניט צולאָזן קיין אַדמיניסטראַטיווע אַרײַנמישונג אין רעליגיעזער טעטיקייט". ער האָט זיך פֿאַררופֿן אויף דעם, אַז די גרײַזיקע פּראַקטיק „איז אין סתּירה צו דער קאָנסטיטוציע פֿון פֿסס"ר, וואָס גיט אַלע סאָוועטישע בירגערס די פֿרײַהייט פֿון געוויסן".

די רעזאָלוציע האָט מען קיין מאָל שטרענג ניט אָפּגעהיט, אָבער זי האָט פֿאָרט געבראַכט אַ קענטיקע פֿאַרמילדערונג פֿון די עקסטרעמען אין דער אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. אָט די פֿאַרמילדערונג האָט זיך פֿון אָנהייב אָן שוואַכער אָנגעזען אין דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער ייִדישער רעליגיע. אָבער זי האָט זיך אַ שטיקל צײַט אָנגעזען דאָ אויך. אָבער אין קורצן האָט מען צו דעם געמאַכט אַ סוף. מײַ 1957, אויף אַן אַנטירעליגיעזער קאָנפֿערענץ אין מאָסקווע („אַלפֿאַרבאַנדישער באַראַטונג־סעמינאַר וועגן וויסנשאַפֿטלעך־אַטעיִסטישע פּראָבלעמען") זײַנען צוויי רעפֿערענטן —ביידע ייִדן — דער מיטגליד פֿון דער סאָוועטישער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿטן און רעדאַקטאָר פֿון וואָפּראָסי פֿילאָסאָפֿיִי, אַ מיטגליד פֿון צ"ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי, מאַרק מיטין און דער פֿאַרטרעטער פֿונעם דירעקטאָר פֿון מוזיי פֿון רעליגיע און אַטעיִזם אין לענינגראַד מיכאַיל שאַכנאָוויטש אַרויסגעטראָטן לטובֿת אַן אַנטשיידענער פֿאַרשטאַרקונג פֿון קאַמף מיטן יודאַיִזם.[40] די קאָנפֿערענץ איז געווען אַ קער־פּונקט אין דער אַנטוויקלונג פֿונעם קאַמף מיט דער ייִדישער רעליגיע. זינט דעמאָלט רײַסט זיך דער קאַמף אָפּ ענדגילטיק פֿון דעם אַלגעמיינעם קאַמף מיט רעליגיע און ער נעמט אָן אין אַ פֿאַרשאַרפֿטער פֿאָרעם די אַלע שטריכן, וואָס די אויבן ציטירטע רעזאָלוציע פֿון צ"ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי האָט פֿאַר־אורטיילט אין שײַכות מיט „די פֿעלערן בײַם פֿירן וויסנשאַפֿטלעך־אַטעיִסטישע פּראָפּאַגאַנדע"; ער נעמט אַלץ בולטער אָן דעם כאַראַקטער ניט פֿון אַ קאַמף מיט דער ייִדישער רעליגיע, נאָר קעגן ייִדן בכלל. דאָס אַלץ איז דוכט זיך געקומען אין אַ געוויסער מאָס צום אויסדרוק אינעם בײַט פֿון דער טערמינאָלאָגיע: „די וויסנשאַפֿטלעך־אַטעיִסטישע פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער ייִדישער רעליגיע" האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ „קאַמף מיטן יודאַיִזם".

דער קאַמף ווערט געפֿירט סײַ אין פּראָפּאַגאַנדיסטישע ראַמען סײַ אין דער

פּראַקטיק. וואָס שייך דער פּראָפּאַגאַנדע, האָט מען אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל בראָשורן, ווו די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער ייִדישער רעליגיע פֿלעכט זיך אַלץ ענגער צונויף מיטן קאַמף קעגן מדינת־ישׂראל און קעגן ציוניזם און קעגן ייִדן בכלל. דאָס גרייט צו דעם באָדן פֿאַר דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון אַנטיסעמיטיזם, אָדער פֿאַרן בפֿירושן אַרײַנקײַקלען זיך אין דער אַנטי־סעמיטישער בלאָטע. פּראַקטיש איז דאָס געקומען צום אויסדרוק זינט 1958 אין דער ברייטער קאַמפּאַניע צו פֿאַרמאַכן די דאַוונשולן וואָס האָט אין משך פֿון אַ קורצער צײַט אָנגענומען זייער אַ גראָבן כאַראַקטער (זען וועגן דעם פֿרי־ער אין טעקסט).

אין דער ליטעראַטור צום קאַמף מיטן יודאַיִזם שפּילן אין די לעצטע יאָרן אַ ספּעציעל אַקטיווע ראָלע פֿיר מחברים: מויסיי בעלענקי, מיכאַיִל שאַכנאָוויטש, פֿ. מאַיאַצקי און טראָפֿים קיטשקאָ.[41] בעלענקי און אין אַ קלענערער מאָס שאַכנאָוויטש באַמיִען זיך נאָך צו בלײַבן אין די ראַמען פֿון היסטאָרישער ווויסנשאַפֿט און קריטישער טעאָלאָגיע. דאָס איז אַ קאַמף מיט רעליגיע אינעם ענגען זינען, וואָס נאָר זעלטן פֿלעכט ער זיך דורך מיט דער הײַנטצײַטיקער פּאָליטיק. מאַיאַצקי און ספּעציעל קיטשקאָ זײַנען פֿאַרשלונגען פֿון אַ גאַנץ אַנדערן קאַמף מיטן יודאַיִזם. היסטאָרישע און קריטיש־טעאָלאָגישע אַרגומענטן, אויב זיי שפּילן בכלל אַ ראָלע אין זייער שרײַבן, שפּילן זיי נאָר אַ הילפֿסראָלע. זיי קעמפֿן ניט מיט דער ייִדישער רעליגיע, נאָר מיט דער שטרעבונג פֿון סאָוועטישן ייִדנטום אײַנצוהאַלטן זײַן נאַציאָנאַליטעט און מיט זײַן שטרעבונג אײַנצוהאַלטן די פֿאַרבינדונג מיטן ייִדנטום אין אויסלאַנד און גאָר באַזונדער מיט די סימפּאַטיעס פֿון סאָוועטישע ייִדן צו מדינת־ישׂראל. די ייִדישע רעלי־גיעזע קהילה אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז די אייןציקע איבערגעבליבענע געזעל־שאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציע פֿון ייִדן. איז אויב מאַיאַצקי באַגרענעצט זיך אין תּוך צו אַ פֿאַרביסענעם קאַמף מיט ייִדישע סימפּאַטיעס פֿאַר מדינת־ישׂראל (מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו דעם אינעם עלפֿטן קאַפּיטל), גייט קיטשקאָ אַוועק ווײַטער. ער פּרוווט מיט אַלע כּוחות צו דיסקרעדיטירן די ייִדישע רעליגיעזע קהילה און איר צענטער — די דאַוונשול. אין זײַן קאַמף באַנוצט ער זיך מיט עכט־היטלערשע מעטאָדן פֿון אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע.

אין זײַן אַרטיקל „וואָס לערנט די ייִדישע מאָראַל" (1962) האָט קיטשקאָ געשריבן וועגן עצם פֿון דער ייִדישער עטיק:

> „די גאַנצע גלויבנסלערע פֿון יודאַיִזם איז דורכגעדרונגען ניט מיט דער אידעע פֿון אַרבעט, נאָר מיט שמאָלן פּראַקטיציזם, מיט דער זאָרג פֿאַר פּראָפֿיטן, מיט ליבע צו געלט, מיטן גײַסט פֿון עגאָיִזם. דער גאַנצער קולט פֿון יודאַיִזם — דאָס איז האַנדל איבערגעזעצט אויף דער שפּראַך פֿון רעליגיע. דאָס פֿאַרקויפֿן מצות, אָדער עליות, אַ לוויה, אָדער אַ ברית, אַ חתונה, אָדער אַ גט — אומעטום קריכט אויפֿן ערשטן אָרט אַרויס דאָס געלט, די פֿאַראַכטונג צו פּראָדוקטיווער אַרבעט".

פּונקט אַזוי ווערן פֿאַרטײַטשט די צען געבאָט. אין זיין לעצטן בוך „יודאַיִזם אָן באַפּוצונגען" (1963) קערט זיך קיטשקאָ אום צו זײַן באַליבטן געדאַנק, אַז די

צען געבאָט פֿאַרווערן פֿאַרברעכנס נאָר קעגן ייִדן, אָבער קעגן ניט־ייִדן, לחלוטין ניט. ער שפּאַרט אונטער דעם געדאַנק מיט אַ קאַריקאַטור „בן־גוריון בײַ דער אַרבעט״: ס׳ווערן פֿאַרגעשטעלט די לוחות מיט די געבאָטן, אָבער בן־גוריון שטרײַכט אומעטום אויס דעם „לא״, און ס׳ווערט פֿון זיי „זאָלסט הרגענען״, „זאָלסט גנבֿענען״ אאַז״וו.

אין קיטשקאָס בוך זײַנען פֿאַראַן דרײַ עיקרדיקע אידעען: 1) די ייִדישע רעליגיע האָט זיך פֿאָרמירט ווי אַ רעליגיע פֿון אַ מלוכה פֿון שקלאַפֿן־אייגנטימערס און שפּעטער איז זי געוואָרן אַ רעליגיע פֿון הענדלערס; 2) די דאַוונשול איז אַ צענטער, וווּ זשוליקעס מאַכן זייערע פֿינצטערע געשעפֿטן און די אַדמיניסטראַציע פֿון דער שול באַשטייט פֿון לויטער זשוליקעס וואָס נעמען צו פֿאַר זיך די הכנסות פֿון דער שול, און זיי קריגן זיך און רײַסן זיך אַרום איבער דער חלוקה פֿונעם רויב; 3) די ייִדישע רעליגיע און מדינת־ישׂראל דאָס זײַנען אַ כּלי־זײַן פֿון דער אימפּעריאַליסטסישער פּאָליטיק פֿון די קאַפּיטאַליסטישע גרויסמאַכטן און פֿריִער פֿאַר אַלץ פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וואָס איז מיט זײַן שאַרף געווענדט קעגן די לענדער פֿון סאָציאַליזם און פֿריִער פֿאַר אַלץ קעגן פֿסס״ר. קורץ (ווי דאָס איז פֿאָרמולירט אויף דער צווייטער זײַט פֿונעם טיטבלאַט): „די ייִדישע רעליגיע האָט אין זיך אַרײַנגענומען און קאָנצענטרירט דאָס רעאַקציאָנערסטע און דאָס אַנטימענטשלעכסטע וואָס איז פֿאַראַן אין די שריפֿטן פֿון די הײַנטצײַטיקע רעליגיעס״.

קיטשקאָס בוך האָט — ניט אַזוי צוליבן ציניש טעקסט ווי צוליב דער גרויטער צאָל קאַריקאַטורן אין גײַסט פֿון דעם היטלערישן זשורנאַל Der Stürmer און זײַן רעדאַקטאָר יוליוס שטרײַכער — אַרויסגערופֿן אָן אַ שיִעור פּראָטעסטן אין אויסלאַנד. דאָס מאָל זײַנען געוואָרן אויפֿגעבראַכט אויך ברייטע קרײַזן מערבֿדיקע קאָמוניסטן און זייערע סימפּאַטיקערס. אין דעם אַמעריקאַנער חודש־זשורנאַל דזשוּיש קאַרענטס (אַ פּראָקאָמוניסטישער זשורנאַל וואָס האַלט זיך אין ייִדישע פֿראַגן אומאָפּהענגיק) האָט דער רעדאַקטאָר געשריבן נאָך דעם ווי ער האָט בלויז געזען דאָס בוך (נאָך איידער ער האָט זיך באַקענט מיטן טעקסט): בלויז פֿון דעם ווי ס׳זײַנען אין די אילוסטראַציעס פֿאַרגעשטעלט די ייִדן, קען מען זען, אַז דאָס בוך טראָגט „בלי ספֿק אַ בולטן אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער״. [42] אין אַ חודש אַרום האָט דער זעלבער זשורנאַל אָפּגעדרוקט אַ פֿולדיקע כראָניק פֿון אָפּרופֿן אין די לינקע און קאָמוניסטישע קרײַזן אויף קיטשקאָס יודאַיִזם אָן באַפּוצונגען:[43]

„די מאָרגן־פֿרײַהייט האָט נאָך דעם 1טן מאַרץ אָנגעפֿרעגט איר קאָרעספּאָנדענט אין מאָסקווע וועגן דעם בוך, און דעם 11טן מאַרץ האָט זי אינפֿאָרמירט, אַז דער קול העם, דער קאָמוניסטישער אָרגאַן אין מדינת־ישׂראל האָט דעם 6טן מאַרץ קריטיקירט די באַליידיקנדיקע קאַריקאַטורן. אין דער קאָמיסיע פֿאַר מענטשנרעכט אין דער יו־ען האָט דער פֿאָרשטייער פֿון אוקראַיִנע פּיאָטר נעדבײַלאָ באַשטעטיקט, אַז דאָס בוך האָט פּובליקירט די אוקראַיִנישע אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿטן און איין קאַריקאַטור האָט ער פֿאַרטיידיקט. אין פּאַריז האָט די לינקע ייִדישע צײַטונג נײַע פּרעסע דעם 17טן מאַרץ אויסגעדריקט איר ׳דערצערענונג׳

אין אַ לייטאַרטיקל אויף דער ערשטער זײַט א״נ ׳מיר פֿאַראורטיילן׳. דאָס קאַנאַדער וואָכנבלאַט, אַ ייִדישער לינקער אָרגאַן האָט דעם 19טן מאַרץ אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל א״נ ׳מיר זײַנען אויפֿגעטרייסלט׳. אין ניו־יאָרק איז דעם 19טן מאַרץ די מאָרגן־פֿרײַהייט אַרויס מיט אַן אויס־פֿירלעכן לייטאַרטיקל א״נ ׳די אַנטיסעמיטישע קאַריקאַטורן מוזן ווערן פֿאַראורטיילט און די שולדיקע באַשטראָפֿט׳.

פֿרײַטיק דעם 20סטן מאַרץ האָט דער פֿירער פֿון דער קאָמפּאַרטיי גאָס האָל פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ספּעציעל וויכטיקע דערקלערונג: ׳פֿאַר מיר איז פֿולשטענדיק קלאָר דער אַנטיסעמיטישער כאַראַקטער פֿון דעם וואָס איך האָב געזען... דאָס איז אַן ערנצטער עובֿר זײַן אויף דער פּאָליטיק פֿון קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער אידעאָלאָגיע וואָס פֿירט זיך שוין יאָרן לאַנג אין ראַטן־פֿאַרבאַנד׳. דעם 24סטן מאַרץ האָט דער קאָמוניס־טישער אָרגאַן הומאַניטע איבערגעדרוקט דעם לייטאַרטיקל פֿון דער נײַער פּרעסע פֿון 17טן מאַרץ, און ער האָט זיך מיט אים סאָלידאַריזירט.

אין רוים האָט די לינקע צײַטונג פּאַעזאַ סעראַ אַפּעלירט דעם 25סטן מאַרץ קעגן די סאָוועטישע מאַכטאָרגאַנען און געבעטן אַרויסציִען דאָס בוך פֿון צירקולאַציע. דעם 26סטן מאַרץ איז געקומען אַן אויסמײַדנדיקע דערקלערונג פֿון דער סאָוועטישער אַגענטור נאָוואָסטי, געחתמעט דורך שמעון קאַצן. דעם זעלבן טאָג איז דער בריטישער קאָמוניסטישער פֿירער דזשאָן האָלאַן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם בוך, און די שוועדישע קאָמסאָמאָלצעס האָבן געשריבן צו די סאָוועטישע קאָמסאָמאָלצעס און געבעטן אויפֿקלערונגען. דעם 27סטן מאַרץ האָבן מיר ענדלעך געקריגן אַן עקזעמפּלאַר פֿון דעם בוך, און מיר האָבן זיך איבערצײַגט, אַז ניט בלויז די קאַריקאַטורן, נאָר אויך אַ גרויסער טייל פֿון טעקסט אינעם בוך רופֿט אַרויס אויפֿגעבראַכטקייט. דעם 27סטן מאַרץ האָט דער קיִעווער אָרגאַן פֿון אוקראַיִנישן שרײַבער־פֿאַראיין ראַדיאַנסקאַ קולטוראַ אָפּגעדרוקט אַ קריטישע אָפּשאַצונג וועגן דעם בוך, אָבער ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון קריטיקירן די אַנטיסעמיטישע עלעמענטן פֿונעם בוך. דעם 29סטן מאַרץ האָט דער קאָמוניסטישער אָרגאַן אין רוים אוניטאַ אָפּגעדרוקט אַן אויסגעצייכנטן אַרטיקל פֿון דזשאָזעפֿע באָף וועגן דער פּראָבלעם אַנטי־סעמיטיזם אין פֿסס״ר. דעם 4טן אַפּריל האָט די פּראַוודאַ אָפּגעדרוקט אַ קורצן קאָמוניקאַט פֿון דער קאָמיסיע פֿאַר קאָמוניסטישער אידעאָלאָ־גיע, ווו ס׳איז געווען דערקלערט, אַז ׳די טעותדיקע אַרויסזאָגונגען ... און די אילוסטראַציע... קענען ווערן אויסגעטײַטשט אין גײַסט פֿון אַנטיסעמיטיזם׳...״

**אין די לעצטע שורות איז די רעאַקציע פֿון דער פּראַוודאַ אויף קיטשקאָס בוך פֿאַרגעשטעלט נאָך אין אַ זייער מילדער פֿאָרעם; וועגן דעם וועט קומען צו רייד שפּעטער. דאָס בוך איז אַרויס דעם 12טן אָקטאָבער 1963 מיט שרײַיִקע אַנטיסעמיטישע קאַריקאַטורן (קאָלירטע) אויף דער הילע מיט אַ היפּשן טיראַזש (צוועלף טויזנט) און איז פֿאַרקויפֿט געוואָרן פֿאַר זייער אַ ביליקן פּרײַז (24 קאָפּיקעס); דאָס בוך האַלט 192 זײַטן. ניט באַמערקן דאָס בוך, איז געווען אוממעגלעך, בפֿרט נאָך, אַז דאָס בוך האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ אויטאָריטאַטיווער פֿאַרלאַג ווי דער פֿאַרלאַג פֿון דער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿטן אין דער אוקראַיִנישער סס״ר. אָבער אין משך פֿון פֿינף און אַ האַלב חדשים איז אין דער סאָוועטישער פּרעסע ניט געווען קיין איין וואָרט קריטיק אויפֿן בוך.**

ערשט נאָך דעם ווי דאָס בוך איז אָנגעקומען אין אויסלאַנד און ס׳האָט דאָרט אַ פּלאַץ געטאָן מיט דערצערענונג וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אויך ברייטע קאָמוניסטישע קרײַזן האָט די קאָמפּאַרטיי באַשלאָסן אויף אַ פֿאָרזיכטיקן אופֿן צו אָפּגרענעצן זיך פֿון אים. אָבער אַפֿילו דאָס האָט זי געטאָן ניט תּיכּף. לכתּחילה האָט די מאָסקווער קאָמוניסטישע אָנפֿירונג געפּרווט פֿאַרשווײַגן דעם ענין. די אַלאַרמירטע רעדאַקציע פֿון דער ניו־יאָרקער מאָרגן־פֿרײַהייט האָט נאָך דעם 1טן מאַרץ געמאָלדן, אַז זי האָט אָנגעפֿרעגט בײַ איר מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט וועגן די קלאַנגען אין שײַכות מיט קיטשקאָס בוך, וואָס זײַנען דערגאַנגען צו איר. אָבער „קיין ענטפֿער איז נאָך ניטא״ האָט די צײַטונג געשריבן אין דרײַ וואָכן אַרום. אין דער צווישנצײַט איז דעם 12טן מאַרץ אַרויסגעטראָטן דער פֿאָרשטייער פֿון מדינת־ישׂראל אין דער יו־ען קומי פֿאַר דער קאָמיסיע פֿאַר מענטשנרעכט אין שײַכות מיטן פּראָיעקט וועגן אַן אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך „אָפּצושאַפֿן יעדער מין דיסקרימינאַציע״, און ער האָט אין שאַרפֿע ווערטער כאַראַקטעריזירט קיטשקאָס בוך. נאָך אים האָט גערעדט דער פֿאָרשטייער פֿון פּסס״ר מאָראָזאָוו, אָבער ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון אַן ענטפֿער, גלײַך מען וואָלט קיטשקאָן גאָר ניט דערמאָנט.[44] דער פֿאָרשטייער פֿון דער אוקראַיִנישער סס״ר נעדבײַלאָ האָט זיך באַמיט צו פֿאַרטיידיקן קיטשקאָן מיטן אויסרייד, די קאַריקאַטור וואָס שטעלט פֿאָר דעם ייִדן קריכנדיק אויף אַלע פֿיר פֿאַר די היטלעריסטן האָט אַ שײַכות בלויז צו די ייִדן וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די נאַציס.[45] אָבער די כוואַליע פּראָטעסטן איז כּסדר געשטיגן העכער. דעם 25סטן מאַרץ האָט די סאָוועטישע פּרעסע־ביוראָ פֿאַר אויסלאַנד (נאָוואָסטי) פֿונאַנדערגעשיקט שמעון קאַצס אַרטיקל „וועגן דער בראָשור יודאַיִזם אָן באַפּוצונגען און איר קאָמענטאַטאָרס״. קיטשקאָס בראָשור, שרײַבט קאַץ, האָט אין מערבֿ און ספּעציעל אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן אַרויסגערופֿן אַ פֿאַרפֿלייצונג פֿון נײַע פֿאַלסיפֿיקאַציעס וועגן „אַנטיסעמיטיזם״ אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אָבער „קיטשקאָ האָט בלויז אויסגענוצט זײַן רעכט, וואָס איז גאַראַנטירט דורך דער קאָנסטיטוציע פֿון פּסס״ר, די פֿרײַהייט פֿון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע״. ער האָט „בלי־ספֿק געהאַט גוטע כּוונות שטרעבנדיק אַרײַנצופֿירן זײַנע לייענערס אין דעם קרײַז פֿון וויסנשאַפֿטלעכע בליקן אויף רעליגיע, אין דעם פֿאַל אויף דער יודאַיִסטישער. ער האָט דאָס געמאַכט ניט אויפֿן בעסטן אופֿן״. דאָ ענדיקט זיך די קריטיק אויף קיטשקאָן און ס׳הייבט זיך ווידער אָן די שאַרפֿע קריטיק פֿון די „שׂונאים״.

ענדלעך האָט זיך דעם 27סטן מאַרץ באַוויזן אין דער סאָוועטישער פּרעסע דער ערשטער „קריטישער״ אַרטיקל וועגן קיטשקאָס בוך, וואָס זיבנט דעמאָלט געהערט דאָס צום קאָמוניסטישן באַנטאָן צו פֿאַררופֿן זיך אויף אים ווי אויף דער דעצידירנדיקער קריטיק פֿון קיטשקאָן. אָבער וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קריטיק! כאַראַקטעריסטיש איז שוין דער נאָמען גופֿא פֿון דעם אַרטיקל „אַ בוך וועגן דער רעאַקציאָנערער נאַטור פֿון יודאַיִזם״; און געשריבן האָבן דעם אַרטיקל ב. לאַבאָוויק און ק. יאַמפּאָלסקי אין ראַדיאַנסקאַ קולטוראַ דעם 27סטן מאַרץ. די מחברים זײַנען פֿולשטענדיק מסכּים מיט דער אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק

פֿון יודאַיִזם און זײַן אַנטוויקלונג ווי דאָס איז פֿאַראַן בײַ קיטשקאָן: „ווי דער מחבר ווײַזט ריכטיק אָן"...„ „ווי ס'איז ריכטיק אונטערגעשטראָכן אינעם בוך"... אאַז"וו אאַז"וו. אמת, אין דעם צווייטן טייל פֿונעם לאַנגן אַרטיקל זאָגן די חברים אַז „אָפּשאַצנדיק פּאָזיטיוו ט. ק. קיטשקאָס בוך ווי אַ גאַנצקייט, פֿאַרצייכענען מיר אין דער זעלבער צײַט זײַנע תּוכיקע חסרונות". אָבער וואָסערע חסרונות האָבן די פֿאַרזיכטיקע קריטיקערס געפֿונען אין קיטשקאָס בוך? בלויז אין זײַן ניט־גענוגיקער שײַכות מיט דער הײַנטיקער צײַט און אינעם ניט־גענוגיקן אַנאַליז פֿון די סיבות פֿון דער וויטאַליטעט פֿונעם יודאַיִזם אין אונדזער צײַט, און אין זײַן פֿאַראיינפֿאַכטער קריטיק פֿון ציוניזם און פֿון מדינת־ישׂראל. קיין איין וואָרט ניט וועגן אַנטיסעמיטיזם, וואָס דאָס בוך איז דורכגעדרונגען מיט אים, און בלויז זייער פֿאַרזיכטיק וועגן די אילוסטראַציעס (דאָס איז משמעות אַ שעמעוודיקע הנחה די סאָוועטישע פֿירנדיקע קרײַזן וואָס זײַנען געווען באַאומרויִקט צוליב דער קריטיק אויף קיטשקאָן אין דער מערבֿדיקער קאָמוניסטישער פּרעסע): „די קינסטלערישע זײַט פֿונעם בוך, פֿון זײַן הילע. גיבן אַ גרונד פֿאַר ערנצטע אויסזעצונגען. פֿיל צייכענונגען, און די הילע, זײַנען פּרעטענציעז, אָפּגעלאָזן, אויף אַ נידעריקן קינסטלערישן ניוואָ, און זיי קענען נאָר באַליידיקן די גלייביקע". די מחברים פֿאַרענדיקן דעם אַרטיקל מיט: „דאָס אַלץ נידעריקט בלי־ספֿק אַראָפּ די ווערדע פֿון דעם בוך וואָס פֿאַרדינט, מיר חזרן דאָס איבער, אַרום און אַרום אַ פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג צוליב דעם זאָרגעוודיקן אַנאַליז פֿון דער רעאַקציאָנערער גאַטור פֿון דער ייִדישער רעליגיע". די מחברים דריקן אויס די איבערצײַגונג, אַז „דאָס באַזײַטיקן די אָנגעוויזענע חסרונות וועט הייבן דעם ניוואָ און די פּראַקטישע ווערדע פֿונעם בוך און זי וועט נאָך אין אַ גרעסערער מאָס מיטהעלפֿן פֿאַרטיפֿן די אַטעיִסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן גלייביקע, זי וועט זיי העלפֿן צו באַפֿרײַען זיך פֿון די רעליגיעזע איבערבלײַבן און אַרײַנצוגיין אין די רייען פֿון די באַוווסטזיניקע בויערס פֿון קאָמוניזם".

מען האָט געמוזט האָבן אַ באַשלוס „אויפֿן העכסטן שטאַפּל", כּדי קיטשקאָס בוך זאָל אויפֿהערן צו זײַן אַן אָביעקט פֿון לויב און זאָל כאָטש ביז אַ געוויסן גראַד דערשײַנען פֿאַר דער סאָוועטישער עפֿנטלעכער מיינונג אין זײַן רעאַלן לבֿוש — ווי אַ טענדענציעזער און צום טייל פּשוט וווּלגאַרער אַנטיסעמיטישער פּאַמפֿלעט. אָבער ס'האָט נאָך לאַנג ניט געהאַלטן דערבײַ. דערוווּילע איז דער דרוק מצד די פּראָקאָמוניסטישע קרײַזן אין מערבֿ געוואָרן גרעסער. דעם 25סטן מאַרץ האָט דער „איקוף" אין אַמעריקע פֿאַרעפֿנטלעכט אַ דערקלערונג, ווו ער איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז מען זאָל איבערגעבן קיטשקאָן און זײַן קאַריקאַטוריסט צום געריכט, און פֿון דער אוקראַיִנישער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿטן האָט ער געפֿאָדערט אַן אויפֿקלערונג וועגן דעם „ווי אַזוי ס'איז מעגלעך געווען אַזאַ בוך". דעם 25סטן מאַרץ האָט דער סעקרעטאַר פֿון דעם אייראָפּעיִשן פּען־קלוב דזשאַנקאַרלאָ וויגאַרעלי טעלעגראַפֿירט צום סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַראיין (וואָס איז אַ מיטגליד פֿון אייראָפּעיִשן פּען־קלוב) וועגן דעם שווערן אײַנדרוק וואָס ס'האָט געמאַכט קיטשקאָס בוך אין די שרײַבערישע קרײַזן אין אייראָפּע:

„די איראָפּעיִשע שרײַבערס וואַרטן אויף אויפקלערונגען. ספּעציעל בעטן מיר, איר זאָלט זיך אַרײַנמישן כּדי צו פֿאַרריכטן דעם מאָראַלישן, קולטורעלן און פּאָליטישן שאָדן וואָס דאָס בוך האָט אָנגעטאָן". דעם זעלבן 25סטן מאַרץ האָט די פּאַריזער נײַע פּרעסע געפֿאָדערט: „תּיכּף אַרויסצוציִען פֿון צירקולאַציע קיטשקאָס בוך און וואָס שעדיקט דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד גופֿא, אויסצופֿאָרשן ווי ס'איז בכלל געווען מעגלעך, אַז אַזאַ בוך זאָל זיך באַווײַזן, אָנצונעמען די נייטיקע מאָס־מיטלען, וואָס זאָלן געבן אַ גאַראַנטיע, אַז אַזעלכע בראָשורן זאָלן זיך שוין מער קיין מאָל אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ניט אַרויסגיין". דעם 27סטן מאַרץ האָט די בריסעלער לינק־קאָמוניסטישע (ד"ה פּראָכינעזישע) צײַטונג וואַ די פּעפּל געפֿאָדערט „אַרויסצוציִען פֿון צירקולאַציע די פֿעלערדיקע בראָשור און זי פֿאַרניכטן, אויסגעפֿינען די אמתע שולדיקע — ניט בלויז דעם פּשוטן אויספֿירער קיטשקאָ, נאָר די, וואָס אויף זייער פֿאַראָרדענונג איז די בראָשור געוואָרן אַרויסגעגעבן — און זיי דעמאָנסטראַטיוו באַשטראָפֿן". דעם 29סטן מאַרץ האָט די רוימישע אוניטאַ געשריבן:

„אַזעלכע שעדלעכע דערשײַנונגען, ווי דאָס בוך וואָס איז ניט לאַנג פּובליקירט געוואָרן אין קיִעוו, דאַרף מען ניט באַטראַכטן ווי איזאָלירטע געשעעניש וואָס רירן ניט אָן דאָס געזעלשאַפֿטלעכע געוויסן פֿונעם רובֿ סאָוועטישע בירגערס. ניין, מען מוז קעגן זיי ענערגיש קעמפֿן. אָפּזאָגן זיך פֿון אַזאַ קאַמף, אָדער בלויז אַן אומדערצידירטער קאַמף, קענען בלויז ברענגען שאָדן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד און אַרויסרופֿן ספֿקות וועגן ראַטן־פֿאַרבאַנד לגבי דעם געוויסן פֿונעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט און פֿון די דעמאָקראַטישע מאַסן אין דער גאַנצער וועלט".

דאָס וואָס מיר האָב דאָ געבראַכט שעפּט נאָך ווײַט ניט אויס אַלע אַרויס־זאָגונגען פֿון דעם מין. און ס'איז גאָר ניט נייטיק אויך.[46] דאָס וואָס מיר האָבן ציטירט באַווײַזט גענוג איבערצײַגעוודיק וואָסער שווערן אײַנדרוק קיטשקאָס בוך האָט געמאַכט אין די קרײַזן, ווו מען איז געווינט צו באַציִען זיך צום ראַטן־פֿאַרבאַנד מיט צוטרוי און צו זײַן גרייט צו זען אין יעדער קריטיק לגבי דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד אַ שפּיצל פֿון די אָנהענגערס פֿון דער „קאַלטער מלחמה". די פֿירערס פֿון דער קאָמוניסטישער פּאָליטיק אין מאָסקווע איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער צו שווײַגן. אָנהייב אַפּריל איז ענדלעך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו דעזאַוווּיִרן קיטשקאָס בוך. אָבער ס'איז באַשלאָסן געוואָרן דאָס צו מאַכן אין אַ מאַקסימאַל־אײַנגעהאַלטענער פֿאָרעם: אין דער פֿאָרעם פֿון אַ כראָניק־באַריכט פֿון אַ זיצונג פֿון דער אידעאָלאָגישער קאָמיסיע בײַם צ"ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי, וואָס האָט באַהאַנדלט די אַלגעמיינע פּראָבלעם „וועגן אַרויסגעבן וויסנשאַפֿטלעך־אַטעיִסטישע ליטעראַטור". אין דעם באַריכט — אין פּראַוודאַ, אַפּריל 4 — איז מען מודיע וועגן אַ ריי „בוציקע אויסגאַבעס" און ס'ווערט אָנגעמערקט, אַז „אין דער זעלבער צײַט זײַנען אַרויס עטלעכע שלעכט צוגעגרייטע ביכער און בראָשורן וואָס ברענגען שאָדן אונדזער אידעיִש־דערציִערישער אַרבעט". נאָך דעם גייט דער באַריכט אַריבער צו קיטשקאָס „בראָשור" (קיין שום אַנדערע „שלעכט צוגעגרייטע" אויסגאַבעס ווערן ניט

דערמאָנט), און די באַמערקונגען וועגן אָט דער „בראָשור" פֿאַרנעמען מער ווי אַ העלפֿט פֿון דעם גאַנצן באַריכט. נאָר אַן אויפֿמערקזאַמען לייענער קאָן גאָר קיין ספֿק ניט זײַן, אַז דער גאַנצער באַריכט איז אָנגעשריבן צוליב קיטשקאָס בוך. מען האָט באַשלאָסן, אַז די קריטיק פֿון דעם בוך זאָל טראָגן אַ מינימאַל־דעמאָנסטראַטיוון כאַראַקטער און צוליב דעם האָט מען די קריטיק לגבי קיטשקאָן באַהאַלטן אין דעם קאָמוניקאַט וועגן דער זיצונג פֿון דער אידעאָלאָגישער קאָמיסיע. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דעם פֿולן טעקסט פֿון דעם באַשלוס פֿון דער אידעאָלאָגישער קאָמיסיע האָט מען קיין מאָל ניט פֿאַרעפֿנטלעכט. חוץ, דעם קאָמוניקאַט האָט די פּראַוודאַ מער קיין מאָל ניט אָפּגערופֿן זיך מיט קיין איין וואָרט וועגן קיטשקאָן.[47] לאָמיר דאָ ברענגען אַלץ וואָס איז תּוכיק פֿאַרן ענין קיטשקאָס בוך אין דעם קאָמוניקאַט פֿון דער פּראַוודאַ:

„. . . די אָנטייל־נעמערס פֿון דער זיצונג האָבן קריטיקירט די ערנצטע פֿעלערן וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן אין ט. קיטשקאָס בראָשור יודאַיִזם אָן באַפּוצונגען, פּובליקירט סוף 1963 דורך דעם פֿאַרלאַג פֿון דער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿטן אין דער אוקראַיִנישער סס"ר. דער מחבר פֿון דער בראָשור און אויך די מחברים פֿון איר הקדמה, שטרעבנדיק אויפֿצודעקן דעם רעאַקציאָנערן תּוך פֿון דער רעליגיע פֿון יודאַיִזם, באַ־לײַכטן ניט־ריכטיק עטלעכע פּראָבלעמען וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיטן אויפֿקום און אַנטוויקלונג פֿון דער דאָזיקער רעליגיע. אַ ריי טעותדיקע אַרויסזאָגונגען וואָס זײַנען פֿאַראַן אין דער בראָשור און די אילוסטראַ־ציעס קענען באַליידיקן די גלייביקע און קענען ווערן אויסגעטײַטשט אין גײַסט פֿון אַנטיסעמיטיזם.

אָבער, ווי באַוווּסט, קען אין אונדזער לאַנד ניט זײַן און איז ניטאָ אַזאַ פּראָבלעם.

׳זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, — האָט געזאָגט נ. ס. כרושטשאָוו — געפֿינען זיך די ייִדן בײַ אונדז אין לאַנד אין יעדן פּרט אין דער זעלבער לאַגע ווי אַלע אַנדערע פֿעלקער אין פֿסס"ר. בײַ אונדז עקסיסטירט ניט קיין ייִדן־פֿראַגע, און די וואָס טראַכטן זי אויס זינגען אַ פֿרעמדן ניגון׳."

אין דעם גאַנצן באַריכט פּילט מען די שטרעבונג צו מינימיזירן דעם באַטײַט פֿון פּובליקירן קיטשקאָס בפֿירוש־אַנטיסעמיטיש בוך. נאָך שאַרפֿער האָט זיך די טענדענץ אָנגעזען אין אַ קליינעם אַרטיקל וואָס האָט זיך אויף צו מאָרגנס באַוויזן אין איזוועסטיאַ. שוין דאָס קעפּל גופֿא איז כאַראַקטעריסטיש: „וועגן אַן אומפֿאַרשטענדלעכן גערודער":

„די לעצטע טעג איז אין טייל צײַטונגען פֿון די מערבֿדיקע לענדער אַן אויסערגעוויינטלעכע גערעטעניש אויף אַנטיסאָוועטישע אַרטיקלען . . . סע ווײַזט זיך אַרויס, אַז די בורזשואַזע פּרעסע האָט זיך דערשראָקן פֿאַר אַ קליין ביכל וואָס איז ניט־לאַנג אַרויס אין איינעם פֿון די אוקראַיִנישע פֿאַרלאַגן".

אַז דאָס „קליינע ביכל" (מיט עטלעכע שורות ווײַטער איז דאָס שוין נאָר אַ „בראָשור") „האָט איבערגעשראָקן" לחלוטין ניט בלויז די „בורזשואַזע פּרעסע", נאָר אויך אַ גרויסע צאָל קאָמוניסטן, באַמיט זיך די איזוועסטיאַ ניט צו באַמערקן;

און ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז אירע לייענערס וועט זי דאָך וועגן דעם ניט דערציילן. אַוודאי זײַנען אין קיטשקאָס „בראָשור״ פֿאַראַן אויך „חסרונות״, און „טייל חסרונות וואָס זײַנען פֿאַראַן אין דער בראָשור האָט מען שוין קריטיקירט אין דער צײַטונג ראַדיאַנסקאַ קולטוראַ״. אָבער „די אינטענץ גופֿא פֿון זײַן (קיטש־קאָס) בראָשור קען ניט אַרויסרופֿן קיין שום ספֿקות״ און דער מחבר האָט אַפֿילו באַוויזן „אויסצונוצן טייל נײַע מאַטעריאַלן״. מיט איין וואָרט, די פּראָטעסטן פֿון דער „בורזשואַזער פּרעסע״ דאָס איז פּשוט „אַ געררודער״ און אַ „ניט־פֿאַר־שטענדלעכער״ פֿאַר אַ צולאָג. אין דעם גאַנצן אַרטיקל קען מען אַפֿילו ניט געפֿינען דאָס וואָרט „אַנטיסעמיטיזם״, אָדער דאָס וואָרט „אַנטיסעמיטיש״.

פֿון דעם פֿאַרשפּעטיקטן און ניט־דעצידירטן כאַראַקטער פֿון קיטשקאָס אָפּ־אַנטיסעמיטישער „בראָשור״ קען מען ניט ווערן אָפּטימיסטיש. די אויפֿגע־בראַכטקייט וואָס די בולטע דערשײַנונג פֿון אַנטיסעמיטיזם האָט אַרויסגערופֿן אין מערבֿ האָט געצוווּנגען די פֿירערס פֿון דער סאָוועטישער אידעאָלאָגישער פּאָליטיק אָפּצוטרעטן, אָבער אין זייער רעאַקציע אויפֿן בוך איז ניטאָ קיין סימן פֿון אמתער אויפֿגעבראַכטקייט. דער בפֿירושער „איבערבייג״, וואָס מען האָט צוגעלאָזן מיטן פּובליקירן דעם אַנטיסעמיטישן פּאַמפֿלעט, האָט אויף אַ צײַט אַרויסגערופֿן אַ צעטומלעניש אין די רייען פֿון די „קעמפֿערס מיטן יודאַיזם״ און דער אַנטיסעמיטישער כאַראַקטער פֿון אָט דער „אידעאָלאָגישער״ קאַמפּאַניע איז איצט אַ ביסל פֿאַרשלייערט. צי אויף לאַנג? „די איבערבלײַבן פֿונעם אַמאָל״ זײַנען נאָך אויף אַן אמת שטאַרק אינעם לאַנד — אָבער ניט אַזוי די איבער־בלײַבן פֿון דעם פֿאַרגאַנגענעם פּעריאָד פֿון פֿאַר דער רעוואָלוציע „פֿון דער פֿאַרשאָלטענער צאַרישער זעלבסהערשאַפֿט״, ווי די איבערבלײַבן פֿון דעם נאָענטן עבֿר, פֿון דער צײַט פֿון סטאַלינס ממשלה; און ניט אַזוי אין די סאָציאַל־נידעריקע שיכטן ווי אין די השפּעהדיקע טיילן פֿון די מיטעלע און אייבערשטע שיכטן פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט. די אויפֿגעבראַכטקייט פֿון די פּראָ־גרעסיווע עלעמענטן אין מערבֿ צווינגט זיי טייל מאָל צו מאַנעווורירן. צווינגען זיי אָפּצוטרעטן אויף אַן אמת קען בלויז דער וווּקס פֿון די לעת־עתּה נאָך שוואַכע עלעמענטן פֿון אויפֿגעבראַכטקייט און פֿון פּראָטעסט אינעם לאַנד גופֿא.

## הערות

[1] «История советской конституции. Сборник документов, 1917-1957», изд. Академии Наук ССР, Москва, 1957 г., стр. 78, 111, 116-117, 149, 163, 175, 357; «История советской конституции (в документах), 1917-1956», Госюриздат, Москва, 1957 г., стр. 515, 530, 574, 591, 636, 768.

[2] «Известия», 26-го 27-го и 28-го апреля 1929 г.

[3] «Ежегодник Большой Советской Энциклопедии, 1957», Москва, 1957 г., стр. 98-99.

4 «Большая Советская Энциклопедия. Союз Советских Социалистических Республик», Москва, 1948 г., стр. 1787.

[5] *AJYB* 1963, p. 351.

[6] *JTA*, Sept. 21, 1962; *AJYB* 1963, p. 351.

[7] *Jewish Chronicle,* (London), September 4, 1953.

— זען דעם פֿולן טעקסט פֿון דער ווענדונג אין:

*Current Events in Jewish Life,* April-September 1953, pp. 24–25.

אין אַ יאָר אַרום האָט זיך דער מאָסקווער רבֿ געווענדט צו אויסלאַנד וועגן אַן אַנדער ענין, שוין גאָר געווען אַנדער ענין: „יולי [1954] האָט זיך אין ירושלים פֿאַרזאַמלט דער וועד־לאומי פֿון דער אַגודת־ישׂראל, דער עקסטרעם־רעכטער פֿליגל פֿון אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום. אָט די היפּערעליגיעזע ייִדישע קאָנפֿערענץ האָט געקריגן זייער אַ וואַרעמע באַגריסונג פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד".

[8] «Известия», 18-го марта 1955 г.

[9] «Известия», 29-го ноября 1956 г.

*Current Events in Jewish Life,* September-Dectmber 1956, pp. 4–5.

דעם פּראָטעסט האָבן אונטערגעשריבן (חוץ די רבנים פֿון די קהילות וואָס האָבן אונטערגעשריבן די ווענדונג אין 1955) די רבנים פֿון לענינגראַד, לעמבערג, טאַשקענט, באַקו, טאַלין, סווערד־לאָווסק, ראָסטאָוו־דאָן, דניעפּראָפּעטראָווסק, קורסק, פּענזע, קעשענעוו, אָמסק „און אַנדערע" (אָבער פֿון דער פֿאַראַיאָריקער רשימה זײַנען ניט געוואָרן דערמאָנט די רבנים פֿון קוטאַיִס און ווילנע). אין דעם פּראָטעסט האָט זיך פֿאָרט אויפֿגעהיט אַ מין עמבריאָ פֿון אַ דירעקטער ווענ־דונג צו ייִדן אין אויסלאַנד: „מיר דערמאָנען אונדזערע מיטגלייביקע אין מדינת־ישׂראל, אַז דער מענטשלעכער תּוך פֿון אונדזער רעליגיע איז אונדז מחייבֿ צו זוכן אַ לייזונג פֿון די חלוקי־דעות צווישן פֿעלקער מיט פֿרידלעכע מיטלען".

[10] «Известия», 18-го марта 1957 г.

[11] «Краткий философский словарь», под редакцией М. Розенталя и П. Юдина, 4-ое издание, дополненное и исправленное, Госполитиздат, Москва, 1954 г., стр. 211-212.

(אין די אויסגאַבעס פֿון 1940 און 1952 איז דער אַרטיקל ניט געווען.)

[12] ספּעציעל אָפּט איז די ראָלע צוגעטיילט געוואָרן דעם מאָסקווער הויפּט־רבֿ שליפֿער (גע־שטאָרבן אין 1957) און דאָס האָט אים געשאַפֿן אין אויסלאַנד זייער אַ טרויעריקע רעפּוטאַציע. אָבער אָט וואָס ס'האָט וועגן שליפֿערן, נאָך זײַן טויט, געשריבן דער אַמעריקאַנער רבֿ דוד האָלענדער וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פֿון דער דעלעגאַציע פֿון אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסישע רבנים, וואָס איז זומער 1956 געפֿאָרן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. דער רבֿ שליפֿער האָט באַגלייט די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע אויף איר נסיעה איבערן ראַטן־פֿאַרבאַנד: „אויף וויפֿל מען קען מישפּטן וועגן אַ מענטשן אויפֿן סמך פֿון אַ פּריוואָטיקער באַקאַנטשאַפֿט, בין איך פֿון רוסלאַנד אַוועקגעפֿאָרן מיטן אײַנדרוק, אַז דער רבֿ שלמה שליפֿער, דער הויפּט־רבֿ פֿון דער מאָסקווער ייִדישער רעליגיעזער קהילה, איז געווען אַ ייִדישער מאַרטירער וואָס האָט גענומען אויף זײַנע פּלייצעס דעם שווערן יאָך צו זײַן דער אָפֿיציעלער רבֿ בײַם קאָמוניסטישן רעזשים און איך טרויער נאָך אים ווי נאָך אַ קדוש אויף זײַן פֿריצײַטיקער פּטירה" (פֿון דער טאָג, אַפּריל 5, 1957).

[13] *American Jewish Yearbook,* 1956, p. 417.

[14] The New York Times, May 21, and June 19, 1959.

[15] *AJYB,* 1961, pp. 286–287; *op. cit.,* 1962, p. 367; *op. cit.,* 1964, p. 269.

[16] *AJYB,* 1964, p. 269.

[16a] *AJYB,* 1965, p. 423.

[17] *The New York Times,* November 12, 1961.

[18] *AJYB,* 1962, pp. 369–370.

[19] *JEE,* November 1964 (III, 1), p. 21.

[20] Moshe Decter, 'The Lvov Case," *Midstream,* June 1963.

[21] *AJYB,* 1963, p. 351; *op. cit.,* 1964, p. 270.

[22] *JEE,* May 1963 (II, 2), p. 61.

23 *AJYB*, 1958, p. 318.
— דעם סידור האָט צונויפגעשטעלט דער רבֿ שליפער, און ער איז אַרויס א״נ סדור השלום, תפילות לכל השנה. די ספּעציעלע תפילה פֿאַר שלום הייבט זיך אָן מיט: „תפלה בעד השלום. אבינו שבשמים ברך ממשלת ססםר מגן השלום בכל העולם ונאמר אמן!...״. סדור השלום, אַרויסגעגעבן דורך דער מאָסקווער ייִדישער רעליגיעזער קהילה, מאָסקווע, 1956, ז' 230.

24 *AJYB* 1965, p. 424.

25 דער טאָג, אויגוסט 17, 1963; *AJYB* 1964, p. 270.

26 *JEE*, September 1963 (II, 3), p. 65.

27 *JEE*, December 1962 (II, 1), p. 35.

28 *JEE*, May 1963 (II, 2), p. 61.

29 *JEE*, September 1963 (II, 2), p. 27.

30 *JEE*, July 1964 (II, 5), pp. 54–55.

31 *New York Herald Tribune*, July 17, 1963; *JEE*, September 1963 (II, 3), pp. 27–30.

32 *JEE*, July 1964 (II, 5) , pp. 57.

33 *Ibid*, p. 53.
— דאָ איז פֿאַראַן דער טעקסט פֿון די טעלעגראַמעס פֿון דעם רבֿ און פֿון דעם פֿאָרזיצער פֿון דער קהילה אין מאַריינאַ־ראָשטשע.

34 *Ibid*, p. 62.

35 די אַלע אַרטיקלען זײַנען פֿאַראַן אין:
*Jews and the Jewish People*, Vol. V, No. 1 (15), London, Contemporary Jewish Library, 1964, pp. 6–14.

36 *The New York Times*, July 4, 1959.

37 *The New York Times*, July 5, 1959.

38 *The New York Times*, July 13, 1959;

39 «Правда», 11-го ноября 1954.

40 Walter Kolarz, *Religion in the Soviet Union*, St. Martin Press, 1961, p. 391. — Отчет о конференции вышел в виде книги:
«Наука и религия. Сборник стенограмм лекций, прочитанных на Всесоюзном совещании-семинаре по научно-атеистическим вопросам», Москва, 1957 г., 432 стр.

41 די וויכטיקסטע ביכער און אַרטיקלען פֿון די פֿיר שרײַבערס פֿאַר די לעצטע יאָרן זײַנען:
Беленький, «Что такое талмуд», изд. Академии Наук, Москва, 1963 г., 143 стр.; «Критика иудейской религии. Сборник статей», (под ред. Беленького), изд. А. Н. СССР, Москва, 1962 г., 436 стр.; Шахнович, «О происхождении и классовой сущности иудейской религии», «Наука и религия» (сборник), стр. 352-370. —
«Реакционная сущность иудаизма. Краткий очерк происхождения и классовой сущности иудейской религии», изд. А. Н. СССР, Москва-Ленинград 1960, стр. 243; «Современная иудейская философия в капиталистических странах», «Научные доклады Высшей школы. Философские науки», 1959 г., № 4; Маяцкий, «Иудаизм, его сущность и происхождение», Госиздат Молдавии, Кишенев, 1958, 60 стр.; «Правда о торе и талмуде», Госиздат, Кишенев, 1960, 71 стр.; «Современный иудаизм и сионизм», Госиздат, Кишенев, 1964 г., 95 стр.; Кичко, «Иудейская религия, ее происхождение и сущность», изд. Укр. общества по распространению политических и научных знаний, Киев, 1957 г. 48 стр.; — «Чему учит иудей-

ская мораль», «Войовничий атеiст», декабрь 1962 г. — «Иудаизм без прикрас», Изд. Академии Наук УССCP, Киев, 1963 г., 192 стр.

[42] *Jewish Currents,* April 1964, p. 9.

[43] *Op. cit.,* May 1964, p. 15.

[44] אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע אין מערבֿ האָט מען נאָך צו יענער צײַט אַרויסגערוקט ספֿקות, צי ס׳איז ניט אַ מאָל אַן אַנטיסאָוועטישע פֿאַלסיפֿיקאַציע וואָס האָט פֿאַר אַ ציל צו קאָמפּראָמיטירן די סאָוועטישע רעגירונג. די פּאַריזער נײַע פּרעסע האָט דעם 12טן מאַרץ געשריבן: „א ו י ב דאָס בוך איז טאַקע אַרויס אין קיִעוו" אאַז"וו. די פּאַריזער הומאַניטע האָט נאָך אַפֿילו דעם 24סטן מאַרץ געשריבן: „א ו י ב דאָס איז ניט קיין פֿעלשונג...".

[45] אין דעם פֿולדיקן אָפֿיציעלן באַריכט פֿון דער זיצונג פֿון דער קאָמיסיע איז אין ניעד־בײַלאָס רעדע פּשוט ניט דערמאָנט וועגן קיטשקאָס בוך. אָבער דער קאָרעספּאָנדענט פֿון מאָרגן־פֿרײַהייט, וואָס איז בײַגעווען אויף דער זיצונג, האָט דערציילט וועגן ניעדבײַלאָס באַמיִונגען אויסצוזעצן קעגן די באַשולדיקונגען אויף קיטשקאָן (מאָרגן־פֿרײַהייט, מאַרץ 22), און דאָס איז שפּעטער געווען איבערדערציילט אין *Jewish Currents* (זען אין טעקסט).

[46] אַ גרויסן טייל פֿון דעם מאַטעריאַל וואָס שייך אַרויסזאָגונגען וועגן קיטשקאָס בוך האָב איך גענומען פֿון דעם ענגלישן זשורנאַל *Midstream,* June 1964, ווו דער מאַטעריאַל פֿיגורירט ווי אַ הערה צו משה דעקטערס אַרטיקל „אַ סאָוועטיש בוך וואָס האָט אויפֿגעטרייסלט די וועלט". ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב ניט אויסגעשעפּט דעם גאַנצן מאַטעריאַל וואָס איז דאָרט פֿאַראַן.

[47] ס׳איז אפֿשר כּדאַי צו פֿאַרצייכענען ווי אַזוי דער באַריכט פֿון דער זיצונג פֿון דער אידעאָלאָגישער קאָמיסיע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער פּראַוודאַ: אויף דער פֿערטער זײַט, צווישן פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון עטלעכע פֿאָרויסלערס פֿון דער טאַשקענטער פֿאַבריק פֿון אַגריקולטורעלער מאַשין־קאָנסטרוקציע און אַ קאָרעספּאָנדענץ א"נ „אויף די באַוול־פֿעלדער".

קאַפּיטל אַכט

# עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס ווערן אַ ייִדישער ענין

## האַרבערע שטראָפֿן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס

צו דער צײַט פֿון סטאַלינס טויט האָט די סיסטעם טעראָר אין ראַטן־פֿאַרבאַנד דערגרייכט איר העכסטן פּונקט. נאָך סטאַלינס פֿאַרשווינדן פֿון דער היסטאָרישער אַרענע האָט אומגעקערט דעם גאַנג פֿון דער אַנטוויקלונג. די צווייטע העלפֿט פּופֿציקער יאָרן, ספּעציעל נאָכן 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמפּאַרטיי און נאָכן דעמאַסקירן דעם „קולט פֿון דער פּערזענלעכקייט", איז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד געווען אַ פּעריאָד פֿון ווייכער מאַכן די סאָוועטישע יוסטיץ; באַזונדער איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין דעם נײַעם קרימינאַל־קאָדעקס: אין די נײַע „יסודות פֿון קרימינאַל־קאָדעקס אין פֿסס"ר און אין די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן פֿון 25סטן דעצעמבער 1958" און אין דעם נײַעם „קרימינאַל־קאָדעקס פֿון רספֿס"ר פֿון 27סטן אָקטאָבער 1960" (און נאָך דעם אין די נײַע קרימינאַל־קאָדעקסן פֿון די אַנדערע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן). אין 1961 האָט זיך די אַנטוויקלונג איבערגעריסן; אפֿשר איז בעסער צו זאָגן: אין דער אָנגעמערקטער אַנטוויקלונג פֿון דער סאָוועטישער קרימינאַל־געזעץ־געבונג (וואָס האָט גענומען גיין אין דער ריכטונג פֿון די הומאַניסטישע יסודות פֿון דעם אייראָפּעיִשן פּראָגרעסיוון יורידישן געדאַנק) איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אַ שאַרפֿע דיסאָנאַנץ; אינעם קאַמף מיט די עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס האָט מען זיך אומגעקערט צו די טעראָריסטישע טראַדיציעס. זינט אָנהייב 1961 האָט דער העכסטער ראַט פֿון פֿסס"ר אַרויסגעגעבן אַ ריי פֿאַראָרדענונגען וועגן האַרבערע שטראָפֿן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכענס. אין די נײַע פֿאַראָרדענונגען האָט זיך באַזונדער געוואָרפֿן אין די אויגן, אַז אין זייער אַ סך פֿאַלן האָט האַרבער געמיינט טויטשטראָף.

די ערשטע אין דער סעריע איז געווען די פֿאַראָרדענונג פֿון העכסטן ראַט פֿון פֿסס"ר פֿון 25סטן מאַרץ 1961 וועגן פֿאַרשטאַרקן די קרימינעלע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר ספּעקולירן מיט וואַלוטע און ווערטפּאַפּירן; אָבער קיין טויטשטראָף האָט נאָך אין דער פֿאַראָרדענונג ניט פֿיגורירט. אָבער שוין אין דער צווייטער און דער ווײַטיקסטער פֿאַראָרדענונג אין דער גאַנצער סעריע

נײַע געזעץ־געבערישע אַקטן האָט מען ברייט אויפֿגעפּראַלט די טירן פֿאַר אָנווענדן טויטשטראָף. דאָס איז געווען די פֿאַראָרדענונג פֿון העכסטן ראָט פֿון פּסס״ר „וועגן פֿאַרשטאַרקן דעם קאַמף מיט ספּעציעל־געפֿערלעכע פֿאַרברעכנס״ פֿון 5טן מײַ 1961, דער צוגאָב צו דער פֿאַראָרדענונג פֿון 1טן יולי 1961 „וועגן פֿאַרשטאַרקן די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר עובֿר זײַן אויף די פֿאַר־שריפֿטן וועגן וואַלוטע־אָפּעראַציעס״ האָט שוין געגעבן אַן אָנצוהערעניש אויף טויטשטראָף; און לסוף האָט דער דריטער און לעצטער אַקט געגעבן דעם „טויטקלאַפּ״. דאָס איז געווען די פֿאַראָרדענונג פֿון העכסטן ראָט פֿון פּסס״ר פֿון 20סטן פֿעברואַר 1962 „וועגן פֿאַרשטאַרקן די קרימינעלע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר כאַבאַר״.

ס'איז ניט נייטיק אַרײַנצוגיין אין די יורידישע פּרטים, אָבער מען מוז דאָ פֿאַרצייכענען, אַז אין דער סתּירותדיקער און קאָמפּליצירטער געשיכטע פֿון אָנווענדן טויטשטראָף אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָבן זיך אַרײַנגעפֿלאָכטן די פֿאַר־אָרדענונגען אויך.

אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט מען שוין ניט איין מאָל אָפּגעשאַפֿט טויטשטראָף און דערנאָך פֿלעגט זי ווידער קריגן בירגעררעכט. דאָס לעצטע מאָל, ווען מען האָט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ „וועגן אָפּשאַפֿן טויטשטראָף״, איז געווען דעם 26סטן מײַ 1947; דער געזעץ האָט אָפּגעשאַפֿט טויטשטראָף אין צײַט פֿון שלום. אָבער אויף דער פֿאַראָרדענונג פֿון העכסטן ראָט פֿון פּסס״ר דעם 12טן יאַנואַר 1950 האָט מען ווידער אײַנגעפֿירט טויטשטראָף פֿאַר „פֿאַררעטערס פֿונעם פֿאָטערלאַנד, שפּיאָנען, אונטערגראָבערס־דיווערסאַנטן״ און דעם 30סטן אַפּריל 1954 פֿאַר „פּערזאָנען וואָס באַגייען אַ בכּיוונדיקן מאָרד אין באַשווערנדיקע באַדינגונגען״. אין הסכּם מיט די פֿאַראָרדענונגען האָט מען פֿאָרמולירט אַ נײַעם קרימינאַל־קאָדעקס, ווו דאָס אָנווענדן טויטשטראָף האָט געטראָגן אַ פֿאַרהעל־טענישמעסיק־באַגרענעצטן כאַראַקטער. אָבער די דעקרעטן פֿון 1961—1962 האָבן דורכגעריסן די דאַמבע. דער האַרוואַרדער פּראָפֿעסאָר האַראָלד בערמאַן וואָס האָט גראָד דעמאָלט פֿאַרבראַכט אַ יאָר אין ראַטן־פֿאַרבאַנד (אויפֿן סמך פֿון „קולטור־אויסבײַט״), וואָס איז לחלוטין ניט געניגט צו פֿאַרטונקלען די פֿאַרבן בײַם אַנאַליזירן די סאָוועטישע יוסטיץ־סיסטעם, האָט געשריבן אין 1963:[1]

„אויפֿן סמך פֿון די ידיעות אין דער סאָוועטישער פּרעסע וועגן באַזונדערע פּראָצעסן, זײַנען משמעות מער ווי 250 סאָוועטישע בירגערס פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט פֿאַר עקאָנאָמישע און אַנדערע פֿאַרברעכנס פֿאַרן יאָר מײַ 1961 — מײַ 1962, און משמעות אַזוי פֿיל, אָדער נאָך מער, פֿון יוני ביז דעצעמבער 1962. מען מוז זאָגן „משמעות״ מחמת די סאָוועטישע קרימינעלע סטאַטיסטיק איז אַ מלוכישער סוד״.

די כּוללדיקע צאָל פֿון העכער 500 טויטשטראָפֿן אין משך פֿון אַנדערהאַלבן יאָר (אמת ניט בלויז פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס, נאָר אויך פֿאַר אַנדערע, אָבער צום גרעסטן טייל פֿאַר די ערשטע) איז אַ ביסל גרעסער איידער די צאָל וואָס מיר האָבן באַקומען אויפֿן סמך פֿון געגעבענע, וואָס מיר האָבן געהאַט צו זיי אַ צוטריט. וואָלט דער מחבר פֿון די ציטירטע שורות געווען ניט פּראָ־

פֿעסאָר האַראָלד בערמאַן, וואָלט איך זיך פּשוט ניט דעצידירט זיי צו ברענגען. אָבער וואָס שייך דעם פּראָפֿעסאָר האַראָלד בערמאַן, קען גאָר קיין ספֿק ניט זײַן, אַז ער זאָל האָבן געבראַכט אַזעלכע שרעקלעכע געגעבענע אָן פֿעסטע באַווײַזן. איך האָב דעריבער געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו באַקענען דעם לייענער מיט זײַנע געגעבענע.

בײַם אָנווענדן די נײַע דעקרעטן האָט זיך אַנטפּלעקט נאָך אַ שטריך וואָס איז פֿולשטענדיק אין סתירה מיט די הײַנטצײַטיקע יורידישע באַגריפֿן; די דעקרעטן האָט מען אָנגעהויבן אָנווענדן תיכּף ומיד נאָך דעם ווי זיי זײַנען געוואָרן פֿאַרעפֿנטלעכט אויך לגבי פֿאַרברעכנס וואָס זײַנען באַגאַנגען געוואָרן נאָך איידער מען האָט די דעקרעטן פֿאַרעפֿנטלעכט; ד״ה די דעקרעטן זײַנען געווען חל אויף צוריק אויך. דאָס איז בפֿירוש אין סתירה מיט די פֿעסט־אָנגענומענע רעגולאַציעס אין אַלע קולטורעלע לענדער, וואָס זײַנען שוין פֿון לאַנג — אמת מיט באַוואָרענישן — אָנערקענט אויך דורך דער סאָוועטישער געזעץ־געבונג. די „יסודות פֿון קרימינעלער געזעץ־געבונג״ פֿון 1958 האָבן שוין אָן באַוואָרענישן פֿאָרמולירט אין אַרטיקל 6: „די פֿאַרברעכערישקייט און די באַשטראָפֿונג ווערן פֿעסטגעשטעלט אויפֿן סמך פֿון די געזעצן וואָס זײַנען חל אין דעם מאָמענט פֿון דער געגעבענער טעטקייט... דער געזעץ וואָס שטעלט פֿעסט די באַשטראָפֿונג פֿאַר דער טעטיקייט, אָדער די פֿאַרגרעסערונג פֿון דער שטראָף, איז ניט חל אויף צוריק״. (פּונקט אַזוי איז אות באות פֿאָרמולירט אויך אין דעם אַרטיקל 6 פֿון דעם קרימינאַל־קאָדעקס פֿון 1960), אמת, דער האַלב־אָפֿיציעלער קאָמענטאַר צו די „יסודות פֿונעם קרימינאַל־קאָדעקס״ שוואַכט אָפּ די קאַטעגאָרישקייט פֿון דער פֿאָרמולירונג:[2]

„פֿון דעם כּלל ווערט געמאַכט אַ יוצא־מן־הכּלל, אויב די טעטיקייט שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ ספּעציעלע סכּנה, אָדער אויב זי איז שטאַרק פֿאַרשפּרייט. אין אַזעלכע פֿאַלן קריגט דער נײַער, שטרענגערער קרימינאַל־געזעץ די קראַפֿט צו גילטן אויף צוריק. אָבער אין אַזאַ פֿאַל פֿאָדערט דער אומבאַדינגטער תּנאַי, אַז צום טעקסט פֿונעם געזעץ זאָל צוגעשטעלט ווערן אַ ספּעציעלער אָנווײַז, אַז דער געזעץ איז חל אויף צוריק״.

אָבער אין די פֿאַראָרדענונגען פֿון 1961—1962 וועגן די עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס זײַנען ניט פֿאַראַן קיין שום אָנווײַזונגען וועגן אָנווענדן זיי מיט דער קראַפֿט צו גילטן אויף צוריק. מען האָט זיי אָנגעהויבן אָנווענדן תיכּף און מען האָט אַרויסגעטראָגן טויט־אורטיילן פֿאַר עקאָנאָמישע פּראָצעסן שוין זינט יולי 1961, כאָטש די באַשולדיקטע אין די פּראָצעסן זײַנען (צו דער צײַט, ווען די נײַע פֿאַראָרדענונגען זײַנען געוואָרן אַרויסגעגעבן) שוין לאַנג געהאַט געזעסן אין תּפֿיסה. מען קען משער זײַן, אַז אין אַלע עקאָנאָמישע פּראָצעסן פֿון דער צווייטער העלפֿט 1961 און דער ערשטער העלפֿט 1962 (חוץ אפֿשר איינציקע קליינע פּראָצעסן) זײַנען די שטרענגע אורטיילן אויפֿן סמך פֿון די נײַע פֿאַראָרדענונגען אַרויסגעטראָגן געוואָרן מיט דער צוגעגעבענער קראַפֿט צו גילטן אויף צוריק.

האַראַלד בערמאַן באַלײַכט אָט די פּראַקטיק, וואָס אַפּילו פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון סאָוועטישן רעכט איז זי בפּירוש אומגעזעצלעך:[3]

„אין אַ פּראָצעס, אין יולי 1961, איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ טויטאורטייל לויט דעם געזעץ מיט דער קראַפֿט פֿון גילטן אויף צוריק אויפֿן סמך פֿון אַ ספּעציעלן עדיקט פֿון פּרעזידיום פֿונעם העכסטן ראַט פֿון פֿסס״ר, וואָס האָט דערלויבט אין דעם ספּעציעלן פֿאַל אָנצו־ווענדן דעם געזעץ מיט דער קראַפֿט פֿון גילטן, אויף צוריק, אין דער בחינה פֿון אַן אויסנאַם. דעם עדיקט האָט מען קיין מאָל ניט אָפּ־געדרוקט, ווײַל מען האָט געהאַלטן, אַז ער האָט ניט קיין „אַלגעמיינעם באַטײַט״. אָבער אַ מיטגליד פֿון העכסטן ראַט פֿון פֿסס״ר האָט מיר אים געוויזן. ס׳איז דאָ אַ גרונד צו טראַכטן, אַז ס׳זײַנען געווען אויך אַנדערע פֿאַלן, ווו די דעקרעטן וועגן טויטשטראָף זײַנען אָנגעווענדט געוואָרן מיט דער קראַפֿט צו גילטן אויף צוריק אויפֿן סמך פֿון ענ־לעכע ספּעציעלע עדיקטן״.

באַלד נאָכן פּובליקירן די פֿאַראָרדענונגען פֿונעם העכסטן ראַט פֿון פֿסס״ר וועגן פֿאַרגרעסערן די שטראָפֿן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס און וועגן אָנווענדן טויטשטראָף פֿאַר אַזעלכע פֿאַרברעכנס האָבן זיך אָנגעהויבן פּראָצעסן. דער ערשטער פּראָצעס פֿון דעם מין, לכל־הפּחות דער ערשטער, וואָס וועגן אים זײַנען געווען ידיעות אין דער פּרעסע, ווו מען האָט אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל איז געווען דער פּראָצעס פֿון ראָקאָטאָוון און פֿײַבושעוויטשן אין מאָסקווע (פּראַוודאַ, יולי 21, 1961). אויפֿן סמך פֿון אינפֿאָרמאַציעס, וואָס איך האָב באַקומען, זײַנען ביז צום סוף יאָר געווען אין דער סאָוועטישער פּרעסע ידיעות וועגן נאָך 8 אַזעלכע פֿאַמיליע־נעמען און נעמען פֿון די באַשולדיקטע, זײַנען צווישן זיי געווען 5, און אפֿשר 6 ייִדן. אין 1962 איז די צאָל פּראָצעסן פֿון דעם מין שטאַרק אויסגעוואַקסן.

די לאָנדאָנער פּובליקאַציע „דזשוס אין איסטערן יוראָפּ״ האָט פֿאַרעפֿנט־לעכט אַ גרויסע רשימה באַשולדיקטע אין פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַר־ברעכנס, ווו ס׳זײַנען אַרויסגעטראָגן געוואָרן טויטאורטיילן פֿאַר דער צײַט פֿון יולי 1961 ביז יאַנואַר 1963; די פּובליקאַציע גיט אָן די סאָוועטישע מקורים, פֿון וואַנען זי האָט געשעפּט אירע אינפֿאָרמאַציעס. אין אַ גרויסן טייל פֿאַלן האָב איך זיך אַליין וועריפֿיצירט די געגעבענע אין די מקורים, און איך בין געקומען צום אויספֿיר, אַז די געבראַכטע אינפֿאָרמאַציע איז פֿאַרלאָזלעך. אַוודאי, מען קען ניט זײַן זיכער, אַז די לאָנדאָנער פּובליקאַציע האָט באַוויזן צו פֿאַרצייכענען אַ ל ע ידיעות פֿון אַזעלכע פּראָצעסן אין דער סאָוועטישער פּרעסע. מען קען אויך ניט זײַן זיכער, אַז אין דער פּרעסע זײַנען געווען ידיעות וועגן אַלע פּראָ־צעסן. נאָך מער: מען קען אַפֿילו משער זײַן, אַז די לאָנדאָנער פּובליקאַציע האָט ניט באַוויזן צו פֿאַרצייכענען אַלע פּראָצעסן, און אַז ניט וועגן אַלע פּראָצעסן זײַנען געווען ידיעות אין דער פּרעסע. דאַרף מען דעריבער די רשימה פֿון דער לאָנדאָנער פּובליקאַציע, סײַ וואָס שייך דער צאָל פּראָצעסן סײַ וואָס שייך דער צאָל באַשולדיקטע, האַלטן פֿאַר אַ מינימאַלע. אַ סך וויניקער פֿאַרלאָזלעך זײַנען די פֿאַרסכהכּלונגען אויפֿן סמך פֿון די געגעבענע וואָס שייך דער צאָל ייִדן

צווישן די באַשולדיקטע וואָס זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט. וועגן דעם אַלעם וועט נאָך קומען צו רייד.

דער אויסערגעוויינטלעך־קאָמפּליצירטער און ביוראָקראַטישער כאַראַקטער פֿון דער סאָוועטישער צענטראַליזירטער פּלאַנירונג און פֿון דער סיסטעם אָנפֿי־רונג מיט דער סאָוועטישער ווירטשאַפֿט מאַכט אָפֿט אוממעגלעך צו פֿירן די ווירטשאַפֿט אין פֿולן הסכּם מיטן געזעץ און מיט די אינסטרוקציעס. פֿון דעם נעמט זיך, וואָס ווירטשאַפֿטלעכע טוערס זײַנען אָפֿט געצוווּנגען צו זוכן אַן אויסוועג פֿון די שוועריקייטן אין אַרומגיין די געזעצן, און כּלערליי אומגע־זעצלעכע און חוצגעזעצלעכע אָפּעראַציעס. דאָס טוען כּסדר — זיי מוזן דאָס טאָן — אויך זייער גוטע ווירטשאַפֿטלערס, וואָס האָבן לחלוטין ניט אין זינען זייערע אייגענע אינטערעסן. אָבער די באַדינגונגען שאַפֿן אַ זאַפּטיקן באָדן פֿאַר כּלערליי הפֿקרות, שווינדל, כאַבאַר א״אַנד. דער באַוווּסטזײַן פֿון זייער אומבאַהאָלפֿנקייט צו באַקעמפֿן די וואַקסנדיקע סכּנה האָט געשטויסן די קאָמוניסטישע פֿירערשאַפֿט אויפֿן וועג פֿון פֿאַרשטאַרקטע רדיפֿות קעגן ווירטשאַפֿטלעכע פֿאַרברעכערס. ס'איז ניטאָ קיין שום גרונט צו טראַכטן, אַז אַט די נײַע פּאָליטיק איז געווען פֿאַרקלערט ווי אַ סיסטעם אַנטי־ייִדישע מאַסמיטלען. אָבער פֿון אָנהייב אָן, זינט מען האָט אָנגעהויבן אָנווענדן די נײַע געזעץ־געבונג, האָט מען איר צוגעגעבן אַן אַנטי־ייִדישן כאַראַקטער, אפֿשר מיטן ציל צו מאַסקירן די שוועריקייטן וואָס זײַנען אימאַנענט אין דער גאַנצער הײַנטיקער סיסטעם סאָוועטישע ווירטשאַפֿט.

כּדי דער לייענער זאָל קענען האָבן אַ קלאָרן באַגריף וועגן די פּראָצעסן, וועל איך זיך אָפּשטעלן אויף דרײַ אַזעלכע פּראָצעסן וואָס האָבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און אין אויסלאַנד צוגעצויגן די גרעסטע מאָס אויפֿמערקזאַמקייט. דאָס זײַנען געווען: דער פֿרונזער פּראָצעס אין מאַרץ—יולי 1962, דער פּראָצעס פֿון די רעזניצקיס און פֿון קאַמינערן א״אַנד אין ווילנע, יאַנואַר— פֿעברואַר 1962 און דער פּראָצעס פֿון שאַקערמאַנען, פֿון רויפֿמאַנען א״אַנד אין מאָסקווע מאַרץ 1964.

## דער גרויסער פֿרונזער פּראָצעס אין 1962

דאָס איז געווען אַ גיגאַנטישער פּראָצעס. שוין די ערשטע ידיעות וועגן די צוגרייטונגען צום פּראָצעס האָבן גערעדט וועגן 54 באַשולדיקטע (איזוועסטיאַ, נאָוועמבער 11, 1961). אין שפּעטערדיקע קאָמוניקאַטן און אין אַרטיקלען אין סאָוועטסקאַיאַ קירגיזיאַ האָט מען די פֿולע צאָל באַשולדיקט (און פֿאַרמישפּטע) קיין מאָל ניט אָנגעגעבן, צום מערסטן פּרטים האָט אָנגעגעבן אַן אַרטיקל (אין סאָוועטסקאַיאַ קירגיזיאַ, יאַנואַר 9, 1962), ווו ס'זײַנען אויסגערעכנט מיט די נעמען 46 באַשולדיקטע, אָבער מיטן צוגאָב „און אַנדערע". און אפֿילו, ווען נאָך פֿיר חדשים געריכט־אונטערהאַנדלונגען (אמת מיט אַן איבעררײַס), האָט זיך דער פּראָצעס פֿאַרענדיקט, און אין יולי איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער אורטייל, זײַנען אין דעם פּרטימדיקן באַריכט אין סאָוועטסקאַיאַ קירגיזיאַ, יולי 24, געווען אָנגערופֿן די נעמען פֿון בלויז 9 באַשולדיקטע וואָס זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט, און פֿון 8 באַשולדיקטע, וואָס מען האָט פֿאַרמישפּט אויף 15 יאָר פֿאַרלירן די פֿרײַהייט. איןביידע פֿאַלן איז געווען צוגעגעבן „און אַנדערע",

אָדער „די איבעריקע באַשולדיקטע זײַנען געוואָרן פֿאַרמישפּט צו פֿאַרלירן די פֿרײַהייט אויף פֿאַרשיידענע טערמינען" (קיינעם האָט מען ניט באַפֿרײַט!). דער פֿאַקט וואָס מען האָט ניט אָנגעגעבן אַפֿילו די צאָל פֿאַרמישפּטע צום טויט, איז אַן אויסשליסלעכע באַזונדערקייט פֿון דעם פּראָצעס: דאָס איז נאָך, דוכט זיך, קיין מאָל ניט געשען.

אָבער דאָס איז ניט געווען די איינציקע באַזונדערקייט פֿון דעם פּראָצעס. דעם פּראָצעס האָט געפֿירט דער העכסטער געריכט פֿון פֿסס"ר גופֿא, און ער איז צו דעם צוועק אַרויסגעפֿאָרן קיין פֿרונזע. פֿאַר די העכער צען יאָר נאָך סטאַלינס טויט איז דאָס דוכט זיך דאָס דריטע מאָל, ווען דאָס העכסטע געריכט באַטראַכט אַ קרימינעלן ענין. די ערשטע צוויי זײַנען געווען — בעריאָס פּראָצעס און דער פּראָצעס פֿונעם אַמעריקאַנער פֿליִער פּאָוערס פֿון דעם אַראָפּגעשאָסענעם אויסשפּיר־אַעראָפּלאַן „יו־2".[4]

אָבער די שטוינענדיקסטע באַזונדערקייט פֿון דעם פּראָצעס איז געווען דער פֿאַקט, וואָס אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זײַנען ניט געזעסן „פּריוואַטניקעס" צוזאַמען מיט אָנגעשטעלטע פֿון מלוכישע אונטערנעמונגען, ווי ס׳געשעט געוויינטלעך אין גרויסע פּראָצעסן פֿאַר ווירטשאַפֿטלעכע פֿאַרברעכנס. א ל ע באַשולדיקטע אין דעם פּראָצעס זײַנען געווען אָנגעשטעלטע פֿון מלוכישע אונטערנעמונגען: דער גאַנצער ענין איז געווען קאָנסטרויִרט ווי אַ פּראָצעס פֿאַר פֿאַרוואַנדלען צוויי פֿאַבריקן (א י נ ע ו ו י י נ י ק א י ן ד ע ר מ ל ו כ י ־ ש ע ר ו ו י ר ט ש אַ פֿ ט) אין אונטערנעמונגען, וואָס פֿאָרמעל פֿונקציאָנירן זיי ווי מלוכישע אונטערנעמונגען, אָבער פֿאַקטיש — אויסשליסלעך מיטן ציל צו באַרײַכערן פּערזענלעך אַ גרויסע צאָל מענטשן וואָס זײַנען פֿאַרבונדען מיט דעם ענין, און צו שאַפֿן אינעווייניק אין דער מלוכישער סיסטעם אַ געהיימע פּריוואַטע אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל אָנפֿירן מיט די צוויי פֿאַבריקן און פֿאַרטיילן די פּראָפֿיטן פֿון די פֿאַרברעכערישע אָפּעראַציעס („די שוואַרצע קאַסע"); און ס׳פֿאַרשטייט זיך, מיט אויסנוצן די מלוכישע אָרגאַנען אויף צו באַזאָרגן די פֿאַבריקן מיט מאַטעריאַל און טעכניק און ערטער, ווו אָפּצוזעצן די פֿאַרטיקע פּראָדוקטן.

די אָרגאַניזאַציע האָט זיך זייער גוט אַנטוויקלט, לכל־הפּחות אין משך פֿון זעקס יאָר,[5] און ס׳האָבן ענג צוזאַמענגעאַרבעט די אַרבעטער פֿון די צוויי טריקאָטאַזש־פֿאַבריקן מיט די אָנגעשטעלטע פֿון די מלוכישע אָרגאַנען פֿאַר פּלאַנירונג, אינדוסטריע, צושטעל און האַנדל. אָבער פֿון דעם גאַנצן געריכט־פּראָצעס האָט מען געקענט אַרויספֿילן אַן אינעווייניקסטע פֿאַלשקייט — ערשטנס, אין דער שטרעבונג צו פֿאַרטושן אין דעם ענין די ראָלע פֿון מענטשן אין דער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע, און צווייטנס, אַרויסצוהייבן די ראָלע פֿון די ייִדן.

פֿון דעם שטאַנדפּונקט איז אינטערעסאַנט שוין די גרופּירונג פֿון די באַשולדיקטע, ווי זי איז פֿאַרגעשטעלט אין דער סאָוועטסקאַיאַ קירגיזיאַ, יאַנואַר 9. ווי מיר האָבן שוין פֿריִער דערמאָנט, זײַנען דאָ געווען אויסגערעכנטע מיט די נעמען סך־הכּל 46 באַשולדיקטע; צווישן זיי, על־פּי די פֿאַמיליע־נעמען, זײַנען

געווען 19 ייִדן. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט דרײַ גרופּעס. אויפֿן ערשטן אָרט די גרופּע אַרבעטערס אין די צוויי פֿאַבריקן: צוויי דירעקטאָרן (איינער, אַ ייִד), 2 אָנפֿירערס פֿון צעכן (ביידע ייִדן), 11 צעכמײַסטערס (צווישן זיי 8 ייִדן), 3 בוכהאַלטערס (איינער, אַ ייִד), צוויי אָנפֿירערס מיטן צושטעל (איינער, אַ ייִד), איין אָנפֿירער מיט דעם פּלאַניר־אָפּטייל, 2 פֿאַרוואַלטערס פֿון לאַגערן מיט פֿאַרטיקער סחורה, און איין פֿאַוואַלטער פֿונעם לאַגער מיטן רוי־מאַטעריאַל (סך־הכּל 24, צווישן זיי 13 ייִדן;[6] אין די לעצטע פֿיר קאַטעגאָריעס איז ניט געווען קיין איין ייִד). די צווייטע גרופּע איז באַשטאַנען פֿון „אַרבעטערס אין האַנדל, פֿאַרוואַלטערס פֿון גרויסע קראָמען און קליינע קרעמלעך"; וועגן זייערע באַזונדערע ערטער אין דער סיסטעם האָט מען ניט אָנגעוויזן. אין דער גרופּע האָט מען אָנגערופֿן 10 נעמען, צווישן זיי, 4 ייִדן. און לסוף די דריטע גרופּע פֿון פּערזאָנען וואָס געהערן צו דעם אָנפֿירנדיקן, קודם־כּל צענטראַל־אַדמי־ניסטראַטיוון פּערסאָנאַל. אין דער גרופּע האָט מען אָנגערופֿן 12 מענטשן (צווישן זיי, 2 ייִדן); 8 פֿון זיי (אויך ביידע ייִדן) זײַנען געווען פֿון צענטראַלן אַפּאַראַט.

ס'איז כּדאַי זיך צו באַקענען מיט דעם, ווי אַזוי ס'איז אין דער רשימה פֿאַרגעשטעלט דער צענטראַלער אַפּאַראַט פֿון דער רעגירונג פֿון דער רעפּובליק. פֿרי:ער פֿאַר אַלץ וואַרפֿט זיך אין די אויגן די פֿאַרהעלטענישמעסיק־קליינע צאָל אין דער גרופּע באַשולדיקטע, בפֿרט ווען מען נעמט אין אַכט די גרויסע צאָל מלוכה־אָרגאַנען, וואָס די פֿאַבריקן האָבן געמוזט מיט זיי מיטאַרבעטן יאָרן לאַנג. און דער צוזאַמענשטעל גופֿא פֿון דער גרופּע פֿונעם צענטראַלן מלוכה־אַפּאַראַט מאַכט אַן אײַנדרוק, ווי דאָ וואָלט געווען אַ בכּיוונדיקער אָפּקלײַב. בלויז איינער פֿון די באַשולדיקטע איז אַ מיטגליד פֿון דער רעגירונג: דער פֿאָרזיצער פֿון מלוכה־פּלאַן; דער מלוכה־פּלאַן איז נאָך חוץ דעם רעפּרעזענטירט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק דורך דעם פֿאַרטרעטער פֿונעם שעף פֿאַר באַלאַנסן און מאַטעריאַל־טעכנישער זיכערקייט; דאָס מיניסטעריום פֿאַר האַנדל — בלויז דורכן פֿאַרטרעטער פֿון דעם מיניסטער, אמת, אַנאַנים „און עטלעכע אָפּיציעלע פּערזאָנען"; דאָס מיניסטעריום פֿאַר אָרטיקער אינדוסטריע, וואָס ביידע פֿאַבריקן, דער אָביעקט פֿון דעם גאַנצן פּראָצעס, האָבן זיך געפֿונען אונטער זײַן השגחה — דורך צוויי אָנפֿירערס פֿון ביוראָען; דער מלוכישער קאָנטראָל — דורך איין פֿאַרוואַלטער פֿון אַן אָפּטייל; חוץ דעם האָט צווישן די באַשולדיקטע פֿיגורירט: דער אָנפֿירער פֿון דעם אינדוסטריע־אָפּטייל בײַם מיניסטאָרן־ראַט, און דער אָנפֿירער פֿונעם אָפּטייל פֿאַר עקאָנאָמישער פּלאַנירונג. אָט די גאַנצע גרופּע שטייט בײַם סוף פֿון דער רשימה באַשולדיקטע, און דער סאַמע לעצטער איז דער פֿאָרזיצער פֿון דעם מלוכה־פּלאַן. דאָס אַלץ פֿירט אונדז אַרויף אויפֿן געדאַנק, אַז מיר האָבן פֿאַר זיך אַ פּרוּוו ווי ווײַט מעגלעך אויס־צומײַדן, אַז דער אָנטייל פֿון דער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע אין אָט דער פֿאַרברעכערישער אָרגאַניזאַציע זאָל זיך וואַרפֿן צו שטאַרק אין די אויגן.

ס'איז אויך כּדאַי צו באַמערקן, אַז צווישן די באַשולדיקטע זײַנען בכלל ניטאָ קיין פֿאַרשטייערס פֿונעם פּאַרטייִשן אַפּאַראַט, ניט פֿון דעם צענטראַלן (פֿון דער

גאַנצער רעפּובליק) און ניט פֿון דעם אָרטיקן, אָדער נידעריקן אַפּאַראַט. פּונקט ווי דער פּראָצעס וואָלט גאָרניט פֿאָרגעקומען אין אַ לאַנד, ווו די „פּאַרטיי באַשליסט אַלץ".

פֿון דער צווייטער זײַט, האָבן אין אַלע אַרטיקלען און באַריכטן וועגן דעם פּראָצעס אין דער סאָוועטישער פּרעסע כּסדר אַרויסגעסטאַרטשעט די ייִדישע פֿאַמיליע־נעמען, און די סאָוועטסקאַיאַ קירגיזיאַ, אַלץ אין דעם זעלבן אַרטיקל פֿון 9טן יאַנואַר, האָט געשריבן אַ ביסל פֿאַרהוילן: „ניט ווילנדיק שטעלט זיך די פֿראַגע: ווי איז דאָס מעגלעך געווען די עקסיסטענץ פֿון אַזאַ גרויסער גרופּע צערויבערס פֿון סאָציאַליסטישן פֿאַרמעגן? אויף דעם גיט אַן ענטפֿער שוין דער צוזאַמענשטעל פֿון דער גרופּע, זיי האָבן פֿאַרנומען פֿאַרשיידענע אַמטן, אָבער זיי זײַנען צווישן זיך געווען ענג פֿאַרבונדן". אָבער מיט וואָס זײַנען זיי „געווען פֿאַרבונדן", וואָס כאַראַקטעריזירט דעם „צוזאַמענשטעל פֿון די פֿאַרברעכערס" — וועגן דעם זאָגט די צײַטונג קיין וואָרט ניט; זי לאָזט איבער פֿאַרן לייענער, ער זאָל אַליין דערגיין, זי שטויסט אים פּשוט צום געדאַנק, אַז דעם קערן פֿון דער פֿאַרברעכערישער אָרגאַניזאַציע האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט מענטשן „ענג־פֿאַרבונדענע צווישן זיך" — מיט וואָס? מיט ייִדישקייט. פֿון דעם ווי אַזוי די פּרעסע האָט פֿאָרגעשטעלט דעם פּראָצעס, איז דער לייענער געבליבן מיטן אײַנדרוק, אַז דאָס איז אין תּוך אַ ייִדישער פּראָצעס.[7] און פֿון די 9 פֿאַרמישפּטע צום טויט, וואָס די סאָוועטסקאַיאַ קירגיזיאַ האָט אויסגערעכנט, זײַנען על־פּי די פֿאַמיליע־נעמען, דרײַ אויף זיכער ייִדן, און מעגלעך, אַז אַפֿילו פֿיר.[8]

## דער פּראָצעס פֿון די רעזניצקים, קאַמינערן א"אַנד

דער פּראָצעס פֿון אַהרן און בתיה רעזניצקי, פֿון די ברידער קאַמינער א"אַנד — צוזאַמען 8 מענטשן — האָט זיך אָנגעהויבן אין ווילנע דעם 30סטן יאַנואַר 1962 און ער האָט זיך פֿאַרענדיקט דעם 10טן פֿעברואַר מיט טויטאורטיילן פֿאַר פֿיר באַשולדיקטע און מיט וויניקער שטרענגע אורטיילן פֿאַר די איבעריקע. אויפֿן ערשטן בליק איז דאָס געווען אַ טיפּישער ענין פֿון ספּעקולאַציע מיט וואַלוטע. די באַזונדערקייט פֿון דעם פּראָצעס איז געווען, וואָס אויף דער באַשולדיקונג זײַנען געזעסן בלויז ייִדן, כאָטש אַרום דעם ענין האָבן זיך דורכ־געוואָרפֿן אויך ניט־ייִדישע פֿאַמיליע־נעמען. דאָס איז געווען אַ ווײַזפּראָצעס מיט טאָג־טעגלעכע באַריכטן אין דער אָרטיקער פּרעסע (אין דער ליטווישער, רוסישער און פּוילישער) מיט אַן אָרגאַניזירטן מאַסן־אַרויסרוף פֿון אַן עולם אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פֿון די אונטערנעמונגען און ביוראָען, מיט גאַסן־מאַניפֿעסטאַציעס וואָס פֿאָדערן אומברחמנותדיקע שטראָף, מיט דרוקן צאָרנדיקע בריוו (קעגן די באַשולדיקטע) אין די אָרטיקע צײַטונגען — און מיט אַ פֿאַר־זיכטיקן, אָבער עקשנותדיקן אונטערשטרײַכן די ייִדישקייט פֿון די באַשולדיקטע (די מאַכינאַציעס האָט מען געמאַכט אין דער דאַוונשול, די סיכסוכים האָט אויס־געגלײַכט דער רבֿ). די ווילנער באַפֿעלקערונג האָט טאַקע גערעדט וועגן דעם פּראָצעס ווי וועגן אַ ייִדישן פּראָצעס.

די סאָוועטישע פּרעסע האָט זיך שטאַרק באַמיט צו צעבלאָזן דעם גראַד

טעטיקייט פֿון דער „באַנדע װאַלוטניקעס" װאָס זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, און ניט אָן דערפֿאָלג. אין אַן ערנצטער מערבֿדיקער אויסגאַבע האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ידיעה, אַז דער אומזאַץ פֿון דער „באַנדע" זאָל (פֿאַר דער גאַנצער צײַט) האָבן דערגרייכט ביז 13 מיליאָן דאָלאַר. אָבער שוין פֿון דעם ערשטן טאָג פֿון פּראָצעס זײַנען מיר געוואָר געוואָרן, אַז „בתיה רעזניצקי (ד"ה דאָס פֿאַרפֿאָלק רעזניצקיס) האָט פֿון די כּלערליי אומגעזעצלעכע מאַכי־נאַציעס געהאַט העכער 150,000 ריווח לויט די אַלטע פּרײַזן" (סאָוועטסקאַיאַ ליטוואַ, יאַנואַר 31), ד"ה לויט די איצטיקע פּרײַזן העכער 15 טויזנט רובל. אַוודאי, פֿאַר אַ פּרוי װאָס איז נאָך ביז ניט לאַנג געווען געצוווּנגען צו פֿאַרדינען אויף לעבן, צו גיין אין פֿרעמדע הײַזער וואַשן וועש און פּאָדלאָגעס, איז דאָס — אין סאָוועטישע באַדינגונגען — אַ ריזיקע סומע, אָבער על־פּי די השׂגות פֿון וואַלוטניקעס איז דאָס אַ באַשיידענע גרייס. פֿעדאָר קאַמינער, דער הויפּט־וואַלוטניק, האָט דאָרטן „אַרײַנגעכאַפּט אַ מאַטניע 450 טויזנט רובל די גרייס", ד"ה 45 טויזנט אויף הײַנטצײַטיקע פּרײַזן. פֿון די איבעריקע באַשולדיקטע איז בלויז ראַבינאָוויטשן געלונגען „אַרײַנצוכאַפּן" אַ סומע װאָס קען זיך ווי ניט איז גלײַכן צו די אָנגערופֿענע סומעס. די אַנדערע — צווייטראַנגיקע העלפֿערס — האָבן זיך געמוזט באַנוגענען מיט אַ סך קלענערע הכנסות; די הכנסה פֿון אַלע באַטייליקטע אין דער „באַנדע" פֿאַר עטלעכע יאָר איז געווען ניט העכער פֿון 150 טויזנט רובל (לויט דער הײַנטיקער וואַלוטע). פֿון דער ה כ נ ס ה פֿון די „וואַלוטניקעס" קען מען נאָך װאָס אַן אמת ניט דרינגען, װאָס ס'איז געווען זייער א ו מ ז אַ ץ. אָבער אויב די גאַנצע „באַנדע" צוזאַמען האָט פֿאַר דער גאַנצער צײַט געהאַט הכנסה ניט מער ווי 150,000 הײַנטצײַטיקע רובל, קען שוין קיין ספֿק ניט זײַן, אַז די אויבן אָנגערופֿענע ציפֿער ווי זייער משמעותדיקן אומזאַץ איז איבערגעשאַצט לכל־הפּחות אויף צוואַנציק מאָל, און אפֿשר נאָך מער.

דער פּראָצעס האָט צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט נאָך צוליב דעם װאָס אין דעם פּראָצעס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע — און דאָס איז געווען אין אַזעלכע פּראָצעסן אַן אומגעוויינטלעכע זאַך — אַ פּרוי. בתיה רעזניצקי איז משמעות טאַקע געווען ניט קיין פּשוטער מענטש; אַפֿילו אין דעם פּראָצעס האָט זי זיך אויסגעטיילט מיט אַ געוויסן גראַד אינדיווידועלער אומאָפּהענגיקייט. און כאָטש דער אָנספּקדיקער רעדל־פֿירער צווישן די באַשולדיקטע איז געווען פֿעדאָר קאַמינער, איז אין דעם געריכט־אורטייל, צווישן די װאָס זײַנען פֿאַר־מישפּט געוואָרן צום טויט, אויפֿן ערשטן אָרט אָנגערופֿן געוואָרן די פּרוי רעזניצקי.[9] אַגבֿ, דאָס איז דער ערשטער באַוווּסטער פֿאַל אין דער נאָכסטאַלינ־שער צײַט, ווען אַ פּרוי ווערט פֿאַרמישפּט צום טויט.

פֿאַר דער כאַראַקטעריסטיק פֿון דעם פּראָצעס איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף דער פּערזענלעכקייט פֿון בתיה רעזניצקי.[10] צו דער צײַט פֿון פּראָצעס איז זי שוין אַלט געווען איבער פֿופֿציק יאָר. זי איז געבוירן געוואָרן און איז אויפֿ־געוואַקסן אין מאַריאַמפּאָלע (ליטע) בײַ אַ טאַטן אַ שוסטער װאָס האָט קוים פֿאַרדינט אויף חיונה. קינדער זײַנען געווען אָן אַ שיעור: צו ערשט פֿיר מיידלעך (בתיה איז געווען די דריטע), דערנאָך דרײַ ייִנגלעך, און צום סאַמע סוף נאָך אַ

מיידעלע. ניט געקוקט אויף דער גרויסער נויט האָבן די עלטערן זיך באַמיט צו געבן די קינדער אַ ביסל בילדונג. נאָכן ווילנער פּראָצעס האָט דער מיט־אַרבעטער פֿון פֿאָרווערטס, שמולעוויטש אויפֿגעזוכט אין ניו־דזשוירזי בתיהס ייִנגערע שוועסטער וואָס האָט אים געגעבן דערציילט וועגן דער משפּחה און געוויזן אים בתיהס ייִדישע בריוו; אַ פֿאָטאָקאָפּיע פֿון איין בריוו אירן איז געווען אָפּגע־דרוקט אין פֿאָרווערטס. בתיה האָט גוט געשריבן און איר כּתבֿ איז דער כּתבֿ פֿון אַ קולטורעלן מענטשן.[11]

דאָס איז געווען אַ האָרעפּאַשנע, זייער אויפֿגעלעבטע משפּחה, אָבער די נויט האָט זיי פֿרי פֿונאַנדערגעשפּרייט איבער דער וועלט. בתיהס צוויי עלטערע שוועסטערס, ווען זיי זײַנען נאָך געווען יונגע מיידלעך, זײַנען זיי אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע; זיי האָבן זיך דאָ געשטעלט אַרבעטן, האָבן חתונה געהאַט און זיי ווױנען אין אַמעריקע עד־היום. צוויי ברידער זײַנען יונגערהייט אַוועקגעפֿאָרן אין ארץ־ישׂראל, אַרײַן אין אַ קיבוץ, ווו זיי אַרבעטן נאָך ביז הײַנטיקן טאָג. צוויי שוועסטערס מיט זייערע פֿאַמיליעס האָבן זיך בעת דער מלחמה געפֿונען אין ליטע; איינע האָט באַוויזן זיך אַרויסצוקריגן פֿון ליטע, און זי האָט זיך מיט גרויסע שוועריקייטן דערשלאָגן קיין אַמעריקע; די צווייטע שוועסטער איז געווען אין אַ היטלערשן לאַגער, אָבער זי איז געבליבן לעבן. נאָך אָפּזײַן אַ שטיקל צײַט אין אַ פּליטים־לאַגער איז זי סוף־כּל־סוף אָנגעקומען אין אַמעריקע. בתיהס פֿאָטער איז נאָך געשטאָרבן פֿאַר דער מלחמה, אָבער די מוטער און אַ ייִנגערער זון זײַנען געווען אין געטאָ, און בעת אַן „אַקציע” האָט מען זיי האַלב־לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין אַ מאַסן־קבֿר.

בתיה האָט געהאַט חתונה געהאַט מיט אַהרן רעזניצקין, אַ זון פֿון אַ דאָרפֿישן מילכיגער, שיִער ניט אַ „טובֿיה דער מילכיקער”. אַהרן רעזניצקי איז געווען אַ יונגער־מאַן וואָס האָט חשק צום לערנען, און ווען ער האָט נאָר געקענט, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אַליין־בילדונג. ער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער, און ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער געווען אַ קאָמי־וואָיאַזשאָר פֿאַר אַ האַנדלס־פֿירמע. די יונגע רעזניצקיס האָבן זיך באַזעצט אין שאַוול; צוזאַמען מיט זייערע צוויי מיידעלעך, איינע 4 און די צווייטע 8 יאָר אַלט, זײַנען זיי געווען בעת דער מלחמה אין געטאָ. סוף 1942, בעת דער ספּעציעלער „קינדער־אַקציע” אין שאַוולער געטאָ, זײַנען בײדע מיידעלעך אומגעקומען. זומער 1943 איז געקומען די ריי אויף די דערוואַקסענע. אַ טייל דערוואַקסענע וואָס האָבן אין טאָג פֿון דער „אַקציע” געאַרבעט מחוץ דעם געטאָ, צווישן זיי די רעזניצקיס, איז געלונגען צו אַנטלויפֿן. די רעזניצקיס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. אַ ליט־ווישער פּויער וואָס האָט זיי אַוועקגעפֿירט אין וואַלד, האָט צוזאַמען מיט זיי אויסגעגראָבן אַ גרויסן גרוב, וואָס זיי האָבן פֿון אויבן צוגעדעקט מיט צווײַגן און גראָז. דאָס איז געווען די רעזניצקיס היים ביז זומער 1944, ווען ס'איז אַרײַן די סאָוועטישע אַרמיי און זיי האָבן געקענט אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט. זייער גואל האָט זיי די גאַנצע צײַט פֿון דער באַהעלטעניש באַזאָרגט מיט שפּײַז.

נאָך דער באַפֿרײַונג האָבן זיי זיך אומגעקערט אינעם חרובֿ־געוואָרענעם שאַוול. ניט אַזוי די נויט ווי די ווייטאָגדיקע זכרונות וועגן דעם, וואָס זיי האָבן

דאָ איבערגעלעבט, האָט זיי געצווונגען צו זוכן אַ וועג צו די קרובֿים אין אויסלאַנד, צו בתיהס ברידער אין ארץ־ישׂראל. אין 1946 האָבן די רעזניצקיס צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע ייִדן געפּרוווט זיך אַרײַנקריגן קיין פּוילן (ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז אומלעגאַל), אָבער די סאָוועטישע גרענעצוואַך האָט זיי געכאַפּט, זיי אָפּגעפֿירט קיין ווילנע, ווו מ׳האָט זיי געשטעלט פֿאַרן געריכט. רעזניצקין האָט מען פֿאַרמישפּט אויף פֿינף יאָר, בתיהן אויף דריי יאָר צוואַנג־אַרבעט. ביידע זײַנען אָפּגעקומען זייער שטראָף אין סיביר, אָבער באַזונדער. נאָכן אָפּקומען איר שטראָף איז בתיה צוריקגעקומען אין ווילנע וואַרטן ביז דער מאַן וועט קומען צוריק פֿון פֿאַרשיקונג. ס׳איז איר דאָ געווען זייער שווער, זי האָט זיך אויסגעהאַלטן פֿון רוימען און וואַשן וועש.

ווי ס׳האָבן געלעבט די רעזניצקיס נאָך דעם ווי אַהרן איז צוריקגעקומען פֿון סיביר איז ניט באַוואוסט. מען ווייסט נאָר, אַז די רעזניצקיס האָבן זיך באַמיט צו קריגן אַ דערלויבעניש אַרויסצופֿאָרן אין מדינת־ישׂראל (צו יענער צײַט זײַנען אין דער אַדמיניסטראַציע פֿון דער ליטווישער סס״ר געווען וואַקלעניש, און ס׳איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז מענטשן וואָס האָבן קרובֿים אין מדינת־ישׂראל און זיי ווילן אַהין פֿאָרן, וועט מען געבן אַרויספֿאָר־וויזעס), אָבער קיין דער־לויבעניש האָבן זיי ניט געקריגן. דאָס געריכט האָט זיך אין גאַנצן ניט גערעכנט מיט דעם וואָס זיי איז געשען און האָט ניט געפּרוווט אויסצוגעפֿינען, ווי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז אָרנטלעכע מענטשן וואָס האָבן מיט ווערדע אָפּגעלעבט אַ גרויסן טייל פֿון זייער לעבן, זאָלן גאָר ווערן וואַלוטניקעס. דאָס געריכט האָט ניט אַרויסגעוויזן אַפֿילו קיין סימן פֿון עלעמענטאַרער מענטשלעכקייט; בײַם אַרויסטראָגן דעם אורטייל האָט מען פֿולשטענדיק איגנאָרירט די פּײַן וואָס אָט די מענטשן זײַנען דורכגעגאַנגען.

## דער פּראָצעס פֿון שאַקערמאַנען, רויפּמאַנען א״אַנד

דער פּראָצעס פֿון שאַקערמאַנען, רויפּמאַנען א״אַנד איז פֿאָרגעקומען אין מאָסקווע יאַנואַר־פֿעברואַר 1964 אין דער געריכט־קאָלעגיע פֿאַר קרימינעלע ענינים בײַם העכסטן געריכט אין פֿסס״ר. אָנגעהויבן האָט זיך דער ענין מיט אַן אַרטיקל אין איזוועסטיאַ, אָקטאָבער 20, 1963. ביז אַ געוויסן גראַד איז דער ענין געווען אַ קערפּונקט אין די פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. פֿון דעם פּראָצעס אָן האָט שוין אין אַלע אַנדערע פּראָצעסן פֿון דעם מין אָנגעהויבן קלינגען אַ נײַע נאָטע: די קאָמפּליצירטע און גרויסע עקאָ־נאָמישע פֿאַרברעכנס זײַנען, לויט דער פֿאָרמולירונג פֿון דעם אָנגערופֿענעם אַרטיקל אין איזוועסטיאַ, „אַן עקאָנאָמישע דיווערסיע קעגן דער סאָציאַליסטישער מלוכה און אַן אידעאָלאָגישע [דיווערסיע] קעגן אונדזער געזעלשאַפֿט". דיווער־סאַנט — דאָס איז אַ שרעקלעכע באַשולדיקונג וואָס היצט תּיכּף אָן די געזעל־שאַפֿטלעכע אַטמאָספֿער. אָבער די איזוועסטיאַ האָט זיך מיט דעם ניט באַנוגנט און בפּירוש אונטערגעשטראָכן, אַז אין תּוך זײַנען די באַשאַפֿערס פֿון דעם גאַנצן ענין — ייִדן. דאָס האָט מען ביז איצט נאָך קיין מאָל ניט געטאָן, אָבער די איזוועסטיאַ האָט פֿאַר איר נײַעם גאַנג אַפֿילו געפֿונען אַ מאָדנע באַגריב־

דונג: „מיר דערמאָנען די ייִדישע פֿאַמיליע־נעמען פֿון די מענטשן וואָס געהערן צו דער באַנדע, ווײַל מיר לייגן ניט קיין אַכט אויף די בייזוויליקע רכילות וואָס די מערבֿדיקע פּרעסע טרײַבט פֿון צײַט צו צײַט״.

אין עצם דערמאָנט דער פּראָצעס פֿון שאַקערמאַן־רויפֿמאַן דעם פֿרונזע־פּראָצעס: אויך דאָ האָט זיך אינעווייניק אין דער סיסטעם מלוכישע ווירטשאַפֿט געשאַפֿן אין תּוך אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג, אַפֿילו נאָך אין אַ גרעסערער מאָס פּריוואַט איידער אין פֿרונזע. בײַ דער פּסיכאָנעווראָלאָגישער קליניק אינעם קראַסנאָפּרעסנער געזונט־אָפּטייל אין מאָסקווע זײַנען פֿאַראַן הייל־וואַרשטאַטן, ווו ס'אַרבעטן די קראַנקע. איינער פֿון די באַשולדיקטע — רויפֿמאַן — האָט „געקויפֿט״ די שטעלע פֿון פֿאַרוואַלטער פֿון די וואַרשטאַטן („געקויפֿט״ דאַרף משמעות מיינען, אַז רויפֿמאַן האָט פֿאַר כאַבאַר געפּועלט, מען זאָל אים באַשטימען פֿאַרן פֿאַרוואַלטער פֿון די וואַרשטאַטן), און ער האָט באַשלאָסן צו פֿאַרוואַנדלען די וואַרשטאַטן אין אַ טריקאָטאַזש־פֿאַבריק (צו שאַפֿן אין די וואַרשטאַטן אַ „טריקאָטאַזש־צעך״). ער האָט באַשטימט זײַן קרובֿ שאַקערמאַנען („אַ געוועזענעם דאָקטער״) פֿאַרן שעף פֿונעם צעך, ער האָט צוגעקליבן אַ פּערסאָנאַל און — שוין צוזאַמען מיט שאַקערמאַנען — אַנטוויקלט אַ קאָכעדיקע טעטיקייט:

„פֿון אונטערנעמונגען אין פּאָלטאַווע, לענינגראַד (די פֿאַבריק 'סטאַנקאָאינסטרומענט') אין מאָסקווער געגנט (די זאַגאָרער פֿאַבריק א"נ פֿון ראָזאַ לוקסעמבורג) האָבן די זשוליקעס פֿאַר כאַבאַר געקריגן 58 טריקאָטאַזש־מאַשינען און אַנדערע פּראָדוציר־מכשירים... 52 פֿאַבריקן, אַרטעלן און קאָלכאָזן זײַנען אַזוי אָדער אַנדערש געווען פֿאַרבונדן מיט דער באַנדע רויבערס... 'האַנדלספּונקטן' קודם־כּל אויף מערק און וואָקזאַלן רעאַליזירן די פּראָדוקציע. אמת, ס'זײַנען פֿאַראַן אינספּעקטאָרן פֿון דעם מאָסקווער גאַלאַנטעריי־האַנדל. צוויי פֿון זיי, טשולקאָוו און זשערווענקאָוו, קריגן אַ שטענדיקן געהאַלט פֿון רויפֿמאַנען. פֿאַראַן לסוף אָרגאַנען פֿון דער... מיליץ. און, ווונדער איבער ווונדער, אויך אַהער האָט זיך שאַקערמאַנען אײַנגעגעבן אַרײַנצוקריכן. די מיליציאָנערן דוואָריאַדקין, גאַלקין און גאַווריקאָוו האָבן זיך פֿאַרקויפֿט צו די, וואָס זיי זײַנען געווען באַשטימט צו באַקעמפֿן, און זיי האָבן גענומען דעקן די גרויסע גנבֿים״.

וועגן דעם פֿאַרנעם פֿון שאַקערמאַנס און רויפֿמאַנס טעטיקייט זאָגן עדות די ווײַטערדיקע שורות: „בעת דער רעוויזיע האָט מען בײַ שאַקערמאַנען געפֿונען 316 טויזנט נײַע רובל, עטלעכע צענדליגנ קילאָגראַם גאָלד און אַ סך אַנדערע ווערטפֿולע זאַכן. אַן ערך אַזוי פֿיל האָט מען אויך קאָנפֿיסקירט בײַ זײַן קאָלעגע פֿון דער פֿאַרברעכערישער טעטיקייט״.

די גאַנצע מעשׂה האָט געדויערט 4 יאָר און וואָלט נאָך ווײַטער געדויערט, אויב די שותּפֿים וואָלטן זיך ניט געהאַט צעקריגט אויפֿן ראָמאַנטישן באָדן, און רויפֿמאַן וואָלט ניט אַוועק צו די „מאַכט־אָרגאַנען״ און ניט דערציילט אַלץ וועגן שאַקערמאַנען(!). ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז איצט איז אַלץ געוואָרן אויפֿגעדעקט.

(אין דעם אַרטיקל אין איזוועסטיאַ איז נאָך אַרײַנגעפֿלאָכטן אַ שבֿח פֿאַר „אונדזערע באַרימטע טשעקיסטן״ וואָס זײַנען געטרײַ „איליטשס צוואה״.)

דער אַרטיקל אין איזוועסטיאַ האָט אָנגערופֿן אַ סך נעמען פֿון פּערזאָנען, וואָס די הויפּט־באַשולדיקטע האָבן מיט זיי „געאַרבעט", אָבער — און דאָס האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן — קיין איין ייִדישער פֿאַמיליע־נאָמען איז צווישן זיי ניט געווען. ווען דער זשורנאַליסט קראַנקשאַו האָט אין אָבזערווער, נאָוועמבער 3, געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז דער קומעדיקער פּראָצעס איז משמעות פֿאַרקלערט ווי אַ נײַער אַנטי־ייִדישער פּראָצעס, האָט דער לאָנדאָנער קאָרעספּאָנדענט פֿון איזוועסטיאַ אַרײַנגעשיקט אַ בריוו אין דער רעדאַקציע פֿון אָבזערווער, ווו ער האָט זיך געאײַלט אָפּצולייקענען די השערה: דער אַרטיקל אין איזוועסטיאַ האָט דאָך, חוץ די נעמען שאַקערמאַן און רויפֿמאַן, אָנגערופֿן נאָך 14 נעמען, 11 פֿון זיי קלינגען ווי רוסישע נעמען, איינער ווי אַן אוקראַיִנישער און 2 ווי טאָטערשע. און פֿאַרן געריכט, האָט די איזוועסטיאַ שטאָלץ דערקלערט, וועלן שטיין ניט קיין רוסן, ייִדן, אוקראַיִנער, אָדער טאָטערן, נאָר — פֿאַרברעכערס. „און זאָל דער פּראָצעס איבער די פֿאַרברעכערס זײַן אַ געזעלשאַפֿטלעכער, אַן עפֿנטלעכער ווײַזפּראָצעס. זאָל צאַרנדיק אַ הילך טאָן די רעדע אַזש פֿונעם הויפּט־פּראָקוראָר פֿון פּסס״ר אינעם געריכטזאַל".

פֿון די אַלע פֿאַרויסזאָגונגען איז מקוים געוואָרן בלויז די לעצטע: דער באַשולדיקער אויף דעם פּראָצעס איז טאַקע געווען דער הויפּט־פּראָקוראָר פֿון פּסס״ר רודענקאָ, אָבער דעם צוזאָג וועגן אַן עפֿנטלעכן, געזעלשאַפֿטלעכן געריכט, האָט מען פּשוט פֿאַרגעסן, ווען דער ענין איז געקומען אין געריכט אַרײַן. באַלד אין אָנהייב האָט מען געלאָזט וויסן די קאָרעספּאָנדענטן פֿון די מערבֿדיקע לענדער, אַז פֿון דעם פֿריִערדיקן צוזאָג זיי צוצולאָזן צום פּראָצעס, האָט מען באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן. דערנאָך, כּמעט ערבֿ דעם פּראָצעס, איז דאָס זעלבע געשען מיט די קאָרעספּאָנדענטן פֿון די לענדער פֿונעם „סאָציאַליסטישן לאַגער". ווי נאָר דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן איז קלאָר געוואָרן, אַז די טירן זײַנען געשלאָסן אויך פֿאַר די קאָרעספּאָנדענטן פֿון דער סאָוועטישער פּרעסע. דער פּראָצעס האָט געדויערט העכער אַ חודש, אָבער אין דער פּרעסע האָט מען מודיע געווען וועגן דעם וואָס ס'קומט פֿאָר אין געריכטזאַל. בלויז נאָכן פֿאַרענדיקן דעם פּראָצעס האָט מען אין איזוועסטיאַ, פֿעברואַר 28, געמאָלדן זייער קורץ וועגן אורטייל. גענויער איז — נאָכן אַרטיקל אין איזוועסטיאַ פֿון 20סטן אָקטאָבער אין פֿאַרגאַנגענעם יאָר — וועגן פּראָצעס געווען אין טרוד, פֿעברואַר 27. אָבער וועגן אורטייל איז דאָ דער לייענער געוואָר געוואָרן, „אַז די פֿאַר־ברעכערס האָבן געקריגן וואָס זיי האָבן פֿאַרדינט": „טויטשטראָף פֿאַר די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער פֿאַרברעכערישער באַנדע; די אַנדערע באַשולדיקטע זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן צו פֿאַרלירן די פֿרײַהייט אויף פֿאַשיידענע טערמינען". מיט קיין איין וואָרט האָט זיך וועגן דעם סוף פֿון פּראָצעס ניט אָפּגערופֿן די פּראַוודאַ. און אויך דער צוזאַמענשטעל פֿון די באַשולדיקטע (און פֿאַרמישפּטע) איז ניט געווען אין הסכּם מיט דעם, וואָס מען האָט צו ערשט אָנגעצייכנט. למען האמת, קיין גענויע ידיעות זײַנען וועגן דעם ניט געווען, און אַפֿילו די צאָל באַשולדיקטע און פֿאַרמישפּטע איז געבליבן אומבאַוווסט. די אויסלענדישע

קאָרעספּאָנדענטן אין מאָסקווע האָבן געשאַצט פֿון 21 ביז 28, און לויט דער אַלגעמיינער מיינונג, איז דער גרעסטער טייל באַשטאַנען פֿון ייִדן.[12]

## אַ סטאַטיסטיק וואָס לייגט זיך ניט אויפֿן שׂכל

מיר האָבן שוין פֿריִער באַמערקט, אַז די רעדאַקציע פֿון דער לאָנדאָנער האַלב־פּעריאָדישער אויסגאַבע „דזשוס אין איסטערן יוראָפּ" זאַמלט סיסטעמאַטיש געגעבענע וועגן די פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, ווו ס'ווערט אַרויסגעגעבן טויטשטראָף, און וועגן דער צאָל ייִדן צווישן די פֿאַרמישפּטע אויף טויט. מײַ 1963 האָט די אויסגאַבע פֿאַרעפֿנטלעכט אַ רשימה פֿון אַזעלכע פּראָצעסן וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען ביזן 25סטן יאַנואַר 1963 (זיי גיבן אָן די מקורים פֿון זייערע אינפֿאָרמאַציעס) און זיי גיבן אויך אָן די נעמען פֿון אַלע וואָס זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט. איך שטרײַך אונטער, אַז דאָ רעדט זיך ניט וועגן אַלע פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס, נאָר וועגן די וואָס האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט טויטאורטיילן. פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס וואָס האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט ווייניקער שטרענגע אורטיילן זײַנען געווען אַ סך מער, און אַפֿילו די רשימה פֿון די פּראָצעסן וואָס האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט טויטאורטיילן שעפּט ניט אויס אַלע פּראָצעסן פֿון דעם מין; ערשטנס, ניט וועגן אַלע פּראָצעסן שרײַבט מען אין דער פּרעסע (אָט האָט דאָך די פּראַוודאַ פּשוט פֿאַרשוויגן דעם סוף פֿון אַזאַ אויסערגעוויינטלעכן פּראָצעס ווי דער שאַקערמאַן־רויפֿמאַן־פּראָצעס), און צווייטנס, איז ניט מעגלעך אין אויסלאַנד — דערצו נאָך אויף אַ פּריוואַטן שטייגער — אויפֿצוזאַמלען אויסשעפּיקע ידיעות פֿון דער ג אַ נ צ ע ר סאָוועטישער פּרעסע. מען דאַרף זיך נאָר וווּנדערן, וואָס די רעדאַקציע פֿון דער אויסגאַבע האָט יאָ באַוויזן אויפֿצוקלײַבן די ידיעות פֿון אַ גרויסער צאָל מאָסקווער פּעריאָדישע אויסגאַבעס, פֿון צײַטונגען אויף רוסיש, און אַ מאָל אויך אויף שפּראַכן פֿון די וואָרצלדיקע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס גייען אַרויס אין די הויפּטשטעט פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן און אויך פֿון אַ גרויסן טייל געגנטלעכע צײַטונגען.

בסך־הכּל פֿיגורירן אין דער רשימה פֿונעם מײַ־נומער פֿון 1963 „דזשוס אין איסטערן יוראָפּ" 8 פּראָצעסן וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען אין דער צווייטער העלפֿט 1961, 41 פּראָצעסן — אין 1962 און 7 פּראָצעסן וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען פֿון 1טן ביזן 25סטן יאַנואַר 1963; סך־הכּל 56 פּראָצעסן מיט 111 טויטאורטיילן. די געגעבענע ביז צום 5טן יאַנואַר 1963 (51 פּראָצעסן מיט 104 טויטאורטיילן) זײַנען סטאַטיסטיש באַאַרבעט; די ידיעות וועגן די איבעריקע 5 פּראָצעסן מיט 7 טויטאורטיילן זײַנען מסתּמא דערגאַנגען, ווען די סטאַטיסטישע אַרבעט איז שוין געווען פֿאַרענדיקט. אויף די געגעבענע איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן.

אויפֿן סמך פֿון די געגעבענע קומט אויס, אַז אין צוויי פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן (לעטלאַנד און טאַדזשיקיסטאַן) זײַנען אין גאַנצן ניט פֿאָרגעקומען פֿאַר דער צײַט קיין פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס וואָס האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט טויטשטראָף; אין נאָך פֿינף (אַזערבײַדזשאַן, אַרמעניע, טורקמעניסטאַן, אוזבעקיסטאַן און עסטלאַנד), איז כּמעט ס'זײַנען דאָרטן פֿאָרגעקומען 10

פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס וואָס האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט טויטאורטיילן

(יולי 1961 — 5טער יאַנואַר 1963)

| | צאָל פּראָצעסן | צאָל טויטאורטיילן | צאָל ייִדן באַשולדיקט | % ייִדן באַשולדיקט | % ייִדן אין דער באַפֿעלקערונג |
|---|---|---|---|---|---|
| פֿססר״ | 51 | 104 | 60 | 58 | 1.08 |
| לויט די רעפּובליקן: | | | | | |
| רספֿס״ר | 14 | 24 | 16 | 67 | 0.7 |
| אוקראַיִנע | 12 | 30 | 25 | 83 | 2.0 |
| ווײַסרוסלאַנד | 2 | 6 | 4 | 67 | 1.9 |
| מאָלדאַוויע | 2 | 5 | 4 | 80 | 3.3 |
| ליטע | 3 | 7 | 5 | 71 | 0.9 |
| עסטלאַנד | 1 | 1 | — | — | 0.5 |
| אַזערבײַדזשאַן | 5 | 9 | — | — | 1.1 |
| גרוזיע | 2 | 2 | 2 | 100 | 1.3 |
| אַרמעניע | 1 | 2 | — | — | 0.1 |
| קאַזאַכסטאַן | 5 | 5 | 1 | 20 | 0.3 |
| קירגיזיע | 1 | 9 | 3 | 33 | 0.4 |
| אוזבעקיסטאַן | 2 | 3 | — | — | 1.2 |
| טורקמעניסטאַן | 1 | 1 | — | — | 0.3 |

אַזעלכע פּראָצעסן מיט 16 טויטאורטיילן, זײַנען קיין ייִדן צווישן די פֿאַרמישפּטע ניט געווען; אין די איבעריקע 8 רעפּובליקן איז דער פּראָצענט ייִדן וואָס זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט זייער אַ הויכער. אין גאַנץ ראַטן־פֿאַרבאַנד זײַנען אין די אַלע פּראָצעסן געווען 104 טויטאורטיילן, און פֿון די 104 זײַנען געווען 60 פֿאַרמישפּטע ייִדן צום טויט, ד״ה 57.7%.

אין די אורטיילן ווערט די נאַציאָנאַליטעט פֿון די פֿאַרמישפּטע ניט אָנגעגעבן; בײַם מאַכן די סטאַטיסטיק האָט מען זיך סומך געווען אויף די פֿאַמיליע־נעמען, אָדער נעמען און פֿאַמיליע־נעמען פֿון די פֿאַרמישפּטע, און טייל מאָל אויף אַנדערע ידיעות פֿון דער פּרעסע. איך האָב זייער גענוי דורכשטודירט די רשימה פֿון דער אויסגאַבע „דזשוז אין איסטערן יוראָפּ״, און כ׳האָב פֿון איר אויסגעשטראָכן 15 נעמען, וואָס אין דעם, צי זיי זײַנען ייִדן, קען מען ניט זײַן אין גאַנצן זיכער.[13] בלײַבן 45 ייִדן אויף 104 פֿאַרמישפּטע צום טויט, ד״ה 43.3% פֿון דער אַלגעמיינער צאָל טויטשטראָפֿן. מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז צווישן די 104 נעמען אין דער רשימה האָבן געקענט זײַן ייִדן, וואָס בלויז על־פּי זייערע נעמען, פֿאָטערס נעמען און פֿאַמיליע־נעמען לאָזט זיך דאָס ניט פֿעסטשטעלן.

אין דער זעלבער אויסגאַבע (פֿעברואַר 1964) זײַנען געבראַכט שפּעטערדיקע געגעבענע, אָבער ניט אַזוי גענוי באַאַרבעט, אָן אַ רשימה פּראָצעסן און געגעבענע וועגן יעדער פּראָצעס. אויפֿן סמך פֿון די געגעבענע האָט די צאָל פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס דערגרייכט 81, די צאָל פֿאַרמישפּטע צום טויט — 163, פֿון זיי 88 ייִדן, ד״ה 54%, און ס'איז אַפֿילו מעגלעך, אַז 96 ייִדן זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט, ד״ה 59%. ס'זײַנען אויך אָנגעגעבן פֿאַרסהכלונגען פֿאַר פֿיר רעפּובליקן: פֿאַר רספּס״ר — 64% ייִדן צווישן די פֿאַרמישפּטע צום טויט, אוקראַינע — 90%, ווײַסרוסלאַנד — 57%, מאָלדאַוויע — 83. דאָס מאָל זײַנען אויך געבראַכט אויסרעכענונגען פֿאַר עטלעכע גרויסע שטעט: אין מאָסקווע זײַנען פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט 10 מענטשן, צווישן זיי 7 ייִדן; אין לענינגראַד אויך 10, צווישן זיי 9 ייִדן; אין ווילנע 5, פֿון זיי 4 ייִדן. אין אָדעס, כאַרקאָוו און טשערנאָוויץ זײַנען געווען צו 6 טויטאורטיילן אין יעדער שטאָט, און אַלע פֿאַרמישפּטע זײַנען דאָ געווען ייִדן.

דאָס זײַנען אַלץ זייער הויכע צאָלן, און בײַם קאָנפֿראָנטירן מיטן קליינעם פּראָצענט ייִדן אין דער באַפֿעלקערונג פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד, זעען זיי אויס אומגלייבלעך, — אויב דאָס וואָלט טאַקע געווען דער רעזולטאַט פֿון אַ נאָרמאַלער געריכטלעכער פּראָצעדור.

די ציפֿערן זעען אויס אומגלייבלעך. אָבער די פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס, וואָס אויף זייער סמך האָט מען אויסגעחשבונט די ציפֿרן, זײַנען בלי שום ספֿק אַ רעאַליטעט. ווי זשע זײַנען מעגלעך געוואָרן אַזעלכע פֿאַנטאַס־טישע ציפֿערן?

כרושטשאָוו האָט אין זײַן ציטירטן בריוו צו ראָסעלן (פֿינפֿטער קאַפּיטל) געשריבן, אַז די פֿראַגע וועגן דעם, וואָסער נאַציאָנאַליטעט איז מער, אָדער ווייניקער פֿאַרטראָטן צווישן די פֿאַרמישפּטע פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס, „דאָס איז ניט קיין נאַציאָנאַלע, נאָר אַ סאָציאַלע פֿראַגע". אין אַ געוויסן זין איז דאָס ריכטיק. און באַזונדער וואָס שייך ייִדן, האָט מען אפֿשר מיט דעם געקענט דערקלערן אַ ביסל אַ גרעסערן פּראָצענט באַשולדיקטע איידער ס'איז דער פּראָצענט ייִדן אין דער גאַנצער באַפֿעלקערונג. אַ גרויסער טייל עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס ווערן באַגאַנגען אין דער ווירטשאַפֿטלעכער אָנפֿירונג און אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון צושטעל. דער פּראָצענט ייִדן איז אין די צווײַגן ווירטשאַפֿט גרעסער ווי דער פּראָצענט ייִדן אין דער גאַנצער באַפֿעלקערונג[14] אין אַ גרויסער מאָס צוליב די שוועריקייטן בײַם געפֿינען אַרבעט אין אַ סך (ווײַט ניט אַלע) אַנדערע צווײַגן. צווישן בוכהאַלטערס זײַנען פֿאַראַן אַ סך ייִדן. דאָס איז אַ פֿאַך וואָס גיט אַ העכערן (ווי געוויינטלעך) פּראָצענט באַשולדיקטע אין עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס. מ'וואָלט זיך דעריבער ניט געדאַרפֿט וווּנדערן, ווען פֿון איבער אַ פּראָצענט ייִדן אין דער גאַנצער באַפֿעלקערונג פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד וואָלטן די ייִדן געווען פֿאַרטראָטן מיט אַ ביסל אַ העכערן פּראָצענט — אויב אַ סך, איז פֿון צוויי ביז דרײַ פּראָצענט — צווישן די באַשולדיקטע אין עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס.

אָבער ניט פּופּציק פּראָצענט! כרושטשאָווס „סאָציאַלער" אַרגומענט איז דעריבער בפּירוש ניט־אויסגעהאַלטן.

איין פֿאַקטאָר וואָס הייבט שטאַרק דעם פּראָצענט ייִדן וואָס ווערן פֿאַרמישפּט צום טויט איז בלי־ספֿק דער אייגנאַרטיקער צוקלויב פֿון ייִדן צווישן די וואָס ווערן צוגעצויגן צו געריכטלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. ווען מען שטעלט צום געריכט אַ גרויסע גרופּע פּערזאָנען מיט אַ געמישטן צוזאַמענשטעל (ייִדן און ניט־ייִדן) קומט אָפּט אויס, אַז ניט־ייִדן, וואָס וואָלטן לויטן גאַנג פֿון דעם ענין געדאַרפֿט טראָגן אַ גרעסערע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווערן פֿאַררוקט אין הינ־טערגרונט, אָדער זיי ווערן אין גאַנצן ניט אַרײַנגעצויגן אין פּראָצעס; מיט די ייִדן ווידער איז גראָד פֿאַרקערט. זיי ווערן אַרויסגערוקט אויפֿן ערשטן אָרט אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס ווי די סיטואַציע פֿאָדערט. דאָס האָט זיך באַזונדער אָנגעזען אויפֿן פֿרונזער פּראָצעס.

אָבער דאָס אַליין איז נאָך ניט גענוג אויף צו דערקלערן די ריזיקע דיס־פּראָפּאָרציע צווישן דעם פּראָצענט ייִדן אין דער באַפֿעלקערונג פֿון לאַנד און דעם פּראָצענט ייִדן פֿאַרמישפּטע צום טויט פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס. צו דעם אַלעמען קומט צו נאָך איין פֿאַקטאָר, וואָס ער איז אפֿשר דער דעצי־דירנדיקער: אונדזער אינפֿאָרמאַציע וועגן דעם פֿאַרנעם פֿון געריכטלעכע שטראָפֿן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס זײַנען זייער ניט קיין אויסשעפּיקע; און משמעות, אַז אין זייער אַ סך פֿאַלן פֿון עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס דערגייט גאָר ניט דער ענין צום געריכט, און אויב אַפֿילו ער דערגייט שוין יאָ צום געריכט, שרײַבט מען ניט וועגן אים אין דער פּרעסע. אין דעם פּרט איז אויך פֿאַראַן דער אייגנאַרטיקער צוקלויב — דער צוקלויב פֿון פּראָצעסן, וואָס ס׳איז כּדאַי צו ציִען אויף זיי די געזעלשאַפֿטלעכע אויפֿמערקזאַמקייט; אויף צו פֿאַרעפֿנטלעכן אין דער פּרעסע קלײַבט מען אויס גראָד אַזעלכע ענינים, ווו ייִדן שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָלע, אָדער בעסער געזאָגט, ווו ס׳איז דאָ אַ געלעגנהייט צוצושרײַבן ייִדן אַן אָנגעזעענע ראָלע.

אַז דאָס בילד וואָס שאַפֿט זיך פֿון די פֿאַרעפֿנטלעכטע געגעבענע וועגן די פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס שטימט ניט מיט דערווירקלעכקייט, דרינגט פֿון צײַט צו צײַט אַרויס אַפֿילו פֿון די ניט־פֿאָרזיכטיקע האַלב־אָפֿיציעלע דערקלערונגען גופֿא.

אָקטאָבער 1963 איז אין דער רעדאַקציע פֿון סאָוועטיש היימלאַנד פֿאָר־געקומען אַ שמועס צווישן לייענערס און מיטאַרבעטערס פֿונעם זשורנאַל וועגן דער פֿראַגע אַנטיסעמיטיזם און ראַסיזם אין מערבֿ און וועגן די ליגנערישע באַשולדיקונגען אין אַנטיסעמיטיזם וואָס ווערן אַרויסגערוקט קעגן ראַטן־פֿאַר־באַנד אין דער מערבֿדיקער פּרעסע. אויף דעם שמועס גופֿא וואָלט ניט געווען כּדאַי זיך אָפּצושטעלן, ווען ס׳וואָלט דאָרט ניט געהאַט אַרויסגעטראָטן דער הויפּטגעהילף פֿון דעם הויפּטפּראָקוראָר פֿון פֿסס"ר, דער מלוכישער ראָטמאַן פֿון צווייטן קלאַס גענאַדי טערעכאָוו. טערעכאָוו איז אויפֿגעוואַקסן אין אַ ייִדיש שטעטל אין ווײַסרוסלאַנד, ווו זײַנע חבֿרים פֿון די קינדער־יאָרן זײַנען געווען ייִדישע ייִנגלעך. די ייִדישע שפּראַך איז פֿאַר אים, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט,

„ניט קיין בוך וואָס איז פֿאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער". אָבער דער פּרט האָט צו אונדזער ענין אַ קנאַפּן שײַכות. דאָ איז וויכטיק גאָר עפּעס אַנדערש:

„איך וויל זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן די פּראָצעסן פֿאַר א"ג עקאָ־נאָמישע פֿאַרברעכנס, ווײַל אין דער פּראָקוראַטור פֿאַרנעם איך זיך מיט אָט די ענינים. איך דערקלער מיט פֿולער אחריות, אַז ניט נאָר איז בײַ אונדז אין לאַנד די אַבסאָלוטע צאָל ייִדן וואָס ווערן צוגעצויגן צו קרימינעלער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט קלענער ווי בײַ אַנדערע נאַציאָנאַ־ליטעטן, נאָר אויך די פּראָצענט־פֿאַרהעלטעניש צווישן דער צאָל פֿאַר־מישפּטע ייִדן לגבי דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין לאַנד איז קלענער איידער בײַ אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן". (סאָוועטיש היימלאַנד, נאָוועמבער־דעצעמבער 1963, ז' 83.)

אָט די דערקלערונג איז ספּעציעל וויכטיק צוליב דעם וואָס טערעכאָוו איז אויפֿגעטראָטן אויפֿן ערשטן פּראָצעס פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס, וואָס האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ טויטאורטייל (דער פּראָצעס פֿון ראָקאָטאָוון און פֿײַבושע־וויטשן, פּראַוודאַ, יולי 21, 1961) באַלד נאָך דעם ווי ס'זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן די נײַע דעקרעטן. ער איז אויך געווען דער הויפּט־באַשולדיקער אין דעם גרויסן פֿרונזע־פּראָצעס אין 1962 (סאָוועטסקאַיאַ קירגיזיאַ, יולי 24, 1962).

אין אַ האַלב יאָר אַרום, ווען די ערשטע גרופּע פּראַוואָסלאַוונע פּילגרימען איז פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד געקומען קיין מדינת־ישׂראל, האָט דער אַרכימאַנדריט יוווענאַלי, דער ראָש פֿון דער גרופּע, אויפֿגעדעקט די ווונד. אין אַ שמועס מיט זשורנאַליסטן האָט ער דערקלערט: „וואָס שייך די פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס — ווערן זיי באַגאַנגען ניט בלויז דורך ייִדן, אָבער די צײַטונגען אינפֿאָרמירן ניט וועגן די ניט־ייִדישע פֿאַרברעכנס" (דזשערוסאַלעם פּאָסט, מײַ 20, 1964, ציטירט על־פּי דזשוס אין איסטערן יוראָפּ, נאָוועמבער 1964, ז' 30).

דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער מאָרגן־פֿרײַהייט האָט טעלעגראַ־פֿירט וועגן דעם, אַז אַרטור מילער, דער באַוווּסטער אַמעריקאַנער שרײַבער־דראַמאַטורג, איז געווען צו גאַסט אין דער רעדאַקציע פֿון סאָוועטיש היימלאַנד. בעתן שמועס מיט מילערן האָט דער הויפּט־רעדאַקטאָר פֿונעם זשורנאַל, אַהרן ווערגעליס, געמאַכט אַ פֿון פֿאָרויס צוגעגרייטע דערקלערונג. אין דער דער־קלערונג איז פֿאַראַן איין פּונקט וואָס האָט אַ שײַכות צו אונדזער ענין:

„די אַבסאָלוטע צאָל ייִדן וואָס זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן פֿאַר פֿאַרברעכנס קעגן סאָציאַליסטישן אייגנטום איז קלענער איידער בײַ אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. חוץ דעם איז נאָך די פּראָצענט־פֿאַרהעלטע־ניש צווישן דער צאָל פֿאַרמישפּטע און דער אַלגעמיינער צאָל ייִדן אין לאַנד קלענער, ווי די שײַכדיקע פּראָצענט־פֿאַרהעלטעניש בײַ אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן" (מאָרגן־פֿרײַהייט, פֿעברואַר 16, 1965).

די דערקלערונגען ווערן געמאַכט מיטן ציל אָפּצושוואַכן דעם שטוינענדיקן אײַנדרוק וואָס ס'האָבן אין אויסלאַנד געמאַכט די גרויסע צאָל פּראָצעסן פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס וואָס ענדיקן זיך מיט טויטאורטיילן און מיט דעם ריזיקן פּראָצענט ייִדן וואָס ווערן פֿאַרמישפּט צום טויט בפֿירוש ניט אין איינ־

קלאַנג מיט זייער שולד. אָט די דערקלערונגען רופֿן ניט אַרויס צו זיך קיין אַבסאָלוטן צוטרוי, אָבער מען קען פֿון זיי מאַכן דעם אויספֿיר, אַז די געגעבענע וועגן די פּראָצעסן אין דער סאָוועטישער פּרעסע, זײַנען בלי ספֿק אַ צעקאַ־ליעטשעט בילד פֿון דערווירקלעכקייט; אַז די ייִדן ווערן דאָ דער שׂעיר־לעזאזל פֿאַר די אינעווייניקסטע פֿעלערן אין דער סאָוועטישער סיסטעם, און צי די סאָוועטישע פֿירערס ווילן דאָס יאָ, אָדער ניט — זיי דערנערן די שפּראָצן פֿון אַנטיסעמיטזם אין לאַנד.

## הערות

1 Harold Berman, "The Dilemma of Soviet Law Reform," *Harvard Law Review,* vol. 76, No. 5, March 1965 p.949.

2 «Научно-практический комментарий к Основам уголовного законодательства СССР и союзных республик» (2-ое издание). Ответственные редакторы проф. В. Д. Меньшагин и проф. П. С. Ромашкин, Госюриздат, Московский Государственный Университет, Юридический факультет, Госюриздат, Москва, 1961, стр. 25-26.

3 Harold Berman, *op. cit.,* p. 948.

4 "Economic Crimes in the Soviet Union" (staff study) *Journal of the International Commission of Jurists,* vol. 5, No. 1 (Summer 1964), p. 13.

5 אינעם אַרטיקל אין דער סאָוועטסקאַיאַ קירגיזיאַ, יאַנואַר 9, ווערט דערמאָנט 1955, ווי דער יאָר, ווען נאָך אַ לאַנגן און גרויסן דערפֿאָלג אין איין פֿאַבריק, האָט זיך געשאַפֿן אַן ענלעכע אָרגאַניזאַציע אין אַ צווייטער.

6 פֿאַר קירגיזיע, ווו ס׳זײַנען כּמעט ניטאָ קיין ייִדן, איז דער פּראָצענט באַזונדער הויך. אין גאַנץ קירגיזיע זײַנען, אויפֿן סמך פֿון דער פֿאָלקסציילונג אין 1959, געווען בלויז 8,610 ייִדן, ד״ה 0.38% פֿון דער באַפֿעלקערונג אין דער רעפּובליק. אַפֿילו אין פֿרונזע, ווו ס׳זײַנען קאָנצענטרירט צוויי דריטל פֿון אַלע ייִדן אין קירגיזיע, שטעלן זיי מיט זיך פֿאָר קוים 2.65% פֿון דער באַפֿעלקערונג אין דער שטאָט.

אַגבֿ, די וואָרצלדיקע באַפֿעלקערונג איז עלול צו זען דעם ענין אין אַן אַנדער ליכט: פֿאַר איר זײַנען די ייִדן בלויז איינע פֿון די אַנדערש־נאַציאָנאַלע גרופּעס אין דער גאַנצער הערשנדי־קער אַדמיניסטראַציע און אין דער ווירטשאַפֿט. ס׳איז גענוג צו זאָגן, אַז צווישן די 46 נעמען פֿון באַשולדיקטע אויפֿן פּראָצעס, זײַנען (על־פּי די פֿאַמיליע־נעמען) געווען בלויז 6 טיורקן.

7 ווי אַ בולטע אילוסטראַציע צו דער שטרעבונג צו מינימיזירן אין דעם ענין די ראָלע פֿון די פֿאָרשטייערס פֿון דער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע און אונטערצושטרײַכן די ראָלע פֿון די ייִדן קען דינען דער ווײַטערדיקער שיִער ניט אַנעקדאָטישער פֿאַל: „נאָך אין יולי 1958 האָט דיושאַליִעוו זיך צונויפֿגערעדט מיט איינעם פֿון די געפֿערלעכסטע פֿאַרברעכערס, מיט האַזענ־פֿראַצן, און ער האָט אים צוגעזאָגט פֿאַר אַ זייער היפּשן כּאַבאַר צו פּועלן בײַם מלוכישן פּלאַן פֿון פֿסס״ר, אַז מען זאָל דער אַלאַמעדינישער פֿאַבריק צוטיילן קינסטלעכן זײַד עד־לחשבון". (סאָוועטסקאַיאַ קירגיזיאַ, יולי 24). — דיושאַליִעוו איז דער פֿאָרזיצער פֿון מלוכישן פּלאַן; האַזענפֿראַץ — דער צעכמײַסטער פֿון דער אַלאַמעדינישער פֿאַבריק. ניט שוין זשע וועט עמעצער טאַקע גלייבן, אַז אַזוי האָט מען אין דער אָרגאַניזאַציע טאַקע געפֿירט די געשעפֿטן.

8 אין איזוועסטיאַ, יולי 22, זײַנען אָנגערופֿן בלויז 4 פֿאַרמישפּטע צום טויט, צווישן זיי 2 ייִדן.

9 די אַנדערע 3 באַשולדיקטע וואָס מען האָט פֿאַרמישפּט צום טויט — אַהרן רעזניצקי, קאַמינער און ראַבינאָוויטש — האָבן אָנגעגעבן אַ בקשה צום פּרעזידיום פֿון העכסטן ראַט פֿון פֿסס״ר, מען זאָל זיך אויף זיי דערבאַרעמען און מילדערן זייער שטראָף. מען האָט זייער בקשה ניט אָנגענומען, און דער אורטייל איז געוואָרן אויסגעפֿירט (סאָוועטסקאַיאַ ליטווא, אַפּריל 4).

בתיה רעזניצקי האָט די בקשה ניט אונטערגעשריבן, אָבער מען האָט זי אויך ניט דערשאָסן תּיכּף נאָכן אורטייל. איר ווײַטערדיקער גורל איז ניט באַוווּסט.

[10] דאָס ווײַטערע איז געבויט אויפֿן סמך פֿון דרײַ אַרטיקלען פֿון י. שמולעוויטש אין פֿאָרווערטס, פֿעברואַר 28, מאַרץ 1, און 8, 1962 און פֿון משה דעקטערס אַרטיקל Profile of a Soviet prisoner", *New Leader*, April 1, 1963.

[11] אין איינעם פֿון שמולעוויטשעס אַרטיקלען איז אָפּגעדרוקט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דער פֿאַמיליע אין מאַריאַמפּאָל: די עלטערן און אַלע אַכט קינדער, טייל נאָך קליינינקע; דאָס בילד מאַכט זייער אַ סימפּאַטישן אײַנדרוק.

[12] *Jews in Eastern Europe,* November 1964 (vol. III, 1), p. 54.

[13] פֿאַר דער סטאַטיסטישער באַאַרבעטונג פֿון די געגעבענע וועגן די פּראָצעסן האָט דער מיטאַרבעטער פֿון *Jews in Eastern Europe* זיך באַנוצט מיט די מאַטעריאַלן פֿון דער סאָוועטישער פּרעסע; אויפֿן סמך פֿון די מאַטעריאַלן האָט ער צו דער צאָל ייִדן צוגערעכנט אַ ריי פּערזאָנען, וואָס בלויז על־פּי זייערע נעמען, פֿאָטערס נעמען און פֿאַמיליע־נעמען איז דאָס ניט געווען מעגלעך פֿעסטצושטעלן.

[14] אין משך פֿונעם לעצטן יאָרצענדלינג האָט זיך דאָס משמעות גענומען שטאַרק בײַטן. דער לייענער האָט אַוודאי באַמערקט, אַז צווישן די באַשולדיקטע אין דעם גרויסן פֿרונזער פּראָצעס, איז די צאָל ייִדן אין דעם אינדוסטריעלן סעקטאָר געווען זייער גרויס, ספּעציעל אין דעם מיטעלן טעכנישן אַפּאַראַט, אַ סך קלענער איז זי געווען אינעם פֿאַרטיילונג־סעקטאָר און גאָר קליין אין דעם בפֿירוש מלוכישן סעקטאָר.

קאפיטל ניין

# אינעם סאָוועטישן היינט זיינען פֿאַראַן סתירות

ווען פֿון די אַלע אויבן געבראַכטע פֿאַקטן פֿון שׂינאה צו ייִדן וואָלט מען געמאַכט דעם אויספֿיר, אַז אין אַלע צווייַגן פֿון סאָוועטישן לעבן ווערט סיסטע־מאַטיש דורכגעשטופּט אַנטיסעמיטישע טענדענצן, וואָלט דאָס געווען אַ טעות. דאָס וואָלט געווען מעגלעך בלויז אין דעם פֿאַל, אויב דער אַנטיסעמיטיזם וואָלט געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער אָפֿיציעלער אידעאָלאָגיע, וואָס וועגן דעם קאָן גאָר ניט זייַן קיין רייד. דער אַנטיסעמיטיזם רייַסט זיך אַרויַן אין סאָוועטישן לעבן אין פֿאַרשיידענע צייַטן און אין אַ פֿאַרשיידענער פֿאָרעם; ער געפֿינט אַן אָפּקלאַנג אין פֿאַרשיידענע שיכטן באַפֿעלקערונג; אַ מאָל ווערט ער פֿאַראורטיילט, און אַ מאָל פֿאַוואָריזירט דורך די מלוכה־אָרגאַנען. צוליב אָפּאָרטוניסטישע טעמים, ווי דאָס איז געווען אין דער צייַט פֿון סאָוועטיש־דייַטשן אָפּמאַך פֿון 1939, האָט די קאָמוניסטישע פּירערשאַפֿט טאָלערירט דעם היט־לערשן אַנטיסעמיטזם. אָבער ס'איז איר ניט אָנגעקומען גרינג. אָפֿן און סיסטע־מאַטיש פֿאַוואָריזירן דעם אַנטיסעמיטזם האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי ניט געקענט אין קיין שום סיטואַציע. די עלעמענטן אַנטיסעמיטיזם וואָס דרינגען אַרויַן און דרינגען דורך די סאָוועטישע פּאָליטיק קומען אַרויַן שעמעוודיק, פֿאַרבאַהאַלטן, קיין מאָל דערגייען זיי ניט ביזן סוף.

בייַם פּרוּוון אָפּשאַצן די הייַנטיקע סאָוועטישע ווירקלעכקייט, אויפֿן סמך פֿון דער ראָלע פֿון די אַנטיסעמיטישע עלעמענטן, באַקומט זיך אַ פּילקאָלירטיק בילד. כּדי צו האָבן אַ פֿול בילד דאַרף מען זען די עקסצעסן פֿון אַנטיסעמיטיזם פֿון איין זייַט, אָבער אויך די סימנים פֿון אַנטשפּאַנונג אין די צווישנגאַציאָנאַלע באַציִונגען און די אויפֿגעוואַכטע שטימונגען פֿון אַקטיווער קעגנערשאַפֿט צו אַלע דערשייַנונגען פֿון נאַציאָנאַלער שׂינאה בכלל און צום אַנטיסעמיטיזם בפּרט, פֿון דער צווייטער זייַט.

## אַנטיסעמיטישע עקסצעסן

די קאָנקרעטע פֿאָרעם, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם האָט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אָנגענומען בעת דער טומלדיקער קאַמפּאַניע פֿון קאַמף מיט עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס און ספּעציעל בעתן שאַרפֿן קאַמף מיטן יודאַיִזם, שאַפֿט אַ פּסיכאָ־

לאָגישע סיטואַציע, ווו ס׳ווערן שוין מעגלעך אַזעלכע אָפֿענע, אַקטיווע דערשײַנונגען פֿון אַנטיסעמיטיזם, וואָס אין רוסלאַנד איז מען צו זיי ניט געוווינט — אַפֿילו ניט אין אַלטן רוסלאַנד — אַקטן פֿון וואַנדאַליזם לגבי דאַוונשולן און בית־עלמינס. בײַ אַן אויסערגעוויינטלעך־אָרגאַניזירטן פּאָליצײַישן אַפּאַראַט, מיט אַ באַפֿעלקערונג וואָס איז אין משך פֿון יאָרצענדלינגער געוואָרן צוגעוווינט — אין שרעק פֿאַר אַ האַרבער און גיכער שטראָף — ניט עובֿר צו זײַן בפֿרהסיא אויפֿן אײַנגעשטעלטן אויפֿפֿיר, האָבן אַקטן פֿון וואַנדאַליזם לגבי דאַוונשולן און בית־עלמינס קוים געקענט ווערן אַ פֿאַרשפּרייטע דערשײַנונג, אויב בײַ די אַנטיסעמיטישע טיילן באַפֿעלקערונג וואָלט זיך ניט געשאַפֿן דער אײַנדרוק, אַז איצט ווען די מאַכט־אָרגאַנען קוקן דורך די פֿינגער, אַז איצט דאַרף מען ניט צו שטאַרק מורא האָבן פֿאַרן באַשטראָפֿן. און מען האָט טאַקע ניט געדאַרפֿט. אין 1962 איז דערגאַנגען צו דעם, אַז אין מאָסקווע האָבן כוליגאַנעס ניט איין מאָל געוואָרפֿן שטיינער אין די פֿענצטער פֿון דער גרויסער מאָסקווער שול; זיי האָבן דאָרטן אויסגעהאַקט די שויבן ניט אין אַזעלכע שעהן, ווען קיינער איז ניטאָ דערבײַ, ווען מען קען זיך ריכטן, אַז מ׳עט ניט באַמערקן. זיי האָבן דאָס געטאָן יום־טובֿ־צײַט, ווען דער עולם האָט געדאַוונט. דער קאָרעספּאָנדענט פֿון ניו־יאָרק טײַמז טעאָדאָר שאַבאַד האָט אין שײַכות מיט דעם אינטערוויויִרט דעם הויפּט־רבֿ פֿון דער מאָסקווער שול יהודה לעווינען. דער רבֿ האָט זיך באַמיט צו דערקלערן די אָפּטע וואַנדאַלישע אַקטן ווי איבערבלײַבן פֿון דער אַנטיסעמיטישער טראַדיציע. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם געדאַנק, אַז דאָס קען עפּעס האָבן צו טאָן מיט דער קאַמפּאַניע אין דער פּרעסע, וואָס שרײַבט צו דער דאַוונשול אַ כּלומרשטע ראָלע אין די עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס. נאָך יעדער וואַנדאַלישן אַקט פֿלעגט דער רבֿ מעלדן וועגן דעם אין דער מיליץ שריפֿטלעך, און אַלע מאָל פֿלעגט ער קריגן דעם ענטפֿער, אַז „מען וועט אָננעמען מאָסמיטלען".[1] צי זײַנען טאַקע אָנגענומען געוואָרן „מאָסמיטלען", איז ניט געלונגען פֿעסטצושטעלן.

אין דער פּראָווינץ טראָגט דאָס נאָך אַ מער שרײַיִקן כאַראַקטער, ספּעציעל דאָס שעדיקן בית־עלמינס. ס׳זײַנען שוין אויך פֿאַראַן אַקטן, וואָס זײַנען בפֿירוש געפֿערלעך. אויף צוויי אַזוינע אַקטן איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אין פּרטים.

אין דער נאַכט פֿון 4טן אָקטאָבער 1959, ראָש־השנה, האָט מען אינעם שטעטל מאַלאַכאָווקע הינטער מאָסקווע אונטערגעצונדן די אָרטיקע דאַוונשול און דאָס קבֿרות־שטיבל, אַ האַלבן קילאָמעטער מהלך פֿון דער שול (דער בית־עולם פֿון מאַלאַכאָווקע געפֿינט זיך אין רשות פֿון דער מאָסקווער דאַוונשול). אין דער דאַוונשול האָט מען די שׂרפֿה גיך פֿאַרלאָשן, אָבער דאָס קבֿרות־שטיבל האָט אָפּגעברענט, און צוזאַמען מיטן שטיבל איז פֿאַרברענט געוואָרן דעם קבֿרות־ייִדס ווײַב. אין דער זעלבער נאַכט האָט מען אין שטעטל פֿונאַנדערגעוואָרפֿן מאַשין־שריפֿטיקע גראָב־אַנטיסעמיטישע בלעטלעך, אונטערגעשריבן פֿון: Ц. К. О. Р. Н. און Б. Ж. С. Р. די דאָזיקע אונטערשריפֿטן איז גאָר ניט שווער צו פֿונאַנדערשיפֿרירן: „קאָמיטעט ׳שלאָג ייִדן, ראַטעווע רוסלאַנד׳ און צ"ק ׳באַפֿרײַונג פֿון רוסישן פֿאָלק׳".

די עם־האַרצישע בלעטלעך וואָס האָבן געלויבט די היטלערשע אַנטי־ייִדישע פּאָליטיק („די דייטשן זיינען אַ סך שׂכלדיקער וואָס שייך דער נאַציע״), האָבן אויך געחנפֿעט די מענטשן פֿון סאָוועטישן שניט („די זשידעס ברענגען שאָדן דעם סאָציאַליסטישן האָב און גוטס״).[2]

די סאָוועטישע פּרעסע האָט פֿאַרשוויגן די געשעעניש אין מאַלאַכאָווקע. אָבער אין קורצן האָט מען זיך וועגן דעם דערוווּסט פֿון ניו־יאָרק טײַמז, אָקטאָבער 13: אַן אַמעריקאַנער וואָס איז אָקערשט געהאַט צוריקגעקומען פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד איז גראָד געווען אין מאַלאַכאָווקע דעם 4טן אָקטאָבער (זען הערה 7) און ער האָט אַלץ דערציילט. די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען און די קאָמוניסטישע פּרעסע אין מערבֿ האָבן געפּרוּווט אַלץ אָפּלייקענען. אָנהייב דעצעמבער 1959 האָט אַ מיטאַרבעטער פֿון דער פּאַריזער צײַטונג אונדזער וואָרט געפֿרעגט בײַם סאָוועטישן גענעראַל דוד דראַגונאָוו (ער איז געקומען אין פּאַריז צום צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פֿראַנצייזיש־סאָוועטישער אָרגאַניזאַציע „אוניאָן״) וועגן מאַלאַכאָווקע. דער גענעראַל האָט געענטפֿערט: „איך בין אַליין געווען אין מאַלאַכאָווקע און איך קען אײַך זאָגן, אַז דאָרט איז גאָרניט געשען... און קיין שום אַנטיסעמיטישע בלעטלעך האָט מען דאָרטן ניט צעוואָרפֿן. די אויפֿרופֿן וואָס זיינען אָפּגעדרוקט אין אײַער צײַטונג זיינען פּשוט אַ פֿעלשונג, פֿאַבריצירט אין פּאַריז; דער פֿאַקט, וואָס אין זיי זיינען פֿאַראַן אַ סך גראַמאַטישע גרײַזן, באַשטעטיקט דאָס... און די גאַנצע געשיכטע — איז פּשוט אַן אַנטיסאָוועטישע פּראָוואָקאַציע״.[3] אָבער ס׳איז געוואָרן אַלץ שווערער אָפּצולייקענען די דערדריקנדיקע פֿאַקטן, און די ייִדישע קאָמוניסטישע פּרעסע אין אויסלאַנד האָט זיך גענומען איבערשטעלן; זי האָט גענומען אָפּלייקענען ניט דאָס וואָס ס׳איז טאַקע פֿאָרגעקומען אין מאַלאַכאָווקע, און וואָס די ניו־יאָרק טײַמז האָט מיט אַלע פּרטים דערציילט, נאָר גאָר עפּעס אַנדערש — אַז אין מאַלאַכאָווקע זאָל כּלומרשט האָבן געווען אַ „פּאָגראָם״ און אַז די מאַלאַכאָווקער דאַוונשול זאָל כּלומרשט האָבן „פֿאַרברענט געוואָרן״.[4] אין מאָרגן־פֿרײַהייט, דעצעמבער 18, 1959, האָט זיך באַוויזן אַן אַרטיקל פֿונעם מיטאַרבעטער אַבֿרהם ביק, וואָס איז גראָד געהאַט צוריקגעקומען פֿון אויסלאַנד, און האַרבסט 1959, איז ער געווען אין מאָסקווע. ער איז איצט אַרויסגעטראָטן ווי אַ „לעבעדיקער עדות״ וואָס איז צווישן ראָש־השנה און יום־כּיפּור געווען אין מאַלאַכאָווקע (צוזאַמען מיטן ברודער פֿון רעדאַקטאָר פֿון דער מאָרגן־פֿרײַהייט ק. נאָוויקאָוו און דער טאָכטער פֿונעם דייטשן דראַמאַטורג פֿרידריך וואָלף, דעם מחבר פֿון פּראָפֿעסאָר מאַמלאָק; דאָס אַלץ האָט געזאָלט שטאַרקן די באַגלייביקייט פֿונעם „עדות־זאָגן״), און ער האָט געהאַט אַ לענגערן שמועס מיטן דאָרטיקן רבֿ קראַסילניקאָוו; ער איז געווען אין דער שול, אָבער ער האָט פֿון קיינעם ניט געהערט קיין איין וואָרט וועגן אַ „פּאָגראָם״, און ער האָט אַליין געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו איבערצײַגן, אַז די שול איז „ניט פֿאַרברענט געוואָרן״. אמת, דער מחבר האָט ניט געפּרוּווט לייקענען, אַז עפּעס איז יאָ געווען: „איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אַ ייִנגל אין שולעלטער האָט אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער שול ברען־מאַטעריאַל, און פֿון דעם איז געוואָרן אַ שׂרפֿה; אָבער מען האָט דעם פֿײַער זייער גיך פֿאַרלאָשן״. וועגן דער פּרוּוו פֿון

דעם קבֿרות־ייִד און וועגן די שוואַרץ־מאַהדיקע בלעטלעך, קיין וואָרט ניט. און דער אַרטיקל האָט זיך אין דער מאָרגן־פֿרײַהייט באַוויזן א״נ „דער גרויסער ליגן וועגן מאַלאַכאָווקע״.

אין אַ יאָר אַרום איז דער פֿראַנצייזישער אַדוואָקאַט און געזעלשאַפֿטלעכער טוער, דער געוועזענער פֿאָרזיצער פֿון דער ציוניסטישער פֿעדעראַציע אַנדרע בלומעל געווען אין מאָסקווע. לויט דער אינסטרוקציע פֿון דער „געזעלשאַפֿט פֿאַר פֿראַנצייזיש־סאָוועטישער פֿרײַנדשאַפֿט״, וואָס ער איז דאָרטן אַ מיטגליד פֿון פּרעזידיום, האָט ער געפּרוווט אויפֿקלערן אַ ריי ענינים וואָס שייך דער לאַגע פֿון ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, און ספּעציעל אין מאַלאַכאָווקע; צי האָט מען וועגן ענין מאַלאַכאָווקע דורכגעפֿירט אַן ערנצטע אויספֿאָרשונג; אויב יאָ, וואָס זײַנען די רעזולטאַטן. ווען בלומעל איז געקומען צוריק אין פֿראַנקרײַך, האָט ער וועגן זײַן נסיעה דערציילט אין אַן עפֿנטלעכן רעפּעראַט.[5] אין דער מאָסקווער אַדוואָקאַטן־קאַמער האָט מען אים געזאָגט, אַז אין דעם ענין אונטערצינדונגען אין מאַלאַ־כאָווקע און אַנטיסעמיטישע — און אַנטיסאָוועטישע — בלעטלעך, זײַנען דרײַ מענטשן צוגעצויגן געוואָרן צו געריכטלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, און זיי זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן צו פֿאַרלירן די פֿרײַהייט אויף טערמינען פֿון 10 ביז 12 יאָר, און אַז זייער פֿאַרטיידיקער אויפֿן פּראָצעס זאָל כלומשט האָבן געווען דער ייִדישער אַדוואָקאַט באַקסט. ווען דאָס איז אַלץ פֿאָרגעקומען ווייסט מען נאָך ביז הײַנט ניט. בלומעל האָט משמעות געפּרוווט אַפֿילו זען זיך מיט באַקסטן. די גאַנצע מעשׂה פֿון דער אַדוואָקאַטן־קאַמער רופֿט ניט אַרויס קיין גרעסערן צוטרוי ווי דראַגונאָווס דערקלערונג פֿון מיט אַ האַלב יאָר צוריק. בפֿרט נאָך, אַז אינעם ראַט פֿאַר ענינים פֿון רעליגיעזער קולטור, האָט מען בלומעלן איינצײַטיק געזאָגט, אַז זיי ווייסן גאָרניט וועגן דעם, צי ס׳איז עמעצער אַרעסטירט געוואָרן אין שײַכות מיט דעם ענין. אין דער סאָוועטישער פּרעסע איז נאָך ביז הײַנט צו טאָג גאָרניט געווען וועגן דעם.

אַ צווייטער פֿאַל, וואָס מען ווייסט וועגן אים, איז געשען אין דער שטאָט צכאַקאַיאַ אין גרוזיע. מײַ 1962 האָט מען דאָ אונטערגעצונדן די דאַווענשול און אינעווייניק אַלץ חרובֿ געמאַכט. די אָרטיקע מאַכטאָרגאַנען האָבן זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק און זיי האָבן אַפֿילו ניט געפּרוווט אויסצוגעפֿינען, ווער ס׳זײַנען די שולדיקע אין דעם פֿאַרברעכן. די אָרטיקע קהילה פֿון די באַרגייִדן, וואָס באַ־שטייט דער עיקר פֿון בעל־מלאָכות און ערד־אַרבעטער, האָט צונויפֿגעקליבן די נייטיקע מיטלען, און צו פֿרילינג 1963, האָט מען צוריק אויפֿגעבויט די שול — אין אַ גרויסער מאָס מיט די אייגענע הענט. דער חנוכּת־הבית פֿון דער שול איז געווען באַשטימט אויפֿן 8טן אַפּריל 1963 דעם ערשטן טאָג פּסח. אָבער זעקס טעג פֿאַר דעם, דעם 2טן אַפּריל, האָט די מיליץ געמאָלדן די פֿירערס פֿון דער קהילה, אַז די מוניציפּאַלע מאַכט האָט באַשלאָסן צו קאָנפֿיסקירן דעם בנין פֿון דער שול פֿאַר שטאָטישע צוועקן. מען האָט פֿאַרחתמעט די טירן פֿון דער שול און קאָנפֿיסקירט די מעבל. ווען די באַמיִונגען בײַ דער אָרטיקער מאַכט צו ענדערן דעם באַשלוס, האָבן ניט געהאָלפֿן, האָט די קהילה געשיקט אַ דעלעגאַציע אין טיפֿליס (טביליסי). מען האָט דאָרטן צוגעזאָגט, אַז מען וועט אַרויסגעבן

אַ פֿאַראָרדענונג דער צכאַקאַיער מאַכט, זי זאָל די ייִדן צוריק אָפּגעבן די שול. אָבער, צי ס׳איז גאָר קיין פֿאַראָרדענונג ניט געווען, צי די צכאַקאַיער מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך אָפּגעזאָגט זי אויסצופֿירן, — מען האָט די ייִדן ניט צוריקגעגעבן די שול.[6]

ס׳איז מעגלעך, אַז די פֿאַלן מאַלאַכאָווקע און צכאַקאַיאַ זײַנען ניט קיין איזאָלירטע.[8] און דאָך זײַנען משמעות אַזעלכע פֿאַלן זעלטן; אַנדערש וואָלט מען וועגן זיי — מסתּמא מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג — געהערט פֿון דער אויסלענדישער פּרעסע. אָבער אין די בײדע גוט באַוווסטע פֿאַלן איז כאַראַקטעריסטיש און אַלאַרמירנדיק דער פֿאַקט, וואָס די אָרטיקע מאַכט האָט אין גאַנצן ניט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס אין אויפֿדעקן די פֿאַרברעכנס, נאָר סײַ די אָרטיקע סײַ די צענטראַלע מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך באַמיט צו באַהאַלטן די פֿאַקטן; זיי האָבן אַפֿילו געהאַט פֿון פֿאָרויס צוגעגרייט ליגנס אויף אָפּצולייקענען זיי.

כּמעט דאָס זעלבע בילד פֿון פּאַסיווע אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען וואָס זײַנען אָפּט גרייט אָפּצולייקענען, אָדער אַפֿילו צו דעקן די גראָב־אַנטיסעמיטישע דערשײַנונגען, זעט מען אין דער פֿראַגע „בלוט־בילבולים״ אויף ייִדן: מען באַשולדיקט די ייִדן אין ניצן בלוט פֿון אַנדערש־גלייביקע — פֿון קריסטן און מוסולמענער — פֿאַר ריטועלע צוועקן. אין אַמאָליקן רוסלאַנד — אין קיִעוו 1911—1913 — האָט דער בייליס־פּראָצעס אויפֿגעטרייסלט די גאַנצע רוסישע ליבעראַלע געזעלשאַפֿטלעכקייט. דער פּראָצעס פֿון בייליסן, דער קאַמף פֿאַר זײַן באַפֿרײַונג האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער געזעלשאַפֿטלעכער געשעעניש. אין צענטער פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער אויפֿמערקזאַמקייט איז אין שײַכות מיטן בייליס־פּראָצעס געשטאַנען ניט אַזוי דער פֿאַקט פֿון מאָרד — און אַז מען האָט דאָ געהאַט צו טאָן מיט אַ מאָרד, איז קיין ספֿק ניט געווען — ווי דאָס באַשולדיקן ייִדן אין ניצן קריסטלעך בלוט פֿאַר ריטועלע צוועקן. מען האָט בייליסן באַפֿרײַט און דער בילבול, אַז ייִדן ניצן קריסטלעך בלוט פֿאַר ריטועלע צוועקן, איז — לכל־הפּחות אין דעם קאָנקרעטן פֿאַל — געוואָרן אָפּגעלייקנט. אָבער אַ האַלבן יאָרהונדערט נאָכן בייליס־פּראָצעס האָט דער בלוט־בילבול צוריק אויפֿגעלעבט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד — און די קאָמוניסטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך צו דעם באַצויגן אויף אַ צווייִקן שטייגער.

די באַצייכענונג צווייִק — להיפּוך צו דער באַציִונג לגבי די אַקטן פֿון וואַנדאַליזם — נעמט זיך פֿון דעם, וואָס אין שײַכות מיט די בלוט־בילבולים, איז דאָס ניט סתּם אַ פּאַסיווע באַציִונג מצד די קאָמוניסטישע מאַכט־אָרגאַנען; אייגנצײַטיק איז דאָ די מורא פֿאַר אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער שׂרפֿה, וואָס מען באַמיט זיך צו פֿאַרלעשן.

דער בלוט־בילבול, דאָס אימהדיקע געווער אין די הענט פֿון דער קולטורעלער און סאָציאַלער רעאַקציע, איז שוין פֿון לאַנג און אויף שטענדיק קאָמפּראָמיטירט אין די אויגן פֿון אַלע פּראָגרעסיווע מענטשן; ער איז שוין כּמעט פֿאַרשוווּנדן. דער בייליס־פּראָצעס אין אַלטן רוסלאַנד איז געווען דער לעצטער בלוט־בילבול אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דאָס וואָס ער האָט צוריק אויפֿגעלעבט אין די

לעצטע יאָרן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, ווען אַפֿילו בלויז אין דער אָנהייב־סטאַדיע, פֿאָדערט, מען זאָל גוט אַכטונג געבן אויף יעדער איינציקן פֿאַל.

ניט געקוקט אויף דער שטרעבונג פֿון די מאַכט־אָרגאַנען אויסצובאַהאַלטן די באַשוועררנדיקע פֿאַקטן, אָדער זיי פּשוט אָפּצולייקענען, ווען מען דערוויסט זיך וועגן זיי, ספּעציעל אין אויסלאַנד, זײַנען דאָך באַוווּסט פֿון די לעצטע יאָרן, פֿינף פֿאַלן פֿון בלוט־בילבול אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. דער ערשטער פֿאַל איז זיך פֿאַרלאָפֿן אין דער שטאָט בויינאַקס, אין דאַגעסטאַן. דער פֿאַל פֿאַרדינט אַ ספּעציעלע אויפֿמערקזאַמקייט, ווײַל דער גאַנצער ענין מיט באַשולדיקן די ייִדן האָט זיך אָנגעהויבן אין דער אָרטיקער קאָמוניסטישער פּרעסע, מיט דער אונטערשריפֿט פֿון אַ השפּעהדיקן אָרטיקן קאָמוניסט, אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ קאַמפּאַניע צו פֿאַרמאַכן די דאַוונשול.

דעם 30סטן יולי 1960 האָט זיך אין דער צײַטונג קאָמוניסט (דער אָרגאַן פֿון דעם בויינאַקסער שטאָטישן קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פֿון דעם שטאָטישן און ראַיאָניקן ראַט פֿון דעפּוטאַטן פֿון די אַרבעטנדיקע, וואָס גייט אַרויס האַלב אויף רוסיש און האַלב אויף קומיקיש) באַוויזן אַן אַרטיקל פֿון י. נאַסימאָוו, דעם הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון דער צײַטונג, „צי דאַרף מען אין בויינאַקס אַ דאַוונשול?". אין דעם אַרטיקל איז געווען געזאָגט, אַז די אָרטיקע ייִדן (באַרג־ייִדן און טאַטן) „האָבן פֿאַר דער צײַט פֿון דער סאָוועטישער הערשאַפֿט געמאַכט אַ ריזיקן טריט פֿאָרויס אין זייער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג", און דערפֿאַר(!) „איז געקומען די צײַט, אַז די געזעלשאַפֿטלעכקייט גופֿא זאָל אויפֿהייבן די פֿראַגע וועגן פֿאַרמאַכן די דאַוונשול". די ווײַטערדיקע רעזולטאַטן האָבן ניט געלאָזט לאַנג אויף זיך וואַרטן. צען טעג נאָך דעם אַרטיקל, דעם 9טן אויגוסט, האָט זיך אין דער זעלבער צײַטונג באַוויזן אַן אַרטיקל פֿון דאַיִ מאַכמודאָוו א"נ „פֿאַר אונדז איז אויך אָן גאָט אָפֿן דער וועג". דאָס איז אַ טיפּישער אַנטירעליגיעזער, און בסך־הכּל גאָר ניט אַזאַ שאַרפֿער אַרטיקל געווענדט קעגן דער מוסולמענישער און יודאַיִסטישער רעליגיע, אָבער אין זײַן קריטעריע קעגן דעם יודאַיִזם, איז דער מחבר אַרויס מחוץ די געוויינטלעכע ראַמען פֿון אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע:

> „אַ ייִד וואָס זאָל כאָטש איין מאָל אַ יאָר ניט האָבן געטרונקען דאָס בלוט פֿון אַ מוסולמענער, רעכנט זיך ניט פֿאַר קיין אמת פֿרומע ייִדן. דערפֿאַר קויפֿן אַ סך ייִדן פֿון פֿינף ביז צען גראַם בלוט בײַ די מוסולמענער, דערגיסן צו דעם אַ פֿעסעלע וואַסער, און זיי פֿאַרקויפֿן דאָס ווי 'וואַסער מיט מחמדניש בלוט'".

מיטן ביילים־פּראָצעס קען זיך דאָס טאַקע ניט גלײַכן: דאָרט איז געווען דער קערפּער פֿון אַ דערהרגעט ייִנגל, וואָס איז געווען אין גאַנצן צעשטאָכן און כּמעט בלוטלאָז; דאָרט איז געווען אַ פֿאַרברעכן, וואָס מען האָט בכּיוון פֿאַרקלערט מיטן צוועק צו אינסצעניזירן ריטועלן מאָרד. דער בויינאַקסער וואַריאַנט פֿונעם בלוט־בילבול האָט געטראָגן כּמעט אַ באַשיידענעם כאַראַקטער. נאָר בלוט — און נאָך פֿרעמד בלוט פֿאַר ריטועלע צוועקן דערצו — איז סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער דינאַמיט; פֿון דעם אַרטיקל אינעם בויינאַקסער קאָמוניסט איז מען געבליבן

געפּלעפּט. די רעדאַקציע פֿון דער צײַטונג האָט זיך אַליין געכאַפּט, און אין צוויי טעג אַרום האָט זי אָפּגעדרוקט אַן „אויסבעסערונג״: אין דעם און דעם אַרטיקל „איז צוליב דער שולד פֿון דעם מחבר און פֿון דעם מיטאַרבעטער אַטאַיעוו כ.„ דורכגעלאָזן געוואָרן אַ גראָבער פּאָליטישער גרײַז; די פֿעסשטעלונג פֿון דעם מחבר, אַז בײַ ייִדן איז פֿאַראַן „אַ רעליגיעזער מינהג צו ניצן איין מאָל אַ יאָר מוסולמעניש בלוט, איז די ווילדסטע און עקלדיקסטע אויסטראַכטעניש פֿון די גײַסטלעכע״.

אָבער די קלאַנגען, אַז ייִדן ניצן מוסולמעניש בלוט פֿאַר ריטועלע צוועקן, האָבן זיך שטאַרק פֿאַרשפּרייט, און די ייִדן אין דאַגעסטאַן האָבן זיך אַזוי דערשראָקן, אַז זיי האָבן געשיקט אַ דעלעגאַציע אין מאָסקווע און געבעטן באַשיצונג.[9] דער פּלאָנטער מיט די אינפֿאָרמאַציעס וועגן מאַכמודאָוון, דעם מחבר פֿונעם אַרטיקל אין קאָמוניסט, איז אויך ניט געוועזן קיין עפֿעקטיווער באַרויִקונגס־מיטל. אין אָנהייב האָט מען געזאָגט וועגן מאַכמודאָוון, אַז ער איז דער ערשטער סעקרעטאַר פֿונעם אָרטיקן קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (צי ראַיאָניקן, אָדער שטאָטישן, איז ניט געוועזן קלאָר), דערנאָך האָט ער זיך פּשוט פֿאַרוואַנדלט אין אַ מענטשן וואָס לעבט פֿון פּענסיע, און די גאַנצע געשיכטע האָט מען פֿאַרטושט.[10]

משמעות, אַז אונטערן אײַנפֿלוס פֿון די קלאַנגען פֿון בוינאַקס, וואָס זײַנען דערגאַנגען קיין אוזבעקיסטאַן, האָט זיך אין סעפּטעמבער 1961 אין מאַרגעלאַן, איבערגעחזרט די באַשולדיקונג, אַז ייִדן ניצן מוסולמעניש בלוט פֿאַר ריטועלע צוועקן, און פֿרילינג 1962 — נאָך אַ פֿאַל, דאָס מאָל אין טאַשקענט. וועגן די ביידע פֿאַלן האָט מען אין אויסלאַנד גוט געוווּסט פֿון דעם קאָמוניקאַט, וואָס ס׳האָט אַרויסגעגעבן דער פֿאָרזיצער פֿון דער אַמעריקאַניש־ייִדישער אָרגאַניזאַציע בני־ברית לייבל קאַץ, און וואָס די אַמעריקאַנער גרויסע צײַטונגען האָבן אָפּגעדרוקט דעם 24סטן יאַנואַר 1963. דער קאָמוניקאַט האָט אונטערגעשטראָכן, אַז ידיעות וועגן די געשעענישן אין מאַרגעלאַן און אין טאַשקענט איז קיין אויסלאַנד געקומען שוין לאַנג, צום טייל נאָך מיט אַ יאָר צוריק, אָבער די בני־ברית האָט זיי ניט געוואָלט פֿאַרעפֿנטלעכן ביז זי וועט זיי אַליין ניט וועריפֿיצירן און זי וועט אויף זיכער ניט וויסן, וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען אין די ביידע שטעט.

דער ענין מאַרגעלאַן האָט זיך אָנגעהויבן דעם 14טן סעפּטעמבער 1961, באַלד נאָך ראָש־השנה. דער אוזבעקאַבדוסאַטאַראָוו האָט זיך, בראָש פֿון אַ גרופּע שטאַרק־אויפֿגערייצטע אוזבעקן, אַרײַנגעריסן אין הויז פֿון דער עלטערער ייִדישער פֿרוי יוסופֿאָוו און האָט איר באַשולדיקט אין צוכאַפּן זײַן צוויי־יאָריקן זון, כּדי אים צו הרגענען פֿאַר ריטועלע צוועקן. מען האָט די פֿרוי יוסופֿאָוו אַוועקגעשלעפּט אין דער מיליץ, ווו מען האָט זי אַרעסטירט אויף דער באַשולדיקונג פֿון צוכאַפּן און דערהרגענען אַ קינד. די מיליץ איז אַוועק צו דער פֿרוי יוסופֿאָוו אין הויז, ווו זי האָט דורכגעפֿירט אַ רעוויזיע מיט דער באַטייליקונג פֿון פֿאַרשטייערס פֿון דעם אויפֿגערייצטן עולם, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן אין דער פֿרוי יוסופֿאָווס היים; דאָס זעלבע איז פֿאָרגעקומען מיט דער באַטייליקונג פֿון דער מיליץ, אָדער אָן איר, אין נאָך צענדלינגער ייִדישע הײַזער. אויף צו מאָרגנס

האָט מען אַרעסטירט דער פֿרוי יוסופֿאָווס 90־יעריקן פֿאָטער. די אַרעסטן פֿון דער פֿרוי יוסופֿאָוו און פֿון איר פֿאָטער זײַנען געוואָרן אַ באָדן פֿאַר די ווילדסטע קלאַנגען וואָס האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אין שטאָט. ס׳האָט זיך געשאַפֿן אַ פּאָגראָם־שטימונג, און בלויז דאָס אָרגאַניזירן אַ ייִדישע זעלבסטשוץ האָט אָפּגעשטעלט די פֿאַטאַלע אַנטוויקלונג. מען ווייסט ניט, וואָס עס וואָלט געשען, ווען ס׳וואָלט זיך ניט אין קורצן אָפּגעפֿונען דאָס פֿאַרלוירענע קינד: מען האָט אים אויף אַן אמת צוגעכאַפּט, אָבער געטאָן האָט דאָס אַן אוזבעקישע פֿרוי וואָס איז געווען צוויי יאָר צײַט אָפּגעשיידט פֿון איר מאַן, און איצט, ווען זיי זײַנען זיך אויף דאָס נײַ צונויפֿגעקומען, האָט זי געוואָלט פֿון אים אויסבאַהאַלטן דעם פֿאַקט, אַז ווען זי האָט זיך מיט אים צעשיידט, און זי איז דעמאָלט געווען טראָגעדיק, האָט זי זיך געמאַכט אַן אַבאָרט. אין משך פֿון די אַלאַרמירנדיקע וואָכן האָט די מיליץ און די פּראָקוראַטור אַפֿילו ניט באַהאַלטן, אַז אויך זיי זײַנען פֿאַרכאַפּט פֿון די אַנטי־ייִדישע שטימונגען און פֿאָראורטיילן פֿון דער אוזבעקישער באַפֿעלקערונג.

אינעם יסוד פֿון דעם שווערן אינצידענט אין מאַגעלאַן איז פֿאָרט געווען אַ פֿאַקט פֿון צוכאַפּן אַן אוזבעקיש קינד, וואָס האָט צוליב די קלאַנגען פֿון דאַגעסטאַן, אַפֿשר לײַכט געקענט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מעשׂה, אַז ייִדן האָבן צוגערויבט אַ מוסולמעניש קינד פֿאַר ריטועלע צוועקן. אין טאַשקענט האָט זיך דער ענין אָנגעהויבן בפֿירוש פֿון אַ קלייניקייט. דעם 30סטן אַפּריל 1962, קורץ נאָך פּסח, איז אַן אוזבעקיש מיידעלע אַרויסגעגאַנגען פֿונעם הויז פֿון דער 70־יעריקער ייִדישער פֿרוי אַביגײַ באַנגיִעוו, ווו זי האָט עפּעס געקויפֿט. דאָס מיידעלע האָט זיך אַ גליטש געטאָן, איז געפֿאַלן און זיך אופֿגעהויבן מיט אַ פֿאַרבלוטיקטן אויער. איז דעם מיידעלעס פֿאָטער, אַזיזאָוו (פּונקט ווי דאָס איז געווען אין מאַגעלאַן), בראָש פֿון אַ גרופּע אויפֿגערעגטע אוזבעקן, אַרײַנגעלאָפֿן צו דער פֿרוי באַנגיִעוו אין הויז אַרײַן און ער האָט איר באַשולדיקט אין פּרוּוון צו נעמען בלוט פֿאַר ריטועלע צוועקן פֿון זײַן מיידעלעס אויער. אויך דאָ האָט מען די פֿרוי תּיכּף אַרעסטירט (מען האָט זי ערשט באַפֿרײַט אין 20 טעג אַרום); דער קלאַנג וועגן איר אַרעסט האָט זיך פֿאַרשפּרייט איבערן שטאָט און האָט אַרויסגערופֿן אַ סך אַנטי־ייִדישע אינצידענטן.[11]

אין אַ וואָך אַרום נאָך דעם ווי ס׳איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן לייבל קאַצס קאָמוניקאַט, האָט די מאָרגן־פֿרײַהייט, יאַנואַר 30, 1963, אָפּגעדרוקט אַ טעלעגראַמע פֿון מאָסקווע: דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער פּרעסע־ביוראָ בײַם מיניסטעריום פֿאַר אויסנווייניקסטע ענינים, לעאָניד זאַמיאַטין, האָט דערקלערט: „איך האָבן געלייענט דעם קאָמוניקאַט וועגן טאַשקענט; ס׳איז אַ ליגן“ (און וועגן מאַגעלאַן?). די זעלבע צײַטונג האָט אין צוויי טעג אַרום אָפּגעדרוקט אַ דערקלערונג פֿון דעם פֿאָרזיצער פֿון דער ייִדישער קהילה אין טאַשקענט, יחיאל יאַדגעראָוו און פֿון דעם מוסולמענישן ראַט פֿאַר מיטל־אַזיע און קאַזאַכסטאַן, איבן באַבאַכאַן, אַז דער גאַנצער אינצידענט אין טאַשקענט זאָל כּלומרשט האָבן געווען אַ געשלעג צווישן אַן אוזבעק און דרײַ בוכאַרער ייִדן, און דער אינצידענט אין מאַגעלאַן „גיט בכלל ניט קיין גרונט צו ריידן וועגן רעליגיעזער שׂינאה“. אָבער די פּרוּוון אַזוי לײַכט זיך אַרויסצודרייען פֿון די פֿאַקטן, קענען ניט איבער־

צײַגן אויך אַזעלעכע קאָמוניסטן וואָס שאַצן אָפּ די געשעענישן מיט אַ געוויסן גראַד אומאָפּהענגיקייט. זאַמיאַטינס „פֿולשטענדיקע אָפּלייקענונג" איבערצײַגט ניט, האָט געשריבן דזשאָזש קאַרנעטש און וועגן דער דערקלערונג פֿון יאַדגעראָוון באַבאַכאַנען האָט דער זעלבער אָרגאַן ריכטיק באַמערקט, אַז „אָט די אָפּלייקע־נונג מײַדט אויס די פֿאַקטן וואָס זײַנען אָנגעגעבן אינעם קאָמוניקאַט פֿון ה' קאַץ".[12]

אין גיכן האָט מען זיך דערוווּסט וועגן נאָך צוויי פֿאַלן פֿון בלוט־בילבול אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין דער שטאָט צכאַלטובאָ, אין גרוזיע, איז אָנהייב זומער 1963 געשען אַן ענלעכער פֿאַל ווי אין טאַשקענט. דער גרוזינער שאָצינידזע איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ באַשולדיקונג קעגן דעם ייִדן באַמזע, אַז ער זאָל האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס שאָצינידזעס 6־יאָריקער זון איז געקומען צו אים אין הויז, און ער האָט גענומען בײַם קינד בלוט (פֿון פּנים און פֿון קאָרק); דאָס בלוט זאָל שפּעטער באַמזע האָבן פֿאַרקויפֿט דער קוטאַיִסער דאַוונשול צום פֿאַרניצן אויף באַקן מצות. מען האָט באַמזען תּיכּף אַרעסטירט, און בעת דער אויספֿאָרשונג, וואָס מען האָט דורכגעפֿירט מיט די גוט־באַוווּסטע „ניט־דער־לאָזלעכע מעטאָדן פֿון פֿירן אַן אויספֿאָרשונג", האָט מען אים געשטעלט אויף אַ קאָנפֿראָנטאַציע מיט זײַן מינדעריאָריקן זון וואָס האָט „מודה געווען", אַז דער טאַטע האָט גענומען בלוט פֿון דעם גרוזינישן קינד. אין צוויי חדשים אַרום האָט מען באַמזען באַפֿרײַט. אָבער מיט אַ תּנאַי — פֿון זײַן טובֿה וועגן, אַזוי האָט מען דאָס אים דערקלערט — ער זאָל ניט אַרויספֿאָרן מחוץ די גרענעצן פֿון גרוזיע.[13]

אײנצײַטיק מיט דער ידיעה וועגן צכאַלטובאָ זײַנען אָנגעקומען אויך ידיעות, ניט קיין זייער גענויע, וועגן אַן ענלעכן אינצידענט אין ווילנע. דער דזשאָזש קראַניקל, וואָס האָט געבראַכט די ידיעה וועגן דעם ווילנער אינצידענט, האָט צוגעגעבן, אַז די ידיעה איז אָנגעקומען פֿון עטלעכע מקורים מיט אַ מאָל, אומ־אָפּהענגיק איינער פֿונעם צווייטן, און אַז בלויז די אַרײַנמישונג פֿון דער פּאָליציי האָט אָפּגעשטעלט די אַנטוויקלונג פֿון געשעענישן, וואָס האָבן אָנגענומען אַ דראָענדיקן כאַראַקטער.[14] אין עטלעכע חדשים אַרום האָט אַ שיקאַגער אַדוואָקאַט וואָס איז צוריקגעקומען פֿון אַ באַזוך אין ווילנע געבראַכט אַ פֿולן באַריכט וועגן דעם וואָס ס'איז פֿאַרגעקומען אין ווילנע. זיבן וואָכן פֿאַר פּסח (1963) איז אין ווילנע פֿאַרשווונדן אַ זעקיאָריק קריסטלעך מיידעלע, און באַלד האָבן אין שטאָט גענומען אַרומגיין קלאַנגען, אַז דאָס האָבן ייִדן זי געכאַפּט און דערהרגעט, כּדי צו פֿאַרניצן איר בלוט. אין צוויי טעג אַרום האָט מען געפֿונען דעם טויטן קערפּער פֿונעם מיידעלע; דעם פֿאַרברעכן איז משמעות באַגאַנגען אַ סעקסועלער מאַניאַק. אָבער די קלאַנגען וואָס האָבן זיך פֿריִער געהאַט פֿאַרשפּרייט זײַנען פֿאָרט ניט אָפּגעשטאָרבן. אין צוויי חדשים אַרום האָט אַ 23־יאָריקער ליטווישער סטודענט, ווען דאָס געוויסן האָט אים גענומען פּײַניקן, זיך מודה געווען פֿאַר זײַן מוטער, אַז דאָס האָט ער פֿאַרגוואַלדיקט און דערהרגעט דאָס מיידעלע. די מוטער האָט אים געהאָלפֿן באַגיין זעלבסטמאָרד, און מען האָט זי צוליב דעם

געשטעלט צום געריכט (די אָרטיקע פּרעסע האָט דוכט זיך וועגן דעם ניט געמאָלדן און דער אורטייל איז ניט באַקאַנט).[15]

## באַבי־יאַר

אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט, בפֿרט אין דער געשיכטע פֿון גרויסע מענטשלעכע אומגליקן, טרעפֿט, אַז דער נאָמען פֿון אַ געאָגראַפֿישן פּונקט, ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ סימבאָל, וואָס מען פֿאַרגעדענקט פֿון דור צו דור מיט אַ געפֿיל פֿון שוידער. אַזאַ שרעקלעכער סימבאָל פֿון היטלערשער אַכזריות איז פֿאַר גאַנץ צענטראַל־ און מיזרח־אייראָפּע געוואָרן דאָס קליינע שלעזישע שטעטל אוישוויץ, ווו ס׳זײַנען פֿאַרפּײַניקט געוואָרן עטלעכע מיליאָן מענטשן, דער עיקר (אָבער לחלוטין ניט בלויז) ייִדן. אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז דער סימבאָל פֿון דעם שרעקלעכן ייִדישן אומגליק געוואָרן באַבי יאַר, הינטער קיִעוו, ווו סוף סעפּטעמבער 1941, האָט מען אין משך פֿון צוויי טעג דער־הרגעט און באַגראָבן, צום טייל האַלב־לעבעדיקע, 24,000 ייִדן. לויט דער צאָל אומגעקומענע זײַנען אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד געווען שרעקלעכערע ערטער (אין מינסקער געטאָ זײַנען אומגעקומען מער מענטשן איידער אין באַבי יאַר); נאָר אפֿשר ווײַל דאָס איז אויף דער סאָ־וועטישער טעריטאָריע געווען דער ערשטער, צום מערסטן קאָנצענטרירטער אַקט פֿון אָרגאַניזירטער אַכזריותדיקער מאַסן־שחיטה, איז באַבי יאַר געוואָרן אינעם באַוווסטזײַן פֿון ייִדן און ניט־ייִדן דער סימבאָל פֿונעם היטלערישן אַנטי־ייִדישן מאַסנמאָרד.

נאָך דער מלחמה האָט מען די קרבנות פֿון באַבי יאַר ניט געשטעלט קיין דענקמאָל; די מאַכט־אָרגאַנען האָבן מיט אומפֿאַרשטענדלעכער אָנגעשפּיצטקייט אויפֿ־גענומען יעדער פֿאַל פֿון אַרויסווײַזן אינטערעס צו די קרבנות. אַ רעפֿלעקטיווער און אָבסערוויר־פֿעיִקער מחבר האָט אויף אַ קאָמפּליצירטן אופֿן אַרויסגעשיקט פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד עטלעכע אַרטיקלען וואָס זײַנען געווען אָפּגעדרוקט אין תּל־אָבֿיבֿער דבר מיט דער אונטערשריפֿט אלמוני. אלמוני האָט געשריבן:

> „ערבֿ יום־כּיפּור, וואָס מען רעכנט פֿאַרן יאָרצײַט פֿון דער שרעק־לעכער שחיטה אין באַבי יאַר הינטער קיִעוו, פֿאַרקלײַבן זיך ייִדן בגנבֿה אויף דעם מקום שחיטה, כּדי צו באַווייִנען זייערע טויטע און אָראָפּצו־ווייִנען זיך פֿון האַרצן. זיי קומען בגנבֿה, ווײַל זיי ווייסן, אַז די געהיימע פּאָליציי שפּירט זיי נאָך. ווען ניט די מורא פֿאַר דער געהיימער פּאָליציי, וואָלטן דער געוויין און די געשרייען פֿון די קיִעווער ייִדן אויף דעם אָרט וואָס איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פֿאַשעפֿעלד פֿאַר בהמות, זיך יעדן טאָג דערטראָגן ביז צום הימל“.[16]

אין משך פֿון יאָרן איז באַבי יאַר פּשוט געווען אַ פֿאַרבאָטענע טעמע אין דער סאָוועטישער פּרעסע.[17] ערשט צו סאַמע סוף פֿופֿציקער יאָרן האָט מען גענומען רעדן אָפֿן וועגן באַבי יאַר. דעם 10טן אָקטאָבער 1959 האָט די ליטעראַ־טורנאַיאַ גאַזעטאַ אָפּגעדרוקט דעם אַרטיקל „פֿאַר וואָס האָט מען דאָס ניט געטאָן?“ פֿונעם שרײַבער וויקטאָר נעקראַסאָוו. דער מחבר האָט פֿאָרגעלייגט,

מען זאָל אין באַבי יאַר שטעלן אַ דענקמאָל „די סאָוועטישע מענטשן״ וואָס זײַנען דאָ אומגעקומען. נעקראַסאָוו האָט זיך נאָכגעפֿרעגט וועגן דעם אין דער אַרכי־טעקטור־ביוראָ פֿון דער שטאָט קיִעוו, און מען האָט אים געענטפֿערט, אַז מען האָט בדעה צו פֿאַרשיטן באַבי יאַר, אים אויסגלײַכן, און דאָ אײַנאָרדענען אַ ספּאָרטפּלאַץ. „וועמען האָט דאָס געקענט קומען אין קאָפּ אַרײַן?״, איז נעקראַסאָוו אויפֿגעבראַכט, „צו פֿאַרשיטן אַ גרוב פֿון 30 מעטער די טיף, און אויף דעם אָרט פֿון דער גרעסטער טראַגעדיע, זיך פֿאַרווײַלן און שפּילן פֿוטבאָל?״.

נעקראַסאָווס געדאַנק וועגן אויפֿשטעלן אַ דענקמאָל אין באַבי יאַר איז אויף די זײַטן פֿון דער זעלבער צײַטונג געוואָרן אונטערגעהאַלטן פֿון די אײַנוווינערס פֿון דעם שכנותדיקן קיִעווער ראַיאָן: אין באַבי יאַר וואָלט מען באַדאַרפֿט מאַכן אַ פּאַרק און „אָוועקשטעלן אַ דענקמאָל די קרבנות פֿון פֿאַשיזם״ (ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ, דעצעמבער 22, 1959). דער פֿאַרטרעטער פֿונעם פֿאָרזיצער פֿונעם אויספֿיר־קאָמיטעט פֿון קיִעווער שטאָטראַט ט. סקירדאָ האָט נאָך דעם געמאָלדן, אַז „הײַנטיקס יאָר וועט מען אָנהייבן באַגרינען די אַראָפּהאַנגען פֿון באַבי יאַר, אין דער נאָענטסטער צײַט וועט מען דאָרטן מאַכן אַ פּאַרק, און אין צענטער פֿון דעם פּאַרק, וועט מען לויטן באַשלוס פֿון דער רעגירונג פֿון דער אוקראַיִנישער סס״ר, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעצעמבער 1959, אין דער צוקונפֿט אָוועק־שטעלן אַ פּאָסטאַמענט, אַן אָבעליסק מיט אַן אָנדענק־טאָוול פֿאַר די סאָוועטישע בירגערס, וואָס די היטלעריסטן האָבן פֿאַרפֿײַניקט אין יאָר 1941״ (ליטעראַ־טורנאַיאַ גאַזעטאַ, מאַרץ 3, 1960).

ס׳איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז סײַ אין נעקראַסאָווס אַרטיקל סײַ אין דער דערקלערונג פֿון די קיִעווער און אויך אין דעם קאָמוניקאַט פֿון דעם פֿאָרזיצער פֿון אויספֿיר־קאָמיטעט פֿון קיִעווער שטאָטראַט רעדט זיך בלויז וועגן „סאָוועטי־שע מענטשן״, וועגן „קרבנות פֿון פֿאַשיזם״, וועגן „סאָוועטישע בירגערס, וואָס די היטלעריסטן האָבן פֿאַרפֿײַניקט״, אָבער וועגן ייִדן רעדט מען ניט קיין וואָרט.

זײַנען אַוועק יאָרן, אָבער אין באַבי יאַר איז אַלץ געבליבן בײַם אַלטן. דער מיטאַרבעטער פֿון דזשואיש קאָרענטס וואָס איז זומער 1963 געווען אין קיִעוו, האָט דערציילט, אַז ווען ער איז געווען אין קיִעוו, איז נאָך קיין דענקמאָל אין באַבי יאַר ניט געווען, און ער האָט אויך „גאָרניט געהערט וועגן פּלענער אָוועקצושטעלן אַזאַ דענקמאָל״ (דזשואיש קאָרענטס, 1964, ז׳ 12). ערשט סוף 1965 האָט זיך אין דער סאָוועטישער פּרעסע באַוויזן אַ קאָמוניקאַט וועגן דעם, אַז אין 1966 וועט מען שטעלן אַ דענקמאָל די מאַרטירערס פֿון באַבי יאַר, אָבער אַפֿילו אין סאָוועטיש היימלאַנד (אָקטאָבער 1965) ווערט ניט דערמאָנט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ דענקמאָל פֿאַר די פֿאַרפֿײַניקטע ייִדן; און די אָפֿיציעלע לעגענדע רעדט נאָך אַלץ, אין בעסטן פֿאַל, וועגן דעם מאַסן־אומקום אין באַבי יאַר „פֿון אוקראַיִנער, רוסן, ייִדן א״אַנד״.17א

יאַנואַר 1966 האָט מען אין קלוב פֿון די קיִעווער אַרכיטעקטן אײַנגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פֿון פּראָיעקטן פֿון אַ דענקמאָל פֿאַר באַבי יאַר. דעם 23סטן יאַנואַר איז אין דעם קלוב פֿאָרגעקומען אַ גרויסע פֿאַרזאַמלונג, ווו מען האָט אַרומגערעדט די פּראָיעקטן.17ב משמעות, אַז דאָס שטעלן אַ דענקמאָל איז

איצטער אויף אַן אמת אַקטועל. אָבער די יי״ט״אַ האָט דעם 8טן מאַרץ מודיע געווען פֿון וואַשינגטאָן (אויפֿן סמך פֿון פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון די פּראָיעקטן, וואָס די סאָוועטישע נאָוואָסטי האָט צוגעשטעלט דער יי״ט״אַ), אַז אין די פּראָיעקטן איז אין ערגעץ ניט דערמאָנט, אַז אין באַבי יאַר זײַנען אומגעקומען ייִדן, און נאָר איין פּראָיעקט האָט אַן אויפֿשריפֿט „באַבי יאַר" אויף פֿיר שפּראַכן, איין אויפֿשריפֿט איז אויף ייִדיש.

אין די באַדינגונגען האָט יעווגעני יעווטושענקאָס ליד „באַבי יאַר" אין ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ, סעפּטעמבער 19, 1961, אַ הילך געטאָן ווי אַן אַלאַרם־גלאָק. יעווטושענקאָ האָט אַוועקגעשטעלט די פֿראַגע ניט וועגן דענקמאָל, נאָר וועגן אַנטיסעמיטיזם אין זײַן גאַנצן פֿאַרנעם, זייער שאַרף און דירעקט:

„איבער באַבי יאַר שטייען ניט קיין מצבֿות.
נאָר דער משופּעדיקער אָפּהאַנג ז'ווי אַ פּראָסט קבֿורה־ברעטל.
אַ שרעק נעמט מיך אַרום. הײַנט בין איך אַזוי אַלט
ווי דאָס ייִדישע פֿאָלק גופֿא.

מיר דוכט זיך איצט — כ'בין אַ יהודי.
אָט וואַנדער איך אַרום אין אוראַלטן מצרים.
און אָט קום איך אום אַ צוגענאָגלטער צום קרייץ
און ביז הײַנט נאָך טראָג איך — די צייכנס פֿון די טשוועקעס".

דער פּאָעט פֿילט, ווי ער וואָלט געווען דרייפֿוס „אַ פֿאַרהעצטער, באַשפּיגע־נער, אָפּגענאַרטער", אָדער אָט איז ער „אַ ייִנגל אין ביאַליסטאָק", ווו „הירזשענ־דיק 'שלאָג די ייִדן, ראַטעווע רוסלאַנד', צעשלאָגט דער מעל־סוחר מײַן מאַמען".

אָט פֿילט ער, אַז ער איז „אַנאַ פֿראַנק, אַ דורכזיכטיקע ווי אַ צווײַגעלע אין אַפּריל...".

„איבער באַבי יאַר רוישן ווילדע גראָזן.
די ביימער קוקן שטרענג, זיי מישפּטן.
אַלץ שווײַגט דאָ מיט געשריי. כ'נעם אַראָפּ דאָס היטל,
און כ'פֿיל ווי איך ווער פּאַמעלעך גרוי.
און איך אַליין ווער אַ קלאַנגלאָז געשריי
אויף די טויזנטער טויזנט באַגראָבענע.
איך — בין דאָ יעדער דערשאָסענער זקן.
איך — בין דאָ יעדער דערשאָסן קינד.
קיין ייִדיש בלוט איז אין מײַן בלוט ניטאָ,
אָבער בײַ אַלע אַנטיסעמיטן בין איך פֿאַרהאַסט
מיט צעקאָרטשעטער שׂינאה ווי אַ ייִד.
און דערפֿאַר — בין איך אַן עכטער רוס".

דער וווּנדער איז ניט, וואָס יעווטושענקאָ האָט אָנגעשריבן אַזאַ ליד: דאָס ליד פּאַסט זיך זייער גוט אַרײַן אין די ראַמען פֿון זײַן גאַנצער שאַפֿערישער אַנטוויקלונג — דער וווּנדער איז, וואָס מען האָט דאָס אָפּגעדרוקט אין ליטעראַ־טורנאַיאַ גאַזעטאַ, דעם הויפּטאָרגאַן פֿון דעם שרײַבער־פֿאַראיין פֿון פֿסס״ר. דאָס איז אַן אָפֿענער אַרויסרוף צו אַלע באַהאַלטענע אַנטיסעמיטן (קיין אָפֿענע זײַנען פֿאַרשטייט זיך אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ניטאָ), אַן אַרויסרוף אויך צו דער סאָוועטי־

שער פּאָליטיק פֿון פֿאַרשװײַגן די שרעקלעכע טראַגעדיע װאָס ייִדן האָבן איבער־געלעבט. און דער אַרויסרוף איז ניט געבליבן אָן ענטפֿער.

שוין דעם 24סטן סעפּטעמבער, פֿינף טעג נאָך דעם װי די ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ האָט אָפּגעדרוקט יעװטושענקאָס ליד, האָט זיך אין ליטעראַטוראַ אי זשיזן, די צײַטונג פֿון דעם שרײַבער־פֿאַראיין פֿון רספּס"ר,[18] באַװיזן אַ ליד פֿון אַלעקסיי מאַרקאָװן „מײַן ענטפֿער". װוּ יעװטושענקאָ װערט ניט אָנגערופֿן בײַם נאָמען, אָבער ס'איז זייער קלאָר, צו װעמען אָט דער „ענטפֿער" איז געװענדט:

„װאָס פֿאַר אַן אמתער רוס ביסטו,
װען דו האָסט פֿאַרגעסן דײַן פֿאָלק,
די נשמה, װי אַ פּאָר הויזן, איז געװאָרן שמאָל,
ליידיק װי דער טרעפּן־אָפּשטאַנד פֿון אַ לייטער".

„די װעלט האָט אויפֿגעציטערט צוליב באַבי יאַר", אָבער אָט דער „ערשטער יאָר" װאָלט זיך צעברענט אין אַן אוניװערסאַלער שׂרפֿה, װען אין דעם קאַמף מיט היטלערן װאָלטן ניט אָפּגעגעבן זייער לעבן „מיליאָנען רוסישע געגאָלטע יאַטן". „זייערע נעמען װעלן קיין װינטן ניט אַװעקבלאָזן, ס'װעט זיי ניט באַשמוצן דער שפּײַ פֿון אַ קאַרליק". און בולט להיפּוך יעװטושענקאָס „זאָל אַ דונער טאָן דער אינטערנאַציאָנאַל, װען ס'װעט אויף אייביק באַגראָבן װערן דער לעצטער אַנטיסעמיט", פֿאַרענדיקט מאַרקאָװ זײַן „ענטפֿער" מיט אונטערשטרײַכן זײַן רוסישקייט:

„ביז װאַנען עס װעט טרעטן אויף די קבֿרים
אַפֿילו נאָר איין קאָסמאָפּאָליט, — —
זאָג איך: איך בין אַ רוס, מענטשן!
און דער אַש שלאָגט מיר אין האַרצן".
(„איך בין אַ רוס" איז אונטערגעשטראָכן פֿונעם מחבר.)

דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פֿון מאַרקאָװס אַרויסטרעטונג לאָזט ניט איבער קיין שום ספֿקות, אַז דאָס איז דער אָנהייב פֿון אַ קאַמפּאַניע. אין דרײַ טעג אַרום — דעם 27סטן סעפּטעמבער — האָט שוין די ליטעראַטוראַ אי זשיזן אַרויסגע־רוקט קעגן יעװטושענקאָן די שװערע אַרטילעריע פֿון פּרינציפּיעלע אַרגומענטן. איצט שוין אָפֿן — אין ד. סטאַריקאָװס אַרטיקל „װעגן אַ ליד". שוין דער אופֿן אַװעקשטעלן די פֿראַגע װעגן דער מאַסן־אויסראָטונג דװקא פֿון ייִדן — איז אַ „פֿאַרשװעכונג לגבי אַלע מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן װאָס זײַנען אומגעקומען אינעם קאַמף קעגן היטלעריזם". סטאַריקאָװ באַשטייט עקשנותדיק אויפֿן טענות, אַז אין דער צײַט פֿון דער מלחמה איז ניט געװען קיין ספּעציפֿישע ייִדישע טראַגעדיע, „פֿעלקערמאָרד, דאָס פֿאַרטיליקן גאַנצע פֿעלקער, — איז אַן אָרגאַנישער טייל פֿון דער אידעאָלאָגיע פֿון פֿאַשיזם", שרײַבט סטאַריקאָװ, און אין לעצטן סך־הכּל איז ער געװען געװענדט קעגן דעם „סלאַװנטום". אָבער סטאַריקאָװ האָט דאָך ניט געקענט ניט װיסן, אַז היטלער האָט זיך קיין מאָל ניט געשטעלט פֿאַר אַ ציל די טאָטאַלע אויסראָטונג פֿון „סלאַװן", נאָר ער האָט גע־שטרעבט צו פֿאַרװאַנדלען די סלאַװן אין אַ פֿאָלק פֿון שקלאַפֿן. אָבער לגבי ייִדן,

האָט ער געשטרעבט צו זייער טאָטאַלן אומברענג. אין דעם איז דאָך טאַקע באַשטאַנען זײַן באַרימטע פּראָגראַם פֿון „ענדגילטיק לייזן די ייִדן־פּראַגע“.

אין זײַן פּאָלעמיק קעגן יעווטושענקאָן גייט סטאַריקאָוו אַוועק אַ סך ווײַטער פֿון אַ בלויזן פּרווו צו פֿאַרשטעלן היטלערס פּאָליטיק פֿון אויסראָטן ייִדן מיט אַ פּאָליטיק פֿון כלומרשטן אַלסלאַווישן פּעלקערמאָרד. סטאַריקאָוון רעגן בכלל אויף יעווטושענקאָס באַמערקונגען וועגן ייִדישן פֿאָלק, וואָס יעווטושענקאָ שליסט אײַן אין זיך סײַ די פֿאַרצײַטיקע יהודים סײַ דאָס סאָוועטישע ייִדנטום:

„וואָס זײַנען אין דער אמתן די היסטאָרישע שײַכותן צווישן די נאָענטסטע אָפּשטאַמלערס פֿון דעם ליבן טוביה דער מילכיקער [מיט אומדערטרעגלעכער פֿאַלשקייט קלינגען אין סטאַריקאָווס מויל די ווערטער וועגן ליבן טוביה דער מילכיקער], וואָס זײַנען חיהש דערהרגעט געוואָרן אין באַבי יאַר מיט די פֿאַרצײַטיקע יהודים, וואָס זייערע לעגענדעס זײַנען צו אונדז דערגאַנגען אינעם אַלטן טעסטאַמענט, זײַנען סײַ די סײַ יענע ‚סעמיטן‘? אין אמתן, אַזאַ צוגאַנגעכץ צו דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע וואָלט פֿאַרדינט די וואַרעמסטע דאַנקען פֿון די ‚אַריער‘... ‚די ייִדן האָבן געקרייציקט אונדזער קריסטוסן‘ — האָבן אַ מאָל געשריען די פּאָגראָמשטשיקעס. דאַרף מען טאַקע אָט די טעמפּע ניבזה־דיקייט אומבאַדינגט פֿאַרבײַטן מיט אַ צווייטער: קריסטוס איז דאָך געווען אַ ייִד!“

זעט נאָר, ווי פֿאַר אָט דעם פּאַטענטירטן בעזבאָזשניק איז אַפֿילו בלויז דאָס דערמאָנען, אַז קריסטוס איז געווען אַ ייִד, שוין „אַ צווייטע טעמפּע ניבזהדיקייט“ און דאָס באַליידיקט זײַנע בעסטע געפֿילן.

דאָס זײַנען נאָר אײנציקע בלימעלעך. און וואָס באַשולדיקט דען סטאַריקאָוו יעווטושענקאָן ניט? „פֿרײַ און גרינג פֿילט זיך יעווטושענקאָ אין דער ראָלע פֿון אַ בכּיוונדיקן אָדער ניט־ווילנדיקן צעפּלאַקערער פֿון די נאַציאָנאַליסטישע פֿאָראורטיילן וואָס האַלטן זיך אין לעשן. דאָס איז אַ פֿרײַהייט וואָס באַפֿרײַט פֿון אמתדיקייט, פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר אייגענע ווערטער“, אאַז״וו, אאַז״וו.

צום סוף קומט דער לעצטער קלאַפּ — וועגן יעווטושענקאָס „כּוונות“, ווען ער האָט געשריבן זײַן ליד:

„אַוודאי קען מען דאָ משער זײַן זײַנע בייזע אויך, אַלץ די זעלבע אַלטע כּוונות צו שאָקירן דעם „עולם“, צו פֿאַנגען אים אויף כּלערליי ווענטקעס. אָבער דאָס איז ניט וויכטיק. וויכטיק איז דער מקור פֿון אָט דער אומדערטרעגלעכער פֿאַלשקייט, וואָס מיט איר איז דורכגעדרונגען זײַן ‚באַבי יאַר‘, — דאָס איז אַ בפֿירושער אָפּטרעטן פֿון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע אויף די אידעאָלאָגישע פּאָזיציעס פֿון בורזשואַזן שניט. דאָס איז מחוץ יעדן ספֿק“.

דאָס האָט שוין געקלונגען ווי אַ דירעקטע דראָונג „מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספֿירן“.

סטאַריקאָווס קאַטעגאָרישקייט אין פֿאָרמולירן די שווערע באַשולדיקונגען קעגן יעווטושענקאָן האָבן געצוווּנגען צו מאַכן דעם אויספֿיר, אַז הינטער די באַשולדיקונגען שטייט עמעצער וואָס האָט אַ סך אַ גרעסערע דעה איידער די רע־

דאַקציע פֿון ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ אי זשיזן, און אַז אין די „הויכע" פֿענצטערס האָט מען באַשלאָסן צו רעאַגירן גיך און שטאַרק אויף דער עבֿרה, וואָס ס'זיינען באַגאַנגען יעווטושענקאָ און די ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ. אויף דער צוויי־טאָגיקער באַראַטונג פֿון יונגע פּאָעטן, וואָס דער צ"ק פֿון קאָמסאָמאָל האָט גערופֿן אָנהייב אָקטאָבער, און געקומען זיינען 140 יונגע פּאָעטן, האָט מען יעווטושענקאָן שאַרף פֿאַראורטיילט. די קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ, אָקטאָבער 4, האָט געשריבן:

„די וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן אויף דער באַראַטונג האָבן קריטיקירט יעווטושענקאָס 'באַבי יאַר' וואָס די ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ האָט אָפּגעדרוקט. דער פּאָעט האָט ניט איבערקלערנדיק צונויפֿגעמישט און צעפֿלאָנטערט באַגריפֿן פֿון פֿאַרשיידענע ספֿערעס; ער האָט אָנגעמאַכט אַ גערודער אַרום אַ פּראָבלעם, וואָס אונדזער לעבן האָט שוין לאַנג געליייזט... בלי ספֿק, אויב מען זאָל צו יעווטושענקאָס 'באַבי יאַר' צוגיין פֿון שטאַנדפּונקט פֿון די הויכע פּרינציפּן פֿון דער פּאַרטייִשער ליטעראַטור, דאַרף מען דאָס ליד באַטראַכטן ווי אַ זייער ערנצטן אויסגליטש פֿונעם פּאָעט. דאָס האָבן יעווטושענקאָן געזאָגט אויף דער באַראַטונג די יונגע פּאָעטן גופֿא".

אָט די באַמיִונגען צו נישט צו מאַכן דעם שטאַרקן איינדרוק פֿון „באַבי יאַר" האָבן געהאַט אַ קאַפּויערדיקע ווירקונג. דעם 8טן אָקטאָבער, דעם 'טאָג פֿון פּאָעזיע', ווען אויפֿן מאַיאַקאָווסקי־פּלאַץ אַרום מאַיאַקאָווסקיס דענקמאָל איז פֿאָרגעקומען דער טראַדיציאָנעלער טויזנט־קעפּיקער צונויפֿקום, ווו די פּאָעטן האָבן געלייענט זייערע שאַפֿונגען, איז דער צונויפֿקום פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתער מאַניפֿעסטאַציע לכּבֿוד יעווטושענקאָן (ניו יאָרק טיימז, אָקטאָבער 9, 1962). ער האָט דאָ איבערגעלייענט זיינע צוויי לידער: „האַלט מיך פֿאַר אַ קאָמוניסט!" און אַ צווייט ליד, וואָס דער טיימז רופֿט ניט אָן. דאָס ליד „האַלט מיך פֿאַר אַ קאָמוניסט" פֿאַרענדיקט יעווטושענקאָ אַזוי:

„איך וועל בלייבן פֿעסט ביזן סוף,
און איך וועל ניט ווערן
קיין צוזאָגנדיקער חונף.
ס'איז ניט שרעקלעך, אַז ס'ליבט זיך ניט גוט,
אַז איך בין אומעטיק, ווי אין אַ צרה,
אָבער ס'וועט זיין שרעקלעך, אויב איך וועל די רעוואָלוציע
אין וואָס ניט איז פֿאַרפּירן.
און זאָל,
ניט ווי אומאויפֿריכטיקע
בכּיוון אויסגערעכנטע ווערטער,
מיין גאַנץ לעבן זאָל אייך זאָגן:
'האַלט מיך פֿאַר אַ קאָמוניסט'".

די פֿאַרזאַמלטע האָבן געמאַכט יעווטושענקאָן אַ שטורמישע אָוואַציע. דאָס איז געווען אַ פּראָטעסט פֿון דער קאָמוניסטיש געשטימטער יוגנט קעגן דעם אָנגריף אויפֿן מחבר פֿון „באַבי יאַר". יעווטושענקאָ איז אויך פֿאַר דעם געווען זייער פּאָפּולער. איצט איז זיין פּאָפּולערקייט אומגעהייער אויסגעוואַקסן. אין אַ געוויסער מאָס האָט זיך יעווטושענקאָ אַליין ניט גערעכנט אויף דעם. שפּעטער, אין

זײַן „אויטאָביאָגראַפֿיע", וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין פּאַריז אָנהייב 1963 פֿאַרן לינקן פֿראַנצייזישן וואָכנבלאַט עקספּרעס (פֿעברואַר 21 — מאַרץ 21), האָט יעווטושענקאָ דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אָנגעשריבן און צום ערשטן מאָל געלייענט פֿאַר אַן עולם דאָס ליד „באַבי יאַר":

„די פּראָבלעם אַנטיסעמיטיזם האָט מיך באַאומרויִקט שוין פֿון לאַנג, און איך האָב שוין לאַנג געוואָלט שרײַבן וועגן אים אַ ליד. אָבער דאָס איז ניט געוואָרן רעאַליזירט ביז מײַן נסיעה אין קיִעוו און מײַן זײַן אין דעם שרעקלעכן אָרט, ווו די ס"ס האָבן דערהרגעט טויזנטער אומשולדיקע מענטשן: מענער, פֿרויען און קינדער.

דעם זעלבן טאָג, ווען איך בין צוריקגעקומען אין מאָסקווע, האָב איך אָנגעשריבן 'באַבי יאַר'. דעם אָוונט האָב איך געזאָלט דערציילן וועגן מײַן נסיעה אין קובא אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אין פּאָליטעכנישן מוזיי, און בײַ דער געלעגנהייט האָב איך געזאָלט איבערלייענען עטלעכע מײַנע לידער.

דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל געלייענט 'באַבי יאַר'. געוויינטלעך לייען איך מײַנע לידער אויף אויסנווייניק. דאָס מאָל בין איך געווען צו אויפֿגערעגט און נערוועז, האָב איך געהאַלטן די בלעטלעך פֿאַר די אויגן. ווען איך האָב געענדיקט האָט אין זאַל געהערשט אַ טויטע שטילקייט. איך האָב ווײַטער געקוקט אין מײַנע בלעטלעך מורא האָבנדיק אויפֿצוהייבן די אויגן, און איך האָב זיך געפֿילט פֿאַרלאָרן. ענדלעך האָב איך אַרײַנגעקוקט אין דער אודיטאָריע: די גאַנצע אודיטאָריע איז געשטאַנען און נאָך אַ מינוטיקן שווײַגן איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם אַפּלאָדיסמענטן וואָס האָט געדויערט עטלעכע מינוט. עטלעכע מענטשן האָבן זיך געוואָרפֿן אויף דער טריבונע און מיך אָנגעהויבן אַרומצונעמען. טרערן זײַנען מיר גערונען פֿון די אויגן..."

אין זײַן „אויטאָביאָגראַפֿיע" האָט יעווטושענקאָ אויך דערציילט, אַז אין שײַכות מיטן ליד „באַבי יאַר" האָט ער געקריגן אַן ערך דרײַסיק טויזנט בריוו, צווישן זיי בלויז דרײַסיק פֿון אַנטיסעמיטן.

סוף 1961 האָבן זיך די קריטיקערס פֿון יעווטושענקאָן און פֿון זײַן „באַבי יאַר" פֿאַרטײַעט. אין משך פֿון די לעצטע חדשים פֿון 1961 ביז צום סוף 1962 האָט יעווטושענקאָ געלייענט „באַבי יאַר" אויף אַ גרויסער צאָל פֿאַרזאַמלונגען און אַלע מאָל האָט ער באַגעגנט אַ וואַרעמען אָפּרוף פֿון דער אודיטאָריע. די אַמעריקאַנער זשורנאַליסטקע פּאַטרישיאַ בלייק האָט דערציילט אין דעם לאָנדאָנער ענקאָונטער (פֿעברואַר 1963) וועגן איינער אַזאַ פֿאַרזאַמלונג אין דער אודיטאָריע פֿון פּאָליטעכנישן מוזיי אין מאָסקווע אויגוסט 1962. דער „אָוונט פֿון פּאָעזיע" האָט זיך אָנגעהויבן אַרום 5 אַ זייגער און ער האָט מיט קליינע הפֿסקות זיך געצויגן ביז האַלבע נאַכט. די אודיטאָריע איז געווען איבערגעפּאַקט — אַן ערך 700 מענטשן, דער עיקר סטודענטן פֿון אוניווערסיטעט און אַנדערע הויכשולן, ווו ס'זײַנען געוואָרן פֿאַרטיילט בילעטן. יעווטושענקאָ איז אַרויסגעטראָטן נאָך וואָזנעסענסקין און אָקודזשאַוואַן, אויך זייער פּאָפּולערע יונגע פּאָעטן, אָבער ווי נאָר יעווטושענקאָ איז אַרויף אויף דער טריבונע, האָט ער שוין ביזן סוף פֿון אָוונט באַהערשט די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אודיטאָריע:

„זײַן באַווײַזן זיך איז געווען באַגלייט מיט טומלדיקע אויסגעשרייען: ‚זײַ געגריסט, זשעניאַ!‘, ‚גיב דעם באַבי יאַר‘, א״אַנד, און אַ שטראָם פֿון צעטעלעך מיט דער פֿאָדערונג וועגן לייענען באַליבטע לידער. פֿונעם ערשטן מאָמענט איז געווען קלאָר, אַז די גרויסע פּאָפּולערקייט פֿון דעם יונגן פּאָעט איז פֿון ניט־ליטעראַרישן אָפּשטאַם. יעווטושענקאָ איז בלי ספֿק אַ טאַלענטירטער פּאָעט, אָבער די אויסשליסלעכע פּאָפּולערקייט האָט אים געשאַפֿן די דרייסטקייט פֿון עטלעכע טעמעס זײַנע, ספּעציעל דאָס ליד וועגן באַבי יאַר. ‚זשעניאַ איז אַ קאָלומבוס‘, האָט מיר געזאָגט איינער פֿון זײַנע פֿאַרערערס. ‚ער צייכנט אָן דעם וועג, וואָס קיין אַנדערער וואָלט גאָר וועגן אים ניט געחלומט און אַלע גייען אים נאָך‘... ‚גוט, איר וועט האָבן אײַער באַבי יאַר‘, האָט ער אויסגעשריִען, ווען די פֿאָדערונגען זײַנען געוואָרן אַלץ עקשנותדיקער.

אָבער צום אָנהייב האָט ער איבערגעלייענט אַ קאָמיש ליד וואָס איז נאָך ניט געווען אָפּגעדרוקט: ‚ווי עס פּאַרעט זיך דער אויסוואָרף‘, וועגן אַ ביוראָקראַט וואָס רופֿט אַרויס פֿאַראַכטונג... די אוידיטאָריע האָט געשטורעמט פֿון באַגײַסטערונג, אָבער איידער יעווטושענקאָ האָט באַוויזן אָנצוהייבן אַ נײַ ליד, האָט זי ווידער עקשנותדיק געפֿאָדערט: ‚באַבי יאַר‘: יעווטושענקאָ האָט געלייענט דאָס ליד מיט אַ טיפֿן געפֿיל... ווען ער האָט געענדיקט, האָט די אוידיטאָריע הויך געפֿאָדערט: ‚נאָך אַ מאָל, נאָך‘. ער האָט איבערגעחזרט דאָס ליד, און שפּעטער אין גאַנג פֿונעם אָוונט, האָט ער אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון דער אוידיטאָריע געלייענט דאָס ליד צום דריטן מאָל.

ווען די אוידיטאָריע האָט נאָך אַלץ געפֿאָדערט, ער זאָל לייענען דאָס ליד, האָט ער אויסגערופֿן: ‚חבֿרים, מיר געפֿינען זיך שוין זעקס שעה אין זאַל, און איך האָב פֿאַר דער צײַט געלייענט דאָס ליד דרײַ מאָל. מיר דוכט, אַז איר זײַט שוין מיד געוואָרן עס צו הערן, און אויך איך בין שוין מיד פֿון לייענען‘. אָבער מען האָט ווײַטער געפֿאָדערט, און יעווטושענקאָ האָט איבערגעלייענט ‚באַבי יאַר‘ נאָך אַ מאָל“.

זינט דעצעמבער 1962 האָבן זיך איבער דעם מחבר פֿון „באַבי יאַר“ און איבער זײַן ליד גענומען קלײַבן וואָלקנס אין שײַכות מיטן אַלגעמיינעם צוריקגאַנג אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק לגבי ליטעראַטור און קונסט. אויף אַ „באַגעגעניש“ צווישן די פֿירערס פֿון דער פּאַרטיי און פֿון דער רעגירונג און די טוערס פֿון דער ליטעראַטור און קונסט דעם 17טן דעצעמבער, האָט דער פֿאָרזיצער פֿון דער אָקערשט געשאַפֿענער אידעאָלאָגישער קאָמיסיע בײַם צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי לעאָניד איליטשעוו געהאַלטן אַ לאַנגע רעדע. פֿאָרמעל איז די רעדע געווען געווענדט קעגן אַבסטראַקציאָניזם און פֿאָרמאַליזם, אָבער פֿאַקטיש אויך קעגן יעדער מין קאָמפּראָמיזם; ער האָט פֿאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז שרײַבערס און קינסטלערס מוזן אָן שום באַוואָרענישן אָנערקענען די אַבסאָלוטע אויטאָריטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין פֿראַגן פֿון ליטעראַטור און קונסט. אין דער רעדע, ווי זי איז געווען אָפּגעדרוקט אין פּראַוודאַ, דעצעמבער 22, איז קיין וואָרט ניטאָ ניט וועגן „באַבי יאַר“ און ניט וועגן זײַן מחבר, אָבער פֿון די באַריכטן אין דער אויסלענדישער פּרעסע איז מען געוואָר געוואָרן, אַז אויף דער באַראַטונג האָבן איליטשעוו און כרושטשאָוו קריטיקירט יעווטושענקאָן און זײַן ליד, און ניט נאָר אים. זיי האָבן אויך קריטיקירט

שאָסטאַקאָוויטשן וואָס האָט גראָד דעמאָלט געהאַט אָנגעשריבן אַ נײַע (די 13טע) סימפֿאָניע, און דעם ערשטן טייל פֿון דער סימפֿאָניע האָט ער געבויט אויפֿן טעקסט פֿון „באַבי יאַר". אין דער סימפֿאָניע האָט זיך שאָסטאַקאָוויטש שיִער ניט דעמאָנסטראַטיוו סאָלידאַריזירט בכלל מיט יעווטושענקאָן; די אַנדערע טיילן פֿון דער סימפֿאָניע האָט ער געבויט אויפֿן טעקסט פֿון יעווטושענקאָס אַנדערע פֿיר לידער.[19] די פּרעמיערע פֿון דער סימפֿאָניע, וואָס איז אפֿשר צופֿעליק פֿאָרגעקומען אויף צו מאָרגנס נאָך דער דערמאָנטער „באַגעגעניש" האָט דער עולם, אַ באַגײַסטערטער פֿון דער סימפֿאָניע, פֿאַרוואַנדלט אין אַ פֿײַערונג לכּבֿוד שאָסטאַקאָוויטשן און יעווטושענקאָן. אָבער קיינער פֿון די פֿירערס „פֿון דער פּאַרטיי און פֿון דער רעגירונג" איז צו דער פּרעמיערע ניט געקומען; די פֿריִער־צוגעזאָגטע טראַנסמיסיע פֿון קאָנצערט אויף דער טעלעוויזיע איז אָפּגערופֿן געוואָרן דעם לעצטן טאָג און די גרויסע מאָסקווער פּרעסע האָט פּשוט פֿאַרשוויגן די נײַע סימפֿאָניע און איר פּרעמיערע.[20] נאָר פֿאַרשווײַגן איז ווײַזט אויס געווען צו ווייניק; אין אַ וואָך אַרום, דעם 25סטן דעצעמבער, איז די סאָוועטסקאַיאַ קולטוראַ, די צײַטונג פֿון מיניסטעריום פֿאַר קולטור, אינעם לייטאַרטיקל „אויס־דריקן די געדאַנקען פֿון די מיטצײַטלערס" (ניט אָנרופֿנדיק ניט די סימפֿאָניע און ניט שאָסטאַקאָוויטשן) זייער שטאַרק אָנגעפֿאַלן אויף „געוויסע טוערס פֿון דער קונסט", וואָס „אונטער דער פֿאָן פֿון קאַמף מיטן קולט פֿון דער פּערזענ־לעכקייט, האָבן זיי גענומען גראַבלען אין די מיסטקאַסטנס אויפֿן הינטערהויף פֿון אונדזער לעבן". און ס'זאָל בײַ קיינעם קיין ספֿק ניט זײַן, וועמען מען מיינט, שרײַבט דער מחבר פֿונעם אַרטיקל, נאָך אַלץ ניט אָנרופֿנדיק קיינעם בײַם נאָמען:

„צום מערסטן טוט באַנג, וואָס דאָס [ד"ה „גראַבלען אין די מיסט־קאַסטנס] געשעט מיט ווערק, גרוים לויט זייער פֿאָרעם און המצאה, פֿון די גרעסטע און טאַלענטירטסטע מײַסטערס, וואָס זייער שטים איז גאַנץ אויטאָריטאַטיוו אין דער פּראָפֿעסיאָנעלער סבֿיבֿה, וואָס זייער שאַפֿונג איז שוין לאַנג באַליבט בײַם ברייטן עולם".

נאָך דעם קומט, אַלץ אָן אַ דירעקטן פֿאַררופֿן זיך אויף איר, אַ פּאָלעמישע כאַראַקטעריסטיק פֿון דער 13טער סימפֿאָניע:

„און אויב, לאָמיר זאָגן, אַ קאָמפּאָזיטאָר האָט געשאַפֿן אַ סימפֿאָניע וועגן אונדזער ווירקלעכקייט, געבויט דער עיקר אויף חושכדיקע, סאַר־קאַסטיש־פּאַראָדישע, אָדער טרערנדיק־פּעסימיסטישע בילדער, איז צי דער מחבר וויל דאָס, אָדער ער וויל דאָס ניט, אָביעקטיוו באַקומט זיך, אַ פֿאַרטונקלונג פֿון לעבן, זײַן נעגירנדיק־צעקאַליעטשעט אָפּבילד, — ס'שאַפֿט זיך אַ ווערק, אַ דעקאַדענטישס, וואָס זייט אומגלויבן צו דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט, וואָס שוואַכט אָפּ דעם כּוח און די ענערגיע פֿון פֿאָלק צום קאַמף פֿאַר קאָמוניזם".

דער לײַדנסוועג, וואָס דער 13טער סימפֿאָניע איז אויסגעקומען דורכצוגיין, האָט זיך ערשט געהאַט אָנגעהויבן. נאָך דער אויפֿפֿירונג דעם 18טן דעצעמבער 1962 האָט מען אַראָפּגענומען די סימפֿאָניע פֿונעם קאָנצערט־רעפּערטואַר און

אויף יעווטושענקאָן מיט שאָסטאַקאָוויטשן, האָט מען געדריקט, זיי זאָלן אַרײַנפֿירן ענדערונגען אינעם טעקסט פֿון „באַבי יאַר". ווי ס'האָט בשעתו איבערגעגעבן דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פֿון ניו־יאָרק טײַמז, [21] האָט יעווטושענקאָ אײַנגעשטימט אַרײַנצוטראָגן אינעם טעקסט פֿון „באַבי יאַר" צוויי דערגאַנצונגען: ווי קרבנות פֿון די נאַצישע מערדער זײַנען געוואָרן אָנגערופֿן, חוץ ייִדן, אויך רוסן און אוקראַיִנער, און וואָס שייך די רוסישע אַרבעטער אין דער צײַט פֿון צאַריזם, האָבן זיי געשטעלט אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן ייִדישע פּאָגראָמען. מיט די צוויי צוגאָבן האָט מען אין פֿעברואַר און מאַרץ 1963 אויף דאָס נײַ אויפֿגעפֿירט די סימפֿאָניע — אין מאָסקווע, אין לענינגראַד, אין מינסק (בסך־הכּל פֿינף, אָדער זעקס מאָל), און דערנאָך האָט מען זי ווידער אַראָפּגענומען פֿונעם קאָנצערט־רעפּערטואַר. נאָך דעם ווי ס'זײַנען אַרײַנגעפֿירט געוואָרן די אויבן דערמאָנטע צוגאָבן, איז אין די פֿירנדיקע קרײַזן משמעות צו ערשט געווען אַ שטימונג, אַז מען זאָל אָן מניעות לאָזן אויפֿפֿירן די סימפֿאָניע. אָבער נאָך דעם ווי אין פּאַריזער עקספּרעס האָט זיך באַוויזן יעווטושענקאָס „אויטאָביאָגראַפֿיע", האָט דאָס אַרויסגערופֿן אַ נײַעם צופֿלוס פֿון אויפֿרעגונג קעגן דעם אומרויִקן פּאָעט, וואָס האָט אין סך־הכּל זיך אָפּגעשפּיגלט אויפֿן גורל פֿון דער 13טער סימפֿאָניע אויך. איצט, האָט מען געהאַלטן, איז די צײַט אַרויסצוטרעטן אין דער פּרעסע מיט אַ פּרינציפּיעלער קריטיק פֿון דער סימפֿאָניע. אין שײַכות מיט דער צווייטמאָליקער אויפֿפֿירונג פֿון דער 13טער סימפֿאָניע אין מינסק (אויפֿן ערשטן קאָנצערט איז בײַגעווען שאָסטאַקאָוויטש) האָט זיך אין סאָוועטסקאַיאַ בעלאָרוס, אַפּריל 2, 1963, באַוויזן אַן אַרטיקל פֿון אַריאַדנאַ לאַדיגין א"ב „הערנדיק די 13טע סימפֿאָניע". אין דעם אַרטיקל ווערט זייער הויך אָפּגעשאַצט שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיקאַלישע שאַפֿונג בכלל, און באַזונדער די 13טע סימפֿאָניע, אָבער איר „אידעיִשע" זײַט ווערט שאַרף אָנגעגריפֿן. פֿון דעם קומט דער אויספֿיר:

„געבן עצות, ווי אַזוי מען זאָל דאָ עפּעס בײַטן, איז אוממעגלעך. צי זאָל מען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבערטראַכטן די אידעיִשע קאָנצעפּציע פֿון דעם ווערק, צי זאָל מען פֿונדאַמענטאַל איבעראַרבעטן דעם טעקסט, און אפֿשר זיך גאָר אין גאַנצן אָפּזאָגן פֿון אים, — דאָס איז אַן ענין פֿאַרן קאָמפּאָזיטאָר גופֿא. אָבער איינס איז קלאָר, — די ווערטער שטערן אויפֿצונעמען די מוזיק, זיי ציִען אָפּ די אויפֿמערקזאַמקייט".

דאָס איז אַ מאָדנער פֿאָרשלאָג — אָפּזאָגן זיך פֿון די „ווערטער" אינעם ווערק וואָס איז כּמעט אין גאַנצן געבויט ווי אַ סימפֿאָניע־קאַנטאַטע מיט גרויסע וואָקאַלישע — כאָר און סאָלאָס — טיילן, זאָגט עדות אויף דער פֿולשטענדיקער פֿאַרלאָרנקייט פֿון דעם מחבר פֿון אַרטיקל. אַ. לאַדיגין האָט משמעות געוווסט, אַז איבער דער סימפֿאָניע איז שוין אויפֿגעהאַנגען געוואָרן די דאַמאָקלעס־שווערד, און זי האָט כּמעט אַ פֿאַרצווייפֿלטע פֿאַרענדיקט איר אַרטיקל שיִער ניט אַ רוף: „די מוזיק פֿון דער 13טער סימפֿאָניע מוז לעבן, זי דאַרף העלפֿן דעם הײַנטיקן און די קומענדיקע דורות ריכטיק צו באַנעמען דעם זין פֿון אונדזער צײַט, די גרויסקייט פֿון די אויפֿטוען פֿון דעם סאָוועטישן מענטשן.[22]

דעם רוף האָט מען ניט דערהערט. פֿון מאַרץ 1963 אָן האָט מען אַ לאַנגע צײַט ניט אויפֿגעפֿירט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד די סימפֿאָניע. נאָך ערגער פֿון דעם, און פֿאַקטיש אידענטיש מיט אַ דירעקטן פֿאַרבאָט פֿון דער סימפֿאָניע, איז געווען דער פֿאַקט, וואָס מען האָט ניט פֿאַרקויפֿט ניט די נאָטן פֿון דער סימפֿאָניע און ניט קיין גראַמאָפֿאָן־פּלאַטעס פֿון איר, וואָס וואָלט די סימפֿאָניע געמאַכט צו־טריטלעך פֿאַרן עולם מחוץ דעם קאָנצערט־זאַל.[23] און אַוודאי האָט דאָס געמיינט, אין דער פּראַקטיק, אַן אַבסאָלוטער פֿאַרבאָט פֿון דער סימפֿאָניע פֿאַר אויסלאַנד. און אַלץ צוליב דעם, וואָס דער יסוד פֿון איר ערשטן טייל איז געווען יעווטו־שענקאָס „באַבי יאַר“.

די סיטואַציע האָט געדויערט צוויי מיט אַ האַלבן יאָר. ערשט דעם 20סטן סעפּטעמבער 1965 האָט דער סימפֿאָנישער אָרקעסטער פֿון דער מאָסקווער מלוכישער פֿילהאַרמאָניע אויפֿגעפֿירט שאָסטאַקאָוויטשעס 13טע סימפֿאָניע מיט אירע כאָראַלע און סאָלאָ־טיילן, ד״ה מיט אַן אויפֿגעהיטענעם טעקסט (צי מיט די נײַע צוגאָבן, איז ניט באַקאַנט). אין פּראַוודאַ און אין איזוועסטיאַ איז וועגן דעם קאָנצערט קיין איין שורה ניט געווען. ס'האָבן זיך אַפֿילו מיט קיין איין וואָרט ניט אָפּגערופֿן אויף דער נײַער אויפֿפֿירונג פֿון דער 13טער סימפֿאָניע ניט די סאָוועטסקאַיאַ מוזיקאַ[24] און ניט די מוזיקאַלנאַיאַ זשיזן. בלויז אין דער צײַטונג סאָוועטסקאַיאַ קולטוראַ, סעפּטעמבער 21, האָט זיך וועגן דער געשעעניש באַוויזן אַ קורצע כראָניק־נאָטיץ, וואָס מען האָט קוים געקענט באַמערקן. צי מיינט דאָס, אַז מען האָט אַראָפּגענומען דעם פֿאַרבאָט פֿון דער סימפֿאָניע, און אַז איצט וועט מען שוין נעמען פֿאַרקויפֿן די נאָטן און די גראַמאָפֿאָן־פּלאַטעס, איז נאָך לעת־עתּה ניט באַוווּסט. די בולטע כּוונה פֿון די אָפֿיציעלע קרײַזן כּמעט צו פֿאַרשווײַגן דעם פֿאַקט, אַז מען האָט פֿון דאָס נײַ אויפֿגעפֿירט די סימפֿאָניע, איז ניט קיין גוטער סימן.

אָן אַן עפֿנטלעכער מעלדונג האָבן, זינט אָנהייב 1963, אויפֿגעהערט דאָס לייענען „באַבי יאַר“ אויף די „אָוונטן פֿאַר פּאָעזיע“, און די „אָוונטן פֿאַר פּאָעזיע“ גופֿא, וואָס זײַנען סוף פֿופֿציקער און אָנהייב זעכציקער יאָרן געוואָרן זייער פּאָפּולער, זײַנען כּמעט פֿאַרשוווּנדן. אָבער מיליאָנען מענטשן האָבן איבערגע־לייענט „באַבי יאַר“, צענדליגער און אפֿשר הונדערטער טויזנטער האָבן עס געהערט און איבערגעלעבט, און דאָס ליד האָט איבערגעלאָזט אין זייער באַ־וווסטזײַן אַ צייכן, ס'האָט אין זיי אויפֿגעוועקט דאָס געפֿיל פֿון אומקאָמפּראָמיס־לעכקייט לגבי דעם אַנטיסעמיטיזם. ס'קען זײַן, אַז ערשט איצט, אין דער רעטראָספּעקטיוו, קענען מיר אויף אַן אמת זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון וועגן דעם, וואָסער רעוואָלוציאָנערער פֿאַקט אָט דאָס ליד איז געווען אין דער אַנט־וויקלונג פֿונעם באַוווסטזײַן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, און וועגן דעם, אַז אינעם לעבן פֿון סאָוועטישען ייִדנטום איז דאָס געווען די גרעסטע געשעעניש זינט דער ליקווידאַציע פֿון „ענין דאָקטוירים“.

## ס׳זײַנען דאָ סימנים, אַז ס׳וועט ווערן בעסער

דער געוואַלדיקער אָפּקלאַנג, וואָס יעווטושענקאָס „באַבי יאַר" האָט געהאַט בײַ דער יוגנט־אוידיטאָריע אומעטום, איז אפֿשר אַ סימפּטאָם, אַז אין דעם געזעלשאַפֿטלעכן באַוווסטזײַן בכלל, און ניט נאָר בײַ דער יוגנט, האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבעררוק, און אַז די פּאַסיווקייט פֿון דער באַפֿעלקערונג לגבי דערשײַנונגען גופֿא, זעען זיך, דוכט זיך, איצט אַ סך ווייניקער אָן אין טאָג־טעגלעכן לעבן, ווי דאָס איז געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק.

אַ מיטאַרבעטער פֿון דזשויִש קאָרענטס, וואָס איז געווען אין מאָסקווע, דערציילט, אַז דער פֿאָרזיצער פֿון דער מאַריִנאַ־ראָשטשער קהילה ג. ליב האָט אים געזאָגט: „די פֿראַגע נאַציאָנאַליטעט בײַם אָננעמען [ייִדן] אין העכערע לערן־אַנשטאַלטן ווערט איצט איגנאָרירט און אין קורצן וועט זי אין גאַנצן באַזײַטיקט ווערן". (דאָס באַשטעטיקט אַגבֿ, אַז די אַ״ג „פּראָצענט־נאָרמע" פֿאַר ייִדן אין די הויכשולן איז ביז ניט לאַנג געוואָרן אָנגעווענדט, און אַז אויף איר פֿאַרמעלער צוריקציִונג האָט מען נאָך ערשט געוואַרט). דער מחבר באַגלייט, וואָס אַן אמת, זײַן ידיעה מיט אַ פֿאָרזיכטיקער באַמערקונג: „איך האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו איבערצײַגן זיך אין דעם נײַעם צוגאַנג צו נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט [בײַם אָננעמען אין די הויכשולן].[25] אָבער פֿון די כּלערליי ידיעות וועגן דער לאַגע פֿון די ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד שאַפֿט זיך לעצטנס דער אַלגעמיינער אײַנדרוק, אַז די צווישנאַציאָנאַלע אָנגעשפּאַנטקייטן ווערן שוואַכער, און איינער פֿון די סימנים אויף דעם, איז דוכט זיך, דער אָנהייב פֿון סוף פֿון דער „פּראָצענט־נאָרמע". די אײַנדרוקן ווערן שוין איצט באַשטעטיקט מיט פֿאַקטן.

דער צום מערסטן אָפּשטויסנדיקער שטריך אין דער סאָוועטישער ייִדישער פּאָליטיק, בעסער געזאָגט, אַנטי־ייִדישער פּאָליטיק אין משך פֿון לאַנגע יאָרן — און ניט נאָר אין סטאַלינס צײַטן — איז געווען דאָס סיסטעמאַטישע פֿאַרשווײַגן די היטלערשע פּאָליטיק אויסצוראָטן די ייִדן. (מיר האָבן שוין פֿריִער גערעדט וועגן דעם גענויער.) איצט האָט אָט די טעמפּע און אין תּוך אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק זיך אַ טרייסל געטאָן. אויף דעם איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן. אינעם דעצעמבער־נומער פֿון נאָווי מיר פֿאַרן יאָר 1964 איז אָפּגעדרוקט אַ גרויסער ראָמאַן פֿון אַנאַטאָלי ריבאַקאָוו „זומער אין סאָסניאַק" (Лето в Сос-няках). דאָרט ווערט אויף שטויִנענדיק־רעאַליסטישן אופֿן באַשריבן די אויסראָטונג פֿון ייִדן אין האָמלע, ניט די גאַנצע אויסראָטונג, נאָר זײַן דראַמאַטישסטער עפּיזאָד, אַן אייגנאַרטיקער האָמלער באַבי יאַר. די אַקציע אינעם ראָמאַן קומט פֿאָר אין אונדזערע טעג; ס׳שמועסן צווישן זיך צוויי פֿרײַנד, געוועזענע זעלנערס פֿון פֿראָנט, און זיי ריידן אַפֿילו ניט וועגן דעם וואָס ס׳איז געווען, נאָר וועגן דעם הײַנטיקן טאָג. דער סיפּור־המעשׂה רײַסט זיך פּלוצלונג איבער מיט אַן אומגעריכטן אָפּזאַץ וואָס האָט קיין שום שײַכות ניט מיטן געוועב פֿון דעם ראָמאַן, און דאָך טרייסלט ער אויף:

„ווען די דיוויזיע, ווו מיראָנאָוו און טשערנין האָבן געדינט, האָט געמאַכט אַן אָנגריף אויף האָמלע, האָבן זיי ביידע, מיראָנאָוו און

טשערנין, זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער אַנטיטאַנק־גרוב, וווּ ס'זײַנען געלעגן באַגראָבן די ייִדן, וואָס די דײַטשן האָבן דערשאָסן, צווישן זיי, טשערנינס פֿרוי, זײַן מוטער און זײַנע צוויי קינדער. די נידעריקע אָנגעהויפֿנטקייט האָט זיך געשלענגלט איבערן פֿעלד און זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט איין ברעג אָנעם וואַלד, מיטן אַנדערן אָן טײַך. זי איז געווען צוויי הונדערט און פֿערציק מעטער לאַנג — פּונקט די לענג, וואָס מען דאַרף האָבן אויף צו באַגראָבן טויזנט אַכט הונדערט צוויי און זיבעציק מענטשן וואָס ליגן איינער אויפֿן צווייטן אין זעקס שיכטן. אויפֿן דעק איז געלעגן דער ערשטער שיכט מענטשן — זיי האָט מען אויך דערשאָסן מיט מאַשינביקסן. דערנאָך האָט מען מיט מאַשינביקסן דערשאָסן דעם דריטן שיכט. נאָכן דריטן — דעם פֿערטן, נאָכן פֿערטן — דעם פֿינפֿטן. אַזוי האָט מען דערשאָסן זעקס שיכן צו דרײַ הונדערט צוועלף מענטשן אין יעדערער. פּונקט טויזנט אַכט הונדערט צוויי און זיבעציק מענטשן, וואָס דער שעף פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע האָט אונטערגעשריבן, אַז ער האָט זיי געקריגן פֿון דעם קאָמענדאַנט פֿון געטאָ.

וואַרטנדיק אויף זייער ריי צו ליגן זיך אין גרוב, זײַנען מענטשן געזעסן אויף די קאָרטעטשקעס. די פֿרויען האָבן אָנגעזייגט די קינדער, די זקנים האָבן תּפֿילה געטאָן — על־פּי דער אינסטרוקציע איז דאָס ניט געווען פֿאַרווערט. מ'האָט פֿאַרווערט צו שרײַען און צו שטערן די אָרדענונג. און נאָך האָבן די דײַטשן צוגעהיט, אַז מענטשן זאָלן זיך ליגן אין גרוב צונויפֿגערוקטערהייט, אַנדערש וועט ניט קלעקן קיין אָרט, מען וועט מוזן גראָבן אַ נײַע גרוב, און דאָס וועט קאַליע מאַכן די דיאַגראַם פֿון דער אָפּעראַציע.

ניט אַלעמען האָט מען דערהרגעט מיט אַ מאָל, מענטשן האָבן זיך באַוועגט, געצאַפּלט זיך, געפּרווּט זיך אויפֿהייבן. און וואָס שטײַפֿער דער אייבערשטער שיכט האָט זיך געלייגט אויפֿן אונטערשטן, אַלץ ווייניקער האָבן זיך די מענטשן באַוועגט, געדרייט, זיך געצאַפּלט. און, ווי ס'איז געווען אָנגעוויזן אין דער אינסטרוקציע, זײַנען די ערשטע צוויי שיכטן דערשאָסן געוואָרן באַזונדער זאָרגעווּדיק, צוגעהרגעט מיט רעוואָלווערן און דערפֿאַר האָבן זיי שטײַף און שווער צוגעשטיקט די אונטערשטע".

איין שוואַלב קען קיין זומער ניט ברענגען. וואָלט אָט דער פֿאַל געבליבן פֿולשטענדיק איזאָלירט, וואָלט טאָקע געווען כּדאַי אים צו פֿאַררעגיסטרירן, אָבער קיין שום אויספֿירן וואָלט מען ניט געקענט מאַכן. אָבער אָט איז אין צוויי חדשים אַרום געווען אַ צווייטער פֿאַל, ניט פֿון אַזאַ מדרגה ווי דער ערשטער, אָבער דאָך ענלעך צו אים.

אין פֿעברואַר־נומער און אין מאַרץ־נומער פֿונעם זשורנאַל זוועזדאַ, 1965, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער ערשטער טייל פֿון מאַשע ראָלניקס טאָגבוך א"ב „איך מוז דערציילן". דער „טאָגבוך" אימיטירט בפֿירוש דעם טאָגבוך פֿון אַנאַ פֿראַנק, און צו אַנאַ פֿראַנקס טאָגבוך האָט מען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אַלע מאָל געהאַט אַ געוואָרנטע באַציִונג. אַנאַ פֿראַנקס טאָגבוך איז אַרויס (אויף האָלעניש) אין 1947, און אין קורצן, אין גרויסע טיראַזשן, אין דײַטשלאַנד, אין ענגלאַנד, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אין פֿראַנקרײַך; ביזן סוף פֿופֿציקער יאָרן איז ער אַרויס אויף 22 שפּראַכן אין צוואַנציק לענדער, אָבער ניט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.

ערשט אין 1960 האָט מען דעם טאָגבוך אַרויסגעגעבן אויף רוסיש אין מאָסקווע. אין אויסלאַנד האָט מען אין משך פֿון די יאָרן באַאַרבעט דעם טאָגבוך פֿאַר דער בינע און פֿאַרן עקראַן, און מען האָט מיט גרויס דערפֿאָלג געוויזן אין אַ סך לענדער. און ווידער, ניט אויף רוסיש, ניט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, ווו למען־האמת, דער לעטישער טעאַטער האָט דאָס אויפֿגעפֿירט אויף לעטיש אין 1963. פֿרילינג 1963 ווען ס'איז אויפֿן סמך פֿון קולטור־אויסבײַט געקומען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד דער באַוווסטער איטאַליענישער „טעאַטער פֿון די יונגע", האָט ער געקריגן די דערלויבעניש אויפֿצופֿירן דעם טאָגבוך צוויי מאָל, כאָטש אַלע אַנדערע פֿאָר־שטעלונגען האָבן די איטאַליענער געגעבן צו פֿינף מאָל.

מאַשע ראָלניקס „טאָגבוך" איז פֿאַרגעשטעלט ווי אַ טאָגבוך פֿון אַ ייִדיש מיידל אין ווילנע, וואָס אין ערשטן חודש פֿון דער סאָוועטיש־דײַטשער מלחמה, איז זי אַלט געוואָרן 14 יאָר. אין קורצן איז שוין געווען אין ווילנער געטאָ, דערנאָך אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. מיט נסים איז זי לעבן געבליבן, און אין דרײַ מיט אַ האַלבן יאָר אַרום, ווען די סאָוועטישע חיילות זײַנען אָנגעקומען, איז זי געוואָרן באַפֿרײַט. פֿאָרמאַל איז דאָס בוך גאָרניט קיין טאָגבוך, נאָר אַ זייער אומבאַהאָלפֿענע אימיטאַציע פֿון אַ טאָגבוך .ס'איז אַ בוך פֿון אַ דערוואַק־סענער פֿרוי וואָס באַשרײַבט אירע איבערלעבונגען פֿון מיט צוואַנציק יאָר צוריק (דאָס בוך איז אַרויס אויף ליטוויש אין ווילנע, אין פֿעברואַר 1964). אָבער די שרעקלעכע ווירקלעכקייט פֿון יענע יאָרן איז דאָ געוויזן רעאַליסטיש און אמתדיק. דאָס איז אָן אויטענטישע דערציילונג וועגן דעם גרויסן ייִדישן אומגליק. דאָס וואָס די דערציילונג האָט זיך באַוויזן אויף די זײַטן פֿון אַ סאָוועטישן זשורנאַל וואָס איז ברייט פֿאַרשפּרייט, האָט בײַ אַלע פֿאָרמאַלע חסרונות פֿון דער אַרבעט, אַ גרויסן געזעלשאַפֿטלעכן באַטײַט.

מען דאַרף נאָך צו דעם געדענקען אָט וואָס: די היטלערשע אַכזריות, ווי זי איז דאָ געוויזן, רופֿט אַרויס בײַם לייענער אַ נאַטירלעך געפֿיל פֿון אויפֿגעב־בראַכטקייט, אַ סך מענטשן לייענען דאָס מיט טיפֿן אַנגסט. אָבער דאָס רעאַליס־טישע באַשרײַבן די אַכזריות לגבי ייִדן ווערן שוין איצט דורכן גרעסטן טייל לייענערס ניט אויפֿגענומען ווי אַן אומגעוויינטלעכע זאַך.

דאָס זײַנען סימנים פֿון אַ קער צום בעסערן, וואָס באַרעכטיקט אַ געוויסע אָפּטימיסטישע אָפּשאַצונג פֿון דער משמעותדיקער אַנטוויקלונג אין די געזעל־שאַפֿטלעכע שטימונגען — אין אַ סך אַ קלענערער מאָס איז אַן אָפּטימיסטישע אָפּשאַצונג באַרעכטיקט לגבי דער נאָענטער אַנטוויקלונג אין דער פּאָליטיק פֿון „פּאַרטיי און דער רעגירונג". אין דער אָפֿיציעלער פּאָליטיק בלײַבן נאָך זייער שטאַרק די טיפֿע וואָרצלען פֿון דער אַנטיסעמיטישער טראַדיציע וואָס ס'האָבן איבערגעלאָזן די יאָרן פֿון סטאַלינס ממשלה. דאָס קומט צום אויסדרוק כּסדר — אָט אין דער פּאַסיווקייט לגבי די עקסטרעמע אַנטיסעמיטישע עקסצעסן, אָט אין דער אָפֿיציעל־פּאַוואָריזירטער — און דווקא אין דער דורך און דורך אַנטי־סעמיטישער פֿאָרעם — קאַמפּאַניע צום „קאַמף מיט יודאַיִזם", און אָט אינעם צוגעבן דעם קאַמף קעגן עקאָנאָמישע פֿאַרברעכנס אַ בולטן אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער, אָדער אין דער פֿולשטענדיק באַרבאַרישער באַציִונג — און ווידער

צוליב אַנטיסעמיטישע מאָטיוון — צו אַ גרויס ווערק פֿונעם הײַנטצײַטיקן מײַסטער פֿון דער סאָוועטישער מוזיקאַלישער שאַפֿונג.

דאָס איצטיקע סאָוועטישע לעבן איז פֿול מיט סתּירות, און אויפֿן לעבן פֿון די סאָוועטישע ייִדן רופֿט זיך דאָס ווייטאָגדיק אָפּ.

# הערות

[1] *New York Times,* Oct. 23, 1962.

[2] דער פֿולער טעקסט פֿון די בלעטלעך איז געבראַכט אינעם אַרטיקל: «Малаховка», «Социалистический Вестник», 1959.

[3] דער אינטערוויו פֿון דעם מיטאַרבעטער פֿון אונדזער וואָרט מיטן גענעראַל דראַגונאָוו איז אין אַ געקירצטער פֿאָרעם געווען אָפּגעדרוקט אין אונדזער וואָרט, דעצעמבער 7, 1959; אַ פּרטימ־דיקער ציטאַט פֿון דעם אינטערוויו איז, אין שײַכות מיט בלומעלס רעפּעראַט, געווען אָפּגעדרוקט אין אונדזער וואָרט, אָקטאָבער 25, 1960.

[4] אין דעם קאָמוניקאַט פֿון ניו יאָרק טײַמז איז גאָרניט געווען ניט וועגן אַ „פּאָגראָם”. און אין סאָציאַליסטיטשעסקי וועסטניק איז בפּירוש געווען געזאָגט: „איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו טרעפֿן מיט דעם אַמעריקאַנער וואָס האָט געבראַכט די ידיעה וועגן מאַלאַכאָווקע, און אויף מײַן דירעקטער פֿראַגע, פֿאַר וואָס האָבן זיך די מאַלאַכאָווקער ייִדן געשראָקן און צי זיי האָבן דערוואַרט אַ פּאָגראָם, האָט ער געענטפֿערט, אַז וועגן אַ געפֿאַר פֿון אַ פּאָגראָם האָט אים קיינער גאָרניט געזאָגט, און זי איז משמעות ניט געווען, אָבער ס'האָט זיך פֿאַר די ייִדן אין מאַלאַכאָווקע געשאַפֿן אַ שווערע אַטמאָספֿער. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז אויב די אונטערצינ־דונגען פֿון 4טן אָקטאָבער וועלן ניט אָנטרעפֿן אויף אַ קענטלעכער רעאַקציע מצד דער געזעל־שאַפֿט, — און אויף דעם קען מען זיך קנאַפּ וואָס ריכטן — וועלן זיי ווערן אַ סיגנאַל פֿאַר אַ ווײַטערדיקן ווּוקס פֿאַר דעם פֿאַרבאַהאַלטענעם זייער פּרימיטיוון און גראָבן אַנטיסעמיטיזם”.

מען דאַרף אָבער אויך ניט פֿאַרשווײַגן דעם פֿאַקט, אַז דעם מאַנעווער פֿון דער קאָמוניסטי־שער פּרעסע צו פֿאַרבײַטן די פֿראַגע וועגן וואַנדאַליזם אין מאַלאַכאָווקע, און וועגן דער פּאַסיווער באַציִונג פֿון די מאַכטאָרגאַנען צו דעם ענין, מיט דער פֿראַגע, צי ס'איז אין מאַלאַכאָווקע געווען אַ פּאָגראָם, האָבן פֿאַרגרינגערט די איבערטרײַבונגען אין דער ייִדישער ניט־קאָמוניסטישער פּרעסע. זי האָט תּיכּף נאָך דער פֿאָרזיכטיק־ און פּינקטלעך־פֿאָרמולירטער ידיעה אין ניו יאָרק טײַמז גענומען שרײַבן וועגן אַ „פּאָגראָם”.

[5] אַ פּרטימדיקער באַריכט פֿון בלומעלס רעפּעראַט איז געווען אין אונדזער וואָרט, אָקטאָבער 24, 25 און 26, 1960.

[6] *JEE,* vol. II, 3 (September 1963), pp. 33–44.

[7] איןביידע פֿאַלן האָט מען זיך וועגן די אונטערצינדונגען פֿון דאַוונשולן דערוווּסט אין אויסלאַנד צופֿעליק. וועגן מאַלאַכאָווקע האָט מען זיך אין ניו־יאָרק דערוווּסט פֿון אַן אַמעריקאַ־נער ייִדן וואָס איז גראָד דעם 4טן אָקטאָבער געווען אין מאָסקווע אויפֿן וועג קיין אַמעריקע. אין דער פֿרי (דעם ערשטן טאָג ראָש־השנה) איז ער אַוועק אין שול, און דאָרטן האָט ער זיך דערוווּסט, וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען אין מאַלאַכאָווקע. אַ טיפּישער עלטערער אַמעריקאַנער ייִד וואָס קען בלויז עטלעכע ווערטער אויף רוסיש, אָבער דערפֿאַר רעדט ער פֿרײַ ייִדיש, האָט ער באַשלאָסן צוצופֿאָרן אין מאַלאַכאָווקע; ער האָט גענומען אַ טאַקסי און אין אַ שעה איז ער שוין דאָרטן געווען. ער איז שוין געקומען נאָכן דאַווענען, אָבער לעבן דער שול האָבן זיך נאָך אַרומגעדרייט אויפֿגערעגטע און באַאומרויִקטע אָרטיקע ייִדן. פֿון זיי איז דאָס דער אַמעריקאַנער ייִד געוואָר געוואָרן די פּרטים פֿון דער געשעעניש. אין עטלעכע טעג אַרום איז ער שוין געווען אין ניו־יאָרק; די ידיעה אין ניו־יאָרק טײַמז, אָקטאָבער 13 איז דער עיקר געווען אַ באַריכט פֿון דעם וואָס דער אַמערקאַנער ייִד האָט דערציילט (זען פּרטים אין סאָציאַליסטי־טשעסקי וועסטניק; דער שרײַבער פֿון די שורות האָט נאָך דעם ווי די ידיעה האָט זיך באַוויזן אין ניו־יאָרק טײַמז, אַליין גערעדט מיט דעם ייִדן).

איִן צכאַקאַיאַ איז געווען אַנדערש. דאָ איז בעת דער שׂרפֿה אין דער דאַוונשול געווען אַ גרופּע אויסלענדישע טוריסטן, און איינער פֿון זיי האָט פֿאָטאָגראַפֿירט די שׂרפֿה מיט די ברענענדיקע ספֿר־תּורהס (דאָרט זײַנען געווען 13 ספֿר־תּורהס), ספֿרים א״אַנד. די פֿאָטאָגראַפֿיע איז געווען אָפּגעדרוקט אין ניו יאָרק העראַלד טריביון, יוני 24, 1962.

[8] אין דער אויסלענדישער פּרעסע האָט זיך באַוויזן אַ ידיעה, אַז יוני 1962 האָט אויפֿגעריסן אַ באָמבע לעבן דעם בנין פֿון דער דאַוונשול אין קוטאַיִסי און צוויי ניט־אויפֿגעריסענע באָמבעס האָט מען געפֿונען אין דעם בנין גופֿא. זען: *YTA Daily News Bulletin*, March 25, 1962.

[9] דאָס האָט דערציילט אין זײַן רעפֿעראַט אין פּאַריז (אָקטאָבער 1960) אַנדרע בליומעל וואָס האָט זיך ערשט געהאַט צוריקגעקערט פֿון מאָסקווע; זען: אונדזער וואָרט, אָקטאָבער 24, 1960.

[10] נאָך אין מאַרץ 1961 האָט דזשויש קאָרענטס, אין שײַכות מיטן בוינאַקסער ענין, געשריבן וועגן מאַכמודאָוון ווי וועגן „גענעראַלן [מסתּמא: ערשטן] סעקרעטאַר פֿון אָרטיקן קאָמיטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי, וואָס איז פֿאַרן פֿעלער פֿון אָפּדרוקן דעם אַרטיקל, אַראָפּגענומען געוואָרן פֿונעם אַמט און באַשטימט געוואָרן קאָרעספּאָנדענט אין אַ דאָרף („ראַבסעלקאָר“), דזשויש קאָרענטס פֿאַררופֿט זיך דערבײַ אויפֿן בוינאַקסער קאָמוניסט, סעפּטעמבער 23, אָבער דאָס איז אַ טעות: די ידיעה וועגן באַשטימען מאַכמודאָוון פֿאַר אַ קאָרעספּאָנדענט איז געווען אָפּגעדרוקט דעם 23סטן אויגוסט. מאַרץ 1961 זײַנען אין דזשויש קראָניקל (לאָנדאָן) געווען אָפּגעדרוקט צוויי בריוו צו דער רעדאַקציע וועגן דעם ענין בוינאַקס: פֿון דעם סעקרעטאַר פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿאַר בריטיש־סאָוועטישער פֿרײַנדשאַפֿט פּאַט סלאָון און דעם באַוווּסטן קאָרעספּאָנדענט פֿון די ייִדישע קאָמוניסטישע צײַטונגען אין מערבֿ, סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש. סלאָון (דזשויש קראָניקל, מאַרץ 10) האָט געשריבן, אַז מאַכמודאָווס אַרטיקל אין קאָמוניסט איז גאָר קיין אַרטיקל ניט, נאָר „אַ בריוו צו דער רעדאַקציע“ און אַז מאַכמודאָוו איז בכלל ניט קיין סעקרעטאַר פֿון פּאַרטייִשן קאָמיטעט, נאָר אַן אַלטער מאַן וואָס לעבט פֿון אַ פּענסיע. די ערשטע פֿעסטשטעלונג שטימט יעדן פֿאַלס ניט מיט דער ווירקלעכקייט: מאַכמודאָווס אַרטיקל איז געווען אָפּגעדרוקט אָן קיין שום באַמערקונגען, אַז דאָס איז „אַ בריוו צו דער רעדאַקציע“, און די „אויסבעסערונג“ אין דעם קאָמוניסט, אויגוסט 11, רעדט וועגן דעם בפֿירוש ווי וועגן אַן „אַרטיקל“. נאָך ערגער זעט דאָס אויס מיט ראַבינאָוויטשעס בריוו (דזשויש קראָניקל, מאַרץ 18, 1961). ער רעדט אויך וועגן מאַכמודאָוון ווי וועגן „אַן אַלטן מענטשן“ וואָס איז שוין אַריבער אויף פּענסיע; פֿריִער האָט ער געאַרבעט אין אַ קאָלכאָז, איצט אַרבעט ער אין ערגעץ ניט“. צו דעם האָט נאָך ראַבינאָוויטש אונטערגעשטראָכן, אַז קיין שום קאָמפּאַניע לטובֿת פֿאַרמאַכן די דאַוונשול איז אין בוינאַקס ניט געווען, וואָס דאָס זאָל כּלומרשט האָבן געהאַט אַ שײַכות מיט פֿאַרעפֿנטלעכן „מאַכמודאָווס בריוו“. אָבער ווי זשע זאָל מען פֿאַרשטיין דעם אַרטיקל אין קאָמוניסט, יולי 30, „צי דאַרף מען אין בוינאַקס אַ דאַוונשול“? און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מאָדנער אַלטער פּענסיאָנער און געוועזענער קאָלכאָזניק, וואָס איצט אַרבעט ער שוין אין ערגעץ ניט, אָבער צוויי וואָכן נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעדרוקט „אַ פּאָליטיש־שעדלעכן“ אַרטיקל, באַשטימט מען אים פּלוצלינג פֿאַר אַ שטענדיקן קאָרעספּאָנדענט פֿון אַ צײַטונג?

דער פּלאָנטער ווערט נאָך גרעסער פֿון דעם וואָס דער בוינאַקסער קאָמוניסט, סעפּטעמבער 8, 1960, האָט אָפּגעדרוקט אַזאַ קאָמוניקאַט (דעם פֿולן טעקסט פֿונעם קאָמוניקאַט זען אין *Jewish Currents*, March, 1961, p. 38):

„מיט עטלעכע טעג צוריק האָט די ביוראָ פֿון דעם געגנטלעכן קאָמיטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי באַהאַנדלט דעם אַרטיקל פֿון בוינאַקסער קאָמוניסט, אויגוסט 9, 1960, און האָט אים אָנגערעכנט פֿאַר אַ פּאָליטיש שעדלעכן. דעם רעדאַקטאָר פֿון דער צײַטונג, נאַסימאָוון, האָט מען באַזײַטיקט פֿון פּאָסטן פֿאַר אָפּדרוקן דעם אַרטיקל. די סעקרעטאַרן פֿון שטאָטישן קאָמיטעט, די חבֿרים אַקאַיעוו און סאַלאַוואַטאָוו, האָט מען געמאַכט אַן אויסרייד פֿאַר דער ניט־באַפֿרידיקנדיקער אָנפֿירונג מיט דער צײַטונג. די ביוראָ פֿונעם געגנטלעכן קאָמיטעט האָט גענומען צו קענטעניש די דערקלערונג פֿון דעם חבֿר אַקאַיעוו, אַז די אַרבעטערס פֿון דעם געגנטלעכן קאָמיטעט און פֿון דער רעדאַקציע פֿון דער

צײַטונג, וואָס האָבן צוגעגרייט דעם אַרטיקל צום דרוק, זײַנען צוגעצויגן געוואָרן צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט דורך די פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס". [ס'איז אַ וווּנדער, וואָס מאַכמודאָווס נאָמען ווערט דאָ בכלל ניט דערמאָנט.]

11 *Jews in Eastern Europe*, Vol. II, 2, May 1963, pp. 34–36.

12 *Jewish Currents*, March 1963, p. 36.

13 *Jewish Chronicle*, May 17, 1963.

14 *Ibid.*

15 מאָרגן־פֿרײַהייט, סעפּטעמבער 29, 1963: *Jewish Currents*, November 1963, p. 46.

15 מאָרגן־פֿרײַהייט, סעפּטעמבער 29, 1963:

16 דבר, נאָוועמבער 30, 1956.

אַ סך שפּעטער, אויגוסט 1959, איז דער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט יוסף שעכטמאַן, אַ רוסישער ייִד, געווען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ווי אַ טוריסט, און ער האָט זיך באַמיט דורכן קיִעווער „אינטוריסט", זיך צו דערשלאָגן צו באַבי יאַר. ווען ער האָט געבעטן זײַן גיד, ער זאָל אים פֿירן אין באַבי יאַר, איז צווישן אים און דעם צעשראָקענעם גיד פֿאָרגעקומען אַזאַ שמועס:

— באַבי יאַר? דאָס איז אוממעגלעך.

— פֿאַר וואָס?

— דאָס איז מחוץ די גרענעצן פֿון דער שטאָט.

— אָבער אין לענינגראַד האָט מען מיך געפֿירט אין פּעטערהאָף אַפֿילו, און דאָס איז געווען אַ סך ווײַטער.

— דאָס קען איך מיט אײַך ניט באַהאַנדלען, איך בין נאָר אַ גיד; ווענדט זיך צו דער פֿאַרוואַלטערין.

די פֿאַרוואַלטערין פֿון אינטוריסט, וואָס איז גרײַלעך גרייט אַנטקעגן צו קומען אַן אויסלענדישן גאַסט, איז פֿאַרשטיינערט געוואָרן, ווי נאָר זי האָט דערהערט די ווערטער „באַבי יאַר". מען האָט שעכטמאַנען קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט די דערלויבעניש צו פֿאָרן אין באַבי יאַר און אויף דעם לוקיאַנאָווער בית־עולם. ער האָט געפּרווּט אַליין, אָן דעם אינטוריסט, צו דינגען אַ טאַקסי. אָבער ווי נאָר דער שאָפֿער האָט דערהערט, וווּהין שעכטמאַן וויל פֿאָרן, האָט ער דערקלערט, אַז זײַן אַרבעטצײַט ענדיקט זיך און ער איז אין אײַלעניש אַוועקגעפֿאָרן; דער צווייטער שאָפֿער האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט צו פֿאָרן אין באַבי יאַר מיטן תּירוץ, אַז ער האָט ניט גענוג בענזין. אָבער שעכטמאַן האָט זיך אײַנגעעקשנט און ער איז פֿאָרט געווען אין באַבי יאַר. Joseph B. Schechtman, *Star in Eclise*: *Russian Jewry Revisited*, New York—London, 1961, pp. 98–100.

17 למען האמת: אין 1944 האָט איליאַ ערנבורג אָנגעשריבן אַ ליד „באַבי יאַר" און אַן ערך אין דער זעלבער צײַט האָט דער אוקראַיִנישער פּאָעט האָלאָוואַניווסקי אָנגעשריבן זײַן פּאָעמע „אַווראָם". אָבער וועגן די צוויי לידער האָט מען זיך דערוווּסט בלויז פֿון די וואָס האָבן זיי אַרונטערגעריסן: וועגן ערנבורגס ליד פֿון סטאַריקאָווס אַן אַרטיקל אין ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ, סעפּטעמבער 27, 1961 (מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו דעם אַרטיקל) וואָס איז געווען געווענדט קעגן יעווטושענקאָן; וועגן האָלאָוואַניווסקיס ליד, פֿון דעם אומגעווייינטלעך שאַרפֿן אַרטיקל קעגן אים פֿון דעם סעקרעטאַר פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון אוקראַיִנישן שרײַבער־פֿאַראיין דמיטערקאָ אין ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ, מאַרץ 9, 1949 (דער פּעריאָד פֿון שאַרפֿן קאַמף מיט „קאָסמאָפּאָליטיזם"). אָבער די לידער גופֿא האָב איך אין ערגעץ ניט געקענט געפֿינען.

17א אין די מאַטעריאַלן פֿון דעם גרויסן נירנבערגער פּראָצעס איז פֿאַראַן אַ גרויסע צאָל דאָקומענטן וועגן דער היטלערישער אַכזריות אין קיִעוו (קיין פּרטימדיקער געדרוקטער אינדעקס פֿון די נירנבערגער דאָקומענטן איז ניטאָ, אָבער ד"ר י. ראָבינסאָן האָט פֿרײַנדלעך געשטעלט אין מײַן רשות די רשימה דאָקומענטן וועגן קיִעוו). איך האָב זיך באַקענט מיט די דאָקומענטן, וואָס זייערע פֿאָטאָסטאַטן געפֿינען זיך אין דער קאָלאָמביע־ביבליאָטעק (כמעט אַ פֿולע קאָלעקציע). אין די דאָקומענטן איז פֿאַראַן וועגן דעם, אַז סוף סעפּטעמבער 1941 האָט מען אין באַבי יאַר דערהרגעט 33,771 ייִדן (באַריכט פֿון דער „אײַנזאַץ־גרופּע צע" פֿון 2טן אָקטאָבער 1941; אין דער קאָלעקציע נירנבערגער דאָקומענטן אונטער נומער 3137). אָבער וועגן קיין

שום אַנדערע שחיטות אין באַבי יאַר — אויף ייִדן אָדער ניט־ייִדן — און אויך ניט וועגן דעם, אַז מען זאָל אין באַבי יאַר האָבן באַגראָבן היטלערישע קרבנות וואָס זײַנען דערהרגעט געוואָרן אין אַן אַנדער אָרט, איז דאָ ניט דערמאָנט.

[17]ב וועגן דער פֿאַרזאַמלונג האָט צו וויסן געגעבן ש. ראַבינאָוויטש אין אַ קאָרעספּאָנדענץ צו דער מאָרגן־פֿרײַהייט, יאַנואַר 25 (אויף ייִדיש) און פֿעברואַר 6 (אויף ענגליש).

18 דער שרײַבער־פֿאַראיין פֿון רספּס״ר (זינט זײַן אויפֿקום אין 1958) און זײַן צײַטונג ליטעראַטורנאַיאַ זשיזן האָבן שוין ניט איין מאָל געפּרוווט אויף אַ פֿאָרזיכטיקן אופֿן צו געבן צו פֿאַרשטיין, אַז וואָס שייך אָפּגעהיטנקייט, שטײַגן זיי ווײַט אַריבער דעם שרײַבער־פֿאַראיין פֿון פּסס״ר און די ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ.

[19] יעווטושענקאָס אַנדערע פֿיר לידער זײַנען: „הומאָר״, „פּחדים״, „קאַריערע״ און „אין קראָם״. דאָס לעצטע ליד טראָגט אין דער סימפֿאָניע דעם נאָמען „פּרויען״. זען:
Boris Schwarz, "Soviet Music since the Second World War," *The Musical Quarterly*, January 1965, p. 244.
באָריס שוואַרץ, אַ מוזיקאָלאָג און אַ פּראָפֿעסאָר פֿון מוזיק אין קווינס־קאָלעדזש, איז ווינטער 1963/1962 געווען אין מאָסקווע אויפֿן סמך פֿון קולטור־אויסבײַט, און ער איז געווען אויף דער פּרעמיערע פֿון דער 13טער סימפֿאָניע דעם 18טן דעצעמבער. זען אויך זײַן אַרטיקל "Soviet Music since Stalin," *Saturday Review*, March 30, 1963.

[20] אין פּראַוודאַ, דעצעמבער 19, 1962 האָט זיך באַוויזן אַ קורצע נאָטיץ: „נעכטן האָבן די מאָסקווער אײַנוווינערס צום ערשטן מאָל געהערט שאָסטאַקאָוויטשעס דרײַצנטע סימפֿאָניע. מע האָט זי אויפֿגעפֿירט אין דעם גרויסן זאַל פֿון דער קאָנסערוואַטאָריע מיטן אָנטייל פֿון דעם אָרקעסטער פֿון דער מאָסקווער פֿילהאַרמאָניע (דיריגענט ק. קאָנדראַשין), פֿון דעם כאָר פֿון באַסן פֿון דער רוסישער כאָראַלער קאַפּעלע, און פֿון דעם סאָליסט וו. גראָמאַדסקי״. מער האָט שוין די פּראַוודאַ וועגן דעם קאָנצערט גאָרניט געשריבן. אין איזוועסטיאַ איז אַפֿילו דאָס אויך ניט געווען.

[21] *New York Times,* April 6, 1963.

[22] אָביעקטיוו אַ סך שאַרפֿער, און שוין אָן „די מוזיק פֿון דער 13טער סימפֿאָניע מוז לעבן״, אָבער פֿאָרמעל בכלל אָן קיין שום פּראַקטישע אויספֿירן, איז געווען די אָפּשאַצונג „די דרײַצנטע סימפֿאָניע״ אין סאָוועטסקאַיאַ מוזיקאַ.

„שאָסטאַקאָוויטשעס דרײַצנטע סימפֿאָניע איז אַ שטורעם־סימפֿאָניע, אַ סימפֿאָניע־פּאַמפֿלעט (קיין ענלעכע צו איר קען איך ניט) — דאָס אָריגינעלסטע ווערק אינעם סימפֿאָנישן זשאַנער . . . דאָרט שמײַסט מען די פֿעלערן און איבערבלײַבן, די ירושה פֿון דעם קולט פֿאַר דער פּערזענלעכקייט, פֿיליסטערישקייט, קאַריעריזם. די מוזיקאַלישע לייזונגען זײַנען מאַקסימאַל רעליעף. אויפֿן שוואַרצן פֿאָן פֿון פֿאַראורטיילונג (די מוזיק איז פֿול מיט טראַגיזם בכלל און אין אַ ריי עפּיזאָדן) בליצן אויף ברעכיקע ליניעס, צייכענונגען פֿון גראָטעסק, פֿון גיניאָל, פּאַראָדיעס; „פּחדים און שרעקענישן״ יאָגן נאָך מיט דערדריקנדיקער עקשנותדיקייט; ווי אַן אַלאַרם־גלאָק, אַ רוף, אַ גלאָקנקלאַנג בעת אַ לוויה איז דער גלאָק וואָס קלינגט אָן אויפֿהער אין דער גאַנצער סימפֿאָניע; ער האַלט זי צוזאַמען ווי מיט אַ רייף. לאַנג האָבן זיך בײַם מחבר געזאַמלט אָט די שטימונגען, כּדי אויפֿצורײַסן מיט אַזאַ גיהנומדיקן עפֿעקט. אויב מען זאָל דאָ רעדן וועגן ליכט, איז דאָס ווי אַ שוואַרצער בליץ; אויב וועגן פֿײַער, וואַרעמט עס ניט, נאָר ס׳פֿאַרברענט. קיין זון איז דאָ ניטאָ״ (ס. אַקסיוק „וואָס באַאומרויִקט אונדז הײַנט אויף אַן אמת״, סאָוועטסקאַיאַ מוזיקאַ, מײַ 1963, ז׳ 16).

[23] דער געוועזענער לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פֿון דעם ראַט פֿון אַמעריקאַניש־סאָוועטישער פֿרײַנדשאַפֿט לערואַ וואָלינס, וואָס איז ניט איין מאָל געווען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, האָט אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל אין *Jewish Currents* „שאָסטאַקאָוויטש און ׳באַבי יאַר׳״. אין דעם אַרטיקל ברענגט ער די ידיעה, אַז אין דער אַלפֿאַרבאַנדישער סטודיאָ פֿון גראַמאָפֿאָן־פּלאַטעס האָט מען קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז פֿון דער 13טער סימפֿאָניע וועט מען ניט מאַכן קיין שום פּלאַטעס:

אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט מען אין דעם מוזיקאַלישן פֿאַרלאַג געמאָלדן, אויך מיט קאַטעגאָרישקייט, אַז די פּאַרטיטור פֿון דער 13טער סימפֿאָניע איז שוין אויסרעדאַגירט צום זעצן. דער מחבר פֿון דעם אַרטיקל איז משער, אַז אָט די אַנדערשקייט פֿון דער אינפֿאָרמאַציע וואָס קומט פֿון צוויי אָרגאַנען, ביידע אונטער דער השגחה פֿון מיניסטעריום פֿאַר קולטור, זאָגט עדות וועגן וויכּוחים וואָס האָבן זיך נאָך צו יענער צײַט געפֿירט וועגן דעם גורל פֿון דער סימפֿאָניע (דזשוויש קאַרענטס, סעפּטעמבער 1964, ז׳ 21).

[24] ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז אין דעם אָקטאָבער־נומער פֿון סאָוועטסקאַיאַ מוזיקאַ, 1965, אין אַ נאָטיץ וועגן דעם נײַעם מוזיקאַלישן סעזאָן, איז געמאָלדן, אַז „נאָך אַ העכער 30־יאָריקן איבעררײַס וועט ווידער קלינגען די דריטע (׳ערשטמײַיִקע׳) סימפֿאָניע פֿון ד. שאָסטאַקאָוויטש״, אָבער אַפֿילו דאָ איז קיין וואָרט ניטאָ וועגן באַנײַען די אויפֿפֿירונג פֿון דער 13טער סימפֿאָניע. און שאָסטאַקאָוויטש איז דאָך אַפֿילו אַ מיטגליד פֿון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פֿון סאָוועטסקאַיאַ מוזיקאַ.

[25] *Jewish Currents*, May 1964, p. 10.

[26] זען וועגן דעם אין דעם אַרטיקל מיט מער פּרטים:
«Дрогнула система замалчивания гитлеровской политики истребления евреев», Сборник № 3, «Социалистический Вестник», апрель 1965, стр. 79-80.

קאַפּיטל צען

# פּסס״ר, מדינת־ישראל און די סאָוועטישע ייִדן

אַ סיסטעמאַטישער אַנאַליז פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער באַציִונג פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג צו דער פֿראַגע וועגן שאַפֿן אַ ייִדישע מלוכה אין פּאַלעסטינע, און אַ פּיל־ווייניק אויסשעפּיקער אַנאַליז פֿון די באַציִונגען צווישן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד און מדינת־ישׂראל נאָך דעם ווי די מלוכה איז שוין געווען געשאַפֿן, איז מחוץ די ראַמען פֿון אונדזער טעמע. אין דעם בוך איז אויף אַזאַ אַנאַליז ניטאָ געבוג אָרט. פֿון דער צווייטער זײַט, וואָלט דער אַנאַליז ניט געקענט באַגרענעצן זיך בלויז מיטן נאָכמלחמה־פּעריאָד, נאָר ער וואָלט זיך לכל־הדעות געדאַרפֿט אָנהייבן מיטן יאָר 1929, ווען די אַנטיבריטישע אַרויס־טרעטונגען פֿון די אַראַבער אין פּאַלעסטינע זײַנען געווען שאַרף געווענדט קעגן דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע פֿון פּאַלעסטינע. דעמאָלט איז פֿאַרן ראַטן־פֿאַרבאַנד געשטאַנען צום ערשטן מאָל די פֿראַגע וועגן איר באַציִונג צו דער אידעע ייִדישע מלוכה אין פּאַלעסטינע און צום ציוניזם, ניט ווי צו אַ באַשטימטער אידעיִשער ריכטונג אינעווייניק אין ייִדישן לעבן (מיט אָט דער ריכטונג האָט די קאָמפּאַרטיי שוין פֿון לאַנג געקעמפֿט מיט טראַדיציאָנעל־סאָוועטישע פּאָלי־צייִישע מעטאָדן), נאָר ווי צו אַ פּראָבלעם פֿון דער סאָוועטישער אויסנווייניקסטער פּאָליטיק. אין די ראַמען פֿון דער אַרבעט קען וועגן אַזאַ אַנאַליז קיין רייד ניט זײַן; מוז איך זיך דעריבער באַגרענעצן מיט אויפֿקלערן בלויז די וויכטיקסטע שטריכן פֿון דער אַנטוויקלונג אויף וויפֿל זיי העלפֿן פֿאַרשטיין: א) די ייִדישע פּאָליטיק פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג אין די נאָכמלחמה־יאָרן, און ב) די פּראָצעסן אין סאָוועטישן ייִדנטום, וואָס אָט די פּאָליטיק רופֿט אַרויס.

## די פּראָבלעם פּאַלעסטינע אין דער סיסטעם סאָוועטישע אויסנווייניקסטע פּאָליטיק

אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט איז ברייט פֿאַרשפּרייט די פֿאָר־שטעלונג, אַז אין דער פֿראַגע פֿון שאַפֿן אַ ייִדישע מלוכה אין פּאַלעסטינע, איז די סאָוועטישע פּאָליטיק אין תּוך געווען אַלע מאָל פּראָאַראַביש און אַנטי־ייִדיש. דאָס איז סײַ ריכטיק סײַ ניט־ריכטיק. די פּראָאַראַבישע און אַנטי־ייִדישע שטריכן פֿון אָט דער פּאָליטיק קומען שוין פֿון לאַנג — לכל־הפּחות זינט די דרײַסיקער יאָרן — בולט צום אויסדרוק. אָבער דער תּוך פֿון אָט דער פּאָליטיק

סײַ אין דעם פֿאַרמלחמהדיקן פּעריאָד סײַ אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה איז געווען איר אַנטיבריטישער כאַראַקטער. די פּראָאַראַבישע און אַנטי־ייִדישע שטריכן אירע זײַנען בלויז געווען דער פּראָדוקט פֿון איר אַנטיבריטישן תּוך. אָט דער לאַנג־דויערדיקער סעקונדערער כאַראַקטער פֿונעם פּראָאַראַביזם אין דער סאָוועטישער פּאַלעסטינישער פּאָליטיק די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה, וואָס אויפֿן ערשטן בליק, ווײַזט זי זיך אויס סתּירותדיק. אין די לעצטע יאָרן — באַזונדערס זינט דער צווייטער העלפֿט 1955 — האָט זיך די לאַגע שטאַרק געביטן און דער פּראָאַראַבישער כאַראַקטער פֿון דער סאָוועטישער פּאָלעסטיני־שער (און ברייטער — נאָענט־מיזרחדיקער) פּאָליטיק נעמט אָן וואָס ווײַטער אַ מער זעלבשטענדיקן באַטײַט. אָבער וועגן דעם וועט קומען צו רייד שפּעטער.

באַלד נאָך דער מלחמה האָט דער געדאַנק וועגן שאַפֿן אַ ייִדישע מלוכה אין פּאַלעסטינע, אָדער אין אַ טייל פֿון פּאַלעסטינע באַגעגנט מצד די סאָוועטישע קרײַזן אַ בפֿירוש נעגאַטיווע באַציִונג. דאָס איז שוין אין דער קאָמפּאַרטיי געוואָרן אַ פֿעסטע טראַדיציע; אויף דעם באָדן האָט זי אין צײַט פֿון דער מלחמה אַרויסגערוקט די ווילדסטע באַשולדיקונגען קעגן ייִדן, אַפֿילו די באַשולדיקונג אין סאָלידאַריטעט און מיטאַרבעט מיטן היטלעריזם.[1] אָבער אין 1947/1946, ווען די באַציִונגען צווישן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער בריטישער רעגירונג האָבן זיך פֿאַרשאַרפֿט, איז פֿרילינג 1947 פֿאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונגען אין דער סאָוועטישער פּאָליטיק לגבי פּאַלעסטינע.

פֿרילינג 1947, ווען די גענעראַלע אַסאַמבלעע פֿון דער יו־ען האָט באַהאַנדלט די צוקונפֿט פֿון פּאַלעסטינע, האָט דער פֿאָרשטייער פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד אַנדריי גראָמיקאָ אומגעריכט דערקלערט, אַז „מיט דער פֿראַגע פּאַלעסטינע און איר קומעדיקער אײַנאָרדענונג זײַנען פֿאַרבונדן די האָפֿענונגען פֿון אַ גרויסן טייל פֿון ייִדישן פֿאָלק״, אַז „מען מוז זאָרגן פֿאַר די באַלדיקע נויטן פֿון דעם פֿאָלק וואָס האָט אַזוי שווער געליטן צוליב דער מלחמה, וואָס דאָס היטלערשע דײַטש־לאַנד האָט פֿונאַנדערגעפֿלאַקערט״, און אַז „דאָס איז דער חובֿ פֿון דער יו־ען״. דערבײַ האָט גראָמיקאָ גערעדט וועגן „דער שטרעבונג פֿון ייִדן צו שאַפֿן אַן אייגענע מלוכה״, און ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז „ס׳וואָלט געווען ניט־יושרדיק ניט צו רעכענען זיך מיט דעם און צו פֿאַרלייקענען די רעכט פֿון ייִדישן פֿאָלק צו פֿאַרווירקלעכן אָט די שטרעבונג״. וואָס שייך דער צוקונפֿט פֿון פּאַלעס־טינע, האָט גראָמיקאָ אויסגעדריקט זײַן איבערצײַגונג, אַז ס׳איז אומבאַדינגט נייטיק צו נעמען אין אַכט דעם אָנספּקדיקן פֿאַקט, אַז „די באַפֿעלקערונג פֿון פּאַלעסטינע באַשטייט פֿון צוויי נאַציעס — אַראַבער און ייִדן, און יעדער איינע פֿון זיי האָט היסטאָרישע וואָרצלען אין פּאַלעסטינע״. דעריבער איז „אַ יושרדיקע לייזונג״ פֿון דער פּאַלעסטינער פּראָבלעם מעגלעך „בלויז בתּנאַי עס וועלן גענומען ווערן אין אַכט די געזעצלעכע אינטערעסן פֿון די ביידע נאַציעס״. צום בעסטן קענען אָט די אינטערעסן „ווערן באַשיצט אויף אַ געהעריקן אופֿן דורך גרינדן אַן אומאָפּהענגיקע צווייאייניקע אַראַביש־ייִדישע מלוכה״. ווידער אויב אַזאַ לייזונג פֿון דער פּראָבלעם איז ניט מעגלעך „צוליב די קאַליע־געוואָ־רענע באַציִונגען צווישן די ייִדן און די אַראַבער״, מוז מען „איבערקוקן״ די

פּראָבלעם „צעטיילונג פֿון פּאַלעסטינע אויף צוויי זעלבשטענדיקע אומאָפּהענגיקע מלוכות — אַ ייִדישע און אַן אַראַבישע״.[2]

דאָס זײַנען געווען נײַע ווערטער. אויף די סאָוועטישע ייִדן האָט גראָמיקאָס אַנטשלאָסענע אונטערשטיצונג פֿאַר דער „שטרעבונג צו גרינדן אַן אייגענע מלוכה״ אין פּאַלעסטינע, און די קאַטעגאָרישע אָנערקענונג פֿונעם רעכט פֿון ייִדישן פֿאָלק אויף דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון אָט דער „שטרעבונג״, און דער אַרגומענט וועגן „חוב פֿון דער יוען״ צו זאָרגן פֿאַר „די באַלדיקע נויטן פֿון דעם פֿאָלק וואָס האָט אַזוי שווער געליטן צוליב דער מלחמה וואָס דאָס היטלערשע דײַטשלאַנד האָט פֿונאַנדערגעפֿלאַקערט״, געמוזט מאַכן אַ שטאַרקן אײַנדרוק. מיר וועלן נאָך צו דעם זיך אומקערן.

די יו־ען האָט אײַנגעזען, אַז מען מוז צעטיילן פּאַלעסטינע אויף צוויי מלוכות, און דעם 14טן מײַ 1948 האָט די אומאָפּהענגיקע מדינת־ישׂראל פּראָקלאַמירט איר גרינדונג. אָבער די אַראַבער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו גרינדן אַן אומאָפּהענגיקע אַראַבישע מלוכה אין הסכם מיטן באַשלוס פֿון דער יו־ען, און זיי זײַנען אָנגעפֿאַלן אויף מדינת־ישׂראל דעם זעלבן טאָג, ווען ס׳איז פּראָקלאַמירט געוואָרן איר געבורט. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די ייִדיש־אַראַבישע מלחמה. די יו־ען האָט געפּרוווט אַרײַנמישן זיך אין דעם סיכסוך און דערשלאָגן זיך צו אַ וואָפֿן־שטילשטאַנד. דער ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט געשטיצט די איניציאַטיוו פֿון דער יו־ען און ער האָט אָן באַוואָרענישן פֿאַראורטיילט די אַראַבישע אַגרעסיע. ס׳איז כּדאַי צו ציטירן דעם שוין כּמעט פֿאַרגעסענעם רעדאַקציאָנעלן אַרטיקל אין פּראַוודאַ, מײַ 29, 1948, וואָס האָט נאָך הײַנט אַ ווערדע:

„די געשעענישן, ווי זיי האָבן זיך אַנטוויקלט אין פּאַלעסטינע, ציִען צו די געשפּאַנטע אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכקייט פֿון דער גאַנצער וועלט. די מלחמה־אָפּעראַציעס ווערן געפֿירט מיט אַלץ אַ גרעסערן אימפּעט. די שלאַכטן וואָס ווערן אויסגעקעמפֿט אויף די אָנצאָליקע פֿראָנטן נעמען אָן אַלץ מער אַ פֿאַרביסענעם כאַראַקטער.

די אַנטוויקלונג פֿון די געשעענישן אין פּאַלעסטינע איז אַלגעמיין באַקאַנט. דעם 14טן מײַ איז, אין שײַכות מיטן אויסגעגאַנגענעם טערמין פֿון דעם ענגלישן מאַנדאַט אויף פּאַלעסטינע, פּראָקלאַמירט געוואָרן די ייִדישע מדינת־ישׂראל. דער יסוד פֿאַר פּראָקלאַמירן אַ ייִדישע מלוכה איז געווען דער באַשלוס פֿון דער יו־ען צו צעטיילן פּאַלעסטינע אויף צוויי זעלבשטענדיקע אומאָפּהענגיקע מלוכות. אַזאַ לייזונג איז געווען אין די אינטערעסן סײַ פֿון דער ייִדישער סײַ פֿון דער אַראַבישער באַפֿעל־קערונג פֿון פּאַלעסטינע און האָט געשאַפֿן פֿאַרהנחות פֿאַר אַ פֿרידלעכער קאָעקסיסטענץ און צוזאַמענאַרבעט פֿון ייִדן און אַראַבער. אָבער דאָס פּראָקלאַמירן אַ ייִדישע מלוכה האָט אויף איר גורם געווען אַ באַוואָפֿנטן אָנפֿאַל מצד די אַראַבישע מלוכות — טראַנסיאָרדאַניע, מצרים, סאַוד־אַראַביע, איראַק, סיריע און לבֿנון, וואָס זייערע רעגירונגען האָבן געשיקט זייערע חיילות קעגן דער יונגער, פֿון־דאָס־נײַ־געשאַפֿענער ייִדי־שער מלוכה״.

דער אַרטיקל אין פּראַוודאַ שטעלט זיך נאָך אָפּ אויף די פּאָליטישע מאַנעוורעס

**אין דער יו־ען אַרום דער פּראַגע צעטיילונג פֿון פּאַלעסטינע און ער פֿאַראורטיילט שאַרף ענגלאַנד און די פֿאַראייניקטע שטאַטן, און ער פֿאַרענדיקט זיך אַזוי:**

„דער ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט באַשיצט און וועט באַשיצן די אומאָפּ־הענגיקייט פֿון די אַראַבישע מלוכות און פֿעלקער. ס׳דאַרף אָבער זײַן קלאָר, אַז דורך פֿירן אַ מלחמה קעגן דער יונגער ייִדישער מלוכה, קעמפֿן די אַראַבער לחלוטין ניט פֿאַר זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, ניט פֿאַר זייער אומאָפּהענגיקייט, נאָר קעגן די רעכט פֿון ייִדן צו שאַפֿן זייער אומאָפּהענגיקע מלוכה. טאַקע צוליב דעם שטערן די אַראַבישע מלוכות, מיט געווער אין האַנט, דער ייִדישער נאַציע אין פּאַלעסטינע צו פֿאַר־ווירקלעכן זייער גנזעצלעך רעכט אויף גרינדן אַ ייִדישע אומאָפּהענגיקע מלוכה.

ביי דער פֿולער סימפּאַטיע צו דער נאַציאָנאַל־באַפֿרײַערישער באַ־וועגונג פֿון די אַראַבישע פֿעלקער, קען ניט די סאָוועטישע געזעלשאַפֿט־לעכקייט ניט פֿאַראורטיילן די אַגרעסיע פֿון די אַראַבישע מלוכות, וואָס איז געווענדט קעגן מדינת־ישׂראל און קעגן די רעכט פֿון דער ייִדישער נאַציע צו שאַפֿן איר אייגענע מלוכה אין הסכּם מיטן באַשלוס פֿון דער גענעראַלער אַסאַמבלעע פֿון דער יו־ען".

**האַרבסט 1948 איז אין מאָסקווע אַרויס אַ בראָשור** די פּאַלעסטינער פּראָבלעם, **ווו דער געדאַנק וועגן דער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון די אַראַבער פֿאַר דער אַגרעסיע קעגן מדינת־ישׂראל איז געווען אויסגעדריקט נאָך שאַרפֿער:**[3]

„די ייִדן האָבן אָנגענומען דעם פּלאַן פֿון צעטיילן פּאַלעסטינע אין הסכּם מיטן באַשלוס פֿון דער יו־ען. אָבער די מערהייט אַראַבישע פֿאַר־טייער וואָס זײַנען פֿאַרטראָטן אין דעם העכסטן אַראַבישן קאָמיטעט האָבן אָפּגעוואָרפֿן דעם באַשלוס.

נאָך איידער די יו־ען האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע וועגן דער פּאַלעסטינער פּראַגע האָט דער העכסטער אַראַבישער קאָמיטעט אָפּגע־דרוקט אַ דערקלערונג, ווו ער וואַרפֿט קאַטעגאָריש אָפּ דעם פּלאַן צו גרינדן אַ ייִדישע מלוכה. אין דעם דאָקומענט איז געווען געזאָגט: ׳די אַראַבער וועלן קיין מאָל ניט דערלאָזן די גרינדונג פֿון אַ ייִדישער מלוכה אַפֿילו ניט אויף איין שפּאַן פּאַלעסטינער ערד... קיין איין ייִדן וועט מען ניט דערלויבן צו אימיגרירן אין פּאַלעסטינע׳. אין דער זעלבער דערקלערונג האָט דער העכסטער אַראַבישער קאָמיטעט, פֿאַררופֿנדיק זיך אויף די כּלומרשט אויסשליסלעכע רעכט פֿון די אַראַבער אויף פּאַלעסטי־נע, געפּרוּווט שאַנטאַזשירן די עפֿנטלעכע מיינונג, דראָענדיק מיט אַ בלוט־פֿאַרגיסונג וואָס וועט כּלומרשט פֿירן צו אַ דריטער וועלט־מלחמה.

אַן ענלעכע דעקלאַראַציע האָט בײַם באַהאַנדלען די פּראַגע אין דער יו־ען, אָפּגעגעבן דער וויצע־פֿאָרזיצער פֿון העכסטן אַראַבישן קאָמיטעט דזשעמאַל הוסיין; ער האָט דראָענדיק דערקלערט אויף איינער פֿון די זיצונגען: ׳אין פֿאַל ווען פּאַלעסטינע וועט צעטיילט ווערן אויף צוויי מלוכות, וועט די צעטייל־ליניע זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ ליניע פֿון פֿײַער און בלוט׳".

מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון **די ישׂראליש־אַראַבישע באַציִונגען. דאָ אינטערעסירט אונדז די סאָוועטישע פּאָליטיק לגבי מדינת־ישׂראל. די ערשטע צוויי יאָר נאָכן אויפֿקום פֿון מדינת־**

ישׂראל איז די סאָוועטישע פּאָליטיק לגבי איר געווען אין סך־הכּל אַ גינציקע. נאָך דעם האָבן זיך די סאָוועטיש־ישׂראַלישע באַציִונגען גענומען אָפּקילן, און האַרבסט 1952 האָבן זיי אָנגענומען אַ דראַענדיקן כאַראַקטער. ס׳האָט זיך אָנגע־הויבן דער סלאַנסקי־פּראָצעס אין טשעכאָסלאָוואַקײַ און פֿון קבֿר זײַנען אויפֿגע־שטאַנען די „זקני־ציון״, דאָס מאָל מיט בן־גוריונען און משה שרתן אין דער שפּיץ. דער „ענין דאָקטוירים״ האָט דאָס געזאָלט זײַן דער הויכפּונקט פֿון אַט דער אַנטוויקלונג, נאָר סטאַלינס טויט האָט דאָס אָפּגעשטעלט; אָפּגעשטעלט, אָבער ניט איבערגעריסן. דעם 29סטן מאַרץ 1954 האָט דער ראַטן־פֿאַרבאַנד געלייגט אַ וועטאָ אויפֿן באַשלוס פֿונעם זיכערקייט־ראָט וואָס האָט געפֿאָדערט, אַז דער סועץ־קאַנאַל (וואָס צוליבן ברעכן דעם ישׂראל־מצרישן וואָפֿן־שטיל־שטאַנד אין 1949, איז ער געווען פֿאַרמאַכט פֿאַר די שיפֿן וואָס שווימען פֿון און צו מדינת־ישׂראל) זאָל אויך דאָס נײַ געעפֿנט ווערן פֿאַר מדינת־ישׂראל.[4] סוף 1955, אין אַ רעדע אינעם העכסטן ראָט פֿון פּסס״ר (נאָך בולגאַנינס באַריכט וועגן זײַן און כרושטשאָווס נסיעה אין אינדיע, בורמאַ און אַפֿגאַניסטאַן), האָט כרוש־טשאָוו פֿאַרנומען אַ דיאַמעטראַל־היפּוכדיקע פּאָזיציע ווי די, וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט פֿאַרנומען אין 1948. כרושטשאָוו האָט דאָ געזאָגט:

„מיר פֿאַרשטייען די שטרעבונגען פֿון די פֿעלקער פֿון די אַראַבישע לענדער, וואָס קעמפֿן פֿאַר דער פֿולער באַפֿרײַונג פֿון אויסלענדישער אָפּהענגיקייט. אָבער אין דער זעלבער צײַט פֿאַרדינען אַ פֿאַראורטייל די אַקטן פֿון מדינת־ישׂראל וואָס האָט זינט די ערשטע טעג פֿון איר עקסיס־טענץ גענומען באַדראָען אירע שכנים און פֿירן לגבי זיי אַן אומפֿרײַנד־לעכע פּאָליטיק.

ס׳איז קלאָר, אַז אַזאַ פּאָליטיק ליגט ניט אין די אינטערעסן פֿון מדינת־ישׂראל, אַז הינטער די פּלייצעס פֿון יענע וואָס פֿאַרווירקלעכן אַט די פּאָליטיק, שטיצן די אַל באַוווּסטע אימפּעריאַליסטישע מאַכטן. זיי שטרעבן אויסצונוצן מדינת־ישׂראל ווי אַ כּלי־זיין קעגן די אַראַבישע פֿעלקער און האָבן אין זינען די רויבערישע עקספּלאָאַטאַציע פֿון די נאַטור־אוצרות אין דעם ראַיאָן״.

פֿון דעם ביז דירעקט שטיצן די אַראַבישע לענדער און זייערע אַנטי־ישׂראַלישע פּלענער איז געווען בלויז איין טריט, וואָס מען האָט טאַקע אין קורצן געמאַכט. יוני 1956 איז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד געקומען אַ דעלעגאַציע פֿון תּימן מיטן קרוינפּרינץ, און פֿאַרטרעטער פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער סעלף־אול־איסלאַם מחמד על־באדר בראש. דער אַראַבישער זשורנאַליסט וואָס האָט באַ־גלייט די דעלעגאַציע האָט געקריגן אַן אינטערוויו מיט כרושטשאָוון. דער אינטערוויו איז געווען אָפּגעדרוקט דעם 1טן יולי אין דער השפּעהדיקער קאַיִרער אַל־אַכראַם אַ קורצע נאָטיץ וועגן דעם אינטערוויו האָט זיך אויך צו מאַרגנס באַ־וויזן אין ניו־יאָרקער טײַמז. אָבער דער אינטערוויו האָט ניט צוגעצויגן אַזאַ אויפֿ־מערקזאַמקייט ווי ער האָט פֿאַרדינט. אין דער סאָוועטישער פּרעסע — דאָס איז אַ סיסטעם — איז וועגן דעם בכלל ניט געוואָרן געמאָלדן, אָבער ס׳איז פֿאַרשטייט זיך אויך ניט געווען קיין אָפּלייקענונג. אין דעם אינטערוויו האָט כרושטשאָוו פֿולשטענדיק אונטערגעהאַלטן דעם אַראַבישן טעזיס, אַז די עקסיסטענץ פֿון

מדינת־ישׂראל איז אַ פּועל־יוצא פֿון אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק און אַז די פּאָליטיק פֿון מדינת־ישׂראל איז אַ פּראָדוקט פֿון אַגרעסיע. אָבער כרושטשאָוו האָט געעצהט די אַראַבער, אַז זיי זאָלן צוליב טאַקטישע טעמים בלײַבן לעת־עתּה כּלפּי־חוץ רויִק און ניט געבן קיין גרונט, מען זאָל זיי באַשולדיקן אין אַגרעסיווע כּוונות.

די מלחמה פֿון מדינת־ישׂראל מיט מצרים, וואָס איז אויסגעבראָכן אָקטאָבער 1956, האָט שטאַרק פֿאַרערגערט די לאַגע. די אָפֿענסיווע פֿון מדינת־ישׂראל קעגן מצרים האָט נאָך אפֿשר געקענט ווערן פֿאַרענטפֿערט מיט דער נויטווענדיקייט צו באַוואָרענען זיך קעגן אַ טויטקלאַפּ, וואָס מצרים און אירע פֿאַרבינדעטע האָבן אָפֿן געגרייט קעגן מדינת־ישׂראל. אָבער דער אומגליקלעכער צונויפֿבונד פֿון דער אָפֿענסיווע מיט די פֿראַנצייזישע און ענגלישע מיליטערישע אָפּעראַציעס וואָס האָבן געהאַט גאָר אַנדערע צילן, האָט געגעבן דער סאָוועטישער רעגירונג אַ געלעגנהייט צו פֿאַרנעמען אַן אומגעווײנטלעכע דעצידירטע שטעלונג קעגן מדינת־ישׂראל. באַלד נאָך דעם ווי ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה אויפֿן האַלב־אינדזל סיני און אַרום דעם סיני־קאַנאַל האָט בולגאַנין אַרויסגעשיקט נאָטעס צו אידענען, צו גי־מאָלען און צו בן־גוריונען. אַלע דרײַ נאָטעס זײַנען געווען שאַרפֿע, אָבער די נאָטע צו בן־גוריונען איז געווען באַזונדער שאַרף און זי האָט אײַנגע־שלאָסן אַ דירעקטע דראָונג: „די רעגירונג פֿון מדינת־ישׂראל שפּילט אויף אַ פֿאַרברעכערישן און אומפֿאַראַנטוואָרטלעכן אופֿן מיטן גורל פֿון דער וועלט, מיטן גורל פֿון איר פֿאָלק. זי זייט אַזאַ האַס צו מדינת־ישׂראל צווישן די פֿעלקער אין מיזרח, וואָס קען ניט זיך אָפּרופֿן אויף דער צוקונפֿט פֿון מדינת־ישׂראל און וואָס שטעלט אונטער אַ פֿראַגעצייכן די מלוכישע עקסיסטענץ גופֿא פֿון מדינת־ישׂראל״.[6]

אין זײַן ענטפֿער צו בולגאַנינען האָט בן־גוריון זיך פֿאַררופֿן אויף די גוט־באַוווסטע פֿאַקטן וואָס האָבן געבראַכט צו דעם, אַז דאָס מיליטער פֿון מדינת־ישׂראל האָט פֿאַרנומען דעם האַלבאינדזל סיני און דעם עזה־ראַיאָן. בײַם באַשרײַבן די סיטואַציע וואָס האָט געצוווּנגען די רעגירונג פֿון מדינת־ישׂראל אָנצונעמען דעם באַשלוס וועגן אָנהייבן אַ באַוואָפֿנטע אַקציע, האָט בן־גוריון ציטירט אַ געהיימען באַפֿעל פֿונעם קאָמענדאַנט פֿון דער דריטער מצרישער דיוויזיע אין סיני, גענעראַל־מאַיאָר אַכמעד סאַלעם, פֿון 15טן פֿעברואַר 1956, ווו ס׳ווערט פֿאַראָרדנט: „יעדער קאָמאַנדיר איז מחויבֿ צוצוגרייטן זיך און זײַנע אונטערגעאָרדנטע צו דער אומפֿאַרמײַדלעכער קאַמפּאַנייע מיט מדינת־ישׂראל מיטן צוועק צו דערפֿילן אונדזער העכסטן ציל, נעמלעך: צו פֿאַרטיליקן מדינת־ישׂראל און זי אויסראָטן אין דער סאַמע קירצסטער צײַט אין סאַמע פֿאַרביסנסטע און שווערסטע שלאַכטן״.[7] בולגאַנין האָט איגנאָרירט די פֿאַקטן און האָט איבער־געחזרט זײַנע דראָונגען פֿון דער נאָטע פֿון 15טן נאָוועמבער. די סאָוועטישע פּרעסע האָט גאָר פּשוט אָנגעהויבן פֿאָרויסזאָגן דעם סוף פֿון מדינת־ישׂראל צוליב „זעלבסטמאָרד״. אין דעם פּרט איז כאַראַקטעריסטיש אַן אַרטיקל אין איזוועסטיאַ, אָקטאָבער 29, וואָס טראָגט טאַקע דאָס קעפּל „דער וועג צו זעלבסט־

מאָרד״: „אַרויסטרעטנדיק ווי לאַקייען פֿון אימפּעריאַליזם, אויספֿירנדיק אַ פֿרעמדן ווילן, דעם ווילן פֿון די קאָלאָניזאַטאָרן, שטויסן די אָנפֿירנדיקע קרײַזן פֿון מדינת־ישׂראל דאָס לאַנד אויפֿן וועג פֿון זעלבסטמאָרד. מען מוז דאָס זאָגן אין גאַנצן אָפֿן, אַז דורך פּראָוואָצירן די אַראַבישע פֿעלקער און אַלע פֿעלקער פֿון מיזרח, וואָס פֿירן אַ קאַמף קעגן קאָלאָניאַליזם, גראָבט מדינת־ישׂראל פֿאַר זיך אַ קבֿר״. אין רעזולטאַט „פֿון די לעצטע געשעענישן״, זאָגט זיך צום סוף פֿון דעם אַרטיקל, „שטייט אין קאָן די עקסיסטענץ פֿון מדינת־ישׂראל ווי אַ מלוכה״.

אין דעם זעלבן פּעריאָד — וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1955, אָבער ער געדויערט נאָך ביז הײַנט, — האָט זיך ספּעציעל בולט אַרויסגעוויזן די שטרעבונג פֿון די אָנפֿירערס מיט דער סאָוועטישער פּאָליטיק צו פֿאַרזיכערן פֿאַרן ראַטן־פֿאַרבאַנד אַ פֿעסטן אָנשפּאַר אין נאָענטן מיזרח מיט דער הילף פֿון אַ דערנענטערונג און פֿון ענגער צוזאַמענאַרבעט מיטן אַראַבישן נאַציאָנאַליזם און פֿון אַן ענערגישער אונטערשטיצונג פֿאַר זײַן מיליטאַנטישער אַנטי־ישׂראלישער אײַנשטעלונג. אַ שטוינענדיקער באַווײַז פֿון אָט דער נײַער פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די אַנטי־ישׂראלישע שטימונגען אין די אָפֿיציעלע סאָוועטישע קרײַזן איז ק. איוואַנאָווס און ז. שייניסעס בוך מדינת ישׂראל, איר מצבֿ און איר פּאָליטיק, וואָס איז אַרויס אין מאָסקווע סוף אָקטאָבער 1958. אין דעם בוך ווערט געמאַכט אַ פּרוּוו צו פּאָפּולאַריזירן דעם געדאַנק, אַז מדינת־ישׂראל איז ניט קיין אומאָפּהענגיקע מלוכה, נאָר אַ כּלי־זיין פֿון דער אַמעריקאַנער אַגרעסיווער פּאָליטיק, אַז די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן ווערן אין מדינת־ישׂראל שטאַרק עקספּלאָאַטירט דורך אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן, אַז די רעגירונג פֿון מדינת־ישׂראל פֿירט אַ פּאָליטיק פֿון גראָבער דיסקרימינאַציע ניט נאָר לגבי די אַראַבער, נאָר אויך לגבי די ייִדן פֿון די אַזיאַטישע און אַפֿריקאַנישע לענדער. בײַם פֿאַרסכּהכּלען שרײַבן די מחברים: „זיך רעכענענדיק מיט אינטערעסן וואָס זײַנען פֿרעמד די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן זיי [ד״ה „די רעאַקציאָנערע ציוניסטן״ מיט דער מפּא״י בראָש] ניט געפֿירט דאָס לאַנד אויפֿן וועג פֿון נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט, נאָר זיי האָבן עס אָנגעבונדן אין דעם שויך פֿאַרמישפּטן וואָגן פֿון דער אימפּעריאַליסטישער, קאָלאָניזאַטאָרישער וועלט״.[8] דער אָפּזאָג פֿון דעם מיליטאַנטישן אַראַבישן נאַציאָנאַליזם שלום צו מאַכן מיט דער עקסיסטענץ פֿון מדינת־ישׂראל ווערט אַזוי אַרום אַ נויטווענדיקער עלעמענט אין דעם אַראַבישן קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער באַפֿרײַונג.

פּונקט אַזעלכע אַרגומענטן, אפֿשר ניט אין אַזאַ מגושמדיקער פֿאָרעם, האָט געבראַכט די סאָוועטישע פּרעסע. וואָס איז נײַ און איז ציטירט בלויז אין דעם בוך, איז דאָס אַרויסקומען אין דער עפֿנטלעכקייט מיט אַ שטוינענדיקן „דאָקומענט״ וואָס דערמאָנט שטאַרק „די פּראָטאָקאָלן פֿון די זקני ציון״, די באַרימטע פֿאַלסיפֿיקאַציע וואָס איז פֿאַבריצירט געוואָרן אָנהייב 20סטן י״ה אין די אינגעווייד פֿון דער צאַרישער אָכראַנקע. אין משך פֿון צענדליגער יאָרן האָבן די „פּראָטאָקאָלן״ געדינט דעם עקסטרעמען אַנטיסעמיטיזם ווי די פֿאַרסמטע קויל. דער איצטיקער „דאָקומענט״ דאַרף באַווײַזן די אימאַנענטע אַגרעסיווקייט פֿון

מדינת־ישׂראל; אַז די אָנפֿירנדיקע ישׂראלישע קרײַזן באַאַרבעטן טאַקע ווײַט־גייִיקע פּלענער פֿון אַנטיאַראַבישער אַגרעסיע, און דאָס דאַרף פֿאַרשטייט זיך באַרעכטיקן די פּלענער פֿון אַנטי־ישׂראלישער אַגרעסיע וואָס דער אַראַבישער מיליטאַנטישער נאַציאָנאַליזם האָדעוועט. אײַנשליסן אָט דעם „דאָקומענט״ אין אַרסענאַל פֿון דער סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע באַטײַט אַ נײַע און דראָענדיקע פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די סאָוועטיש־ישׂראלישע באַציִונגען און אַ שווײַגיקע הסכּמה מצד דער סאָוועטישער רעגירונג פֿאַרן אַראַבישן פּלאַן אומצוברענגען מדינת־ישׂראל.

וואָס זשע דערציילט אָט דער „דאָקומענט״? נאָוועמבער 1957 האָט דער רעדאַקטאָר פֿון דעם בענגאַלישן וואָכנבלאַט בליץ, קאַראַנדזשי, פֿאַרעפֿנטלעכט אַ בוך מיט כּלומרשט געהיימע דאָקומענטן פֿון ישׂראלישן גענעראַל־שטאַב. צווישן די דאָקומענטן — אַ „סטראַטעגישער פּלאַן פֿון דער ישׂראלישער אַרמיי פֿאַר 1956—1957״. דער פּלאַן זעט פֿאָרויס אַ „פּרעווענטיווע מלחמה״ וואָס דאַרף זיך אָנהייבן אונטערן אויסריד פֿון קעגנשטעלן זיך דער אַראַבישער אַגרעסיע („אָננעמענדיק דעם באַשלוס אָנצוהייבן די פּרעווענטיווע מלחמה, מוזן מיר צוליב פּאָליטישע טעמים אַרויסרופֿן אַ באַוואָפֿנטן קאָנפֿליקט, כּדי צו באַווײַזן, אַז אָט די מלחמה איז ניט קיין אַקט פֿון אַגרעסיע פֿון אונדזער זײַט״).[9] די אויפֿגאַבע פֿון דער מלחמה איז צו צעקלאַפּן די אַראַבישע נאַציעס, אײַנקאָרפּאָרירן אין מדינת־ישׂראל דעם האַלבאינדזל סיני און דעם סועץ־קאַנאַל („דער סועץ־קאַנאַל וועט אונדז אַרײַנברענגען פֿון 10 ביז 20 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר״), גאַנץ ירדן, טיילן פֿון לבֿנון און סיריע, דעם צפֿונדיקן טייל פֿון דעם אַראַבישן האַלבאינדזל און די אינדזלען אין דער לעפֿצונג פֿון דעם אַקאַבישן אײַנגוס; און צושנײַדן פֿון די אַראַבישע לענדער נײַע מלוכות — פֿון די דרוזן, פֿון די שיִיטן, פֿון די מאַראָניטן, פֿון די אַלאַווי, פֿון די קורדן, און פֿון די קאָפּטן. „בײַ די אַראַבער בלײַבן די ווײַטערדיקע טעריטאָריעס; דמשק, דרום־איראַק, מצרים, צענטראַל־ און דרום־סאַודי־אַראַביע. ס׳איז געוווּנטשן צו שאַפֿן ברייטע ניט־אַראַבישע קאָרידאָרן דורך אָט די אַראַבישע טעריטאָריעס״.[11]

אָבער דאָס איז נאָך ניט דער סוף. אין דעם דעצעמבער־נומער פֿון דעם זשורנאַל אינטערנאַציאָנאַלנאַיאַ זשיזן פֿון יאָר 1958 איז געווען אַ רעצענזיע אויפֿן בוך פֿון ק. איוואַנאָוו און שייניסן. אָפּשפּיגלענדיק די אָפּיציעלע שטימונגען, לויבט דער מחבר פֿון דער רעצענזיע (פּ. מילאָוו) די מחברים פֿון דעם בוך פֿאַרן פֿאַרעפֿנטלעכן דעם „דאָקומענט״ און ער שטימט אײַן מיט זייער אַלגעמיינער קאָנצעפּציע, אָבער ער האָט צו זיי טענות, וואָס זיי האָבן ניט געלייגט גענוג אַכט אויף די פּראָאַראַבישע אַרגומענטן. די מחברים פֿון דעם בוך, שרײַבט דער קריטיקער, „האָבן ניט גענוג געוויזן די באַוועגונג פֿון די פּאַלעסטינישע אַראַבער פֿאַר נאַציאָנאַלער באַפֿרײַונג און קעגן אימפּעריאַליזם״, און זיי האָבן ניט באַוויזן גענוג אויפֿצוקלערן די ראָלע פֿון די „ציוניסטן״ ווי „אַ כּלי־זיין פֿון קאָלאָניזאַטאָרן אין זייער קאַמף קעגן דער נאַציאָנאַלער באַפֿרײַונג פֿון די אַראַבער״. דער קריטיקער וואַרפֿט נאָך פֿאָר איוואַנאָוו און שייניסן, אַז זיי האָבן זיך אין גאַנצן ניט אָפּגעשטעלט אויף דער גרינדונג פֿון די „ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס״

אין פּאַלעסטינע „אַ סך פריִער איידער ס'איז אויפגעקומען מדינת־ישׂראל" „די אונטערערדישע ייִדישע אַרמיי הגנה פון העכער 60,000 מענטשן". הייסט דאָס, אַפילו די גרינדונג פון דער הגנה, וואָס האָט אין 1948 בפירוש געראַטעוועט די נײַגעבוירענע ייִדישע מלוכה פון אומברענג און איר ייִדישע באַפעלקערונג פון טאָטאַלער פיזישער אויסראָטונג, ווערט איצט באַטראַכט פאַר אַ פאַרברעכן קעגן דער מענטשהייט. איוואַנאָוו און שייניס האָבן זיך ניט דעצידירט צו גיין אַזוי ווײַט און זיי האָבן פשוט פאַרשוויגן די הגנה. אינטערנאַציאָנאַלנאַיאַ זשיזן האַלט דאָס פאַר אַן אומפאַרגעבלעכן פעלער.

זינט דעם סוף פופציקער יאָרן באַווײַזן זיך פון צײַט צו צײַט ריסן אין די קעגנזײַטיקע באַציִונגען צווישן ראַטן־פאַרבאַנד און די אַראַבישע לענדער.[12] אָבער פון דער סאָוועטישער זײַט ווערט געטאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך כּדי אויפצוהיטן די פרײַנדלעכע באַציִונגען מיט די אַראַבער. אויף דער באַציִונג פון ראַטן־פאַרבאַנד צו מדינת־ישׂראל, האָט די צײַטווײַליקע און עניגמאַטישע געשפּאַנטקייט פון די סאָוועטיש־אַראַבישע באַציִונגען, לעת־עתּה קיין שום ווירקונג ניט געהאַט. אין דער ייִדישער סבֿיבֿה איז פאַרשטייט זיך פאַראַן די מורא, אַז צוליב דער נײַער פאַרשטאַרקטער אַגרעסיווקייט פון דער פאַראייניקטער אַראַבישער רעפּובליק, וועט דער ראַטן־פאַרבאַנד זיך באַמיִען צו פאַרבעסערן זײַנע באַציִונגען מיט די אַראַבישע לענדער אויפן חשבון פון מדינת־ישׂראל.

די לעצטע יאָרן האָט זיך די מורא געשטאַרקט צוליב דעם וואָס דער פונאַנדערגעוויגטער „קאַמף מיטן יודאַיִזם", (וואָס מיר האָבן שוין וועגן אים גערעדט אין זיבעטן קאַפּיטל), האָט אָנגענומען אַ זייער בולטן אַנטי־ציוניסטישן און אַנטי־ישׂראלישן כאַראַקטער. אַ זייער בולטער בײַשפּיל פון אָט דער אַנטירעליגיעזער און אייגנצײַטיק אַנטי־ישׂראלישער און אָפן־אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע איז טראָפים קיטשקאָס בוך יודאַיִזם אָן באַפּוצונגען וואָס איז שוין פריִער געוועזן דערמאָנט. די אַנטי־ישׂראלישע אַספּעקטן פונעם „קאַמף מיטן יודאַיִזם" זײַנען ספּעציעל פּרטימדיק באַאַרבעט אין פ. מאַיאַצקיס בוך דער הײַנצײַטיקער יודאַיִזם און דער ציוניזם, קעשענעוו, 1964.

גאָר לעצטנס איז די אַנטי־ישׂראלישע אײַנשטעלונג ספּעציעל בולט געקומען צום אויסדרוק אין דער דריטער קאָמיסיע פון דער גענעראַלער אַסאַמבלעע בײַם באַהאַנדלען אַ פּראָיעקט, וואָס די קאָמיסיע פאַר מענטשנרעכט האָט אויסגעאַרבעט, וועגן אַן אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך „צו באַזײַטיקן ראַסן־דיסקרימינאַציע אין יעדער פאָרעם". דער פּראָיעקט האָט, אין אַרטיקל III, גערעדט וועגן „פאַראורטיילן ראַסן־דיסקרימינאַציעס און אַפּאַרטעיד" און וועגן אָננעמען מאָסמיטלען צו „פאַרהיטן, ניט צו דערלאָזן און אויסצוראָטן אירע דערשײַנונגען אין דער פּראַקטיק". די דעלעגאַציעס פון בראַזיל און פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן פאָרגעלייגט צו דערגאַנצן די פאָרמולירונג מיט פאַראורטיילן אויך דעם אַנטיסעמיטיזם. דער פאָרשטייער פון ראַטן־פאַרבאַנד האָט פאַרשטייט זיך ניט געקענט אויסזעצן קעגן פאַראורטיילן דעם אַנטיסעמיטיזם, אָבער ער האָט פאָרגעלייגט צו דערגאַנצן דעם פאָרשלאַג פון בראַזיל און די פאַראייניקטע שטאַטן; אַנשטאָט פאַראורטיילן בלויז דעם אַנטיסעמיטיזם, זאָל מען פאַראורטיילן „אַנטיסעמיטיזם,

ציוניזם, נאַציזם און נעאָ־נאַציזם און אַלע אַנדערע פֿאָרעמס פֿון דער פּאָליטיק און אידעאָלאָגיע פֿון קאָלאָניאַליזם, פֿון נאַציאָנאַלן און ראַסן־האַס, און פֿון אויסשליסיקייט״. דאָס איינשליסן דעם ציוניזם אין דער רשימה האָט נאַטירלעך אומגעוויינטלעך פֿאַרשאַרפֿט די לאַגע. דער פֿאָרשטייער פֿון פּסס״ר טשכיקוואַדזע האָט נאָך צוגעגאָסן אייל צום פֿײַער מיט אונטערשטרײַכן, אַז „דער אָפּמאַך דאַרף פֿאַראורטיילן און פֿאַרווערן יעדער פֿאָרעם פֿון ראַסן־דיסקרימינאַציע, וואָס זײַנען אַלע גלײַך געפֿערלעך: נאַציזם און פֿאַשיזם זײַנען פּונקט אַזוי געפֿערלעך ווי אַפּאַרטאַעיד, ציוניזם און אַנטיסעמיטיזם״. אין די דיסקוסיעס זײַנען זייער ענערגיש אַרויסגעטראָטן די פֿאָרשטייערס פֿון די אַראַבישע לענדער, וואָס האָבן געשטיצט דעם פֿאָרשטייער פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד, אָבער אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי געשטעלט אונטער אַ ספֿק די צוועקמעסיקייט פֿון דערמאָנען דאָ דעם אַנטיסעמיטיזם: אַנטיסעמיטיזם איז זייער אַן אומקלאָרער באַגריף; דאָס וואָס ווערט אָנגערופֿן אַנטיסעמיטיזם, איז ניט קיין אַנטיסעמיטיזם, נאָר אַנטי־יודאַיִזם; 95 פּראָצענט סעמיטן זײַנען ניט קיין ייִדן, נאָר אַראַבער; אַלע דרײַ גרויסע רעליגיעס — קריסטנטום, יודאַיִזם און איסלאַם — זײַנען פֿון סעמיטישער אָפּשטאַמונג; די אַראַבישע לענדער האָבן אין משך פֿון יאָרהונדערטער בכלל ניט געוווסט פֿון קיין שׂינאה צו ייִדן, נאָר דער ציוניזם און די גרינדונג פֿון מדינת־ישׂראל — ביידע כּלי־זיין פֿון קאָלאָניאַליזם — האָבן באַשאַפֿן די איצטיקע שפּאַנונג.

די שטורמישע דיסקוסיעס האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט דעם, אַז מיט אַ מערהייט שטימען זײַנען אָנגענומען געוואָרן די פֿאָרשלאָגן פֿון גריכנלאַנד און פֿון אונגערן ניט צו דערגאַנצן דעם פּראָיעקט מיט אָנווײַזן ספּעציפֿישע פֿאָרעמס פֿון דיסקרימינאַציע; אַזוי אַרום זײַנען אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן ביידע צוגאָבן, סײַ וועגן ציוניזם סײַ וועגן אַנטיסעמיטיזם.[12א]

אָבער דער פּרווו אַוועקצושטעלן אַ גלײַכצייכן — על־פּי דעם גראַד מאָראַ־לישער און פּאָליטישער דערווידערדיקייט — צווישן ציוניזם און די „רעדל־פֿירערס״ פֿון מדינת־ישׂראל פֿון איין זײַט און דעם היטלעריזם, פֿון דער צווייטער זײַט, האָט איבערגעלאָזט אַ צייכן און ער פֿאַרסמט כּסדר די פּאָליטישע אַטמאָספֿער אין נאָענטן מיזרח.

## די סאָוועטישע ייִדן און מדינת־ישׂראל

אין די ערשטע צענדליגער יאָרן פֿון דעם הײַנטיקן יאָרהונדערט איז דער ציוניזם געווען אַ השפּעהדיקע אידעיִשע ריכטונג אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון די רוסישע ייִדן. אָבער אַפֿילו אין דעם פּעריאָד פֿון זײַנע שטאַרקסטע השפּעות (די לעצטע יאָרן פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה), איז דער ציוניזם פֿאַרבליבן גיכער אַן אידעיִשע ריכטונג איידער אַ פּאָליטישע באַוועגונג וואָס שטעלט זיך פֿאַר אַ ציל — ווי נאָר ס׳וועט זיך עפֿענען די פּערספּעקטיוו — צו פֿאַרווירקלעכן איר פּראָגראַם. אין דעם סאָוועטישן פּעריאָד זײַנען די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציעס אומברחמנותדיק ליקווידירט געוואָרן; די אידעיִשע פּראָ־פּאַגאַנדע פֿאַר ציוניזם איז אַראָפּגעטריבן געוואָרן אין טיפֿן אונטערערד און איז

במילא געוואָרן שטאַרק אײַנגעשרומפּן. אויך די אינטערנאַציאָנאַלע סיטואַציע איז געווען ווייניק וואָס גינציק פֿאַר אַוועקשטעלן די פּראָבלעם ייִדישע מלוכה אין פּאַלעסטינע ווי אַ קאָנקרעטע אויפֿגאַבע. דאָס אַלץ האָט גורם געווען, אַז אין דעם לעצטן יאָרצענדלינג פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די פּראַגע וועגן שאַפֿן אַ ייִדישע מלוכה אין פּאַלעסטינע, ניט פֿאַרנומען קיין מער־ווייניק קענטלעכן אָרט אין דעם באַוווסטזײַן פֿון די סאָוועטישע ייִדן.

די מלחמה, היטלערס „ענדגילטיקע לייזונג" פֿון דער ייִדן־פּראַגע דורך פֿיזיש אומברענגען די ייִדן, און דער פֿאַקט וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט אין דעם פּרט איגנאָרירט היטלערס פּאָליטיק; די פּאַסיווע באַציִונג צום אַנטיסעמי־טיזם וואָס האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ אין ראַטן־פֿאַרבאַנד; די עלעמענטן דיס־קרימינאַציע וואָס האָבן זיך גענומען מערן אין דער סאָוועטישער אַדמיניסטראַ־טיווער פּראַקטיק לגבי ייִדן — אַלץ צוזאַמען האָט גורם געווען אַ וווּקס פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן בײַ ברייטע שיכטן פֿון סאָוועטישן ייִדנטום, וואָס איז אויך אַרײַנגעדרונגען אין דעם צום מערסטן אַסימילירטן שיכט פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ. אין אָט דעם שיכט — קודם־כּל בײַ דער יוגנט — האָט זיך אויפֿגעוועקט אַ געפֿיל פֿון צוגעהעריקייט צום כּלל ייִדן.

איך האָב שוין פֿריִער באַמערקט, ווי אָט די שטימונגען האָבן זיך אין 1946 דורכגעריסן אין דער פֿאָרעם פֿון אַ פֿאַרשטאַרקטן אינטערעס צו ביראָבידזשאַן און צום „אויפֿבוי פֿון אַ ייִדישער מלוכישאַפֿט אין פּסס״ר" (זען אין ערשטן קאַפּיטל). אַזאַ „מלוכישאַפֿט" אין די גרענעצן פֿון ביראָבידזשאַן — און וועגן מער האָט מען דאָך אַפֿילו ניט געוואַגט צו חלומען — האָט געקענט האָבן כּמעט בלויז אַ סימבאָלישן באַטײַט; די פֿאָרמל „אויפֿבוי פֿון אַ ייִדישער מלוכישאַפֿט אין פּסס״ר" איז געווען אַ בפֿירושער פּרווו פֿון צופּאַסן זיך צו די באַדינגונגען פֿון דער סאָוועטישער רעאַליטעט. ס׳איז ניט שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז אין דער סיטואַציע האָט בײַ די סאָוועטישע ייִדן געהאַט אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג גראָמיקאָס אומגעריכטער אַרויסטריט אין דער יו־ען, אַז דער ראַטן־פֿאַרבאַנד אָנערקענט „די רעכט פֿון ייִדישן פֿאָלק" אויף דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון זײַנע שטרעבונגען און אויף דער „גרינדונג פֿון אַ ייִדישער מלוכה אין פּאַלעסטינע", אַז „ס׳איז דער חובֿ פֿון דער יו־ען מיטצוהעלפֿן צו רעאַליזירן אָט די רעכט". די סאָוועטישע ייִדן האָבן אין דער רעדע דערהערט אַ גוטע בשׂורה. דאָס האָט געדאַרפֿט באַטײַטן — און אַזוי איז דאָס טאַקע אין משך פֿון אַ קורצער צײַט געווען — אַז די סאָוועטישע רעגירונג באַציט זיך פּאָזיטיוו צו דער גרינדונג פֿון מדינת־ישׂראל. פֿון דעם האָט מען געקענט דרינגען, אַז אויך די סאָוועטישע ייִדן מעגן לעגאַל און אָפֿן אויסדריקן זייערע סימפּאַטיעס פֿאַר מדינת־ישׂראל.

וועגן די שטימונגען פֿון נאַציאָנאַלן אויפֿשטײַג וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט ברייטע שיכטן סאָוועטישע ייִדן אין די גורלדיקע טעג, ווען ס׳האָט זיך פֿאַרמירט מדינת־ישׂראל, און ווען זי האָט געקעמפֿט קעגן דעם אָנגריף פֿון די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער, האָט זיך אויפֿגעהיט אַן אינטערעסאַנטע גבֿית עדות. דער פּוילישער ייִד (הײַנט איז ער אין מדינת־ישׂראל) יהושע גלבוע איז געהאַט געווען אין אַ סאָוועטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, און אין 1948 איז ער נאָך געווען אין

ראַטן־פֿאַרבאַנד. אָט ווי ער באַשרײַבט ווי אַזוי מען האָט אין דער מאָסקווער שול געפּראַוועט די גרינדונג פֿון מדינת־ישׂראל:

„ס׳איז שווער צו באַשרײַבן די געפֿילן וואָס האָבן אַרומגענומען די רוסישע ייִדן, ווען ס׳איז אויפֿגעקומען מדינת־ישׂראל... דאָס זײַנען געווען טעג, ווען די דאַוונשולן זײַנען געווען פֿול מיט מענטשן. די צע־רעמאָניע וואָס מען האָט געפּראַוועט אין דער מאָסקווער שול צוליב דער גרינדונג פֿון מדינת־ישׂראל איז געווען מער ווי באַשיידן, אָבער דער פֿאַקט וואָס טויזנטער האָבן אויסגעפֿילט דעם בנין פֿון דער שול און די אַרומיקע גאַסן, האָט געזאָגט אַ סך מער איידער הונדערטער גבֿית־עדות וואָלטן דאָס געזאָגט, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אין די הערצער פֿון אָט די אונטערדריקטע מענטשן וואָס האָבן זיך געפֿילט אָפּגעריסן פֿון ייִדנטום.

וואָס האָט געקענט ברענגען אָט דעם ריזיקן שטראָם ייִדן צו דער דאַוונשול? מיר דוכט זיך, אַז דאָס האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט זייער באַדערפֿעניש אין רעליגיעזע איבערלעבונגען. צווישן די וואָס זײַנען געקומען איז געווען אַ גרויסער פּראָצענט יונגע, וואָס זיי איז אַבסאָלוט פֿרעמד די אַטמאָספֿער פֿון אַ דאַוונשול. אָבער אויך זיי זײַנען געקומען הערן די ברכות און די תּפֿילות. אין דעם האָט זיך דורכגעריסן די האָ־פֿענונג אויף אַ באַנײַונג פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן. אין דעם שטאָל־צירן מיט יענע ייִדן וואָס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון אין קאַמף פֿאַר פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט האָט זיך אַנטפּלעקט אַ בענקשאַפֿט צו דער אייגענער ערד, וואָס האָט זיך פּלוצלונג אָנגעפֿילט מיט אַ האָפֿענונג וואָס קען ווערן רעאַליטעט".

לעגאַליזירט, אָדער ניט, די סימפּאַטיעס צו מדינת־ישׂראל האָבן אַרומגעכאַפּט ברייטע שיכטן סאָוועטישע ייִדן. אויגוסט 1948, ווען אין מאָסקווע איז געקומען דער אַמבאַסאַדאָר פֿון דער יונגער מדינה גאָלדע מאירסאָן, האָבן די סימפּאַטיעס אַ פּלייץ געטאָן און זיך אויסגעגאָסן אין סטיכישע מאַניפֿעסטאַציעס: פֿאַר דער מאָסקווער דאַוונשול, ווען די ישׂראלשע דעלעגאַציע איז אַהין געקומען, און פֿאַר די פֿענצטער פֿון האָטעל מעטראָפּאָל, ווו די אַמבאַסאַדע פֿון מדינת־ישׂראל האָט זיך צײַטווײַליק באַזעצט (זען וועגן דעם אין צווייטן קאַפּיטל).

די בולט־אויסגעדריקטע סימפּאַטיעס פֿון די סאָוועטישע ייִדן פֿאַר מדינת־ישׂראל האָט אַרויסגערופֿן אַ שאַרפֿע רעאַקציע מצד דער סאָוועטישער רעגירונג. למען האמת, די פּראָ־ישׂראל־פּאָליטיק, וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט צו יענער צײַט געפֿירט, איז צוליב דעם ניט איבערגעריסן געוואָרן: די פּאָליטיק איז ניט געווען דיקטירט דורך סימפּאַטיע צו מדינת־ישׂראל, נאָר דורך די אינטערעסן פֿון דער סאָוועטישער אַנטיבריטישער פּאָליטיק וואָס האָט גראָד דעמאָלט געטראָגן אַ ספּעציעל שאַרפֿן כאַראַקטער.[14] אָבער אין איר באַציִונג צו די סאָוועטישע ייִדן, האָט די סאָוועטישע רעגירונג זיך צוגעאײַלט צו דעמאָנ־סטרירן האַרטקייט: מדינת־ישׂראל איז איינס, אָבער סאָוועטישע ייִדן זײַנען גאָר עפּעס אַנדערש, וואָס האָט מיט מדינת־ישׂראל גאָרניט צו טאָן. פֿון פֿריִער ווייסן מיר (פֿון צווייטן קאַפּיטל), אַז ערענבורג איז אַרויסגעטראָטן אין דער ראָלע פֿון אַ מליץ־יושר און פּאָפּולאַריזאַטאָר פֿון דער פּאָליטיק. אין זײַן פֿריִער־

ציטירטן אַרטיקל אין פּראַוודאַ, סעפּטעמבער 21, 1948, איז ערענבורג אַרויס־געטראָטן מיט דער פֿולער אַנטשלאָסנקייט קעגן דעם בלויזן געדאַנק, אַז ס'עקסיסטירט „כּלומרשט אַ מיסטישער(!) בונד״ צווישן ייִדן פֿון פֿאַרשיידענע לענדער. נאָר ער האָט זיך ניט באַגרענעצט מיט די אַלגעמיינע אויספֿרן, און אַפֿילו דעם אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל גופֿא, האָט ער געפּרוּווט דערקלערן מיט דער עקסיסטענץ פֿון אַנטיסעמיטיזם אין פֿאַרשיידענע לענדער; ער האָט זיך באַמיט צו נישט צו מאַכן דעם באַטײַט פֿון מדינת־ישׂראל, לכל־הפּחות פֿאַר די סאָוועטישע ייִדן, און אפֿשר אויך פֿאַר די ייִדן פֿון מדינת־ישׂראל. ערענבורגס אַרטיקל האָט זיך טאַקע אַזוי פֿאַרענדיקט: „די סאָוועטישע ייִדן צוזאַמען מיט אַלע סאָוועטישע מענטשן באַשטייען אויף זייער סאָוועטיש פֿאָטערלאַנד. זיי קוקן ניט צום נאָענטן מיזרח, זיי קוקן אין דער צוקונפֿט אַרײַן. מיר דוכט, אַז די אַרבעטנדיקע פֿון מדינת־ישׂראל, וואָס זײַנען ווײַט פֿון דער ציוניסטישער מיסטיק און זיי זוכן גערעכטיקייט, קוקן איצט צום צפֿון — צום ראַטן־פֿאַרבאַנד וואָס גייט אין די פֿאָדערשטע רייען פֿון דער מענטשהייט צו אַ בעסערער צוקונפֿט״.

דאָס איז געווען נאָך אַ פֿאַרזיכטיקער אָנהייב. אין גיכן איז שוין דער בלויזער געדאַנק וועגן סימפּאַטיע צו מדינת־ישׂראל אין ראַטן־פֿאַרבאַנד פֿאַרטריבן געוואָרן אין אונטערערד. ווינטער 1949/1948 איז געווען דער אָנהייב פֿון דעם שרעקלעכסטן פּעריאָד (זען אין דריטן קאַפּיטל) אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק לגבי ייִדן, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז סטאַלינס טויט, און וואָס האָט זיך קונה־שם געווען מיט אַזעלכע אָפֿן־אַנטיסעמיטישע „אַקציעס״ ווי דער סלאַנסקי־פּראָצעס און דער ענין דאָקטוירים. אין דעם פּעריאָד האָט די סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע אַלץ עקשנותדיקער דורכגעפֿירט דעם געדאַנק וועגן דער אידענטישקייט פֿון ייִדן און ציוניזם פֿון איין זײַט, און וועגן דעם ציוניזם ווי אַ כּלי־זיין פֿון דער אַמעריקאַנער און בריטישער אַנטיסאָוועטישער פּאָליטיק, ווי אַ דעקמאַנטל פֿאַר שפּיאָנישער, דיווערסאַנטישער און טעראָריסטישער טעטיקייט, פֿון דער צווייטער. מיט דעם האָט מען פֿולשטענדיק טעראָריזירט די סאָוועטישע ייִדן. אָבער דאָס האָט ניט נאָר ניט דערשטיקט דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן וואָס האָט זיך געהאַט אויפֿגעוועקט בײַ ברייטע שיכטן סאָוועטישע ייִדן, גיכער האָט דאָס בײַ אַ גרויסער צאָל סאָוועטישע ייִדן אַרויסגערופֿן פּונקט אַ פֿאַרקערטע רעאַקציע: ס'האָט זיך בײַ זיי געשטאַרקט דער ייִדישער באַוווסטזײַן און ס'זײַנען גרעסער געוואָרן די סימפּאַטיעס פֿאַר מדינת־ישׂראל ווי אַ פֿאַרפֿאָסט פֿון ייִדנטום בכלל.

דאָס איז משמעות דער מקור פֿון דעם גרויסן דעפּאָלג, וואָס ס'האָבן אין 1955 געהאַט די ייִדישע קאָנצערטן און די ליטעראַרישע רעציטאַציעס; דער דערפֿאָלג איז געווען אַ סך גרעסער איידער די קינסטלערישע ווערדע פֿון אָט די אונטערנעמונגען וואָלט דאָס באַרעכטיקט (זען וועגן דעם אין זעקסטן קאַפּיטל). ספּעציעל בולט האָבן זיך אָנגעזען די מאַסן־סימפּאַטיעס פֿון די סאָוועטישע ייִדן פֿאַר מדינת־ישׂראל אין דער צײַט פֿונעם אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־פֿעסטיוואַל אין מאָסקווע יולי־אויגוסט 1957.

גאַנץ אָפּט זײַנען סאָוועטישע ייִדן געקומען אין מאָסקווע פֿון ווי ווײַט (טייל אַזש פֿון טאַשקענט), בלויז כּדי צו זען די דעלעגאַטן פֿון מדינת־ישׂראל. אַ מיט־גליד פֿון דער דעלעגאַציע, אַ יונג מיידל וואָס איז ביז דעמאָלט קיין מאָל ניט געהאַט געוועזן מחוץ די גרענעצן פֿון מדינת־ישׂראל, האָט דערציילט וועגן דעם ווי מאַסן ייִדן האָבן אומעטום אין מאָסקווע אַרומגערינגלט די ישׂראלשע דעלע־גאַטן.[15]

„פֿון דעם ערשטן טאָג אָן זינט מיר זײַנען פֿאַרפֿאָרן אין הויף פֿון דער אַקאַדעמיע פֿאַר אַגריקולטור, ווו מען האָט אונדז אײַנקוואַרטירט, איז ער געווען פֿול מיט ייִדן פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער און פֿון פֿאַרשיי־דענע פּראָפֿעסיעס. דאָס זעלבע איז געווען אויף דער גאַס! ווי מען פֿלעגט אונדז נאָר דערזען, פֿלעגט אונדז באַלד אַרומרינגלען אַן עולם. ווו ס׳פֿלעגט זיך נאָר באַווײַזן אונדזער אויטאָמאָביל, פֿלעגן זיך פֿון אַלע זײַטן צונויפֿלויפֿן ייִדן וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אויסרופֿן ׳שלום׳. דער אויסדרוק פֿון אומגעוויינטלעכער פֿרייד אויף די פּנימער פֿון דעם עולם וואָס איז אונדז נאָכגעגאַנגען, ווי נאָר ס׳פֿלעגט זיך באַ־ווײַזן אונדזער פּאָן״ . . .

אַ צווייטער מיטגליד פֿון דער דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל, די זינגערין רעמאַ סאַמסאָנאָוו, האָט דערציילט אין דער רעדאַקציע פֿון דבר וועגן די רירנ־דיקע סצענעס אויף די גאַסן פֿון מאָסקווע, ווען עס פֿלעגן דורכפֿאָרן די ישׂראלשע דעלעגאַטן און אויף די קאָנצערטן, וואָס די דעלעגאַציע פֿלעגט אָרגאַניזירן:[16]

„טויזנטער ייִדן זײַנען געשטאַנען אויף די גאַסן און האָבן שעהן לאַנג געוואַרט אויפֿן אָרט, ווו ס׳האָט געדאַרפֿט דורכפֿאָרן אונדזער דע־לעגאַציע, אָדער זיי פֿלעגן זיך פֿאַרזאַמלען אין די טעאַטער־זאַלן, ווו מיר פֿלעגן אַרויסטרעטן, בלויז כּדי צו זען די ישׂראלים, צורירן זיך צו זייער קלייד ווי צו אַ הייליקייט, ווי צו אַ מזוזה. און טרערן זײַנען בײַ זיי גערונען פֿון די אויגן. זיי האָבן געוויינט, ווען זיי האָבן אונדז געזען, זיי האָבן געוויינט אין די גאַסן און ניט באַהאַלטן זייערע טרערן. און מיר, די קיבוצניקעס און די סאַברעס, האָבן אויך געוויינט, און די בחורים נאָך אַפֿילו מער איידער די מיידלעך״.

די באַריכטן פֿון דעם פֿעסטיוואַל האָבן אַרויסגעבראַכט אַ ריי פֿאַקטן וואָס העלפֿן פֿאַרשטיין די סאָוועטיש־ישׂראלשע באַציִונגען און די לאַגע פֿון די סאָוועט־ישע ייִדן. דאָס זײַנען פֿאַקטן פֿון בפֿירושער דיסקרימינאַציע לגבי דער דעלע־גאַציע פֿון מדינת־ישׂראל, אין דער צײַט וואָס די דעלעגאַציעס פֿון די אַראַבישע לענדער, האָט מען דווקא פֿאַוואָריזירט. דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פֿון דבר האָט וועגן דעם געשריבן באַלד נאָך דער עפֿענונג פֿון פֿעסטיוואַל:[17]

„ווען די דעלעגאַציעס פֿון די פֿאַרשיידענע נאַציעס זײַנען פֿאַרבײַ־געגאַנגען די טריבונע, פֿלעגט דער אָראַטאָר פֿון דער טריבונע באַגריסן יעדער דעלעגאַציע און אין קורצן כאַראַקטעריזירן דאָס לאַנד, וואָס די דעלעגאַציע פֿאַרטרעט. ווען ס׳איז געקומען די ריי אויף דער דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל, האָט דער אָראַטאָר פּלוצלונג אָנגעהויבן צו ריידן וועגן וועטער: דער פֿרימאָרגן איז געווען אַ כמורנער, אָבער דערנאָך זײַנען זיך די וואָלקנס פֿונאַנדערגעגאַנגען, און לכּבֿוד דעם פֿעסטיוואַל איז דער

הימל געוואָרן אָנוואָלקנדיק. די דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל איז פֿאַר־בײַגעגאַנגען די טריבונע, אָבער מען האָט זי ניט אָנגערופֿן און זי ניט באַגריסט. אמת, פֿון עולם האָט מען אונדז אַפּלאָדירט, ווײַל אונדזערע פֿענער האָבן געגעבן קלאָר געזאָגט, אַז דאָס איז די דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל. ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז ווען ס'פֿלעגן צוקומען די אַראַבישע דעלעגאַציעס, פֿלעגט דער רעדנער ניט זשאַלעווען קיין ווערטער פֿון באַגריסונג און פֿון באַגײַסטערטן לויב פֿאַר די אַראַבער און פֿאַר זייער קאַמף קעגן קאָלאָניאַליזם".

דאָס איז פּשוט געווען אַ גראָבקייט, אָבער ס'איז נאָך געווען ערגערס אויך. אַ סך דעלעגאַציעס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אַ געוויסן סכום ליטעראַטור און פֿאַרשיידענע חפֿצים צום פֿאַרטיילן אין דער צײַט פֿון פֿעסטיוואַל פֿאַר אַן אָנדענק. די דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל האָט מיטגעבראַכט אַ בראָשור אויף רוסיש און אויף ענגליש א״נ דאָס לעבן און די אַרבעט פֿון דער יוגנט אין מדינת־ישׂראל, בלעטלעך מיט טעקסטן פֿון לידער אויף העברעיִש און אויף ייִדיש, און אַ לוח. גאָר אומדערוואַרט האָט מען פֿאַרבאָטן דאָס פֿונאַנדערצוטיילן אונטער דער דראָונג פֿון תּיכּף צו ווערן אַרויסגעשיקט פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין דער זעלבער צײַט האָט די מצרישע דעלעגאַציע פֿאַרשפּרייט אומגעשטערט ליטעראַטור אויף רוסיש און אויף ענגליש, וואָס איז געווען בפֿירוש פֿײַנדלעך צו מדינת־ישׂראל, און אַ מאַפּע פֿון מדינת־ישׂראל מיט אַן אויפֿשריפֿט: „מיר וועלן זיך אומקערן"[18].

אַזוי האָט מען געשטאָכן די גאַנצע צײַט, כאָטש די אַמבאַסאַדע פֿון מדינת־ישׂראל האָט פֿאַרזיכטיקערהייט פּראָטעסטירט. אויף דער פּאַרעדרונג פֿון די אַראַבישע דעלעגאַציעס האָט מען בטול געמאַכט דעם אַלפֿאַבעטישן סדר פֿון די דעלעגאַציעס בעת זייערע עפֿנטלעכע אַרויסטרעטונגען, כּדי די דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל זאָל מען ניט שטעלן בשכנות מיט דער דעלעגאַציע פֿון איראַן; מדינת־ישׂראל האָט מען געשטעלט צום סוף פֿון דער רשימה. די קאָנצערטן פֿון די מיטגלידער פֿון דער ישׂראלשער דעלעגאַציע — דאָס איז געווען די פּאָפּו־לערסטע פֿאָרעם פֿון קאָמוניקאַציע צווישן דער דעלעגאַציע און דער אָרטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג — פֿלעגט מען דעם לעצטן טאָג פּלוצלונג איבערטראָגן אין אַן אַנדער לאָקאַל, אָדער זיי אין גאַנצן אָפּרופֿן מיטן אויסרייד, אַז די אַרטיסטן זײַנען קראַנק געוואָרן. און אַזוי כּסדר ביזן סוף. די קרוינונג פֿון אָט דער פּאָליטיק איז געווען די אָרגאַניזאַציע פֿון אָפּפֿאָר פֿון דער דעלעגאַציע. דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פֿון דזשויש קראָניקל האָט וועגן דעם געשריבן:[19]

„די ערשטע דעלעגאַציע צום יוגנט־פֿעסטיוואַל, וואָס איז אַוועקגע־פֿאָרן פֿון דער סאָוועטישער הויפּטשטאָט, איז געווען די דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל. דעם אָפּפֿאָר האָט מען באַשטימט אויף מאָנטיק אין אָוונט [דער פֿעסטיוואַל האָט זיך פֿאַרענדיקט זונטיק, דעם 11טן אוי־גוסט]. אָבער זונטיק בײַ טאָג האָבן די רוסישע אָרגאַניזאַטאָרן געמאָלדן דער דעלעגאַציע, אַז זי מוז אַוועקפֿאָרן מאָנטיק אין דער פֿרי.

מען האָט אָפּגעשלאָסן דעם צוגאַנג צום קיִעווער וואָקזאַל אין מאָסקווע, פֿון וואַנען די דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל האָט געזאָלט אָפּפֿאָרן; מען האָט קיינעם אַהין ניט צוגעלאָזט חוץ דעם ישׂראלישן אַמ־באַסאַדאָר, די מיטאַרבעטערס פֿון דער אַמבאַסאַדע, און פֿאַרשטייט זיך

> די רוסישע אָפֿיציעלע פּערזאָנען, וואָס מען האָט געהאַט צוגעטיילט צו דער דעלעגאַציע אויף דער צײַט וואָס זיי האָבן פֿאַרבראַכט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. עטלעכע פֿון זיי האָבן באַגלייט די דעלעגאַציע ביז דער רומע־נישער גרענעץ.
>
> מאָנטיק אין אָוונט האָט זיך פֿאַרן וואָקזאַל פֿאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם וואָס האָט געהאָפֿט צו זען די דעלעגאַציע איידער זי פֿאָרט אַוועק, אָבער אויף זיי האָט געוואַרט אַן אַנטוישונג״.

אין ליכט פֿון די פֿאַקטן דערזעט דער לייענער אַ סך בולטער דעם לעבנס־מצבֿ פֿון די סאָוועטישע ייִדן.[20]

בשעתן פֿעסטיוואַל איז געקומען בולט צום אויסדרוק נאָך אַ שטריך וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן הײַנטצײַטיקן סאָוועטישן ייִדנטום: זיי האָבן שטאַרק חשק צו עמיגרירן אין מדינת־ישׂראל. וועגן דעם האָבן געשריבן כּמעט אַלע, וואָס האָבן דערציילט אין דער ייִדישער פּרעסע וועגן פֿעסטיוואַל. די סאָוועטישע רעגירונג באַציט זיך זייער נעגאַטיוו צו ייִדישער עמיגראַציע אין מדינת־ישׂראל. מיר האָבן שוין געזען פֿריִער, נאָך אין 1948, ווען דער ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט אויסנווייניקסט־פּאָליטיש געשטיצט די אָקערשט־אויפֿגעקומענע ייִדישע מלוכה, ווי די סאָוועטישע רעגירונג איז געווען גרייט צו באַשולדיקן אין „פֿאַרראַט״ יענע סאָוועטישע בירגערס וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער פֿאַרלאַנג צו עמיגרירן אין מדינת־ישׂראל. דאָס איז געווען ערבֿ דער נײַער פֿאַרשאַרפֿונג פֿון דער סאָוועטישער אַנטי־ייִדישער פּאָליטיק, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די לעצטע יאָרן פֿון סטאַלינס ממשלה. נאָך סטאַלינס טויט זײַנען די צום מערסטן אַכזריות־דיקע דערשײַנונגען פֿון סטאַלינס רעזשים אַוועק אין דער פֿאַרגאַנגענהייט. אָבער דער פֿאַרבאָט צו עמיגרירן אין מדינת־ישׂראל, און דאָס באַציִען זיך מיט חשד צו די וואָס ווילן עמיגרירן, בלײַבט נאָך אַלץ; נאָר געציילטע יחידים — געוויינטלעך בלויז אינוואַלידן און זקנים — קריגן פֿון צײַט צו צײַט אַ דערלויבעניש אַרויסצופֿאָרן פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. אַ באַשיידענע צאָל סאָוועטישע ייִדן האָט זיך אײַנגעגעבן צו קומען אין מדינת־ישׂראל דורך פּוילן, וווהין זיי זײַנען געקומען ווי פֿאַקטישע, אָדער כּלומרשט פּוילישע רעפּאַטריאַנטן.

דאָס זײַנען גוט־באַוווּסטע פֿאַקטן, און דאָ איז ניט כּדאַי אויף דעם זיך אָפּצושטעלן. אָבער אַז דער פֿאַרלאַנג צו פֿאָרן אין מדינת־ישׂראל איז נאָך אַלץ זייער שטאַרק און ער הערט ניט אויף צו באַאומרויִקן די פֿירערס פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק, קען מען זען בולט פֿון דער סאָוועטישער פּרעסע; די לעצטע יאָרן, ספּעציעל זינט דער צווייטער העלפֿט פֿופֿציקער יאָרן, פֿירט די סאָוועטישע פּרעסע אַ קאַמפּאַניע פֿון דעמאַסקירן די אומדערטרעגלעכע לאַגע פֿון די עמיגראַנטן וואָס קומען אָן אין מדינת־ישׂראל, און די עמיגראַנטן פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד (פֿון וואַנען האָבן זיך זיי דאָס פּלוצלונג גענומען אין אַזאַ גרויסער צאָל?) און פֿון די לענדער פֿון „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיע״ האָט דעריבער גענומען ציִען צוריק „צום פֿאָטערלאַנד״. אויף דער קאַמפּאַניע איז אַוודאי ניט כּדאַי זיך אָפּצושטעלן, ווײַל קיינער אין מדינת־ישׂראל שטערט ניט די וואָס ווילן זיך אומקערן צו דערפֿילן זייער פֿאַרלאַנג, אָבער זיי האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט און פֿאָרן ניט צוריק.

דאָס אַלץ דריקט ווי אַ שווערע לאַסט אויפֿן באַוווסטזײַן פֿון די סאָוועטישע ייִדן.

# הערות

[1] אין וו. ב. לוצקיס בראָשור פּאַלעסטינסקאַיאַ פּראָבלעמאַ (דאָס איז אַ סטענאָגראַם פֿון אַ לעקציע, וואָס דער מחבר האָט געהאַלטן אין מאָסקווע, דעם 9טן אויגוסט 1946) לייענען מיר: „בשעתּה האָט די ׳ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע׳ וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן אײַנפֿלוס אין פֿאַר־שיידענע לענדער ניט געפֿירט קיין אַקטיוון קאַמף קעגן פֿאַשיזם, זי האָט ניט מאָביליזירט די ייִדישן מאַסן צום קאַמף, זי האָט ניט געשטיצט דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד און אַנדערע דעמאָקראַטישע כּוחות וואָס האָבן געשטרעבט צו שטערן דעם פֿאַשיזם אָנצוהייבן די צווייטע וועלט־מלחמה... אַנשטאָט דעם האָבן די ציוניסטן קאָאָפּערירט מיט די היטלערישע פּלענער אַרויסצוטרײַבן די ייִדן פֿון אייראָפּע און זיי האָבן אַפֿילו געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער היטלערישער רעגירונג וועגן ייִדישער עמיגראַציע פֿון דײַטשלאַנד און פּאַלעסטינע אויף זייער גינציקע באַדינגונגען פֿאַר דײַטשלאַנד״ (ז׳ 28). — מיט אָט דער אויסטערלישער אַרגומענטאַציע וועגן דעם, אַז ייִדן און באַזונדער די „ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע״ האָט קאָאָפּערירט מיט היטלערן האָט זיך די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע באַנוצט ניט איין מאָל זינט דעם ערשטן יאָר פֿון היטלערס ממשלה אין דײַטשלאַנד. אַרויסטרעטנדיק קעגן דער אידעע פֿון אַן עקאָנאָמישן באָיקאָט קעגן דײַטש־לאַנד, וואָס מען האָט אַרויסגערוקט אין די דעמאָקראַטישע לענדער פֿון מערבֿ נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, האָט דער קאָמוניסטישער אימפּרעקטאָר געשריבן: „אין עטלעכע טעג אַרום וועלן מיר זיך איבערצײַגן, אַז אָט די אַלע גרויסע [ייִדישע] קראָמען פֿאַרקויפֿן נאָך אַלץ, אַז די ייִדישע באַנקירן, קאַפּיטאַליסטן און בערזעלײַט פֿירן נאָך אַלץ זייערע געשעפֿטן, אַז קיין איין ייִדישער פֿאַבריקאַנט האָט ניט געליטן קיין שום שאָדן...״. (אימפּרעקאָר, אַפּריל 21, 1933, ז׳ 396). אַלע געגעבענע באַווײַזן, אַז די נאַציס און די ציוניסטן האָבן געשלאָסן שלום און אַז דער נאַצישער אַנטיסעמיטיזם „איז אַן רעש שטיל געוואָרן. אויסנווייניקסט־פּאָליטישע טעמים מאַכן אוממעגלעך, אַז דאָס דריטע רײַך זאָל צולאָזן אויף אַ מער־ווייניק לענגערער צײַט אַן אַנטי־ייִדישע היסטעריע״. פֿון דעם איז געדרונגען: „די דײַטשע ייִדן קענען מיט האָפֿענונג קוקן אין דער צוקונפֿט אַרײַן, — אויב זיי האָבן נאָר געלט״ (אימפּרעקאָר, סעפּטעמבער 15, 1933). זען:

Walter Z. Laqueur, *The Soviet Union and the Middle East*, New York, 1959, p. 104.

ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז דער רעוואָלוציאָנערער מיזרח האָט אין 1934 איראָניש פֿאַר־געלייגט אויסצוקלײַבן היטלערן פֿאַרן ערן־פּרעזידענט פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג (דאַרטן, ז׳ 103).

[2] «Правда», 16-го мая 1947 г.

[3] И. А. Генин, «Палестинская проблема», Москва, 1948 г., стр. 16-17.

[4] «Правда», 1-го апреля 1954 г.

[5] «Правда», 30-го декабря 1955 г.

[6] «Правда», 6-го ноября 1956 г.

[7] «Правда», 16-го ноября 1956 г.

[8] К. Иванов и З. Шейнис, «Государство Израиль, его политическое положение и политика». Москва, Госполитиздат, 1958 г., стр. 146-147.

[9] דאָרטן, ז׳ 48.

[10] דאָרטן, ז׳ 47.

[11] דאָרטן, ז׳ 46.

[12] אין גאַנצן האַרמאָניש זײַנען די באַציִונגען פֿריִער אויך ניט געווען, און שוין אין דער צײַט פֿון נאַסערס נסיעה אין ראַטן־פֿאַרבאַנד פֿרילינג 1958, האָט מען געקענט באַמערקן אַ גע־וויסע אָנגעשפּיצטקייט פֿון ביידע צדדים. זען וועגן דעם אין מײַן אַרטיקל: «Насер в Со-

ветском Союзе. СССР, Объединенная Арабская Республика и Израиль», «Социалистический Вестник», июнь 1958 г.

12a UN-Document SR 1312, October 20, 1965.

דער פּרווו פֿון דעם סאָוועטישן פֿאָרשטייער אַוועקצושטעלן אַ גלײַכצייכן צווישן ציוניזם און היטלעריזם און צו עלימינירן דעם אַנטיסעמיטיזם פֿונעם פּראָיעקט פֿון אַ קאָנווענץ וועגן ראַסן־דיסקרימינאַציע האָט אויפֿגעבראַכט די ייִדישע קאָמוניסטן. דעם 17טן אָקטאָבער 1965 איז די ניו־יאָרקער מאָרגן־פֿרײַהייט אַרויס מיט אַ לייטאַרטיקל א"נ „ווי קענט איר גאָר פֿאַרגלײַכן דעם ציוניזם מיטן — נאַציזם?". דער תּל־אָבֿיבֿער קול העם פֿון 19טן אָקטאָבער האָט פּראָטעסטירט קעגן די פּרווון אַרײַנצוּוואַרפֿן אין איין קויש דעם ציוניזם מיטן נאַציזם, און ער האָט דאָס כאַראַקטעריזירט ווי אַ סתּירה צו די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. די *Jewish Currents* (פֿעברואַר 1966, ז' 67) האָט באַצייכנט ווי אַ פּאַראַדאָקס דעם פֿאַקט וואָס אין דעם פּראָיעקט פֿון אַ קאָנווענץ וועגן ראַסן־דיסקרימינאַציע דערמאָנט מען ניט דעם אַנטיסעמיטיזם, הגם דער גאַנצער פּראָיעקט איז געשאַפֿן געוואָרן ווי אַ רעאַקציע פֿון דער יו־ען אויף דער סוואַסטיקע־מגפֿה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער שענדונג פֿון דער קעלנער שול, ניטל־צײַט 1959.

אָבער אויך די לעקציע האָט קיין פּעולה ניט געהאַט. ווען די זעלבע קאָמיסיע פֿון דער יו־ען האָט מאַרץ 1966 באַהאַנדלט דעם פּראָיעקט פֿון אַ קאָנווענץ „וועגן באַזײַטיקן אַלע פֿאָרמען פֿון רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ", האָט דער סאָוועטישער פֿאָרשטייער זיך ווידער אויסגעצייכנט. נאָר לאָמיר געבן דאָס וואָרט די *Jewish Currents* (מײַ 1966, ז' 30):

> „צום ערשטן מאָל (דעם 16טן מאַרץ 1966) האָט אַן אָרגאַן פֿון דער יו־ען בפֿירוש פֿאַראורטיילט דעם אַנטיסעמיטיזם אָנרופֿנדיק אים בײַם נאָמען. די קאָמיסיע פֿאַר מענטשלעכע רעכט האָט אָנגענומען דעם אַרטיקל 5 פֿונעם פּראָיעקט פֿון אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנווענץ וועגן באַזײַטיקן אַלע פֿאָרמען פֿון רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ".

אין דעם אַרטיל ווערט געזאָגט:

> „די באַטייליקטע מלוכות זײַנען זיך מתחייבֿ תּיכּף אָנצונעמען עפֿעקטיווע מאָסמיטלען, באַזונדער וואָס שייך לערנען און דערציִען, קולטור און אינפֿאָרמאַציע מיטן ציל צו קעמפֿן קעגן פֿאָראורטיילן, ווי משל אַנטיסעמיטיזם און אַנדערע דערשײַנונגען וואָס פֿירן צו רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ און דיסקרימינאַציע אויפֿן יסוד פֿון רעליגיע אָדער איבערצײַגונג, און אויך מיטן ציל צו סטימולירן, אין די אינטערעסן פֿון שלום, קעגנזײַטיקע פֿאַרשטענדעניש, טאָלעראַנץ, קאָאָפּעראַציע און פֿרײַנדשאַפֿט צווישן פֿעלקער, גרופּעס און יחידים, אָן אונטערשייד פֿון רעליגיע און איבערצײַגונג, אין הסכּם מיט די אויפֿגאַבעס און פּרינציפּן פֿון דער כאַרטיע פֿון דער יו־ען, פֿון דער דעקלאַראַציע פֿאַר מענטשלעכע רעכט און פֿון דער איצטיקער קאָנווענץ".

דעם פּונקט וועגן אַנטיסעמיטיזם האָט צו ערשט פֿאָרגעלייגט דער פֿאָרשטייער פֿון מדינת־ישׂראל חיים כּהן. כּהן איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז אויב אַפּאַרטייד איז בפֿירוש דערמאָנט אין דער קאָנווענץ וועגן ראַסן־דיסקרימינאַציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעם 21סטן דעצעמבער 1965, דאַרף מען אָנרופֿן דעם אַנטיסעמיטיזם אין דער איצטיקער קאָנווענץ. אויף צו מאָרגנס האָט דער פֿאָרשטייער פֿון טשילי אַרײַנגעטראָגן אַ שייכדיקן פֿאָרשלאָג מיט אַן אייגענער פֿאָרמולירונג, וואָס מדינת־ישׂראל האָט אַקצעפּטירט. דעם 16טן מאַרץ האָט מען געשטימט דעם פֿאָרשלאָג פֿון טשילי, און מען האָט אים אָנגענומען מיט 12 שטימען פֿאַר, 4 שטימען קעגן, און פֿינף אָפּגעהאַלטענע (נײַ־זעלאַנד, פּוילן, סענעגאַל, ראַטן־פֿאַרבאַנד און אוקראַיִנע). דער סאָוועטישער פֿאָרשטייער יעווגעני נאַסינאָווסקי האָט געהאַט אויסצוזעצן קעגן די צוגאָב־פֿאָרשלאָגן פֿון מדינת־ישׂראל (און טשילי) מיטן אויסרייד, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז גיכער אַ ראַסן־פֿאָראורטייל איידער אַ רעליגיעזער פֿאָראורטייל. דעם פֿאַקט, אַז דער ראַטן־פֿאַרבאַנד איז אַרויסגעטראָטן קעגן דערמאָנען דעם אַנטיסעמיטיזם אויך אין שײַכות מיט דער קאָנווענץ וועגן ראַסיזם, האָט דער סאָוועטישער פֿאָרשטייער איגנאָרירט.

13 *The Jerusalem Post,* November 16, 1955.

14 אַ כאַראַקטעריסטישע אילוסטראַציע צו דעם געדאַנק איז די אויבן ציטירטע בראָשור פֿון

י. אַ. גענין פּאַלעסטינסקאַיאַ פּראָבלעמאַ. זי איז אַרויס סוף 1948, און זי שטרײַכט זייער אָנט־שיידן אונטער דעם געדאַנק, אַז די אַראַביש־ישׂראלשע מלחמה טראָגט אַ בפֿירוש אַגרעסיוון כאַ־ראַקטער מצד די אַראַבער (און זי איז צוגעגרייט געוואָרן דורך די ענגלענדער). ער קריטיקירט זייער שאַרף די בריטישע און אַמעריקאַנער פּאָליטיק אין נאָענטן מיזרח, אָבער אויך די „רעאַקציאָנערע, אַנטידעמאָקראַטישע ייִדישע בורזשואַזע ריכטונג — דעם ציוניזם״.

[15] דבֿר השבוע, אויגוסט 29, 1957.

[16] קאַנאַדער אָדלער, סעפּטעמבער 10, 1957; פֿון איר קאָרעספּאָנדענט אין מדינת־ישׂראל.

[17] דבר, יולי 29, 1957.

[18] *The Jewish Chronicle*, August 9, 1957.

[19] *The Jewish Chronicle*, August 16, 1957.

[20] די סאָוועטישע פּרעסע האָט כמעט אין גאַנצן ניט דערמאָנט די דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל. ערשט צו מאָרגנס נאָך איר אָפּפֿאָר האָט די ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פֿון אַ פֿראַנצייזישן קאָמוניסט, ווו ס׳זײַנען פֿאַראַן עטלעכע פּאָלעמיש־לצישע פּאַראַ־גראַפֿן וועגן דער ישׂראלשער דעלעגאַציע. די פּאָר פּאַראַגראַפֿן גופֿא וואָלטן ניט ווערט געווען, מען זאָל זיך אויף זיי אָפּשטעלן, אָבער זיי זײַנען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער אַטמאָספֿער, וואָס די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דעם פֿעסטיוואַל האָבן זיך באַמיט צו שאַפֿן אַרום דער דעלעגאַציע פֿון מדינת־ישׂראל (משמעות אָן דערפֿאָלג):

„...כמעט אַלע זײַנען זיי זעלנערס פֿון משה דיינס אַרמיי און זיי טראָגן אין זייערע פּאָרטמאָנעס די מיליטערישע דאָקומענטן, ווו ס׳איז געזאָגט, אַז אין סעפּטעמבער וועט מען זיי רופֿן, און אַז אויב זיי וועלן זיך ניט צושטעלן, וועלן זיי איבערגעגעבן ווערן צום מיליטערישן טריבונאַל; זיי טראָגן אויך מיט זיך אַ דאָקומענט ׳צום לייענען אין אויסלאַנד׳. דער טעקסט דערמאָנט זיי, אַז זיי זײַנען בירגער פֿון מדינת־ישׂראל, און ווי נאָר ס׳וועט דערקלערט ווערן אַ מלחמה זײַנען זיי תּיכּף מחויבֿ זיך צו מעלדן צו זייער אַמבאַסאַדאָר וואָס ווערט זייער פֿאַקטישער מיליטערישער אָנפֿירער״.

אַ סך פֿון זיי זײַנען געקומען צו פֿאָרן מיט גאַנץ באַשטימטע כּוונות. און אין אָנהייב האָבן זיי זיך אויפֿגעפֿירט ווי זיי האָבן געדאַרפֿט: אין דעם ערשטן טאָג פֿון זייער אָנקום זײַנען זיי אויסגעלאָפֿן די גאַנצע הויפּטשטאָט וואָס איז געווען באַצירט מיט פֿענער און זיי האָבן געזוכט די נאַציאָנאַלע פֿאָן פֿון מדינת־ישׂראל; זיי זײַנען געוואָרן צעמיש, ווען זיי האָבן אַנטדעקט אַ סך אַזעלכע פֿענער. צו פֿיל — דאָס איז שוין בכּיוון, מיינסט ניט אַזוי. אויף אַלץ, וואָס זיי האָט פֿאַרווונדערט, האָבן זיי געקענט געפֿינען אַן אויסטײַטשונג וואָס האָט געפּאַסט זייערע בליקן: ׳אויב די מאָסקווער אײַנוווינערס זײַנען ניט אַזוי שלעכט אָנגעטאָן, איז דאָס ספּעציעל צוליבן פֿעסטיוואַל; אויב זיי עסן אַ סך, איז כּדי ווייניקער אַרײַנצוקלערן; אאַז״וו. איך טראַכט גאָרניט אויס. זיי האָבן אויך געשטרעבט אײַנצושטעלן אַ קאָנטאַקט מיט די ייִדן, כּדי זיך צו באַרימען מיט בן־גוריונס צוגעזאָגט לאַנד. אָבער אויך דאָ האָט אויף זיי געוואַרט אַ סורפּריז. די ביליקע איראָניע ניצט זיך גיך אָפּ אין מאָסקווע און ניט זעלטן ווענדט זי זיך קעגן אירע מחברים.

איין ישׂראלדיקער האָט מיר געזאָגט, מיט אַ געלעכטער:

— איך האָב איבערגעלייענט מײַן ׳דאָקומענט׳. איז אַזוי, אויב ס׳וועט זיך אָנהייבן די מלחמה, לויף איך צו מײַן אַמבאַסאַדאָר, אַ קנאַק מיט די קנאַפּעלעך, איך בין דאָ. דערנאָך נעם איך דעם רעוואָלווער, גיי אויפֿן מאַיאַקאָווסקי־פּלאַץ און — פּיף־פּאַף...״

(זשאַן פּיער רישאַר, «Шаг, сделанный в Москве», «Литературная Газета», 13-го августа 1957 г.)

קאפיטל עלף

# עטלעכע באַמערקונגען צום סוף

דער סימן־מובֿהק פֿון דער סאָוועטישער פּאָליטיק לגבי ייִדן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה — ביז סטאַלינס טויט — איז געווען די אָפֿענע שׂינאה צו ייִדן; אין די לעצטע חדשים פֿון סטאַלינס ממשלה האָבן די עלעמענטן פֿון אַנטיסעמיטיזם נאָך טיפֿער און שטאַרקער דורכגעדרונגען די גאַנצע סיסטעם סאָוועטישע ייִדישע פּאָליטיק. סטאַלינס טויט האָט אָפּגעשטעלט דעם פּראָצעס פֿון אַנטוויקלונג, אָבער צו קיין אָפֿענעם פּרינציפּיעלן אָפּזאָגן זיך פֿון דעם נאָענטן עבֿר, איז מען ניט דערגאַנגען. די נאָכסטאַלינשע פּאָליטיק לגבי ייִדן האָט זיך פֿאָרמירט עמפּיריש; מען האָט אָפּגעוואָרפֿן די צום מערסטן ברוטאַלע דערשיי־נונגען פֿון סטאַלינס פּאָליטיק אין זײַן לעצטן פּעריאָד, אָבער מען האָט זיך באַמיט ביז אַ געוויסן גראַד אײַנצוהאַלטן אירע פּרינציפּיעלע יסודות. איצט איז נאָך צו פֿרי צו מאַכן די ענדגילטיקע סך־הכּלען; די נײַסטע סאָוועטישע פּאָליטיק לגבי ייִדן איז נאָך אַלץ אין אַ צושטאַנד פֿון ווערן, אָבער אירע עיקר־שטריכן קען מען שוין הײַנט אַרויסדערקענען.

## ביז וואַנען זײַנען ייִדן ניט קיין נאַציאָנאַליטעט

בײַם באַשטימען די פּאָליטיק לגבי ייִדן גייט די קאָמפּאַרטיי, און די סאָוועטישע רעגירונג, אַרויס פֿון דער טעאָרעטישער גרונט־הנחה, אַז ייִדן זײַנען ניט קיין נאַציאָנאַליטעט. אָט די טעאָרעטישע הנחה דאַרף דאָס באַרעכטיקן די עקשנותדיקע קעגנערשאַפֿט פֿון דער קאָמפּאַרטיי צו דער אויפֿלעבונג פֿון דער ייִדישער קולטור וואָס דער אַכזריותדיקער טעראָר פֿון דער צווייטער העלפֿט דרײַסיקער יאָרן און פֿון די יאָרן 1948—1953 האָט חרובֿ געמאַכט. אָבער ווײַזט אויס, אַז דאָס פֿאַרלייקענען די עקסיסטענץ פֿון אַ ייִדישער נאַציאָנאַליטעט שטויסט זיך אָן אין דער רעאַליטעט אויף סתּירות, וואָס ס׳איז שווער בײַצוקומען. אין פּרינציפּ ווערט אָנערקענט, אַז צו גלײַך מיט דער אָנגעהעריקייט צום קאָלעקטיוו בירגערס פֿון אַ געגעבענער מלוכה עקסיסטירט נאָך אויך די אָנגעהעריקייט צו יענער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער איינהייט וואָס גייט ווײַט אַריבער די גרענעצן פֿון פֿאַמיליע אָדער משפּחה, נאָר זי שפּאַרט זיך אָן — פֿון פֿאַל צו פֿאַל אין אַ פֿאַרשיידענעם גראַד — אויף דער שותּפֿותדיקייט פֿון היסטאָרישן גורל, פֿון שפּראַך, פֿון קולטור, פֿון רעליגיע, אָדער פֿון אַן אַנדער מין שותּפֿות־

דיקייט (ווײַט ניט אַלע מאָל אויף דער שותּפֿותדיקייט פֿון ראַסע, אָדער פֿון טעריטאָריע); אָט די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע איינהייט באַצייכנט מען טאַקע מיטן נאָמען נאַציאָנאַליטעט. אַבסטראַקט גענומען קען מען זיך פֿאָרשטעלן — ווי משונהדיק דאָס זאָל זיך ניט אויסדוכטן — אַ פּאָליטיק פֿון טאָטאַלער צוואַנג־אַסימילאַציע, ד״ה אַ פּאָליטיק וואָס שטרעבט סיסטעמאַטיש צו באַזײַטיקן אַלע ספּעציפֿישקייטן פֿון די באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן וואָס באַווינען די טעריטאָריע פֿון אַ געגעבענער מלוכה און צונויפֿגיסן זיי אין איין איינמיניקער באַפֿעלקערונג. אין אַ געוויסער מאָס האָט די אידעע באַהערשט די מוחות פֿון אַ טייל צום מערסטן רעאַקציאָנערע פּאָליטיקערס אין אַלטן רוסלאַנד. אָבער די סאָוועטישע מלוכה וואַרפֿט פּרינציפּיעל אָפּ אַזאַ קאָנצעפּציע. זי שטאָלצירט מיטן פֿאַקט, וואָס זי איז אַ פֿילפֿעלקערדיקע מלוכה (אינעם זינען פֿון אַ פֿאַר־איניקונג פֿון אַ גרויסער צאָל נאַציאָנאַליטעטן). דאָס איז אַפֿילו געקומען צום אויסדרוק אין דער סטרוקטור פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד וואָס איז פֿאָרמעל קאָנסטרויִרט ווי אַ פֿעדעראַציע פֿון 15 „פֿאַרבאַנדישע״ רעפּובליקן וואָס זײַנען אין פּרינציפּ אָרגאַניזירט לויטן נאַציאָנאַלן סימן; אין באַשטאַנד פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּוב־ליקן גייען נאָך אַרײַן 20 אויטאָנאָמע רעפּובליקן, 9 אויטאָנאָמע געגנטן און 10 אויטאָנאָמע ראַיאָנען, אַלע אָרגאַניזירט לויטן נאַציאָנאַלן סימן.[1] ווי באַגרענעצט ס׳זאָל ניט זײַן די פֿרײַהייט פֿון אַנטוויקלונג פֿון די נאַציאָנאַליטעטן צוליב דעם וואָס זי געפֿינט זיך אונטערן וואַכיקן קאָנטראָל פֿון דער שטרענג־צענטראַליס־טישער קאָמפּאַרטיי — דאָך רופֿט ניט אַרויס קיין ספֿק דער פֿאַקט, אַז אין דער סאָוועטישער תּקופֿה האָבן זיך זייער שטאַרק אַנטוויקלט די קולטורן פֿון אַ סך סאָוועטישע נאַציאָנאַליטעטן.

אויב מען אָנערקענט אין פּרינציפּ די עקסיסטענץ־בארעכטיקונג פֿון נאַציאָ־נאַליטעטן און זייערע רעכט צו פֿירן אַ נאַציאָנאַל לעבן, ד״ה קודם־כּל צו אַנטוויקלען זייער נאַציאָנאַלע קולטור, צי קען מען דעמאָלט באַרעכטיקן דאָס ניט־אָנערקענען יידן ווי אַ נאַציאָנאַליטעט? ווי קען מען דורכפֿירן די ניט־אָנערקענונג, בשעת די צוגעהעריקייט צו אַזאַ אָדער אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט איז אַן אָבליגאַטאָרישער עלעמענט פֿון דעם סטאַטוס פֿון אַ סאָוועטישן בירגער, וואָס ווערט רעגיסטרירט אין זײַן פּאַספּאָרט, און זי ווערט טיילווײַז גענומען אין אַכט אין דער אַדמיניסטראַטיווער פּראַקטיק אויך?

די סאָוועטישע רעגירונג און די קאָמפּאַרטיי האָבן געלייזט אָט די שוועריקייט אין סתּירה צו זייער אייגענער טעאָרעטישער קאָנצעפּציע פֿון ניט אָנערקענען יידן ווי אַ נאַציאָנאַליטעט. דאָס האָט מען קיין מאָל ניט בפֿירוש פֿאָרמולירט, אָבער ווען מען טראַכט זיך אַרײַן אין דעם ענין, זעט דער תּוך פֿון דער אָפֿיציעלער פּאָליטיק אויס אַזוי:

פֿאָרמעל — ד״ה על־פּי דעם געזעץ — ווערן יידן יאָ אָנערקענט ווי אַ נאַציאָנאַליטעט, אָבער בלויז אין אַ באַגרענעצטער פֿאָרעם: זי קומט צום אויסדרוק קודם־כּל אין דעם פּאַספּאָרט, ווו זי ווערט אָפֿיציעל רעגיסטרירט, און — אין דער גרינדונג פֿון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט אין ביראָבידזשאַן

(דעם פּרינציפּיעלן באַטײַט פֿון דעם פֿאַרזעט מען געװײנטלעך). ייִדן װערן אױך אָנערקענט װי אַ נאַציאָנאַליטעט אין פֿאַרבינדונג מיט רעליגיע. די קאָמפּאַרטײ באַמיט זיך אַפֿילו אײַנצורײדן — די ייִדן און די ניט־ייִדן — אַז ייִדן זײַנען בלויז אַ רעליגיעזע אײנהײט, אָדער בעסער געזאָגט, אַ געװעזענע רעליגיעזע אײנהײט װאָס האַלט אין אָפּשטאַרבן. אָבער מען אָנערקענט ניט פֿאַר ייִדן די רעכט צו אַנטװיקלען די נאַציאָנאַלע קולטור (אפֿשר מיטן אױסנעם פֿון דער ייִדישער אױטאָנאָמער געגנט) ניט צוליב דעם װאָס זײ זײַנען ניט קײן נאַציאָנאַליטעט, נאָר צוליב דעם װאָס זײ האָבן כּלומרשט ניט די באַדערפֿעניש אין אַזאַ אַנטװיקלונג, ד״ה אַז װאָס שײך קולטור האָבן זײ אױפֿגעהערט צו זײַן אַ נאַציאָנאַליטעט.

די אינעװײניקסטע סתּירה אין דער קאָנצעפּציע װאַרפֿט זיך אין די אױגן: די אַנטװיקלונג פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור איז דער לעבנס־יסוד פֿון יעדער סאָציאַלער גרופּע װאָס איז אַ נאַציאָנאַליטעט (פֿאַר דעם מלוכישן קאָלעקטיװ, װאָס מען באַצײכנט טײל מאָל אױך מיטן נאָמען „פֿאָלק״, אָדער „נאַציע״, קען דאָס זײַן אַנדערש); דאָס אָנערקענען אַ סאָציאַלע גרופּע פֿאָרמעל װי אַ נאַציאָ־נאַליטעט, אָבער אָן די רעכט צו אַנטװיקלען איר נאַציאָנאַלע קולטור, האָט ניט קײן שום ממשות.

## צי איז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד טאַקע פֿאַרשװוּנדן די באַדערפֿעניש צו אַנטװיקלען די ייִדישע קולטור?

אין די אָפֿיציעלע סאָװעטישע אַרױסזאָגונגען װערט מיט גרױס עקשנות איבערגעחזרט דער געדאַנק װעגן נאַטירלעכן טױט פֿון דער ייִדישער קולטור אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אָבער דאָס שטימט ניט מיט דער װירקלעכקײט. דאָס ייִדישע קולטורעלע לעבן װאָס האָט כּמעט אין גאַנצן אױפֿגעהערט אין דער צװײטער העלפֿט דרײַסיקער יאָרן און אין די יאָרן 49/1948, איז דאָס געװען אַ פּועל־יוצא פֿון אַן אױסנװײניקסטער אַרײַנמישונג מיט מאָסמיטלען פֿון טעראָר און געװאַלדאַקט; דאָס איז ניט געװען קײן נאַטירלעכער טױט. אַפֿילו װען מען פֿאַרמאַכט די אױגן אױף דער צװײמאָליקער געװאַלד־טעררישער אַרײַנרײַסונג אין דער אַנטװיקלונג פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קולטור, און מען שטעלט זיך אױפֿן שטאַנדפּונקט פֿון „געשעענע פֿאַקטן״, אַז — זאָל זײַן ניט מיט קײן נאַטירלעכן טױט, נאָר דורך אַ געװאַלדאַקט — די ייִדישע קולטור איז געשטאָרבן און אַז צוזאַמען מיט איר איז אױך אָפּגעשטאָרבן די באַדערפֿעניש זי צו אַנט־װיקלען, קומען אָבער אָן אַ שיעור אַנדערע פֿאַקטן װאָס לײקענען דאָס אָפּ.

מיר האָבן שױן פֿריִער גערעדט װעגן דעם סימפּטאָמאַטישן באַטײַט פֿון דעם גרױסן דערפֿאָלג װאָס ס׳האָבן געהאַט די ייִדישע קאָנצערטן. זאָל זײַן, אַז די צאָל פֿון 3,000,000 קאָנצערט־גײערס פֿאַר בלויז אײן יאָר (1957), װאָס דער פֿאַרטרעטער פֿון מיניסטער פֿאַר קולטור אין פֿסס״ר דאַנילאָװ האָט אָנגעגעבן, איז איבערגעטריבן. אָבער דער פֿאַקט גופֿא, װאָס ייִדישע קאָנצערטן, אַפֿילו פֿון אַ ספֿקדיקער קינסטלערישער קװאַליטעט, האָבן דאָך צוגעצױגן זײער אַ גרױסע

צאָל סאָוועטישע ייִדן, איז אַ ראיה, אַז די ניט־באַפרידיקטע באַדערפעניש אין נאַציאָנאַל־קולטורעלע איבערלעבונגען, איז יאָ פאַראַן.

אָבער מליצי־יושר פון דער אָפיציעלער קאָנצעפציע מאַכן זיך ניט ווינסדיק, און זיי ברענגען כסדר דעם אַרגומענט, אַז די ייִדישע שפּראַך איז שוין כלומרשט כמעט אין גאַנצן אַרויסגעשטויסן פון דער ייִדישער סביבה, אַז דער רובֿ סאָוועטישע ייִדן פאַרשטייען שוין כלומרשט קיין ייִדיש ניט. אָבער אויך דער אַרגומענט, ווען מען קאָנפראָנטירט אים מיט די רעאַלע פאַקטן, ווײַזט זיך אַרויס צו זײַן אוממשותדיק. דאָ איז כדאַי צו פאַררופן זיך אויף אויסלענדישע קאָמוניסטן. לכתחילה זײַנען זיי ביז אַ געוויסן גראַד געווען אונטער דער השפעה פון דער אָפיציעלער קאָנצעפציע, אַז אין ראַטן־פאַרבאַנד איז שוין די ייִדישע שפּראַך כמעט אין גאַנצן פאַרשוווּנדן. אָבער מיט פאַרוווּנדערונג, און דוכט זיך אויך מיט אַ געוויסער באַפרידיקונג, האָבן זיי זיך איבערצײַגט, אַז ס׳איז גאָר פאַרקערט. די מיטגלידער פון אַ קאָמוניסטישער פרויען־דעלעגאַציע פון מדינת־ישׂראל, וואָס זײַנען געווען אין ראַטן־פאַרבאַנד אין 1954, האָבן דערציילט, אַז מיטן גרעסטן טייל סאָוועטישע ייִדן, וואָס זיי האָבן באַגעגנט, האָבן זיי זיך געקענט צונויפריידן אויף ייִדיש.[2] און ס׳וואָלט דאָך טאָקע געווען אויסטערליש, אויב ס׳וואָלט ניט געווען אַזוי. איז דאָך ייִדיש געווען די מוטערשפּראַך ניט בלויז פון דער מערהייט פון עלטערן דור ייִדן (אין דער אַלפאַרבאַנדישער פאָלקסציילונג פון דעצעמבער 1926 האָבן 72.6% פון דער סאָוועטישער ייִדישער באַפעלקערונג אָנגעגעבן ייִדיש ווי זייער מוטערשפּראַך),[3] נאָר אויך פאַר אַ מערהייט פון מיטעלן דור (מענטשן וואָס זײַנען איצט אַלט אַן ערך 40—45 יאָר) וואָס זײַנען שולעלטער פאַלט אויס אויף דער ערשטער העלפט דרײַסיקער יאָרן, איז די ריידשפּראַך געווען ייִדיש.[4] בלויז בײַ די ייִנגערע דורות ייִדן קען טאָקע די מערהייט קיין ייִדיש ניט. אָבער גראַד בײַ זיי האָט זיך נאָך דער מלחמה אויפגעוועקט אַ לעבעדיקער אינטערעס צום לערנען זיך ייִדיש.

דאָס האָט באַמערקט אַן אַנדער קאָמוניסטישע דעלעגאַציע. אין 1958 איז אין ראַטן־פאַרבאַנד געקומען אַ ייִדישע קאָמוניסטישע דעלעגאַציע פון פראַנקרײַך. לויט דער איניציאַטיוו פון דעם פירער פון דער פראַנצייזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי מאָריס טאָרעז, איז די דעלעגאַציע פון דרײַ פערזאָן געשיקט געוואָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד מיטן אויסדריקלעכן ציל אויפצוקלערן די פראַגע ייִדן אין ראַטן־פאַרבאַנד. חיים סלאָוועס, אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַציע, האָט נאָכן צוריקקומען אין פראַנקרײַך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, וואָס יעדערער וואָס אינטערעסירט זיך מיט דעם איצטיקן מצבֿ פון ייִדן אין ראַטן־פאַרבאַנד, דאַרף זיך מיט דעם באַקענען. אין דעם אָפטייל פאַר פעריאָדישע אויסגאַבעס אין דער מאָסקווער ביבליאָטעק אויף לענינס נאָמען האָבן די דעלעגאַטן מיט צופרידנקייט פעסט־געשטעלט, אַז ס׳זײַנען דאָרט פאַראַן ייִדישע פעריאָדישע אויסגאַבעס אויך: דער ביראָבידזשאַנער שטערן און עטלעכע אויסלענדישע ייִדישע קאָמוניסטישע צײַטונגען (די ניו־יאָרקער מאָרגן־פרײַהייט, די פּאַריזער נײַע פּרעסע, די תּל־אָבֿיבֿער פרײַ ישׂראל). דער קאָמפּלעט ביראָבידזשאַנער שטערן האָט אויסגעזען פריש, ניט־אָנגערירט, אָבער די אויסלענדישע קאָמוניסטישע צײַטונגען זײַנען

געוועזן אַזוי „פֿאַרלייענט״, אַז טייל מאָל האָט מען דאָרטן שוין גאָרניט געקענט איבערלייענען. כּדי זיי צו לייענען שטעלט מען זיך אין אַ ריי, אַנדערע פֿאַרשרײַבן זיך אויף אַ וואָך פֿאָרויס. ווען סלאָוועס האָט געפֿרעגט זײַן שכן אין ביבליאָטעק (יענער האָט געהאַלטן אין לייענען די נײַע פּרעסע), פֿאַר וואָס איז אַזוי גרויס דער אינטערעס צו די אויסלענדישע צײַטונגען, בעת אויפֿן ביראָבידזשאַנער שטערן לייגן ניט די לייענערס קיין אַכט, האָט דער שכן געענטפֿערט: אין בירא־בידזשאַנער שטערן איז ניטאָ קיין שום זאַך וואָס וואָלט אים געקענט אינטערעסירן, — איינער־צוויי אַרטיקלען פֿון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, וואָס מען האָט איבערגעדרוקט פֿון די צענטראַלע צײַטונגען און וואָס ער האָט שוין געזען, און אַלגעמיינע לאָקאַלע כראָניק. דער שמועס (אויף ייִדיש) האָט גיך צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון נאָך לייענערס און געוואָרן אַן אַלגעמיינער שמועס; ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער פֿראַגע איז דאָ אַ פֿולשטענדיקע איינשטימיקייט, און אַלע וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם שמועס אינטערעסירן זיך מיט ייִדישע ענינים.[5]

אויפֿן סמך פֿון דער אָבסערוואַציע איז פֿאַרשטייט זיך שווער צו מישפּטן ווי ווײַט פֿאַרשפּרייט ס'איז די באַדערפֿעניש אין אַ ייִדישער צײַטונג, אָבער אַז אַזאַ באַדערפֿעניש איז פֿאַראַן, קען דוכט זיך קיין ספֿק ניט זײַן. סלאָוועס שרײַבט, אַז כּל־זמן מען האָט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד דערלויבט צו אַבאָנירן די אויסלענדישע ייִדישע קאָמוניסטישע צײַטונגען, פֿלעגן זיי גיין פֿון האַנט צו האַנט און מען פֿלעגט זיי לייענען „אין אַ סך טויזנטער פֿאַמיליעס״.[6] אָבער אין די אָפֿיציעלע קרײַזן לייקנט מען בכלל, אַז ס'איז בײַ ייִדן פֿאַראַן אַ באַדערפֿעניש אין אַ ייִדישער צײַטונג. צו דער פֿראַגע פֿון אויפֿלעבן דאָס אַרויסגעבן אַ ייִדישע צײַטונג באַציט מען זיך נאָך מיט מער אָנגעשפּיצטקייט איידער צו דער פֿראַגע וועגן אויפֿלעבן דאָס אַרויסגעבן ייִדישע ביכער. „אַפֿילו צווישן די וואָס אָנערקענען די נויטווענדיקייט פֿון אַ ייִדישן טעאַטער, זאָגט זיך דער גרעסטער טייל אַרויס קאַטעגאָריש קעגן אַ ייִדישער צײַטונג״.[7] בײַם באַגרינדן פֿאַר וואָס מען דאַרף ניט קיין ייִדישע צײַטונג פֿאַררופֿט מען זיך אויף דעם, אַז די איינינקייט האָט אין דעם לעצטן פּעריאָד פֿון איר עקסיסטענץ „פֿון טאָג צו טאָג פֿאַרלאָרן לייענערס, און אַ גרויסער טייל פֿון איר טיראַזש איז אַוועק אויף מאַקולאַטור״. אָבער די ייִדישע שרײַבערס, וואָס סלאָוועס האָט מיט זיי גערעדט, האָבן בפּירוש אָפּגעוואָרפֿן דעם אַרגומענט: דער נאָכפֿרעג אויף דער איינינקייט איז אין דעם לעצטן פּעריאָד פֿון איר עקסיסטענץ ניט געפֿאַלן, נאָר ער האָט זיך געהויבן; און גראָד פֿאַרן פֿאַרמאַכן האָט די אַדמיניסטראַציע פֿון דער איינינקייט זיך גענומען משתדל צו זײַן וועגן אַ דערלויבעניש היפּש צו פֿאַרגרעסערן איר טיראַזש.[8]

פֿון דעם זעלבן מקור איז נאָך כּדאַי צו ברענגען נאָך איין אָבסערוואַציע. די מאָסקווער ביבליאָטעק אויף לענינס נאָמען האָט אויפֿגעהיט אַ היפּשע צאָל ייִדישע ביכער. דאָס איז גוט באַקאַנט, און „פֿון צענדליגער און צענדליגער שטעט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד״ קומען כּסדר אָן באַשטעלונגען צו שיקן זיי — אויפֿן סמך פֿון צווישנביבליאָטעקישער קעגנזײַטיקער הילף — ייִדישע ביכער.[9]

דאָס עקשנותדיקע אָפּזאָגן זיך צו געבן ייִדן די רעכט צו אַנטוויקלען זייער

נאַציאָנאַלע קולטור, אַפילו ניט אין אַזאַ באַשיידענער פאָרעם, ווי זיי האָבן דאָס געהאַט אין צאַרישן רוסלאַנד, מוזן די סאָוועטישע ייִדן אויפנעמען — איך וועל זיך אויסדריקן זייער איינגעהאַלטן — ווי אַ פּאָליטיק וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס פיינדלעך צו ייִדן, ד״ה אַ פּאָליטיק וואָס האָט אין זיך קערנער פון אַנטי־סעמיטיזם.

## וואָס איז דער עיקר אין דעם היינטצייטיקן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם

אין די לעצטע יאָרן זיינען אין ראַטן־פאַרבאַנד געווען צו גאַסט אַ גאַנץ גרויסע צאָל אָביעקטיווע און אויפמערקזאַמע אָבסערווירערס און זיי האָבן קיין ספק ניט אין דעם, אַז אויך היינט עקסיסטירט אין ראַטן־פאַרבאַנד אַנטיסעמיטיזם. אָבער ס׳רופט אויך ניט אַרויס קיין ספק די מיינונג, אַז וואָס שייך פאַרנעם און שאַרפקייט איז דער איצטיקער סאָוועטישער אַנטיסעמיטיזם וויים הינטער־שטעליק לגבי דעם אַנטיסעמיטיזם פון דער מלחמה־צייט, פון די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה, און אַוודאי קען ער זיך אין דער מינדסטער מאָס ניט פאַר־גלייכן מיט יענעם ווילדן אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט כאַראַקטעריזירט דעם לעצטן פעריאָד פון סטאַלינס ממשלה.

דער עיקר פון דעם היינטצייטיקן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם איז דיסקרי־מינאַציע לגבי ייִדן, וואָס קומט צום אויסדריק אויף כּלערליי אופנים. מיר האָבן שוין פריִער געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַמערקן, אַז אַפילו אין רעליגיעזע ענינים איז די רעכטלאָזיקייט פון ייִדן גרעסער איידער די רעכט־לאָזיקייט פון אַנדערע רעליגיעזע גרופּעס. נאָך שאַרפער און כּמעט אַבסאָלוט איז די רעכטלאָזיקייט פון ייִדן אין קולטורעלן לעבן, אין דער צייט וואָס פאַר אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן האָבן זיך דאָ געעפנט גאַנץ ברייטע מעגלעכקייטן. דאָס זיינען אַלץ דערשיינונגען פון בפירושער דיסקרימינאַציע לגבי ייִדן ווי אַ כּלל און זייער שייכות צו ייִדן ווי באַזונדערע יחידים איז אַן אומדירעקטער. אָבער די דיסקרימינאַציע גייט נאָך ווייטער און זי שלאָגט שוין דירעקט דעם ייִדישן יחיד באַזונדער אויך. דער מין דיסקרימינאַציע איז שייך צו אַלגעמיינער בילדונג (קודם־כּל העכערע בילדונג) און צו פאַכבילדונג. אַנדערע דערשיינונגען פון בפירושער דיסקרימינאַציע — ווי דיסקרימינאַציע אין טאָג־טעגלעכן לעבן (למשל ביים קריגן אַ דירה אאַז״וו) — זיינען אין ראַטן־פאַרבאַנד זעלטן.

דער אָנהייב פון דיסקרימינאַציע לגבי ייִדן אין בילדונג גייט צוריק צו דער צווייטער העלפט דרייסיקער יאָרן. בהדרגה האָבן זיך פאַר ייִדן געגומען פאַרמאַכן די טירן פון די העכערע לערן־אַנשטאַלטן וואָס גרייטן צו באַאַמטע פאַרן מיניס־טעריום פון אויסנווייניקסטע ענינים און פאַרן מיניסטעריום פון אויסנווייניקסטן האַנדל, פון די העכערע מיליטערישע לערן־אַנשטאַלטן, און נאָך דער מלחמה אויך אַ גרויסער טייל מיליטערישע מיטלשולן (און אפשר טאַקע אַלע מיליטערישע מיטלשולן?); ס׳זיינען איינגעפירט געוואָרן באַגרענעצונגען ביים אָננעמען אין העכערע לערן־אַנשטאַלטן בכלל. אָבער ניט אין אַלע, און ווייזט אויס, אַז אין פאַרשיידענע לערן־אַנשטאַלטן זיינען די באַגרענעצונגען פאַרשיידן. דאָס ווערט געהאַלטן בסוד; אָבער ידיעות וועגן דעם זיינען שוין געווען ניט איין מאָל און

פֿון באַגלייביק מקורים, אַז ס׳קען שוין קיין ספֿק ניט זײַן, אַז ס׳עקסיסטירן ספּעציעלע באַגרעצנדיקע פֿאַראָרדענונגען.

אַ ביז גאָר קאָנקרעטע ידיעה האָט געבראַכט דער געוועזענער פּאָרזיצער פֿון י. ל. פּרץ־שרײַבער־פֿאַריין, לעאָן קרישטאַל וואָס האָט זומער 1958 באַזוכט דעם אוניווערסיטעט אין מינסק. דאָרטן האָט ער אויף אַ טאָוול געפֿונען געגעבענע (על־פּי נאַציאָנאַליטעטן) וועגן די וואָס האָבן דעם לעצטן יאָר געענדיקט די שטודיעס אויף די פֿאַקולטעטן פֿון געשיכטע און פֿון כעמיע: צווישן די 300 וואָס האָבן געענדיקט דעם היסטאָרישן פֿאַקולטעט זײַנען געווען 7 ייִדן, צווישן די 249 וואָס האָבן געענדיקט דעם כעמישן פֿאַקולטעט — 8 ייִדן.[10] אָט די ציפֿערן — פֿאַר מינסק! — ריידן פֿאַר זיך אַליין. אין דער פּרעסע איז אַפֿילו דעמאָלט געווען אָנגעגעבן אַ גרעסערע ציפֿער. דער מיניסטער פֿאַר העכערע און מיטלע שולן אין פּסס״ר, וו. פּ. יעלוטין, וואָס האָט באַגלייט כרושטשאָוון אויף זײַן נסיעה אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן סעפּטעמבער 1959, האָט אין אַ שמועס מיט האַרי שוואַרצן פֿון ניו־יאָרק טײַמז דערקלערט, אַז דער פּראָצענט ייִדן צווישן די סטודענטן פֿון די העכערע און מיטעלע שולן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד דערגייט ביז צען.[11] דאָס איז פֿאַרשטייט זיך געווען שטאַרק איבערגעטריבן.

פֿאַר דער נײַסטער צײַט פֿאַרמאָגן מיר שוין אויך אָפֿיציעלע געגעבענע וועגן דער צאָל ייִדן וואָס לערנען זיך אין די העכערע און מיטעלע שולן פֿאַר ספּעציאַליסטישער אויסבילדונג. אין דעם סטאַטיסטישן יאָרבוך פֿון פּסס״ר פֿאַרן יאָר 1963 זײַנען אין דער טאַבעלע וועגן דער גרופּירונג פֿון סטודענטן אין די העכערע און מיטעלע שולן פֿאַר ספּעציאַליסטישער אויסבילדונג על־פּי נאַציאָנאַליטעטן — צום ערשטן מאָל — פֿאַראַן אויך געגעבענע וועגן ייִדן.[12] אין די העכערע לערן־אַנשטאַלטן האָט די צאָל ייִדן דערגרייכט:

אין 64/1962 — 82.6 טויזנט אויף דער אַלגעמיינער צאָל 3,260.7 טויזנט, ד״ה פֿאַר די שייכדיקע יאָרן 2.6 און 2.5 פּראָצענט. צווישן די וואָס לערנען זיך אין די מיטעלע שולן פֿאַר ספּעציאַליסטישער אויסבילדונג האָט דער פּראָצענט ייִדן אין ביידע יאָרן דערגרייכט 1.8. ווען מען נעמט אין אַכט די אויסערגעוויינט־לעכע אורבאַניזירונג פֿון דעם סאָוועטישן ייִדנטום און די טראַדיציאָנעל־ייִדישע ציִונג צו העכערער בילדונג, זאָגן די ציפֿערן בלי ספֿק עדות אויף דעם, אַז בײַם אָננעמען ייִדן אין די העכערע און מיטעלע שולן פֿאַר ספּעציאַליסטישער אויסביל־דונג ווערן אָנגעווענדט געוויסע באַגרענעצנדיקע פֿאַראָרדענונגען. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין דעם פֿאַרעמדיקן קאַפּיטל, ווערט די באַגרענעצנדיקע פּאָלי־טיק אין די לעצטע יאָרן דורכגעפֿירט משמעות ניט אַזוי שטרענג. אָבער זי איז נאָך בלי ספֿק ניט אָפּגעשוואַכט.

די באַגרענעצונגען זײַנען ניט קיין ציל פֿאַר זיך, זיי האָבן אַ קאָנקרעטן באַטײַט: זיי זײַנען אויסן צו פֿאַרמאַכן, אָדער צו באַגרענעצן פֿאַר ייִדן דעם צוטריט צו באַשטימטע צווײַגן טעטיקייט. אין דעם איצטיקן מאָמענט זײַנען די מיניסטעריומס פֿאַר אויסנווייניקסטע ענינים און פֿאַר אויסנווייניקסטן האַנדל אַבסאָלוט, אָדער כּמעט אַבסאָלוט „יודענריין״; אין דעם העכערן און מיטעלן אָפֿיצערן־שטאַנד איז פֿאַרבליבן בלויז אַ נישטיקע צאָל ייִדן (פֿון צווישן די וואָס

האָבן זיך אַרויסגערוקט בעת דער מלחמה). וואָס שייך וויסנשאַפֿט איז דאָס בילד מער פֿילפֿאַרביק. ס׳זײַנען פֿאַראַן עטלעכע צווײַגן, ווו ייִדן שפּילן זייער אַן אָנזעעוודיקע ראָלע; דאָס זײַנען קודם־כּל מאַטעמאַטיק און פֿיזיק. ס׳זײַנען פֿאַראַן אַ סך ייִדן אינזשענירן, מער אין די צעכן, אין די קאָנסטרוקציע־ביוראָען, אין די וויסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישע אינסטיטוטן, אָבער זייער זעלטן אויף אָנפֿירנדיקע אינזשענירישע שטעלעס אין די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און אין די פֿאָרש־אינסטיטוטן. האַריסאָן סאָלסבערי האָט אין 1959 געשריבן אין ניו יאָרק טײַמז, אַז נאָך 1948 האָבן אַלע פּראָפֿעסאָרן ייִדן געמוזט פֿאַרלאָזן דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט. אין מאָסקווער אוניווערסיטעט „איז אַפֿילו נאָך הײַנט האָט בלויז איין ייִד אַ קאַטעדרע. ענלעך איז די סיטואַציע אין דער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿטן, חוץ די אָפּטיילן פֿאַר מאַטעמאַטיק און פֿיזיק״, ווו דאָס באַזײַטיקן די ייִדן וואָלט געבראַכט צו פֿיל שאָדן.[13]

אָבער דאָס איז נאָך ווײַט ניט אַלץ. אפֿשר נאָך מער כאַראַקטעריסטיש איז אַן אַנדער פֿאַקט: מען טרעפֿט שוין כּמעט ניט קיין ייִד אויף וויכטיקע אַדמיניסטראַטיווע אַמטן ניט אין דער מלוכישער סיסטעם און ניט אין די פּאַרטיייִשע אָרגאַנען (אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס משמעות ווייניקער שאַרף אויסגעדריקט אין ווײַסרוסלאַנד). אין שײַכות מיט דעם איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז אין צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי, וואָס מען האָט אויסגעקליבן אויפֿן 22סטן צוזאַמענפֿאָר, איז צווישן די 175 מיטגלידער און 155 קאַנדידאַטן פֿאַראַן נאָר איין ייִד (וו. ע. דימשיץ).

ווען אויסלענדער פֿרעגן בײַ סאָוועטישע פּני וועגן דער דיסקרימינאַציע לגבי ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, רופֿט די פֿראַגע גופֿא אַרויס אַ פּראָטעסט, און טייל מאָל ווערט זי באַצייכנט ווי אַ פּראָוואָקאַציע. אָבער די לעצטע יאָרן האָט זיך שוין גענומען אײַנשטעלן אַן *אָפֿיציעלע אַרגומענטאַציע אויף צו פֿאַרטיידיקן די דיסקרימינאַציע*. עפֿנטלעך — אפֿשר גאָר צופֿעליק און נאָך זייער צעשוומען — האָט דעם אַרגומענט צום ערשטן מאָל גענוצט יעקאַטערינאַ פֿורצעוואַ בעת זי איז נאָך געווען אַ מיטגליד פֿון פּרעזידיום פֿון צ״ק פֿון דער קאָמפּאַרטיי. אין אַ שמועס מיטן קאָרעספּאָנדענט פֿון דעם האַלב־קאָמוניסטישן ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט נעשאָנעל גאַרדיען טאַביטאַ פּעטראַן אין יוני 1956 האָט פֿורצעוואַ

> „בפֿירוש געלייקנט, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד זאָל מען כּלומרשט ווען ניט איז האָבן גערודפֿט די ייִדישע קולטור... מיט עטלעכע יאָר צוריק איז געווען אַ רייד וועגן אַנטיסעמיטיזם; אָבער דאָס איז אַלץ געווען געבויט אויף אַ פֿאַלשער אינטערפּרעטאַציע פֿון געוויסע מאָסמיטלען פֿון דער רעגירונג. די רעגירונג האָט אויסגעפֿונען, אַז אין טייל מיניסטעריומס איז פֿאַראַן אַ גרויסע קאָנצענטראַציע פֿון ייִדן, וואָס האָט געגרייכט ביז 50 און נאָך מער פּראָצענט פֿון דעם גאַנצן שטאַט. ס׳זײַנען אָנגענומען געוואָרן מאָסמיטלען אויף אַריבערצופֿירן די ייִדן אין אַנדערע אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען, ווו מען האָט זיי געגעבן פּונקט אַזעלכע גוטע שטעלעס אָן קיין שום אַטענטאַטן אויף זייערע רעכט...״[14]

ס׳איז צו שטוינען, וואָס אין די פֿיל אָפּרופֿן אין אויסלאַנד אויף אָט דעם אינטערוויו, האָט קיינער ניט אָפּגעפֿרעגט פֿאָרצעוואָס פֿעסטשטעלונג, אַז אין טייל מיניסטעריומס זאָל די צאָל ייִדן „מיט עטלעכע יאָר צוריק" כלומרשט האָבן דערגאַנגען ביז 50% פֿון דעם גאַנצן שטאַט און נאָך העכער, און אַז דאָס זאָל כלומרשט האָבן געווען די סיבה, וואָס מען האָט טייל ייִדן אַריבערגעפֿירט אין אַנדערע אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען. „ביז 50% און העכער", דאָס איז פּשוט אַ ניט־קלוגע אויסטראַכטעניש וואָס זאָגט עדות אויף פֿאָרצעוואָס זאָרגלאָזער באַציִונג צו פֿאַקטן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער ייִדן־פֿראַגע. אָבער פֿאָרצעוואָ האָט זיך געניטיקט אין דער איבערטרײַבונג, ווײַל זי האָט געדאַרפֿט פֿאַרמאַסקירן אַ סך אַ וויכטיקערע זאַך: דער תּוך פֿון פֿאָרצעוואָס באַמערקונג איז דער געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט צו באַזײַטיקן ייִדן פֿון אינסטיטוציעס אויב דער פּראָצענט ייִדן אין זיי שטימט ניט מיטן פּראָצענט ייִדן אין דער באַפֿעלקערונג, דער געדאַנק פֿון *אַ פּראָצענט־נאָרמע.*

מיט צוויי חדשים שפּעטער האָט די קאַנאַדישע קאָמוניסטישע דעלעגאַציע (וואָס מיר האָבן שוין פֿריִער דערמאָנט) אין אירע שמועסן מיט די פֿאָרשטייערס פֿון סאָוועטישן קאָמוניסטישן צ״ק אויפֿגעהויבן די פֿראַגע וועגן פֿאָרצעוואָס אינטערוויו, און זיי האָבן זיך באַמיט צו איבערצײַגן זייערע מיטשמועסערס, אַז איר אַרגומענטאַציע איז ניט־דערלאָזלעך, האָבן די פֿאָרשטייערס פֿון צ״ק זייער ענערגיש פֿאַרטיידיקט פֿאָרצעוואָן.[15] זינט דעמאָלט איז דער אַרגומענט, אַז די כלומרשטע שווערקייטן, וואָס ייִדן האָבן בײַם קריגן אַרבעט, אָדער בײַם אויס־קלײַבן אַ פּראָפֿעסיע, נעמען זיך פֿון דער שטרעבונג פֿון די מאַכטאָרגאַנען אויס־צושטימען דעם פּראָצענט ייִדן אין פֿאַרשיידענע צווײַגן מיטן פּראָצענט ייִדן אין דער גאַנצער באַפֿעלקערונג, פֿעסט אַרײַן אין סאָוועטישן אָפֿיציעלן נוסח.

דאָ איז ניט נייטיק צו דערווײַזן די אוממשותדיקייט פֿון דעם אַרגומענט. איך וויל נאָר באַמערקן, אַז די טאַנדעטנע שטעך פֿון דעם אַרגומענט זעען זיך בולט אַרויס צוליב דעם, וואָס דער פּראָצענט־פּרינציפּ לגבי ייִדן ווערט לחלוטין ניט אָנגעווענדט אין אַלע פֿאַלן אין אַ גלײַכער מאָס; ער דינט בלויז פֿאַר אַן אויסרייד אין דער בונטפֿאַרביקער פּראַקטיק פֿון דיסקרימינאַציע אין כלערליי פֿאַלן וואָס האָט פֿאַקטיש גאָרניט צו טאָן מיט דער צאָל ייִדן אינעם באַשטאַנד פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג. דאָס וואָס איז דאָ אפֿשר צום מערסטן כאַראַק־טעריסטיש איז דער פֿאַקט, אַז *אָט דער פּרינציפּ ווערט אין דער פֿילפֿעלקערדיקער סאָוועטישער מלוכה אָנגעווענדט בלויז לגבי ייִדן.*

די פּראַקטיק פֿון דיסקרימינאַציע האָט ערנצטע *סאָציאַל־פּסיכאָ־לאָגישע קאָנסעקווענצן.* בײַ ניט־ייִדן וואָס זײַנען צו ביסלעך אָנגע־שטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם שטאַרקט זי זייערע אַנטיסעמיטישע שטימונגען; בײַ די וואָס זײַנען ניט אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם שאַפֿט זי די פֿאָרשטע־לונג, אַז ייִדן זײַנען אין אַ געוויסער מאָס בירגערס פֿון צווייטן סאָרט, און אַז מען דאַרף זיך צו זיי באַציִען מיט אָנגעשפּיצטקייט. אויף אַזאַ אופֿן שאַפֿט די דיסקרימינאַציע לגבי ייִדן אַ פֿעט יײַכל פֿאַר די באַצילן פֿון אַנטיסעמיטיזם.

צווישן ייִדן זענען די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע קאָנסעקווענצן פֿון דער דיסקרי־מינאַציע־פּראַקטיק פֿאַרשטייט זיך אַנדערע. בײַ ייִדן רופֿט זי אַרויס פֿאַרביטערונג, אַ געפֿיל פֿון רעכטלאָזיקייט און סאָציאַלער איגנאָרירונג, אַ רעכטלאָזיקייט, וואָס קעגן איר דערלאָזט מען ניט אַפֿילו קיין שאָטן פֿון פּראָטעסט. אַ שטויינענדיקע אילוסטראַציע פֿון אָט די שטימונגען ברענגט סלאָוועס אין זײַן באַריכט וועגן אַ „שאַפֿערישן אָוונט" פֿון ייִדישע שרײַבערס ערבֿ זײַן אָפּפֿאָר פֿון מאָסקווע. די פֿאַרזאַמלונג האָט מען געררופֿן אין שײַכות מיטן אָנקום אין מאָסקווע פֿון עטלעכע אויסלענדישע ייִדישע זשורנאַליסטן. ס'זײַנען בײַגעווען איבער צוואַנציק סאָוועטישע ייִדישע שרײַבערס און עטלעכע געסט. מען האָט זיך פֿאַרזאַמלט אין דעם לאָקאַל פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿונעם סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַראיין, אויס־געזעצט זיך אַרום אַ לאַנגן טיש, אָבער ענג צונויפֿגערוקט, און איבערגעלאָזן איין עק טיש ניט־באַזעצט. דעם פֿאָרזיץ האָט געפֿירט האַלקין, דער איינציקער לעבן־געבליבענער פֿון דער גרופּע אָנגעזעענע ייִדישע שרײַבערס וואָס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן בעת דער ליקווידאַציע פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט:[16]

„האַלקין האָט אָנגעהויבן זייער שטיל: 'חבֿרים', און ווי פֿאַרזונקען אין זײַנע אייגענע געדאַנקען, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. אַלע האָבן גע־וואַרט אין טיפֿן שווײַגן ביז ער האָט נאָך אַ לענגערער הפֿסקה, ווי ער וואָלט פֿאַרענדיקט זײַן אַרײַנפֿיר־וואָרט, וואָס ער האָט געהאַלטן בלויז אין געדאַנק, שטיל געזאָגט: 'נו, לאָמיר אָנהייבן'.

דאָס איז ניט געווען קיין אָוונט צום אָנדענק פֿון די אומגעקומענע, וואָס זייער אָרט איז געבליבן פֿרײַ, אָבער זייער בײַזײַן האָט מען געפֿילט אין יעדנס בליק, אין יעדער באַוועגונג פֿון די וואָס זײַנען דאָ געווען. די פֿאַרזאַמלונג איז געווען לכּבֿוד דער שאַפֿונג פֿון די געבליבענע און לעבעדיקע שרײַבערס"...

ווי דערשלאָגן דאַרף מען זײַן בײַ זיך, כּדי אויף אַזאַ אופֿן צו ערן אייגענע אומגעקומענע באַליבטע שרײַבערס, וואָס זייערע נעמען זײַנען שוין רעהאַבילי־טירט! — אָבער קיינער האָט זיך ניט אַנטשלאָסן זיי אָנצורופֿן. אָבער דאָס איז געווען ניט נאָר אַ שווײַגנדיקער כּבֿוד־אָפּגעבן די אומגעקומענע, נאָר אויך אַ שווײַגנדיקע פֿײַערונג לכּבֿוד האַלקינען וואָס איז מיט עטלעכע חדשים פֿריִער אַלט געוואָרן 60 יאָר. צו זײַן יובֿל האָט דער סאָוועטישער שרײַבער־פֿאַראיין אָרגאַ־ניזירט אַ פֿײַערונג. אָבער, זאָגט סלאָוועס, „קיין איין ייִדישער שרײַבער האָט דעמאָלט ניט געקריגן קיין וואָרט", און „די גאַנצע פֿײַערונג האָט מען דורכגעפֿירט אויף רוסיש". די „צופֿעליקע" פֿאַרזאַמלונג פֿון ייִדישע שרײַבערס אין עטלעכע חדשים נאָכן יובֿל איז געווען די איינציקע — שווײַגנדיקע! — פֿײַערונג פֿאַר האַלקינען פֿון דעם ייִדישן שרײַבער־קאָלעקטיוו אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.[17] ס'איז זיך אַפֿילו שווער פֿאָרצושטעלן, צי עפּעס ענלעכס וואָלט געקענט געשען מיט אַן אָנגעזעענעם רוסישן, אָדער אוקראַיִנישן, גרוזינישן, אָדער טאָטערישן, ליטווישן, אָדער קאַזאַכישן שרײַבער.

## דער וווּקס פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן באַוווּסטזײַן

די לעצטע יאָרן לעבן די סאָוועטישע ייִדן אין אַן אַטמאָספֿער פֿון אָפֿיציעל־אָפּגעלייקנטן אַנטיסעמיטיזם, אָבער פֿון עקשנותדיקער האַלב־פֿאַרשטעלט־אַנטי־סעמיטישער אַדמיניסטראַטיווער פּראַקטיק. ווי רופֿט זיך אָפּ דער צושטאַנד אויף די שטימונגען פֿון די סאָוועטישע ייִדן?

וועגן דעם געפֿיל פֿון פֿאַרביטערונג בײַ די סאָוועטישע ייִדן האָבן מיר שוין פֿריִער דערמאָנט; זי האָט אַרומגעכאַפּט ברייטע שיכטן פֿון סאָוועטישן ייִדנטום. אָבער צו גלײַך מיט דער פֿאַרביטערונג, און אין אַ גרויסער מאָס טאָקע צוליב דער שאַרפֿקייט פֿון אָט דעם געפֿיל — שטאַרקט זיך בײַ די סאָוועטישע ייִדן דאָס געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. אַוודאי איז דאָס ניט קיין אַלגעמיינע דערשײַנונג: ס׳זײַנען זיכער פֿאַראַן ניט ווייניק ייִדן וואָס וואָלטן געוואָלט ווי ניט איז אויסבאַהאַלטן — און ווו זיי קענען, טוען זיי דאָס — זייער ייִדישקייט. אָבער דער בולטסטער שטריך וואָס מערקט זיך די לעצטע יאָרן — אפֿשר דאַרף מען דאָס זאָגן פֿאָרזיכטיקער: וואָס האָט זיך געמערקט אין דער צווייטער העלפֿט פֿופֿציקער יאָרן — איז דער אָנספּקדיקער וווּקס פֿון דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזײַן אין ברייטע שיכטן פֿון סאָוועטישן ייִדנטום. ספּעציעל באַמערקט זיך דער אויפֿגעוואַכטער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזײַן אין דער סבֿיבֿה פֿון די אַסימילירטע (ד״ה רוסיפֿיצירטע) ייִדן.

האַריסאָן סאַלסבערי דערציילט וועגן אַ קאָנצערט פֿון ייִדישע לידער אין מאָסקווע זומער 1959. אויפֿן קאָנצערט — פֿון אַ קינסטלעריש־דורכשניטלעכער ווערדע — זײַנען געווען אַרום 1,200 מענטשן, כּמעט אַלע ייִדן, וואָס האָבן זיך צוגעהערט פֿון אָנהייב ביז צום סוף מיט אויסערגעוויינטלעכער אויפֿמערקזאַמקייט. בעתן קאָנצערט האָט סאַלסבערי פֿאַרפֿירט אַ שמועס מיט איינעם אַ בײַוועזנדיקן. יענער האָט אַ ווײַז געטאָן אויף דער אוידיטאָריע:[18]

„ביז די לעצטע יאָרן פֿון סטאַלינס לעבן האָבן אַ סך פֿון די מענטשן זיך אַפֿילו ניט געהאַלטן פֿאַר ייִדן. אָט נעמט מיך פֿאַר אַ משל. איך בין אויסגעוואַקסן אין די 20ער און אָנהייב 30ער יאָרן. איך האָב זיך געהאַלטן פֿאַר אַ רוס, ניט פֿאַר קיין ייִד. נאָך דער מלחמה האָב איך זיך איבערגעצײַגט, אַז ס׳איז ניט וויכטיק ווי איך אַליין באַטראַכט זיך, לויטן געזעץ בין איך אַ ייִד. איך בין אויך געווען אַ ייִד פֿאַרן דירעקטאָר פֿון דעם אינסטיטוט, ווו איך האָב געאַרבעט. אויב אַזוי, בין איך שוין געוואָרן אַ ייִד פֿאַר זיך אַליין אויך״.

דאָס איז כּמעט אַ לאַבאָראַטאָרישער פֿאָרשאָביעקט פֿון צוריקקומען צום ייִדנטום צוליב פֿאַרביטערטער אַנטוישונג, אַ צוריקקער וואָס איז אין תּוך טיף פּאַסיוו. אין אַנדערע פֿאַלן — ספּעציעל בײַ דער יוגנט — טראָגן די נאַציאָנאַלע שטימונגען אַ מער אַקטיוון כאַראַקטער. דער אונדז שוין באַקאַנטער פֿון פֿריִערדיקע ציטאַטעס סלאָוועס דערציילט אין זײַנע אײַנדרוקן פֿון מאָסקווע:[19]

„אַ סך ייִדן אין מאָסקווע האָבן מיך פֿאַרזיכערט, אַז אויפֿן סמך פֿון דעם וואָס זיי זעען בײַ זייערע קינדער און בײַ די קינדער פֿון זייערע

באַקאַנטע, האָט אַ גרויסער טייל פֿון יונגן דור ייִדן איבערגעלעבט אין די לעצטע יאָרן אַ טיפֿע גײַסטיקע איבערקערעניש. די זעלבע יונגע מענטשן, וואָס דאָס געפֿיל, אַז זיי זײַנען ייִדן, האָט שוין פֿאַקטיש גע־האַלטן בײַם אַטראָפֿירט ווערן, האָבן זיך ווי אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, און בײַ זיי האָט זיך אויפֿגעוועקט אַן אומגעוויינטלעכער אינטערעס צו כּלערליי פּראָבלעמען און אַספּעקטן פֿון ייִדישן לעבן — ייִדישע געשיכטע, ייִדישע ליטעראַטור און קונסט א״אַנד. פּלוצלונג האָט זיך פֿאַר זיי געעפֿנט אַ נײַע וועלט, אַ וועלט וואָס זיי האָבן פֿריִער ניט געקענט און וואָס האָט פֿאַר זיי ניט עקסיסטירט".

דער זעלבער מחבר האָט פֿאַרצייכנט נאָך אַן אינטערעסאַנטן פֿאַל:[20]

„אינעם אָפּטייל פֿאַר פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין דער ביבליאָטעק אויף לענינס נאָמען [אין מאָסקווע] האָב איך זיך אָנגעשטויסן וואָס איז פֿאַר מיר געווען אַן אומדערוואַרטע און איינציַיטיק אויפֿטרייסלענדיקע איבערלעבונג. ס'ווײַזט זיך אַרויס, אַז אין דער ביבליאָטעק קומען ניט נאָר עלטערע און מיטל־יעריקע מענטשן לייענען ייִדישע צײַטונגען, נאָר אויך יונגע, און דווקא אַ סך יונגע מענטשן. אויף מײַן אַ ביסל פֿאַר־וווּנדערטער פֿראַגע, צי פֿאַרשטייען די יונגע מאָסקווער ייִדישע לייענערס ייִדיש, איז געקומען דער ווײַטערדיקער ענטפֿער: טייל פֿאַרשטיין, און די וואָס פֿאַרשטייען ניט, קומען אַהער, כּדי זיך אויסצולערנען פֿון די צײַטונגען די ייִדישע שפּראַך".

אַן ענלעכע באַשרײַבונג געפֿינט מען בײַם פּראָפֿעסאָר הײַמאַן לעווי, דעם באַוווּסטן ענגלישן מאַטעמאַטיקער און וועטעראַן פֿון ענגלישן קאָמוניזם (נאָך דעם ווי ער איז יאַנואַר 1957 געווען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ווי אַ מיטגליד פֿון אַן ענגלישער קאָמוניסטישער דעלעגאַציע) אין זײַן בוך *Jews and the National Question*:

„אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָב איך באַגעגנט יונגע מענטשן וואָס האָבן אין זייערע קינדער־יאָרן קיין ייִדיש ניט געקענט, און איצט קענען זיי יאָ, ווײַל די ייִדישע געזעלשאַפֿט האָט זיך אין די לעצטע יאָרן פֿון סטאַ־לינס לעבן פֿעסט צוזאַמענגעשלאָסן, כּדי איינער דעם אַנדערן צו העלפֿן, און כּדי זיך צו פֿילן מאָראַליש שטאַרקער. מען וואָלט געקענט דער־וואַרטן, אַז אויך די מאַכטאָרגאַנען וועלן פֿאַרשטיין דעם עלעמענטאַרן מענטשלעכן פֿאַקט, אַז די פֿאַרטיליקונג פֿון דער ייִדישער פּרעסע און דער פֿאַרבאָט צו דרוקן ייִדישע ביכער וועט פֿאַראורטיילט ווערן אויך מצד יענע וואָס קענען אַפֿילו זיי ניט לייענען. און גראָד בײַ די צום מערסטן ווערטיקע עלעמענטן פֿון דער יוגנט האָט דאָס אַרויסגערופֿן אויפֿגעבראַכטקייט" . . .

ס'איז כּדאַי אויפֿמערקזאַם צו מאַכן אויף אַ וויכטיקן שטריך פֿון אָט דעם אויפֿגעוואַכטן ייִדישן נאַציאָנאַלן באַוווּסטזײַן: ער טראָגט אַ סעקולערן כאַראַקטער. דאָס רעליגיעזע לעבן אין די דאַוונשולן שפּילן אין דעם אַלעם אַ מינימאַלע ראָלע, אָדער אפֿשר קיין שום ראָלע ניט. אַלע אויסלענדער וואָס זײַנען לעצטנס געווען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און האָבן געשריבן וועגן זייערע אָבסערוואַציעס אין די דאַוונשולן, זאָגן אין איין קול, אַז אין די דאַוונשולן קומען כּמעט אויסשליסלעך נאָר זקנים, אַז יונגע מענטשן קומען אַהין זייער זעלטן, סײַדן אין אַ גרויסן

יום־טובֿ; זיי קומען אַהין ניט דאַווענען, נאָר ווי אַ יונגער ייִדישער אַטעיִסט האָט געזאָגט דעם פּראָפֿעסאָר לעווי, „צוליב דעם וואָס ס׳איז אין אונדז אויפֿגעקומען אַ באַדערפֿעניש צו זײַן צווישן אייגענע, צווישן ייִדן".[2] משמעות ביז 1955, ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אָפּטע ייִדישע קאָנצערטן, פֿלעגט זיך די יוגנט באַווײַזן אין די דאַוונשולן אָפֿטער. איצט געפֿינט די באַדערפֿעניש „צו זײַן צווישן אייגענע, צווישן ייִדן" איר באַפֿרידיקונג אין אַן אַנדער פֿאָרעם און דער סעקולערער כאַראַקטער פֿון ייִדישער נאַציאָנאַלער אויפֿוואַכונג טרעט אַרויס בולטער.

זייער בולט קומט דער נאַציאָנאַלער אויפֿשטײַג צום אויסדרוק אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור וואָס איז אַגבֿ כּמעט אין גאַנצן פֿרײַ פֿון רעליגיעזע מאָטיוון. מען האָט זיך אפֿשר גאָרניט געקענט ריכטן אויף דעם, נאָר די ליטעראַרישע אַקטיוויקייט פֿון די ייִדישע שרײַבערס — ס׳רובֿ יונגע — האָט זינט דער צווייטער העלפֿט פֿופֿציקער יאָרן אָנגענומען זייער אַ לעבעדיקן כאַראַקטער. סלאָוועס האַלט אַפֿילו, אַז צווישן די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבערס איז דער שעפֿערישער אויפֿשטײַג איצט „אפֿשר נאָך גרעסער ווי ווען ניט איז".[23] ס׳זײַנען שוין אָנגעשריבן „בענד לידער, ראָמאַנען, דערציילונגען, דראַמעס", — מיט דער האָפֿענונג, אַז אָט־אָט וועט זיך עפֿענען אַ מעגלעכקייט צו דערזען די שאַפֿונגען אין דרוק. ווי מיר האָבן שוין פֿריִער באַמערקט, איז אָט די מעגלעכקייט נאָך לעת־עתּה זייער באַגרענעצט. ס׳איז ניט קלאָר פֿאַר וואָס, אָבער פֿאַר די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבערס עקסיסטירט כּמעט אין גאַנצן ניט די מעגלעכקייט צו דרוקן זיך אין דער ייִדישער אויסלענדישער קאָמוניסטישער פּרעסע, וואָס וואָלט פֿאַרשטייט זיך פֿאַר זיי גערן געעפֿנט אירע זײַטן. אין אַזעלכע באַדינגונגען איז דער שאַפֿערישער אויפֿשטײַג עלול זיך אויסצושעפּן אין משך פֿון אַ קורצער צײַט.

אָבער דאָס אַלץ — די פּראָבלעמען פֿון ייִדישן בוך, פֿון דער ייִדישער צײַטונג, פֿון ייִדישן טעאַטער, און אַוודאי פֿון די קאָנצערטן און ליטעראַרישע רעציטאַציעס, און אַפֿילו די פּראָבלעמען פֿון פֿאַרזיכערן די ייִדן די זעלבע באַשיידענע רעליגיעזע פֿרײַהייט וואָס ס׳האָבן די קריסטן פֿון פֿאַרשיידענעם נוסח, אָדער די מוסולמענער, — דאָס אַלץ, ווי וויכטיק דאָס זאָל ניט זײַן, טרעט אָפּ אין הינטערגרונט לגבי דער שולפּראָבלעם, וואָס זי איז די עיקרדיקסטע פּראָבלעם אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער קולטור.

## די פּראָבלעם ייִדישע שול

אין די ראַמען פֿון ייִדישן לעבן איז די שולפּראָבלעם קאָמפּליצירט: זי נעמט אַרום סײַ די פֿראַגע וועגן אַ גאַנצער שול פֿאַר ייִדישע קינדער מיט דער ייִדישער לערנשפּראַך סײַ אַ צוגאָב־פּראָבלעם פֿאַר „ייִדישע לימודים" — ייִדיש, העברעיִש, ייִדישע געשיכטע און ליטעראַטור — אין דער אַלגעמיינער שול. אין ערטער פֿון ייִדישער קאָנצענטראַציע, וווּ ייִדיש איז די ריידשפּראַך פֿאַרן גרעסטן טייל ייִדישע קינדער, איז נייטיק אַ ייִדישע שול. משמעות, אַז אויך איצט איז דאָ די באַדערפֿעניש אין אַזאַ שול אין מערבֿ־אוקראַיִנע, אין מערבֿ־ווײַסרוסלאַנד, אין מאָל־

דאַוויע, אין ליטע, און אפשר אין טייל שטעט פֿון מיזרח־אוקראַינע און מיזרח־ווײַסרוסלאַנד.

דאָרטן, ווו די קינדער ריידן פֿון די פּריסטע יאָרן אָן אויף רוסיש, אויף אוקראַיניש, אָדער אויף אַן אַנדער שפּראַך פֿון דער שייכדיקער טעריטאָריע, איז ניטאָ קיין נויטווענדיקייט צו שאַפֿן באַזונדערע יידישע שולן, — דאָ איז גענוג צו פֿאַרזיכערן פֿאַר די יידישע קינדער אַ צוגאָב־פּראָגראַם פֿון יידישע לימודים אין די ראַמען פֿון דער אַלגעמיינער שול.

ס׳איז אויך מעגלעך, אַז אין טייל ערטער זאָל זיך אַרויסווײַזן פֿאַר צוועקמעסיק צו האָבן אַ גאַנצע יידישע שול נאָר פֿאַר די ערשטע פֿיר לערניאָרן, און פֿאַר די העכערע קלאַסן נאָר אַ צוגאָב־פּראָגראַם פֿון יידישע לימודים אין אַן אַלגעמיינער שול. „סעגרעגאַציע״ איז ניט קיין אידעאַל, זי דאַרף אַדורכגעפֿירט ווערן בלויז אין באַדינגונגען, ווו מחוץ דער „סעגרעגאַציע״ קענען ניט באַפֿרידיקט ווערן די געזעצלעכע אינטערעסן פֿון דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט. אָבער אַפֿילו דאָרטן, ווו ס׳שאַפֿט זיך אַ יידישע שול, מוז ניט די „סעגרעגאַציע״ טראָגן אַ צוואַנג־כאַראַקטער; עלטערן וואָס ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך לערנען אין אַן אַלגעמיינער שול מיט אַ צוגאָב פֿון יידישע לימודים, אָדער אין אַן אַלגעמיינער שול אָן אַזאַ צוגאָב־פּראָגראַם, דאַרפֿן האָבן דאָס רעכט אויסצוקלײַבן.

ס׳איז קלאָר, אַז דער זעלבער צוגאַנג צו דער שול־פּראָבלעם האָט אַ שײַכות אויך צו קינדער פֿון אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן — צו אוקראַינישע, מחוץ אוקראַינע, צו אַרמענישע, מחוץ אַרמעניע אאַז״וו; למשל אוקראַינישע קינדער מחוץ אוקראַינע דאַרפֿן האָבן די מעגלעכקייט זיך צו לערנען אין אַן אוקראַינישער שול (אין ערטער פֿון גרעסערער אוקראַינישער קאָנצענטראַציע), אָדער צו לערנען זיך אין אַן אַלגעמיינער שול מיט אַ צוגאָב־פּראָגאַם פֿון „אוקראַינישע לימודים״. דאָס וואָלט פֿאַרשטייט זיך געפֿאָדערט אַן איבערבוי פֿון דער גאַנצער סיסטעם אַלגעמיינע שול. אָבער דאָס איז אפֿשר די איינציקע יושרדיקע און פּראָגרעסיווע לייזונג פֿון דער שולפּראָבלעם אין אַזאַ קאָמפּליצירטער פֿיל־פֿעלקערדיקער מלוכה ווי ס׳איז דער ראַטן־פֿאַרבאַנד.

וואָס שייך יידן, איז דער ענין אַ סך קאָמפּליצירטער איידער בײַ אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. דאָס אָרגאַניזירן אַ יידישע שול און אַ צוגאָב־פּראָגראַם אין דער אַלגעמיינער שול פֿאָדערט שוין במילא אויך דאָס אָרגאַניזירן די צוגרייטונג פֿון אַ געהעריקן לערער־פּערסאָנאַל, דאָס אַרויסגעבן לערנביכער, לייזן מעטאָדאָלאָגישע פּראָבלעמען, אַן אָנפֿירנדיקע מעטאָדאָלאָגישע קערפּערשאַפֿט א״אַנד. די אַלע פּראָבלעמען ווערן בײַ אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן רעגולירט דורך די שייכדיקע אָרגאַנען פֿון זייערע נאַציאָנאַלע רעפּובליקן — פֿאַרבאַנדישע און אויטאָנאָמע — אָנווענדן די אויסגעאַרבעטע מעטאָדן מחוץ די גרענעצן פֿון דער רעפּובליק איז שוין ניט אַזוי שווער. אָבער פֿאַר יידן איז די לייזונג פֿון אָט די אַלע פּראָבלעמען פֿאַרבונדן מיט שאַפֿן אַ ספּעציעלן אָרגאַן, און דאָס וואָלט געמוזט זײַן אַ יידישער געזעלשאַפֿטלעכער אָרגאַן — וואָס בײַ די איצטיקע באַדינגונגען קען מען גאָר אויף דעם ניט רעכענען — וואָס וואָלט געוואָרן די התחלה פֿון אַ יידישער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

אַ צענטראַלער אָרגאַן פֿאַר די שולפּראָבלעמען פֿון ייִדישע קינדער וואָלט געקענט זײַן טאַקע בלויז אַן אָנהייב. פּראַקטיש וואָלטן די אַלע פּראָבלעמען געמוזט ווערן געלייזט אויף די ערטער: אַ גאַנצע ייִדישע שול, אָדער ייִדישע צוגאָב־לימודים אין דער אַלגעמיינער שול? און אויב שוין יאָ אַ גאַנצע ייִדישע שול, איז ביז וואָסער עלטער; ווען דאַרף מען אָנהייבן אַריבערגיין צו ייִדישע צוגאָב־לימודים אין דער אַלגעמיינער שול? ייִדיש, אָדער ייִדיש און העברעיִש? און אויב ביידע שפּראַכן, אויף וועלכער פֿון זיי דאַרף מען לייגן מער אַכט? די צאָל פּראָבלעמען איז ניט קליין, און אויף זיי צו לייזן וואָלט מען געמוזט שאַפֿן ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַנען. אין די ערטער, ווו ייִדיש האָט זיך אויפֿגעהיט ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך בײַ אַן אָנזעעוודיקער מאַסע ייִדן, איז דאָס קודם־כּל אַ פּראָבלעם פֿון לערנען ייִדיש. דאָרט ווו די ראָלע פֿון ייִדיש אין טאָג־טעגלעכן לעבן ווערט קלענער — און דאָס איז אַ פּראָצעס וואָס מען קען ניט אָפּשטעלן — דאַרף זיך די ראָלע פֿון ייִדיש אין די שולפּראָגראַמען פֿאַרקלענערן לטובֿת העברעיִש. מען דאַרף זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, אַז דער ייִדישער נאַציאָנאַלער באַוווסטזײַן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד — אויב מען וועט אים ניט דערשטיקן — וועט זיך נערן פֿון צוויי קוואַלן: פֿון דער לעבעדיקער נאַציאָנאַלער קולטור, ווי זי האָט זיך היסטאָריש אויסגעפֿורעמט און זי ווערט אויפֿגעהיט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, און וואָס פֿון איר שטאַמט די באַדערפֿעניש צו לערנען ייִדיש, — און פֿון אַ פֿאַרשטאַרקטער גײַסטיקער פֿאַרבינדונג מיט יענע ייִדן וואָס בויען אַ נײַ נאַציאָנאַל לעבן אין מדינת־ישׂראל, — און וואָס פֿון דעם קומט די באַדערפֿעניש צו לערנען העברעיִש. די אָרגאַניזאַציע פֿון אַ שולוועזן פֿאַר ייִדישע קינדער דאַרף באַפֿרידיקן ביידע באַדערפֿענישן.

דאָס קען זיך אויסווײַזן ווי אַ פּלאַן וואָס איז ווײַט פֿון דער ווירקלעכקייט. די ייִדן־פֿראַגע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז אַרײַן אין אַ טעמפּן ווינקל; געוויינטלעך קאָנצענטרירט מען זיך אין דער פֿרײַער ייִדישער און ניט־ייִדישער סבֿיבֿה אויף דעם אַנאַליז פֿון דער סאָוועטישער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק לגבי ייִדן און פֿון די עלעמענטן פֿון סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם. ס'איז נאַטירלעך, אַז ביידע ענינים ציִען צו די אויפֿמערקזאַמקייט: ס'איז נויטווענדיק צו קעמפֿן קעגן דיסקרימינאַציע און קעגן אַנטיסעמיטיזם. אָבער מען מוז גיין ווײַטער. בלויז מיט זוכן פּאָזיטיווע לייזונגען וועט מען שטאַרקן דעם ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן באַוווסטזײַן. זאָל זײַן, אַז לעת־עתּה זײַנען דאָס געדאַנקען פֿאַר זיך אָן דער מעגלעכקייט פֿון אַ באַל־דיקער רעאַליזירונג. אָבער אויב די געדאַנקען וועלן אַרײַנגיין אין דעם געזעל־שאַפֿטלעכן באַוווסטזײַן, קענען זיי מאָרגן ווערן אַ פֿאַקטאָר אין דער געזעל־שאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג.

## וואָס ווײַטער?

דאָס ייִדישע לעבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז אַרײַן אין אַ טעמפּן ווינקל. מצד דער "פּאַרטיי און דער רעגירונג" ווערט אַלץ געטאָן, כּדי ענדגילטיק צו דערשטיקן דאָס ייִדישע לעבן; אָן דעמאָנסטראַטיווע אַקטן, אָן אַ קאַנאָנאַדע אין

דער פּרעסע, מיט אַ קלאַפּ אין דער שטיל, אָבער דערשטיקן. ס׳איז צו פֿאַרשטיין. וואָס איז דער מיין פֿון אָט דער ווילדער פּאָליטיק?

איז דאָס די מורא פֿאַר ״מערבֿדיקע סימפּאַטיעס צווישן סאָוועטישע ייִדן? איז דאָס אַ שטרעבונג צו געווינען חן בײַ די אַראַבער? איינס און דאָס צווייטע שפּילן בלי ספֿק אַ ראָלע אין דער הײַנטצײַטיקער אַנטי־ייִדישער פּאָליטיק. אָבער דאָס איז נאָך אַלץ ניט קיין גענוגיקער גרונד פֿאַר דער פּאָליטיק. די פּירערשאַפֿט פֿון דער קאָמפּאַרטײ ווייסט גאַנץ גוט, אַז די מערבֿדיקע סימפּאַטיעס פֿון די סאָוועטישע ייִדן ווערן קודם־כּל געשפּײַזט פֿון דעם באַוווּסטזײַן פֿון ייִדישער רעכטלאָזיקייט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד; אַז אַפֿילו צווישן די הונדערטער טויזנטער ייִדן וואָס האָבן פֿון רוסלאַנד עמיגרירט קיין אַמעריקע ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך זינט די ערשטע טעג פֿון דער רעוואָלוציע דורכגעריסן מיט אַ גרויסער סטיכישער קראַפֿט די סימפּאַטיעס צו רוסלאַנד און אַז זיי האָבן זיך אויפֿגעהיט — ניט געקוקט אויף אַלע פֿײַער־פּראָבעס — אין משך פֿון יאָרצענדלינגער ביז עס איז ניט אויסגעשטאָרבן דער אַלטער דור עמיגראַנטן וואָס האָט ביז אַ געוויסן גראַד איבערגעלאָזט אָט די ירושה זייערע קינדער. און מיט דער שטרעבונג צו קומען אַנטקעגן די אַראַבער קען די סאָוועטישע רעגירונג אַלץ איינס ניט דערגרייכן ביז צום סוף, ד״ה צו סאָלידאַריזירן זיך מיט נאַסערס פּראָגראַם פֿון פֿולשטענדיקער פֿאַרטיליקן מדינת־ישׂראל („אַרײַנוואַרפֿן אין ים אַרײַן״). און לחלוטין ניט צוליב הומאַניסטישע טעמים — בײַ די איצטיקע פּירערס פֿון רוסלאַנד שפּילט דאָס ניט קיין ערנצטע ראָלע, — נאָר צוליב טעמים וואָס שטאַמען פֿון די אינטערעסן פֿון דער סאָוועטישער „רעאַל־פּאָליטיק״ און וואָס ס׳איז שווער צו פֿאַרבינדן מיט גרינדן אין נאָענטן מיזרח אַ גרויסע אַראַבישע אימפּעריע. אין אַ געוויסן זינען איז אַפֿילו ריכטיק דאָס פֿאַרקערטע: ניט די קעגנערשאַפֿט צו מדינת־ישׂראל באַדינגט די סאָוועטישע אינעווייניק־סטע אַנטי־ייִדישע פּאָליטיק, נאָר די אַנטי־ייִדישע אינעווייניקסטע סאָוועטישע פּאָליטיק שאַפֿט אַ גינציקן באָדן פֿאַר דער קעגנערישער פּאָליטיק לגבי מדינת־ישׂראל מצד דער סאָוועטישער רעגירונג. דאָס באַשווערט די פּרוּוון צו געפֿינען אַ קאָנסטרוקטיוון אויסוועג פֿון דעם קריזיס אין נאָענטן מיזרח דורך פֿאַרזיכערן דעם שלום צווישן די ייִדן און די אַראַבער.

קיין גענוגיק־ראַציאָנעלע באַגרינדונג האָט די אַנטי־ייִדישע סאָוועטישע פּאָליטיק בכלל ניט; ראַציאָנעל פֿאַרשטייט זיך פֿון דעם שטאַנדפּונקט פֿון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור. אין תּוך קומט אויס צו דערקלערן אָט די פּאָליטיק מיט דער אינערציע פֿון באַהאַלטענעם אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט נאָך לעבעדיקע וואָרצלען אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט, מיט דער אינערציע פֿון דער אַנטיסעמיטישער אַדמיניסטראַטיווער פּראַקטיק וואָס האָט זיך אײַנגעפֿעסטיקט אין דער סטאַלינשער תּקופֿה פֿון דער סאָוועטישער געשיכטע.

קעמפֿן קעגן אָט דער אינערציע קען מען בלויז מיט מאָסמיטלען פֿון אַ סיסטעמאַטישן דרוק אויף דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכער מיינונג אינעווייניק אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און מחוץ אים דורך אַן עקשנותדיקער, כּסדרדיקער „דעמאַסקירונג״ פֿון דעם רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פֿון דער סאָוועטישער

יידישער פּאָליטיק. דער צענטראַלער פּונקט אין דעם קאַמף דאַרף קודם־כּל זיין דער געדאַנק וועגן באַזייטיקן יעדער מין דיסקרימינאַציע לגבי יידן און וועגן פאַרזיכערן די פריַיע אַנטוויקלונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור ווי דעם יסוד פון דער אַנטוויקלונג פון יידישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. ווי מיר האָבן שוין פריער ניט איין מאָל אָנגעוויזן, קען די רעליגיע שוין מער ניט צעמענטירן דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין פון די יידן. דאָס יידישע נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין קען זיך פורעמען בלויז אין דער לעבעדיקער אַטמאָספער פון אַ וועלטלעכער יידישער קולטור וואָס אַנטוויקלט זיך און — ניט אָדער, נאָר אויך — אין באַדינגונגען פון פריַיער קאָמוניקאַציע מיט יענע יידן וואָס בויען אַ נייַ נאַציאָנאַל לעבן אין מדינת־ישראל. אויב דאָס וועט ניט פאַרווירקלעכט ווערן און דער איצטיקער מצבֿ וועט זיך איינהאַלטן אויף אַ מער־ווייניק לענגערן היסטאָרישן מהלך, וועט פאַר די סאָוועטישע יידן ווי אַ נאַציאָנאַליטעט אויפשטיין די געפאַר פון אונטערגאַנג.

# הערות

[1] «Народное Хозяйство СССР в 1963 г., Москва, 1965, стр. 18-21.

[2] *American Jewish Yearbook,* 1956, pp. 422–423.

[3] П. Зингер, «Еврейское население в Советском Союзе. Статистико-экономический обзор», Москва-Ленинград, 1932 г., стр. 28 — נאָך דער פאָלקסציילונג פון 1939, דער צווייטער אַלגעמיינער פאָלקסציילונג אין פסס״ר, זיינען קיין געגעבענע וועגן מוטערשפּראַך ניט געווען פאַרעפנטלעכט. ס'איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז אין יאַנואַר 1959 האָבן 27.9% יידן, ד״ה כּמעט 406 טויזנט, אָנגעגעבן יידישן ווי זייער מוטערשפּראַך. זען: «Итоги всесоюзной переписи населения 1959 г.», стр. 184, 188.

[4] דאָס ווערט באַשטעטיקט דורך די געגעבענע פון אוקראַינע און פון וויַסרוסלאַנד, ווו ס'איז אָנהייב דריַיסיקער יאָרן געווען קאָנצענטרירט דער רובֿ מנין ורובֿ בנין פון דער יידישער באַפעלקערונג פון ראַטן־פאַרבאַנד. על־פּי געגעבענע פון 1טן יולי 1932 האָט די צאָל יידישע קינדער וואָס האָבן זיך אין די שולן געלערנט יידיש (אין יידישע, אָדער אין צוויי־ אָדער דריַישפּראַכיקע שולן) באַטראָפן 53% פון אַלע יידישע קינדער אין שולעלטער. זען: Я. Кантор, «Национальное строительство среди евреев СССР», Москва, 1934 г. стр. 172.
דאָס איז פאַר אוקראַינע משמעות געווען דער העכסטער פּונקט פון אַנטוויקלונג. אין וויַסרוסלאַנד האָט די שול אויף יידיש אַרומגענומען נאָך מער קינדער; אין לערניאָר 32/1931 האָט ער באַטראָפן 62% פון אַלע יידישע קינדער אין שולעלטער. זען: י. דאַרדאַק, „אונדזערע דערגרייכונגען אין 15 יאָר אויפן געביט פון פאָלקסבילדונג“, צום 15טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. סאָציאַל־עקאָנאָמישער אַלמאַנאַך, מינסק, וויַסרוסישע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע, יידישער סעקטאָר, 1932, ז׳ 160. דאָ האָט די שול געהאַלטן אין וואַקסן.

[5] חיים סלאָוועס, „וועגן דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד“, אידישע קולטור, פעברואַר 1959, ז׳ 31. — (אַ גרויסער טייל פון דעם אַרטיקל איז געווען איבערגעדרוקט אין דעם ענגלישן *New Leader* פון 14טן סעפּטעמבער 1959, זז׳ 13—19).

[6] דאָרטן.

[7] דאָרטן, ז׳ 30.

[8] דאָרטן, ז׳ 27.

[9] דאָרטן, ז׳ 29.

[10] *New Leader,* September 14, 1959, p. 32.

11 *The New York Times,* September 29, 1959.

12 «Народное хозяйство СССР в 1963», 1965, стр. 579. —
אין אָט דעם סאָוועטישן סטאַטיסטישן יאָרבוך, וואָס מען האָט באַנײַט אין 1959 נאָך אַן איבער־רײַס פֿון כמעט אַ פֿערטל יאָרהונדערט, פֿלעגט מען ביזן יאָר 1962 ברענגען געגעבענע וועגן דער גרופּירונג על־פּי נאַציאָנאַליטעטן פֿון די וואָס לערנען זיך אין די העכערע און מיטעלע ספּעציעלע לערן־אַנשטאַלטן בלויז פֿאַר די וואָרצלדיקע נאַציאָנאַליטעטן פֿון די 15 פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן. אין דעם יאָרבוך פֿאַר 1963 זײַנען שוין פֿאַראַן געגעבענע פֿאַר 41 נאַציאָנאַליטעטן, און דאָרטן זײַנען שוין אויסגערעכנט ייִדן אויך. אויפֿן סמך פֿון דער אַבסאָלוטער צאָל סטודענטן אין די העכערע און מיטעלע ספּעציעלע ערן־אַנשטאַלטן שטייען ייִדן אויפֿן פֿערטן אָרט (נאָך די רוסן, אוקראַיִנער און ווײַסרוסן), אָבער אין די העכערע שולן האַלטן שוין בײַם דער־יאָגן זיי די אוזבעקן, וואָס מען קען זען פֿון די ווײַטערדיקע געגעבענע אין טויזנטערס:

| | 63/1962 | 64/1963 |
|---|---|---|
| ייִדן | 79.3 | 82.6 |
| אוזבעקן | 70.1 | 79.3 |

אַגבֿ, אויפֿן סמך פֿון די געגעבענע וועגן סטודענטן ייִדן און סטודענטן אוזבעקן זעט מען זייער בולט, אַז דער פֿאַרקלענערטער פּראָצענט בײַ ייִדן איז ניט קיין פּועל־יוצא פֿון אַ באַגרענעצטן אָננעם אין די העכערע שולן, נאָר פֿון אַ ספּעציעל גיכן וווּקס פֿון דער צאָל סטודענטן פֿון אַזעלכע נאַציאָנאַליטעטן וואָס פֿלעגן פֿריִער צושטעלן אַ פֿאַרהעלטענישמעסיק קלענערע צאָל סטודענטן: די אַבסאָלוטע צאָל סטודענטן ייִדן האָט זיך פֿאַרגרעסערט פֿון 63/1962 ביז 64/1963 אויף 4.2%; די צאָל סטודענטן אוזבעקן אויף 13.1%, און די אַלגעמיינע צאָל סטודענטן האָט זיך אין משך פֿון דעם זעלבן יאָר פֿאַרגרעסערט אויף 10.8%.

13 *The New York Times,* September 12, 1959.

14 *National Guardian,* June 26, 1956.

15 מאָרגן־פֿרײַהייט, דעצעמבער 5, 1956.

16 חיים סלאָוועס, „וועגן דער ייִדישער קולטור אין ראַטן־פֿאַרבאַנד“, יודישע קולטור, פֿעברואַר 1959, ז׳ 19.

17 דאָרטן, ז׳ 22.

18 *The New York Times,* September 12, 1959.

19 חיים סלאָוועס, דצ״וו, ז׳ 32.

20 דאָרטן, ז׳ 31.

21 Hyman Levy, *Jews and the National Question,* reviesed American edition, New York, Cameron Association, 1958, p. 76. —
לעווי האָט אין זײַן בוך זיך באַמיט צו פֿאַרטיידיקן כמעט אַלץ וואָס איז עיקרדיק אין דער קאָמוניסטישער טעאָרעטישער קאָנצעפּציע פֿון דער ייִדן־פֿראַגע. ער האָט אויך באַרעכטיקט אַ סך פֿון דער פּראַקטישער ייִדישער פּאָליטיק פֿון דער סאָוועטישער קאָמפּאַרטיי, אָבער ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט נעגאַטיוו וועגן דערשטיקן די ייִדישע קולטור אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, און דערפֿאַר האָט מען אים אויסגעשלאָסן פֿון דער ענגלישער קאָמפּאַרטיי.

22 *Ibid,* p. 42.

23 סלאָוועס, דצ״וו, ז׳ 21.

# אינהאַלט

## צווייטער טייל

## ייִדן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה